# צווישן טרויער און פרייד

פון

מרדכי קויפמאַן



אַרויסגעגעבן פון אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט

ב. אײַרעס ה'תש"ל — 1970

MARCOS KOIFMAN

# ENTRE PENAS Y ALEGRIAS



Editado por un comité encabezado por
el activista Don SAMUEL GLASSERMAN

מײַנע אומפאַרגעסלעכע עלטערן ר׳ יעקב און צפורה קויפמאַן ז״ל, וואָס האָבן מיך דערצויגן אין גײַסט פון ישראל סבא און יבדל לחיים — מײַן לעבנס־באַגלײטערין חדוה קויפמאַן און אונדזערע קינדער — געווידמעט מיט דער גרעסטער ליבשאַפט.

**דער מחבר**

# אַ וואָרט וועגן דעם מחבר און זיין בוך

ביי די אומות העולם קומט דער רוב זשורנאַליסטן און פּובליציסטן פון דער הויך-שול ווו מען לערנט זיי, קודם כל, **ווי אַזוי צו שרייבן.** ערשט שפּעטער, ווען זיי פאַרלאָזן שוין די אוניווערזיטעט-באַנק און גייען אַריין אין לעבן, באַשליסן זיי **וואָס צו שרייבן.** אין דער יידישער זשורנאַליסטיק איז עס אַנדערש: אַ ייד קומט צו זשורנאַליזם פון דעם סאַמע געברויז פון לעבן מיט פּאַרטיקע טעמעס **וואָס** צו שרייבן. דערנאָך ערשט אין פּראָצעס פון דער פּראַקטיק, לערנט ער זיך אויס **ווי אַזוי** צו שרייבן. פאַרשטייט זיך אַז איןביידע פאַלן ווערט מען אַ זשורנאַליסט ערשט דעמאָלט ווען מען פאַרמאָגט די גאָב פון גאָט וואָס מען רופט: טאַלאַנט. אָן דער דאָזיקער גאָב ווערט מען נישט קיין זשורנאַליסט, נישט דעמאָלט ווען מען לערנט טעאָריע און נישט דעמאָלט ווען מען לערנט זיך ביי דער פּראַקטיק.

דער רוב פון די באַרימטע יידישע פּובליציסטן זיינען געקומען נישט פון אוניווערזיטעט, אַפילו ווען זיי האָבן געהאַט אוניווערזיטעט-בילדונג, נאָר פון די אידעאישע באַוועגונגען און פון די פּאַרטייאישע קרייזן. זיי, די אידעאָלאָגישע באַוועגונגען און די פּאַרטייען, זיינען געווע די הויך-שולן פון אונדזערע גרעסטע און בעסטע צייטונגס-שרייבער און ס'איז ממש שווער צו געפינען אַזאַ זשורנאַליסט אין דער יידישער פּרעסע וואָס זאָל נישט האָבן אַרויסגעוואַקסן פון דעם דאָזיקן באָדן, אַפילו ווען מיטן לויף פון די יאָרן האָט ער פאַרלאָזט דעם ענג-פּאַרטייאישן שטח און איז געוואָרן דער וואָרט-זאָגער פון גאַנצן יידישן כלל.

יידן האָבן זייער ווייניק ספּאָרט-זשורנאַליסטן און זשורנאַליסטן פון באַשטימטע פאַכמענישע געביטן, ווייל די יידישע זשורנאַליסטיק פון די יידישע פּובליציסטיק איז באַלד לכתחילה אויפגעגאַנגען ווי אַ געזעלשאַפטלעכע שליחות. עס איז אמת אַז ביים וועלט-באַשאַף איז קודם כל געווען דאָס וואָרט, אָבער ווען עס קומט צו דער יידישער זשורנאַליסטיק איז, קודם כל, געווען די געזעלשאַפטלעכע טאַט און ערשט שפּעטער איז געקומען דאָס זשורנאַליסטישע וואָרט וואָס האָט די דאָזיקע טאַט רעקלאַמירט אָדער קריטיקירט, סטימולירט אָדער נעגירט.

מרדכי קויפמאַן, דער מחבר פון דעם דאָזיקן בוך, איז אַ געזעצלעך קינד פון דער יִדיש־זשורנאַליסטישער טראַדיציע. ער איז אַרויסגעוואַקסן פון אַן אידעאישער באַוועגונג וואָס האָט אים געפירט צו געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. מחמת די דאָזיקע טעטיקייטן האָבן זיך געניטיקט אין דער אונטערשטיצונג פון וואָרט האָט ער זיך גענומען צו דער פען. ער איז, בכן, ווי דער רוב יִדישע זשורנאַליסטן, אַ דינער פון דער געזעלשאַפט און אין ברייטערן זין, אַ דינער פון זײַן פאָלק.

מיט דער צײַט האָט זיך, וואָס אַ אמת, זײַן שרײַבערישער אינטערעסן־קרײַז אויסגעברייטערט און זײַן באַציאונג צום יִדישן לעבן האָט זיך באַפרײַט פון דעם ענג־פּאַרטייאישן שטאַנדפּונקט. צוזאַמען דערמיט האָט זיך אויך געענדערט זײַן סטיל און זײַן אופן פון באַנוצן דאָס וואָרט־געצײַג. ער איז אָבער פאָרט געבליבן אַ יִדישער זשורנאַליסט און דאָס הייסט: אַ זשורנאַליסט וואָס זײַן פּריזמע פון זען די וועלט און דאָס לעבן איז אַן אידעאישע און זײַן קריטעריע צו שאַצן דערשײַנונגען איז אַ געזעלשאַפטלעכע.

מהאי טעמא איז מרדכי קויפמאַן אין זײַן שרײַבן קיינמאָל נישט נייטראַל, קיין מאָל נישט מהיכי תיתידיק. ער איז תמיד פאַר, אָדער קעגן. און ער איז, נאַטירלעך, פאַר דעם אַלעם וואָס ער האַלט פאַר פּאָזיטיוו אין דעם יִדיש־נאַציאָנאַלן לעבן, פונקט ווי ער איז קעגן דעם אַלעם וואָס ער באַטראַכט ווי נעגאַטיוו אין דעם דאָזיקן לעבן.

אָט די אַקטיווע באַציאונג צו דעם יִדישן לעבן, צו דער יִדישער ווירקלעכקייט, לייגט אַרויף אַ חותם אויף זײַן סטיל און שרײַב־מאַניר. ער איז כמעט תמיד פּאַטעטיש, בענטשנדיק, אָדער שילטנדיק. זײַן וואָרט איז פול מיט דער התלהבות פון אַ מענטש וועלכן „עס גייט אָן". ער שטייט תמיד, אָדער אויפן באַרג גריזים, אָדער אויפן באַרג עיבל און נאָר אין באַשטימטע מאָמענטן דערלויבט ער זיך צו ברענגען צום אויסדרוק אַן אַנדער נאָטע אין זײַן שרײַבן: די ראָמאַנטישע נאָטע פון יוגנט־בענקשאַפט וואָס קלינגט בײַ אים אויף ווען ער באַגעגנט זיך מיט די פאַרווירקלעכטע אידעאַל־חלומות פון זײַן חלוצישן ציוניזם אויף דער ישראלדיקער ערד

אונדזער מחבר איז געבוירן געוואָרן אין דעם קליינעם גאַליצישן שטעטל נעמיראָוו, נעבן לעמבערג. גאָר פרי באַקומט ער אינעם שטעטל דעם שם פון אַן עילוי און צו 13 יאָר, אין בר מצווה־עלטער, איז ער זיך שוין מפרנס, אָדער העלפט מפרנס זײַן זײַן משפחה, פון געבן העברעאישע לעקציע. אין דער זעלביקער צײַט איז ער שוין דער פירער פון דער ציוניסטישער יוגנט אין שטעטל און ווערט באַקאַנט אין דער „גור־

דוניה״ - באַוועגונג פון גאַליציע. שוין דעמאָלט, ווי אַ יונג בחורל, באַטייליקט ער זיך אין די אויסגאַבעס פון זײַן באַוועגונג, שרײַבט אין ייִדיש, אין העברעאיש און פאַרקנסט זיך אַזוי אַרום מיטן זשורנאַליסטישן וואָרט און מיט דעם פובליציסטישן באַרוף.

עס געשעט דאַן מיט מרדכי קויפמאַן דאָס זעלביקע וואָס מיט אַ סך אַ סך אידעאישע ערלעך-מיינענדיקע ציוניסטישן אין פוילן. די סערטיפיקאַטן - באַגרענעצונג מצד די ענגלענדער, ווי אויך אַנדערע פּערזענלעכע מיכשולים, פירן אים, אַנשטאָט קיין ארץ ישראל, קיין אַרגענטינע. דאָ איז ער אַ צײַט טעטיק אַלס לערער אין דער ליבער פּראָווינץ און באַזעצט זיך שפּעטער אין דער הויפּטשטאָט, בוענאָס אײַרעס, ווו ער וואַרפט זיך אַרײַן מיט ברען אין דער אַרבעט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. ווי איינער וואָס איז געקומען קיין אַרגענטינע מיט אייראָפּעאיש-ייִדישע מאסשטאַבן און באַגריפן, האָט ער אַ סך טענות צו דער אָפיציעלער ציוניסטישער פירערשאַפט און ער שליסט זיך אָן אין דער יונגער מחנה וואָס וויל רעוואָלוציאָניזירן דעם באַלעבאַטישן שקל-ציוניזם. ער דערגרייכט אין דער דאָזיקער מחנה צו אָנפירנדיקע פּאָזיציעס און ווערט איר פאָרשטייער אין כלערליי נאַציאָנאַלע ציוניסטישע מוסדות. דערבײַ איז ער כסדר טעטיק מיט זײַן רעדנעריש וואָרט און מיט זײַן שריפט: ער רעדאַקטירט אַ גאַנצע ריי ציוניסטישע אויסגאַבעס אין ביידע שפּראַכן און פילט זיי אויס מיט זיינע מאמרים וועלכע צייכענען זיך אויס מיט זײַן אידעאישער ציל-באַוווסטקייט און מיט זײַן קעמפּערישקייט.

ביסלעכווײַז, ביסלעכווײַז פאַרנעמט דאָס שרײַבן אַלץ מער אָרט אין זײַן לעבן און זײַנע מאמרים הייבן זיך אָן צו באַווײַזן פּעריאָדיש אין דער ייִדישער טאָג-פּרעסע. זײַן בליק ווערט ברייטער און ער הייבט אָן דערזען די פּראָבלעמען און געשעענישן פון אונדזער היגן געזעלשאַפטלעכן לעבן אויף וועלכע ער נעמט רעאַגירן מיט דער אַחריות פון אַ פובליציסט.

מרדכי קויפמאַן איז, ווי געזאָגט אַ ציוניסט פון די יונגסטע יאָרן אָן. הגם קעמפעריש אין זײַן טעמפּעראַמענט, שטערט אים אָבער נישט זײַן ציוניזם צו האָבן אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו די געזעלשאַפטלעכע אָנשטרענגונגען וואָס ווערן געמאַכט כדי צו פאַרשענערן, צו פאַרבעסערן און בכלל צו אַנטוויקלען דאָס ייִדישע לעבן אין דעם היגן ישוב. פּונקט אַזוי שטערט אים נישט זײַן ציוניזם און זײַן ליבע צו עברית ליב צו האָבן און צו קעמפן פאַר ייִדיש און פאַר איר חשיבות אין דער ייִדישער געזעלשאַפט. מרדכי קויפמאַן איז אין זײַן מהות דאָס וואָס מען

רופט אָן: אַן אינטעגראַלער ייִד וואָס וויל זען אין אונדזער המשך אַלע ווערטן וואָס דאָס ייִדישע פאָלק האָט געשאַפן. דאָס האַרמאָניזירט ביי אים פולשטענדיק מיט זיין ציוניסטישער וועלט-אָנשויאונג און מיט זיין באַטראַכטן מדינת ישראל ווי די ריכטיקע היים פון ייִדישן פאָלק. די דאָזיקע האַרמאָניע קומט צום אויסדרוק אין די אַלע מאמרים וועלכע ווערן דאָ געבראַכט פאַרן לייענער צווישן די טאָוולען פון אַ בוך.

דאָס בוך ווערט אַרויסגעגעבן דורך אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט צו פראַווען דעם יובל החמישים פון דעם ציוניסטישן טוער און שרייבער מרדכי קויפמאַן. עס איז דערין צונויפגעזאַמלט נאָר אַ ברוכטייל פון דעם וואָס דער מחבר האָט אָנגעשריבן אין משך פון זיין אַקטיוון לעבן. דאָך, מיין איך,, אַז דאָס דאָזיקע בוך גיט דעם לייענער אַ היפשן באַגריף וועגן זיין שרייבערישער אַנטוויקלונג און שרייבערישן מהות. עס איז דערין פאַראַן נישט בלויז דער פולער רעגנבויגן פון זיינע ייִדיש-מענטשלעכע פאַראינטערעסירונגען, נאָר עס שאַפט אויך אַ בילד וועגן זיין שעפערישן „איך” אַלס סופר בישראל.

און צום סוף: אין בוך גייען אַריין פובליציסטישע און זשורנאַליסטישע אַרבעטן וועלכע זיינען געשריבן געוואָרן אין פאַרשיידענע צייטן און ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן. דאָך, דאַכט מיר, אַז אַ גרויסער טייל פון די מאמרים פאַרדינען מען זאָל זיי לייענען, סיי היינט, סיי מאָרגן, ווייל זיי אַנטהאַלטן געדאַנקען און אַרויסזאָגונגען וואָס זייער אַקטואַליטעט איז נישט באַגרענעצט צו קיין צייט.

**יצחק יאַנאַסאָוויטש**

# די פּאַפּירענע בריק...

מיין פאטער ע״ה, א הייסער בעלזער חסיד, האט אין די קאלטע פּוילישע ווינטער־נעכט, ליב געהאט צו דערציילן פארשיידענע ניסים ונפלאות, וואס וועלן געשען ערב און בעת ביאת המשיח.

איינע פון די דאזיקע וואונדערלעכע שילדערונגען איז געווען די מעשה מיט דער „פּאפּירענער בריק״, אויף וועלכער יידן וועלן פון גלות אריבערגיין קיין ארץ ישראל און קיינער וועט נישט געשעדיקט ווערן, ווייל די דאזיקע בריק וועט אויסהאלטן און זיך נישט איינברעכן. אין דער זעלבער צייט וועלן רשעים פון אלע פעלקער גיין אויף אן „אייזערנער בריק״ און זי וועט צעשמעטערט ווערן צוזאמען מיט אלע שלעכטע מענטשן...

נאך היינט קלינגען מיר אין די אויערן די ווערטער פון טאטנס משיחישע טיף רעליגיעזע וויזיעס, פארבונדן מיטן קומען פונעם גואל ישראל. ווען איך פלעג אין קרייז פון מיינע יונגע חברים פון „גורדוניה״ אין מיין שטעטל, איבערדערציילן די דאזיקע וואונדער־מעשה, האט איינער זיך אנגערופן: ס׳איז דאך קלאר ווי דער טאג, און אזוי וועט דאס טאקע געשען, ווייל ביז משיח וועט קומען וועלן די יידן אזוי געפייניקט ווערן פון די גויים, וועלן די רשעים פון דער מענטשהייט אזוי פארמאטערן די יידן, אז ס׳וועט פון זיי נאר פארבלייבן הויט און ביינער, אז אפילו א „פּאפּירענע בריק״ וועט זיי אויך אויסהאלטן...

אין די לעצטע יארן פון פאריקן יארהונדערט, מיט 70 יאר צוריק, האט זיך באוויזן א יידישער פרינץ, א נביא מיט א נייער שליחות, ד״ר בנימין זאב הערצל, וועלכער האט אויפגעוועקט פון א צוויי טויזנט יאריקן שלאף די יידישע גאולה־פרינצעסין, וועלכע האט געדרימלט אין אלע ספרי קודש מיט פרעכטיקע פרייהייטס־פּסוקים, מיט וועלכע ס׳האבן זיך געקוויקט צענדליקער יידישע דורות און מיליאנען יידן האבן געבענקט און געוויינט, זיך געטרייסט און געהאפט אויף ביאת המשיח. אין באזעל, אויף דעם ערשטן ציוניסטישן קאנגרעס, האט דער משיחישער געדאנק באקומען א תיקון. ס׳האבן אויפגעהערט — נישט ביי אלע — די וואונדערלעכע ביאת הגואל מיסטעריעס, די פּסוקימדיקע גאולה רמזים אין קבלה און אין ספר דניאל. דארט, אין באזעל האבן נייע ציון־טרוימער פון אלטע דורות־דיקע גאולה־שטרעבער, גענומען שמידן פּראקטישע אויפבוי־אינסטרומענטן, מיט וועלכע אונדזער דור וועט אויפשטעלן מלכות ישראל. איינע פון די וויכטיקסטע

מכשירים אויף צו דערגרייכן דעם אָנגעצייכנטן ציל, דעם באַזעלער פּראָגראַם. די ייִדישע מדינה, איז געווען און איז פאַרבליבן דער הסברה ־ אינסטרומענט, דער אויפקלערונגס מכשיר, בעסער געזאָגט: די באַרימטע „פּאַפּירענע בריק", וואָס האָט באַקומען אַ ציוניסטישן פונדאַמענט, אויף וועלכן ס׳איז אויסגעבויט געוואָרן אַ שטאַרקע פּרעסע, אַן אינהאַלטסרייכע ייִדיש־העברעאישע ביכער־פעסטונג, מיט גאולה־פּראָגראַמען און ציון־לערעס. די דאָזיקע ציוניסטישע פּאַפּירענע בריק האָט געוועקט באַנייטע האָפענונגען אויף אויסלייזונג, האָט געזאַמלט הונדערטער טויזנטער ייִדן אַרום די זעלבע אידעען. דער עיקר, אַלע זייערע הערצער האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן מיטן זעלבן ריטם, אַ נייער אַחדות ישראל האָט זיך באַוויזן אין פּולן פאַרנעם, וואָס איז אויפגעגאַנגען אויף דער נייער גאַס מיט אַ מעכטיקן שבת אחים גם יחד־ניגון. פּלוצים האָט אויפמאַרשירט אַ חלוצישע רעוואָלט־יוגנט באַגייסטערט פון די פאַרשיידענע פּאַפּירענע לערעס און גרונט־געדאַנקען וועגן ביאת הגאולה, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע רעוואָלוציע נישט נאָר אײנעם ייִדישן לעבן אין די תפוצות ישראל, נאָר אַ פּערמאַנענטער קאַמף מיטן ארץ ישראלדיקן מדבר, מיט מאַלאַריע, כדי צו באַפרוכפּערן די ערד און אויפצובויען דאָס לאַנד פאַרן גאַנצן ייִדישן פאָלק.

דאָס איז געווען דער כוח פון דער פּאַפּירענער בריק צווישן ייִדן אין די תפוצות ישראל אין דער ערשטער פאַזע פון דער ציוניטסישער אויפקלערונגס־אַרבעט. שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן גרעסערע און קלענערע ציוניסטישע כינוסים מיט פאַרויסגעזעענע צילן און אויפגאַבן: פאַרשטאַרקן חלוציזם, אָרגאַניזירן די ייִדישע יוגנט, פאַרגרעסערן די קאַדרען פון קרן־היסוד עסקנים און תורמים, מאָביליזירן געלטער פאַר גאולת הקרקע אין ארץ ישראל, אָפּטמאָל זיינען פאָרגעקומען ריזיקע פאַרזאַמלונגען פון פּראָטעסט קעגן עליה און באַדן־אויסלייז־באַגרענעצונגען מצד דער ענגלישער מאַנדאַטן־מאַכט, באַגלייט פון געדעכטע פאָדערונגען פאַר די ציוניסטישע פּאָסטולאַטן.

מען קען זאָגן, אָן שום מורא פאַר גוזמא, אַז פון 1897 ביז צום הײַנטיקן טאָג ציט זיך די פּאַפּירענע בריק פון רעדעס און רעזאָלוציעס, פון ביכער און בראָשורן, פון צײַטונגען און זשורנאַלן, וועלכע האָבן אונדז געמאַכט פאַר איין ייִדיש פאָלק, וואָס האָבן פאַרוואַנדלט מדבריות אין ברויט־פעלדער. דער עיקר — ס׳איז אויסגעשמידט געוואָרן אַ מעכטיקער ייִדישער ווילן גובר צו זיין דעם גלות און אָפּצוהיטן ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג די דערגרייכטע גאולה, וואָס איז פאַרקערפּערט אין דער ייִדישער מדינה־עקזיסטענץ.

איינע פון די גרויסע און פּרעכטיקע שאַפונגען אין דער ייִדישער מדינה איז בלי שום ספק, דאָס אויפשטעלן דאָס אינהאַלטסרייכע און אײַנפלוסמעכטיקע העברעאישע פּרעסע־וועזן אין לאַנד. יעדער פון אונדז איז געווען זיכער, אַז די דאָזיקע פּאַפּירענע בריק וועט צוזאַמען מיט דער ייִדיש־נאַציאָנאַלער וועלט־פּרעסע

שאפן אזא איינהייטלעכע אידעאלאגישע אריענטאציע־קראפט, וואס וועט וויטער שפינען די גאלדענע פעדים פון אחדות און אהבת ישראל, פון העלפן אויסשמידן — מיט בלייענע אותיות — א שטארקע קולטור־איינהייט פארן יידישן פאלק און איבער דעם אלעם, וועט די פרעסע פון דער יידישער מדינה און פון תפוצות־ישראל, זיין דער אויטענטישער שפיגל פונעם יידישן לעבן, אי פון ישראל והן פון דער גאנצער וועלט.

ווי זעט דאס אבער אויס אין דערווירקלעכקייט? זייער ווייניק, כמעט אויפן שפיץ פעדער, ווערט אפגעשפיגלט דאס יידישע לעבן אין די תפוצות. אין בעסטן פאל באנוגענען זיך די ישראל־צייטונגען מיט די — אויף די שפיץ פינגער פון איין האנט — אפגעציילטע שורות פון דער יידישער טעלעגראפן־אגענטור, אדער פון אנדערע נישט־יידישע אגענטורן, וועלכע גיבן איבער וועגן גאר וויכטיקע גע־שעענישן אין א יידישן ישוב. זעלטן וועגן און זעלטן ווי ווערט פארעפנטלעכט א לענגערער איבערזיכט איבער ארבעטן, אויפטוען, ראנגלענישן און שאפונגען אויף פארשיידענע געביטן פון יידישער דערציונג און יידישן גייסט, פון א קיבוץ־יידן אין וועלכן לאנד ער זאל זיך נישט געפינען. די ישראל־פרעסע איז מער פאר־אינטערעסירט אין דעם, וואס עס זאגן גויים וועגן ישראל. כ׳בין חלילה נישט מזלזל אזעלכע שיינע רייד, אבער גאר וויכטיקע לייסטונגען פון א יידישן ישוב אין דער גולה ווערן קוים דערמאנט און פארצייכנט. דעם שרייבער פון די שורות זיינען באקאנט א סך פאלן, ווען רעדאקציעס פון ישראלדיקע צייטונגען פארלאנ־גען פון זייערע קארעספאנדענטן אין די גרויסע וועלט־שטעט, וואס זיינען נישט בלויז הויפטשטעט פון גרויסע אדער קליינע לענדער, נאר אין די זעלבע געפינען זיך לעבעדיקע יידישע קאלעקטיווטעטן, מיט אינסטיטוציעס, מיט ראנגלענישן קעגן אלערליי אסימילאציעס, מיט שווערקייטן אויפן דערציונגס געביט, אז זיי זאלן שרייבן איבער אלגעמיינע פאליטישע און סאציאל־עקאנאמישע טעמעס, ווי בכלל איבער פארשיידענע אלגעמיינע געשעענישן און גאר ווינציק איבער די ספעציפיש־יידישע און ציוניסטישע פראבלעמען פון די זעלבע יידישע ישובים. וואס דארפט איר מער? אפילו גאר גרויסע און מעגלעך זייער וויכטיקע אלוועלט־לעכע יידישע כינוסים און אסיפות, אריינגעג׳חשבונ׳ט די ציוניסטישע קאנגרעסן אין די לעצטע יארן, באקומען זייער א קליינע אויפמערקזאמקייט אין דער יש־ראל־פרעסע, אויסער אין די פארטיי־ארגאנען וועלכע באמיען זיך „אפצושפיגלען" די רייד און די דערגרייכונגען פון זייערע פראקציעס אויפן קאנגרעס. דאס וואס ווערט דא געזאגט, איז א קליינער טייל פון דער דאזיקער ווירקלעכקייט. אפשר וועט פארקומען אן ענדערונג צום גוטן אויף דעם וויכטיקן געביט? דאס וועט באווייזן די צוקונפט.

ס׳איז אבער אונדזער פליכט ארויסצורוקן די גערעכטע טענה צו דער יש־ראלדיקער פרעסע און אירע ארויסגעבער און רעדאקטארן, אז די יידיש־ציוניס־

טישע, גײַסטיק־קולטורעלע פּאַפּירענע בריק פון וועלט־ייִדנטום איז כמעט אַן איינזײַטיקע, זי איז נישט אינגאַנצן קיין קעגנזײַטיקע. דאָס מוז געענדערט ווערן און וואָס פריער דאָס וועט געשען, אַלץ לײַכטער וועט זײַן דער גײַסטיקער מיזוג גלויות מיטן ייִדישן אַוואַנגאַרד אין ציון.

די ישראלדיקע צײַטונגען דאַרפן אײַנלאַדן ייִדישע זשורנאַליסטן, וואָס זײַנען גוט באַהאַוונט מיט דער פּראָבלעמאַטיק פון די ייִדישע ישובים, זיי זאָלן אויף זייערע שפּאַלטן שרײַבן, שילדערן און באַשרײַבן דאָס ייִדישע לעבן. די קאָרעספּאָנדענטן פון דער ישראל־פּרעסע דאַרפן זײַן אָריענטירט אָפּצושפּיגלען כמעט אַלץ, וואָס ס'קומט פאָר אין דער אָרגאַניזירטער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט, נישט נאָר דער ייִדישער אָפּוווער־קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם אין יעדן לאַנד איז וויכטיק צו באַשרײַבן. אויך דעם אינערלעכן געראַנגל פאַר אויפהאַלטן דעם אייגענעם ייִדישן פּרצוף־פּנים אין יעדן פּלאַץ, האָט דעם גרויסן ווערט און באַדײַטונג פאַר דעם לייענער אין ישראל.

אָן ספק דאַרפן ישראלדיקע זשורנאַליסטן און שרײַבער צושיקן זייערע אַרטיקלען, אָפּשאַצונגען און מיינונגען וועגן די וויכטיקסטע טעמעס און אַקטועלסטע פּראָבלעמען פון ייִדישן פאָלק, וואָס וועלן מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט פאַרעפנטלעכט ווערן אין דער ייִדישער וועלט־פּרעסע. פון צײַט צו צײַט דאַרפן אָפּגעהאַלטן ווערן בשותפותדיקע כינוסים פון ייִדישע און העברעאישע פען־מענטשן, כדי זיך צוזאַמענריידן, מעגלעך פאַרשיטן פאַרבליבענע, נישט טיפע, תהומות, אײַנוואַלגערן מחיצות און אויספאָרעמען אַ גײַסטיקע ברודערשאַפט פון אַ באַנײַטן קולטורעלן שבת אחים גם יחד, צום דינסט פון דער ייִדישער מדינה און פון תפוצות ישראל.

דער קשר פון וועלט־ייִדנטום מיט מדינת ישראל איז אַ פעסטער און דויערנדיקער. צו דעם האָבן ייִדישע פען־מענטשן און די ייִדישע וועלט־פּרעסע צוגעטראָגן זייער לייבן־חלק. די דאָזיקע אויפגאַבע ווערט פאַרגעזעצט יעדן טאָג מיט מער התחייבות. די ישראלדיקע העברעאישע פּרעסע וועט, אָן ספק, בפרט אין די הײַנטיקע הרת עולם־טעג פאַר אונדזער לעבן, שטאַרקן די יסודות פון דער דאָזיקער בריק וואָס האָט זיך נישט אײַנגעבראָכן ביז הײַנט און וועט קיינמאָל נישט געשעדיקט ווערן פון קיינעם...

# ד״ר הערצל אין שפּיגל פון דער הײַנטיקער ישׂראל־ווירקלעכקייט

ווען עס שטאַרבט אַ געוויינלעכער בשׂר ודם און לאָזט איבער אַ ריזיקע ירושה פאַר זײַן משפּחה, וואָס ווערט דערנאָך צעטיילט צווישן אייגענע, איז דאָ אַ מאַטעריעלער כּלל, אַז יעדער איינער האָט שוין באַקומען אַ קלענערן חלק פון די איבערגעלאָזענע פאַרמעגנס, דאָס איז חל, פאַרשטייט זיך, אויף מאַטעריעלע ירושות, איבער וועלכע משפּחה־מיטגלידער טרײַבן אַפילו אַ גרויסן אינערלעכן מחלוקת און פאַרגעסן אינעם דין פון כּבוד המת... אַנדערש, גאָר אַנדערש איז אָבער, ווען אַ ייִדישער גייסט־מענטש, אַן אידעאָלאָג, אַ וויזיאָנער און אַ שעפער פון אַ באַוועגונג, מיט הויכע צילן און גאָר ווײַטיקע אויפגאַבן, פאַרענדיקט זײַן ערדיש לעבן און גייט אַוועק אין דער אייביקייט, דעמאָלט פאַרזאַמלען זיך זײַנע צענדליקער און הונדערטער טויזנטער אָנהענגער און מאַכן אַ סך הכּל פון דעם גרויסן אידעאישן און גײַסטיקן פאַרמעגן וואָס דער אומפאַרגעסלעכער נפטר האָט איבערגעלאָזט פאַר זײַן פאָלק, גראָד אין טאָג פון דער פּטירה, אָדער אין טאָג פון דער יאָרצײַט, נאָך דעם אומשטערבלעכן דענקער און אידעען־בויער, איז פאַראַן ביי זײַנע לעבעדיקע חסידים דער רצון אַז דער פאַרמעסט, אַז די איבערגעבליבענע רעיונות־ירושה זאָל באַקומען נײַע מיטקעמפער, נײַע מחנות אָנהענגער, וועלכע זאָלן רעאַליזירן דעם נפטרס געדאַנקען־וועלט. במילא ווערט אַזאַ רוחניותדיקער פאַרמעגן אַלע מאָל גרעסער און וואָס מער עס געפינען זיך יורשים, אַלץ שטאַרקער ווערט די ירושה, יעדער איינער, וואָס האָט נישט געדענקט אידעאיש, וואָס האָט אין האַרצן און אין מוח פריער נישט אײַנגראַווירט די לערעס פון דעם נפטר, האָט באַקומען אַ לעבנס־אינהאַלט, אַ האַרץ מיט שטרעבונגען, ברויזנדיקע קאַמפס־געפילן, באַגלייט פון אַ מעכטיקן ווילן, די אידעען צו פאַרווירקלעכן.

ד״ר בנימין זאב הערצל ז״ל האָט נישט מחדש געווען קיין נײַע ייִדישע וועלטן, נאָך אַ סך, אַ סך פריער פאַר אים, האָבן ייִדישע דורות געבענקט צו גאולה, האָבן געוואַרט אויף אויסלייזונג, ווי אויף דעם אויסלייזער, נישט געווען אַ טאָג, ווען אונדזערע עלטער־זיידעס זאָלן ניט געווען זאָגן דעם „ובנה ירושלים עיר הקודש״ אָדער אַלע אַנדערע תּפילות, אין וועלכע עס זיינען מיט אותיות פאַרקערפּערט

די בענקשאַפט צו ציון, נישט געווען אַזאַ נאַכט, ווען אונדזערע עלטערן, במשך פון דורות, זאָלן נישט זאָגן „תיקון חצות" זיך נישט באַגיסן מיט הייסע טרערן פון גאולה־לעכצונג און פרײַהייט־שטרעבונג. הרצל האָט אַזוי אַרום דעם ציון־געדאַנק נישט דערפינדן, זײַן „מדינת היהודים" און נישט שטאַרקער אין אינהאַלט פון דעם „ותחזינה עינינו בשובך לציון"־אידעאַל, אָבער די גרויסקייט פון בנימין זאב הרצל באַשטייט אין דעם פאַקט, וואָס ער איז געווען דער איינציקער, וועלכער האָט געהאַט כוח און מוח צו געבן די דאָזיקע משיח־בענקענישן אַ קאָנקרעטע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרם, דער שעפער פון פּאָליטישן ציוניזם האָט מיט זײַן גרויסן טאַלאַנט, מיט זײַנע ציון־וויזיעס, אַרויסגעפירט די דורותדיקע גאולה־פּסוקים און די „תקע בשופר גדול לחרותנו"־תפילה, פון די ענגע יידישע היימען, בתי מדרשים און געסלעך און זיי אַריבערגעפירט צו דער גרויסער וועלט צו דער מענטשהייט, צו דער ברייטער נישט־יידישער עפנטלעכקייט, פאַרוואַנדלענדיק דעם פּראָבלעם פון „יידן־נויט" אין אַ וועלט־פּראָבלעם, וואָס נויטיקט זיך נישט נאָר אין אַ לייזונג, נאָר אין אַן אויסלייזונג... אָן שום גוזמא מעג געזאָגט ווערן, אַז דער ציון־וויזיאָנער, ד"ר הרצל, האָט אַנטדעקט פאַר גויים די עקזיסטענץ פון יידן ווי אַ פאָלק, וואָס פאַרלאַנגט, מיט דער צושטימונג פון די וועלט־הערשער, זײַן אייגענעם שיבת ציון, כדי צו לעבן אין פרײַהייט, אויף אייגענעם באָדן, פון אייגענער פראַצע, ווי אַ גלײַכבאַרעכטיקטער מיטגליד אין דער משפּחה פון פרײַע פעלקער.

הרצל האָט פאַררופן דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, וווּ ער האָט פון דער דאָזיקער הויכער יידישער טריבונע פּראָקלאַמירט דעם „באַזעלער פּראָגראַם", לייגנדיק אַ מלוכהשן יסוד פאַר דעם ציוניסטישן אידעאַל, פון דעם זילבן פּלאַץ האָט הרצל, מיט 70 יאָר צוריק, צעשטערט דעם אײַנגעפּונדעווען באַגריף ביי געוויסע „אויבערשטע שיכטן" פון יידישן פאָלק, אַז ס'זײַנען דאָ „דײַטשן פון משהס גלויבן", פראַנצויזן פון זעלבן גלויבן, — דער גרויסער ציוניסטישער וויזיאָנער האָט צעשטערט די פאַלשע אײַנרעדענישן, וואָס האָבן געצילט צו געפעלן די גויים, ביי די רעפאָרם־ראַבייס, ביי די אַסימילאַנטן און פאַרשיידענע פאַרלייקענער פון יידישן פאָלק.

די גײַסטיקע און אידעאַישע ירושה פון ד"ר בנימין זאב הרצל זוכט נאָך אַלץ אַרום נײַע מיליאָנען יידישע יורשים, דאָס פאַרמעגן וועט דערמיט נישט אָרעמער ווערן, פאַרקערט די גײַסטיקע אוצרות פון דעם רעיון הציוני וועלן באַרײַכערן יידן מיט אַזאַ תוכן, וואָס וועט זיי פירן צו אַ גרויסע עשירות פון באַנײַטן גערעַנגל פאַר דער אויסלייזונג פון יידישן פאָלק.

ס'איז אָנגענומען דער כלל, אַז ד"ר הרצל איז צו אונדז געקומען נישט פון בית המדרש און נישט פון דער „ישיבה", נאָר פון אַ פרעמדער וועלט. דער באַרימטער „דרייפוס־פּראָצעס" האָט גורם געווען דעם אינערלעכן אויפברויז אין

הרצלס נשמה, קעגן דעם אַנטיסעמיטישן אויסברוך אין פראַנקרײַך, אינעם קלאַסישן לאַנד פון „פרײַהייט, גלײַכהייט און ברודערלעכקייט". ס'איז נישט אויסגעשלאָסן אַזאַ השפּעה, אָבער ד"ר הרצל האָט אויך פון זײַן פריעסטער יוגנט אײַנגעזאַפּט אין זיך ניכרדיקע ייִדישקייט־געפילן, הגם זיי האָבן אים נישט געקענט פירן אויף אַ גראַדליניקן וועג צום ציון־געדאַנק. אין יאָר 1886 האָט הרצל, דער שרײַבער און פעליעטאָניסט, אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג פונעם היסטאָריקער היינריך פרידיונג דער רעדאַקטאָר פון „דויטשע צײַטונג", וועלכער האָט פאַרלאַנגט פון הרצלען, ער זאָל אונטערשרייבן זײַנע אַרטיקלען מיט אַ פּסעוודאָנים, כדי עס זאָל נישט זײַן קיין שמץ פון אַ ייִדישן קלאַנג. הרצל האָט תיכף ווירדיק געענטפערט, אַז „קיינמאָל אין דער וועלט וועט ער נישט מוותר זײַן אויפן נאָמען פון זײַן פאָטער" און פרידיונג האָט בעל־כרחו געמוזט מסכים זײַן צו הרצלס ווירדיק־ייִדישער האַלטונג און ענטפער. דאָס באַווײַזט, אַז שוין אין יענעם יאָר האָט הרצל פאַר קיין שום פּרײַז אין דער וועלט נישט געוואָלט פאַרלייקענען זײַן אָפּשטאַם און דעם נאָמען פון זײַנע ייִדישע עלטערן.

הרצל האָט אין יאָר 1892 פאַרעפנטלעכט אַ סעריע אַרטיקלען אין דער „נויער פרײַער פרעסע" אין ווין איבער דעם געראַנגל פון ייִדנטום קעגן אַנטיסעמיטיזם. אין אויגוסט פון זעלבן יאָר דערשײַנט זײַן באַרימטער אַרטיקל: „דער פראַנצויזישער שנאת ישראל", אין וועלכן ד"ר הרצל צײט אונטער אַ סך הכל פון די אַנטיסעמיטישע אויסברוכן אינערהאַלב דעם פראַנצויזישן פאָלק, און ער קומט צו דער מסקנה, אַז נישט קוקנדיק אויף די דאָזיקע העסלעכע דערשײַנונגען, וועט דער „מינוטן־משוגעת" פאַרשווינדן ווײַל „עס עקזיסטירט אַ קערנדל פון אַ געזונטער לאָגיק און אַ ליבע צו גערעכטיקייט אינעם פראַנצויזישן פאָלק, די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג וועט מסתמא אויפהערן. גאַנץ מעגלעך, אַז דאָס וועט נישט געשען אָן אויסברוכן פון צײַט צו צײַט. די ייִדן וועלן דערפון האָבן אַ שווערע לעקציע, אָבער זיי וועלן פאַרשטיין, אַז ייִדן דאַרפן אויפהערן צו זײַן דער שעיר לעזאזל פאַר אַלע פעלערן פון די הערשנדיקע קלאַסן".

אין הרצלס בריוו־אויסטויש מיט באַראָן לייטענבערגער און מיט רעגינאַ פרידלענדער, די אָנפירער פון דער ווינער „אָרגאַניזאַציע צום קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם" וואַרפט ער אַ ליכט אויף זײַנע ייִדישע געפילן, ער באַווײַזט זיי שוין מיט זײַן שטעלונג צום ייִדישן פאָלק און דעם אופן צו באַקעמפן שנאת־ישראל: „הגם די ייִדן לעבן שטענדיק אין פּײַנטלעכע לענדער... דאַרפן זיי עפּעס טון פאַר זייער אייגענער זעלבסטשוץ", קעגן איין באַוועגונג דאַרף מען אַקטואירן מיט אַ צווייטער באַוועגונג"; ער שרײַבט ווײַטער: „די ייִדן, וועמען עס איז באַשערט צו לעבן אין דער תקופה פון אַנטיסעמיטיזם, וועלן נאָך האָבן גליקלעכע טעג". הרצל איז געווען איבערצײַגט, אַז דאָס גאַנצע אומגליק איז געקומען אויף ייִדן דערפאַר, ווײַל „צוויי טויזנט יאָר זיינען מיר פאַרבליבן אָן אַ פאַראייניקטער

פּאָליטישער אָנפירונג, דאָס איז איינע פון אונדזערע גרויסע אומגליקן. דער דאָזיקער טרויעריקער פאַקט האָט אונדז מער געשעדיקט, ווי אַלע רדיפות אין דער וועלט. פון דעם האָט אָנגעהויבן וואַקסן דער אַנטיסעמיטיזם, די הערשער האָבן אונדז געשטויסן צו אַלערליי נישט שיינע פּרנסות, זיי האָבן אונדז איינגעשלאָסן אין געטאָס... אָבער ווען מען וועט פאַר אונדז פּראָקלאַמירן די פרייהייט, וועלן מיר זיך אויפפירן אין איר גייסט". די דאָזיקע שורות זיינען שוין אַ געגנוגנדיקער אָנווייז אויף די מדינה־מחשבות פון דר. הרצל. דעם 11טן יוני 1895 שרייבט ער אַ בריוו צום ווינער הויפּט־ראַבינער, דעם היסטאָריקער דר. מ. גידמאַן, וועלכער הייבט זיך אָן מיט פאָלגענדע ווערטער: „כ'האָב באַשלאָסן זיך צו שטעלן בראש פון אַ וויכטיקע אַקציע לטובת די יידן. איך פרעג אייך, צי איר זיינט מיר גרייט צו העלפן". דעמאָלט האָט שוין הרצל געהאַט אָנגעשריבן זיין „מדינת היהודים", וואָס איז דערשינען אין 1896, מיט איין יאָר שפּעטער נאָכדעם, ווי ער האָט געשריבן זיין בריוו צום ד"ר גידמאַן. ס'דאַרף געזאָגט ווערן, אַז הרצלס פריינט האָבן אים געבעטן, ער זאָל דעם „יידנשטאַט" נישט פאַרעפנטלעכן, דראָענדיק דעם מחבר, אַז דאָס וועט ברענגען אַ גרויסן שאָדן פאַר יידן, ווי פאַר זייערע אויפגאַבן. נישט נאָר דאָס אַליין, אויך די רעדאַקטאָרן פון די „נויע פרייע פּרעסע", בענעדיקט און באכער, האָבן ארגומענטירט, אז אזא בוך איז קעגן דעם פּרעסטיזש פון זייער צייטונג און האָבן אפילו אָנגעוווּנקען אויף אָפּזאָגן אים פון דער אַרבעט אין דער צייטונג. אָבער הרצל האָט געפיבערט ביים שרייבן „מדינת היהודים" און קיין שום שטערונג האָט אים מער נישט געשראָקן; ער האָט געוווּסט מיט זיין וויזיאָנערישן אַרייננבליק אינעם יידישן לעבן, אַז ער האָט אָוועקגעלייגט פעסטע יסודות פאַר דער יִ ד י ש ע ר מ ד י נ ה. הרצל זאָגט אין „מדינת היהודים": „איך גלויב דערפאַר אַז אַ ווונדערלעכע יידישע ראַסע וועט פונדאַסניי אויפשפּראָצן פון דער ערד, מכביער וועלן אויפשטיין און זיך אומקערן צום לעבן; מיר דאַרפן סוף כל סוף לעבן אויף אונדזער ערד און צו שטאַרבן רואיק אין אונדזער פאָטערלאַנד. די וועלט וועט מיט אונדזער באַפרייאונג, באַפרייט ווערן, מיט אונדזער רייכקייט, באַרייכערט ווערן און מיט אונדזער גרויסקייט, גרעסער ווערן און אַלעס, וואָס מיר וועלן טון פאַר אונדזער גליק און טובה, וועט דאָס אויך זיין אַ גוטס פאַר דער גאַנצער מענטשהייט".

---

הרצל האָט נישט געגלויבט אינעם ווערק פון באַראָן הירש. די ווירקלעכקייט האָט דאָס קלאָר באַשטעטיקט. אָבער דער ציון־וויזיאָנער איז אויך נישט געוועזן פאַרליבט אין די ראָטשילדס און זייערס גלייכן. ער האָט געגלויבט אין די מאַסן פון יידישן פאָלק, אַז זיי וועלן פאַרוואַנדלען זיינע אידעען אין אַ ווירקלעכקייט. אם תרצו אין זו אגדה — אויב איר וועט וועלן וועט דאָס נישט זיין קיין לעַ־

גענדע. דאָס יידישע פאָלק האָט זיך גלייך געטיילט אין צוויי חלקים: איין טייל, וואָס האָט געוואָלט און ניט געקענט, דער אַנדערער טייל, וואָס האָט געקענט, אָבער ער האָט נישט געוואָלט.

ביז צום היינטיקן טאָג געפינען זיך נאָך אַזעלכע יידן, וועלכע קענען געבן אַ האַנט צום ווערק פון יידישער גאולה, לייסטן די גרעסטע מיטאַרבעט פאַרן שנעלן אויפבוי פון דער יידישער מדינה, אָבער זיי טוען דאָס נישט, באַקרעפטי־קנדיק מכלומרשט זייערע נעגאַציעס מיט „אידעאישע״ מאָטיוון, צי דאָס איז פאַרבונדן מיט די „שמידער פון ליכטיקן מאָרגן״, אָדער מיט די אָנרעגער צו דער שוואַרצסטער אַסימילאַציע. פאַר אונדז איז דאָס אַלץ איינס, אָבער עס דאַרף געזאָגט ווערן, אַז מיט די אָפּגעהאַלטענע נצחונות פון צה״ל געניסן די דאָזיקע בוגדים־עלעמענטן פון ישראלס גרויסקייט אין דער וועלט, פון דער אַנערקענטער גלאָריע פון דער יידישער אַרמיי, ווייל דאָס גייט דאָך אויפן חשבון פון גאַנצן יידישן פאָלק און דאָס ווערט דאָך נישט דיסקאָנטירט אויפן נאָמען פון יחידים...

אינעם טאָג פון הרצלס יאָרצייט קאָן יעדער ייד דערזען די גרויסקייט פון זיין פערזענלעכקייט, די קראַפט פון זיינע אידעען, דאָס ליכט פון זיין „מדי־נת היהודים״ און די אייביקייט פון זיין ווערק.

דער ציוניזם האָט דערגרייכט די ערשטע פאַזע פון זיינע אויפגאַבן. ס׳איז אויפגעריכט געוואָרן די יידישע מדינה און ס׳איז אויסגעגלייכט געוואָרן דער יידישער רוקן. איצט טרעט אַריין די דאָזיקע באַוועגונג אין דער צווייטער פאַזע פון רעאַליזירן דעם געבאָט פון דער שעה: בויען די יידישע מדינה אין אַ פאַרשנעלערטן טעמפּאָ און מכשיר זיין דאָס יידישע פאָלק צו זיין אייגענעם קיבוץ און מיזוג גלויות.

הרצל האָט געזאָגט, אַז דער ציוניזם איז דער שבת פון זיין לעבן, היינט איז זיין יאָרצייט, ווען מדינת ישראל האָט צעשלאָגן אירע פיינט און גרויס געמאַכט דעם יידישן נאָמען אין דער וועלט. דאַרפן מיר אַלע זיין פערמאַ־נענט מאָביליזירט, כדי צו דערגרייכן פאַר אונדזער אומה אַן אומענדלעכן גרוי־סן און אייביקן שבת פון יידישער פרייהייט.

# נישטאָ מער דער מענטש פון רשות הרבים

אינעם אַרגענטינער ייִדישן ישוב האָט מיט אַ צײַט צוריק אויפגעהערט קלאַפּן אַ וואַרעם ייִדיש האַרץ, דער לעבנס־פּולס פון דעם ליבן מענטש און חבר ד״ר לאַזאַראַ זשיטניצקי, האָט זיך מיט איינמאָל אָפּגעשטעלט און ס׳איז אויסגעלאָשן געוואָרן אַ גײַסטיק־שעפעריש לעבן, וואָס איז צענדליקער יאָרן געשטאַנען אין רשות הרבים פון אַרגענטינער ייִדנטום. די פּטירה פון ד״ר ל. זשיטניצקי האָט אַרויסגערופן טיפן טרויער אין דער גאַרער ייִדישער וועלט, ווײַטע און נאָענטע האָבן גלײַכצײַטיק דערפילט דעם שמערצלעכן פאַרלוסט פון אַ טרײַען שומר ישראל, וועלכער האָט אומאויפהערלעך, מיט זײַן גערעדטן און געשריבענעם וואָרט, געדינט בלב ונפש די הויכע אידעאַלן פון ייִד. פאָלק. גאָר גרויס איז דער ווייטיק ביי זיינע — מיט נשמה־ פעדים פאַרבונדענע — צו אים חברים און פרײַנט, וואָס האָבן פאַרלוירן אַ גוטן חבר, אַ ידיד־נפש, אַ טרײַע נשמה, פון וועלכער עס האָט געשפּרודלט מיט גוטסקייט, פּשטות, ליבע און האַרציקייט.

דער טויט פון ד״ר ל. זשיטניצקי ז״ל האָט מיך דערמאָנט אין די טיףפילנדיקע ווערטער פון י. י. טרונק, וואָס האָט געקענט אַרײַנבליקן אין די לאַבירינטן פון מענטשלעכן האַרץ, כדי צו קומען צום אויספיר, אַז „דער סוף פון פערזענלעכן מענטשלעכן לעבן פילט אונדז אָן מיט טיפער אומהיימלעכקייט". ס׳איז טאַקע געבליבן אינעם ייִדישן ישוב, אין דער היגער ייִדישער קולטור־וועלט, צווישן אַלע שיכטן פון דער היגער יידישער באַפעלקערונג, אַ מרה־שחורהדיקע אומהיימלעכקייט, ס׳איז איצט אומהיימלעך אין אַ סך ייִדישע קולטור־ אינסטיטוציעס, אין וועלכע דער נפטר האָט ביי זיין לעבן אַקטואירט מיט אַ גײַסטיקן פאַרנעם און מיט היפשע דערפאָלגן. די פילבאַרסטע אומהיימלעכקייט איז אויסגעשפּרייט אויף דעם היגן ייִוואָ, ווו ד״ר ל. זשיטניצקי האָט העכער 15 יאָר געדינט מיט אַלע רמ״ח אברים, אויסגעברייטערט אַקטיוויטעטן, די פאָרש־אַרבעטן און אַרײַנגעבריינגט שוווּנג אויף די שטחים פון מאַטעריאַל־זאַמלונגען און פאַרלעגערישע דערגרייכונגען, דערבײַ האָט ער כסדר געזאָגט, צוזאַמען מיט די איבערגעגעבענע פאַרוואַלטונגס מיטגלידער, אויסצוברייטערן די קרײַזן פון „ייִוואָ" פרײַנט, וועלכע זיינען שטענדיק געווען און וועלן אַזוי פאַרבלײַבן אויף להבא, דינסטגרייט אויסצופירן אַלע אויפגאַבן לטובת דעם דערמאָנטן ייִדיש־וויסנשאַפט־

לעכן אינסטיטוט. אַ סך אינסטיטוציעס זײַנען פאַריתומט געוואָרן, ווײַל עס וועט זיי פעלן דער טרײַער עסקן ביי דער טאָג־טעגלעכער אַקטיוויטעט, עס וועט זיי דער עיקר אויספעלן דער גוטער חבר און דער האַרציקער מענטש וואָס האָט גע־קענט מיט זײַן אָפּטימיזם אָנצינדן פונקען פון באַגײַסטערונג ממשיך צו זײַן וויכ־טיקע אַרבעטן און רעאַליזירן אָנגעצייכנטע פּלענער.

ד״ר ל. זשיטניצקי ז״ל האָט געהערט צו די איידעלע מענטשן, וועמען מען טרעפט שטענדיק מיט אַ שמייכל אויפן פנים און מיט אַ גוט וואָרט אויף די ליפּן, ער האָט באַגעגנט יעדן מענטש מיט געפילן פון התקרבות הנפש, דער בין אדם לחברו קאָנטאַקט האָט אין זיך פאַרמאָגט היימישקייט און חברישע באַציאונג, ער איז נישט געגאַנגען „אויף שטאָלצן״ גאווהדיק, ער האָט נישט גערעדט הויך, כדי מען זאָל אים הערן, אין זײַן פשטות איז געלעגן גרויסקייט, אין זײַן קול דממה־געשפּרעך האָט מען געהערט מיט אינטערעס, מיט דרך ארץ און אויפ־מערקזאַמקייט, אַרום זײַנע טריבונעס האָבן זיך געזאַמלט צוהערער און זײַנע רעדעס זיינען געווען באַלערנדיקע און אינהאַלטסרײַכע, אויף מיר האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם דער זאָג פון אַ ייִדישער פרוי צום ד״ר ל. זשיטניצקי, ווען ער האָט געשלאָסן מיט זײַן רעפעראַט וועגן שלום עליכם דעם קולטור זמן אין „ייִוואָ״. ד״ר ל. זשיטניצקי, איך הער אײַך שוין אַ סך יאָרן, איך האָב נאָך קיינמאָל נישט פאַרפעלט אײַערס אַ רעדע, אָדער אַ דערעפענונגס וואָרט״. איך האָב דעמאָלט געשפּירט בחוש, ווי יעדעס וואָרט פון דער דאָזיקער ייִדישער פרוי אָטעמט מיט אויפריכטיקייט און האַרציקער באַציאונג צו דעם קולטור־מענטש, פון וועמען עס האָבן געשטראָמט קוואַלן פון ליבע צום חבר, צום צוהערער, צו די אינסטיטוציעס, צום ייִדישן לעבן, בפרט צו ביידע נאַציאָנאַלע לשונות און קולטורן פונעם ייִדי־שן פאָלק.

אָבער דער אכזריותדיקער קאַלטער טויט האָט אַרויסגעריסן דעם ד״ר ל. זשיט־ניצקי פונעם שעפערישן לעבן און אויף אייביק פאַרשטומט זײַן קול. נאָר איבער דאָס פיזישע האָט דער מלאך המות אַ שליטה, אָבער ס׳זיינען געבליבן לעבן ד״ר זשיטניצקיס ביכער, זײַנע טויזנטער אַרטיקלען, עסייען, אָפּשאַצונגען, אַף אַלזײַטיקע טעמעס, וואָס האָבן אַרומגענומען דאָס גאַנצע ייִדישע לעבן, נישט נאָר פון היגן ייִדנטום, נאָר פון עם ישראל, ווי פון זײַן מדינה, זײַנע איבערגעבליבענע כתבים וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַן אוצר פון ייִדישע געדאַנקען און דאָס גײַסטיקע, סײַ אין שרײַבן והן אין ריידן, וואָס טויזנטער לייענער האָבן געלייענט טאָג־טעגלעך אין „די פרעסע״ און אומצאָליקע צוהערער, וואָס האָבן געהערט זײַנע גײַסטרײַכע רעפעראַטן, אַלע צוזאַמען, בראש מיטן אייביקן ייִדישן וואָרט, וועלן דעם גײַסטיקן, דעם ייִדיש־קולטורעלן ד״ר י. ל. זשיטניצקי אויפהאַלטן אַלס אַ

לעבעדיקן גײַסט אינעם קאָלעקטיוון זכרון פון ברייטע ייִדישע מאַסן. דאָס איז אַ שטיקל טרייסט אין דעם דאָזיקן אומגליק. דאָס פאַרזעצן מיט דעם נפטרס ווערק, באַדײַט אָן ספק שטעלן דעם דאָזיקן אומפאַרגעסלעכן ייִד און מענטש אַ לעבעדיקע מצבה, נישט פון קאַלטן שטיין, נאָר פון גרעסערע קולטור־שעפֿערישע אויפטוען. דער דיכטער לייוויק זאָגט אין זײַן „בית עולם באַלאַדע" אַזעלכע ווערטער:

„ווײַסע בענק, ווײַסע שטיינער,
ווער האָט אײַך פאַרלאָזן?
איבער צוגעדעקטע ביינער,
וואַקסן פרישע גראָזן."

און דער דיכטער וואָס באַווײנט „צוגעדעקטע ביינער" און זעט, ווי איבער זיי „וואַקסן פרישע גראָזן", זאָגט אין דער זעלבער באַלאַדע:

„צווישן שטיינער, צווישן גראָזן,
ווי אַ גוף מיט גלידער,
ליגט פון אונדז אַליין פאַרלאָזן,
ס'ליד פון אַלע לידער."

און עס קומט אונטער די מחשבה און מאָלט פאַר אײַך אויס דעם מענטש, דער בחיר היצירה, דער „שיר השירים", „דאָס ליד פון אַלע לידער", ווי עס דריקט זיך אויס דער אומשטערבלעכער לייוויק, וואָס „ליגט פון אונדז אַליין פאַרלאָזן". האָט דאָך נאָך מיט הונדערטער יאָרן צוריק געזאָגט ר' שלמה בן גבירול, ווען ער ראַמט איין די מענטשלעכע גאווה, זײַן גרויסהאַלטערײַ אין אַזאַ מענטשן־צעשמעטערנדיקן פסוק: „מה יתרון לגבר, כי אחריתו לקבר", דאָס באַציט זיך אָבער נאָר צו די שטאַרביקע רעשטן פון אַ מענטשן, וואָס האָט נאָר געלעבט אויף אַ ריין ביאָלאָגישן אופן. ס'זיינען אָבער פאַראַן קלענערע צאָלן, סײַ בײַ ייִדן, און בײַ נישט־ייִדן, שאַפערישע מענטשן, גײַסט־שמידער און קול־טור בויער, זיי שטאַרבן בלויז פיזיש, נאָר דאָס געשאַפענע, וואָס איז אַן אומצו־טיילבאַרער חלק פון שעפערישער גײַסט עשירות פון דורות, פאַר דורות, דאָס בלײַבט אייביק און סטימולירט נאָך די לעבעדיקע ממשיך צו זײַן די יצירה־אַרבעט.

ד"ר לאַזאַראָ זשיטניצקי האָט געהערט צו די שעפערישע ייִדן, ער ליגט נישט פאַרלאָזן פון אונדז, ווי „דאָס ליד פון אַלע לידער", נאָר זײַן לעבנס גענאַנג האָט אין אונדז, זײַנע חברים פון „ייִוואָ", פון „די פרעסע", פון ייִדישן שרײַבער און זשורנאַליסטן פאַריין, ווי פון אַנדערע צענדליקער אינסטיטוציעס, וווּ דער נפטר

האָט ביי זיין לעבן געלייסטעט דאָס מאַקסימום, געפינען אַ טיפן אָפּקלאַנג און דאָס ליד איז נאָר איבערגעריסן געוואָרן פיזיש, אָבער גײַסטיק, ייִדיש־שעפעריש און ייִדיש־קולטורעל שאַפעריש וועט זײַן לעבנס־ניגן פון שמידן ייִדישקייט ווײַטער ווירקן צווישן ייִדן צו פרוכטבאַרע לייסטונגען פאַר די גײַסט־אוצרות פון ייִדישן פאָלק.

ווען אַ שלימתדיקער ייִד איז נפטר געוואָרן האָבן אונדזערע חכמים געזאָגט: „אן עושין נפשות לצדיקים, דבריהן הן הן זכרונס". אויך אויף ד"ר ל. זשיט־ניצקי ז"ל דאַרף געזאָגט ווערן: זײַנע רייד, זײַנע ווערטער, זײַנע לערעס, זיי, זיינען זײַן אייביקער אָנדענק.

# אַ בריק האָט זיך איינגעבראָכן...

## (צו די שלושים פון יצחק רימון ע"ה)

מיט עטלעכע טרויער און ווייטיק־געשעענישן האָב איך מיך באַגעגנט, סיי אויף דער שיף „דן", אינמיטן ים, אויפן וועג קיין ישראל, והן אין דער מדינה גופא. אונדזער שיף האָט באַקומען אַ באַפעל פון ישראלדיקן קריגס־פלאָט אָנטייל־צונעמען אין די זוכענישן נאָך דעם פאַרשוווּנדענעם ייִדישן סובמאַרין „דקר". די יסורים האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין אַלע רמ"ח אברים און טרערן זיינען געריננען פון די אויגן צוליב דעם אומגליק, וואָס עס האָט געטראָפן 69 יונגע ייִדישע ים־אָפיצירן און מאַטראָזן, וועלכע האָבן געפונען זייער טויט אין די וואַסער־טיפע־נישן פון מיטלענדישן ים.

גלייך נאָך מיין אָפּשטייגן פון שיף „דן", נאָך אַ 8־שעהדיקער פאַרשפּעטיקונג צוליב דער דערמאָנטער סיבה, האָבן מיך אין חיפהר פּאָרט, אָפּגעוואַרט מיינע בני־עיר מיט דער ידיעה, אַז היינט ביינאַכט וועל איך מיך באַטייליקן אין אַן אזכרה צום אָנדענק פון דער אומגעקומענער קהילה — ניעמיראָוו. מיט מיינע וואַליזעס בין איך געקומען קיין תל־אביב און זיך מיט אַ הספד מתיחד געווען מיט די אומגעקומענע ייִדן פון מיין שטאָט, וועלכע זיינען דערמאָנט געוואָרן אויף דעם אַזכרה אַקט אין תל אביב. אויפן צווייטן טאָג נאָך דער דאָזיקער אזכרה האָב מיך דערוווּסט וועגן דעם פּלוצלינגדיקן און פּריצייטיקן טויט פון יצחק רימון, מיט וועמען איך האָב זיך געגרייט צו באַגעגענען און אים איבערגעבן די רעזול־טאַטן פון אַלע באַמיִונגען וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן, כדי ער זאָל קענען קו־מען קיין בוענאָס איירעס.

זיין פּטירה האָט איבערגעהאַקט אַ קשר צווישן אונדז, זיין טויט האָט איינ־געבראָכן אַ שטאַרקע בריק, וואָס ער האָט במשך פון אַזוי פיל יאָרן אויסגעבויט, צווישן מדינת ישראל און דעם אַרגענטינער ייִדנטום; זיין פּריצייטיק־פאַרשניטן לעבן איז אַן אבידה שאינה חוזרת. איך וואָלט געזאָגט, אַן אבידה שאין לה תנ־חומים, אַן אומגליק, וואָס נעמט נישט אָן קיין טרייסט.

אונדזערע חכמים האָבן אַמאָל, מסתמא ביים באַוויינען דעם טויט פון גרויסע מענטשן, געזאָגט: „מען דאַרף נישט שטעלן קיין באַזונדערע מצבות פאַר צדיקים, וויל זייערע רייד זיינען זייער אָנדענק־זכרון". יצחק רימון ע"ה, האָט בלב ונפש געדינט, מיט זיין פען אָ הויכן אידעאַל פון פאַרבינדן ייִדן פון אַרגענ־

טינע, ווי פון אַנדערע יידישע ישובים פון דער גאָרער וועלט מיט דער יידי־שער מדינה, מיט דער הילף פון אָביעקטיווע און אינהאַלטסרײַכע קאָרעספּאָנ־דענצן, וועלכע האָבן מיט אַזוי פיל ליבע צו ישראל און אירע דערגרייכונגען און מיט נישט ווייניקער אהבת ישראל־געפילן צום וועלט יידנטום, טאָג־טעגלעך געשמידט דעם גשר־חי, די לעבעדיקע בריק צווישן דער אַרבעטנדיקער, קעמפנדיקער יידישער מדינה און איר גרויסן יידישן „הינטערלאַנד" בכל תפוצות ישראל.

דאָס אַרגענטינער יידנטום, בפרט די טויזנטער און טויזנטער לייענער פון „די פּרעסע" האָבן אין יצחק רימונען געזען בבחינת אַ שליח ציבור, פאַר וועמענס אויגן ס„שטייט שטענדיק דער נײַער גרויסער, עפּאָכע־מאַכנדיקער מדינת ישראל־„שוויתי", באַגלייט פון דעם אימתא דציבורא־געפיל פונעם „ודע לפני מי אתה עומד" — „און ווייס פאַר וועמען דו שטייסט"...

יצחק רימון ע"ה, האָט מיט זײַן פאַראַנטוואָרטלעכן שרײַבן, מיט זײַנע טרײַע אָפּשפּיגלונגען פון אַלץ, וואָס קומט פאָר אין ישראל, אירע לײַדן און פריידן, איר יווקס, אָדער חלילה — אירע מכשולים, געוווסט פאַר וועמען ער שרײַבט, פאַר וועמען ער דערציילט מיט פשטות, אָבער באַהויכט מיט אַ טיף־גײַסטיקן אינהאַלט, ער האָט געהאַט אימתא דציבוראביים שרייבן און דערפאַר האָבן אים זײַנע לייענער ליב געהאַט און געשלונגען זײַנע רייד, ווי זיי וואָלטן מיט אייגענע פיזישע אויגן געזען די טײַערע מדינת ישראל.

יצחק רימון האָט דורך זײַנע אומצאָליקע קאָרעספּאָנדענצן, פאַרעפנטלעכטע אין „די פּרעסע", באַשטעטיקט מיט זייער אינהאַלט, אַז ער איז געווען פאַרבונדן מיט אַלע פיבערן פון זײַן נשמה מיט אַ גרויסע שליחות, וואָס נאָר אַ שליח־ציבור נאמן קאָן אויספירן. ער האָט געדינט אויף דעם וועג, דורך דעם אופן, די כלל ישראל־אויפגאַבן מיט אַ ריין האַרץ, מיט הויכע גײַסטיקע אידעען, מיט אַ סך יידישן וויסן און געוויסן, דער עיקר מיט אַ גרויסער אחריות וואָס אַלץ צוזאַמען איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ דאָפּלטער ליבע: אהבת העם ואהבת מדינת ישראל.

מיט דער פטירה פון יצחק רימון האָט זיך אײַנגעבראָכן אַ בריק צווישן מדי־נת ישראל און דעם אַרגענטינער יידנטום.

יהא זכרו ברוך לנצח.

# ד״ר בנימין זאב הרצל — וויזיאָנער און גאולה פאַרוויקלעכער פון יידישן פאָלק

**(צו זיין 64סטן יאָרצייט)**

יעדער דור פון יידישן פאָלק אין דער צעשפרייטקייט האָט אַרויסגעגעבן גרויסע יידישע מנהיגים, וואָס האָבן מיט זייער גייסטיקן וויסן איבערגעלאָזט אומפאַרגעסלעכע ווערק, מיט וועלכע זיי האָבן באַרייכערט די אומגעהײַערע קולטור אוצרות פון אונדזער אומה. ס׳זיינען אויך געווען אין יעדן דור יידישע פירער מיט מעכטיקע אײַנפלוסן אויף ניט־יידישע פערזענלעכקייטן, דערגרייכנדיק גראַ־ וויטירנדיקע פּאָזיציעס אין לעבן פון מלכים און שררות, דינענדיק דעם יידישן פאָלק אין די פינצטערע גלות לענדער מיט זייער אהבת ישראל, דורך שתדלנות און אַמאָל דורך ענערגישע אינטערווענצן ביי הערשער, ביי וועמען זיי האָבן פאַרלאַנגט, אָדער געבעטן, ס׳זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן גזירות אויף יידן, כדי צו פאַרלײַכ־ טערן זייער לעבן צווישן גויים. נישט שטענדיק האָט דער יידישער מנהיג גע־ האַט אַ לײַכט לעבן ביים אַרויסווײַזן זײַן טרײַשאַפט, זײַן ליבע צו זײַנע ברידער און שוועסטער, גאַרנישט לײַכט איז געווען די מיזאַמע אַרבעט פון אַ יחיד אָפּצו־ שלאָגן די אַטאַקעס פון דער אייביקער שנאה צום אייביקן יידישן פאָלק. אַ סך פאַקטאָרן קעגן יידן זיינען פאַרייניקט געוואָרן, דאָס מלכות הרשעה, דער קלויס־ טער און זײַנע באַדינער, ווי דער פאַרנאַרישסטער המון־עם, מיטן ציל, דורכצופירן אַנטי־יידישע עקסצעסן, פּאָגראָמירן די שוואַכסטע פון די שוואַכע, צעראַבירן זייער האָב און גוטס, וואָס איז תמיד געווען דער זאַקרויב פון רוצחים פאַר זייער מאָוסער אומענטשלעכער האַנדלונג. דעמאָלט איז אויף דער יידישער אַרענע דערשינען דער גײַסטיקער, דער פאָליטיש־רײַפער, פירער פון יידישע ישובים אָדער פון אַ ישוב און ער אַליין מיט אַ סך מסירת נפש, אויסנוצנדיק זײַנע דערוואָרבענע השפעותן, האָט געצוימט די אָנווײַזערישע האַנט פונעם מושל צו מאָרדן יידן. די יידישע קהלות־געשיכטע איז רײַך מיט אַזעלכע מעכטיקע ייד־ישע בעלי השפעה, וואָס האָבן געראַטעוועט גאַנצע קהילות פון אומקום, אויפגעוויזן דעם אומזין פון בלבולים און אויף היפּשע צײַטן אויסגערייניקט די לופט פון אַנטיסעמיטישן גיפט.

נישט אַלע יידן, וואָס זיינען אויסגעוואַקסן אין חכמה, גײַסט און וויסן, זיינען

געשטאַנען אין רשות פון יידישן פאָלק אין גלות. אַ סך פון זיי האָבן פאַרביטן די שמאָלע יידישע סטעזשקעס אויף ברייטע ניט יידישע וועגן, דורך וועלכע זיי האָבן זיך דערווייטערט פון זייער אייגענעם שטאַם, זיך אָפּגעריסן פונעם יידישן שורש, ס׳האָט די דאָזיקע איינפלוסרייכע פון אייגענעם פאָלק — דערווייטערטע יידן, נישט ווי געטאָן דער פיין פון אייגענע ברידער, זיי האָבן נישט אויפגענומען דעם קרעכץ פון פאַגראָמירטע, פון ליידנדיקע, פאַר זיי איז גענוג געווען דער כבוד פון גויים און דאָס באַקוועמע לעבן, וואָס נישט יידן האָבן געגעבן אַזעלכע מה־יפית דינער. כל זמן מען האָט זיך גענויטיקט אין זייערע פּאָליטישע און פינאַנ־ציעלע לייסטונגען.

---

אין טאָג פון הרצלס יאָרצייט דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן דער היסטאָרישער פאַקט, וואָס אין פאַרשידענע יידישע דורות זיינען געווען גרעסערע מנהיגים פאַר אים, גייסט־יידן פון אַן אויסערגעוויינלעכן פאַרנעם, שעפער פון גרויסע דערהוי־בענע אידייען, גרינדער פון נייע מעכטיקע באַוועגונגען אינערהאַלב דעם יידישן פאָלק, באַגרינדער פון נייע נייע שיטות אין חסידיזם, אַרויסרופער, אַמאָל מיט גוטע כוונות און אָפטמאָל מיט אַ פאַלשן אַנשטעל, פון משיחישע האָפענונגען ביי די יידישע מאַסן, וואָס האָבן געלעכצט צו גאולה און געבענקט צו ציון און ירו־שלים, אַלע צוזאַמען און יעדער פון אַזעלכע גרויסע פירער באַזונדער, האָבן אָבער אין זיך נישט פאַרמאָגט די צוויי עלעמענטן, וויזיע און טאַט, אָן וועלכע דער מנהיג ווערט מיטן לויף פון די יאָרן מאַכטלאָז, אַנטוישט אַפילו פון אייגענע אידייען און ס׳איז נישטאָ קיין אויסזיכט צו קענען פירן דאָס יידישע פאָלק אויף אַ וועג, מעג ער זיין אַ מדברדיקער, באַוואַקסן מיט דערנער, אויף וועלכן די ליידנדיקע יידישע גלות מאַסן זיינען גרייט צו גיין ביז צום סוף, כדי אָנצוקומען צו די געגאַרטע ברעגן פון יידישע היימלאַנד. הרצל האָט דאָס יאָ געקענט דערגרייכן, ווייל ער האָט פאַרמאָגט דעם גייסטיקן וויזיאָנערישן כוח פון אַ נביא. און די אומגעהויערע פאָליטיש דיפּלאָמאַטישע קראַפט פון אַ מנהיג, אַ גרויסער דענקער, דער אויסטיי־טשער פון דער העברעישער פּאָעזיע, דער פּאָעט משה בן עזרא, האָט געזאָגט: נישט יעדער נביא איז אַ שליח, אָבער יעדער שליח איז אַ נביא. אין דעם מנהיג ד״ר הרצל האָבן זיך פאַרייניקט, געלעבט אין פולשטענדיקער האַרמאָניע, דער נביא און דער שליח צוזאַמען, איינס דאָס צווייטע דערגענצט, באַווירקט און ס׳שאַפט זיך אַ געט־לעכע שלימותדיקייט אין דער נשמה און אין מוח פונעם מנהיג הדורות. הרצל מיט אַלע זיינע גאָט געבענטשטע מעלות און טאַלאַנטן, האָט, אין דער צווייטער העלפט פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, זייער לייכט געקענט אַרויפגיין אויף די ברייטע שליאַכן פון דער גרויסער מענטשהייט און ווערן איינער פון אירע גייסטיקסטע פי־רער, ער האָט זיך אָבער אויסגעקליבן דאָס קליינע יידישע פאָלק, ביי וועמען ער

האָט אַליין פון אָנהייב נישט געקענט באַקומען קיין סמיכה אויף מנהיגות, אָנהענ־גער פאַר זײַנע גאולה־אידעאַלן, קעמפער און רעאַליזירער פון זײַנע לערעס, ווײַל אין ערשטן פעריאָד פון זײַן דערשײַנען ווי אַ ליכטיקע שטערן אויף די פינצטערע יידישע גלות־הימלען, זײַנען די מאַסן פאַרבלענדט געוואָרן פון אַזויפיל ליכט און אידייען־שיינקייט, אַז זיי האָבן נישט געקענט דערזען דעם נביא און דעם פאָלקס שליח אין איין אין דער זעלבער הרצל־געשטאַלט. דער נביאישער גײַסט איז אַבער אַזוי לאַנג שולט אויף אַן אויסדערוויילטן יחיד, ביז דאָס פאָלק דערבליקט אין אים די פעיקייטן פון אַ מנהיג, אַלעמאָל ווערט דערפאַר קלענער די מחנה פון די שרײַער פון „מי שמך"?, ווער האָט דיך געמאַכט פאַרן פירער, דערקענט אין אים דעם באַפרײַער און וואָס אַמאָל מער ווערן ווייניקער די צווייפלער אין דעם נביאס גאולה־וויזיעס. די מאַסן באַגײַסטערן זיך מיט דעם שליחס אויפגאַבע און זיינען גרייט אויף אַלע קרבנות. דער ענטוזיאַזם וואַקסט ביי אַלע פאָלקס שיכטן און נעכ־טיקע צווייפלער שפּאַנען אויס די פערד פון דער בריטשקע, וואָס פירט דעם ד"ר הרצל פון דער ווילנער באַן־סטאַנציע צום האָטעל און זיי פילן זיך גליקלעך אין די מינוטן פון ברענגען מיט אייגענע הענט דעם נישט געקרוינטן יידישן פרינץ צו דער ווילנער אכסניה. נישט קלענער איז די התלהבות ביי די יידישע מאַסן אין בעלגראַד, ווי אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ווײַל אַ גרויסער טייל פון יידישן פאָלק האָט שוין אין הערצלען בחוש דערשפירט זײַן גרויסקייט דורך פשטות, זײַן ציוניסטישע ווירדע דורך פערזענלעכע אָנשטרענגונגען, זײַן הייליקן פלאַם בײַ וועלכן מען דאַרף זיך אָנוואַרעמען נאָך אַ צוויי טויזנט יאָריקן פראָסטיקן גלות ווינטער.

אין דרײַ טעג צײַט, פון סוף חודש אויגוסט 1897, איז אויפן ערשטן ציוניס־טישן קאָנגרעס אין באַזעל, אַנטפּלעקט געוואָרן דער „באַזעלער פּראָגראַם" פאַר די אויגן פון דער מענטשהייט און ערשט דעמאָלט האָבן יידן און נישט יידן בעסער פאַרשטאַנען דעם אינהאַלט פון אַ קליין ביכעלע „מדינת היהודים" וועמענס מחבר, ד"ר בנימין הרצל, האָט מיטן בלוט פון זײַן האַרץ אָנגעשריבן ווי אַ נײַע פּראָקלאַ־מאַציע אויף אויפצולעבן אַן אַלט פאָלק אינעם אַלט־נײַעם לאַנד פון אברהם, יצחק און יעקב, פון דוד און שלמה, פון ישעיהו און יחזקאל, פון די מכבייער און בר כוכבא, פון מצדה־העלדן, וועמענס אור־אייניקלעך האָבן קיינמאָל נישט אויפ־געהערט צו בענקען צו גאולה, כדי ארץ ישראל אָן דער יידישער אומה און דאָס פאָלק אָן זײַן פאָטערלאַנד, זאָלן זיך צוריק פאַרייניקן לעולם ועד.

אחד העם, וואָס האָט נישט שטאַרק געהאַלטן פון הרצלס פּאָליטישע אַקטואַציעס, דער גרויסער שריפטשטעלער און דענקער, וואָס איז גאַרנישט נתפעל געוואָרן פון הרצלס וויזיעס (ווײַל ער אַליין האָט געשאַפן אַן אידייע, אַ נײַע שיטה, לפי וועל־כער יידן קענען זיך באַנוגענען מיט האָבן אין ארץ ישראל נאָר און בלויז אַ „גײַס־טיקן צענטער", מרכז רוחני, ווי אחד העם האָט דאָס אָנגערופן, ווײַל ער האָט נאַיוו געגלויבט, אַז די וועלט נויטיקט זיך ווידער אינעם יידישן גײַסט), שרײַבט

נאָך הרצלס פּטירה איז אַ רירנדיקע אָפּשאַצונג פון דעם גרעסטן פון די ייִדישע מנהיגים: „איין גרויסע זאַך האָט אונדז הרצל געגעבן, נישט וויסנדיק אַליין דער־פון, די דאָזיקע זאַך וואָס איז אפשר גרעסער פון אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן ביי־דעים, מיטן פולן באַוווסטזיין: ער האָט אונדז געגעבן זיך אַליין, וועלכער טראָגט דאָס געזאַנג פון אונדזער אויפלעבונג, אין זיך אַליין האָט ער פאַרמאָגט אַ באַוועג־קראַפט אַנצוצינדן און אויפצופלאַמען די פאַנטאַזיע אין אַזאַ מאָס, וואָס פאַרוואַנדלט אים מיט אַלע זיינע וויזיעס צו אַ פאָלקס העלד, אַ העלד אין וועמען ס׳איז פאַרקערפּערט דאָס גאַנצע איידלקייט, צו וועלכן דאָס פאָלק שטרעבט. דאָס איז געווען אַן אָפּשאַצונג פון אַ גייסטיקן מנהיג איבער דער אומדיסקוטירבאַרער גרויסקייט פון דעם גרעסטן ייִדישן גאולה שליח פון אַלע צייטן, פון אַלע ייִדישע דורות אין גלות״.

אין באַזעל האָט ד״ר בנימין זאב הרצל אַנטפּלעקט פאַר דער מענטשהייט דעם קיום פון ייִדישן פאָלק, זיינע פרייהייטס שטרעבונגען און זיין אומבאַזיגבאַרן רצון זיך אומצוקערן קיין ארץ ישראל. ער האָט געהאַט דעם כוח צו באַגייסטערן די ייִדישע מאַסן ביז צו אַזאַ עקסטאַז, אַז די זעלבע האָבן דעם פאָרויסזאָגן פון הרצלען, אַז אין באַזעל איז געשאַפן געוואָרן די ייִדישע מדינה און ביז 50 יאָר וועט זי זיין אַווירקלעכקייט — אויסגעטײַטשט אין מעשים. די ציוניסטישע וועלט אָרגאַניזאַציע, איז געוואָרן זייער אידעישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם, פון איר איז אויסגעוואַקסן די חלוצישע באַוועגונג מיט אַ דעצידירטן פאַרמעסט אויפ־צולעבן ארץ ישראל פון איר חורבן און מדבר־צושטאַנד און די ייִדישע מדינה איז דורך אַרבעט און קאַמף געוואָרן אַ ווירקלעכקייט אין יאָר 1948, וואָס איז אַ צייט מרחק פון העכער 50 יאָר פון ערשטן באַזעלער ציון קאָנגרעס אין 1897.

אין יאָר 1937 איז אין דער שווייצאַרישער שטאָט באַזעל געפייערט געוואָרן דער 40־טער אַניווערסאַר פון ערשטן ציוניסטישען קאָנגרעס. מנחם מענדל או־סישקין ז״ל האָט ביי דער געלעגנהייט פאַרענדיקט זיין רעדע מיט פאָלגנדיקע ווערטער־וווּנטש: „איך ווינטש איך צו פייערן דעם יובל פון ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אינעם גרויסן זאַל פונעם ייִדישן פאַרלאַמענט אין אונדזער הויפּטשטאָט ירושלים״. די נבואה פון דעם דאָזיקן פראַקטישן בויער און ערד־דעראָבערער — אוסישקין, איז צו אונדזער גליק, צו דער פרייד פון אַ טרויעריקן ייִדישן דור פון טרעבלינקעס און מײַדאַנעקס, געוואָרן אַ פּרעכטיקע רעאַליטעט.

---

הרצל איז שוין אין זיין פריעסטער יוגנט אַ בעל חלומות, ער זעט וויזיעס אין זיין קינדהייט, אין דער פאָלקס שולע הערט ער זיך איין אינעם ספּור פון יציאת מצרים, די ווונדערלעכע געשיכטע פון פרייהייט־דערגרייכונג פאַר ייִדישע שקלאַפן, פאַר הרצלס צעפלאַמטע פאַנטאַזיע זעט אויס דער איבערגאַנג פון שקלאַפעריי צו

גאולה ווי אַ לעבעדיקע דראַמע אויף דער לעבנס־סצענע פונעם ייד. פאָלק, ער האָט געמאַכט זײַנע אייגענע אויספירונגען: די ייִדישע מאַסן אין גלות־צעשפרייטקייט דאַרפן נאָכאַמאָל האָבן אַ נײַעם יציאת מצרים, דאָסמאָל נישט נאָר פון איין לאַנד, נאָר פון צענדליקער לענדער, אין וועלכע ייִדן זײַנען דערנידעריקט און באַליידיקט, פּאָגראָמירט און געפּײַניקט מיט אַלערליי נגישות באַגרענעצונגען, מיט גזירות און רדיפות. הרצלס נשמה ווערט אָנגעפילט מיטן תוכן פון חג החרות און אין זײַנע נאַכט־חלומות זעט ער זיך אַליין אין הימל־הויכקייטן אויף די אָרעמס פונעם מלך המשיח. ער באַגעגנט זיך אין זײַנע פאַנטאַסטישע וויזיעס מיט משה רבנו אויף הימלישע וואָלקנס און הערט פון אים אַליין זײַן שטימע וואָס רופט: „אויף דעם קינד האָב איך געוואַרט, גיי און זאָג מײַן פאָלק, אַז נאָך אַ ביסל וועל איך קומען און אויפטון גרויסע וואונדער פאַר זײַן באַפרײַונג". מיט אַזעלכע וויזיע־געדאַנקען איז הרצל געוואַקסן און גרויס געוואָרן און ער חלומט שוין אויף דער וואַר: „אַ נײַער מכבייער דור וועט אויפשטיין און אַ נײַע געזעלשאַפט וועט אויפקומען, וואָס וועט זײַן אַ מוסטער פאַר אַלע פעלקער, ווי דאָס האָבן געטרוימט די ייִדישע נביאים אין אַלטע צײַטן". דאָס מאָל איז דער שעפער פון פּאָליטישן ציוניזם באַהערשט פון אַ סך געדאַנקען וועגן גאולה־רעאַליזאַציעס. דער בעל חלומות איז שוין מער נישט פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף, ער האָט דאָך איינמאָל אויפגעוועקט דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק פון זײַן ביטערן לעטאַרג, בלײַבט שוין נישט קיין אַנדערער אויסוועג, ווי אָנהייבן פאַרווירקלעכן שיינע טרוימען אין פּרעקטיקע מעשים. זײַן גרויס ווערק איז נישט נאָר זײַן „לײַדנשאַפט", נאָר דער ריזיקער אײַנגעזאַמלטער כוח, וואָס איז פאַראַן אין דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, וואָס שליסט אײַן אין זיך דעם פּאָליטישן געפעכט מיט אויסערלעכע פאַקטאָרן, די פּראַקטישע אויפבוי אַרבעטן אין ארץ ישראל, ווי די דערציִונג פון יונגע ייִדן, פון ייִדישע קינדער, אין גײַסט פון ציון און גאולה, כדי זיי זאָלן זוכה זײַן צום ערךנאָמען: דער נײַער דור מכבייער. במילא געפינט זיך שוין אין די אָנהייב־דערגרייכונגען פון הרצליאַנישן ציוניזם, אַוודאי אין זײַנע שפּעטערדיקע נצחונות, דער אמת פון הרצלס וויכוח מיטן באַראָן הירש, זײַן וואָרט און וויזיע וועגן גורל פון ייִדנטום אין גלות, ווי אויך דער טריומף איבער די „פּראָטעסט ראַבינער" פון דײַטשלאַנד.

וואָס איז געוואָרן פון דער ייִדישער באַראָן הירש קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, הגם זי איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער פאַקטאָר און יסודות לייגערן פונעם היגן ייִדישן ישוב?

ווער פון אונדז קאָן פאַרגעסן די פוריע פונעם וועלט אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט געהאַט זײַן בלוטיקן רוצח איבער אַ דריטל פון ייִדישן פאָלק אין דער געשטאַלט פון אַ נאַצישן מלאך המוות? ווער געדענקט נאָך פון אונדזער דור, פּונעם נײַעם איז דאָך אָפּגערעדט, די נעמען פון די 5 פּראָטעסט ראַבינער: ד"ר

מייבוים פון בערלין, ד״ר הורוביץ פון פראַנקפורט, ד״ר גוטמאַן פון ברעסלוי, ד״ר אויערבאַך פון האַלבערשטאַט, ד״ר ווערנער פון מינכען, וועלכע האָבן פאַרעפנטלעכט אין „בערלינער טאָגעסבלאַט״ אַ פּראָטעסט קעגן ציוניזם און קעגן דעם עצם געדאַנק פון דורכפירן דעם 1־טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין זייער פּאַטריאָטישן דײַטשלאַנד ?

ד״ר מאַקס נאָרדוי האָט די דאָזיקע 5 פּראָטעסט ראַבינער כאַראַקטעריסטיש באַצייכנט אַלס טיפּן מיטן קין צייכן אויפן שטערן, ווײַל זיי זייגען ענלעך צו יענע „מענטשן, וואָס מיינען, אַז זיי געפינען זיך אין אַ פעסטע און געזיכערטע שיף און שלאָגן מיט בײַטשן איבער די קעפּ פון זיך טרינקנדיקע פּאַסאַזשירן. די ראַבינער מיט בײַטשן״ האָבן נעבעך נישט געקענט פּאָרויסזען, אַז מיט 25 יאָר שפּעטער וועט אין זעלבן מינכען, אין אַ האַלב פינצטערן ביר־קעלער, אויסוואַקסן אַ נײַער מאָנסטער אין דער געשטאַלט פון היטלער ימ״ש און וועט גרינדן די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין זייער דײַטשלאַנד, וועלכע וועט אין 18 יאָר שפּעטער אָנהייבן די גרעסטע שחיטה איבערן ייִדישן פאָלק.

וואָס האָבן דעמאָלט געזאָגט די פּראָטעסט ראַבינער אין זייער דעקלאַראַציע ? ס׳איז כדאי, אין ליכט פון די פריער דערמאָנטע ווירקלעכקייטן, צו דערמאָנען זייערע „אַרגומענטן״: 1) „די שטרעבונגען פון די יעניקע, וואָס רופן זיך מיטן נאָמען ציוניסטן, צו גרינדן אַ נאַציאָנאַל־ייִדישע מדינה אין ארץ ישראל, פאַרלייקענען די משיחישע אידייען, וואָס געפינען זיך אין די הייליקע ספרים. 2) דאָס ייִדנטום לייגט אַרויף אַ פליכט אויף ייִדן צו דינען בשלמות דאָס פאָטערלאַנד, צו וועמען זיי געהערן, בעטן פאַר זײַן נאַציאָנאַלן פרידן און פאַר אים אַרבעטן מיט אַלע כוחות און מיטן גאַנצן האַרץ. 3) די דאָזיקע פליכט איז נישט אין סתירה צו דעם פילאַנטראָפּישן געדאַנק פון באַזעצן ייִדישע פּויערים אין ארץ ישראל, ווײַל זיי האָבן נישט קיין שום שטרעבונג צו שאַפן אַ ייִדישע מדינה, דערפאַר האָבן מיר אַ חוב צו פאַרלאַנגען פון אַלע, ביי וועמען דאָס ייִדנטום איז נאָענט צום האַרצן, אַז זיי זאָלן זיך דערווײַטערן פון די ציוניסטישע שטרעבונגען, ווי פונעם קאָנגרעס, וואָס טראָץ אונדזערע וואָרענונגען, איז מען אים גרייט אײַנצורופן״.

הרצל, דער וויזיאָנער, דער אויסשמידער פון דער ייִדישער פאָלקס גאולה, האָט מנצח געווען אויף אַלע פּראָנטן פון ייִדישן פאָלק; דער ציוניזם איז געווען דער שבת פון זײַן לעבן און ווען דער אכזריותדיקער טויט האָט פאַרשטומט זײַן וואָרט, האָט פון אים אַרויסגעריסן זײַן ברכהדיקע טאַלאַנטפולע פען און ס׳האָט אויפגעהערט דאָס פיזישע לעבן פונעם אומשטערבלעכן שליח, נביא און מנהיג הדורות, דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן די באַנײַטע ייִדישע געשיכטע פון אונדזער אומה, וואָס איז פאַרפיקסירט געוואָרן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט מיטן נצ־

חיותדיקן נאָמען: „אַן עקזיסטירנדיקע יידישע מדינה פאַרן אייביקן יידישן פאָלק".

אין כ' און אין כא' בתמוז ה'תשכ"ח, דערמאָנען מיר אַלע מיט יראת הכבוד די 64סטע יאָרצײַט פון דעם שעפער פון פּאָליטישן ציוניזם און שמידער פון דער יידישער פרײַהייט, ד"ר בנימין זאב הרצל, און די 34סטע יאָרצײַט פון דעם אומפאַרגעסלעכן נאַציאָנאַלן משורר פון יידישן פאָלק, חיים נחמן ביאַליק ז"ל.

הרצל און ביאַליק, דער ערשטער האָט געלייגט פעסטע יסודות פאַר דער יידישער אומאָפּהענגיקייט, דער צווייטער האָט אָנגעהויבן אויסזינגען אַ נײַעם פּאָעטישן ניגון אויף דער יידישער גאַס, זײַן „תחזקנה" איז געוואָרן דער הימן פון אַ חלוצישער מחנה, וואָס גייט פאָרויס פאַרן פאָלק אויף צו פאַרווירקלעכן דעם ציוניסטישן גאולה־געדאַנק.

ביאַליק איז דער גרויסער דיכטער, וואָס האָט נישט נאָר אויפגעוועקט די יידישע יוגנט, נאָכן קעשענעװער פּאָגראָם, צו זעלבסשוץ־אַקטן קעגן כוליגאַניזם, נאָר ער האָט געשאַפן שטאַרקע באַזעס פאַר אַ באַנײַטע אויפלעבנדיקע העברעישער שפּראַך און קולטור, הרצל האָט באַלויכטן יידישע הערצער מיט זײַנע פּלאַניקע פרײַהייט־וויזיעס און ביאַליק האָט געגעבן זײַן גרויסן גײַסטיקן צושטײַער צו דער אויפלעבונג פונעם העברעישן גײַסט אינעם יידישן פאָלק, געבנדיק מיט אַ ברייטע האַנט אַ טייל פון זײַן גײַסטיקע שעפערישקייט, פון זײַנע פּאָעטישע שאַפונגען, דער יידישער שפּראַך און קולטור.

ביידע מנהיגים וועלן גײַסטיק לעבן אין אַלע יידישע דורות און זייערע לערערס וועלן דינען ווי סטימול־כוחות אויף אָפּצוהיטן די דערגרייכטע גאולה און די קולטור־ווערטן פון אייביקן יידנטום.

פּונקט ווי הרצלס געדאַנקען וועלט איז געוואָרן אַ רעאַליטעט, אַזוי איז ביאַליקס פּאָעטישער ווונטש צו זײַן דער „דור אחרון לשעבוד וראשון לגאולה אַנחנו", דער לעצטער דור פון קנעכטשאַפט און דער ערשטער צו פרײַהייט, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אונדזערע טעג אין אַ וווּנדערלעכער ווירקלעכקייט.

# א. ד. גאָרדאָן — דער מוסטער־ייד פון אַ חלוצישער אַרבעטס־רעליגיע

### (צו דעם 40טן יאָרצײַט פונעם שעפער פון „דת־עבודה")

— א —

## ה ר צ ל  און א. ד. גאָרדאָן

פון אַן אַסימילירטער סביבה איז הרצל אַרײַן מיט פּאָליטישן שטורעם אין דער נײַער ייִדישער געשיכטע און באַלד באַקומען אַן אַלט־ביבלישע מיסיע באַצייכענונג: „חוזה", ער איז ביים פאָלק געקרוינט געוואָרן אַלס דער נביא און אָנזאָגער פון ייִדישער גאולה, וועמעס חזיונות פון אַ מאָדערנעם ציוניסטישן ביאת המשיח, אויסגעלאַכטע פון אַ רבים און באַוווּנדערטע פון אַ מעטים, זײַנען רעאַליזירט געוואָרן אין אונדזער דור, פאַר אונדזערע אויגן. אהרון דוד גאָרדאָן איז געקומען צום ציוניזם פון די געפּלאָגטע ייִדישע מאַסן פון צאַרישן רוסלאַנד, ער איז אַרײַן אין דער ציוניסטישער אידעען וועלט פון אַ נאַציאָנאַלער סביבה, שטיל אָן רעש,,, מיט אַ קול דממה דקה, ער האָט נישט אויסגעוויקלט פאַר קיינעם קיין שום נײַעם פּאָליטישן פּראָגראַם, ווײַל די רעאַליזאַציע פון הרצלס געדאַנקען פון זײַן וויזיע וועגן ייִדישער מדינהשאַפט, האָט א. ד. גאָרדאָן געטראַכט, איז נישט אָפּהענגיק פונעם גוט אָדער שלעכטן רצון פון וועלט־הערשער. נישט אין דער מאַכט פונעם טערקישן סולטאַן, נישט אין דער אַלמעכטיקייט פונעם גערמאַנישן קייסער, נישט אין דער הסכמה פון דעם רוסישן פּלעווע האָט זיך געפינען דער צויבער־שליסל צו אונדזער מלוכהשער זעלבסטשטענדיקייט. די פאַרווירקלעכונג פון הרצלס אידייען זײַנען געווען אָפּהענגיק פון איין און איינציקן פאַקטאָר: אָדער דאָס ייִדישע פאָלק וועט פון זיך אַרויסגעבן טויזנטער און צענדליקער טויזנטער א. ד. גאָרדאָנס, אָדער די הרצליאַנישע פרײַהייטס־חלומות וועלן זיך ווידער פאַרוואַנדלען אין פאַנטאַסטישע מעשהלעך וועגן די טרוימער פון אונדזער פאָלקס־באַפרײַונג.

א. ד. גאָרדאָן האָט תופס געווען דעם מהות פון אונדזער לעבן און דעם אמת פון הרצלס קאַמף. ס'איז גאָרנישט לײַכט די אויפגאַבע פון איבערדערציִען אַ

פאָלק, אָדער געוויסע טײלן זײַנע, צו גרויסע מעשים אַן אַ פּערזענלעכן בײַשפּיל, אָן אַ ווירדיקן מוסטער. אַ נחשון מוז דער ערשטער אַרײַנשפּרינגען אין ים, כדי דאָס וואַרטנדיקע און אָפּוואַרטנדיקע פאָלק ביים ברעג זאָל דערנאָך קענען שפּאַלטן אפילו צעשטורעמטע כוואַליעס אויף אַרײַנצוקומען אינעם צוגעזאָגטן לאַנד, אויך מאָדערנע אידעען, וואָס ווערן אָנגעשריבן אויף פּאַפּיר אין פאָרם פון „מדינת היהו־דים", נויטיקן זיך אין רעאַליזירער, אין נחשונס, וואָס ווײַזן די ערשטע דעם וועג און ווערן אַ קאָלעקטיווער מוסטער פאַר מיליאָנען ייִדן. א. ד. גאָרדאָן איז געוואָרן, דורך זײַן פּערזענלעכן עליה בײַשפּיל, אין עלטער פון קרוב 50 יאָר, ווי דורך זײַן לערע, דער רבי פון אַ נײַער שיטה, דער שעפער פון אַ חלוצישער אַרבעטס־רעליגיע, וועמעס סאָציאַלער אינהאַלט איז באַזירט אויף פּרינציפּן פון עבודה־עצמית, עזרה הדדית, העכסטער יושר און אומגעפעלשטער צדק, דערציִען דעם ייִדישן יחיד צו שלימות, אויסוואָרצלען אין אים דאָס עגאָיִסטישע, די פּוסטע גאווה און אָנפילן דעם ליידיקן מוח און דאָס פאַרשטיינערטע האַרץ מיט אַ שפע פון אייִדעלע שטרעבונגען, מיט געפילן און געדאַנקען פון בין אדם לחברו־ליבע, כדי מיליאָנען אַזעלכע יחידים זאָלן בילדן דעם ייִדישן פאָלקס־כלל און דאָן דערנענטערט מען זיך מיט ריזיקע שריט צום געבענטשטן גרויסן טאָג פון פּראָקלאַמירן אַ ממלכת כוהנים וגוי קדוש ־ תקופה, וואָס פאַרייניקט אין אַ פעסטן קשר אַ מוסטער־פאָלק מיט אַ מוסטער־מדינה.

הײַנט קאָן יעדער ייִדישער בר דעת פאַרשטיין דעם אינהאַלט פונעם אמת, אַז הרצל איז געווען און וועט פאַרבלײַבן דער שעף און דער שעפער פונעם פּאָ־ליטישן ציוניזם און געניאַלער אַרכיטעקט פון דער ייִדישער מדינה און א. ד. גאָרדאָן איז געווען און וועט אויף אייביק פאַרבלײַבן אין אונדזער פאָלקס־זכרון דער שעפער פון אַ נײַער חלוצישער אַרבעטס־רעליגיע, דער באַגרינדער און גרינדער פון אַ דת־עבודה לערע, וואָס האָט געהאַט און וועט נאָך האָבן אין דער צוקונפט דעם דאָפּלטן כוח: מכשיר צו זײַן צענדליקער טויזנטער ייִדי־שע בחורים און בחורות אַלס חלוצים, וואָס זײַנען גרייט צו די גרעסטע קרבנות פאַרן פאָלק און לאַנד, דער עיקר, צו פאַרוואַנדלען הרצלס שטרעבונגען אין מדינת היהודים פּראָיעקטן אין אַ לעבעדיקער גאולה־ווירקלעכקייט.

די גרויסקייט פון הערצלען איז אויסגעהאַמערט אין דעם היסטאָרישן פאַקט, וואָס ער האָט געהאַט דעם גרויסן גײַסטיקן כוח אָוועקצורוקן דעם גיגאַנטישן גלות־שטיין, וועלכער איז קנאַפּע 2.000 יאָר געלעגן אויפן קאָלעקטיוון האַרץ פון מיליאָנען ייִדן אין אַלע צײַטן און אין אַלע דורות, וועלכער האָט נישט דער־לאָזט, אַז די אָנגעזאַמלטע ציון־בענקעניש, די גאולה שטרעבונגען און מעכטיקע פרײַהייטס-פאַרלאַנגען, זאָלן זיך מאַניפעסטירן כלפי חוץ און כלפי פנים. די דאָזיקע ענערגיעס האָבן זיך געפינען אין אַ לעטאַרג־צושטאַנד ביז ס׳איז געקומען דער שעפער פון פּאָליטישן ציוניזם און האָט זיי באַפרײַט פון זייער פאַרגלי־

ווערטקייט און דער דאָזיקער קאָלעקטיווער מיט ציון אָנגעפולטער יידישער האַרץ־ברונעם, האָט פאַרפלייצט די יידישע ישובים איבער דער גאַנצער וועלט, סיי אין ציבורדיקן זין, ווי מיליאָנען יידן, אין יחידישן זין; מיט די הייסע שטראָמען פון נצח ישראל אידעאַלן, מיט גרויסע האָפענונגען אויף נאַציאָנאַלער דערלייזונג. די גרויסקייט פון א. ד. גאָרדאָן באַשטייט אָבער אין דעם, וואָס ער האָט געהאַט דעם גרויסן מאָראַלישן און גייסטיקן כוח צו אָריענטירן די יידישע יוגנט, גרויסע יידישע מאַסן, זיך צו באַפרייען פון גלות שפלות, זיך צוריק צו דערנענטערן צו דער נאַטור, זיך אויסלערנען האַלטן דעם אַקעראייזן אין דער האַנט און בויען אַ נייע גערעכטע יידישע געזעלשאַפט אין ישראל. גאָרדאָן אַנטוויקלט נישט קיין אידעען פון „סטיכישע פּראָצעסן" פון אַ „סאָציאַליסטישע מאַכט", ער איז דורכגעדרונגען מיט דער העכסטער איבערצייגונג, אַז דער יידישער יחיד דאַרף אַליין דורכמאַכן אַ הכשרת־לב פּראָצעס, כדי צדק און סאָציאַלער יושר זאָלן זיין זיינע אייגענע באַגלייטער. דר. נחמן סירקין פלעגט זאָגן: „איך שטיי יעדן טאָג אויפן כרמל־באַרג און קוק אויפן ים פון חיפה צו זען צי יידן קומען מיטן סטיכישן פּראָצעס", דאָס איז געווען די נעגאַציע פון אַ באָראָכאָוויסטישע איינשטעלונג וועגן עליה. א. ד. גאָרדאָן, פונקט ווי יוסף וויטקין, האָבן גערופן צו אַן אָרגאַניזירטער עליה פון יונגע אידעאַליסטישע יידן און איבער שטעט און שטעטלעך פון דעם גרויסן צאַרישן רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּראָצעס פון הכשרה און עליה. טויזנטער יוגנטלעכע האָבן פאַרלאָזט באַקוועמע היימען, לייכטע אַרבעט, דאָס צערטלעכקייט פון מאַמעס. די זאָרג פאַר קינדער מצד טאַטעס, איבערגעלאָזט מיטלשולן און אוניווערזיטעטן; שוועסטער, ברידער און סביבה, כדי די לערע פון א. ד. גאָרדאָן וועגן הגשמה עצמית זאָל באַקומען אַ רעאַלן תיקון, דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן די גרעסטע פּסיכאָלאָגישע און יידיש־נאַציאָנאַלע רעוואָלוציע אינערהאַלב דעם יידישן פאָלק אין די תפוצות. דאָס איז געווען אַ פרידלעכער אויפשטאַנד קעגן גלותיזם, קעגן דער פּוסטער פּראַזאָלאָגיע פון „בונד" און אַנדערע „סאָציאַליסטיש־יידישע" גרופּן, וואָס האָבן געזען אין דער „מאַכט פונעם פּראָלעטאַריאַט". די ישועה פאַר דער מענטשהייט, במילא פאַר יידן. גאָרדאָניזם האָט געשטרעבט צו דער פאַרפולקאָמונג פונעם יחיד, ווייל אַן אומדערצויגענע מאַסע קאָן היינט זיין פּראָ־סאָציאַליסטיש און מאָרגן פּראָ־רעאַקציאָנער. הונדערטער טויזנטער יחידים, וועמעס לעבנס־אינהאַלט וועט זיין יושר און גערעכטיקייט, אויסמיידן צו באַגיין אַן עוולה, אַן אומרעכט קעגן אַ חבר; איינפלאַנצן ליבע און אַכטונג פון איינעם צום צווייטן, דאַן וועט דאָס יידישע פאָלק מיט זיך פאָרשטעלן אַ מוסטער פאַר פעלקער, נישט אָנקומענדיק צו די „לערעס" פון מאַרקסן און נישט באַדאַרפן דינען די רויטע געצן: נעכטן לענין און סטאַלין און היינט קאָסיגין און מאַ־טסע־טונג. אויב באָראָכאָוויסטן גרויסן

זיך מיט דעם, וואָס באָראָכאָוו האָט פאַרייִדישט מאַרקסן, שטעלנדיק אים צוריק אויף די פיס, ווען מאַרקס איז אין באַצוג צו ייִדישע פּראָבלעמען געשטאַנען פאַרקערט, אויפן קאָפּ, אַזוי קענען, הײַנט צו דעם 40־טן יאָרצײַט פון דעם שעפער פון „דת־עבודה", זאָגן מיט שטאָלץ אַלע זײַנע תלמידים אין דער גאָרער וועלט און זײַן ווערק אין ישראל; איז אַ עדות אַז א. ד. גאָרדאָן, דער מוסטער־ייִד, דער עטישער מענטש, דער באַגרינדער און שאַפער פון אַ חלוצישער אַרבעט־רעליגיע וואָס וויל האָבן אַ ייִדנטום און אַזאַ ארץ ישראל, אַן אויסנוצער און אַן אויסגענוצטע, האָט מיט זײַן אידעען־רעוואָלוציע אינעם ייִדישן לעבן רעאַליזירט הרצלס אידעען.

— ב —

## אידעען אין שפּיגל פון חלוציזם
## אַ נצחון פון אַ גערעכטן אידעאַל

אַ גערעכטער אידעאַל איז בכוח אפילו אַרײַנצודרינגען אין כאַאָס און פון אים באַשאַפן נײַע וועלטן. דער גאָרדאָניזם האָט באַוויזן, אַז די אידעען־טרעגער זיינען געוואָרן ציוניסטישע אידעען פאַרווירקלעכער. א. ד. גאָרדאָן האָט נאָך אין 1904 פאָרמולירט זײַן אָפּשאַצונג וועגן דער ראָל און אויפגאַבע פון ציון־טרײַע ייִדן. אין אַ בריוו, וואָס ער האָט געשריבן פון ארץ ישראל אין דעם דערמאָנטן יאָר און פאַרעפנטלעכט אין דער צײַטונג „יעוורעיסקאַיאַ זשיזן" (ייִדיש לעבן) זאָגט דער מחבר צום סוף פון זײַן ערשטן בריוו: „ווען ייִדן וואָלטן זיך צוגעהערט צו מײַן אויפריכטיקער אָפּשאַצונג פון ציוניזם, וואָלט איך גערופן יעדן ייִד, ער זאָל קומען אַהער, קיין ארץ ישראל; דאָ צו באַאַרבעטן גאָטס ערד. ציון האָט זיך אומגעקערט צום לעבן און זי דאַרף נישט האָבן די דאָזיקע ייִדן, וואָס זײַנען פאַרזונקען אין גלות. זי דאַרף אַפילו נישט קיין געלט און אַוודאי נישט קיין עצות, אַפילו נישט אין אַ מאָראַלישע הילף. ציון נויטיקט זיך נאָר אין די ייִדן, וועלכע זיינען גרייט צו טראָגן מיט שטאָלץ אונדזער פרײַהייטס־אידעאַל און צו לײַדן פאַר אים". די ווערטער האָט א. ד גאָרדאָן געשריבן כמעט אין דער זעלבער צײַט, ווען דער לערער וויטקין האָט געמאַכט זײַן באַרימטן רוף צו דער ייִדישער יוגנט אין די תפוצות עולה צו זײַן, אָבער בלויז גרופּן האָבן געהערט דעם רוף פון יוסף וויטקין און געציילטע האָבן פאַרשטאַנען די ווערטער פון א. ד. גאָרדאָן און גאָר ווינציקער האָבן דערגרייכט די ברעגן פון יפו. אין אַזאַ צײַט פלעגט דער שעפער פון „דת־עבודה" אַרומוואַנדערן בײַנאַכט, איינער אַליין, איבער די פעלדער פון דגניה און פאַר זיך איבערחזרן דאָס באַקאַנטע ייִדישע פאָלקס־לידל: „אויפן פּריפּעטשיק", נאָר מיט אַנדערע ווערטער:

„אויפן פריפעטשיק ברענט אַ פייערל
און אין האַרץ איז קאַלט,
די אַלטע זיינען שוין פון לאַנג געשטאָרבן,
און די יונגע זיינען אַלט...״

יאָרן זיינען אַוועק און ארץ ישראל האָט זיך אַנטוויקלט, גרויסע קאַדרען חלוצים האָבן זיך דערשלאָגן דורך אַלע וועגן און ימים קיין ארץ ישראל, די אידעען פון הגשמה עצמית און „אנחנו נבנה את הגליל״ האָבן געשלאָגן טיפע וואָרצלען אינעם יידישן לעבן, איבער דער גאַנצער יידישער וועלט האָט זיך שוין געטראָגן דער גייסט און דאָס וואָרט פון ד. גאָרדאָן, און אין 1920 איז אין פּראָג פאָרגעקומען די גרינדונגס־קאָנפערענץ פון דער וועלט באַוועגונג „צעירי ציון־התאחדות״, בראש מיטן מוסטער ייד און מוסטער חלוץ, א. ד. גאָרדאָן. אויף יענער וועלט־אסיפה האָבן די טעאָרעטיקער פון דער דאָזיקער באַוועגונג געשאַפן אַ פּראָגראַם אין וועלכן ס׳געפינען זיך, צווישן אַלע אַנדערע אָריענטיר־ליניעס, אַזעלכע אמתן: „פרייהייט פון יחיד אין די ראַמען פון אַ פולער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער דערלייזונג פון יידישן פאָלק״.

היינט ווען מיר דערמאָנען א. ד. גאָרדאָן, דעם גרינדער און באַגרינדער פון אַ חלוצישער אַרבעטס־רעליגיע, צו זיין 40טן יאָרצייט, נויטיקט זיך נאָכאַמאָל דאָס יידישע פאָלק אין זיין אַוואַנגאַרד — די ציוניסטישע באַוועגונג אין דער פולער אויפלעבונג פון גאָרדאָנס גייסט און לערעס, וואָס פאַרשיט תהומות צווישן ייד און ייד, צווישן חבר און חבר און פורעמט אויס אַ פאָלק פון מאַמינים און מגשימים.

# אַ פאַרדינטע באַערונג פאַרן בר אוריין, און גייסטרייכן פען־מענטש, יוסף מענדעלסאָן

אין פרקי אבות משנה ט׳ שטייט געשריבן: „ר׳ יוחנן בן זכאי קבל מהלל ומשמאי. הוא היה אומר: אם למדת תורה הרבה אל תחזק טובה לעצמך כי לכך נוצרת״, ר׳ יוחנן בן זכאי האָט מקבל געווען פון הלל און שמאי. ער פלעגט זאָגן: אויב דו האָסט געלערנט תורה זאָלסטו נישט האַלטן דאָס גוטע פאַר זיך, וואָרום צוליב דעם ביסטו באַשאַפן געוואָרן.

ר׳ יוסף מענדעלסאָן געהערט אָן ספק צו דער קאַטעגאָריע תלמידי חכמים, וועלכע באַהאַלטן נישט פאַר זיך אַליין די תורה, נאָר דערמעגלעכט, אַז הונדערטער און טויזנטער זאָלן שעפּן פון זיינע גייסטיקע קוואַלן, זיך אָפּפרישן אין דעם ים פון זיין וויסן און באַרייכערן דעם געדאַנק, די מחשבה מיט די אומאויסשעפּלעכע אוצרות פון תרבות ישראל כדי צו רעאַליזירן אין לעבן דעם שטילן געבאָט פון מרביץ תורה זיין ברבים.

ר׳ יוסף מענדעלסאָן, דער בר אוריין מורה־דרך, מחנך און דעקאַן פון היגן יידישן און העברעאישן זשורנאַליזם, האָט אויף אַלע געביטן פון גייסטיק־שעפע־רישע לייסטונגען געשלאָגן דעם גרעסטן רעקאָרד, צענדליקער יאָרן האָט דער דאָ־זיקער פען־מענטש פאַרשפּרייט דורך זיינע ספרים, טויזנטער אַרטיקלען און עסייען, הויכע געדאַנקען, מאָראַלישע לערעס, נאַציאָנאַלן אינהאַלט; ציוניסטישע אידעען און פּרינציפּן, ער האָט אין זיין טאָג־טעגלעכער זשורנאַליסטישער אַרבעט גענומען שטעלונג צו אַלע פּראָבלעמען פונעם אַרגענטינער יידנטום און זיין מיינונג איז געווען און פאַרבליבן אַ ריכטליניע אינעם היגן ישוב. זיינע אָפּשאַצונגען איבער דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, איבערן יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן, איבער דער ציוניסטישער אַרבעט אינערהאַלב דער היגער יידישער קאָלעקטיוויטעט, האָבן געוואָרפן בריקן צווישן אונדז און דעם וועלט־יידנטום, דורך זיין גייסטרייכער פעדער זענען מיר נאָענט געוואָרן צו אַן אַלזייטיקער טעמאַטיק, וואָס וואָרצלט אין אונדזער לעבן און וואָס נעמט אַרום אַלץ, פון באַפרוכפּערן דאָס יידנטום אין אַרגענטינע מיט ציון־אידעאַלן ביז צו דער אָנרעגונג זיי צו רעאַליזירן. אַלס מחנך האָט ר׳ יוסף מענדעלסאָן אויפגעשטעלט אַ יונגן דור פון תלמידים און לערער,

וועלכע גייען אין די וועגן פון זייער גרויסן רבין, פאַרשפרייטנדיק תורה אין זייערע היימען און צווישן יידישע קינדער.

ר׳ יוסף מענדעלסאָן איז נישט נאָר געווען אַ נאה דורש בנוגע יידישקייט און קיום האומה אויפגאַבן, ער איז דער עיקר געווען אַ נאה מקיים פון די דאָזיקע גרויסע צילן פון אונדזער דור און וואויל איז צו אַזאַ גייסטיקן לערער, וואָס האָט אַלע זיינע טעג און יאָרן אויסגעפולט מיט גייסטיקע מעשים. דער היגער אָרגאַניזירטער יידישער ישוב, זיינע לערער און תלמידים, די אינסטאַנצן פון חינוך און זיינע פאַרערער האָבן אים אָפגעגעבן כבוד. שליס איך מיך אָן אין אַלע ברכות און ווינטש דעם מלומד, ר׳ יוסף מענדעלסאָן, אריכת ימים ושנים באַגלייט פון אַ סך גייסטיקע און תורה־שעפערישע ליסטונגען.

# 53 פרוכטבאַרע יאָרן אַרבעט פאַרן רעיון הציוני
# פון מנחם געלערטער

דער נאָמען און די געבענטשטע אַקטיוויטעטן פון דעם טײַערן ייִד און ציוניסט, מנחם געלערטער, שטעלן מיט זיך פאָר פּרעכטיקע און אינהאַלטסרײַכע פּרקים פון אַזאַ בוך, וואָס דאַרף ערשט געשריבן ווערן און פון יעדער שורה און בלאַט וועט אַרויסשטראַלן די דאָזיקע שיינע ציוניסטישע פּערזענלעכקייט, זײַן טיפער ייִדישער און ציוניסטישער וויסן, זײַן טרײַשאַפט צו ייִדן, און זײַן אומבאַגרענעצטע אהבה צו ארץ ישראל און צו ר׳ ישראל.

פון מנחם געלערטערס 32 יאָרן לעבן אין ישראל, האָט ער ח״י יאָרן (18) אָפּגעגעבן דעם לאַטיין אַמעריקאַנער ייִדנטום און ציוניזם, שטייענדיק קנאַפּע צוויי צענדליק יאָרן אין שפּיץ פון דער אָפּטיילונג אינעם אָרגאַניזאַציע־דעפּאַרטאַמענט פון דער ציוניסטישער וועלט־עקזעקוטיווע פאַר דרום־ און צענטראַל־אַמעריקע.

מנחם געלערטער האָט אין דעם דאָזיקן צײַט־אָפּשניט געזוכט זײַנע ברידער אין לאַטיין־אַמעריקע, ער האָט זיי געפונען דורך זײַנע אָפטע באַזוכן, קומענדיק אין אוממיטלבאַרן קאָנטאַקט מיט אַ סך ייִדן, וועלכע האָבן אין אים דערפילט דעם „אחיך אתה, דו ביסט אונדזער ברודער, בלוט פון אונדזער בלוט און פלייש פון אונדזער פלייש און ער איז געוואָרן אייגן און היימיש. ווער נאָך ווי מנחם האָט פאַרשטאַנען זייערע ייִדישקייט־שוועריקייטן, זייערע ראַנגלענישן אויפן פראָנט פון חינוך הבנים, ער האָט געשטאַרקט זייער מוט און זיי גערופן צום ציוניזם, אײַנפלאַנצנדיק ליבע און טרײַשאַפט צו דער ייִדישער מדינה. אוודאי האָט מנחם געלערטער פון זײַן אַרבעטס־צימער אין ירושלים געשטאַרקט די קשרים מיטן ייִדנטום אין לאַטיין־אַמעריקע, ער איז פאַר זיי געווען און פאַרבליבן אַ מסביר און אַ מדריך, אַ וועקער און אַ מאָנער, אָבער קיינמאָל איז ער נישט געווען בבחינת אַ מוכיח. אמת, ער האָט אָנגעשריבן אַ וויכטיקע אַרבעט: „היהדות ביבשת מסוערת", „דאָס ייִדנטום אויף אַ צעשטורעמטן קאָנטינענט", ווו ער ברענגט אַרויס דעם שטילן און טיפן אומרו פון אַ ייִדנטום וואָס לעבט אויף דעם טייל פונעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט, ווו עס קומען פאָר אָדער עס וועלן פאָרקומען גרויסע סאָציאַלע און פּאָליטישע געשעענישן, וועלכע וועלן נישט פאַרשוינען די דאָזיקע ייִדישע ישובים, וואָס געהערן צום ייִדישן מאָרגן, בעת דאָס ייִדנטום פון אייראָפּע איז נאָר געבליבן אַ שאָטן פון דעם ייִדישן נעכטן.

מנחם געלערטער שרײַבט מאמרים, אין וועלכע דער לייענער געפינט אַן אַקטועלע צײַט־פּראָבלעמאַטיק, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט באַלערנדיקער אָריענטאַציע צו ישראל און צום ציוניזם. ווער עס קאָן פון דעם נאָענט, אַזוי ווי דער שרײַבער פון די שורות, די אינהאַלטסרײַכע יידישע און ציוניסטישע לעבנס־געשיכטע פון מנחמען, ווייסט, אַז שוין אין יאָר 1913 הויבט ער אָן, נאָך אַלס יונגער בחור, אין דער קלאַסישער רעגירונגס־גימנאַזיע אין סטאַניסלאַוואָוו, זײַן ציוניסטישע טעטיקייט פאַרן קרן קימת הישראל, ווערנדיק דערפאַר אויסגעשלאָסן פון די מלוכהשע מיטל-שולן. ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון „השומר הצעיר“ אין סטאַניסלאַוואָוו און ווערט אויסגעוויילט אין דער הנהגה הראשית פון דער דערמאָנטער באַוועגונג. אין דער צײַט פון דער מערב־אוקראַינישער ממשלה אין יאָר 1918 האָט מנחם געלערטער גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די וואַלן צום „יידישן נאַציאָנאַל־ראַט“, וואָס איז געווען אַן אנערקענטע יידישע רעפּרעזענטאַנץ ביי דער אוקראַינישער רעגירונג.

מנחם געלערטער איז געווען איינער פון די מיטגלידער פון דער „החלוץ“־באַוועגונג און דער גרינדער פון דער ערשטער הכשרה־פאַרם. אין אָנהויב פון דער דריטער עליה. אין זומער פון יאָר 1920 איז מנחם געווען אַקטיוו אינעם וועד הליה און פון דאַנען האָט ער עולה געווען קיין ישראל און זיך אָנגעשלאָסן אין די רייען פון „הפּועל הצעיר“, וועמענס אָנפירער יוסף אַראָנאָוויטש און נחום טווערסקי האָבן אים געשיקט אין דעם אַרבעטס-לאַגער פון יבנה, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ נעסט פון קאָמוניסטן, אָנפירנדיק קעגן זיי אַ גרויסע אויפקלערונגס־אַקציע פאַר די צילן פון חלוצישן ציוניזם. אין חנוכה פון זעלבן יאָר האָט זיך מנחם באַטייליקט אין דער גרינדונג פון דער „הסתדרות העובדים“ אין חיפה. מנחם געלערטער האָט צוליב פאַרשידענע סיבות, משפחהדיקע און ציבורדיקע, באַדאַרפט צוריקקומען קיין פוילן און ווידער איז ער אַקטיוו אין סטאַניסלאַוואָוו פאַר קרן היסוד אין יאָר 1921, ווערנדיק דער דירעקטאָר פון דעם ביוראָ פון קרן היסוד אין דער דערמאָנטער שטאָט ביז סוף 1926. ער איז געווען צווישן די גרינדער פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי „התאחדות“ (הפּועל הצעיר־צעירי־ציון) אין סטאַניסלאַוואָוו און איינער פון אירע ערשטע בויער אין מזרח-גאַליציע. אויף דעם לאַנד־צוזאַמענפאָר פון „התאחדות“ איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס איר גענעראַל־סעקרעטאַר פאַר מזרח-גאַליציע. ער איז געווען דעלעגאַט צו דער פּראָגראַמאַטישער וועלט־קאָנפערענץ פון „התאחדות“ אין בערלין, אין יאָר 1923 האָט ער געלייגט יסודות פאַר דער „גורדוניה“־באַוועגונג אין גאַליציע און זייער אַ סך אַקטואירט אין די רייען פון „יד חרוצים“ — די גרויסע אָרגאַניזאַציע פון יידישע בעלי מלאכה, אַרײַנברענגענדיק צו זיי דאָס וואָרט פון ציון און די האָפענונג פון יידישער גאולה דורך אַן אויפגעבויטער ארץ ישראל.

פון יאָר 1927 — 1934 איז מנחם געלערטער געווען לערער אין דער

„תרבות־גימנאַזיע אין ראָוונע, די הויפּטשטאָט פֿון וואָלין. דער צענטראַל־קאָמיטעט פֿון „תרבות״ אין פּוילן האָט אים באַפֿולמעכטיקט אויסצואַרבעטן אַ לימוד־פּראָגראַם פֿאַר די העברעיִשע מיטל־שולן. אין דער זעלבער צײַט איז ער געווען גענעראַל סעקרעטאַר פֿון ראַיאָן־קאָמיטעט „תרבות״ אין וואָלין, וואָס האָט אַרומגענומען 53 העברעיִשע שולן.

אין ראָוונע האָט מנחם דורכגעפֿירט גרויסע קרן היסוד־אַקציעס צוזאַמען מיט לייב יפהן, דר. אַלכסנדר גאָלדשטיין און, יבדל לחיים, ברוך צוקערמאַן. מער ווי איין מאָל איז מנחם געווען דער באַפֿולמעכטיקטער וואָרטזאָגער פֿאַר די רעגירונגס־באַהערדן אין וואָלינער און לוצקער ראַיאָנען, ווו ער האָט מבטל געמאַכט פֿאַרשידענע גזירות אויף ייִדן מצד די לאָקאַלע אַנטיסעמיטישע מאַכט־האָבער. גלײַכצײַטיק האָט ער געגומען פֿאַרעפֿנטלעכן פֿאַרשידענע אַרטיקלען אין דער ייִדישער און העברעיִשער פּרעסע אין פּוילן — אַרטיקלען אויף ציוניסטישע און אַנדערע ייִדישע טעמעס, וועמענס אינהאַלט האָט שטענדיק געצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿונעם בעסערן לייענער.

אין חודש נאָוועמבער 1934 האָט מנחם געלערטער נאָכאַמאָל געמאַכט עלייה און אין זײַנע 32 גליקלעכע ארץ ישראל־יאָרן האָט ער, מיט וואָרט און טאַט, געהאָלפֿן דעם אויפֿבוי פֿון דער ייִדישער מדינה, דינענדיק באהבה וברצון, בקדושה ובטהרה, די אידעאַלן פֿון ישראל סבא, ווי פֿון דעם אומגעפֿעלשטן ציוניזם.

מנחם געלערטער האָט פֿאַרענדיקט דאָ נישט לאַנג זײַן געבענטשטע טעטיקייט אינעם אָרגאַניזאַציע־דעפּאַרטאַמענט נאָך 18 יאָר פֿון מסירת־נפשדיקע אַקטיוויטעטן. ער פֿאַרלאָזט נישט די אַרבעט, אָדער דעם אַמט צוליב דער איצטיקער רעאָרגאַניזאַציע אינערהאַלב דער ציוניסטישער וועלט־עקזעקוטיווע. ער פֿאַרלאָזט דעם פּלאַץ כדי זיך צוווידמען יחידיש־גרויסע גײַסטיקע אַרבעטס־פּלענער, וואָס וועלן מיטן לויף פֿון דער צײַט ווערן דער קניין פֿון ייִדישע מאַסן.

מנחם געלערטער האָט שוין פֿון זײַן שעפֿערישן לעבן אָפּגעגעבן דעם רעיון הציוני 53 פּרוכטבאַרע יאָרן פֿון אומאיבערגעריסענע לייסטונגען. באַגלייטן מיר אים מיט אונדזערע בעסטע ברכות, ווינטשנדיק דעם דאָזיקן טײַערן חבר און האַרציקן ייִד, דעם מאמין אין ייִדישער נצחיות, לאַנגע יאָרן פֿון גײַסטיק־שעפֿערישע אַרבעטן צום דינסט פֿון ייִדישן פֿאָלק, פֿון דעם רעיון הציוני, וואָס אין ביידע איז פֿאַרקערפּערט די ייִדישע גאולה דורך מדינת ישראל.

# אַ שעפּעריש לעבן צום דינסט פון כלל

מורי ורבי, ר׳ משה שענדעריי,
חשובע פאָרשטייער פון אינסטיטוציעס און פון דער יידישער פּרעסע.

טייערע פריינט:

אַרומגערינגלט פון תלמידים, פריינט, פאַרערער, פייערן מיר היינט דורך אַ פשוטער פאַרזאַמלונג, אויף דעם איינפאַכסטן און באַשיידנסטן אופן, דעם 75טן יאָרטאָג פון ר׳ משה שענדעריי, כדי ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט צו ברענגען צום פולן אויסדרוק, די דאַנקבאַרקייט פון טויזנטער און טויזנטער יידן, פון הונ־דערטער און הונדערטער תלמידים, פון צענדליקער לערער, פון גאַנצן לאַנד, צו זייער גייסטיקן מורה דרך, צו זייער לערער און קולטור אָריענטירער, צו דעם באַגאַבטן פען־מענטש פון יידיש־נאַציאָנאַלן דענקענדיקן ייד און ציוניסט, ווי דאָס איז אונדזער יונג־אַלטער און אַלט־יונגער ר׳ משה שענדעריי, וועמען מיר וויג־טשן שעפערישקייט און גייסטיקע פרישקייט, באַגלייט מיט געזונט און פון זיין ליבע פרוי און פונעם הויזגעזונד, עד מאה ועשרים שנה.

ביי דעם היינטיקן צוזאַמענקונפט גיבן מיר אָפּ אַ באַזונדערן פאַרדינטן כבוד דער געשעצטער פרוי פאַני שענדעריי, דער טרייער לעבנס-באַגלייטערין פון אונדזער בעל היובל, די דאָזיקע מוסטערהאַפטע יידישע פרוי, די ציון באַ־וווסטזיניקע חברה, האָט אָן שום ספק, מיט אַן אידעאַליסטישער איבערצייגונג און אינהאַלט, געגעבן איר גרעסטן צושטייער, איר ווערטפולסטן סטימול צו איר מאַנס אַלזייטיקע לייסטונגען, צו זיינע גייסטיקע אַקטיוויטעטן, סיי אַלס זשור־נאַליסט און שרייבער, סיי אַלס גאָט געבענטשטער רעדנער און מחנך והן אַלס וועגווייזער און געשיכטע־שרייבער פון אונדזער ישוב, ווי פון אַנדערע יידישע ישובים.

מיר זעען אין איך, פרוי פאַני שענדעריי, אַ אמתע פערזאָניפיצירונג פון דער שיר השירימדיקער אשת חייל, פון אַ מוסטערהאַפטע יידישע מאַמע און ביישפילפולע לעבנס באַגלייטערין פון אַ שפע ברכהדיקן טאַלאַנט, פון אַ יידישן מנהיג, געבענטשט מיט גאונות, ווי דאָס איז אייער מאַן, ר׳ משה שענדעריי, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געשטעלט אין רשות פון הויכע יידישע אידעאַלן, דינענדיק תחיית העם און בניין המולדת אויפגאַבן מיט אַלע פיבערן פון זיין

נשמה, געבנדיק זײַן גרעסטן צושטײַער מיט זײַן וויסן און באַלערנדיק וואָרט צו דער גײַסטיקער און ציוניסטישער אַנטוויקלונג פונעם אַרגענטינער ייִדנטום, ווי פון אַ סך ישובים אין לאַטיין אַמעריקע.

מיר ווינטשן אײַך, געשעצטע פרוי שענדעריי, אַז דער שכר פון אײַער מיט־אַרבעט זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אריכת ימים ושנים צוזאַמען מיט אײַער מאַן פאַר גײַסטיקער שעפערישקייט, באַגלייט פון פערזענלעכן גליק.

אין די ליטעראַרישע קרײַזן פון פאַר דער 2טער וועלט־מלחמה האָט זיך געפירט אַן אינטערעסאַנטע דיסקוסיע וועגן דעם טיפן און גרויסן אונטערשייד צווישן צוויי סאָרטן שרײַבער. צווישן דעם פען־מענטש, וואָס זיצט אָפּגעשלאָסן בײַ זיך אין קאַבינעט און שרײַבט רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור פאַר די מאַסן, אין וועלכער ער רופט אויסצורײַסן מיטן וואָרצל דאָס שלעכטס, צו בויען אַ נײַע גערעכטער געזעלשאַפט, אָבער ער אַליין, דער מחבר פון דער דאָזיקער געוואַגטער ליטעראַטור, קומט נישט אין קאָנטאַקט מיט זײַנע לייענער, ער געפינט זיך נישט מיט זיי אויף די באַריקאַדן פון קאַמף פאַר מער יושר און פאַר מענטשלעכער ווערדע, דער דאָזיקער שרײַבער האָט טאַקע באַוויזן אָנצוצינדן אַ רעוואָלוציאָנערן פלאַם, אַפילו אַ פײַער בײַ טויזנטער באַקריוודעטע מענטשן, אָבער אים אַליין זעט מען נישט גיין פאָרויס אין געראַנגל פאַר זײַנע אידעען, ער איז זיך געבליבן זיצן אין זײַן שרײַבערישן קאַבינעט און האָט פון זײַן שרײַבטיש געוואָלט מתקן זײַן וועלטן, עס איז אָבער פאַראַן אַ צווייטער סאָרט שרײַבער, וועלכער אָריענטירט און לערנט, ער שרײַבט טאַקע אָן אַ רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור, אָבער ער איז נישט אײַנגעשלאָסן אין זײַנע דלד אמות פון שרײַב־צימער, דער דאָזיקער ברויזנדער קאַמפס־גײַסט, וועלכער פֿיבערט מיט אַלע פיבערן פון זײַן איידעלער נשמה פאַר גערעכטיקייט צו זײַן פאָלק. אַזאַ שרײַבער גייט האַנט בײַ האַנט מיט זײַנע לייענער, וואָס ער איז געווען בכוח צו פאַרוואַנדלען אין קעמפער, אין אידעאישע מענטשן. אַזאַ שרײַבער גייט פאָרויס פאַר דער מחנה און ווערט אַ מוסטער קעמפער, וואָס צינדט אָן האָפענונגען אין הערצער, עקש־נותדיקן געראַנגל אין די בלוטן און עפּעס אַ נײַער גײַסט פון מוטיקע העלדן, נעמט שולט זיין אין די רייען פון די טרוימער און קעמפער, ווײַל מיט זיי געפינט זיך, נישט נאָר דער אידעאָלאָג און שרײַבער פון אַ ליטעראַטור פאַר יושר און צדק, נאָר ער אַליין געפינט זיך אויף דער פּאָזיציע פון אַ טרײַעם וועכטער, פון אַ באַריקאַדן־קעמפער, וואָס איז אַליין דער לעבעדיקער בײַשפּיל פון דעם אופן, ווי אַזוי אידעען דאַרפן באַקומען אַ תיקון, ווי אַזוי זיי קענען רעאַליזירט ווערן.

דער אײַנשטימיקער אורטייל אינעם דערמאָנטן וויכוח איז געווען אַ קלאָ־רער, אַז נאָר אַזאַ שרײַבער, בײַ וועמען דאָס וואָרט גייט געפלאָכטן מיט מעשים און ס'איז נישטאָ קיין תהום צווישן דעם רעוואָלוציאָנערן וואָרט און צווישן זײַן

טאַט, דער פאַרדינט זיך דעם בכבודיקן טיטל פון אַ מחנך־ און זעלבסט־קעמ־פער פאַר זײַנע אידעאַלן.

ר׳ משה שענדעריי געהערט בלי ספק, צו דער דאָזיקער געוואַגטער שרײַ־בערישער קעמפער מחנה, וואָס פאַרשליסט זיך נישט אין דער אייגענער שטוב, זיצט נישט אַ פאַרשלאָסענער אין זײַן שרײַב־צימער און שרײַבט רעוואָלוציאָנערע יידישע און ציוניסטישע ליטעראַטור פאַר אַנדערע. ווער עס לייענט איבער זײַן אויטאָביאָגראַפיש בוך: „דער לעבנסוועג פון אַ דאבריאַנסקי״, זעט פאַר זיך אייגעם, וואָס פון זײַן פריעסטער יוגנט איז ער קעמפעריש און פאַרגלויבט אין אידעאַלן. שענדערייס 60־יאָריקע פעדאַגאָגישע, זשורנאַליסטישע און שרײַבערי־שע אַקטיוויטעטן, אײַנגעשלאָסן זײַנע ייִדיש־נאַציאָנאַלע, געזעלשאַפטלעכע און ציוניסטישע אַרבעטן, האָבן באַוויזן, אַז זײַן געוואַגטע פען ברענגט אַרויס קעמ־פערישע געדאַנקען, ער איז דער שרײַבער וואָס וועקט צו חינוך הבנים, אָבער ער אַליין, פון אַ ייק״אַ לערער ביז צו דער „מדרשה״ שטייט אויף דעם ייִדישן דערציִונגס פראָנט, באַוואָפנט מיט אַ טיפן ייִדישן וויסן, מיט לומדות, מיט ערו־דיציע, געשעפּט פון אייגענע ייִדיש־גײַסטיקע קוואַלן, און איז מחנך אַ דור ייִדי־שע יוגנטלעכע. אין טויזנטער מאמרים שרײַבט ר׳ משה שענדעריי וועגן דעם ציוניסטישן געדאַנק און רופט ייִדן מאמינים בני מאמינים צו גאולה מעשים, אָבער ער אַליין באַנוצט זיך נישט מיטן געשריבענעם וואָרט, שענדעריי נעמט אויף זיך דעם יאָך פון אַ ציוניסטישן וואַנדערער, פון אַ ציוניסטישן שליח ציבור און איר קענט אים טרעפן איבער אַלע וועגן פון ייִדישן אַרגענטינע און איבער אַלע שטעגן פון דעם גרויס־ריזיקן ייִדישן לאַטיין־אַמעריקע, ווו אומעטום ברענגט ער צו ייִדן דאָס וואָרט פון ציון, דעם אַנזאָג פון ייִדישער גאולה און די טיפע אמונה אין דער פאַרווירקלעכונג פון די ציוניסטישע אידעאַלן. ר׳ משה שענדעריי האָט דערהויבן זײַן שליחות פאַר ייִדן, צווישן דער ייִדישער יוגנט, צו גאָר הויכע מדרגות, ווײַל ער איז אַליין אַ מאמין, אַז ציוניזם איז די קאָנסטרוקטיווע אידעע אינעם ייִדישן לעבן, דאָס איז דער מקור פון ייִדישקייט און דער ווײַט־נאָענטער עכאָ פונעם עבר און דער זאַמל־צענטער פון אונדזערע גאולה־אַספּיראַציעס אויף דער צוקונפט.

ר׳ משה שענדעריי האָט אָבער אַן אייגענעם דרך אינעם ייִדישן לעבן, אפילו אין דער ציוניסטישער מחנה גייט ער נישט מיטן שטראָם, פאַרקערט, זײַן 60 יאָריקע אַקטיוויטעט אויף אַלע שטחים איז אַ פּערמאַנענטער געראַנגל מיט כוואַ־ליעס, וואָס פאַרשלונגען אָפּטמאָל דעם יחיד פון דער אויבערפלאַך און לאָזן נישט איבער פון אים קיין סימן. אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, מיט אַן אײַ־זערנעם ווילן מיט קלאָרע געדאַנקען, מיט אַ טיפן ייִדישן און ציוניסטישן באַוווסט־זײַן, ווי דאָס איז ר׳ משה שענדעריי, איז גאָרנישט קיין וווּנדער, וואָס ער איז בכוח צו גיין קעגן אַלערליי שטראָמען אינעם היגן, ווי אינעם אַלגעמיינעם ייִדי־

שן לעבן. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס אין זײַן פּערזאָן איז זיך כולל: לומ־דות און וויסן, חכמה און גײַסט, קאַלטער שכל און הייסע יידישע געפילן, פּראַק־טישקייט און פאַנטאַזיע, וויזיע אין זײַן שרײַבן און רעאַליזם אין זײַן טאָג טעג־לעכער אַרבעט פאַר די אידעאַלן פון זײַן לעבן, פאַר ציוניזם, חינוך און בנין מדינת ישראל, דערצו איז ער נאָך געבענטשט מיט אַ פאַלקסטימלעכקייט און יידישער שטאָלץ, מיט פּשטות און גאונות, מיט גײַסטיקן שטאָף פאַר מנהיגות און מיט אַלע סמיכותן אויף וועגווײַזערישקייט.

אין אַ עסיי פון דעם אומשטערבלעכן חיים גרינבערג, ווו ער הייבט אַרויס די גרויסקייט פונעם יחיד, וואָס איז משפיע אויף אַ רבים, געפינען זיך אַזעלכע שורות, וואָס איך ציטיר ווערטלעך:

„מען דאַרף זיך לערנען פונעם בעל שם, אָדער אפשר פון יענע חסידים, וואָס האָבן געזען דעם בעל שם אין חלום. איינער פון זיי האָט זיך גע־חלומט, אַז דער בעל־שם האָט געהאַט אַ וויכוח מיט אר״י הקדוש. יעדער פון די צוויי האָט געהאַט זײַן אייגענעם פּירוש אויף אַ געוויסער שטעלע אין זוהר, האָבן זיי אָפּגעמאַכט צווישן זיך, אַז זיי וועלן פרעגן דעם מחבר פון זוהר, וואָס ער האָט מיט יענעם מאמר געמיינט. ר׳ שמעון בן יוחאי האָט זיי אויסגעהערט און געפּסקנט, אַז דער אר״י הקדוש איז געווען גע־רעכט מיט זײַן אויסטײַטשונג. אָבער דער בעל שם איז ביי זיך נישט קלע־נער געוואָרן, איז ביי זיך נישט אַראָפּגעפאַלן און האָט געזאָגט: אויך ר׳ שמעון בר יוחאי איז נאָכנישט דער פּוסק אחרון, ווײַל געשריבן דעם זוהר האָט ער דאָך מיט רוח הקודש, איז דאָך גאָר דער אמתער מחבר נישט ער, נאָר דער רוח הקודש, האָט ער זיך אָװעקגעלאָזט גלײַך צום רוח הקודש און ביי אים אַליין אָנגעפרעגט, האָט זיך דאָסמאָל אַרויסגעוויזן, אַז רבי שמעון בר יוחאי האָט פאַרגעסן, וואָס דער רוח הקודש האָט דורך אים גע־שריבן און דעם בעל שם׳ס פּירוש איז געווען דער ריכטיקער, ווײַל ער איז געגאַנגען דירעקט טרינקען פונעם קוואַל גופא און נישט פון די כלים וואָס עמיצער אַנדערש האָט געטראָגן צום קוואַל״.

דאָס געזאָגטע איז נאָר אַ משל אויף דער פּערזענלעכקייט פון אַ בעל שם וועגן וועמען אַ חסיד חלומט פון זײַן גרויסן רבין, וועלכער האָט אַן אייגענעם דרך און איז גערעכט מיט זײַן פּירוש און כדי צו זײַן גערעכט, שרעקט ער זיך נישט אָנצופרעגן אפילו דעם רוח הקודש...

ר׳ משה שענדעריי, מעג ער אפילו זײַן אַ מתנגד, ווייסט אָבער זייער גוט, אַז ער פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל חסידים, וועלכע חלומען נישט בײַנאַכט אין טיפן שלאָף, נאָר דווקא אין זייער זײַן וואַך, מיט אָפענע אויגן, פאַרשטייען זיי זייער גוט דעם אייגענעם דרך פון אַ מורה דרך, וועלכער איז אין אַ כסדרדיקן געראַנגל מיטן שטראָם און נאָך יחידי סגולה האָבן אינעם הײַנטיקן דרך דעם

מוט צו קעמפן מיט כוואַליעס פון צעברויזטע ימים אַסימילאַציעס, קאָנפאָר־מיזם, עם הארצות און אינהאַלטסלאָזיקייט אינעם יידישן לעבן. שענדעריי טרינקט פון די אומאויסשעפּלעכע גייסט־קוואַלן פון יידישן פאָלק און ער טרינקט ניט פון פרעמדע כלים, פאַרקערט, ער פילט אָן לײדיקע יידישע כלים מיט אַ סך יידישן וויסן, הויפּטזעכלעך מיט אמונה אינעם יידישן פאָלק און מיט טרײַשאַפט צום העכסטן ווערק פון דעם ציון-אידעאַל צו דער יידישער מדינה.

דער ליבער חבר און לערער, ר׳ משה שענדעריי, האָט דערפאַר אויף זײַן קאָנטאָ אַ גרויסן פּאָזיטיוון באַלאַנס פון אָוועקפירן טויזנטער יידישע קינדער פון פרעמדע קוואַלן, האָט זיי דערווייטערט פון ניט־יידישע אידעאַלן און זיי געגעבן אַן אַלטן, אָבער אַן אייגענעם יידישן ווײַנגאָרטן, אַלט־נײַע יידישע גערטנער, וועמענס ווײַנען אין פרוכטן האָבן נישט פאַרלוירן און וועלן נישט פאַרלירן זייער געשמאַק, טעם און דערנערונגס זאַפטן פאַרן יידישן פאָלק.

ר׳ יוחנן בן זכאי האָט מקבל געווען פון הלל און שמאי דעם דאָזיקן זייער קלוגן זאָג: „אויב דו האָסט געלערנט תורה, זאָלסטו נישט האַלטן דאָס גוטע פאַר זיך, ווארים צוליב דעם ביזטו באַשאַפן געוואָרן”. חבר שענדעריי געהערט אָן שום צווייפל צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע תלמידי־חכמים, וועלכע באַהאַלטן ניט פאַר זיך אַליין די תורה, נאָר האָט דערמעגלעכט, אַז הונדערטער און טויזנטער זאָלן שעפּן פון אירע גײַסטיקע קוואַלן, זיך אָפּפרישן אינעם ים פון זײַן וויסן און אַליין באַרײַכערן זײַן געדאַנק, די יידישע מחשבה מיט די אומ־אויסשעפּלעכע אוצרות פון תרבות וחכמת ישראל, כדי צו רעאַליזירן אין לעבן דעם אימפּעראַטיוו פון מרביץ תורה זײַן ברבים.

ר׳ משה שענדעריי, דער בר אוריין, מורה דרך, מחנך, רעדנער און זשורנאַ־ליסט, האָט אויף אַלע געביטן פון גײַסטיק־שעפערישע לייסטונגען געשלאָגן אַ גרויסן רעקאָרד, צענדליקער יאָרן האָט ער פאַרשפּרייט דורך זײַנע אַרטיקלען, עסייען, אָפּהאַנדלונגען און ביכער, הויכע געדאַנקען, גרונט־פּרינציפּן, ציוניסטישע, אידעען, וועקנדיק דורך זיי אַ סך יידן צו עסקנות בצרכי הציבור, ווי צום נאַציאָ־נאַלן טאַט. ער האָט אין זײַן טאָג־טעגלעכער זשורנאַליסטישער אַרבעט גענומען שטעלונג צו פאַרשיידענע פּראָבלעמען פונעם אַרגענטינער יידנטום, זײַן מיינונג, זײַן שטאַנדפּונקט, האָט ער געקענט געפעלן אָדער נישט, איז געבליבן אַ ליניע און אַ ריכטליניע אינעם היגן יידישן ישוב און אויך אויסערהאַלב זײַנע געאָגראַ־פישע גרעניצן, זײַנע אָפּשאַצונגען איבער יידיש געזעלשאַפטלעכע פראַגן, איבער ציוניסטישע טעטיקייטן, אינערהאַלב דער היגער יידישער קאָלעקטיוויטעט, זײַנען געווען טרעפלעכע. חבר שענדעריי האָט טאַקע נישט אַנטדעקט אונדזער ישוב פאַר דער גרויסער יידישער וועלט, אָבער אַז ער האָט געשטאַרקט די קשרים צווישן אַרגענטינער יידנטום און מדינת ישראל, ווי צווישן דעם יידישן וועלט־פאָלק אין די תפוצות, איבער דעם איז נישטאָ קיין שום ספק, ס׳איז פאַראַן אַ לעגענדע

וועגן אַ פּאַפּירענע בריק נאָך ביאת המשיח, איבער וועלכער ייִדן וועלן קומען קיין ארץ ישראל. אַזאַ פּאַפּירענע בריק איז טאַקע געבויט געוואָרן דורך ציוניס־טישע פּען־מענטשן, וואָס האָבן געחלומט וועגן גאולה פון עם ישראל און וועגן דעם געשריבן, געשילדערט די שיינקייט פון ארץ ישראל, הגם זיי האָבן דאָס לאַנד מיט זייערע פיזישע אויגן נישט געזען. זיי האָבן אויסגעזונגען דעם „בשוב ד׳ את שיבת ציון" ווען דער פּאָליטישער ציוניזם איז אַרײַן אין זײַן ערשטער רע־זאָלוציע־פאַזע. איינער פון די דאָזיקע פּאַפּירענע בריק-בויער איז געווען אונדזער הײַנטיקער באַערטער ר׳משה שענדעריי. מיט זײַן גײַסטרײַכער פעדער זיינען ייִדן אין זייערע קאָלאָניעס, זיינען ייִדישע מענטשן אין די שטעט, איבער דער גרויסער אַרגענטינער טעריטאָריע, באַפרוכפּערט געוואָרן מיט ציוניסטישע האָפע־נונגען, מיט פרײַהייט שטרעבונגען, מיט גאולה בענקעניש. אָבער איבער אַלץ הייבט זיך אַרויס דאָס קרוין ווערק פון דעם טײַערן מחנך, וועלכער האָט אויפ־געשטעלט אַ דור פון תלמידים און לערער וועלכע גייען אין די וועגן פון זייער לערער, פאַרשפּרייטנדיק תורה אין זייערע היימען און צווישן ייִדישע קינדער.

ר׳ משה שענדעריי איז נישט נאָר געווען און פאַרבליבן אַ נאה דורש בנוגע ייִדישקייט און קיום האומה אויפגאַבן, ער איז דער עיקר געווען און פאַרבליבן אַ נאה מקיים פון די דאָזיקע גרויסע צילן פון אונדזער דור. איך וויל מײַנע ווערטער באַלײַכטן מיט אייניקע ציטאַטן פון דעם אויטאָביאָגראַפיש בוך: „דער לעבנס וועג פון א. דאבריאַנסקי":

„ס׳איז געווען צופיל פרײַע צײַט פאַר אַזאַ אַקטיווע נאַטור, ווי בן ציון איז געווען, האָט ער פאַרטראַכט גרינדן אַ לערער פאַריין, נישט אויף צו פאָדערן קירצערע שעהן און העכערן לוין אויף דעם פּאָסטן, נאָר בכדי משפיע צו זײַן אויף דער אויסבילדונג פון די לערער און אויפן קולטור לעבן אין דער קאָלאָניע. אין אַ פרײַע שעה האָט ער אָוועקגעשריבן אַ בריוול צום ראַבינער אין ב. אײַרעס, אים פאָרגעשלאָגן זײַן פּלאַן און געבעטן זײַן צושטימונג. דער ראַבינער האָט געענטפערט, אַז צום פּלאַן איז ער געוויס מסכים, און ער, בן ציון זאָל זיך ווענדן צו דעם און דעם לערער אין אַ צווייטער פּראָווינץ. ער האָט גלײַך צו אים גע־שריבן, ס׳איז געקומען אַ תשובה. אדרבא ואדרבא, עס איז זייער אַ גוטע איני־ציאַטיוו, אָבער זאָל זיך בן ציון נישט לייגן קיין פייגעלעך אין בוזעם, עס וועט נישט אָנקומען גרינג... בן ציון איז פון די פעסימיסטישע אינפאָרמאַציעס נישט נתפּעל געוואָרן, האָט ער אָנגעהויבן אַקטיוויזירן דעם ענין און כאָטש אייניקע פון די עלטערע לערער האָבן זיך קעגנגעשטעלט, נישט דערפאַר ווײַל דער שידוך איז נישט געפעלן, נאָר ווײַל דער שדכן, בן ציון איז געווען אַ גרינער. דער לערער פאַרבאַנד איז געגרינדעט געוואָרן, איינער פון די עלטערע לערער איז גע־וואָרן פּאָזיצער און בן ציון — סעקרעטאַר.

אין די עשרת ימי תשובה האָבן זיך אָנגעהויבן די קורסן, האָט מען זיך

ערשט אַרומגעזעץ ווי נייטיק זיי זיינען געווען. צווישן די לערער זיינען געווען ייִדן לומדים, אָבער אַלע צוזאַמען זיינען געווען אַ מינדערהייט. אַ סך לערער האָבן באַדאַרפט האָבן הדרכה ווי צו פירן אַ קלאַס, אפילו ווי צו פאַרטייטשן אַ פסוק...

פון דעם דאָזיקן לענגערן ציטאַט זעט מען דעם יונגן לערער שענדעריי ביי דער שטענדיקער עבודת הקודש פאַרן ייִדישן חינוך און ווייל איז צו אַזאַ גייסטיקן מורה דרך, וואָס האָט אַלע זיינע לעבנס־טעג און יאָרן אויסגעפּולט מיט גייסטיקע, ייִדיש־ציוניסטישע און קולטורעלע מעשים טובים.

י. י. שוואַרץ, דער געפּילפּולער פּאָעט און טאַלאַנטירטער איבערזעצער זינגט אין זיין בוך: „יונגע יאָרן", וואָס איז אין ליד־פאָרם ממש אַ דערציילונג פון זיין קינדהייט, פון זיין טאַטן און מאַמען, פון יום־טוב און וואָך, פון לערנען און האָפן, ווי פונעם טאַטנס אָנזאָג:

מיין קינד, דו זאָלסט בלייבן אַ ייִד,
זאָל דיין טאַטנס ירושה און לייד
אין דיין האַרצן טיף ווערן געהיט.
נישט פאַרגעס אונדזער גאַנג איבער וועלט
זיי אַ ייִד, ער האָט מער נישט גערעדט
נאָר זיין בליק האָט געלויכטן, געגליט
מיט בטחון און שטילן געבעט.

אינעם ערשטן טייל פונעם אויטאָביאָגראַפישן בוך פון אונדזער חשובן בעל היובל ווערט דערציילט, ווו זיין וויגעלע איז געשטאַנען און אָט זאָגט זיך דאָרט אויף זייט 15: „פאַרשטייט זיך, אַז ווי נאָר בן ציון האָט אָנגעהויבן פּלאַפּלען, האָט דער פרומער טאַטע מקיים געווען די גמרא, וואָס זאָגט: „תינוק שיכול לדבר, חייב אביו ללמדו תורה". ס'הייסט, אַז אַ קינד, וואָס קאָן שוין ריידן, איז דער פאָטער מחוייב צו לערנען אים תורה. וואָס קאָן ביי אַזאַ פאַל הייסן תורה? די פראַזע: „תורה ציוה לנו משה" — אַ לערע האָט אונדז'ז פאַרזאָגט משה רבנו; דאָס זיינען געווען די ערשטע ווערטער, וואָס בן ציון האָט אַרויסגעבראַכט פון זיין קינדיש מיילעכל, כמעט גלייך מיט טאַטע־מאַמע.

דעם וועג פון לערנען אַליין, פון זיין אַ מדריך פאַר אַנדערע, דאָס וואָס חבר שענדעריי האָט איינגעזאַפּט תורה און וועלטלעכן וויסן אין זיין יוגנט און קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו זיין דער לערנער, איך וואָלט געזאָגט, דער זעלבסט־לערנערישער מתמיד, האָט אים געפירט אויף ברייטע שליאַכן פון ייִדישן לעבן, וואָס ער האָט דאָ געהאָלפן אויספורעמען און באַוווסטזיניק מאַכן נאַציאָנאַל ייִדיש און גייסטיק־ציוניסטיש.

ליבער לערער און חבר: מיר לעבן איצט אין אַ צייט ווען ס'איז אַ גרוי־

סער יקרות אויף יידן און נאָך אַ גרעסערער יקרות אויף יידישקייט. די הײַנטיקע מענטשהייט, האָט זיך גאַוודיק אײַנגערעדט, אַז ער האָט באַזיגט די פינצטערניש. ס׳איז דאָ אַ מיינונג, אַז דער בחיר היצירה, דער מענטש האָט באַוויזן זײַן קראַפט און אָנגעצונדן אין די פינצטערע נעכט מיליאָנען עלעקטרישע לאָמפּן אויף אַלע וועגן און שטעגן, אין אַלע אַמאָל פינצטערע טונעלן און ליכט פײַערלעך איבער שוואַרצע ימים, אָבער אויך אין טרעבלינקע און אין מײַדאַנעק האָט אַ מענטש־חייה אָנגעצונדן גאַז־פײַערן, וועלכע האָבן געברענט בייטאָג און בייַנאַכט און אין זייערע גיפט־פלאַמען איז חרוב געוואָרן אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, דער־פאַר איז אַזאַ יקרות אויף יידן, אָבער ס׳איז אַ גרויסער מאַנגל אין יידישקייט, ס׳איז שוין איצט מער אַקטועל אחד העם׳ס יידישקייט נויט, ווי הרצלס יידן־נויט. איר, חבר שענדעריי, זיינט דער גײַסטיקער שמידער פון יידישקייט אין אונדזער דור, און מיט אײַער דערציִונגס־אַרבעט האָט איר אָנגעצונדן יידישע ליכטער אין קאָלאָניעס, אין יידישע אינסטיטוציעס, ביי אַ היפּשן טייל פון דער יידישער יוגנט. דאָס איז נישט קיין בענגאַליש פײַערווערק, וואָס ברענט אויס צו שנעל, דאָס איז דער אייביק לויכטנדיקער סיני־בליץ, דער ציוניסטיש־ גײַס־טיקער נרתמיד, וואָס קיינער וועט נישט קענען אויסלעשן. איר האָט דעריבער פאַרגרעסערט די צאָל יידישע יידן אין אונדזער ישוב, ווי אין אַנדערע יידישע ישובים, און דערמיט געגעבן אַ ווירדיקן צושטײַער צום גערעאַנגל אויף צו מנצח זײַן די איצטיקע יידישקייט־נויט.

צו אײַער הײַנטיקן יום טוב, פון יונג ווערן 75 יאָר, עד מאה ועשרים, אין וועלכע עס זײַנען אײַנגעראָמט ווי פינקלדיקע דימענטן אין דער הערלעכסטער קרוין אײַערע 60 יאָר פון פאַרשפרייטן לערע און וויסן, תורה און גײַסט, ציו־ניסטישע אינהאַלט און אַ טיפע אמונה אין די גאולה שלימה אידעאַלן פון אונ־דזער פאָלק, גיבן מיר אײַך און אײַער געשעצטער פרוי איבער אונדזער אַלעמענס ליבשאַפט, אונדזער טיפע באַערונגס־געפילן צו אַ מחנך און אַ מורה דרך. דער דיכטער אורי צבי גרינבערג אינעם ליד: „שיר תעודת אהבה״ איז פאַראַן אַזאַ פּאָע־טישער פסוק:

„אין יש ידידות בלי תנאי, כאשר אין נגינה, בלי כלי עץ.
אבל יש אהבה בלי תנאי־וההיא: הניגון שאיננו זקוק לכלי עץ
הוא בלב־שבלב ; ; ;

ס׳איז נישטאָ קיין פריינטשאַפט אָן אַ תנאי, פונקט ווי ס׳איז
נישטאָ קיין מעלאָדיע אָן אַן אינסטרומענט.

אבער ס׳איז דאָ אַ ליבע אָז אַ באַדינג און דאָס איז דער ניגון, וואָס דאַרף נישט קיין אינסטרומענט, ער געפינט זיך אין הארץ.

ר׳ משה שענדעריי. חבר און לערער.

די היינטיקע באַערונג פאַר אייך פון אייערע תלמידים פריינט און פאַרערער איז אַן אויסדרוק פון ליבע אָן אַ תנאַי, דאָס איז אַ מעלאָדיע, וואָס האָט נישט קיין אַנדערן אינסטרומענט, ווי נאָר אונדזער האַרץ.

איך ווינטש אייך צוזאַמען מיט אייער ליבער פרוי און משפחה, אריכת ימים, אַ סך געזונטע יאָרן, באַגלייט פון גייסטיקער שעפערישקייט פאַרן ייִדנטום און פאַר די הויכע אידעאַלן פון ייִדישן המשך, וואָס איז צונויפגעבונדן אין צוויי אייביקע ווערטער: ציון און ירושלים.

# פון אַ 10 יאָריקן רעדאַקטאָר אין סטויבץ ביז צו דער מלוכה־פּרעזידענט אין ירושלים

אין דער ייִדישער וועלט האָט זיך מר זלמן שזר קונה שם געווען ווי דער עלוי פון אונדזער דור, זײַן בקיאות אין די ספרי קודש, אין דער אַלטער און נײַער העברעיִשער קולטור, זײַן טיפן אַלוועלטלעכן וויסן, זײַן אויסערגעוויינלעכער רעדנער־טאַלאַנט און זײַן גײַסטיקע שעפערישקייט, האָט אים אַוועקגעשטעלט אויף דער מזרח־וואַנט פון אונדזער לעבן.

שוין פון זײַן פריסטער יוגנט האָט דאָס עילוידיקע בחורל זלמן רובאשאָוו אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע פעיִקייטן אין לערנען, ווי אין פאַרשטיין די שווערסטע סוגיהים, אין עלטער פון צען יאָר האָט ער גענומען די שרײַבערישע פען אין האַנט אַרײַן און פון איר שפרודלט ביז צום הײַנטיקן טאָג, הלוואי עד מאה ועשרים, תורה און חכמה, ייִדישע און ציוניסטישע געדאַנקען, וועלכע האָבן באַרײַכערט אונדזער פאָלק און זײַן אַוואַנגאַרד, דער ציוניסטישער מחנה, מיט טיפזיניקן וויסן, מיט גײַסטיקער שעפערישקייט, זײַנע ספרים און מאמרים, זײַנע רעדעס און שירים, זיינען געוואָרן אומאויסשעפּבאַרע קולטור־קוואַלן, אין וועלכע מיר טובלען זיך אָפּ און באַקומען אַ ברכהדיקע טוי־אָפּפרישונג אין דעם מדברדיקן ייִדישן גלות...

ווען זלמן רובאַשאָוו איז אַלט געוואָרן צען יאָר האָט ער רעדאַקטירט און אַרויסגעגעבן אַ באַשיידענע העברעיִשע צײַטשריפט אין זײַן געבוירן־שטעטל סטויבץ, אונטערן נאָמען „הירחון". אויפן שער־בלאַט איז געווען אַ צושריפט: העברעיִשע צײַטונג, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, דערשײַנט יעדן חודש און אַרויס־געגעבן פון דעם רעדאַקטאָר זלמן רובאַשאָוו. די ערשטע מיטאַרבעטער אינעם ערשטן נומער פון „הירחון" זיינען געווען מיט די אונטערשריפטן: בר-בישא, ראשו ורובו, זמן, און אַנדערע. מיטן לויף פון די טעג און חדשים האָט, סײַ די צײַטשריפט און סײַ דער אינהאַלט שוין געצייכנט די בולטע שטריכן פון אַן אויפ־גייענדיקן שטערן אויפן ייִדישן הימל. פון יעדן באַשיידענעם נומער „הירחון" האָט אַרויסגעשטראַלט ליכט און שיינקייט, פלאַם, אָפט מאָל, באַגלייט מיטן הייליקן פײַער פון ציוניסטישע שטרעבונגען צו דערנענטערן דעם קץ, די דאָפּלטע גאולה: פון ייִדישן פאָלק און פון זײַן אַלט־נײַעם היימלאַנד, ארץ ישראל. אין

דער דאַזיקער קליינער חודש־שריפט האָבן זיך שוין געפונען אַלע אָנווײַז־צייכנס בזעיר אנפין פונעם צוקונפטיקן גאָט־געבענטשטן שרײַבער און פובליציסט, זלמן רובאַשאָוו — שזר, זײַן רײַכע שפּראַך, דער אָטעם־פאַרכאַפּנדיקער סטיל, די קורצע, אָבער אינהאַלטסרײַכעם מאמרים, פול מיט מיטרײַסנדיקן תוכן, שילדערונגען מיט אַ סך לעבנס־חכמה, פּלאַמיקע ווערטער קעגן אַ וועלט פון אומרעכט, פון שנאת ישראל און אַרטיקלען פון האָפענונג צו יידישער אויסלייזונג, האָבן געלייגט זייער חותם אויף דער צײַטשריפט. און אַלע לייענער, דערוואַקסענע יידן, תלמידי־חכמים, אינטעליגענטן און בעלי השכלה פון סטויבץ און פון אַנדערע מקומות, ווהין דער „הירחון" האָט דערגרייכט, האָבן זיך נישט געקענט באַפרײַען פונעם אײַנדרוק, אַז דאָס אַלץ ווערט געשריבן פון אַ רײַפן זשורנאַליסט, פון אַ טיפן יידיש־ציוניסטישן דענקער. עס איז געווען זייער שווער צו גלויבן, אַז די צײַטשריפט ווערט אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט פון אַ צען־יאָריקן בחור. אין גאַנצן זיינען דערשינען פינף נומערן, וועלכע זיינען אויסגעפולט געוואָרן מיט אינהאַלט פון דעם רעדאַקטאָר, וועלכער איז געווען און וועט מעגלעך פאַרבלײַבן מיטן ערן־נאָמען, דער ייִנגסטער רעדאַקטאָר אין דער צײַטונגס־געשיכטע פון דער גאָרער וועלט. דער זעקסטער נומער „הירחון" האָט נישט געקענט דערזען מער די ליכטיקע שײַן מחמת אַ שרעקלעכע שריפה, וואָס איז אויסגעבראָכן אין זײַן שטעטל סטויבץ, אין וועמעס פלאַמען עס איז צעשטערט געוואָרן אַ גרויסער טייל הײַזער, זײַן פאָטערס שטוב אַרײַנגערעכנט. אין וועלכער עס האָט זיך געפונען די רעדאַקציע. עס איז ביסלעכווײַז פאַרשוונדן דער אײַנדרוק פון דער גרויסער שריפה, סטויבצער יידן זיינען טאַקע איבער נאַכט געוואָרן דאַלפֿן און אָרעם, יעדער האָט באַדאַרפט זאָרגן פאַר אַ שטיקל דירה און ברויט פאַרן בני בית, אויך זלמנס עלטערן האָבן ניט געקענט אויסמײַדן די דאָזיקע שווועריקייטן, אָבער נאָך דעם, ווי זיי האָבן שוין געהאַט אַ שטיקל דאַך איבערן קאָפּ, האָט דער צען־יאָריקער רעדאַקטאָר זיך ווידער גענומען צו דער מלאכת הקודש און עס איז דערשינען דער זיבעטער נומער פון „הירחון", אין וועלכן עס קומט אַ לייט־אַרטיקל פון אויפקלערונג און אַנטשולדיקונג צוליב דעם געצוווּנגענעם איבעררײַס אינעם אַרויסגעבן די צײַטשריפט

אין זײַן באַרימטן ספר „כּכבי בוקר" שילדערט זלמן שזר פאַרשיידענע איבערלעבונגען פון זײַן יוגנט אין סטויבץ. דאָס ערשטע קאַפּיטל טראָגט דעם נאָמען: „דעם טאַטנס ביבליאָטעק" און שוין אין זײַנע שורות פילט דער לייענער די שטאַרקע ליבע און צוגעבונדנקייט פון יונגן בחור צום ספר וואָס ער האָט נישט באַטראַכט פאַר קיין שטוב־באַצירונג, נאָר פאַר אַ קוואַל פון חכמת־היהדות.

אין יאָר 1911 איז צום ערשטן מאָל עולה קיין ישראל זלמן רובאַשאָוו און צום צווייטן מאָל אין יאָר 1924. אין דער דאָזיקער צווישנצײַט האָט ער נישט אויפגעהערט צו באַזוכן יידן אין פאַרשיידענע לענדער פון דער גרויסער יידישער

צעשפּרייטקייט, אויף גרויסע ייִדישע פֿאַרזאַמלונגען און פֿאָלקס־מיטינגען האָט זלמן רובאַשאָוו גערעדט צו די ייִדישע מאַסן, האָט זיי באַגײַסטערט מיט זײַן ציוניסטישן געדאַנק און צענדליקער טויזנטער ייִדן האָבן זיך נשמהדיק פֿאַרבונדן מיט די אידעאַלן פֿון ציון און גאולה. אין יאָר 1938 איז זלמן רובאַשאָוו באַשטימט געוואָרן אַלס רעדאַקטאָר פֿון דער גרויסער ישׂראלדיקער אַרבעטער־צײַטונג „דבר", אײַנקריצנדיק זײַן גײַסטיקן און אידעאישן חותם אויף דעם גאַנצן אינהאַלט. מיט דער אויפֿריכטונג פֿון דער ייִדישער מדינה איז ער געוואָרן דער ערשטער בילדונג־מיניסטער, פֿאַרנעמענדיק הויכע פֿאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן אין דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג. זלמן רובאַשאָוו־שזר האָט אויך מנסח געווען די מגילת העצמאות — די אומאָפּהענגיקייט־דעקלאַראַציע פֿון דער ייִדישער מדינה, אין יאָר ה'תשכ"ג מיט עטלעכע יאָר צוריק איז ער אײַנשטימיק אויסגעקליבן געוואָרן דורך דער כנסת אַלס נשׂיא פֿון מדינת־ישׂראל. ער איז געוואָרן דער בחיר עם ישׂראל, דער ערשטער בירגער פֿון דער ייִדישער מדינה און דער אויסדערוויילטסטער זון פֿון גאַנצן ייִדישן פֿאָלק אין זכות פֿון זײַן גרויסע לויכטנדיקע פּערזענלעכקייט, וואָס וואָרצלט אין די גײַסטיקע טיפֿענישן פֿון אַלע ייִדישע דורות, וועלכע האָבן אין אים אויסגעשטראַלט זייערע האָפֿענונגען צו גאולה און זייערע בענקענישן צו ארץ־ישׂראל.

זלמן שזר, דער צען־יאָריקער רעדאַקטאָר פֿון „הירחון" אין סטויבץ, איז געגאַנגען אויף דעם שווערן ייִדישן וועג, פֿון קאַמף און געראַנגל פֿאַר ציוניסטישער און חלוצישער רעאַליזירונג, דורך וועלכן ער האָט דערגרייכט די הויכע שטול פֿונעם נשׂיא מדינת ישׂראל אין דער אייביקער שטאָט ירושלים.

# עס וועלן ניט זײַן קיין קיסלינגס!

מיסטער בעווין אײַלט זיך. די אימפּעריע איז טאַקע גרויס און מעכטיק, די ענגלישע דיפּלאָמאַטיע האָט באַוויזן די פעאיקייט צו אײַנשפּאַנען אין איר וואָגן די פאַרטרעטער פון די פאַראייניקטע שטאַטן אויף דער פּאַריזער קאָנפערענץ — און די ענגלישע אַרמיי, פלאָט און אַוויאַציע ווײַזן אַרויס היסטערישע העלדישקייטן אין רוחמה, יגור און אין די בתי מדרשים פון תל אביב — אָבער גאָר באַקוועם פילט ער זיך, זעט אויס, נישט. ער מוז געפינען אַ וועלכע עס איז „לעגאַלע" באַרעכטיקונג פאַר דער קאָנצענטראַציע פון ענגלישן מיליטער אין ארץ ישראל. מען קען דאָך נישט האַלטן אייביק געפּאַנצערטע דיוויזיעס, פּאַראַשוטיסטן־בריגאַדעס און קרייצערס כדי צו מאַכן אָבלאַוועס אין תל־אביב. דאַרף ער, מיסטער בעווין, באַקומען די הסכמה פון אַראַבער אָדער פון ייִדן, פון ייִדישן פאָלק, אָדער פון ייִדישע ווינקל־אָרגאַניזאַציעס, אויף אַ באַשטימטן סטאַטוס אין אונדזער לאַנד. מען קען נישט קומען צופּיל־ציניש און צו־נאַקעט צו דער זיצונג פון „יון". אָט דעריבער גייט אים אין לעבן, עס זאָל צושטאַנד קומען די קאָנפערענץ אין לאָנדאָן, מיט דער באַטייליקונג פון ייִדן און אַראַבער. אַז דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן זוכן אַן אויסוועג וואָס זאָל אַנטקעגן קומען די גערעכטע ייִדישע פאָדערונגען אָדער זאָל אַנטשפּרעכן דער אומבאַשרײַבלעכער ייִדישער נויט, זײַנען מיר לײַדער זיכער. יעדן צוטרוי צו ענגלישע הבטחות האָבן די ענגלישע מיניסטאָרן אויסגעוואָרצלט ביי אונדז, מיט טאַלאַנט און אײַפער.

די ייִדישע אַגענץ האָט ריכטיק געהאַנדלט, ווען זי האָט באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן פאַר דער לעצטער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע. אונזער זאַך איז גערבראַכט געוואָרן אין פולן פאַרנעם פאַר דער וועלט־עפנטלעכקייט. אונדזערע פאַרטרעטער אימפּאָנירן די קעגנער און רופן אַרויס דרך ארץ. די עדות זאָגן פון קאַפּלאַן און הופעין מ ו ז ן אָנערקענט ווערן אַפילו דורך שונאים אַלס די בעסטע עקספּאָזעס וועגן דער עקאָנאָמיק און סאָציאַלע פאַרהעלטענישן אויפן נאָענטן מזרח, וועלכע שטאַטסלײַט קענען נאָר מאַכן, די דערקלערונגען פון חבר'טע גאָלדע מאירסון זײַנען אַ לעקציע וועגן קאָלאָניזאַציע, אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע און פאָלק־אינטערעסן, אאַ"וו אאַ"וו — שוין נישט רעדנדיק וועגן די שטאָלצע היסטאָרישע רעדעס פון ווייצמאַן און בן־גוריון. און איצט וואָלט

די גאַנץ געוויס געגאַנגען צו דער קאָנפערענץ, כדי צו באַקומען דאָס מעגלעכע, כדי צו פאַרטיידיקן די ר ע ט ו נ ג פון ייִדן און ייִדישן פאָלק. עס זיינען אָבער שטענדיק דאָ געוויסע גרענעצן, איבער וועלכע אַ ווירדיקע פאָלקס־פאַר־טרעטערשאַפט קען נישט אַריבערגיין.

די עקזעקוטיווע איז אַרײַן אין פּרעלימינערע פאַרהאַנדלונגען, טראָץ דעם וואָס טשערטאָק זיצט נאָך אַרעסטירט, צוגלײַך מיט גרינבוים און דזשאָזעף, טראַצדעם וואָס געגנאָסע בעווין האָט, ווי עס שײַנט, געלאָזט אָנדײַטן, אַז ס׳איז אים נישט באַקוועם צו טרעפן זיך מיט „דער שווערד פון דער ארץ־ישראל אַרבעטערשאַפט", חבר בן־גוריון. אונדזערע חברים האָבן אַרויסגעוויזן די גרעסטע מאָס קרבנות־גרייטקייט און פון פאַרציכטן אויף אייגענעם כבוד, ווען עס האַנדלט זיך וועגן ראַטעווען ייִדישע לעבנס און קאַמף פאַר ייִדישע צוקונפט. די עקזעקוטיווע קען אָבער נישט גיין אויף פאַר־האַנדלונגען, אויף דער באַזע פון אַ פּראָיעקט (דעם פעדעראַליזאַציע פּלאַן) וואָס באַדײַט געטאָ אין ארץ־ישראל, איבערגעבן ענגלאַנד די מאַכט אין לאַנד אויף לאַנגע יאָרן אונטער דער פיקציע פון ייִדישע אויטאָנאָמיע, און דער עיקר אָפּהענגיק מאַכן די ווײַטערדיקע עליה פון דעם ל אַ נ ד אַ נ ע ר קאָלאָניאַל אָפּיס. מיר קענען נישט אָנהייבן פון אַזאַ פאָרשלאָג. דער האַלב־אָפיציעלער פּלאַן פון דער אַגענץ ווערט דיקטירט דורך דער איצטיקער סיטואַ־ציע, אָבער דאָס איז דער מינימום אויף וועלכן מיר קענען אײַנגיין, אַלנפאַלס איז דאָס די איינציק־מעגלעכע באַזע פאַר פאַרהאַנדלונגען.

און דעריבער האָט די עקזעקוטיווע באַשלאָסן אָפּוואַרפן די אײַנלאַדונג פון דער לאָנדאָנער רעגירונג אין איר איצטיקער פאָרם.

די לאָנדאָנער פּאָליטיקער באַמיִען זיך אָבער מיט אַלע מעגלעכקייטן און אויף אַלע וועגן צו שפּאַלטן דעם געאייניקטן ייִדישן פראָנט. מיר ווייסן פון שמועסן צווישן דעם סעקרעטאַר פון דער מאַנדאַט רעגירונג שאָו מיט דעם באַקאַנטן אינטענדענט פון תל אביב, הער רוקח. מיר ווייסן פון אַ דרוק וואָס ווערט אויסגעאיבט אויף ענגליש־ייִדישע „נאָטאַבלען" און אַסימילאַ־טאָרן, פון ווענדונגען צו באַשטימטע קרײַזן אין נאָרד־אַמעריקע. די אַלע שריט האָבן געהאַט זייער אַ רעלאַטיוון רעזולטאַט. גראָד די מעשים פון דער רעגירונג פאַר די לעצטע מאָנאַטן האָבן צעמענטירט דעם ישוב און פּשוט פאַרמאַכט די טיר פאַר אַלע מעגלעכע דיסציפּלין־ברעכער צו באַגיין עפּנטלעך אַ וועלכן עס איז טאַט וואָס זאָל קענען אויסגעטײַטשט ווערן אַלס מאַניפעס־טאַציע קעגן די פאַרווונדעטע און אַרעסטירטע פון די קיבוצים, אַלס זשעסט קעגן די אַרעסטירטע אַגענץ־מיטגלידער, אַלס סאָלידאַריטעט מיט דער ענגלי־שער סאָלדאַטעסקאַ. אויך אין די גלות־לענדער, ענגלאַנד אײַנגעשלאָסן, האָבן יאַהודימשע גרופּן געקענט פון צײַט צו צײַט דערקלערן, אַז זיי באַדויערן די

גוואַלט־טאַטן און די טרחה וואָס מען פאַרשאַפט די „טאָממיס" — אָבער האָבן געמוזט זיך סאָלידאַריזירן מיטן פּראָטעסט קעגן די ענגלישע מעשים. און מיר ווילן דאָ קלאָר זאָגן, אַז הגם מיר האָבן נישט קיין איבעריקן צוטרוי צו די קרייזן וועלכע האָבן שוין, אין אַזויפיל געלעגנהייטן, געבראָכן די נאַציאָנאַלע דיס־ציפּלין און דירעקט געשעדיקט ייִדישע אינטערעסן, זיינען מיר איבערצייגט אַז דאָסמאָל האָט זיך עס געהאַנדלט נישט וועגן אַן אויסערלעכן דרויסנדיקן „מוז", נאָר וועגן אַן אינערלעכן, זעלבסטפאַרשטענדלעכן געפיל פון ווירדע און פון אָנגעהעריקייט צום פאָלק. ישראל. ישראל אף על פי שחטא ישראל הוא — איז אַ זייער עלאַסטישע סענטענץ, און אָנווענדן זי צו קאַטעגאָריש איז נישט שטענדיק געווונט. אָבער פונקט ווי מיר שטעלן זיך נישט פאָר אַז היטלערס מעשים זאָלן האָבן געלאָזט איין ייִדן אין דער וועלט אינגאַנצן אינדיפערענט, אַזוי גלויבן מיר נישט אַז אונדזערע ווײטסטע און געפערלעכסטע „שטאַמגענאָסן" זאָלן נאָך די מעשים פון דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע וואַגן צו ברעכן דעם ייִדישן פראָנט און גיין צו דער קאָנפערענץ מיט ענגלישע מאַכטהאָבער וואָס זיינען איצט די דירעקטע שונאים, זאָלן זיך פאַרוואַנדלען אין בוזים־פריינט פון אַראַבישע פעאָ־דאַלן, אינדערצייט ווען די לעגאַלע און אויטאָריטעטע לייטונג פון דעם פאָלק, די ייִדישע אַגענץ, וואַרפט אָפּ די איינלאַדונג.

עס וואָלט געווען דאָס טראַגישסטע אין אונדזער געגוג טראַגישער לאַגע, עס וואָלט געווען אַן ערגערע אַטאַקע ווי די וואָס אויף תל אביב, ווען אָרגאַני־זאַציעס אָדער מענטשן, וועלכע טראָגן אויף זיך דעם נאָמען ייִד זאָלן איצט זיך פאַרוואַנדלען אין קוויזלינגס.

לאָמיר האָפן און גלויבן אַז דאָס וועט נישט געשען.

# פליכטן פאַרן הײַנט און מאָרגן

מיט אָפענע אָרעמס און מיט אויפריכטיקער נישט געקינצלטער פרייד האָט דער אַרגענטינער יידישער ישוב אויפגענומען זײַן גאַסט, דעם פינאַנץ־מיניסטער פון דער יידישער מדינה ה׳ לוי אשכול און זײַן פרוי. דאָס אַרגענטינער יידנטום האָט באַקומען די זכיה צו האָבן אין זײַן מיט איינעם פון די פונדאַמענטן־לייגער פון דער יידישער זעלבשטענדיקייט, דעם חלוץ פון דער צווייטער עליה, מיטגרינדער פון דגניה און דעם שמידער פון דער זעלבסטשטענדיקער עקאָנאָמיק פון מדינת־ישראל. מיניסטער אשכול איז איינער פון די הײַנטצײַטיקע גרויסע מנהיגי הדור, וואָס זיינען אויסגעפורעמט געוואָרן גײַסטיק און נאַציאָנאַל אין היימען און אין סביבות אין וועלכע ס׳האָט גערוט די שכינה פון אינהאַלטלעכער יידישקייט, ווי פון אומגעצוימטע בענקענישן צו ציון און ער איז געבענטשט געוואָרן מיט טאַלאַנט, מיט רצון צו פאַרייניקן דאָס ציר־גײַסטישע וואָרט מיט חלוצישן טאַט ביז צו פולשטענדיקער שלמות. זײַן פאָלקסטימלעכער כאַראַקטער, די אָפנהאַרציקע שפראַך, זײַנע רעדעס וואָס צייכענען זיך אויס מיט אהבת ישראל תוכן און מיט בקיאות אין דער באַהאַנדלטער טעמאַטיק, פרײַ פון מליצהדיקע פראַזן, באַגלייט פון אַ סך חריפות און טיפזיניקייט. מיניסטער אשכול קומט צו אונדז פון דער יידישער מדינה, וואָס איז איין גרויסער פראָנט פון אַרבעט און זיכערקייט, פון יצירהדיקע בראשית־שאַפונגען און פון געוואַגטע פאַרמעסטן. דער עיקר קומט ער פון דעם שווערסטן פראָנט־אָפשניט, דעם עקאָנאָמישן, אויף וועלכן עס קומט פאָר דער שווערסטער געראַנגל צו קאָנסאָלידירן די יידישע מדינה, איר ווירטשאַפט און קאָלאָניזאַציע, איר אינדוסטריע און האַנדל ווי אירע בוי און קליטה־אַנטוויקלונגען פאַר דער נאָענטער צוקונפט. דאָס אַלעס ווײַזט אונדז אָן אויף דער פילפאַרביקער איהאַלטסרײַכער און טאַטקרעפטיקער פערזענלעכקייט פון אונדזער ליבן און פראָמינענטן גאַסט.

דאָס קומען צו אונדז פון מיניסטער אשכול איז פאַרבונדן כידוע מיט דער פראָקלאַמירונג פונעם הייי־יאָריקן מגבית פאַר ישראל, וואָס פאַלט אויס צוזאַמען מיטן זיבעטן אַניווערסאַר פון דער יידישער מדינה עקזיסטענץ, איז דאָס טאַקע אַ גרויסע שמחה, אַ פריילעכער יום טוב, גראָד אין אַזעלכע פײַערלעכע טעג פון שמחה און יום טוב, איז כדאי צוריידן וועגן פראָסט־פשוטע ענינים, וועגן וואָכעדיקע פראַגן. איך האָף, אַז קיינער וועט מיך נישט באַשולדיקן, אַז

איך האָב געהאַט די כוונה צו פאַרשטערן עמיצן דעם יום־טוב, אָדער געצילט עמיצן קאַליע צו מאַכן זײַן גוטן יידישן געמיט־צושטאַנד. פאַרקערט, איך וויל — דורך באַרירן אייניקע ענינים אין פאַרבינדונג מיט אונדזערע פליכטן צו דער מדינה — מיר זאָלן האָבן מוט און כוח צו זען אונדזער ישוב אין דעם אמתן שפּיגל פון דערגרייכטע אויפגאַבן אין שייכות מיטן פאַרייניקטן קאַמפּיין. גיבן מיר גענוג פאַרן מגבית? האָבן זיך אַלע אַרגענטינער יידן ענראָלירט אין די רייען פון די תורמים? דאָס זיינען די ערשטע צוויי פּראָסט־וואָכעדיקע שאלות, וואָס דאַרפן שטיין אויף דעם סדר היום פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן. מיט אַ רויקן געוויסן און מיטן גאַנצן אחריות קאָן יעדער איבערגעגעבענער מגבית־עסקן ענטפערן מיט אַ פעסטן ניין, באַגלייט פון אַ סך אויסרוף־צייכנס. מיר דאַרפן קאָנסטאַטירן, מעג דאָס אַפילו ווי טון, דעם טרויעריקן פאַקט, אַז די אַרגענ־טינער יידן, וואָס גיבן שוין יאָ פאַר מדינת ישראל דורך דעם מגבית, גיבן נישט גענוג, אויסער געציילטע אויסנאַמען. דער יידישער האָרעפּאַשניק, אַרבעטער און אָנגעשטעלטער באַמיט זיך צו געבן אין יעדן קאַמפּיין־יאָר דאָס מאַקסימאַלסטע, נישט פאַרקלענערנדיק די תרומה אין פאַרגלײַך מיט די פריערדיקע יאָרן. אויך צווישן די מיטלשטאַנד־קרײַזן קאָן מען געפינען די גרעסטע צאָל תורמים וואָס פאַרקלענערן נישט די באַשטײַערונג, אָבער דאָס זעלבע קאָן נישט געזאָגט ווערן אויף דעם חשבון פון אונדזער רײַכן שיכט. אַוודאי זיינען דאָ אויסנאַמען ביי אייניקע רײַכע יידן, וואָס זייער טרײַשאַפט צום מגבית קומט צום אויסדרוק סײַ אין די ווירדיקע באַשטײַערונגען, סײַ אין דער פּערזענלעכער מיטאַרבעט און מיטבאַטייליקונג אין די אַקטיוויטעטן לטובת דעם מגבית, אָבער אַ סך פון זיי האָבן במשך פון די לעצטע עטלעכע יאָר פאַרקלענערט זייערע תרומות, פאַר־געסן אין צוזאָגן, זיך גענומען דינגען מיט דער פּרײַז... און טיילמאָל זיך גע־מאַכט פאַרגעסן אין דעם כלל, אַז זײַן בײַשטײַערונג איז נאָר אַ יערלעכע און נישט קיין איינמאַליקע, אָן אייביקע. צו דעם קומען נאָך צו אַ סך דעזערטי־רער, וועלכע אַנטלויפן אינגאַנצן פון דער וויכטיקער און אחריותפולער אויפגאַבע פון העלפן דער יידישער מדינה זיך צו קאָנסאָלידירן. אין דער זעלבער צײַט פון מאַכן „צנע" אויפן חשבון פון פאַרייניקטן קאַמפּיין, האָט קיינער פון זיי חלילה וחס נישט אָנגעווענדעט אויף זיך דעם זעלבן סיסטעם. גאַנץ אַנדערש וואָלט אויסגעזען דער רעזולטאַט פון דער זאַמלונג, ווען דער עקאָנאָמיש־גוט סיטואיר־טער רײַכער עלעמענט וואָלט געגעבן ווי עס דאַרף צו זײַן, ווי די היסטאָרישע שעה אין וועלכער מיר לעבן איצט, פאָדערט און דער עיקר — ווען אַלע גבירים וואָלטן זיך באַטייליקט אין דער אַקציע. די תשובה אויף דער צווייטער פראַגע איז גאָר אַ קלאָרע. איך ווייס נישט גענוי וויפל פּראָצענט אַרגענטינער יידן באַטייליקן זיך אינעם מגבית ווי תורמים, אָבער ס'איז נישטאָ דער מינדסטער ספק אין דער קאָנסטאַטירונג, אַז אַ סך, אַ סך טויזנטער יידן, צווישן זיי

„חשובע באַלעבאַטים פון שטעטל" האָבן זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו מדינת ישראל און פילן נישט די אָנוועזנהייט פון מגבית המאוחדת אין היגן יידישן ישוב. מעג אַזאַ צושטאַנד בלייבן אין אַרגענטינער יידנטום הײַ־יאָר? וועלן די אָרגאַניזירטע ציוניסטישע און נאַציאָנאַל יידיש־געזעלשאַפטלעכע כוחות פון דער היגער קאָלעקטיוויטעט דערלויבן דעם דאָזיקן מצב פון פאַרגליווערונג, פון פאַר־קלענערטע תרומות, פון דעזערציע און פון דערלאָזן, אַז געוויסע יידן זאָלן זיך אַרויסדרייען פון נאַציאָנאַלע פליכטן און אויפגאַבן? דער באַזוך פון מיניסטער אשכול אין אַרגענטינע דאַרף ערנסטער מאַכן די פראַגע און אַלע פאַראַנטוואָרט־לעכע אָנפירער פון היגן יידישן ישוב דאַרפן אויך איר געבן אַ שנעלן און פּאָזי־טיוון ענטפער. דער זיבעטער אַניווערסאַר פון דער יידישער מדינה איז נישט נאָר אַ פייערלעכער דאַטום פאַר יידן, דער יום העצמאות ה"תשט"ו פאָדערט חשבון הנפש, דאָס הייסט, אַז יעדער יידישער נפש דאַרף זיך אָפּגעבן אַ ערנסטע רעכע־נונג וועגן זיין אייגענער באַטייליקונג אָדער נישט באַטייליקונג אינעם אויפבוי פון דעם פרײַהייטס־ווערק אין ישראל. אויב אַ ייד אינדיווידועל, אָדער אַ גרופּע יידן קאָלעקטיוו קענען נישט, אָדער ווילן זיך נישט אָפּגעבן אַ דין וחשבון, דאַרף דער דעת הקהל און דער אָרגאַניזירטער יידישער ציבור ווערן אַן אומבאַרחמנות־דיקער ריכטער איבער די דאָזיקע פאַרשטיינערטע האַרצלאָזע „יידן", וואָס לערנען גאָרנישט פון דעם יידישן נעכטן און טראַכטן אַפילו נישט פון אַ באַנייטן, אַן אַנדערן יידישן מאָרגן.

---

הײַנטיקע וואָך איז געווען פאַרעפנטלעכט אין די צײַטונגען אַ ווענדונג צו די דעלעגאַטן פון מגבית־צוזאַמענפאַר, אַז מען זאָל העכערן ביז 10 פּראָצענט די סובווענץ פאַרן היגן חינוך. וויל איך שליסן אַן „אָפּמאַך" מיט די שרײַבער פון דער דאָזיקער ווענדונג, אַז זיי זאָלן מיר נישט אויפקלערן די וויכטיקייט פון אַ פאַרשטאַרקטער חינוך־טעטיקייט אינערהאַלב דעם אַרגענטינער יידנטום און פון מײַן זײַט וועל איך פאַר די אָנפירער פון דעם „פאַרבאַנד" נישט איבערחזרן די גרונט־פּרינציפּן פון ציוניזם. אַ סך דערשטוינונג און פאַרוווּנדערונג האָט אַרויסגערופן דער „אַפּיל", וואָס איז אָן ספק באַגלייט פון גוטע כוונות און ער־לעכע צילן, אָבער פאַרוואָס האָט מען בײַ זיך אַזוי לײַכט געפועלט אַרויסצושטעלן די אומבאַרעכטיקטע פאָדערונג אַראָפּצונעמען נאָך 7 און אַ האַלב פּראָצענט פאַרן היגן חינוך? איז סיסטעמעטיק אַזאַ פאַרלאַנג? דער אַרגענטינער ייד באַ־שטײַערט זיך פאַרן פאַרייניקטן קאַמפּיין כדי צו העלפן דער יידישער מדינה, אָבער ער איז גרייט אויך צו שטיצן באַזונדער דאָס חינוך ווערק אין לאַנד. מיר איז זייער גוט באַקאַנט דער פאַקט פון דעם אומאיבערגעריסענעם בוי־פּראָצעס

פון נײַע געזעלשאַפטלעכע בנינים אין די לעצטע עטלעכע יאָר, דאָס הייסט, אַז עס זיינען נאָך דאָ געגנוג פינאַנציעלע פּאָטענצן איך היגן אָרגאַניזירטן ישוב וואָס דערמעגלעכן דאָס בויען נײַע געבײַדעס. אַוודאי זיינען פאַראַן גרויסע מעגלעכ־קייטן צו פינאַנסירן דאָס דערציִונגס־וועזן אין אַרגענטינע, נישט באַדאַרפנדיק אָנקומען צו געלטער וואָס זיינען באַשטימט פאַר דער עליה און קליטה פאַר נײַע עולים, פאַר דער קאָלאָניזירונג פון נײַע שטחים, פאַר באַוואָסערונג און פאַר קאַמף מיטן מדבר. יידן געפינען זיך נאָך אין די מעברות, נײַע עולים שטראָמען פון צפון־אַפריקע און פון אַנדערע לענדער און זיי גייען גלײַך פון שיף אין דאָרף, דאַרף טאַקע דער אָרגאַניזירטער נאַציאָנאַלער ציבור זאָגן אַלעמען בפה מלא אַז פון געלטער וואָס זיינען באַשטימט פאַר ישראל וועט קיינער נישט אַראָפּנעמען אַ סענט, אויסער דאָס וואָס די סוכנות היהודית האָט שוין פון פריער באַשטימט פאַר חינוך. עס איז צו דערוואַרטן, אַז די אונטערשרײַבער פון דער דערמאָנטער ווענדונג וועלן ענדערן זייער ש ט ע ל ו נ ג צו סובווענץ־העכערונג און אין דער זעלבער צײַט טון דאָס מאַקסימאַלסטע צו זיכערן דעם דערפאָלג פונעם הײַ־יאָ־ריקן קאַמפּיין, נישט פאַרנאַכלעסנדיק אויף קיין איין רגע די וויכטיקע אַרבעט פון חינוך הבנים.

די עקזיסטענץ פון דער יידישער מדינה איז אַ גרויסע דערגרייכונג נישט נאָר פאַר אירע אײַנוווינער, זי איז ניט נאָר אַ רעטונגס־פּלאַץ פאַר אונדזערע פאַר־וואָגלטע ברידער און שוועסטער פון גלותן, די יידישע מדינה איז מער ווי דאָס וואָס איך האָב דערמאָנט, זי זיכערט די פרײַהייט פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק, זי הייסט אונדז הײַנט ווי די קומענדיקע דורות קוקן אויף דער צוקונפט מיט גלויבן, אַז די דאָזיקע פרײַהייט וועט אונדז נישט אַנטוישן. די יידישע מדינה לייגט אָבער אַרויף, הויפּטזעכלעך אויף אונדזער דור, גרויסע פליכטן, זי פאָדערט גרוי־סע מעשים און אַ סך אחריות פון יעדן יידישן יחיד, אַוודאי פון דעם כלל. מדינת ישראל האָט אַ רעכט צו פאַרלאַנגען פון אונדז אַ בשותּפותדיקע אַרבעט, כדי דאָס ווערק פון חלוצים פון יידישער גבורה זאָל קענען אויסהאַלטן די שטורמען פון דער איצטיקער צײַט און איבערגיין צו פאַרגרעסערטע דעראָבערונגען אויף אַלע גע־ביטן פון אַרבעט און זיכערקייט. דער פאַראייניקטער קאַמפּיין איז דער אינסטרו־מענט, וואָס גיט יעדן יידן די מעגלעכקייט דורך אים צו באַווײַזן, אַז זײַן סאָלידאַ־ריטעט מיט מדינת ישראל איז נישט בלויז אַ טעאָרעטישע, נאָר דער מגבית איז דער ריכטיקער קאַנאַל דורך וועלכן עס פליסט נישט נאָר זײַן ווירדיקע תרומה, אויך זײַנע געפילן פון ליבע און פאַרערונג צו די אַרבעטער אויף רושטאָוואַניעס, צו די סאָלדאַטן אויף די גרענעץ־פּאָסטנס, צו די פויערים אין פעלד און צו אַלע יידן וואָס שטאַרקן דעם בנין פון דער יידישע גאולה.

דאָס אַרגענטינער יידנטום האָט זיך קונה שם געווען אין דער יידישער וועלט מיט זײַן איבערלעכער דיסציפּלין מיט זײַן פולסירנדיק יידיש־געזעלשאַפטלעכן

לעבן, דורך די הונדערטער און הונדערטער חלוצים, וואָס געפינען זיך אין ישראל ווי פּיאָנערן פון אַרבעט און שוץ, ווי דורך דער גרויסער מחנה פון צענדליקער טויזנטער תורמים, אין זכות פון אָט די עטלעכע אָנהייב־דערגרייכונגען נעמען מיר אויף דעם פּראָמינענטן גאַסט פון דער ייִדישער מדינה מיט דער פאַרזיכערונג, אַז דאָס אַרגענטינער ייִדנטום וועט זיך נישט צופרידנשטעלן מיט דאָס דערגרייכטע, נאָר ער וועט פאַרטאָפּלען און פאַרדרייפאַכן זיינע אָשטרענגונגען לטובת דער ייִדישער מדינה.

# מיר טאָרן נישט שווייַגן

צוויי פאַרשידענע זיך באַקעמפנדיקע און קעגנזעצטע השבונות ווערן איצט געפירט מיטן אַנטיסעמיטיש סאַדיסטישן דייַטשן פאָלק. די הייַנטיקע וועלט־הערשער, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט דער זייער „איידעלער מלאכה" פון צו־גרייטן נייַע שחיטות, פירן זייער אייגענעם חשבון, וואָס צייכנט זיך אויס מיט מחילה און סליחה; יעדן טאָג ווערן פון די טורמעס באַפרייַט די שרעקלעכסטע מערדער, אויף די וויכטיקסטע אַמטן אין אַלע— דורך די אַליאירטע חיילות — באַזעצטע געביטן זייַנען באַשטימט געוואָרן אַנטיסעמיטיש־קוליגאַנישע שטריי־כער נאַציס, אין די פלענער פון די אימפּעריאַליסטישע מאַכטהאָבער פיגורירט אויך די ווידערבאַוואָפענונג פון דייַטשלאַנד, די דאָזיקע קאַניבאַלן־נעסט — דאָס דייַטשע רייַך — ווערט געצערטלט פון נאָרדאַמעריקע, ווי פון סאָוועטנפאַר־באַנד און ס׳איז שוין נישט ווייַט דער טאָג, ווען דער פונדאָסנייַ באַוואָפנטער און פאַרפאַנצערטער דייַטשער גולם וועט ווידער ווערן דער קאָשמאַר פאַר דער פרייַהייט ליבנדיקער מענטשהייט און דער געשפּענסט פאַר דער פרייַער וועלט. דאָס ווערט אָבער געטאָן מיט דער אייַנציקער אויסרעכענונג, צו געווינען, זאָל זייַן אויף דערווייַל, די סימפּאַטיעס פון אַ פאָלק, וואָס אין אַ צוזאַמענשטויס צווישן מזרח און מערב, וועט עס באַווייַזן זייַנע קענטענישן אויפן געביט פון מאָרד און פאַרניכטונג.

דער צווייטער חשבון ווערט געפירט פון דער שארית ישראל קעגן דעם מאָדערנעם עמלק, דאָס דייַטשע פאָלק, וואָס האָט מיט אַלערליי מיתות משונות פאַרפייַניקט צום טויט אַ דריטל פון אונדזער אומה. אין עשרה בטבת פון תשי״א, אינעם צוויי טויזנט יעריקן נאַציאָנאַלן טרויער־טאָג פון אונדזער פאָלק, האָבן אונדזערע ברידער און שוועסטער פון מדינת ישראל זיך קאָנצענטרירט אויף אימפּאָנענטע טרויער־אַקאַדעמיעס צום הייליקן אָנדענק פון זעקס מיליאָן קדושים, יידישע מענער און פרויען, קינדער און אַלטע לייַט האָבן זיך אין דעם דאָזיקן טאָג מתייחד געווען מיט די טויזנטער חרוב געוואָרענע יידישע קהילות, מיטן הייליקן אַש פון פאַרברענטע יידן, מיט מיליאָנען אומבאַקאַנטע קברים, וואָס זייַנען צעשפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּע, אין דעם יום השואה איז די נאַציאָנאַלע פאָן געהילט געוואָרן אין שוואַרצן און שוואַרצע מאַפּעס פון אַלע לענדער און מקומות אין וועלכע די נאַציס, ימח שמם, האָבן אויסגעפירט

די מאַסן מאָרדן, זיינען אויסגעשפּרייט געוואָרן אויף די טישן פון אַלע רעגי־רונגס ביוראָען, פּונקט אין דעם דאָזיקן טאָפּלטן טרויער־טאָג זיינען זיך צו־זאַמענגעקומען אין בריסעל פאַרשטייער פון דרייצן אייראָפּעיִשע מדינות מיט די רעפּרעזענטאַנטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וועלכע האָבן אַרום אַ קײַלעכ־דיקן טיש מיט אַ גרינע מאַפּע באַהאַנדלט דעם איצטיקן וועלט־מצב און באַ־שלאָסן, אַרייַנצונעמען די דײַטשן אינעם אַטלאַנטיק פּאַקט און צו באַוואָפענען דאָס דײַטשע פאָלק, שטייט דאָס וועלט־ייִדנטום מיט זײַן העלדישן אַוואַנגאַרד אין מדינת־ישראל, פאַרציטערט און פאַרצאָרנט פון דער דאָזיקער געשעעניש, די פויסטן בײַלן זיך פון כעס, וועלן די דאָזיקע מערדער נאָכאַמאָל באַקומען וואָפן אין זייערע רוצחישע הענט? דער צער פאַרצערט אונדזערע הערצער, וויִט טאַקע אונדזער פאָלק, וואָס האָט דער וועלט געגעבן די אידייען פון פעלקער־שלום און פעלקער־פאַרברידערונג, זײַן אַן עדות פון אַ צוריק־אויפגע־לעבטער און ווידער־באַוואָפנטער דײַטשלאַנד?

דאָס ייִדישע פאָלק מוז אויסדונערן צו די מאַכטהאָבער זײַן פּראָטעסט און מאַכן אַן אייגענעם זכור אשר עושה לך עמלק פעסטשטעלונג, אַז דאָס דײַטשע פאָלק פון ביידע טיילן, אונטער דער „דערציִערישער אויפזיכט" פון די גרויסמאַכטן איז געבליבן דאָס זעלבע וואָס ס'איז געווען אין די — פאַר אונדז טראַגישע — יאָרן פון 1945־39.

מיר דאַרפן אָבער אויך זײַן ערלעך מיט זיך אַליין, ס'איז נישט גענוג דאָס זען געפּערלעכע חטאים ביי יענעם און בלייבן צופרידן, ייִדן דאַרפן האָבן דעם כוח, דעם געוואַגטן מוט צו דערבליקן אייגענע פעלערן, אייגענע פאַר־ברעכנס, וואָס געוויסע סקרופּולאָזע פאַרשוינען, וועלכע געהערן ליידער צום ייִדנטום, באַגייען טאָג־טעגלעך קעגן ייִדישן פאָלק, האַנדלענדיק מיט דײַטשע סחורות, אָדער פאַרשפּרייטן די „דײַטשע קולטור־ווערטן", שרײַבנדיק אפילו פון מאָל צו מאָל אַרטיקלען מיט וועלכע זיי, די דאָזיקע דעמאָראַליזירטע פּאַרטעי־ריִשע טיפּן, ווילן באַווײַזן די אומשולד פון די אָרימע דײַטשן, נעבעך... אָט האָט איר אַ בולטן בײַשפּיל פון אַזאַ צער בעל חיימישן שרײַבערץ פון אַ גע־וויסן ד"ר. סאַמי גראַנעמאַן, וואָס האָט דעם טרויעריקן מוט ריינצוואַשן די דײַטשע בעסטיעס פון די גרויליקע פאַרברעכנס קעגן ייִדנטום, אין דער יש־ראלדיקער צײַטונג „ידיעות אחרונות" פון א' כסלו התשי"א, וואָס האָט געגעבן פּלאַץ פאַר אַזאַ קוואַטש, געפינען זיך אַזעלכע „בלימעלעך" פון דעם ד"ר גראַ־נעמאַנס מוח און געדאַנקען־זומפּ: „די פעלקער פון אייראָפּע האָבן געקענט אויפהויבן אַ פּראָטעסט קעגן דעם וואָס היטלער האָט געמאַכט מיט די ייִדן, ליידער זיינען זיי געזעסן שטיל, עס זיינען נישט פאָרגעקומען קיין דעמאָנס־טראַציעס פאַרן קעניגלעכן פּאַלאַץ אין לאָנדאָן, אין די עליזע־פעלצער אין פּאַ־ריז, פאַרן ווײַסן הויז אין וואַשינגטאָן און פאַרן קרעמל אין מאָסקווע, דעריבער

קען מען זאָגן, אַז שולדיק אין דעם מאָרד פון ייִדנטום זיינען אַלע. יעדער איינער בירגער אין אייראָפּע, אַמעריקע און אַזיע, וועלכע האָבן געשוויגן, אויסער איין פאָלק — דווקא דאָס דײַטשע ווײַל אירע זין זיינען געווען די איינציקע, וועלכע האָבן נישט געקענט פּראָטעסטירן, ווײַל דײַטשלאַנד איז געווען דאָס איינציקע לאַנד, ווו ס'איז נישט געווען קיין פרייהייט פון וואָרט און פּרעסע און ווו דער מינדסטער פּראָטעסט, וואָלט באַטייט זעלבסטמאָרד". דורכלייענענדיק אַזעלכע „פערלדיקע אויספירן" נעמט איבלען אויפן האַרץ, ס'עקלט מיט אַלע עקלען קעגן אַזאַ „ייִדישן" שרײַבער און ס'נעמט שווינדלען פאַר די אייגן דער דאָזיקער געשריבענער לויב־געזאַנג אויפן חשבון פון היטלערס און שטרייכערס דײַטשע פאָלק יימח שמם וזיכרם, וועמענס זין און טעכטער האָבן אויפן באַרבאַרישן אופן אויסגענוצט היטלערס פרײַהייט צו רויבן און מאָרדן ייִדן, סײַ אין דײַטשלאַנד גופא פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, סײַ אין גאַנץ אייראָפּע, ווו די נאַציס האָבן געשאָכטן, פאַרגאַזט, דערשטיקט, אויסגעשאָסן, פאַרפײַניקט זעקס מיליאָן ייִדישע נפשות, ווייסט טאַקע נישט ד"ר גראַנעמאַן, אַז זײַנע אָרעמינקע און גוטהאַרציקע דײַטשן און דײַטשקעס, וועלכע האָבן נעבעך נישט „געקענט פּראָטעסטירן קעגן היטלערן, ווײַל ס'איז דערצו נישט געווען קיין פרײַהייט פון וואָרט און פּרעסע" — האָבן אויסגעבויט גאַז־קאַמערן און די קרעמאַטאָריומס אין מײַדאַנעק, טרעבלינקע, אוישוויץ, באַבי־יאַר, בעלזשעץ און כמעלנאָ, אַז די זעלבע באַרבאַרן האָבן צעקלאַפּט די קעפּלעך פון ייִדישע קינדערלעך אין טעלעפאָן־סלופּעס, אין שטיינערנע ווענט און דײַטשקעס האָבן געקוואָלן פון פרייד, ווען זיי האָבן זייערע באַנדיטישע קערפּערס געוואַשן מיטן זייף פון ייִדנפעטס. ס'קאָן זײַן, אַז דר. גראַנעמאַן האָט דערפון זיכער געוווּסט, בפרט ווען מען וווינט כסדר אין תל אביב, אָבער מיר זיינען נישט זיכער, צי ער האָט געשפּירט דעם צער פונעם ייִדישן פאָלק אין די טעג און יאָרן פון זײַן אומקום אונטער דער נאַצישער מאָרד־מאַשין! דאָס וואָס איך האָב פריער ציטירט פון דער צײַטונג „ידיעות אחרונות" באַווײַזט, אַז פּאָליטישע טמאים דרייען זיך אַרום אין אונדזער מחנה און ווילן ריינוואַשן די שולד פון דײַטשן פאָלק אין די אויגן פון וועלט־ייִדנטום. לאָמיר האָפן, אַז דווקא אין ישראל וועט דער דאָזיקער „ייִדיש העברעישער שריפטשטעלער" נישט געפינען דעם פּאַסיקן באָדן פאַר זײַנע רחמנות־קאַמפּיינען לטובת דעם דײַטשן פאָלק.

אויך אינערהאַלב דעם אַרגענטינער ייִדנטום דרייען זיך אַרום טונקעלע ייִדישע פאַרשוינען, וואָס באַזוכן ייִדישע קאָמערץ־הײַזער, פאָרלייגנדיק דעם פאַרקויף פון דײַטשע סחורות און די דאָזיקע „פאַרקויפער" און „סוחרים" בילדן שוין אַ גרויסע רשימה פון שדים־טענצער אויף די קברים פון אונדזערע קדושים. פאַר אַ ביסל פאַרדינסט איז מען גרייט צו פאַרקויפן די אייגענע נשמה, צו פאַרשפּײַען די אייגענע, וואָס זיינען אומגעקומען פון די נאַצישע

באַנדיטן און זיך צו פאַרוואַנדלען אין קאָלאָבאָראַציאָניסטן פאַר דער ווידער־אויפלעבונג פון דער דייטשער עקאָנאָמיע.

די צענטראַלע אינסטאַנצן פון אונדזער ישוב, ווי די ייִדישע באַפעלקערונג אין אַלגעמיין, האָבן לײדער נישט געשאַפן די גיהעריקע אַטמאָספערע, נישט געוועקט דעם ייִדישן געפיל פון זעלבסטווירדע און זעלבסט־אַכטונג, נישט רעאַגירט, ווי עס דאַרף צו זײַן, סײַ קעגן דער ווידער־באַוואָפענונג פון דײַטשלאַנד דורך די מאַכטהאָבער, סײַ קעגן די אייגענע ייִדישע דעזערטירער פון אונדזער נאַציאָנאַלן פראָנט. ווי איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז דער דריטער גרעסטער ייִדישער ישוב אויף דער הײַנטיקער ייִדישער וועלט־מאַפּע זאָל אַזוי אומברחמנותדיק שווײַגן און פאַרשווײַגן פרעמדע און אייגענע פאַרברעכנס ? דאָס אָרגענטינער ייִדנטום וועט דאַרפן, צוזאַמען מיטן גאַנצן ייִדישן פאָלק און מיט זײַן שעפערישן פאָרפּאָסטן אין ישראל, פירן דעם ייִדישן חשבון מיט דײַטשלאַנד, וואָס טאָר נישט וויסן פון קיין רחמנות צום מערדער, פון קיין שום מיטאַרבעט מיט די הײַנטיקע פירער פון דײַטשן פאָלק, אַ חשבון, וואָס הייבט זיך אָן און וועט זיך פאַרענדיקן מיט זכור אשר עשה לך עמלק.

# 15 יאָר מדינת ישראל – אַ סטאַנציע אויפֿן וועג צו גאולה שלמה

י ו ם  ה ז כ ר ו ן, אַ טאָג פֿריער פֿאַרן יום־העצמאות ווערן אין דער ייִדישער מדינה ווירדיק באַערט אַלע גבורי־ישראל, וועלכע זיינען געפֿאַלן אין אַן אומפֿאַרגלייכלעכן קאַמף מיט די איבערוועגנדיקע באַוואָפֿנטע כוחות, אין דער שלאַכט פֿאַר דער לעצטער ייִדישער פֿרייהייט.

י ו ם  ה ז כ ר ו ן, די דאָזיקע צוויי ווערטער זיינען כולל אין זיך טרערן און בלוט, אַרבעט און שווייס, גבורה און קדושה, באַגלייט פֿון איבערמענטשלעכע חלוצישע קרבנות־גרייטקייט פֿאַר די אידעאַלן פֿון שיבת־ציון און גאולת־העם. דאָס זיינען געווען די ערשטע יסודות אויף וועלכע די ייִדישע מדינה איז מיט 15 יאָר צוריק פּראָקלאַמירט און פֿאַרפֿעסטיקט געוואָרן.

י ו ם  ה ע צ מ א ו ת, הײַנט פֿײַערן מיר די בת־מצווה פֿון מדינת־ישראל. וואָס זיינען 15 יאָר אין לעבן פֿון אַ פֿרײַ פֿאָלק? וואָס פֿאַר אַ באַדײַטונג האָבן זיי אין אונדזער געשיכטע? די דאָזיקע אַנדערהאַלבן צענדליק יאָרן פֿון דער ייִדיש־נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט האָבן הינטער זיך דעם גלות־פּײַן פֿון הונדערטער דורות און זייער בענקשאַפֿט צו אויסלייזונג. יעדער טאָג פֿון די דאָזיקע בת־מצווה יאָרן שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ גאַנצע תקופה פֿון דערגרייכונגען... איין טאָג פֿון פּראָדוקטיווע לייסטונגען פֿאַרן אויפֿבוי פֿון דער ייִדישער מדינה איז שקול קעגן הונדערטער יאָרן גלות-שאַפֿונגען אויף די פֿעלדער פֿון גײַסט. אמת, יענע הונדערטער יאָרן פֿון ייִדיש־גײַסטיקער יצירה, פֿון קידוש־השם העראָאיזם, האָבן דערמעגלעכט אַראָפּצונעמען דעם שווערן פֿעלדז פֿון דעם גרויסן פֿאָלקס־ברונעם, אין וועלכן עס זײַנען אײַנגעזאַמלט געוואָרן די גאולה־בענקשאַפֿטן צו אַן אויסגעלייזטער ארץ ישראל, כדי הונדערטער טויזנטער זין און טעכטער פֿון אונדזער פֿאָלק, פֿון אונדזער הײַנטיקן ייִדישן דור, זאָלן זיך קענען טובלען אין די באַפֿרײַטע גאולה־שטראָמען, כדי צו שאַפֿן די וווּנדערבאַרע ציוניסטישע און חלוצישע באַוועגונגען, וואָס האָבן די שיבת־ציון געהאַלטן, געפֿלאַסטערט וועגן און מנצח געווען דעם מדבר, געפֿלאַנצט וועלדער און אידעאַלן פֿאַרוואַנדלט אין אַ ווירקלעכקייט, געטריקנט מאַלאַריע־זומפּן און אויס־

באַגרינט פעלדער, כדי צו געבן שאָטן און ברויט די בויער און קעמפער, ווײַל אַן יענע דורות פון ייִדישן גײַסט, פון גרויסע קולטור־שאַפונגען, פון דער צוגע־בונדנקייט צו גאָט און געטלעכקייט, צו אמונה און דת ישראל, וואָלט נישט מעג־לעך געווען דער אויפקום פון מדינת־ישראל, אָבער אין יעדן טאָג פון די דאָזיקע 15 יאָר ווערט געשריבן אַן אַנדערע ייִדישע געשיכטע, די היסטאָריע פון ייִדי־שער פרײַהייט, די אויסלייזונג פון אַ גאַנץ פאָלק און דער אויפבוי פון זײַן מדינה, עס ווערט דורך בויער און קעמפער אָנגעשריבן אַ נײַער תנ״ך, וואָס יעדעס בלעטל און פרשה וועט זײַן אַ ווירדיקער המשך פון דעם גלאָררײַכן ייִדי־שן עבר.

יום־העצמאות. וועגן ביאת־המשיח איז פאַראַן אַ לעגענדע וועגן דער פאָרם און אויסזען פון משיחס קומען.

צווייערליי אַספּעקטן דאַרף האָבן דעם גואל׳ס דערשײַנען: „אָדער ווי אַ פּרינץ, רײַטנדיק אויף אַ ווײַס פערד״, אָדער „ווי אַן אָרעמאַן, רײַטנדיק אויף אַן אייזעלע״. אין אונדזער דור האָט די ציוניסטישע מחנה און די חלוצישע באַוועגונג, די העראָאישע אַוואַנגאַרדן פון דעם גאַנצן ייִדישן פאָלק, געבראַכט דעם גואל אויף די אייגענע הענט: משיח איז געקומען מיט פלאַנצן פון יעדן בוים, ביים אויפאַקערן יעדן רונאָם באָדן, ביים אויסטריקענען זומפּן, מיט אויפ־שטעלן שטעט און קאָלאָניעס, ביים גראָבן וואַסער־ברונעמער און מיטן אַרײַנ־ברענגען וואָס מער ייִדן קיין ארץ ישראל. אונדזערע חכמים אין דער ווײַט־ווײַטער פאַרגאַנגענהייט האָבן גאָרנישט געטראַכט אין דער דאָזיקער דריטער פאָרם פון ביאת־המשיח.

יום העצמאות 1963. דער 15טער אַניווערסאַר פון מדינת־ישראל ווערט אַ צט דערמאָנט און געפײַערט אונטער צייכן פון אַ דערוואַכטן אַנטיסעמיטיזם אין דער פרײַער וועלט, באַגלייט פון אַן אוקראַיניזירטע שנאת־ישראל אין דער קאָמוניסטישער וועלט. דערצו, דאַרף פאַרצייכנט ווערן דער השפּעה־וווקס פון דעם אַראַבישן היטלער, נאַסער, וועלכער פירט דורך רעוואָלו־ציעס אין די אַראַבישע לענדער מיטן הויפּטציל, אַרומצוזינגלען ישראל, כדי איר און אונדז שלעכטס צו טאָן. דאָס זעלבע נאָרד־אַמעריקע, וואָס נעמט אָן אַלע פאַרזיכטס־מיטלען קעגן קאַסטראָס קובאַ, עס אַרט גאָרנישט דער פאַקט, וואָס דאָס פאַשיסטישע, נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע עגיפּטן באַוואָפנט זיך ביז איבער די ציין קעגן דער ייִדישער מדינה. אויב ישראל האָט אין דער סיני־אַקציע געטאָן דאָס, וואָס צפון־אַמעריקע וויל טאָן מיטן קאָמוניסטישן קובאַ, האָט זיך דעמאָלט אויפגעהויבן אַ דראָונג קעגן ישראל, באַגלייט פון אולטימאַטיווע פאָדע־רונגען פון זיך צוריקציען פון די דערָאָבערטע שטחים, וועלכע האָבן דעמאָלט, פונקט ווי הײַנט, באַדאַרפט זײַן אַ גרענעץ־זיכערקייט פאַר דער ייִדישער מדינה.

היינט ווערט דאָס נאַסערישע עגיפּטן באַזאָרגט מיט געלט און מיט כלי־משחי־תים, וואָס שטראָמען אָן אַן אויפהער פון די פירער פון ביידע וועלט־בלאָקן, דערצו אַרבעטן די משחיתים־וויסנשאַפטלער פון היטלערס מאָרד־שולע צו דינסט פון נאַסערס כוליגאַניזם און די סכנה פאַר ישראלס קיום ווערט פון טאָג צו טאָג ערנסטער און דראָענדיקער.

אינעם טאָג פון ישראלס 15־טן קיום־יאָר, ווערט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק אויפגערופן צום ספר החיים, כדי מיט אַלע כוחות צו באַשיצן די יידישע מדינה און איר צו געבן דעם גרויסן אימפּולס צו קענען ממשיך זיין איר היסטאָרישן וועג, וואָס פירט פון איר בת־מצווה סטאַנציע צו דער גאולה שלימה פונעם גאַנצן יידישן פאָלק.

# יום העצמאות – אונדזער גאולה יום־טוב

**(צום 20סטן קיום־יאָר פון מדינת ישראל)**

—— א. ——

### ביז צו דער יידישער מדינה

ס׳איז באַקאַנט דער פאַקט, אַז במשך פון קנאַפּע 2 טויזנט יאָר גלות האָבן יידן געוואַנדערט איבער אַלע וועלט טיילן, אָפטמאָל געטריבן פון לאַנד צו לאַנד דורך אומברחמנותדיקע שונאים, מיט זיי איז מיטגעגאַנגען דער הייסער באַגער, דער אומגעצוימטער רצון, אויפצושטעלן אַ רואיקע שטילע היים, אין וועלכער מען קאָן זיך אפשר אַמאָל יחידיש שיצן און זיך פון צייט צו צייט פאַרטיידיקן קעגן דרויסנדיקע אַנגרייפער און סכנות.

אין גאָר שווערע שעהן פלעגן יידן אין אַלע גלותן זיך זאַמלען אין אייגענע היימען, ווי די שילדקרעטן און אין זיי זיך אויסבאַהאַלטן, פלעגן קומען רואיקע מינוטן, פרייע שעהן, אַמאָל שטילע יאָרן, פלעגן יידן אַרויסגיין פון די הייזער, כדי צו האָבן אַ פאַרבינדונג מיט דער דרויסנדיקער וועלט, אַריינצואָטעמען אין די לונגען פרישע לופט, כאַפּן אַ בליק אויף גרינע פעלדער און זיך קוויקן מיט גאָטס פרייע וועלט, אָדער קומען אין מגע ומשא מיט גויים – פאַרפאַלגער, נעכ־טיקע איבערפאַלער און הייגטיקע פון צאָרן באַפרייטע שכנים, צוליב פאַרזיכערן דאָס שטיקל ברויט פאַר פרוי און קינדער, ווי אויך נאָכצוקומען די כלל ישראל הצטרכותן.

אָבער נישט לאַנג פלעגן דויערן די אויסערלעכע קאָנטאַקטן מיטן אכזריותדיקן און מערדערישן דרויסן, ווו ס׳האָבן געהערשט שונאי ישראל מיט גיפטיקן כעס קעגן יידן, וואָס זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן אין ענגע געטאָס. פאַרמשפּטע צום הונגער־טויט, צו דערנידערונג, צו שאַנד און שפּאָט, בפרט צום הפקר.

יידן אין אַלע גלות דורות זיינען געוואָרן ענלעך צו שילדקרעטן, וואָס לעבן אין זייערע האַרט־פאַרשטיינערטע שוך־פאַנצערס פון וועלכע מען קאָן נישט באַפרייט ווערן, אפשר קאָן מען פון זיי נאָר אַרויסווייזן דעם קאָפּ, אָבער מען דאַרף אים צוריק באַהאַלטן צוליב דער מורא פאַר כאַפּן קלעפּ...

פלוצים זיינען געקומען די שווערע ביטערע, די רוצחישע, היטלער יאָרן פון

אומקום און מיתות משונות, דעמאָלט איז אויך דער שילדקרעט־פּאַנצער צע־ברעקלט געוואָרן אונטער די קלעפּ פון נאַצי־פאַשיזם און מיט איינמאָל האָבן מיר דערזען די שרעקלעכסטע הפקר־וועלט אין אונדזער אייגענע אָדם־נאַקעטקייט.

דער היטלעריסטישער מאָרד־שטורעם איז פאַריבער. הינטער אים זיינען פאַרבליבן 6 מיליאָן אויסגעהרגעטע יידן און אַ סך פון דעם שארית ישראל, אין פאַרשיידענע וועלט־טיילן, בפרט אין לאַטיין־אַמעריקע, איינגעשלאָסן גרויסע חלקים פון דער יידישער אינטעליגענץ, האָבן אָנגעהויבן צוריק אַריינצוקומען אין פרעמדע הייזער, וועלכע האָבן מיט זייער אויסערלעכער שיינקייט צוגעצויגן צו זיך און אינעווייניק — האָבן יידן באַקומען נייע פרעמדע לערעס, פאַרשימלטע „תורות" וועגן מענטשן־ליבע, וועלט־יושר, צדק און משפּט, אַרויסגענומענע פון פאַרדומפּ־טע קעלערס, פון פאַרשימלטע גייסט־חורבות, וואָס זיינען שוין פון לאַנג פרעמד און ווייט צו דער יידישער נשמה.

ס׳איז טאַקע געווען אויף דער יידישער גאַס אַ ציוניסטישער אידעאַל, מען האָט טאַקע געלערנט יידן זיך צו באַוואָפענען מיט זעלבסטווירדע, מיט יידיש־נאַציאָנאַלן שטאָלץ, אָבער דאָס האָט נישט געשטערט יענע יידן פרייוויליק אַריינ־גיין אינעם ים פון אַסימילאַציע און זעלבסטפאַרלייקענונג. אַ סך האָבן זיכער געטראַכט, אפשר איז דאָס אַ מיטל פטור צו ווערן פון יידישקייט־עול? אפשר איז דאָס דער נייער וועג אויף וועלכן מען דאַרף, וואָס שנעלער אַוועקגיין פון יידישן פאָלק?

ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן, נישט די יידישע היים־שוץ מיטן אויסזען פון שילדקרעטן־פּאַנצערס, נישט די אַסימילאַציע אין אַלע אירע פאָרמען. די גרוי־זאַמע הפקר־וועלט אין באַצוג צו יידן — האָט געעפנט אויגן פון בלינדע, האָט געשאַפן אַ נייעם חוש השמיעה, האָט איבערגעפלאַנצט חושים און הערצעצער, מיט אַמאָל האָבן אָפּגעפרעמדעטע און דערווייטערטע יידן דערפילט, אַז זיי זיינען נישט נאָר אין גלות, נאָר געפאַנגען פון פאַלשע שטרעבונגען, דינער פון פרעמדע געטער, פון אָפּנאַרערישע אידייען, זייערע נייע חושים און באַנייטע יידישע הער־צער זיינען געוואָרן ענלעך צו דעם סאָרט בלומען, וועלכע בויגן זיך אויס צו די זון־שטראַלן, זיי האָבן גענומען — אפילו פון דער ווייטנס — אַריינאָטעמען די לופט פון יידישן היימלאַנד, יידישע גופים מיט יידישע נשמות האָבן גענומען קעמפן פאַר ייד׳שער גאולה־רעאַליזאַציע.

הײַנט זיינען מיליאָנען יידן אין דער וועלט איבערצייגט, אַז אין ליכט פון נעאָ־נאַצישן ווּוקס, פון פאַרייניקטער נאַצי־קאָמוניסטישער שנאת־ציון, וועט קיי־נער נישט באַהאַלטן דעם קאָפּ, ווי דער שטרויס־פויגל, — אין זאַמד, כדי נישט צו זען די אָנקומענדיקע סכנות, כדי נישט צו רעאַגירן קעגן דעם העסלעכן אַנטי־סעמיטיזם, פאַרקערט, דאָס וועלט־יידנטום איז קאַמפּס־גרייט קעגן שונא, מעג ער האָבן טויזנט פּנימער און מיליאָנען באַהאַלטענע כוונות... דאָס יידישע פאָלק

זעט איצט די שנאה־מויערן אַרום זיך, פילט דעם דרוק אויף זיך פון מכלומרשטע פריינט, בפרט פון אָפענע שונאים, דאָס קאָלעקטיווע יידישע אויער הערט די קרעכצן פונעם סאָוועטישן יידנטום, דאָס פאָלק ישראל איז מוחל די זיסע רייד פון דער היינטיקער קאַטוילישער וועלט, וואָס די צונג איז באַשמירט מיט האָניק און מילך, אָבער אין די הענט האַלט מען קעגן אונדז שאַרפע שווערדן... דאָס דאָזיקע טרויעריקע בילד זעען מיר כמעט אין אַלע וועלט־טיילן, בפרט אין אייראָפּע, ווי אין לאַטיין־אַמעריקע.

מיט 20 יאָר צוריק איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די יידישע מדינה, איר אומאָפּהענגיקייט איז געחתמעט געוואָרן פון אַלע יידישע דורות. מיר יידן, פון דעם היינטיקן גליקלעכסטן און אומגליקלעכסטן דור, וועלן מוזן זאָרגן פאַר ישראלס זעלבסטשטענדיקייט, כדי יידן זאָלן מער נישט געוואָרפן ווערן אין גאַז־אויוונס, אָדער לעבן ווי שילדקרעטן...

— ב. —

## ס'איז שווער צו זיין אַ ייד

דער חורבן פון אונדזער אומה איז אונדז גורם דעם שרעקלעכסטן שאָדן. אַלע זעען, אַז די קליינע באַגייסטערונג פאַרן יידישן חינוך, האָקט איבער דעם פּראָצעס פון פאָלק־המשך. מיר קוקן אויף די יידישע פאָלקס־מאַסן אין צפון־אַמעריקע און אין לאַטיין־אַמעריקע, וווּ עס געפינט זיך דער רוב מנין ורוב בנין פון יידישן פאָלק, און פילן דעם יידיש־גייסטיקן צוזאַמענברוך, וואָס שלעפּט מיט זיך מיט דעם יונגן יידישן דור, וועלכער איז אַרויף אויף מאַטעריאַליסטישע וועגן אינערהאַלב דעם אייגענעם פאָלק און האָבן גלייכצייטיק זיך משדך געווען מיט פרעמדע אידעאַלן, זאָרגנדיק פאַר די „אומגליקלעכע" פון אַלע פעלקער, אָבער וועלכער וויל נישט זען דעם שווערן גוראַנגל פון אייגענעם יידישן פאָלק פאַר זיין קיום, פאַר זיין פרייהייט, פאַר דער יידישער מדינה.

אויב ציוניסטישע מנהיגים גיבן נישט זייערע קינדער קיין עכטע יידישנאַציאָנאַלע דערציונג, אויב „באַגייסטערטע" ציוניסטן דערווייטערן זיך פון דער יידישער טראַדיציע און אויב זיי אַליין שטאַרקן נישט זייער בונד מיט יידישקייט, ווערן מיר טאַקע אָנגעשטעלט פנים אל פנים מיט דער נייערווירקלעכקייט, וואָס ווייזט אָן אויף שריט און טריט

אויף דער לייכטקייט און באַקוועמלעכקייט צו זיין אַ ציוניסט און אויף דער אחריות און שווערקייט צו זיין אַ עכטער ייד.

אָבער מיט וועלכע מיטלען און מעטאָדן קאָנען פאַרווירקלעכט ווערן די ציוניסטישע מחשבות? מיט וואָס און דער עיקר, ווי אַזוי קענען מיר גאַנץ מאַכן

די שפּאַלטן און די ווענט פון אונדזערע היימען? פריער פון אַלץ דאַרף יעדער ציוניסט דערהאַלטן אין זיך אַליין זײַן ביסל ייִדישקייט, פאַרוואַנדלען זײַן שטוב אין אַ ייִדישקייט-פעסטונג, וועגן גענבן אַן עכטע דערציִונג זײַנע קינדער, קאָן נישט זײַן קיין שום וויכוח. די ציוניסטישע מחנה דאַרף איצט נישט ציילן מיט מיליאָנען מיטגלידער, מיט פיקטיווע שקל-באַזיצער, נאָר מיט דעצידירטע קעמפער פאַר ייִדישקייט און פאַר מדינת ישראל.

ביים 20טן קיום יאָר פון דער ייִדישער מדינה מוז אויפשטיין צום לעבן אַ נײַער רעוואָלוציאָנערער ציוניסט, וועלכער זאָל פונדאַסנײַ אַרײַנדרינגען אויף אַלע לעבנס-שטחים פון ייִדישן פאָלק, כדי פון אינעווייניק צוריקצוגעבן דעם ייִדישן לעבן אַ גײַסטיקן אינהאַלט, צו שטאַרקן די פעסטונגען פון ייִדישקייט, צו פאַרטרײַבן אַסימילאַציע און געמישטע חתונות, גאַנץ צו מאַכן די שפּאַלטן פון דער אייגענער היים. ציוניזם טאָר מער ניט דינען אַלס טיטל, אָדער אַלס באַצייכענונג, אָן אינהאַלט און פרײַ פון מעשים.

יעדער ציוניסט מוז הײַנט דערהערן דעם געבאָט פון דער שעה צו גיין פאָרויס פאַרן פאָלק ווי אַ רעוואָלוציאָנערער חלוץ און זײַן אַ שלימותדיקער ייִד.

נאָר דעמאָלט וועט יעדער קאָנען זאָגן: ייִדישקייט און ציוניזם דערגענצן זיך און שטעלן מיט זיך פאַר אַ ריזיקע גײַסטיקע קראַפט פאַרן ייִדישן פאָלק און פאַר זײַן היימלאַנד.

—— ג. ——

## די אויפגאַבע פון יידנטום: אויסלייזונג פון יידישן פאָלק

אויף דרײַ וועגן זיינען די מנהיגים פון ייִדישן פאָלק, אין סוף פון פאַריקן און אָנהויב פון הײַנטיקן יאָרהונדערט געגאַנגען צו רעאַליזירן די גאולה-בענקעניש פון ייִדישע דורות: א) אחד העם און זײַנע אָנהענגער האָבן ערנסט געגלויבט, אַז גאולת ישראל וועט רעאַליזירט ווערן דורך אויפשטעלן אין ארץ ישראל אַ „גײַסטיקן צענטער" ווײַל נאָכאַמאָל איז אונדזער פאָטערלאַנד באַשטימט פון דער השגחה צו זײַן דער פלאַץ פאַר נביאים, ווי פאַר גרויסע גײַסט-מענטשן, וועלכע וועלן באַלײַכטן די וועגן פון דער מענטשהייט. אין זכות פון אַזאַ גײַסטיקער שליחות — האָבן געגלייבט די אחד העמיסטן, וועט ארץ-ישראל און אונדזער פאָלק פאַרבלײַבן די „געצערטלטע קינדער" ביי די אומות העולם. ב) דער שעפער פון פּאָליטישן ציוניזם, ד"ר בנימין זאב הרצל און זײַנע טרײַע מיטאַרבעטער, האָבן געטראָגן אין האַרצן די טיפע איבערצײַגונג, אַז נאָר דורך אַ באַנײַטע ייִדישע דיפּלאָמאַטיע, וועט דאָס ייִדישע פאָלק צוריקבאַקומען זײַן פאָטערלאַנד. ד"ר הרצלס רײַזעס איבער דער וועלט זיינען פול מיט דיפּלאָמאַטישע געשפּרעכן און

אונטערהאַנדלונגען, אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל — מיטן סולטאַן, אין רוים — מיטן פּויפּסט, אין רחובות — מיטן קייסער ווילהעלם פון דײַטשלאַנד און אין פּעטער־בורג — מיט פּלעווען. דער משא ומתן מיט די דעמאָלטיקע הערשער האָט נישט געברענגט קיין שאָדן די יסודצילן פון ציוניזם, אָבער זיי האָבן אויך נישט פאַר־שנעלערט די באַפרײַונג פון יידישן פאָלק. ג) איז געקומען אויף דער ציוניס־טישער אַרענע דער גרויסער חלוצישער מחנך — בערל כצנלסון, וועלכער האָט קלאָר געזאָגט און די יידישע יוגנט האָט אים ריכטיק פאַרשטאַנען: ארץ ישראל וועט נישט אויסגעלייזט ווערן דורך נביאים, אויך נישט דורך אַ באַנײַטע יידישע דיפּלאָמאַטיע, נאָר מיט דער הילף פון חלוצים. הרצל האָט טאַקע באַשאַפן דעם פּאָליטישן ציוניזם, אָבער דער חלוציזם אין אַלע זײַנע פאָרמען און אַרבעטס־מאַניפעסטאַציעס — האָבן פאַרווירקלעכט זײַן אידעאַל, וואָס איז געווען באַהאַלטן אין זײַנע גרויסע טויזנט־יאָריקע יידישע פרײַהייט־שטרעבונגען.

אין מײַנע קינדער־יאָרן, ווען כ׳בין געווען אַ תלמיד ביי מײַן רבין ר׳ חיים אין ניעמיראָוו, געדענק איך נאָך ווי הײַנט, ווען אין די ווינטערדיקע פאַרנאַכטן אין „חדר״, אין דער בין השמשותדיקער שטילקייט, האָט דער רבי פאַר אונדז געשילדערט די פּרעכטיקע לעגענדע וועגן משיחס קומען: „אין צווײ פאָרמען דאַרף דערשײַנען דער גואל ישראל, ווי אַן אָרעמאַן, רײַטנדיק אויף אַן אייזעלע, אָדער ווי אַ פּרינץ, אָנקומענדיק אויף אַ ווײַס פערד״ ווײַזט זיך אָבער אַרויס אין דער רעאַליטעט אַז דער בעל אגדה האָט זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן אַ דריטע פאָרם פון משיחס קומען — אין דער פאַרקערפּערונג פון לעבעדיקע חלוצים, קעמפער און בויער פון דער יידישער מדינה.

אין 20טן יאָרטאָג פון דער יידישער מדינה קענען מיר זאָגן מיט פרייד, אַז גאולת ישראל איז געוואָרן אַ ווירקלעכקייט דורך חלוצישע הענט, דורך זייער מיזאָמע אַרבעט, דורך זייער בויען, אַקערן, זייען, פלאַנצן; שנײַדן די תבואה, דורך זייער פאַרוואַנדלען זומפּן אין בליענדיקע פעלדער.

משיח, דער גואל ישראל, איז געקומען אויף די אַקסלען פון אַלע טיילן פון יידישן פאָלק, וואָס האָבן אים געוואָלט זען אין הײַנטיקן דור, אָבער ביאת המשיח איז געוואָרן אַ שיינער רעאַליזם דורך דער העלדישער ישראל־יוגנט, סײַ אין אירע אַרבעטס־קליידער און סײַ אין אירע מיליטערישע אוניפאָרמען.

הײַנט פײַערן מיר 20 יאָר יידישע מדינה מיט אַ דאָפּלטן געבאָט: באַלעבן די יידישע נשמה מיטן קאַמפס־גײַסט פון אַ באַנײַטן רעוואָלוציאָנערן ציוניזם און צו שטאַרקן דאָס גאולה־ווערק פון דער יידישער מדינה מיט אַלע רעסורסן פון יידישן פאָלק.

# ציוניזם און זײַנע איצטיקע ראַנגלענישן

— א. —

## פון דעמאָביליזאַציע ביז מאָביליזאַציע

מיט דער עטאַבלירונג פון דער יידישער מדינה, דאָס קרוין־ווערק פון דער ציוניסטישער וועלט מחנה, איז געבליבן אין דער יידישער וועלט דער רושם, אַז ציוניזם איז אַרײַנגעגאַנגען אין דער פאַזע פון דעמאָביליזאַציע, פון אויפלייזונג. די אומגעהויערע פרייד פון דער רעאַלער עקזיסטענץ פון אַ יידישער אומאָפּהענגיקייט אין די איצטיקע גרעניצן פון ישראל, האָט אַרויסגערופן צום לעבן הונדערטער טויזנטער אָנהענגער פון אונדזער מלוכה־געדאַנק, נעכטיקע אידעאָלאָגישע שונאים און סתם ספקער אין די אמתן פון דער ציוניסטישער לערע, זײַנען איבערנאַכט און ווי אַנגערירט פון אַ צויבער־שטעקעלע, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין הייסע פרײַנט פון דער נײַער יידישער מדינה־ווירקלעכקייט, וואָס איז באַצירט געוואָרן מיט אַן אַנערקענטע — דורך אינטערנאַציאָנאַלע פאַקטאָרן — בלויוויַסע פאָן, מיט ישראלדיקע דיפּלאָמאַטישע פאָרשטייער, מיט כבודים, צוגעטיילטע און אָפּגעגעבענע מצד פרעמדע מדינות און פעלקער. דאָס אַלץ האָט געלאָקט און געכשופט און די פרײַנט האָבן זיך געמערט. די יידישע גאַס איז באַהערשט געוואָרן פון יום העצמאות־פרייד, אָבער זי איז אויסגעליידיקט געוואָרן פון יידיש־נאַציאָנאַלן אינהאַלט, פון ציוניסטישע אידעאַלן.

אין מײַנע אויערן קלינגט נאָך ביז הײַנט (הגם דאָס איז שוין אַ קיימא לן פון העכער 18 יאָר), פריש, אָבער גרילצנדיק, אַן אַרויסטריט פון אַ נעכטיקן שונא ציון און אַ פלוצים־אויסגעביטענער אויף אַ ישראל פרײַנט. אויף איינע פון די ערשטע לאַנד־צוזאַמענפאָרן פון היגן קרן היסוד ־ המגבית המאוחדת לישראל, וועלכער האָט געזאָגט: אַז „דאָס געלט, געזאַמלט ביי אַרגענטינער יידן פאַרן ישראל־אויפבוי, דאַרף זײַן באַשטימט נאָר פאַר קאָלאָניזאַציע, אָבער נישט פאַר עליה און בטחון״... דאָס איז געזאָגט געוואָרן באַלד נאָך צאַראַפּקינס רעדע און צושטימונג צו דער אָנטשטייאונג פון מדינת ישראל. מיט אַנדערע ווערטער דינט דאָס געזאָגטע ווי אַ משל אויף דעם פאַקט, ווי אַזוי די נײַע „פרײַנט״

האָבן פאַרשטאַנען די הילף און די מיטאַרבעט פאַר ישראלס שטאַרקייט און זעלבסטשטענדיקייט, ווייל ביז צום הײַנטיקן טאָג זיינען צענדליקער טויזנטער אַזעלכע פרײַנט, אפילו די יעניקע, וואָס מיינען דאָס ערנסט, נישט געקומען צום פולן ציוניסטישן באַוווסטזײַן.

די ציוניסטישע מנהיגים פון דער ציוניסטישער וועלט־עקזעקוטיווע, פון דער יידישער אַגענץ פאַר ארץ ישראל, וועלכע האָבן אומדערמידלעך געקעמפט פאַר דער רעאַליזאַציע פון גאולה־אידעאַלן, זיינען פון 14טן אויפן 15טן מאַי פון יאָר 1948, פאַרוואַנדלט געוואָרן (נישט אַלע) אין מיניסטאָרן, דיפּלאָמאַטן, מיליטער שעפן, רעגירונגס באַאַמטע, האָבן געזען גרויסע בענגאַלישע פײַערווערק, אין ווע־מענס ליכט עס האָט זיך אַנטפּלעקט די מעכטיקע יידישע פאָלקס־התלהבות. זיי האָבן געמאַכט פאַלשע חשבונות, מיינענדיק, אַז איצט איז שוין מער נישט נוי־טיק די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, בפרט אירע אידעאַלן, לערעס און פּרינציפּן, זי האָט טאָקע דערפירט צו דער אויפריכטונג פון מלכות ישראל, אָבער די ווײַטער־דיקע אַרבעט געהערט שוין צום גאַנצן יידישן פאָלק. אין אַזאַ, אָדער אין אַן אַנדער פאָרם, האָבן די יידישע מדינה־פירער פאָרמולירט די ראָל און די אויפ־גאַבן פון יידן אין די תפוצות. אין דערמיט פון דעם דאָזיקן ווערטער־געווירבל האָבן מיטאַמאָל ציוניסטן זיך דערזען ווי דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן, וועמענס גענעראַלן האָבן פאַרענדיקט גרויסע שלאַכטן מיט גאָר גרויסע נצחונות. ווער עס האָט אַמאָל געזען מחנות דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן, ווייסט, וואָס פאַר אַ קאָנ־פוזיע עס הערשט ביי זיי, מיט וואָס פאַר אַ מאָדנע מחשבות זיי זיינען פאַרנומען. זעלטן ווער קאָן אַרײַנדרינגען אין די נשמה־לאַבירינטן פון אַ דעמאָביליזירטן סאָלדאַט, כדי צו טרעפן מיט וואָס פאַראַ אינערלעכע ראַנגלענישן אים קומט אויס צו קעמפן פאַר זײַן נײַער ווירקלעכקייט...

הײַנט, 18 יאָר נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער יידישער מדינה איז שוין קלאָר געוואָרן, נישט נאָר אין תפוצות ישראל, נאָר אויך און אַוודאי — אין דער מדינה, אַז אַן אויפגעלעבטע און אידעיש־באַנײַטע ציוניסטישע וועלט אָרגאַני־זאַציע, איז אַן אומאָפּפרעגבאַרע נויטווענדיקייט. כל זמן די מנהיגים פון יידישן פאָלק און פון ישראל קענען נישט צוטראַכטן אַ נײַעם אינהאַלטרײַכערן, מער צוציענדיקן, מער שענערן אידעאַל, ווי ס'איז דער ציוניסטישער, וואָס זאָל אים קענען פאַרטרעטן, פאַרקערט, וואָס זאָל זײַן ביכולת אָנצוצינדן נײַע פײַערן פון אמונה אינעם קיום פון יידישן פאָלק און אין אויפבוי פון ישראל־מדינה, טאָר מען נישט מזלזל זײַן אין דעם הײַנטיקן ציוניזם, פאַרקערט, מען דאַרף אים שטאַרקן, מוטיקן און דערמעגלעכן, ער זאָל זײַן דער אַוואַנגאַרד פון גאַנצן יידישן פאָלק פאַר דער גרויסער אויפגאַבע: אויסצושמידן אַזאַ באַוווסטזיניקע יידישע קולטור־שעפערישע אומה, וואָס זאָל זײַן ביכולת צו פאַרענדיקן דאָס יידישע פרײַהייטס ווערק אויף יסודות פון ציוניסטישער גערעכטיקייט.

קיינער פון די ישראלדיקע מלוכה־פירער וועט שוין נישט אײַנריידן קיינעם, אַז דער ציוניסטישער גערטנער, וואָס האָט געפלאַנצט שיינע פּירות־ביימער, מעג זיי שוין אויסהאַקן נאָך דערפאַר, ווײַל זיי האָבן געגעבן צײַטיקע פּרוכטן...

דערפאַר דאַרף נעמען אַ סוף צו דער צײַט פון דעמאָביליזאַציע און ציוניסטן, אָן אונטערשייד פון ריכטונג און אידעען דיפערענצן, דאַרפן זיך פונדאַסנײַ מאָביליזירן און דאָס דאַרף געטון ווערן אָן שרעק און אָן אָפּהאַלט, ווײַל די הרת־עולמדיקע טעג פאַרן יידישן פאָלק און פאַר דער מדינה פאַרלאַנגען שנעלע אַקציעס, אײַנגעשלאָסן די ציוניזירונג פון דער יידישער מדינה".

— ב. —

## וועט עפּעס מחדש זײַן די סעסיע פון אַקציאָנס־קאָמיטעט?

היו זמנים, ס'זײַנען געווען צײַטן, ווען יעדע סעסיע פון ציוניסטישן אַקציאָנס קאָמיטעט, איז געווען אַ גרויסן געשעעניש פאַר דער יידישער וועלט בכלל און פאַר דער ציוניסטישער וועלט אָרגאַניזאַציע בפרט, הײַנט איז אַ סעסיע אפילו נישט קיין אינהאַלטלעכע אַטראַקציע פאַר אירע באַטייליקטע מיטגלידער. מען קאָן שוין אויף אויסנווייניק די רעדעס פונעם פּרעזידענט און די באַריכטן פון די מחלקות. די קריטיק און דער לויב־געזאַנג, אפילו די אַקטיוויטעטן פון די קאָמיסיעס. קיינער האָט נישט קיין ווילן עפּעס צו באַנײַען און ריכטיק האָט געזאָגט אויף דער איצטיקער סעסיע פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט דער ישראל פּרעמיער, לוי אשכול: „דער אָפּמאַך (אָמנה) צווישן דער רעגירונג און דער יידישער אַגענץ פאַרלירט כוח, כל־זמן ער ווערט נישט פאַרווירקלעכט און ס'איז לײַכטזיניק ווען מען באַגרענעצט זיך בלויז אים צו דערמאָנען. לווי אשכול פאַרענדיקט זײַן רעדע מיט דער ווענדונג צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, בעסער געזאָגט, צו דער אָנפירערשאַפט פון דער ציון־באַוועגונג: „מען האָט דאָ קריטיקירט די ציוניסטישע באַוועגונג, איצט דאַרפט איר ענטפערן, אויב די קריטיק איז באַרעכטיקט אָדער נישט, מיטביידע הענט קאָן מען אונטערשטרײַכן דאָס געזאָגטע מצד דעם פּרעמיער־מיניסטער. ווײַל די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע האָט פאַרלוירן איר דינאַמישקייט, איר אידעישן אינהאַלט און אויסזען, זי איז געוואָרן סטאַטיש, דער איינציקער וואָס באַוועגט זיך, רופט וועלט־אסיפות, מאַכט דערקלערונגען, לייקנט אָפּ אייגענע רייד, שטילט אײַן דעם צאָרן קעגן סאָוועטישן אַנטיסעמיטיזם און ווען ער דאַרף — ברויזט ער אים אויף, זאָגט גוטס וועגן הײַנטיקן דײַטשלאַנד, דערציילט די דאָזיקע האַלבע און גאַנצע רוצחים ווי פּראָצענטואַל איז די קעגנערשאַפט אינערהאַלב די ציוניסטישע ריכטונגען צו עמלק־לאַנד — איז דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־מחנה, חוץ לזה

האָט ער נאָך עטלעכע פּרעזידענץ־אַמטן און אומעטום זיינען זײַנע הענט פול מיט אַרבעט, זײַן מויל — פול מיט רייד, זײַנע האַנדלונגען — פול מיט פּשרות און ווען מען ציט אונטער אַ סך הכל פון איין סעסיע צו דער צווייטער פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, פילט יעדער אויפריכטיקער ציוני בחוש, די ציוניסטישע אויפגאַבן און פּאָסטולאַטן גייען לאַנגזאַם אַריבער אין אַנדערע קערפּערשאַפטן, איינע פּאַרטיידיקט אונדז קעגן שנאת ישראל, אַ צווייטע פאַרנעמט זיך מיט חינוך אויפגאַבן, אַ דריטע פירט יידישע פּאָליטיק, אַ פערטע העלפט ישראל־אויפבוי. דערבײַ וואַקסט די אינערלעכע קאָנפוזיע אין ציוניזם, אויפן אָרט פון אינטעגראַלן ציוניזם זיינען פאַראַן צענדליקער אינסטיטוציעס און קערפּערשאַפטן מיט אידענטישע אַקטיוויטעטן. אַזוי זעט אויס דער מצב אין די תפוצות־ישראל. נישט בעסער איז אינערהאַלב דער סוכנות און אין אירע אָפּטיילונגען. אפשר נאָכדעם, ווי עס זיינען דורכגעפירט געוואָרן לעצטנס אינערלעכע רעאָרגאַניזאַציעס, וועט יעדע מחלקה דערגרייכן בעסערע רעזולטאַטן, מיט ווייניקער הוצאות און מיט נאָך אַ קלענערן פּקידים־שטאַב. איז דער דאָזיקער גוטער אָנהויב אַן אָנזאָג אויף גרעסערע און ווײַטערדיקע ענדערונגען אין דער ציוניסטישער וועלט ־ אָנפירערשאַפט? אָדער וועט דאָס נאָר בלײַבן אַ פאַריינצלטער עפּיזאָד? דאָס וועט די צײַט באַווײַזן. ס׳איז קלאָר, אַז דער הערשנדיקער מצב טאָר מער נישט טאָרמאָזירן דעם פּראָצעס פון ציוניסטישע באַנײַאונג אינעם יידישן לעבן. יעדע פאַרצעגערונג אויף דעם געביט, קאָן גורם זײַן אַ גרויסן שאָדן דעם יידישן פאָלק און אַוודאי — מדינת ישראל.

לאָמיר האָפן אויף גרויסע ענדערונגען צום גוטן אין דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געווען און וועט פאַרבלײַבן דער אַוואַנגאַרד פון אונדזער פאָלק.

# האַרבע פראַגן, שווערע פּראָבלע־מען און ענערגישע דעציזיעס

### די היינטיקע ציוניסטישע ווירקלעכקייט

דער 26־טער ציוניסטישער קאָנגרעס איז פאַרענדיקט, זיינע רעזאָלוציעס זייַנען שוין באַקאַנט געוואָרן אין דער ברייטער יידישער עפנטלעכקייט, דעלעגאַטן און דעלעגאַציעס קומען שוין צוריק פון דער דערמאָנטער ציוניסטישער וועלט־אַסיפה מיט איינדרוקן, איבערלעבענישן, אָבער מיט ווייניק אמונה אין אַ באַנייטער ציוניסטישער אויפלעבונג אין די תפוצות ישראל. דעם אמת געזאָגט, האָט דער איצטיקער ציוניסטישער קאָנגרעס געלאָזט אַ מאָדנעם רושם אין דער יידישער וועלט, אַז דער זעלבער האָט נישט געצונדן קיין פייערן פון התלהבות פאַר די אידעאַלן פון הרצלען, פאַר די געדאַנקען פון אַ. ד. גאָרדאָן, פאַר די לערעס פון בערל כצנלסון, ס׳איז געבליבן הענגען אין דער לופטן אַן אומצופרידן אין די אייגענע ציוניסטישע כוחות, אַ סקעפּטיציזם צו די אָנגעצייכנטע אויפגאַבן און אַן אימגלויבן אין דער ווייטערדיקער שעפערישקייט פון ציוניסטישן געדאַנק.

מיר ווייסן, ווי לייכט עס איז אָפּצוזאָגן אַ באַוועגונג איר עקזיסטענץ באַרעכטיקייט מיט אַ קרומער מינע, מיט אַ בייזוויליקער אַנטי־ציוניסטישער פראַזע פון אַ ישראלדיקן מדינה־מנהיג, איז געוואָרן אויסצושטעלן אַפילו דעם ציוניזם צו חוזק אין די אויגן פון די יידישע מאַסן, דאָס אַרונטעררייסן דעם פּרעסטיזש פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג איז געקומען פון דער יידישער מדינה גופא. דער „אל תדבר ציונות״ איז געוואָרן ביים צברא, ווי ביים דורכשניטלעכן אזרח ישראלי, אַ סינאָנים פון בטלנות, פון פוסטע פראַזן־דרעשעריי, היינט איז שוין גאָרנישט קיין וווּנדער ווען יידישע סטודענטן אין ענגלאַנד גרענעצן זיך אָפּ פון די „פאַרפוילטע גלות־יידן״ ווען שליחים פון דער סוכנות דערפילן קוים זייער שליחות און ווילן נישט קומען אין קאָנטאַקט מיט די יידישע מאַסן.

איך האָב געלייענט די קאָנגרעס־באַריכטן און זיך אָנגעטראָפן מיט שאַרפע רייד פון צפון אַמעריקאַנער דעלעגאַטן וועלכע האָבן צענזורירט אַזעלכע אַקטואַציעס פון שליחים און די סנאָבישע האַנדלונגען פון די 3.000 ישראל־סטודענטן, וואָס האָבן זיך געשאַפן אַן אייגענעם קאָנצעפּט פון זיין וואָס מער דערווייטערט,

וואָס מער אָפּגעריסן פון נאָרד אַמעריקאַנער ייִדנטום, פון דער אָרטיקער ציוניס־טישער באַוועגונג און פון אירע אינסטיטוציעס. וועד איז שולדיק אין דעם דאָזיקן מצב? די סכנות אין ישׂראל און אַלע איר׳ע מחלקות, וואָס שיקן אַרויס שליחים. די מערהייט פון זיי מיט אַ בטול באַציִונג צו אַלע ווערטן פון ציוניזם און פון ייִדישן פאָלק, אָבער די גרעסטע שולד האָבן די לאָקאַלע אינסטאַנצן פון דעם אָרגאַניזירטן ציוניזם, פון יעדער פּאַרטיי באַזונדער און פון ייִדישן ישוב אין אַלגעמיין, דערפאַר וואָס זיי אַקצעפּטירן געשעענע פאַקטן און האָבן נישט דעם מוט, דעם כוח און דעם רצון צו זײַן דער אומאָפּהענגיקער קובע אין אַזעלכע דעליקאַטע פראַגן און אָנגעלעגנהייטן.

דער ציוניזם איז געווען אין דעם נישט ווײַטן אַמאָל „די ייִדישע מדינה אונטערוועגס״, הײַנט וואָלט מדינת ישׂראל באַדאַרפט זײַן דער צענטער פון ציוני־סטישער אינספּיראַציע, איז טאָקע געוואָרן די האָפענונג און דער שטאָלץ פון גאַנצן ייִדישן פאָלק, אָבער זי האָט ניט פאַרקירצט דעם וועג פון יעדן ייִד צום ציוניזם, נאָר פאַרקערט, אים דערווײַטערט. אין מדינת ישׂראל איז נישט אויפגעבויט געוואָרן קיין מעכטיקע ציוניסטישע באַוועגונג. די פּאָליטי־שע פּאַרטייען פון ישׂראל האָבן אַרויסגעוואָרפן ציוניזם פון זייערע אָפיציעלע נעמען, דאָס ציוניסטישע קרוין־ווערק, די ייִדישע מדינה, האָט מער געבענקט צו באַקומען נײַע פרײַנט אינעדהאַלב דעם ייִדישן פאָלק, ווי צו פרעסטיזשירן די טרעגער פון ציוניסטישן געדאַנק צווישן די ייִדישע מאַסן אין די תפוצות.

מדינת ישׂראל וועט אין דער צוקונפט דאַרפן זײַן אַ ציוניסטישע מדינה, אָדער אַ מדינה אויפן מוסטער פון „ככל הגויים״...

## מיטן פּנים צו זיך אַליין

אויפן 26טן ציוניסטישן קאָנגרעס האָט מען באַגרינדעט אויף פאַרשיידענע אופנים די באַדײַטונג פון דער לאָזונג „מיטן פּנים צום גלות״ און באַלד האָבן ספקות זיך אײַנגעגראָבן אין ייִדישע הערצער: מיט וואָס פאַר אַ פּנים וועט מען זיך ווענדן צום גלות?

זעלטן ווען איז דער ציוניזם אַוועקגעשטעלט געוואָרן פּנים אל פּנים מיט דער הײַנטיקער ייִדישער ווירקלעכקייט, סײַ אין אָרגענטינער ייִדישן פאַרנעם און סײַ אין ייִדישן וועלט־מאַסשטאַב, ווי דאָסמאָל. די ייִדישע וועלט מאַפּע איז פאַרקלענערט געוואָרן ביז צו אַ טראַגיש־פיזישע אײַנגעשרומפּנקייט. ס׳פעלן אונדז די דאָזיקע ייִדישע ישובים וואָס ערשט נישט לאַנג, פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, זיינען זיי געווען די שטראָמענדיקע גײַסט־קוואַלן פון ייִדישן פאָלק, די לעבעדיקע מענטשן־רעזערוואַרן פאַרן ציוניסטישן באַפרײַונגס־געדאַנק. הײַנט ראַנגלען מיר זיך פאַר דעם עצם עקזיסטענץ אַלס ייִדן, קעמפנדיק קעגן

אַלערליי פאָרמען פון אַסימילאַציע וועלכע באַדראָען דעם קיום האומה. די אָרגאַ־ניזירטע יידיש־נאַציאָנאַלע געזעלשאַפטן אנשטאָט צו זוכן עפעקטיווע מאָסמיטלען קעגן די סכנות וואָס רוקן זיך אָן אויף אונדז מיט אַ גרויסער קראַפט, האָט געענ־מען איינאָרדענען כינוסים ימי עיון, סימפאָזיומס, רונדע טישן, אין וועלכע עס באַטייליקן זיך די רעדנער מיט געציילטע דעלעגאַטן און צוהערער. זעלטן ווער גלויבט אין די רייד, אין די גוטע ווונטשן און די רעזאָלוציעס, ווייל זעלטן ווען ברענגען זיי די געוווּנטשענע רעזולטאַטן, אַ נייער רעפערענט, רעפעראַטן און ווערטער ספאָרט, איז איינגעפירט געוואָרן אין דעם יידישן לעבן.

אויך אין דער היגער ציוניסטישער באַוועגונג איז נישט בעסער, ווי אינעם גאַנצן יידישן ישוב: די ציוניסטישע פאַרטייען וואַקסן נישט, די ציוניסטישע יוגנט אָרגאַניזאַציעס מאַכן דורך אַ גוואַלדיקן קריזיס. ס׳איז נישטאָ קיין אידעאַ־אישע שפאַנונג. עס זיינען פאַרווישט געוואָרן די אידעאָלאָגישע דיפערענצן ביי די ציוניסטישע ריכטונגען אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן; דער ציוניסטישער סאָ־ציאַליסט איז אָפטמאָל אַ קאַפּיטאַליסט, דער בירגערלעכער ציוני איז אַ מולטי־קבצן, דער רעליגיעזער ציוני האַלט אָפּן שבת זיין געשעפט (נישט אַלע) און דער פּראָלעטאַרישער ציוניסט לעבט ווי אַ בורזשוי. דער איינציקער אונטער־שייד איז נאָר אין דער דיאַלעקטיק, אין די צייטונגס־אַרטיקלען, אינעם אינהאַלט פון דער פּאָלעמיק. עס האָט זיך געשאַפן אַ קריטישער מצב פאַר דעם אַרגענטי־נער יידנטום און פאַר זיין ציוניסטישן אַוואַנגאַרד וואָס איז בולט און ניכרדיק, ממש מיט די הענט אָנצורירן און דאָך וויל מען אים ניט זען און פילן, דאָס איז דאָך דער מוראדיקער קריזיס אין די פאַרטייאישע ווערטן, אין זייערע אידעאָלאָ־גישע פּרינציפּן, אין דער יידישער נאַציאָנאַלער דערציאונג און אַלץ צוזאַמען שטעלט מיט זיך פאָר אַ ריזיקן ירידה־פּראָצעס וועלכער האָט שוין ממש דער־פירט דעם יידישן ישוב און דעם אָרגאַניזירטן ציוניזם צום ראַנד פון אידעאישן אונטערגאַנג. דאָס איז היינט צו טאָג דאָס אמתע פּנים פון ציוניזם, נישט נאָר אין אַרגענטינע נאָר אויך אין די תפוצות ישראל. די לאָזונג „מיטן פּנים צום גלות״ דאַרף באַקומען אַ תיקון אין ירושלים. אויב דאָרט, אין מדינת־ישראל, וועט זיין אַ ציוניסטישער פּנים, וועט זיין לייכט צו שטיין „מיטן פּנים צום גלות״ אויף אויסצופילן די לאָזונג מיט ציוניסטישן תוכן, אויב דאָס וועט נישט זיין אַזוי אין דערווירקלעכקייט, וועט זיין אַ יידישע פּנים־לאָזיקייט סיי אין ישראל און סיי אין גלות.

מעג מען טאַקע היינט אַראָפּשרייען פון אַלע טריבונעס דעם קריזיס אין ציוניזם, מעג מען זאָגן אויף אַלע ראָגן, אַז דער ציוניזם האָט באַנקראָטירט, מעגן קעגנער לייקענען די היסטאָרישע ראָל פון ציוניזם און ציוניסטן לטובת דער שאַפונג פון באַנייטן מלכות ישראל און דאָס וואָס זיי דאַרפן נאָך לייסטן פאַר דער אַנטגילטיקער באַפרייונג פון יידישן פאָלק און לאַנד, קענען זיך אַפילו די

היינטיקע פּריינט פון ישראל דערלויבן דאָס פאַרגעניגן צו דענקען, אַז זיי שטעלן מיט זיך פאָר די שטאַרקע שוץ־וואַנט פון דער מדינה־ישראל, די צייט און די גרויע ווירקלעכקייט האָט באַוויזן פריער, און וועט אין דעם איבערצייגן שפּעטער אַז מיט דער שטאַרקייט און שוואַכקייט פון ציוניזם שטייגט און פאַלט חלילה דאָס יידישע פאָלק. דער ציוניזם איז די לעבעדיקע גאַראַנטיע, אַז ס׳זיינען פאַראַן צענדליקער טויזנטער יידן איבערצייגטע און באַוווסטזיניקע ציוניסטן, צום קאַמף קעגן אַסימילאַטאָרן און אַסימילאַציעס.

דער ציוניזם איז די צוקונפט פון דער נאַציאָנאַל־יידיש־דענקנדיקער יוגנט, ער איז אויך דער טרייער שומר פון דער יידישער מדינה.

דער ציוניזם וועט אַרויסגיין פון זיין איצטיקן קריזיס נאָר דעמאָלט, ווען ער וועט צוריק באַנייען זיינע לערעס וועגן אהבת־ישראל, ווען ער וועט אויפשטעלן אין צענטער פון זיינע אויפגאַבן, די דערציִונג פון יידישן קינד אין ציונס גייסט, ווען ער וועט מער נישט איינגיין אויף קיין פשרות מיט אַסימילאַנטן, מיט יידן פון געמישטע חתונות, ווען ער וועט שאַפן אַן אַטמאָספערע פון יידיש־יחידישע פליכטן און קאָלעקטיווער אחריות צו די פליכטן פון קיום העם און בנין המולדת, דאַן זיינען מיר זיכער, אַז אין אַזאַ לופט וועט נישט קענען אָטעמען קיין שום בוגד אין ציוניזם און אין יידישן פאָלק.

פריי פון שנאה, באַפרייט פון ריב אחים, געאייניקט אין גרונט־צילן, געשטאַרקט פון דעם באַוווסטזיין ממשיך צו זיין דאָס אָנגעהויבענע ווערק פון ציוניזם, איז נישט ווייט דער טאָג פון אַ ציוניסטישן „חדש ימינו כקדם״.

# אַ יורידישע הסכמה אויף אַ חלוצישער רעוואָלוציע

**(צום 20טן יאָרטאָג פון דעם „יון" באַשלוס)**

אין די אַנאַלן פון דער מאָדערנער ייִדישער געשיכטע וועט דער „יון"־באַשלוס פאַרבלייבן, ווי אַ היסטאָרישער דאָקומענט פון אַ גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער חשיבות, ווייל דורך אים האָבן די פאַראייניקטע פעלקער (נישט אַלע) געגעבן זייער הסכמה צו דער עטאַבלירונג פון דער ייִדישער מדינה.

פאַרן ייִדישן פאָלק און פאַר זיין חלוצים־אַוואַנגאַרד וועט אָבער די „יון"־**רעוואָלוציע מיט זיך פאָרשטעלן נאָר בלויז אַ יורידישע הסכמה אויף אַ גרויסער** חלוצישער רעוואָלוציע, וואָס דער ציוניזם האָט מיט 70 יאָר צוריק אָנגעהויבן אינעם ייִדישן לעבן און וועט נאָך מסתמא פאָרגעזעצט ווערן אינערהאַלב אונדזער אומה אַזוי לאַנג, ביז ס'וועלן ר'עאַליזירט ווערן אַלע אָנגעצייכנטע **צילן, שטרעבונגען און אויפגאַבן פון אַן אַנטגילטיקער ייִדישער אויסלייזונג אין** די ראַמען פון היסטאָרישן און באַנייטן היימלאַנד.

כדי צו פאַרשטיין דעם אינהאַלט פון דער יורידישער פעלקער הסכמה אויף דעם זיך בויענדיקן און קעמפנדיקן ארץ ישראל, דאַרף מען טיפער אַריינבליקן אין אַן אַנדער עפּאָכע־מאַכנדיקער דאַטע, וואָס טראָגט אויף זיך די קרוין פון 50 יאָר „החלוץ" און וואָס די ייִדישע וועלט וועט זיכער פייערן אין אַלע ייִדישע ישובים אין דער וועלט, — בראש מיטן פאָלק וואָס זיצט אין ציון.

אין יאָר 1917 איז געשאַפן געוואָרן די „החלוץ"־באַוועגונג, אין וועמענס רייען ס'האָבן זיך אָנגעשלאָסן צענדליקער טויזנטער ייִדישע זין און טעכטער, וועלכע האָבן געהאַט כוח און קוראַזש זיך אויפצוהייבן מיט רעוואָלט־שטימונגען קעגן אַלערליי רדיפות און דיסקרימינאַציעס קעגן יידן. זיי האָבן פאַרלאָזט הויכשולן און באַקוועמע היימען, כדי צו דינען אַ ווערטפולן אידעאַל פון ייִדישער גאולה. די גאַנצע חלוצישע מחנה, איז געווען באַהויכט פון ווירדיקע פרינציפּן, פון הויכע ייִדישע באַפרייאונגס־פּאָסטולאַטן און איבער זיי האָט גערוט אַ נייע שכינה פון: כיבוש העבודה, גאולת העם, בנין הארץ, עבודה עצמית; עזרה הדדית און דאָס וויכטיקסטע איז געווען — דאָס אָפּוואַרפן דעם גדאַנק,

אַז ארץ ישראל קאָן נאָר אויסגעלייזט ווערן דורך רעזאָלוציעס, וועט אויפגע־בויט ווערן דורך פרעמדע הענט. נאָר זיי, די דאָזיקע אידעאַליסטישע יידישע יינגלעך און מיידלעך, האָבן דערפאַר דעם גורל פון דער ציוניסטישער באַווע־גונג און אַלע האָפענונגען אויף דער יידישער אויסלייזונג מצד דעם גאַנצן יידישן פאָלק, געשמידט אויף די פעלדער פון ארץ ישראל, ביים האַקן שטיינער און בויען וועגן, ביים טריקענען מאַלאַריע־זומפּן און אויפשטעלן קיבוצים, קבוצות. זייער שעפערישע אַרבעט האָט געפאָדערט קרבנות. דער מדבר האָט אַזוי לײַכט זיך נישט אונטערגעגעבן, דער אַראַבישער שונא האָט זיך אויך גענומען אַ קאָנטינגענט פאַרשניטענע יונגע יידישע לעבנס, אָבער דער חלוץ און די חלוצה האָבן אויף איין מינוט נישט איבערגעריסן דאָס רעוואָלוציאָנערע ווערק, וואָס וועט מוזן ווערן אַ לײַכט־טורעם פאַר פעלקער, אַ מוסטער פאַר שלום־מענטשן און אַ לעצטע פרײַהייט־פעסטונג פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק.

---

קיינער פון אונדז האָט אַזוי גוט נישט פאַרשטאַנען דעם טײַטש פון די דאָזיקע ווערטער „חסד לאומים חטאת", דער חסד פון פעלקער איז אַ זינד... ווי די חלוצישע באַוועגונג פון דער גאָרער וועלט, ווײַל קיינער פון יידישן פאָלק, אויסער אַסימילאַנטן, משומדים און אַלערליי פאַררעטער, האָט געקענט גלויבן אין דער „גערעכטיקייט" פון אַזאַ מענטשהייט, וואָס האָט זיך, אין איר גרעסטער מערהייט, געבאָדן אין יידיש בלוט במשך פון אַ סך דורות...

אויב קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר פון שחיטות און הריגות איבער יידן זײַנען געווען ווייניק, איז אויסגעוואַקסן פאַר אונדזערע אויגן דער נאַציש־היטלעריסטי־שער, סאַדיסטיש גרויזאַמער קאָלעקטיווער דײַטשלאַנד עמלק און ער איז נישט חלילה אַליין, נאָר מיט דער אַקטיווער מאָרד־מיטהילף פון צענדליקער פעלקער, ווי מיטן שטילשווײַגן פון די אַנטי־היטלעריסטישע אַליאירטע פירער, מיליטער־קאָמאַנדירן און דעמאָקראַטישע רעגירונגען, האָט אומגעבראַכט און פאַר־ניכטעט אַ דריטל פון יידישן פאָלק.

ווער האָט געקענט האָבן צוטרוי אפילו צו די בעסטע פון די וועלט־מוש־לים, אַז זיי וועלן, נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה טון גערעכטיקייט צום יידישן פאָלק? איז דען מעגלעך געווען צו דערוואַרטן אַ חסד פון אַזעלכע פעלקער, אין וועמעס שפּיץ זײַנען געשטאַנען ערגערע און האַלב ערגערע בע־ווינס, וואָס האָבן דעם שארית הפליטה געטריבן פון די ברעגעס פון יידישן היימלאַנד און אַנדערע האָבן געעצהט צוריקפאָרן אין די געבוירן־לענדער, כּדי יידן זאָלן זיי העלפן צוריק אויפשטעלן פון זייערע חורבות?

מיט אַ סך אומצוטרוי האָבן מיר געקוקט אויף דער נײַער פעלקער־אָרגאַ־ניזאַציע. היטלעריזם איז טאַקע פיזיש געווען צעבראָכן און צעשמעטערט, אָבער

גײַסטיקע שפּורן פון נאַצישער שנאת ישראל האָט געלעבט אין אַלע ווינקעלעך פון ערד־קײַלעך. דער גײַסט פון אַראַבישן מופטי, דער יידנפײַנטלעכער מיט־אַרבעטער מיט היטלערן האָט גערוט אויף די אַראַבישע פעלקער און שבטים, די ענגלישע מאַנדאַטן־מאַכט, אונטער בעווינס אַנטיסעמיטישער אָריענטאַציע, האָט דערקלערט אַן אָפענע מלחמה דעם יידישן ישוב אין ארץ ישראל, סטימולירנדיק די אָרטיקע אַראַבער צו באַגיין די גרעסטע רציחות איבער יידן. דער ציוניזם און מיט אים — דאָס יידישע פאָלק האָט זיך געגרייט צו אַ גרויסער אויפקלערונגס־אָפענסיווע לטובת דער יידישער אומאָפּהענגיקייט. דער באַוואָפנטער אָרעם פון ארץ ישראל ישוב האָט דערקלערט אַ שלאַכט דעם בעווין שונא, וואָס איז געווען פאַרקערפּערט אין דער ענגלישער מאַכט אין לאַנד, די „בריח״־באַוועגונג איז געוואַקסן און איבער אַלע וועגן פון אייראָפּע, האָבן זיך געצויגן קאַראַוואַנען פון דער שארית ישראל, כדי אויף שיפן אַנצוקומען קיין ארץ ישראל. אין אַזאַ צײַט, ביים ליכט פון די דאָזיקע געשעענישן, אין אַזעלכע טעג, ווען די בעסערע טיילן פון דער מענטשהייט האָבן שוין געזען מיט אייגענע אויגן אוישוויץ און טרעבלינקע, האָבן שוין געוווּסט פונעם גרויסן בראַנד, וואָס ס׳האָט געטראָפן דעם יידישן פאָלק, ערשט דעמאָלט האָט ביי אייניקע גורל־שמידער פון דער נײַער וועלט אַ ציטער געטאָן דאָס פאַרהאַרטעוועטע געוויסן און די גאַנצע גאולה־טע־מאַטיק פון יידישן פאָלק, וואָס האָט באַקומען זײַן תיקון אינעם פּאָליטישן ציוני־זם, איז אַריבערגעברענגט געוואָרן צו דער „יוּן״ און אירע פעלקער־פאַרשטייער — נישט אַלע — האָבן געגעבן זייער יורידישע אַנערקענונג צו אַ ווערק פון דעצידירטע חלוצים בויער און חלוצים קעמפער.

---

ביז צום „יוּן״־באַשלוס איז די גאַנצע פּאַרייניקטע פעלקער־אָרגאַניזאַציע געווען בבחינת תוהו ובוהו, אפשר איז זי געווען ענלעך צו דעם „ורוח אלוקים המרחפת על פני המים״... מעגלעך, אַז אַ געטלעכער גײַסט האָט געשוועבט איבער די שלום־שטרעבונגען פון פעלקער, וועלכע זײַנען אַליין צעשמעטערט געוואָרן פון דעם היטלעריסטישן מאָנסטער. דער דאָזיקער געטלעכער גײַסט איז בלי שום ספק געווען דאָס יידישע איבערבלײַבעניש פון אַ גרויס פאָלק, וואָס זײַנע זעקס מיליאָן נפשות זיינען קאַלטבלוטיק אויסגעמאָרדעט געוואָרן, פאַרגאַזט און פאַרטיליקט געוואָרן. ווער האָט נאָך אַזוי געקענט בענקען צו אַן אייגענער מנוחה און נחלה, ווי דער שארית הפליטה פון דער יידישער אומה? דערפאַר איז דער 29סטער נאָוועמבער 1947 פאַר אונדז יידן געוואָרן אַ וויכ־טיקער דאַטום, אין וועלכן מיר האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן מאַכן אַ רעוויזיע אינעם אינהאַלט פון דעם „חסד לאומים חטאת״ און אין אונדזערע האַרץ און מוח־ווינקלען האָט זיך גענומען אויסוועבן אַ נײַע יידישע האָפענונג, אַז די

וועלט וויל תשובה טון, אַז די פעלקער וועלן זען אַרויס דורך דער „יון"־רעזאָלוציע אַ טיפע חרטה־שטימונג אויף זייערע ווילדע רוצחישע מעשים קעגן ייִדן.

נאָך דעם „יון"־באַשלוס זיינען נאָך אַוועק 6 חדשים, און ווען די מנהיגים פון ארץ ישראל ישוב האָבן, ה' אייר התש"ח, דעם 14טן מאַי 1948, פּראָקלאַמירט די ייִדישע מדינה, האָבן אַראַבישע לענדער, מיטגלידער פון דער זעלבער פעלקער־אָרגאַניזאַציע, אָנגעגריפן מיט פיזישן כח די נײַ־אַנטשטאַנענע מדינת ישראל, די לעגאַלע און מצד דער „יון"־ירורידיש־באַקרעפטיקטע ייִדישע אומאָפּהענגיקייט. זיבן אַראַבישע אַרמייען האָבן אינוואַדירט די ישראל־טעריטאָריע, צעשטערט ייִדישע שאַפונגען און געדראָט מיט פולשטענדיקער פאַרניכטונג פון ייִדישן היימלאַנד. פון געזעצלעכן שטאַנדפּונקט איז פאַרלעצט געוואָרן מצד די אַראַבער דער באַשלוס פון די פאַרייניקטע פעלקער, נישט נאָר ישראל איז אַטאַקירט געוואָרן, נאָר די נשמה פון דער „יון" איז באַשפּיגן און פאַרוווּנדעט געוואָרן.

אמת, די „יון" האָט געבעטן, „אַפּעלירט", געשיקט פאַרמיטלער, אָבסערוואַטאָרס און פאַרשיידענע פּאָליטישע מעקלער מיט פינצטערע מחשבות קעגן ישראל; אָבער די פאַרייניקטע פעלקער־אָרגאַניזאַציע האָט ניט געוואָלט אויסשליסן די אָנגרייפער פון איר מיט. זי איז נישט געווען גרייט צו באַשטראָפן אירע ווידערשפּעניקע אַראַבישע פעלקער־מיטגלידער, וואָס האָט באַוויזן דער וועלט די ניט־יושרדיקע האַנדלונג פון דער „יון", איר אוממעכטיקייט און הילפסלאָזיקייט. די ייִדישע מדינה אין יאָר 1948 איז געראַטעוועט געוואָרן פון אומקום נאָר דורך אירע קעמפנדיקע זין און טעכטער, וואָס האָבן מיט געווער אין האַנט פאַרזיכערט אירע רעכט אויף פרײַהייט און אויף קיום.

20 יאָר זיינען שוין אַריבער זינט דער „יון"־רעזאָלוציע. 3 מלחמות זיינען מצד די אַראַבער אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן אויף ישראל און זי האָט געמוזט קעמפן פאַר איר לעבן.

הײַנט שטייט דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק און זײַן ציון־היימלאַנד פאַר שווערע נסיונות, אָבער אויך די פעלקער־אָרגאַניזאַציע געפינט זיך על פרשת דרכים: זי מוז אויסקלײַבן דעם וועג, וואָס פירט צו גערעכטיקייט, אָדער וואָס פירט צום תהום פון אונטערגאַנג. דאָס ייִדישע פאָלק און מדינת ישראל זיינען מתפלל אויף דעם, אַז די „יון" זאָל געפינען דעם דרך הישר פאַר פעלקער־שלום, פאַר צדק און יושר.

# אַ גערעכטער המשך־קאַמף פאַרן ייִדישן קיום

די „יון" איז אין די טעג פון דער ייִדיש־אַראַבישער מלחמה און נאָך ישראלס נצחון, אַזוי ביז צום היינטיקן טאָג, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שווי־דערלעכער שנאת ציון טריבונע, פון וואַנען די היינטיקע זין, אָדער אייניקלעך, פון די נעכטיקע רוסישע פאָגראָמטשיקעס, פון די שוואַרץ־מאהדיקע צאַרישע היידאַמאַקעס, פון די אוקראַינישע מערדער, פון די קאָזאַקן־בעסטיעס, האָבן אויפגעהויבן אַ זאָאָלאָגיש־אַנטיסעמיטישן געשריי, טויב מאַכנדיק די אויערן פון דער בעסערער מענטשהייט, וואָס האָט נאָך צו אונדזער גליק, נישט פאַרלוירן דעם חוש פאַר אַ ביסל יושר און מענטשלעכער גערעכטיקייט.

מיט וואָס האָט זיך דאָס ייִדישע פאָלק אין דער וועלט און זיין אַוואַנגאַרד אין ציון, אין אונדזער היסטאָרישן היימלאַנד. אַזוי פאַרזינדיקט קעגן די היינטיקע רוסישע מושלים? קעגן דער אַראַבישער וועלט? דער איינציקער חטא, ווייזט אויס, איז נישט דער קול קול יעקב, נאָר די ידי־יעקב; וועלכע האָבן צו נישט געמאַכט די אַראַבישע פאָגראָם־פּלענער פון אויסראָטונג און צעשטערונג ווי די נעאָ־נאַצישע אַראַבישע הערשער, האָבן דאָס עפּנטלעך דער־קלערט, מיט דער הייסער, רויט־פאַרביק צעיוכעטער, ברכה פון די קאָמוניסטישע מאָסקווער סאַטראַפּן. דער איינציקער „פאַרברעכן", וואָס די נייע מכבייער זיינען באַגאַנגען, איז פאַרבונדן מיט דעם דערפרייענדיקן פאַקט, וואָס די ייִדישע מדינה האָט זיך נישט געלאָזט אומברענגען און אירע ייִדן האָבן מיט ווירדע און איבערמענטשלעכע גבורה פאַרטיידיקט דעם המשך פון ייִדישן פאָלק.

אמת, דער ציוניזם האָט מיט סאָוועטן־פאַרבאַנד און מיט אירע פירער און פאַלשע אידעאָלאָגן בנוגע ייִדיש־פאָלק און ארץ ישראל, בפרט מיט זייערע היטיש־קנעכטישע נאָכלויפער, די יעווסעקן, אַ לאַנגן און גאָר ערנסטן חשבון, אָבער וואָס האָט דאָס צו טאָן מיטן רצון פון אַ פאָלק צו לעבן אין פריי־הייט, אויף זיין אייגענעם באָדן? האָט דען אַמאָל דאָס קרעמלין־רוסלאַנד דערקלערט עפנטלעך, אַז זי אַליין וועט אומברענגען דאָס פינלענדישע פאָלק נאָר דערפאַר,

ווײַל ס׳וויל לעבן אויף איר טעריטאָריע? די גאַנצע מלחמה מיט פינלאַנד וואָס רוסלאַנד האָט געפירט ערב דער צווייטער וועלט מלחמה, איז דאָך געווען, אַזוי האָט דאָס געהייסן, כדי צו פאַרזיכערן אירע גרענעצן קעגן אַן אָנגריף פון דרויסן. מיט אַנדערע ווערטער, אַלע אַנדערע פעלקער האָבן אַ רעכט צו לעבן נאָר מיר טאָרן זיך אפילו נישט קעגנשטעלן אַ רוצחישן שונא. דאָס איז טאַקע אַ קאָזאַצקער יושר...

נישטאָ אויף דער וועלט נאָך אַזאַ פאָלק, וואָס זאָל זײַן אַזוי דורכגעדרונגען מיט לעבנסווילן און אויסדויער, ווי די ייִדישע אומה. אָבער עס איז אויך שווער צו געפינען אויף דער ערד־קײַלעך אַ פאָלק, וואָס זאָל האָבן אַזאַ שרעקלעכן לײַדנוועג, ווי עס האָט דורכגעמאַכט דאָס ייִדנטום במשך פון קרוב צוויי טויזנט יאָר.

מיר ייִדן האָבן אין אַלע תקופות אַרײַנגעהאַמערט אין אונדזערע מוחות, אײַנגראַווירט אין אַלע ייִדישע הערצער דעם העכסטן געבאָט פון „לאָ תרצח" און אַלעמען געלערנט האָסן די יעניקע פעלקער, וועלכע האָבן אַלס זייער לעבנסדעוויז פּראָקלאַמירט דעם אוממאָראַלישן געבאָט פון „ועל הרבך תחיה". קיינמאָל נישט געוואָלט אויפהויבן אַ פויסט קעגן קיינעם, אפילו אין די שווערסטע מאָמענטן פון פיקוח נפש, פון אַ נויטווענדיקער זעלבסטשוץ, אָבער ווען בייזע גויים, כוליגאַנעס מכל המינים און פון פאַרשידענע פעלקער האָבן געוואָלט אומברענגען אונדזער פאָלק, אויסראָטן יעדן ייִד באַזונדער, צוזאַמען מיט זײַ די לערעס פון רעכט און גערעכטיקייט, דעמאָלט האָט אַ טייל פון דער ייִדישער יוגנט זיך גענומען צום וואָפן אויף צו פאַרטיידיקן דאָס לעבן און מער ווי איין פּאָגראָמטשיק האָט באַצאָלט מיט זײַן טריפהנעם בלוט פאַר זײַן אָנגריף אויף ייִדן, אויף ייִדיש האָב און גוטס.

די ציוניסטיש־חלוצישע מחנה האָט, אין דער ערשטער העלפט פון הײַנטיקן יאָרהונדערט, גענומען לערנען יעדן ייִד אַלס יחיד און מיליאָנען ייִדן אַלס ציבור, אויסגלײַכן דעם רוקן, אויפצוהויבן דעם קאָפּ, צו שטאַרקן די מוסקולן; נישט מורא האָבן פאַר דער ביקס, ווײַל ספרא וסייפא, בוך און שווערד, האָבן זיך פאַרייניקט אין הענט פון חלוצים, בויער, קעמפער און פאַרטיידיקער, אַ נײַער גאולה־גײַסט האָט גענומען הערשן אין ייִדישן לעבן און געשען איז דאָס גרויסע וווּנדער: אַ קליין פאָלק, ווי אונדזערס, האָט זיך אומגעקערט אין שויס פון ייִדישן פאָטערלאַנד, מדבריות זיינען באַלעבט געוואָרן אין ארץ ישראל און ייִדישע הערצער האָבן גענומען קלאַפּן צום ריטם פון די וועג־פלאַסטערער, פון די שטעט און קאָלאָניעס בויער, פון די ערד־אַקערער און פעלד־היטער.

אונדזער דור איז טאַקע געווען אַרײַנגעקלעמט צווישן אַ נײַעם מסדה פון אַ „תמות נפשי עם פלישתים" העראָיזם בעת די צענדליקער און צענדליקער געטאָ־אויפשטאַנדן קעגן נאַצישן רוצח, און דעם האָפענונגספולן „זאָג נישט

קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג". די אידעאַלן פון ייִדישער אויפלע־בונג זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לערעס פון קאַמף און פון שווערן גע־ראַנגל, נישט אויף אומצוקומען מיט אַ העלדן־טויט, נאָר צו לעבן אין פרײַהייט, אַזאַ לעבן וואָס דאַרף באַגלייט ווערן פון שווערער פראַצע און העראָישע שמידה.

די 6 גלאָרײַכע יוני טעג פון הײַנטיקן יאָר, פאַרבונדן מיטן איצטיקן ייִדישן געראַנגל פאַר גאולה און קיום, האָבן אַנטפּלעקט גרויסע קאָנסטרוקטיווע כּו־חות, וועלכע האָבן אַ צײַט לאַנג געדרימלט אינערהאַלב אונדזער פאָלק. עס איז זעלטן ווען געווען אַזאַ רירנדיקע סאָלידאַריטעט מיט דער ייִדישער מדינה, ווי דאָס מאָל.

דאָס אַרגענטינער ייִדנטום, אָן אונטערשייד פון אידייע און ריכטונג, אוי־סער אַ קליינע גרופּע פון געשוווירענע יעווסעקישע פאַרעטער, האָט זיך מאַני־פעסטירט מיט זיין גאַנצער פראַכט פון ברידערלעכער הילף, פון משפּחהדי־קייט, אונדזער ייִדישע יוגנט, אַרײַנגערעכנט די זין און טעכטער פון אַ „פאַרלאָ־רענעם דור", אין איר גרויסער מערהייט, האָט זיך געשטעלט אין רשות פון מדינת ישראל. טויזנטער און טויזנטע יוגנטלעכע זיינען געשטאַנען אין דער ריי, כּדי תיכף צו זײַן אויף דעם פראָנט פון אַרבעט אין ייִדישן היימלאַנד, גרייט צו לייסטן דאָס מאַקסימאַלסטע פאַר דעם ציוניסטישן ענדציל, וואָס טראָגט דעם שטאָלצן אייביקן נאָמען: מדינת ישראל. אַ סך פון זיי געפינען זיך שוין אין ישראל און נאָך הונדערטער גרייטן זיך עולה צו זײַן אין די נאָענטסטע טעג, וואָכן און חדשים. צענדליקער טויזנטער אַרגענטינער ייִדן האָבן פרײַוויליק געגעבן זייערע תרומות פאַרן קרן המגן, טויזנטער ייִדישע מע־נער האָבן געגעבן זייער בלוט פאַר די פאַרווונדעטע היילי - ישראל, נישט נאָר געלט און בלוט האָבן היגע ייִדן געגעבן פאַר אונדזער מדינה, זיי האָבן מיט האַרץ־ציטער און מיט שטאָלץ אַרויסבאַגלייט זייערע קינדער אויפן וועג צום ייִדישן פאָטערלאַנד און דאָס איז געווען דער גרעסטער צושטײַער צו דער צי־בורדיקער אָנשטרענגונג פון אַלע ייִדן אין די תפוצות פאַר דער פרײַהייט פון אונדזער, ווי פון אַלע דורות נאָך אונדז.

בכל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו, אין יעדן דור וויל מען אונדז פאַר־ניכטן, אָבער אין אונדזער הײַנטיקן דור זיינען אויפגעשטאַנען דרײַפאַכיקע שונאים, וועלכע האָבן זיך פאַרמאָסטן אונדז אומצוברענגען 3 מאָל: היטלער ימח שמו וזכרו צוזאַמען מיטן דײַטשן פאָלק, האָט פאַרשניטן אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, דער נילוס־הימלער, נאַסער, האָט שוין צוויי מאָל — אין יאָר 1956 און הײַ־יאָר — עפנטלעך דעקלאַרירט זײַן בלוטיקן ציל פון צע־שטערן די ייִדישע מדינה מיט אירע אײַנוווינער און איצט שטייט בראש פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רוצחים־כּנופיה, סאָוועטן פאַרבאַנד, וועלכע העלפט די

מערדער מיט געווער, מיט סטימול, מיט אַלערליי העצעס קעגן ישראל און קעגן ייִדן, בפרט קעגן ציוניזם.

דער גרויסער נצחון פון צה״ל איבער אַלע אונדזערע שונאים האָט פאַר־זיכערט דעם קיום פון דער מדינה און דעם המשך פון ייִדישן פאָלק. מיר דאַרפן אָבער וויסן אויף אַ באַוווסטזיניקן אופן, אַז דער געראַנגל פאַר אונ־דזער גאולה, פאַר אַ לאַנג־דויערנדיקן שלום מיט די אַראַבישע שכנים, האָט נאָך נישט דערגרייכט דעם אָנגעצייכנטן ציל.

טאַקע דערפאַר מוזן מיר שטיין אויף דער וואַך, אַלע צוזאַמען, כדי צו שטאַרקן מדינת ישראל מיט פינאַנץ־רעקורסן, מיט אַ פאַרשטאַרקטע עליה, מיט אַן אויסערגעוויינלעכע טרײַשאַפט און מיט אַזאַ איבערגעגעבנקייט, וואָס נאָר אונדזער דור פון פרײַהייט קאָן אַרויסווײַזן צו ישראל, כדי מיר און אונדזערע קינדער און קינדס קינדער זאָלן זיך מער ניט אומקערן צו דעם פינצטערן און טראַגישן גלות פון טרעבלינקעס און מײַדאַנעקס, וועלכע האָבן אין יעדע תקופה אָנגענומען אַנדערע פאָרמען פון פאַרשידענע מיתות משונות פאַר ייִדן.

מיר ווילן לעבן. צה״ל האָט דאָס באַשטעטיקט, אויב מיר קלאַמערן זיך אין דעם „ובהדת בחיים״, וועלן מיר מנצח זײַן אַלע אונדזערע פיזישע און גײַסטיקע רוצחים.

# דער ציוניסטישער אידעאַל און די אידעען-טרעגער...

(מחשבות וועגן פאַרגעקומענעם ציוניסטישן קאָנגרעס)

דער ציוניסטישער אידעאַל, איינגראַווירט אין תפילות, וואָס זיינען געזאָגט געוואָרן במשך פון טויזנטער יאָרן ביז צו דער עטאַבלירונג פון דער ייִדישער מדינה, באַקעמפט פון אויסלענדישע גישט-ייִדישע כוחות, האָט אָבער מיט זיינע פּראָגנאָזן און דיאַגנאָזן איבערן ייִדישן לעבן אין גלות באַוויזן דעם אמת פון אונדזער מצב, פעסטגעשטעלט אונדזער היימלאָזיקייט און אויפגעהויבן די ייִדיש-נאַציאָנאַלע פאָן פון רעוואָלט קעגן רדיפות, אומטאָלע־ראַנץ, קעגן פּאָגראָמען און אויסראָטונג, דערביי זיינען געצונדן געוואָרן ליכט־פייערן פון גאולה פאַר אונדזער דור, וואָס האָט אַליין געמאַכט די גרעסטע רע־וואָלוציע אין דער ייִדישער געשיכטע, ברענגענדיק די פרייהייט, דורך דער שאַ־פונג פון ישראל-מדינה, פאַר אונדזער פאָלק און אַלע זיינע קומענדיקע דורות.

פאַרשיידענע פאַזן האָט דורכגעמאַכט די ציוניסטישע באַוועגונג: חסידי־שע עליות אין די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער זיינען געווען ווירדיקע מאַניפעס־טאַציעס פון טיף רעליגיעזע ייִדן פאַרן ציון-געדאַנק, דאָס באַזעצן זיך אין די 4 הייליקע שטעט: ירושלים, צפת, טבריה און חברון, אין די דעמאָליקע באַ־דינגונגען, זיינען געווען פאַרבונדן מיט אומגעהויערע קרבנות, מיט אומבאַשרייב־לעכער טרייִשאַפט צו ארץ ישראל, דאָס אויפשטעלן קהילות אין די דערמאָנטע הייליקע מקומות, ווי אין אַנדערע פלעצער פון ארץ הקודשה איז געווען פאַר־בונדן מיט קידוש השם, מיט אַן אויסערגעוויינלעכע מסירת נפש.

די ביל״ו באַוועגונג קליין איז געווען איר אָנהענגערשאַפט, אָבער די לאָ־זונג: „בית יעקב לכו ונלכה״ האָט אין זיך געטראָגן דעם מעכטיקן אור־אַלטן אינהאַלט פון „עלה נעלה וירשנו אותה, כי יוכל נוכל לה״ — „מיר וועלן אַרויס־גיין און איר ירשהנען״, דאָס איז געווען אַן איינזנפעסטע דעציזיע פון יחידים, וועלכע האָבן געהאַט אין זיך דעם אידעיִשן כוח אַריינצושרייבן אַ נייעם קאַפּיטל אין דער רעוואָלט באַוועגונג פון חלוצישע ייִדן, באַגייסטערט פון אַן אייגענעם

באַשלוס מנצח צו זײַן דעם דרויסנדיקן גלות און די אינערלעכע עבדות, כדי צו דינען דורך שווערער אַרבעט — דעם ציוניסטישן אידעאַל פון גאולת ישראל.

די ביל"ו־חלוצים האָבן אָנגעצונדן מיט ציוניסטישער התלהבות צענדליקער טויזנטער ייִדן פון אַלע עליות, וואָס האָבן דערמעגלעכט די ווײַטערדיקע נצחונות פון דעם מעכטיקן ציוניסטישן גערანגל אויף אַלע פראָנטן פון אַרבעט און קאַמף, פון טריקענען זומפן און פאַרטרײַבן מאַלאַריע, פון גובר זײַן דעם מדבר און באַזיגן אַלע שונאים.

דער ציוניסטישער אידעאַל האָט דעם 14טן מאַי 1948 — געקרוינט זײַן גיגאַנטישע אַקטיוויטעט מיט דער פּראָקלאַמירונג פון דער ייִדישער מדינה, וואָס געפינט זיך נישט נאָר אין די הערצער פון גאַנצן ייִדנטום, נאָר שטייט איצט אין סאַמע צענטער פון דער וועלט־אויפמערקזאַמקייט.

ווען האָט זיך אָבער אָנגעהויבן דער גרויסער קריזיס אינעם ציוניזם, סײַ אין וועלט־מאַסשטאַב, ווי אין לאַנד־פאַרנעם? ווי איז דאָס מעגלעך געוואָרן, אַז נאָך אַזויפיל נצחונות פון ציוניסטישן געדאַנק, בפרט אין אַזאַ קורצן צײַט־אָפּשניט, זאָל קומען צו אַזאַ מצב? פאַרוואָס האָט דער איצטיקער ציוניסטישער קאָנגרעס נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אָפּצוראַטעווען די ציוניסטישע באַוועגונג פון איר הײַנטיקן ירידה־צושטאַנד?

אין דעם טאָג, ווען נעכטיקע ציוניסטישע מנהיגים און הײַנטיקע אָנפירער פון דער ייִדישער מדינה, האָבן דערקלערט, אַז דער ציוניזם איז נאָר געווען די „רושטאָוואַניע" אויף צו בויען דעם מלוכה־בנין און מען קאָן איר פונאַנדערנעמען, דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דער גרעסטער קריזיס אין דעם ציוניסטישער מחנה. מעגלעך, אַז די רושטאָוואַניע האָט מען טאַקע באַדאַרפט אַוועקנעמען. אָבער דער ציוניזם האָט אויף איר אָרט באַדאַרפט בויען און צעמענטירן אַ פעסטונגס־וואַנט וואָס זאָל זיין בכוח צו שיצן ישראלס דערגרייכטע אומאָפּהענגיקייט. דאָס קרוין־ווערק פון ציוניזם — דער אַנטשטאַנענער מלכות ישראל — האָט נאָר דערגרייכט צו באַקומען אַ מדינה־ראַם, וואָס דאַרף ערשט אויסגעפילט ווערן מיט אַ פּרעכטיק־גרויס בילד פון נײַע שטעט און דערפער, פון נאָך מיליאָנען ייִדן אין ישראל, פון דעראָבערן דעם מדבר און אים צווינגען צו געבן ברויט און פּרוכט, פון שטאַרקן די באַוואָפנטע האַנט פון דער ייִדישער מדינה, בפרט אין אַ וועלט פון חיה'שע אינסטינקטן צום ייִדישן פאָלק, די ישראלדיקע מלוכהשע ראַם איז טאַקע דאָ, אָבער צום בילד פעלט נאָך...

אַ סך מדינה־פירער האָבן אַזויפיל און אַזוי לאַנג מזלזל געווען דעם ציוניסטישן געדאַנק, די ציוניסטישע באַוועגונג, אירע ווײַטערדיקע אויפגאַבן, סײַ צו דער דערוואַכטער ייִדישער אומה והן צו דער ייִדישער מדינה, ביז ציוניזם איז געוואָרן אַלענפאַלס ביז צו דער גלאָררײַכער 6־טאָגיקער יוני־מלחמה פון פאַרגאַנ־

געגעם יאָר, אַ זלזול־וואָרט אין ישראל ביי גרויסע טיילן פון דער אָרטיקער יוגנט און ביי סתם ישראלדיקע ייִדן.

ערשט ביים פּייער פון ייִדישן אַפּוועך־קאַמף קעגן דער אַראַבישער אַגרעסיע, האָט די ייִדישע מדינה און אירע מנהיגים דערזען דעם גרויסן אומדיסקוטירבאַרן פאַקט, פון אַ ריזיקע אַלוועלטלעכע ייִדישע סאָלידאַריטעט מיט ישראל, וואָס אפשר האָט מען דאָס נאָר געקענט זען אין די טעג פון רבי עקיבאַן און בר־כוכבא, ווען זיי האָבן אָנגעפירט דעם קאַמף קעגן דער רוימישער אונטערדריקונג, אויך אין יענער צייט האָט זיך מאַניפעסטירט דער ייִדישער אחדות, אין דער דעמאָלטדיקער ייִדישער צעשפּרייטקייט, מיט די העלדישע קעמפער פון ארץ ישראל.

די היינטיקע אור־אור אייניקלעך פון רבי עקיבא און בר־כוכבא האָבן אין דער געשטאַלט פון דער העראָישער צה״ל, אין אונדזערע טעג, געפירט דעם קריג קעגן אַלע שונאים און פאַרזיכערט דעם קיום פון ישראל, אָבער דאָס איז געטון געוואָרן מיט דער פולער מיטאַרבעט פון ייִדישן כלל, מיט די אחדות־מעשים פון כמעט דעם גאַנצן ייִדישן פאָלק, אין וועמעס שפּיץ ס׳איז ווידער געשטאַנען די ציוניסטישע באַוועגונג, מיט אירע עסקנים, אָרגאַניזאַציעס, פּרעסע און רעדנער, וועקנדיק די ייִדישע מאַסן צו העכסטע אָנשטרענגונגען פאַר דער ייִדישער פרייהייט.

אין די זעקס יוני טעג פון 1967 האָט זיך אַנטפּלעקט אַן אַלטער אמת, אַז אויף דער ייִדישער גאַס איז נישטאָ קיין אַנדער אידעאַל, ווי דער ציוניסטי־שער, וואָס זאָל זיין בכוח אויפצוהאַלטן דאָס סנה־פייער, וואָס סימבאָליזירט ייִדישע אייביקייט. דאָס ייִדישע פאָלק מעג באַזיצן רייכע צענטראַלעס, ריזיקע אינסטיטוציעס, מעכטיקע בענק, אויסגעצייכנטע פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס, פּאָליטישע קערפּערשאַפטן, איינגעשלאָסן גרויסע וועלט־פּערזענלעכקייטן, אָבער זיי שטעלן מיט זיך פאָר נאָר באַשטימטע און באַגרענעצטע אויפגאַבן, אָבער זיי זיינען נישט קיין אידעען. דער ציוניסטישער רעיון וועט אַזוי שנעל נישט אָפּטרעטן זיין דאָמינירנדיקן פּלאַץ אינעם ייִדישן לעבן, כל זמן אויפן ייִדישן האָריזאָנט, וועט זיך שנעל באַווייזן, אַ מער צוציענדיקער אידעאַל, מיט שטאַר־קערע נשמה־פלאַמען, מיט וויכטיקערע אויפגאַבן פאַר אויפהאַלטן דאָס ייִדישע פאָלק און פאַרטיידיקן די ייִדישע פרייהייט.

די ישראלדיקע מלוכה לייט זעען איצט די נייע ייִדישע רעאַליטעט אין שפּיגל פון די גרויסע פליכטן, וואָס דער ציוניזם וועט נאָך רעאַליזירן אין דער צוקונפט, אַ סך האָבן שוין געענדערט זייער באַציִונג צו דער דאָזיקער אידעא־אישער באַוועגונג, אַפילו די צברה׳ס האָבן דערפילט דעם יאָרנלאַנגן טעות אין באַצוג צום ציוניזם. זשורנאַליסטן, שרייבער, לערער, דענקנדיקע ייִדן אין דער ייִדישער מדינה, רעווידירן איצט זייערע פריערדיקע פּעלערהאַפטע מיינונגען און שטאַנדפּונקטן צו דער גרויסער ייִדישער פרייהייטס באַוועגונג, אין וועמעס זכות

און חלוצישער אַרבעט איז דאָס ייִדישע פאָלק אויפגעשטאַנען צו אַ פרײַ לעבן אין די גרעניצן פון אַלט־באַנײַטן היימלאַנד. ווייל אויב די דאָזיקע רעוויזיע וואָלט נישט געמאַכט געוואָרן, וואָלטן זיי אַלע אויסגעזען ווי יענער גערטנער, וועלכער האָט באַשלאָסן אויסצוהאַקן אַלע פרוכטביימער פון זיין גאָרטן, ווייל זיי האָבן שוין געגעבן די ערשטע פרוכט און מער דאַרף ער נישט... די ייִדישע מדינה־פירער, אייניקע פון זיי האַלטן נאָך דעם גערטנערס האַק אין דער האַנט קעגן דעם ציוניסטישן פרוכט־גאָרטן, אָבער די מערהייט פאַרשטייט שוין גרינט־לעך, אַז דער ציון געדאַנק אין די תפוצות ישראל, געטראָגן דורך אויטענטישע ציון־טרײַע ייִדן, וועט נאָך געבן אַ סך גוטע און זיסע פירות פאַר דער ייִדישער גאולה, סײַ פאַרן ווײַטערדיקן אויפבוי פון ארץ ישראל און סײַ פאַר דער דער־ציִונג פון ייִדישן פאָלק אין דער היינטיקער צעשפּרייטקייט, כדי עס מכשיר צו זײַן צו וויכטיקע ייִדיש־נאַציאָנאַלע, ציוניסטיש־חלוצישע, גײַסטיק־קולטורעלע און אחדות־ישראלדיקע פליכטן און צו גרויסע עפּאָכע־מאַכנדיקע מעשים.

נאָך צוויי אַנדערע פאַקטאָרן האָבן גורם געווען צום איצטיקן קריזיס אין ציוניזם: א) נאָך דעם אויפקום פון דער ייִדישער מדינה האָבן ציוניסטן זיך געפילט ווי אַ דעמאָביליזירטע אַרמיי, וואָס קומט צוריק פון די פראָנטן, טאַקע מיט היפשע נצחונות, מען גייט נאָך דערוויַל אַרום אין די מיליטערישע מלבו־שים, אָבער קיינער ווייסט נישט גענוי, וואָס וועט זײַן די צוקונפט פון דעמאָ־ביליזירטע זעלנער אין זייער ציווילן לעבן. דאָס האָט גורם געווען ביי ציו־ניסטן אַ פּסיכאָלאָגישע איבערקערעניש נישט אַלע האָבן פאַרשטאַנען די באַ־דײַטונג פון דער גרויסער ציוניסטישער רעאַליזאַציע, אַפילו געוויסע ציוניסטישע מנהיגים האָבן נישט תופס געווען דעם פאַרנעם פון דער רעוואָלוציאָנערער דערגריי־כונג, זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַר דער דימענסיע פונעם אידעאישן נצחון פון ציוניזם און בעל פה ובכתב פאַרגרעסערט די קאָנפוזיע אויף דער ייִדישער גאַס. אַנשטאָט זיך אַליין צו באַטראַכטן אַלס די ווײַטערדיקע אידעען־טרעגער פון ציון־געדאַנק צווישן די ייִדישע מאַסן, אויפן אָרט פון זײַן בבחינת, אַ וועכטער אָרגאַניזאַציע איבערן ייִדישן לעבן, האָט מען אַליין אַראָפּגעלאָזט די הענט, אָפּגעשוואַכט דעם אייגענעם מוט; און קעגנאיבער די אומבאַרעכטיקטע אָנגריפן אויפן ציוניזם, איז מען אַרײַן אין אַ דעפענסיווע ליניע, פון וועלכער מען גייט נישט אַרויס אפילו מיט דער הילף פונעם איצטיקן קאָנגרעס, אויף וועלכן גוטע און טרײַע ציוניסטן האָבן געלייגט גרויסע האָפענונגען אין דעם זין, אַז ער וועט זײַן אַ רעטונגס־קאָנגרעס פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג, פאַר איר ווײַטער־דיקער שליחות אינעם ייִדישן פאָלק, אָבער אַזוי ווי דער דאָזיקער 27טער ציון־קאָנגרעס איז דורכגעפירט געוואָרן אינמיטן פון דעם עקזיסטירנדיקן קריזיס אינעם ציוניזם איז ער נישט געווען ביכולת צו באַנײַען די פריערדיקע רעוואָלו־ציאָנערע אויפגאַבן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

די ייִדישע מאַסן בכלל און די ציוניסטן בפרט מוזן פאַרשטיין, אַז פונקט ווי ביי יעדן פאָלק איז דאָ אַ באַזונדערע אַרמיי, אַ קעמפעריש־גרייטע, אַ גוט דיסציפּלינירטע, אויף אָפּצוהיטן די זיכערקייט און צוקונפט פון פאָלק און לאַנד, אַזוי איז דער ציוניזם געווען און מוז פאַרבלײַבן דער היטער און פאַרשפּרייטער פון די ייִדישע קולטור־ווערטן פאַר אונדזער פרײַהייט, ווי פאַר דער זיכערער צוקונפט פון אַלע — נאָך אונדז — נאָכקומענדיקע דורות.

דער צווייטער גורם פון אָפּשוואַכן דעם ציוניסטישן אידעאַל און פון איר מחנה איז, בלי שום ספק, די פאַרמירונג פון אַנדערע ייִדישע וועלט־אינסטאַנצן, פון צווייטע רעפּרעזענטאַטיווע ייִדישע וועלט־קערפּערשאַפטן, וועלכע ווערן טאַקע אָנגעפירט פון טרײַע ציוניסטן, אָבער זיי אַליין האָבן געהאָלפן מאַכן אַזעלכע טראַנספּוזיעס, וואָס איבערגיסנדיק אידעאישע אויפגאַבן פון ציוניזם צו די אַנדערע ייִדישע „וועלט־אינסטיטוציעס”, האָט מען די ציוניסטישע באַוועגונג געלאָזט אין אַ חלושות׳דיקן צושטאַנד. ציוניסטן האָט מען געלערנט פון סאַמע אָנהויב, אַז ציוניזם איז זיך כולל אַלצדינג: מכשיר זײַן ייִדן צו גאולה־אויפגאַבן, צוגרייטן יוגנט צו חלוציות, מער נישט מורא צו האָבן פאַר אַנטיסעמיטן, העלפן ייִדן אויסגלײַכן דעם רוקן און אויפהייבן דאָס פּנים, כדי צו זען זיך אַליין ווי אַ ווירדיק־שטאָלצן מענטש, אָרגאַניזירן זעלבסטשוץ אין פאַרטיידיקונג פון ייִדישן לעבן און פאַרמעגן, שמידן אומאויפהערלעך דעם אידעאַל פון אַן אײנהייטלעך ייִדיש פאָלק און איבער דעם אַלעם, דערגרייכן, אין אונדזערע טעג, דעם אויפקום פון אַ באַנײַטן מלכות ישראל אין די גרענעצן פון ייִדישן היימלאַנד. ווער דאַרף דען נאָך אויסרעכענען די אויפגאַבן פון ציוניזם אין אונדזער דור? באַוווסטזיניקע נאַציאָנאַלע ייִדן קענען זייער גוט נאָך אַ סך צענדליקער פליכטן, וואָס דער ציוניסטישער געדאַנק לייגט אַרויף אויף יעדער ייִדישן יחיד, ווי פון כלל ישראל, כדי צו פאַרווירקלעכן בימינו די געוואַגטע און דערהויבענע שליחות פאַרן קיום פון אונדזער פאָלק און זײַן מדינה.

דער אויטענטישער און רעוואָלוציאָנערער ציוניזם איז דערפאַר נישט סובל די אַלערליי „וועלט־רעפּרעזענטאַנצן” מיט נאַציאָנאַלע ייִדישע אויפגאַבן. ס׳איז ניט נויטיק, אַז איינע זאָל פאַרטיידיקן ייִדן קעגן אַנטיסעמיטיזם, אַ צווייטע זאָל פאַרשפּרייטן ייִדישע קולטור־ווערטן צווישן נישט־ייִדן, אַ דריטע זאָל זײַן „אַן אָרגאַניזאַציע פון אָרגאַניזאַציעס”, די פערטע זאָל זײַן אַ „בריק” צווישן דעם ייִדנטום אין די פרײַע לענדער מיט די ייִדישע ישובים הינטערן „אײַזערנעם פאָרהאַנג”. דאָס אַלצדינג דאַרף זײַן דער ציוניזם.

מיר זײַנען עדות פון אַ פאַקט, אַז קיין שום ייִדישע וועלט־אָרגאַניזאַציע, וואָס שטייט אויפן ייִדיש־נאַציאָנאַלן באָדן, קאָן נישט נושא חן זײַן ביי די מושלים פון קרעמלין און זייערס גלײַכן. דער הרב י. ל. לעווין פון מאָסקווע, דער רב הראשי פון סאָוועטישן ייִדנטום, האָט באַקומען פון די קאָסיגינס אַ דער־

לויבעניש צו באַזוכן צפון־אַמעריקע, אָננעמענדיק די פאַרבעטונג פון דעם שאַרפן אַנטי־ציוניסטישן „קאונסיל אָף דזשודאַיזם״, וועמעס רעאַקציאָנערע אָנפירער זיינען כשר פאַר די סאָוועטישע היידאַמאַקעס נאָר פאַר זייער אומגעצוימטער שנאה צום ציוניזם און צו דער יידישער מדינה, הרב לעווין וואָלט זיכער נישט גע־קענט זיין דער גאַסט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, ווייל מאָסקווע באַטראַכט די דערמאָנטע וועלט־אָרגאַניזאַציע סיי ווי אַלס ציוניסטישע... איך וואָלט געקענט אויסרעכענען נאָך צענדליקער ביישפילן פון דעם סאָרט, וואָס כ׳האָב ערשט דערמאָנט, כדי צו באַווייזן די אומנויטיקע עקזיסטענץ און די רעזולטאַטלאָזיקייט פון זייער האָרעוואַניע, ווי די אומנוצלעכקייט פון אויסגעגעבענע בודזשעטן, מצד די פאַרשיידענע יידישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס.

אין מיינע אַרטיקלען וועגן די רעזולטאַטן פון דעם פאַרגאַנגענעם 27סטן ציוניסטישן קאָנגרעס, האָב איך דאָס פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע פון דעם איצטיקן ציוניסטישן וועלט־כנוס, אָבער ס׳איז שוין קלאָר, אַז די ישראל רעגירונג און אירע מנהיגים זיינען דעצידירט צו פּרעסטיזשירן דעם ציוניזם אינעם יידישן פאָלק, איצט שטעלט זיך נאָר די שאלה, צי וועלן די ציוניסטישע מנהיגים, אָן אונטערשייד פון פּאַרטייאישע אידעאָלאָגיע, זיין בכוח צו פאַרמירן אין די תפוצות־ישראל אַן אינטעגראַלן און רעוואָלוציאָנערן ציוניזם, וועלכער זאָל איבערשטעלן אויף אַנדערע יידיש־נאַציאָנאַלע רעלסן, דאָס אָרגאַניזירטע און גייסטיק־אידעאישע לעבן פון די יידישע ישובים אין דער גאָרער וועלט?

# גאולה-ווונדער און פאָלקס־אויפלעבונג

## (70 יאָר אָרגאַניזירטער ציוניזם)
## תנ״ך און פאָלקס זכרון

### א.

זיבעציק יאָר אין לעבן פון אונדזער פאָלק, וואָס ציילט טויזנטער יאָרן קיום, האָבן נאָר אַ באַדײַטונג די פאָרגעקומענע געשעענישן אין זײַן געשיכטלעכן גאַנג און נישט די 70 ערב ראש השנהדיקע אָפּרײַס־בלעטלעך פונעם יערלעכן ייִדישן לוח...

דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס, גערופן דורך דעם שעפער פון פאָליטישן ציוניזם, וויזיאָנער פון ייִדישער גאולה, ד״ר בנימין זאב הרצל, האָט געהאָט דעם גיגאַנטישן כוח צו אַנטפּלעקן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט: דעם שטרעבן פון ייִדישן פאָלק אַ סוף צו מאַכן צו זײַן גלות, דער עיקר, אַז ייִדן װעלן מער נישט דולדן קיין פּאָגראָמען און איבער דעם אַלעם האָט דער ציוניזם אין זײַן אָנהייב אַנטפּלעקט פאַר פעלקער די עקזיסטענץ פון דער ייִדישער אומה, וואָס האָט, צום ערשטן מאָל, אויפגעשטעלט אַן אייגענעם ייִדישן וועלט פּאַרלאַ־מענט כדי פון אים צו פאַרלאַנגען אַ הסכמה פון די וועלט־מאַכטהאָבער אויף דער צוריק פאַראייניקונג פון ייִדישן פאָלק מיט זײַן היסטאָרישן פאָטערלאַנד. אַ פאָלק פון אומגעשטילטע בענקענישן צו מאַמע־ערד און ארץ־ישראל־לאַנד, וואָס לעכצט צו זײַנע קינדער, וועלכע באַווײַזן ווונדער ביי דער אַרבעט פון אויסלייזן זײַנע מדבר־טריקענישן פון דורשט און פרוכטלאָזיקייט. פון חורבות און צעשטערונג.

דער באַזעלער ציוניסטישער קאָנגרעס איז געקומען ווי אַן אויפפרישונג פון דעם דורות־אָנהאַלטנדיקן תנכישן פאָלקס־זכרון פון היסטאָרישע, אַלט־צײַטיקע ציוניסטישע דעקלאַראַציעס, וואָס האָבן נאָך אין די בראשית־טעג פון אונדזערע אבות און אַזוי ביז צום הײַנטיקן טאָג, זיך אײַנגעקריצט אין דער נשמה, אָנהיי־בנדיק פון די ערשטע עברים ביז צום סוף פון ייִדישע דורות. די דאָזיקע דעקלאַ־ראַציעס, אײַנגעהאַמערטע אין תנ״ך, וועלן קיינמאָל נישט פאַרלירן זייער תוכן אַקטואַליטעט.

אברהם הערט אויס צום ערשטן מאָל אַ ציוניסטישן צוזאָג: „ונתתי לך ולזרעיך אחריך את ארץ מגוריך, את כל ארץ כנען״. און איך וועל געבן דיר און דײַנע קינדער נאָך דיר דײַן ווױן־לאַנד, דאָס גאַנצע לאַנד כנען״, יצחק הערט אַ ציוניס־טישע הבטחה מיט אַנדערע ווערטער, אָבער מיטן זעלבן אינהאַלט: — „והרבתי

את זרעך ונתתי, את הארצות, והקימותי את השבועה״, — און כ׳וועל פאַרמערן דײַנע קינדער און כ׳וועל געבן די לענדער און כ׳וועל מקיים זײַן די שבועה. יעקב, וואָס ווערט אָנגערופן ישראל, באַקומט אַ ציוניסטישע פאַרזיכערונג מיט אַן אַנ־דערן נוסח: ואת הארץ אשר נתתי לאברהם וליצחק, לך אתננה ולזרעך, אחריך אתן את הארץ״, „און דאָס לאַנד וואָס איך האָב געגעבן אברהם און יצחק וועל איך עס דיר געבן, און דײַנע קינדער נאָך דיר וועל איך געבן דאָס לאַנד״.

די מענטשהייט איז געוואָרן אַ שותף צום ספר הספרים, אויף הונדערטער לשונות און טויזנטער דיאַלעקטן איז איבערגעזעצט געוואָרן דער תנ״ך און די דערמאָנטע ציוניסטישע פסוקים האָבן אויסגעשמידט אין יידישן פאָלקס־זכרון אַן אומאיבערגעריסענעם פאַרלאַנג מקיים צו זיין דעם אינהאַלט פון די דאָזיקע ציו־ניסטישע דעקלאַראַציעס, וואָס האָבן אויך באַדאַרפט זײַן דער קנין פון פעלקער, וועלכע זײַנען גײַסטיק און רעליגיעז פאַרבונדן מיט דער ביבל. די ווירקלעכקייט האָט אָבער באַוויזן, דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל האָט דאָס באַשטעטיקט, אַז די מענטשהייט, איבערהויפּט דער קריסטלעכער טייל אירער, אַ חוץ וואָס ער איז דורכגעפּרעסן מיט באַצילן פון שנאת ישראל, האָט ניט קיין גרויסן חשק צו פאַרשטיין דעם תנכישן צוזאָג צום פאָלק פון ספר, אַז ארץ ישראל און דאָס אייביקע אייגנטום פון אונדזער אומה, האָט באַדאַרפט קומען צו דער איבערצײַגונג, אַז דאָס יידישע פאָלק איז באַרעכטיקט צו לעבן אין פולער פרײַהייט, אויף אייגענעם באָדן.

דער יידישער פאָלקס־זכרון האָט זיך אויך אויפגעהאַלטן מיט טויזנטער הייליקע פסוקים־פעדים, וועלכע זיינען אין לויף פון דורות, אין שפּאַן פון יאָר־הונדערטער, נישט שוואַכער געוואָרן און זיינען קיינמאָל נישט איבערגעריסן גע־וואָרן. נאָך דעם חורבן פון לאַנד האָט דאָס פאָלק זיך געטרייסט מיט משיחס קומען, באַגלייט פון אינהאַלטס־רײַכע גאולה פערזן: „ישיבת ארץ ישראל שקולה נגד כל המצוות בתורה״, כל הדר בארץ ישראל דומה כמי שיש לו אלוהי״ — „דאָס וווינען אין ארץ ישראל אין שקול קעגן אַלע מצוות פון דער תורה. ווער עס וווינט אין ארץ ישראל איז געגליכן צו איינעם, וואָס פאַרמאָגט אַ גאָט״, אויך אין די תפילות האָבן יידן אַרײַנגענומען האַרץ־נאָגנדיקע פאַרלאַנגען, דורכגעפלאָכ־טן מיט הייליקע בקשות: „תקע בשופר גדול לחרותנו, השיבנו שופטינו כבראשונה, ובנה ירושלים עירך, אור חדש על ציון תאיר״. „בלאָז אין דײַן גרויסן שופר פאַר אונדזער פרײַהייט, באַשטים אונדזער ריכטער ווי פריער, בוי ירושלים, דײַן שטאָט אַ נײַ ליכט זאָל אויף ציון לײַכטן״.

דער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל פון 29סטן אויגוסט 1897, איז געווען דער ערשטער געוואַגטער פּרווו צו פאַרוואַנדלען דעם יידישן פאָלקס־זיכרון וועגן פרײַהייט אין אַ דעצידירטן קאַמפּס־ווילן איר צו דערגרייכן, אַרויסצונעמען די שטומע — זיך בעטנדיקע שורות פון די פסוקים — און אין זיי אַרײַנבלאָזן

אַ רוח החיים, מיט דער כוונה די זעלבע צו פאַרוואַנדלען אין אַ סטימול אויפ־צוהויבן דעם רעוואָלט פון די יידישע מאַסן קעגן גלות, קעגן קנעכטשאַפט, ווי קעגן היימלאָזיקייט.

## 70 יאָר ציוניזם און זיין געראַנגל אויף להבא

דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל איז געווען די „אתחלתא דגאולה", מיט קנאַפּע 20 יאָר צוריק איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די יידישע מדינה אויף אַלע אייביקייטן און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער שווערער פּראָצעס פון קיבוץ און מיזוג הגלויות. היינט דיסקוטירט שוין קיינער נישט וועגן דעם, צי דער ציוניזם איז געווען גערעכט, אָדער אומגערעכט. איצט שטייט אויפן סדר היום פונעם יידישן לעבן די פראַגע, ווי אַזוי מאָביליזירט מען אַלע טיילן פון יידישן פאָלק פאַרן שנעלן וווקס און אויפבוי פון ישראל. דאָס וועלט יידנ־טום פאַרמאָגט ריזיקע מאַטעריעלע און מאָראַלישע כוחות, וועלכע קענען איינ־געשפּאַנט ווערן אינעם עול פון גרויסע שעפערישע ווערק אין דער יידישער מדינה, אָבער ס'איז לייכטער זיך צו באַגייסטערן מיט די נצחונות פון צה"ל ווי אויפצובויען אין ישראל נייע שטעט און דערפער, ווי אויסצוטריקענען זומפּן און באַפרוכפּערן דעם נגב, ווייל שטענדיק איז אין יידישן פאָלק פאַראַן אַ געוויסער שיכט יידן, וואָס „קענען און ווילן נישט". הרצל האָט איינמאָל געזאָגט דעם „אויב איר ווילט, וועט דאָס נישט זיין קיין לעגענדע". ווען ווערט טאָקע אַ געדאַנק, אַן אידעאַל פאַרווירקלעכט? ווען דאָס גאַנצע פאָלק וויל דאָס טאָן מיט אַ געאייניקטן רצון, אָן מחלוקת און אָן חשבונות.

אין דעם נישט ווייטן ציוניסטישן אַמאָל האָבן ציון טעאָרעטיקער געשאַפן נייע אידעען, געזוכט נייע וועגן אויף צו פאַרקירצן דעם גאַנג צו דער גאולה, אָנט־פּלעקט נייע מחשבות און געשמידט באַפליגלטע געדאַנקען, כדי ברענגען אויס־לייזונג און חלוצישן רעוואָלט, האָט אחד העם געגלויבט אין אַ נייעם ישראל פון נביאים, האָט ד"ר הרצל געזוכט דעם וועג צו פרייהייט דורך דיפּלאָמאַטן, איז זשאַבאָטינסקי געווען דער שמידער פון שלאַכט־געראַנגל פאַר שנעלע ציוניסטישע רעאַליזאַציעס, האָט דער חלוצים לערער בערל כצנלסון מדריך געווען דורות יידי־שע פּיאָנערן־העלדן, זאָגנדיק אַז ארץ ישראל וועט ניט געבויט ווערן, נישט דורך נביאים, נישט דורך דיפּלאָמאַטן, נאָר מיט דער הילף פון קרבנות גרייטע חלוצים. די ווירקלעכקייט האָט אָבער באַוויזן, אַז אין דער אויפגאַבע צו רעאַליזירן דעם ציוניזם האָט מען באַדאַרפט האָבן אַלע עלעמענטן: פּשוטע וועג־פּלאַסטערער און מאַלאַריע באַקעמפער, גייסטיקע פּערזענלעכקייטן אויף אָנצוהאַלטן דעם חיבת ציון פלאַם אין מיליאָנען יידישע הערצער, דיפּלאָמאַטישע אינטערווענצן און אַפילו שתדלנותן ביי ניט־יידישע וועלט־פּערזענלעכקייטן און רעגירונגען לטובת ציוניס־טישע פּאָסטולאַטן און קאָנצעפּטן, צו דעם האָט דער ציוניזם מצרף געווען פיזי־

שע הכשרה פון טויזנטער און צענדליקער טויזנטער יידישע יוגנטלעכע אויף צו פאַרטיידיקן דאָס היימלאַנד קעגן אַלע אויסערלעכע אָנגריפן. פונקט ווי די העראָישע חלוצים יוגנט האָט מנצח געווען דעם ישראלדיקן מדבר, אַזוי האָט זי — שוין דריי מאָל — באַזיגט די דרויסנדיקע שונאים.

זעלטן ווען איז דער ציוניזם אַוועקגעשטעלט געוואָרן פנים אל פנים מיט דער יידישערווירקלעכקייט, סיי אין לאַנד־מאַסשטאַב והן אין וועלט־פאַרנעם, ווי דאָס מאָל. די יידישע וועלט־מאַפּע איז איינגעשרומפּן געוואָרן, ס׳פעלן אונדז די דאָזיקע יידישע ישובים, וואָס ערשט ניט לאַנג, פאַר דער 2טער וועלט־מלחמה זענען זיי געווען די שטראָמענדיקע גייסט־קוואַלן פון יידישן פאָלק. היינט ראַנגלען מיר זיך פאַר דער עצם־עקזיסטענץ אַלס יידן, קעמפנדיק קעגן אַלערליי פאָרמען פון אַסימילאַציע, וואָס באַדראָען אונדזער קיום האומה, די יידישע אינסטיטוציעס, אונדזער יוגנט און דעם ציוניזם גופא. אַ מבול פון כינוי־סים, טעריטאָריעלע און אַלוועלטלעכע, האָבן פאַרפלייצט אונדזער געזעלשאַפט־לעכקייט, זעלטן ווער גלויבט אין זייערע רעזאָלוציעס און זעלטן ווען ברענגען זיי די געוווּנטשענע רעזולטאַטן.

אין דער היגער ציוניסטישער באַוועגונג איז דער קריזיס אַ בולטער, אַן אָנ־זעעוודיקער. די ציוניסטישע ריכטונגען וואַקסן נישט, די ציוניסטיש־חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס מאַכן דורך אַ שווערן ירידה־פּראָצעס. ס׳איז נישטאָ קיין אידעאָלאָגישע שפּאַנונג אין אָרגאַניזירטער יידנטום. עס זיינען פאַרווישט געוואָרן אידעאישע דיפערענצן אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן פון יעדן ייד. דער סאָציאַליס־טישער ציוניסט איז אָפטמאָל אַ רייכער מענטש, (ס׳זיינען אויך פאַראַן אָרעמע־לייט). דער בירגערלעכער ציוני קאָן זיין אַ מולטי־קבצן, דער רעליגיעזער ציוניסט האַלט אָפּן שבת זיין געשעפט און דער פּראָלעטאַרישער ציוניסט לעבט ווי אַ בור־זשוי וואָס איז אין זיין באַציִונג צום אַרבעטס־געבער, — ממש ווי אַן עקספּלואַטאַ־טאָר. ווי ס׳איז יאָ פאַראַן אַן אונטערשייד איז נאָר אין דיאַלעקטיק, אין צייַ־טונגס־אַרטיקלען, אין דער ציוניסטישער פּאַרטיי־פּרעסע.

פונקט צום 70סטן אַניווערסאַר פון דער ציוניסטישער באַוועגונג דערקלערט דר. נחום גאָלדמאַן, „אַז דער קומענדיקער ציוניסטישער קאָנגרעס, דאַרף זיך אָפּ־זאָגן פון זיינע כוונות צו פאַרטרעטן דאָס אַלוועלטלעכע יידנטום אין באַציונג מיט ישראל״. וואָס באַהאַלט דער איצטיקער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט אָרגאַניזאַציע הינטער די דאָזיקער ווערטער? ווער זאָל טאַקע פאַרטרעטן דאָס וועלט־יידנטום? איז דען פאַראַן אַ צווייטע באַוועגונג אינערהאַלב דעם יידישן פאָלק, וואָס זאָל זיין ביכולת צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער ציוניסטישער באַוועגונג? איז טאַקע מעגלעך, אַז דר. נחום גאָלדמאַן זאָל האָבן די אינטענץ צו געבן דעם ציוניזם, דורך אַזעלכע דערקלערונגען, דעם לעצטן חסד־שאָס, כדי דער גוסס זאָל זיך מער נישט מוטשען אין יסורים?....

דווקא הײַנט, און דאָס ווייסט זייער גוט דר. נחום גאָלדמאַן, גויטיקט זיך דאָס ייִדישע פאָלק, בפרט די ייִדישע מדינה, אין אַ שטאַרקע מאַקסימאַליסטישע ציוניסטישע באַוועגונג, וואָס זאָל שטיין אומקאָנדיציאָנעל אין זייער רשות, כדי זיי צו דינען בלב ונפש. פון איין זײַט דאַרף זי אָנגיין מיט דער גרויסער אויפ־גאַבע פון מכשיר זײַן די ייִדישע פאָלקס־מאַסן צו וויכטיקע עפּאָכע־מאַכנדיקע מעשים, פון דער אַנדערער זײַט מוז אַזאַ מאַקסימאַלסטע ציון־באַוועגונג פאַרשטאַרקן דעם גרעאַנגל קעגן אידעענלאָזע מיינונגען פון זעלבסט פאַרלייקענונג און אַסי־מילאַציע און העכער פון דעם אַלעם איז דער דאָזיקער ציוניזם אַ טרײַער שומר פון מדינת ישראל. די היסטאָרישע 6 יוני־טעג פון ישראלס פאַרטיידיקונגס מלחמה, האָט באַוויזן דעם קשר צווישן דער ייִדישער אומה און ייִדישן היימלאַנד.

דער ציוניזם, דאָס זאָגן מיר גראָד אין הײַנטיקע טעג, ווען מיר דערמאָנען דעם ערשטן באַזעלער קאָנגרעס, איז די גאַראַנטיע פאַרן באַנײַען און אויפהאַלטן די ייִדיש נאַציאָנאַלע קולטור־ווערטן אינעם ייִדישן פאָלק. ער איז אַ פאַר־זיכערונג קעגן אַלערליי אַסימילאַנטישע אָנגריפן פון דרויסן און פון אינע־ווייניק. דער ציוניזם איז די צוקונפט פון דער ייִדיש רענקנדיקער יוגנט, אַרום אים וועלן זיך ווײַטער דאַרפן זאַמלען אַלע שיכטן פון עם ישראל, אָן אונטערשייד פון סאָציאַלן שטאַנד און שטאַנדפּונקט, באַזירנדיק זיך אויף דעם אמת, אַז אין די ידיים ידי עשיו לאָפּעס זיינען מיר איין פאָלק צום אומקום און ביי די פּאָגראָ־מען. איצט איז געקומען די גרויסע שעה, וועלכע דאַרף דויערן אַן אייביקייט, אַז מיר זיינען מער נישט צעטיילט, נישט צעשפּליטערט, אַז מיר ייִדן קענען לעבן אָן שנאת אחים, אָן קנאה, נאָר מיט אהבת ישראל. מיר קענען זײַן אַזוי פאַראייניקט, אַז קיינער זאָל נישט וואַגן אָנצוגרייפן די דאָזיקע אחדות, נישט פון דרויסן און אוודאי נישט פון אינעווייניק.

דווקא הײַנט, אינמיטן פונעם גרויסן קריזיס אינעם ציוניזם, דאַרף נאָכאַ־מאָל אײַנגעקריצט ווערן אין מיליאָנען ייִדישע הערצער און מוחות דער ציוניס־טישער אני מאמין, וואָס זאָל באַקומען זײַן אויסדרוק אין אַ פערמאַנענטן קאַמף פאַר דער אייביקייט פון ייִדישן פאָלק און פאַר זײַנע אידעאַלן, און אַן אומ־ברחמנותדיקן גרעאַנגל קעגן אַלע אינערלעכע בוגדים, אין אַן אויטענטישער דערציונגס־אַרבעט פאַר די ייִדישע קינדער, אין צוגרייטן די תפוצות ישראל צו דער גרויסער אויפגאַבע אויף צו פאַרענדיקן דאָס גאולה־ווערק אויף יסודות פון צדק און יושר־אידעאַלן, אין גײַסט פון אונדזערע תנ״ך און נביאים לערערס.

די נײַע סיני־בליצן פון דעם 1טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל האָבן געהאַט דעם כוח צו שפּאַלטן וואָלקנס אויף די ייִדישע גלות־הימלען. הײַנט דאַרף דער ציוניזם אויפהאַלטן דאָס גאולה־פײַער אינערהאַלב דעם וועלט־ייִדנ־טום אויף צו פאַרוואַנדלען דעם פרײַהייטס־וווּנדער אין אַ ייִדיש נאַציאָנאַלער פאָלקס־אויסלעבונג.

# יידנטום און ציוניזם איז אומצעשיידבאַר

אין דער וועלט קומען פאַר רעוואָלוציעס און עוואָלוציעס, דורךביידע פאַרמען ווילן באַוועגונגען, אַנטי דעמאָקראַטישע און דעמאָקראַטישע, קומען צו זייערע צילן און אויפגאַבן. די ערשטע מאַכן דאָס מיט שטורעם און דראַנג, די אַנדערע — מיט אויפקלערונג און מיט פרידלעכע מיטלען.

דער אַנטיסעמיטיזם האָט שוין געהאַט פאַרשיידענע געשטאַלטן, רעליגיעז־פאַנאַטישע, באַגלייט פון קריסטלעכע טאָרקוועמאַדאָס אין אויטאָ דעפע־עקזעקוציעס פּאָליטישע, ווייל יידן, אַזוי האָבן געטראַכט בייזע, ווילד־זאָאָלאָגישע פּאָגראָמטשיקעס, זיינען נישט קיין טריי בירגער און מען דאַרף זיי פאַרטרייבן, עקאָנאָמיש, צוליב דעם, וואָס יידן, האָבן געזאָגט אויפגעהעצטע יידן־פיינט, זאַמלען אוצרות אין געגעבענעם לאַנד און זיי פאַראַרעמען די מאַסן, די יידן פאַרכאַפּן פּאָזיציעס אין מסחר, אין דער אינדוסטריע, אין האַנטווערק, דאָס באַנק־וועזן און מיט די דאָזיקע רייכטימער באַהערשן זיי פעלקער און לענדער.

אין יעדן דור האָט שנאת ישראל זיך געשטיצט אויף „פעסטע אַרגומענטן" קעגן יידן, דער סאַדיסטישער נאַציזם האָט אויסגענוצט אַלע אַנטי־יידישע סענטימענטן פון גרויסע טיילן פון אַ פאַרדאָרבענער מענטשהייט און די דאָזיקע עקלהאַפטע מאָרד־באַוועגונג, האָט געלאָזט אין פולער פונקציע אַ ריזיקע מאַשין פון אַ יידישער מאַסן־אויסראָטונג, וואָס האָט פאַרניכטעט 6 מיליאָן יידן, פון זיי אַ מיליאָן יידישע קינדער.

נאָך דער דאָזיקער מאָרד־אָרגיע פון היטלעריזם צוזאַמען מיט גרויסע טיילן פון פאַרשיידענע פעלקער, בראש מיט די סלאַווישע מערדער, האָט דער אָרגאַניזירטער וועלט־אַנטיסעמיטיזם זיך אַ ביסל אָפּגערוקט אין אַ ווינקל, כדי ס'זאָל איבערגיין דער פּראָטעסט־ציקלאָן קעגן זיינע אָנהענגער, דער נירעמבערגער פּראָצעס, דאָס כאַפּן און משפּטן קלענערע און גרעסערע נאַצישע מאַסן־מערדער, דאָס כסדרדיקע אויסבאַהאַלטן זיך פון אַנדערע רוצחים האָט איינגעשטילט אויף אַ צייטווייליקן אופן, די אומפאַרשעמטע העצעס און האַנדלונגען, קעגן יידנטום אין אַלגעמיין. אמת, דער יידנהאַס האָט נישט אויפגעהערט אויף קיין איין רגע זינט ס'האָט זיך פאַרענדיקט דער צווייטער וועלט־קריג, דער צענטער פון אַנטיסעמיטיזם האָט זיך אַריבערגעטראָגן צו די אַראַבישע לענדער

און זייערע פּאָגראָם־לערער זיינען געוואָרן די קאָמוניסטישע מלוכה־לײַט און זייערע נעאָ־נאַצישע פאַרבינדעטע... צו קיין אָפענעם פּאָגראָם רופן זיי טאַקע נישט, אָבער די אַראַבער גיט מען דאָס נויטיקע געווער, כדי פאָרצווזעצן די היט־לעריסטישע יידן־פאַרניכטונג, אין רויט כינע ווערן אויסגעשולט באַנדעס טע־ראָריסטן קעגן ישראל, אָבער זיי באַדאַרפן קעמפן „קעגן די ציוניסטישע באַנ־דיטן", די אַראַבישע ליגע, וואָס פאַרייניקט אין זיך, צוליב שנאת ישראל, אַלע צווישן זיך, צעקריגטע אַראַבישע לענדער און פירער, עפנט אָפּטיילונגען אין דער גרויסער וועלט, אַזאַ אָפּטיילונג האָט עקזיסטירט אויך אין בוענאָס איירעס אָנגעפירט פון אַ נאַצישן אַראַבער, טריקי, און אַלע, האָבן אויסגעוויקלט, מיט דער הילף פון לאָקאַלע כוליגאַנעס, די טעאָריע אַז דער קאַמף איז נישט געריכטעט קעגן יידן, נאָר קעגן ציוניסטן. לײדער געפינען זיך אַזעלכע יידן, וועלכע מיינען אַז דאָס איז טאַקע ריכטיק, אַז די דאָזיקע רייד האָבן הינטער זיך אַ שטיקל יסוד...

דער שעפער פונעם פּאָליטישן ציוניזם, שמידער פון דער יידישער מדינה, דער גרויסער וויזיאָנער פון דער יידישער פרײַהייט, ד"ר בנימין זאב הרצל, האָט געזאָגט, אַז אַ ציוניסט איז פריער פאַר אַלץ אַ ייד. פריער דאַרף מען זיך אומ־קערן צו יידישקייט און דערנאָך צום ציוניזם. דאָס יידישע פאָלק האָט נישט אויפגעהערט צו בענקען נאָך זײַן היימלאַנד, דער ספר הספרים און די יידישע געשיכטע פון קנאַפּע 2.000 יאָר גלות, האָט דאָס באַשטעטיקט, אויך **ארץ ישראל** האָט, מיטן אויסזען פון אַ גרויסן מדבר, אָן בוים און וואַלד, אָן פלאַנץ און אָן וואַסער, געוואַרט אויף די זין און טעכטער פון אונדזער אומה, כדי זיי זאָלן באַ־פרוכפּערן איר ערד, איר אויפשטעלן פון די חורבות און איר געבן אַ באַנײַטן יידיש־גײַסטיקן אויסזען און אינהאַלט. דערפאַר איז, אין די לעצטע יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, אויפגעשטאַנען דער ציוניזם ווי דער אַוואַנגאַרד פון גאַנצן יידישן פאָלק, כדי צו רעאַליזירן דעם חלום פון אַלע יידישע דורות, אַוודאי פון אונדזער טראַגישן דור, אויסגעלייזט צו ווערן פון פּאָגראָמען, אַנטיסעמיטיזם, פון גאַז־קאַמערן און אַלערליי מערדער, וואָס דאָס קאָן נאָר געשען מיט דער הילף פון די אידעאַלן און פון דער באַוועגונג, וואָס האָבן מיט אייגענע הענט געשאַפן די אינסטרומענטן אויף צו דערגרייכן די יידישע פרײַהייט דורך פּראָקלאַמירן די עקזיסטענץ פון דער יידישער מדינה.

די אַנטיסעמיטן מעגן זיך שווערן אָן אויפהער, אַז זייער קאַמף איז נאָר קעגן ציוניסטן און זיינען ווײַט פון פײַנט האָבן יידן, דאָס וועט זיי גאָרנישט העלפן, ווײַל אַ וואָלף מעג זיך אָנטאָן אין אַ פעלכל פון אַ שעפּסעלע, וועט ער אַלץ בלײַבן אַ וואָלף.. ס'וועט זײַן גענוג דער וואָלף זאָל נאָר דערזען אַ סטאַדע שעפּסן, כדי ער זאָל באַקומען דעם בלוטדורשטיקן חשק אַרײַנצוהאַקן זײַנע שאַרפע ציינער אין די העלדזער פון די שעפּסן.

יעדער אַנטיסעמיט באַזונדער, אָן אונטערשייד צו וועלכן פאָלק ער געהערט,

ווי אַלע כוליגאַנעס צוזאַמען, דאַרפן וויסן, אַז ציוניזם און ייִדנטום, אָדער פאַר־קערט זיינען איינס און דאָס זעלבע, ס'איז נישט מעגלעך איבערצוהאקן זייער איי־ניקייט, קיין שום שונא ישראל וועט נישט האָבן די געלעגנהייט צו צעשטערן די פאַרבינדונג צווישן ייִדישן פאָלק און זײַן אומגעפעלשטן אַוואַנגאַרד, די ציוניס־טישע וועלט־באַוועגונג.

מיר וועלן נישט מיד ווערן אויפצוקלערן די נישט־ייִדן, אַז דער איצטיקער אַנטיסעמיטיזם וויל שיטן זאַמד אין די אויגן מיט נײַע פאָרמען פון שנאה צו דעם קעמפערישן טייל פון וועלט־ייִדנטום, ווי דאָס איז דער ציוניזם און מכלו־מרשט זיך דערקלערן אין „ליבע" צו ייִדן, די נײַע מאַסקע פון אַלטע פּאָגראָם־שטשיקעס, מעגן זיי זײַן רוסן, אַראַבער, אָדער פראַנצויזן פון טיפּ מענוויל און פינעי, אָדער כוליגאַנעס פון אַנדערע פעלקער, מעגן זיי זיך רופן מיט פאַרשיי־דענע נעמען, וועט אַראָפּגעריסן ווערן און ס'וועט קיינעם מער נישט געלינגען צו פאַגראָמירן ייִדן מיט דער הילף פון מאַרד און רויב, אַוודאי נישט מיט אַזעלכע פאַרשטעלטע רייד קעגן ייִדנטום, וואָס ווערן געהערט אַזוי אָפט מצד די הײַנטיקע רוצחישע וועלף מיט שעפּסענע פעלעכלעך...

ס'וועט אויך קיינעם פון די נײַ־פאַרשטעלטע אַנטיסעמיטן נישט געלונגען אויפצוהעצן רעגירונגען און פעלקער וועגן דער „דאָפּלטער לאָיאַליטעט" פון די ציוניסטן, ווײַל יעדער אָנשטענדיקער מענטש ווייסט זייער גוט דעם פאַקט, אַז אַ קאַטאָליק, מעג ער זיין דער גרעסטער פאַטריאָט פון זײַן לאַנד, איז ער אויך לאָיאַל צום וואַטיקאַן, אַפילו אַ פשוטער אָנגעהעריקער צו זײַן אידעאָלאָגיע, וואָס ווערט געטראָגן דורך אַ נאַציאָנאַלער פאַרטיי, איז לאָיאַל צו זײַנע פאַרטייאישע איבערצײַגונגען, ווי צו דער באַוועגונג צו וועלכער ער געהערט אין זעלבן לאַנד.

דער ציוניזם, געשאַפן פון די גרויסע ייִדישע פערזענלעכקייטן: ד"ר בנימין זאב הרצל, מאַקס נאָרדוי, וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי און אַנדערע, רעאַליזירט דורך גרויסע כוחות פון ייִדישע קעמפער און אַרבעטער, באַגלייט פון דעם מעכ־טיקן אידעאַל פון דערגרייכן די ייִדישע פרײַהייט אין אייגענעם היסטאָרישן פאָטערלאַנד, וואָס איז מיט 20 יאָר צוריק פראָקלאַמירט געוואָרן אויף אייביק אַלס מדינת ישראל, דער זעלבער ציוניזם וועט פאַר קיינעם נישט אָפּטרעטן זיין וועג.

דער גראַנגל אויף צו פאַרפעסטיקן ישראל הערט נישט אויף קיין איין מינוט, ער ווערט פאַרגעזעצט יעדן טאָג מיט מער כוח און מיט אַ סך באַוווסט־זײַן, ווײַל דאָס איז דער לעצטער קאַמף פון ייִדנטום פאַר זײַן פרײַהייט... דער־פאַר איז ייִדנטום און ציוניזם אומצעטיילבאַר.

# ראָבערט קענעדי – אַ קרבן פון אַ געוואָגטן יידיש-ציוניסטישן אמת...

(צום טראַגישן טויט פון אַ גרויסן ישראל-פרײַנט)

די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט איז אין טרויער, צוזאַמען מיטן נאָרד-אַמעריקאַנער פאָלק, צוליב דעם טראַגישן טויט פון גרויסן ישראל־פרײַנט וועלכער איז אומגעקומען פון אַ פאַנאַטישן ירדנער, וואָס האָט מיט עטלעכע רעוואָלווער־קוילן איבערגעהאַקט דאָס לעבן פון אַ גרויסע פערזענלעכקייט, ווי דאָס איז געווען און וועט פאַרבלײַבן אין דער מענטשלעכער געשיכטע, ראָבערט קענעדי.

אויף דער פאָן פון דער טראַגישער געשעעניש, ווען דער מאָרד און דער מערדער זיינען פעסט פאַרבונדן מיט דער אַראַבישער שנאה צום ציוניזם און מדינת ישראל, קאָנען מיר זאָגן מיט דער פולער זיכערקייט, אַז דאָס יידישע פאָלק זײַן אַוואַנגאַרד — די ציוניסטישע וועלט־מחנה — ווי די יידישע מדינה, זיינען אײַנגעהילט אין טיפן טרויער, יעדעס יידישע האַרץ איז פול מיט צער, באַגלייט פון אַן אומגעהויערן נשמה־פּײַן צוליב דעם טראַגישן אומקום פונעם איבערצײַגטן ישראל־פרײַנט ראָבערט קענעדי.

נישט בלויז די ישראלדיקע מלוכה־פאָן איז אַראָפּגעלאָזט געוואָרן אויף האַלבן מאַסט, נאָר אַלע יידן בויגן טיף זייערע קעפּ מיט גרויס דרך ארץ פאַרן פרישן קבר, אין וועלכן ס׳געפינען זיך בלויז די שטערבלעכע רעשטן פון דעם מוסטער־מענטש פאַר דער מענטשהייט. ראָבערט קענעדיס אידעען וועגן רעכט און גערעכטיקייט, וועגן אַ וועלט פון יושר און ברידערשאַפט, אײַנגעשלאָסן דעם צדק׳פולן געראַנגל פון יידישן פאָלק, פון דער יידישער מדינה, פאַר זייער פרײַהייט, וועלן פאַרבלײַבן אַ גייסטיקע ירושה פון אַ גרויסן שעפערישן מלוכה־מאַן פאַר דער בעסערער טייל פון דער הײַנטיקער און צוקונפטיקער פעלקער־משפחה, וואָס וועט זיכער אויסוויילן דאָס גוטס און אויסראָטן דאָס שלעכטס. זוכן דעם אמת און אויסוואָרצלען דעם שקר, שטאַרקן דעם קשר פון ברידער־ליבע און צעשטערן אַלע פעסטונגען פון שנאה צווישן מענטש און מענטש ווי דעם יידנהאַס פון אוממענטשן און פון געוויסע רעזשימען צום יידישן פאָלק.

ראָבערט קענעדי האָט געהאַט דעם מוט צו מוטיקן מדינת ישראל, זי זאָל נישט צוריקטרעטן פון אירע איצטיקע גרענעץ־פּאָזיציעס, כל זמן די אַראַבער ווילן נישט אָנערקענען דעם קיום פון ישראל, בפרט ווען זיי זוכן ווידער איר צעשטערונג. זײַן וואָרט איז געקומען פּונקט דעמאָלט, ווען די „יוך" און איר אומזיכערסטער „זיכערקייטס־ראַט" פאַרדאַמען די ייִדישע מדינה פאַר איר רעכט צו פאַרטיידיקן דאָס לעבן פון אירע אײַנוווינער, ווי די פרײַהייט פון גאַנצן ייִדישן פאָלק.

די דאָזיקע רייד פון ראָבערט קענעדי געהערן נישט צו די פּוסטע וואַל־רעדעס פון אומפאַראַנטוואָרטלעכע קאַנדידאַטן, דאָס זיינען געווען אַחריותדיקע ווערטער וועגן רעכט פון ישראל און זיי זיינען געזאָגט געוואָרן אין ייִדישן טעמפּל „ישעיהו" און יעדער זאַץ פונעם קאַנדידאַט אויף מלוכה־פּרעזידענט האָט זיך באַגעגנט מיט די נביאישע רייד פונעם גרויסן נביא ישעיהו, וועלכער האָט נאָך מיט טויזנטער יאָר צוריק געבענקט צו אַ נײַער וועלט, אין וועלכער ס׳וועט אויפהערן די ברוטאַלע הערשאַפט פון דער שווערד און ס׳וועט שולט זײַן דער ברכהדיקער גײַסט פון אָקעראײַזן. ראָבערט קענעדי האָט באַוווסטזיניק — אָדער נישט — געהאַט אַ געשיכטלעכן צוזאַמענטרעף מיטן געדאַנקען־גאַנג און מיט דער אידעען־פאַרשפּרייטונג פונעם גרויסן נביא פון דער ייִדישער אומה — אין בית הכנסת אויף זײַן נאָמען, אין דער 2טער העלפט פון חודש מאַי 1968.

עטלעכע טעג נאָך דער דאָזיקער רעדע מיט אַ ביבלישער וויזיע — איז ראָבערט קענעדי אומגעקומען פון אַן אַראַבישן רוצח פּונקט אין 5טן יוני ד״י — אינעם ערשטאָן יאָרטאָג פון ישראלס אומפאַרגעסלעכן נצחון איבער דער מאָרד־סטיכיע פון דער אַראַבישער וועלט, וואָס האָט זיך געגרייט איבערצו־חזרן מיט סאָוועט־רוסלאַנדס הילף, די רציחה־אַרגיעס פון היטלערן און זײַן סאַ־דיסטישן נאַציזם.

דער מאָרד איבער ראָבערט קענעדי איז זיך גראָד צוזאַמענגעפאַלן מיט דער טרויעריקער ידיעה פאַר ייִדן, אַז דאָס ירדן מלוכה׳לע פונעם פאַררעטערישן כוסיין וועט פון נאָרד־אַמעריקע באַקומען נײַע אַעראָפּלאַנען, טאַנקען און אַנדערע כלי משחית, וועלכע וועלן באַנוצט ווערן פון ירדנישן מערדער קעגן פרידלע־כע ייִדישע קאָלאָניסטן אין בית שאָן, אָדער אין אַנדערע אַרבעטס־פּלעצער פון ישראל.

מיר ייִדן קענען בשום אופן נישט פאַרשטיין די האַנדלונג פונעם נאָרד־אַמעריקאַנער „פרײַנט" פון מדינת ישראל. מיינט דער שטאַטס־דעפּאַרטאַמענט אין וואַשינגטאָן, אַז אונדזערע קרבנות, וואָס פאַלן טעגלעך פון אַראַבישע מער־דער־קוילן, זיינען נישט קיין ראָבערט קענעדיס מיט ייִדישע נעמען?

די צפון־אַמעריקאַנער רעגירונג אין איר איצטיקן טרויער, ווי אין איר

הײַנטיקן כאַאָס מוז איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַרשטיין, נישט נאָר איר איי־געגעם צער פון איין דערמאָרדעטן קענעדי דורך דער רוצחישער האַנט פון איין אַראַבער, נאָר אויך באַגרײַפן דעם צער, דעם פּײַן און די יסורים פון ייִדישן פאָלק, ווי פון די עלטערן, וועמענס זין און טעכטער ווערן געברענגט צו קבורה אין סאַמע בלי פון זייערע יונגע לעבנס.

מיר לעבן איבער שווערע צײַטן. די אַראַבישע שונאים לייגן נישט אַוועק דאָס געווער, דער אַנטיסעמיטיזם פונעם נאַציזם און קאָמוניזם העצט ווײַטער קעגן ייִדן, דער נאַציזם באַזאָרגט די אַראַבער מיט פאַשיסטישע וויסנשאַפטלער און דער קאָמוניזם — מיט די נײַעסטע רוסישע וואָפן און בעסטע מיליטערישע אינסטרוקטאָרן, דאָס אַלץ ווערט געטאָן, כדי ייִדנהאַס און מאָרד־געווער זאָלן אין די אַראַבישע הענט פאַרגיסן דאָס בלוט פון אומשולדיקע מענטשן, פון פרידלעכע בויער אין דער ייִדישער מדינה.

דאָס בלוט פון ראָבערט קענעדי, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן אין לאָס אַנ־דזשעלעס, אין צפון־אַמעריקע, דורך אַ ירדנישן רוצח און דאָס בלוט פון ייִדישע אַרבעטער און פויערים אין פאַרשיידענע טיילן פון ישראל, קרבנות פון אַראַ־בישע קוילן, האָט זיך איצט צונויפגעמישט און פאַראייניקט, כדי דאָס שטילע געשריי פון אומשולדיק־דערמאָרדעטע מענטשן זאָל דערהערט ווערן פון אַלע פעלקער אָן אונטערשייד פון ראַסע, הויט־קאָליר און גלויבן, אַ געשריי וואָס רופט אַלעמען אויפצוהערן מיט דער שנאה און צו באַנײַען דעם אייביקן שלום.

די וועלט קאָן זיך אויסקלײַבן איינע פון ביידע וועגן: אַ וועג פון אומקום, אָדער פון אויפלעבונג, אַ וועג פון דזשאַנגל־פינצטערניש ,אָדער פון ליכט און פרײַהייט. מיר ייִדן און ציוניסטן האָבן שוין פון לאַנג אויסגעקליבן דעם וועג פון אַרבעט, פון שלום, פון פרידלעכער בויאונג און פון גאולה.

די גאַנצע מענטשהייט מוז דאָס אויך טאָן, אַנדערש שטייט זי ביים ראַנד פון אונטערגאַנג. דער טראַגישער טויט פון ראָבערט קענעדי אין נאָרד־אַמעריקע און דער אומקום פון ייִדישע אַרבעטער אויף די פעלדער און פון ייִדישע סאָל־דאַטן ביים אָפּהיטן דעם שלום, זיינען געווען ערנסטע וואָרענונגען..

# דער געראַנגל פאַר אונדזער פרייהייט האָט זיך נאָכנישט פאַרענדיקט...

### (צו די היינטיקע אזכרות לזכר די געפאַלענע גבורי-ישראל)

די ערשטע פאַזע, דער באַוואָפנטער געראַנגל פון צה״ל קעגן די אַראַבישע נאַצי-פאַשיסטישע און נאַציאָנאַל-קאָמוניסטישע דיקטאַטאָרן פון מצרים און סיריע, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַן איבערראַשנדיקן נצחון פאַר דער ייִדישער מדינה, האָט גורם געווען אַ צווייטע פאַזע, פאַרבונדן מיט גאָר אַ שאַרפן פּאָליטישן געראַנגל אויפן שטח פון די פאַראייניקטע פעלקער. אָנגעפירט פון ייִדישע דיפּלאָמאַטן אויף צו פאַרזיכערן אַ דויערנדיקן שלום, די טעריטאָריעלע גאַנצקייט פון ישראל, ווי דעם אומדיסקוטירבאַרן באַזיץ פון דער פאַראייניקטער, און אייביקער ייִדישער ירושלים.

היינט, אין טאָג פון קאָלעקטיווע אזכרות נשמות, צום אָנדענק פון די גבורי-ישראל, בויגן מיר אונדזערע קעפּ מיט יראת הכבוד פאַר די ייִדישע העלדן, וועלכע האָבן זייערע טייערע יונגע לעבנס מקריב געווען אויפן מזבח פון אונדזער גאולה, כדי צו פאַרזיכערן פאַרן פרייז פון זייער פאַרגאָסענעם בלוט די אומאָפּהענגיקייט פון דער ייִדישער מדינה, כדי צו ראַטעווען דעם כבוד פונעם גאַנצן ייִדישן פאָלק, כדי ייִדישע אַרבעטער זאָלן קענען פאַרוואַנדלען מדבריות אין בליענדיקע גערטנער, כדי ייִדישע פּראַצע זאָל נישט גיין לאיבוד און דער עיקר, כדי עס זאָל פאַרווירקלעכט ווערן דער גרונט-אמת פון ציוניסטישן ענדציל: קבוץ גלויות און אויסלייזונג פון אונדזער אומה.

אַלע ייִדן, מיטן אויסנאַם פון קליינע גרופּקעס בוגדים, וואָס פאַרדינען זיך דעם פּסק דין פון „ובערת הרע מקרביך״, באַוויינען היינט אין טיפן צער די נייע מכביער, וואָס זיינען געפאַלן אין אַלע שלאַכטן פאַר ישראלס קיום, אויף אַלע קאַמפּס-פראָנטן פון מדבר סיני, פון דער עיר העתיקה, ביי די ברעגעס פון ישראלדיקן ירדן, אין עזה, ווי אויף די סירישע הויכקייטן פון גולן, צווישן די אומגעקומענע העלדן אין אַקטיוון קאַמף פון קדוש העם והארץ, זיינען פאַראַן אַ סך יונגעלייט פון אַרגענטינע, וועלכע האָבן עולה געווען כדי צו לעבן, אָבער

אַ שרעקלעכער אומברחמנותדיקער אַראַביש־קאָמוניסטישער שונא, האָט פאַרשניטן זייערע יונגע לעבנס, פאַרגיסנדיק זייער בלוט אין אַ פאַרטיידיקונגס מלחמה פאַר ישראלס עקזיסטענץ, וואָס איז אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן פון אומגעצוימטע שונאים פון יידישן פאָלק. דאָס דאָזיקע אומשולדיק פאַרגאָסענע בלוט מאַכט שטאַרקער דעם קשר צווישן אַרגענטינער יידנטום און דער זיך בויענדיקער און קעמפנדיקער יידישער מדינה. די סאָלידאַריטעט פון היגן יידישן ישוב מיט ישראל, וואָס איז מאַניפעסטירט געוואָרן אין טעג פון אימהדיקער סכנה בעת דער איצטיקער יידיש־אַראַבישער מלחמה, דאַרף אויסגעשמידט ווערן אין אַ צעמענטירטע איינהייט, אין בלוט פון זייער בלוט און פלייש פון זייער פלייש, באַהויכט און באַלעבט פון איין נשמה...

מיר זײַנען הײַנט מזכיר נשמות אויף אַ ציבורדיקן אופן די אומפאַרגעסלעכע חיילי־ישראל, וועלכע האָבן מיט זייער העלדישן טויט אויסגעלייזט דאָס לעבן פון העכער דריטהאַלבן מיליאָן יידן אין מדינת ישראל, וואָס איז דורך די סאָוועטישע סאַטראַפּן און אַראַבישע מערדער געווען פאַרמשפּט צום אומקום. מיר דאַרפן אָבער טראַכטן אין די הײַנטיקע גאָר ערנסטע טעג פון חשבון הנפש, אַז אינערהאַלב אונדזער ישוב געפינען זיך אַ היפּשע צאָל יידן, וועלכע זײַנען לעבעדיקערהייט אָפּגעשטאָרבן. זיי לעבן, עסן און טרינקען, פאַרברענגען, פאַרמאָגן אַפילו אַן אייגענע סביבה, פירן אַ פאַמיליע־לעבן, אָבער זיי זיינען פולשטענדיק טויט פאַרן יידישן פאָלק, ס'איז הײַנט מער וויכטיק אונטערצושטרײַכן דעם דאָזיקן טרויעריקן פאַקט, ווי אַלע מאָל, ווײַל הײַנט צו טאָג האָבן מיר ניט קיין יידן-נויט, נאָר יידישקייט־נויט. עס מוז זײַן אַ נײַער גערוּנגל, אַ יידישער קאַמף צו רעאַליזירן די גרויסע אידעאַלן פון ציוניזם און גאולה.

שומר מה מליל? פון יידישע הערצער רײַסט זיך איצט אַרויס אַן אויסערלעכער, אָדער אַן אינערלעכער ממעמקים געשריי פון טיפן הארץ צום נײַעם שומר ישראל, וואָס איז פאַרקערפּערט אין דער גבורה־רײַכער צה"ל, אַ געשריי פון פרייד און פון יידיש נאַציאָנאַלן שטאָלץ, ווײַל דאָס יידישע מיליטער און זײַנע נצחונות האָבן געמאַכט פאַרשווינדן אַלע, אָדער כמעט אַלע חילוקי־דעות. די באַרעכטיקטע האַלב־באַרעכטיקטע, די פאַלשע... און אַוודאי, די אונטערגעטרײַבענע און דאָס יידישע פאָלק האָט זיך אַנטפּלעקט אין זײַן פולער שבת אחים פּראַכט, אין אַזאַ אחדות, וואָס איז געגליכן צו אַ משפּחה.

דאָס יידישע פאָלק איז דאָך שוין איינמאָל באַצייכנט געוואָרן מיט דער פעסטשטעלונג: „הן עם לבדד ישכון ובגויים לא יתחשב", אין דער איצטיקער מלחמת הנצחון האָבן מיר געזען די אויפפירונג פון פרײַנט, מכלומרשטע פרײַנט און דער עיקר, פון דער מערהייט פעלקער, אַרײַנגערעכנט דעם פאַלשן צבועקישן שמן זיתדיקן וואַטיקאַן, וועלכע האָבן געהאַט די אינערלעכע איבערצײַגונג,

אַז ישׂראל איז געדעכט אין איר פאַרטיידיקונג קעגן אַלע שונאים, אָבער אַ סך וועלט־מושלים, אַנהייבנדיק פון די צוררי־ישׂראל פון קרעמלין און ענדיקנדיק מיט דע גאָל. נישט נאָר זיי האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן דעם טריומף, נאָר זיי האָבן זיך צעבילט ווי משוגענע הינט, ווי מטורפע איבערפאַלער, אויף ישׂראל און יידיש פאָלק, דראָענדיק זיי מיט סאַנקציעס, מיט מלחמה און מיט אויסראָטונג. אויך אויף דער איצטיקער גענעראַל פאַרזאַמלונג פון דער „יון" איז געקומען צום פולן אויסדרוק דער פאַקט, אַז קיין איין לאַנד האָט זיך נישט געשטעלט אויף דער פלאַטפאָרם פון צדק און יושר, צו וואָס מדינת ישׂראל איז באַרעכטיקט און האָט זיך דאָס כשר פאַרדינט. יעדער דיפּלאָמאַט האָט גערעדט האַלבע ווערטער, אומפאַרשטענדלעכע רייד, אַ מאָדנע שפּראַך, אויב עס האָט זיך נאָר געהאַנדלט וועגן ישׂראל. זיי די „גוטע" מלוכה־פאַרשטייער, אויב זיי האָבן נישט דערלאָזט צו פאַרדאַמען ישׂראל אַלס אַגרעסאָרן, האָבן זיי אָבער פאַרלאַנגט אַז אַלט־ירושלים זאָל נישט אַנעקסירט ווערן דורך דער יידישער מדינה. אין דער זעלבער צייט האָבן אַלע פאַרביסענע שונאי־ציון וישׂראל, אין שפּיץ מיטן נאַציאָנאַל קאָמוניזם, זיך געלאָזט אין אַן אָפענעם אַנטיסעמיטישן קאַמף קעגן ישׂראלס קיום, וואָס דאָס מיינט זיכער קעגן דער פרייהייט פון גאַנצן יידישן פאָלק.

און ווייל מיר זיינען אַ עם לבדד ישכון ובגויים לא יתחשב, דאַרפן מיר ענגער שליסן אונדזערע רייען, איינוואַלגערן אויף אייביק אַלע מויערן פון שנאת חינם צווישן אייגענע ברידער און שוועסטער, פאַראייניקן און צעמענטירן אַלע אונדזערע כוחות פאַר גרויסע פליכטן און אויפגאַבן פאַרן בוי, ווי פאַר דער פאַרטיידיקונג פון דער יידישער מדינה. מיר דאַרפן ווערן איין פאָלק פאַר איין גרויסן ציל:

קומען דורך אחדות און אהבת ישׂראל צו דער רעאַליזאַציע פון קיבוץ גלויות אין מדינת ישׂראל.

דאָס וועט זיין אַ גרויסער און אַן אייביקער דענקמאָל פאַר די געפאַלענע העלדן פון אונדזער פאָלק, אונדזער נר־תמיד לזכר די גבורי ישׂראל.

# טעג פון גלאָריע, אָבער נישט פון יום־טוב...

די רומרייכע ישראל־אַרמיי — צה״ל — האָט מיט איר נצחון איבער דער אַראַביש־קאָמוניסטישער כנופיה מקדש השם געווען דעם יידישן נאָמען ברבים.

די מענטשהייט, אַ געטיילטע אויף בלוטיקע שונאים און אויף וואַרעמע און לעבלעכע פריינט, שטייט אַ פאַרוואונדערטע, אַ געפּלעפטע פון ישראלס טריומף איבער אירע שונאים. דאָס וועלט־יידנטום האָט באַקומען חשיבות אין דער ניט־יידישער וועלט און נאַציאָנאַלער יידישער כבוד איז שוין מער ניט קיין פוסט וואָרט, אָדער באַרימערײַ. נישט נאָר דאָס פאָלק אין ציון, נאָר אויך מיר יידן בכל תפוצות ישראל, זײַנען שוין מער נישט דאָס היימלאָזע, דאָס געיאָגטע, דאָס פאַגראָמירטע און שוצלאָזע יידישע פאָלק, נאָר נײַ־צײַטיקע מכביער, וועלכע האָבן מיט שווערד אין האַנט און מיט אַ געפּאַנצערטן אָרעם פאַרטיידיקט די יידישע מדינה און דורך דעם דעם קיום פון אונדזער אומה.

די איצטיקע 6 טעג פון דער מלחמת־הנצחון האָבן געבראַכט פאַרן יידישן פאָלק אַן אומגעהויערע גלאָריע. דאָס זײַנען היסטאָרישע טעג וועלכע וועלן אויף אייביק פאַרבלײַבן אין די אַנאַלן פון דער יידישער געשיכטע ווי אַ עכטער אָפּקלאַנג פון דעם אַמאָליקן חשמונאים זיג, באַגלייט פון אַן אומפאַרגלײַכלעכן העראָיזם. דאָס מאָל איז דער עגיפּטישער גלית געווען געפּאַנצערט מיט די וואפן פונעם סאָוועטישן גלית און אויב אין דער צײַט פון שאול המלך האָבן די פלישתים אַרויסגעשטעלט נאָר איין גלית, מיט וועמען דער קליינטשיקער דוד האָט זיך פאַרמאָסטן, האָט איצט דער נײַער דוד, אין דער געשטאַלט פון דער יידישער מדינה, זיך באַדאַרפט פאַרמעסטן קעגן צען אַראַבישע גלית־מדי־נות, וועלכע זיינען געשטויסן געוואָרן פונעם סאָוועטישן נאַציאָנאַל־קאָמוניזם צו אַ מלחמה קעגן די פרידלעכע בויער פון יידישן היימלאַנד. דוד האָט ווי־דער מנצח געווען, דערפאַר זיינען מיר אַלע באַשאָנקען געוואָרן מיט טעג פון גרויסע גלאָריע, אָבער די זעלבע זענען נישט פאַרבונדן מיט קיין יום־טוב, ווייל אין הונדערטער, מעגלעך אין טויזנטער יידישע היימען איבער דער לענג און ברייט פון מדינת־ישראל טרויערן עלטערן נאָך זייערע געפאַלענע, אָדער פאַר־

ווונדעטע זין און טעכטער, וועלכע זײַנען אַליין געגאַנגען צו דער עקידה, כדי זיך מיט אייגענעם רצון מקריב צו זײַן אויפן נאַציאָנאַלן מזבח פון יידישער גאולה.

ווי קענען מיר יום־טוב׳ן ווען יידישע היימען זײַנען איבערגעפולט מיט אבלות? אונדזער נצחון פרייד איז דערפאַר ניט גאַנץ ווען מיר באַווייגען און באַערן אונדזערע גבורים.

צו דעם קומט נאָך צו דער אַראַביש־נאַצישער, פאַשיסטיש־קאָמוניסטישער שנאת ישראל אויסגעשריי פון דער „יון״־טריבונע קעגן דער יידישער מדינה, במילא קעגן יידישן פאָלק. נאָר אין די פעך־שוואַרצע טעג פון היטלערן, געבעלס און שטרייכער, ימח שמם וזכרם, האָט זיך פון דעם נאַצישן רײַך געטראָגן אַזעלכע ווילדע אַטאַקעס־קולות קעגן יידן, איז זייער יידנהאַס משוגעת אַרײַנגעדרונגען אין די מוחות און טריפהנע הערצער פון די קאָסיגינס, ברעזשניעווס, פּאָדגאָרניס, און זייערע מערדער שותפים פונעם רעאַקציאָנערן אַראַבישן לאַגער. ווי און ווינד איז דער מענטשהייט, אַז קאָסיגין און זײַנס גלײַכן האָבן נאָך דעם טרויעריקן מוט צו ווערן ריכטער, אויך אויף דער דאָזיקער אינטערנאַציאָנאַלער טריבונע האָט מדינת־ישראל מקיים געווען דעם תוכן פון „ויהי בימי שפוט השופטים״, און ס׳איז געווען אין די טעג ווען מען האָט געמשפט די ריכטער, ישראל האָט אין דער „יון״ פּאַראורטיילט די דאָזיקע סאָוועטישע „שופטים״ און פון זיי אַראָפּגעריסן די היפּאָקריטישע שלום־מאַסקעס פון זייערע רוצחישע פּנימער, ווײַזנדיק זיי אדם נאַקעטע פאַר דער גאַנצער וועלט, פאַר די גרויסע און קליינע פעלקער, פונקט ווי פאַר יעדן מענטש־יחיד, בפרט פאַרן יידישן מענטש...

דער געגאַרטער שלום איז נאָך ניט געקומען פאַר דער יידישער מדינה, שונאים פון יידישן פאָלק דערלאָזן ניט דערצו, דער שעף פון נאַציאָנאַל־קאָמוניסטישן רוסלאַנד, פּאָדגאָרני, באַגלייט פון אַ מיליטערישע קאָמיסיע, בראש מיט אַ מאַרשאַל געפינט זיך אין על קאַירא, צוזאָגנדיק ברויט און וואָפן דעם אַלטנײַעם היטלער, נאַסער, כדי ער זאָל ניט שליסן קיין שלום מיט ישראל און די שפּאַנונג האַלט אָן אין מיטען אָריענט, באַגלייט פון אַ מוראדיקן נערוון־קריג קעגן מדינת־ישראל.

און ווײַל דער שלום איז נאָך ניט דאָ, האָט טאַקע דאָס יידישע כלי זין געבראַכט טעג פון גלאָריע, אָבער אָן אַ דויערנדיקן און ערנהאַפטן שלום איז דאָך ניט דאָ די באַזע פאַר אַ יום־טוב.

דווקא אין די הײַנטיקע טעג פון גלאָריע דאַרפן מיר מיט דער גאַנצער ליבע און פרײַנטשאַפט דערמאָנען עטלעכע מיליאָנען יידן, וואָס געפינען זיך אינעם מצב פון אנוסים אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אין פוילן, ווי אין אַנדערע נאַציאָנאַל־קאָמוניסטישע לענדער. זיי, אונדזערע ברידער און שוועסטער, קענען זיך ניט פרייען מיטן נצחון, פון פּראָטעסטירן קעגן דעם אַנטיסעמיטיש־קאָמוניסטישן

שנאת ישראל קרייצצוג איז דאָך אָפּגערעדט... מיר דאַרפֿן פֿילן מיט אַלע אונ־דזערע חושים, דאָס וואָס עס פֿילן היינט די יידן אין פּוילן, נאָכדעם ווי האָט דערקלערט אויף אַ ציניש־כוליגאַנישן אופֿן, אַז „ס'וועט ניט געדולדעט ווערן קיין יידישע פֿינפֿטע קאָלומנע אין פּוילן". פֿאַר דעם נאַציאָנאַל־קאָמוניס־טישן מושל אין לאַנד פֿון דער גרעסטער און שרעקלעכסטער יידן־אויסראָטונג, זיינען די קנאַפּע 30.000 יידן נאָך גרויס אין די אויגן. אַזוי זעט אויס, היינט צו טאָג, דער כוליגאַנישער פּרצוף פֿון די קאָמוניסטישע גדולים און מושלים.

אין די היינטיקע טעג פֿון גלאָריע זיינען מיר שטאָלץ מיטן יידישן אחדות־כוח, וואָס דאָס וועלט־יידנטום און זיין יוגנט האָט באַוויזן אין טעג פֿון גע־ראַנגל. מיר וועלן שמידן דאָס ווערק פֿון גאולה מיט אַזאַ פֿאַרמעסט, כדי צו דערגרייכן טעג פֿון אַן אמת'ן יום־טוב.

# ווען דאָס קאָלעקטיווע יידישע האַרץ האָט געציטערט...

**(אַ יאָר נאָך דער הערליכער מלחמת ששת הימים)**

מיט אַ יאָר צוריק איז די יידישע וועלט אויפגעציטערט געוואָרן פון דער ידיעה וועגן מצרישן אַנגריף אויף דער יידישער מדינה. אַ עלעקטרישער שטראָם איז דורכגעגאַנגען די תפוצות ישראל אויפן גאַנצן ערד־קיילעך און האָט דערנענטערט יידישע הערצער, וועלכע זיינען געוואָרן אייגענע, אָפּגעפרעמדטע זיינען מיט אַמאָל געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון דער גרויסער יידישער מאַסע, וואָס האָט מאַניפעסטירט, אין פאַרשיידענע פאָרמען, איר סאָלידאַריטעט מיט דער איצט קעמפנדיקער מדינת ישראל.

אונדזער יוגנט צו וועלכער מיר האָבן אָפטמאָל גרויסע טענות, באַרעכטיקטע פרעטענזיעס, מאָטיווירטע פאָרלאַנגען, באַגלייט פון היפשע פּאַרציעס מוסר און אומצופרידנקייט, האָט זיך ספּאָנטאַן מאָביליזירט צו די ישראלדיקע פראָנטן פון אַרבעט און שוץ. אַ סך פון זיי מיט אַ ציוניסטישן באַוווסטזיין, אָדער אָן דעם, מיט עברית קענטענישן אָדער אָן דעם דאָזיקן גייסטיקן שפּראַך אוצר פון באַנייטן יידישן פאָלק, גאַנצע יידן און האַלבע יידישע נשמות, צעטיילטע און צעשפּאָלטענע לטובת יידישע פאָלקס־ און גאולה אינטערעסן ווי פאַר דער ניט־יידישער מענטשהייט, אַלץ צוזאַמען האָט זיך געאײַלט לעזרת העם, וואָס רוט אין ציון.

איינער האָט געגעבן געלט, דער צווייטער בלוט, איינער האָט געוועקט דעם מוט ביי די יידישע מאַסן פון טריבונעס און אַנדערע האָבן בלחש מתפלל געווען אויפן נצחון פון יידישן כלי זין. צענדליקער טויזנטער יידן האָבן דערלאַנגט ערנסטע הילף און הונדערטער און טויזנטער יידישע יונגעלייט זיינען געשטאַנען אין דער ריי און זיך רעגיסטרירט צו פרייוויליקייט, צו מסירת נפש, צו קרבנות גרייטקייט, אפילו דעמאָקראַטישע ניט יידן זיינען געווען גרייט צו העלפן ישראל מיט אייגענעם בלוט און פלייש, מיט אייגענעם לייב און לעבן, כדי צו פאַרטיידיקן דעם קיום פון דער יידישער מדינה און אירע יידישע איינוווינער.

מיט וואָס דערקלערט זיך די דאָזיקע רירנדיקע סאָלידאַריטעט ? דאָס איז געשען דערפאַר וואָס אַלע יידן מיטן אויסנאָם פון מוח־קראַנקע יעווסעקעס, פון „קאָונסיל אָף דזשודאַיזם" פאַרשוינען מיט קופּערנע שטערנס און פון עקלהאַפּטע אַסימילאַנטן פון ערגסטן סאָרט, האָבן דערפילט דעם געמיינזאַמען גורל פון יעדן ייד באַזונדער און פונעם יידישן כלל צוזאַמען. קיינער קאָן פון אים נישט אַנטלויפן, אין היינטיקן דור האָט דאָך דאָס געטראָפן 2 מאָל, אַ חוץ פּאָגראָמען און אַנטי־יידישע עקסצעסן אין דער גאָרער וועלט, אין היינטיקן יאָר־הונדערט איז דער אָפּפאַל פון דער נישט־יידישער וועלט, בראש מיטן פאַרשאָלטענעם נאַציאָנאַל סאָציאַליזם, אויפגעשטאַנען מיט מערדערישע כוונות קעגן יידישן פאָלק און די זעלבע טאָקע פאַרווירקלעכט מיט פייער און שווערד, מיט גאַז־אויוונס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, מיט טויזנטער טויטן אין אויסגעמאָרדעט געוואָרן אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, צווישן די יאָרן 1939—1945. אויב דאָס איז נאָך געווען ווינציק דער דאָזיקער פאַרדאָרבענער מענטשהייט, האָט דער אַראַבישער היטלער, נאַסער, געזאַמלט קאָמוניסטישע וואָפן און נאַצישע גיפט־שנאה צום יידישן אוואַנגאַרד אין מדינת ישראל, כדי אים אויסצוראָטן אינ־גאַנצן, פון זקן ביז צו אַ זויגקינד.

מער ווי איינמאָל האָט דער שוואַרץ מאהדיקער כוליגאַן און הערשער נאַסער פון מצרים ,און צוזאַמען מיט אים אַלע אַנדערע קלענערע און נאָך קלענערע נאַצי־קאָמוניסטישע אַראַבישע פירער, זיך געשווירן ביי דער אָנוועזנהייט פון צענדליקער טויזנטער אַראַבער, דורשטיקע צו רויב און רציחה אויף יידן, אַז זיי וועלן חרוב מאַכן די יידישע מדינה און פאַרניכטן די יידישע באַפעלקערונג. די וועלט־הערשער האָבן געהערט די רוצחישע רייד און געשוויגן די „יון" האָט גוט געוווסט דעם אַראַבישן אמת וועגן זייער גרייטקייט צו מאָרדן און געשוויגן, דאָס קאָמוניסטישע רוסלאַנד האָט דערווייל כסדר געמוטיקט די אַראַבישע הער־שער צו קעמפן קעגן דער יידישער מדינה און מלוכה־פירער ,איינגעשלאָסן אַפי־לו פון די דעמאָקראַטישע לענדער, אַלע האָבן אָנגענומען אַ פול מויל מיט וואַסער און נישט נאָר געשוויגן, נאָר פאַרשוויגן די מאָרד־לוסט פון דער אַראַ־בישער וועלט.

האָט דען די יידישע מדינה געהאַט אַן אַנדערן אויסוועג ווי אָפּצושלאָגן דעם אַראַביש־קאָמוניסטישן אָנגריף? דאָס גלאָרייכע ישראל מיליטער האָט דעם 5טן יוני 1967 צעשלאָגן אַלע אַראבישע אַרמייען און פיזיש געמאַכט אומשעד־לעך דאָס ריזיקע אָנגעזאַמלטע סאָוועטישע וואָפן קעגן ישראל, דאָס איז געטאָן געוואָרן, כדי דאָס יידישע פאָלק זאָל מער נישט געמאָרדעט ווערן, דאָ איז גע־ווען דער ענטפער אויף אַלערליי טרעבלינקעס און מיידאַנעקס, דאָס פיאָנערן־יידנטום אין ישראל האָט מיטאַמאָל דערזען, אַז אויסער דער יידישער אומה אין דער צעשפּרייטקייט, האָט זי נישט קיין אַנדערן אַליאירטן, דער שטראָם

פון יונגע ייִדישע וואָלונטירן די סאָלידאַריטעט פון די ייִדישע מאַסן, די גרויסע סכומים געלט, ענערגיע און קרבנות־גרייטקייט פון מיליאָנען ייִדן, צום דינסט פון דער מדינה און פון איר העלדישער צה״ל, האָט באַוויזן אַז מיר זײַנען איין פאָלק, פאַרבונדן מיט איין און דעם זעלבן שיקזאַל, דערפאַר איז אחדות ישראל מיט דער ייִדישער מדינה געוואָרן געקערט דורך בשותפותדיקע אָנ־שטרענגונגען לטובת דעם נצחון פון ייִדישן וואָפן.

דרײַ מאָל האָט ישראל באַדאַרפט קעמפן אין אָפענע מלחמות קעגן די אַראַבישע אָנגרײַפער, הגם די זעלבע האָבן כסדר געפירט קריג קעגן ייִדישן באַפרײַאונגס־ווערק אין אייגענעם היימלאַנד, נאָך אַ סך פריער פאַר דער פראָ־קלאַמירונג פון דער ייִדישער אומאָפּהענגיקייט, די בלוטיקע אַראַבישע פּאָגראָ־מען אין יאָר 1921 דער פּאָגראָם אין יפו, די אַראַבישע אָנגריפן אין ירושלים, די געשעענישן פון יאָר 1929, ד אַראַבישע שחיטה איבער די ישיבה־בחורים אין יאָר 1936, אַראַבישע איבערפאַלן זיינען געווען טאָג־טעגלעכע דערשײַנונ־גען, ס׳זיינען געפאַלן מער ייִדן פון אַראַבישע קוילן פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער ייִדישער מדינה ווי אין דעם אָפענעם קריג פון יאָר 1956 אָבער מיט אַ יאָר צוריק האָבן זיך פאַראייניקט אַלע ווילדע שאַקאַלן אונטער דער אָנפּי־רערשאַפט פון דעם רויטן רוסישן בער מיט איין ציל און מיט איין אויפגאַבע: אָפּצווישן ישראל פון דער וועלט־מאַפּע צוזאַמען מיט אירע דריטהאַלבן מיליאָן ייִדן.

הײַנט, אַ יאָר נאָכדעם, ווי ישראל איז אַרויס זיגרײַך פון דער דריטער פײַער־פּראָבע, איז דאָס וועלט־ייִדנטום אויף דער וואַך קעגן דער איצטיקער צעכוואַ־ליעטע שנאה צו ישראל, ווי צום ייִדישן פאָלק. די ייִדישע מאַסן זיינען פול מיט דערוואַרטונג אויף בעסערע צײַטן פאַרן ייִדישן פאָטערלאַנד, ס׳זיינען דאָ בולטע סמנים פון נײַע ענדערונגען לטובת ישׂראל: די איבערקערענישן אין דער קאָמוניסטישער וועלט, בראש מיט רומעניע און טשעכאָסלאָוואַקיע, הונדערטער טויזנטער טשעכן זיינען סאָלידאַריש מיט דער ייִדישער מדינה, זעענדיק אין אירע ראַנגלענישן און קאַמפן, די העכסטע פאַרטיידיקונג פון אַן אייגן לעבן אין פרײַהייט, באַזירט אויף פונדאַמענטן פון צדק און גערעכטיקייט, רומעניע שטייט אין די בעסטע פּאָליטישע און האַנדלס־באַציאונגען מיט ישראל און דאָס פאַר־שטיינערטע הארץ פון מאָסקווער סאַטראַפּן ווערט צעקרישלט און צעשטיקלט פון אייגענע האַמער־קלעפּ... דער פאַריזער, בעל גאווהדיקער דע גאָל, וואָס האָט ישראל אַרײַנגעזעצט אַ מעסער אין רוקן, כדי געפעלן צו ווערן די אַראַבישע נאַפט־מאַגנאַטן, אָדער צו באַקומען הערשאַפט אין דעם דאָזיקן ראַיאָן, מיינענ־דיק בכוונה תחילה אַרויסצושטויסן דעם נאָרד־אַמעריקאַנער און סאָוועטישן אײַנ־פלוס אינעם מיטעלן מזרח, האָט איצט אייגענע צרות פונעם אייגענעם פאָלק, אומרוען פּראָטעסט־אויסברוכן, צאָרן פון אַרבעטנדיקע מאַסן, מאַרשן און רע־

וואָלוציאָנערע מאַניפעסטאַציעס, באַריקאַדן און שטרײַקן האָבן צעטרייסלט דעם גאָלס מלוכה־פונדאַמענטן, דאָס אַלץ איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך אַ ייִדישן סטודענט, הגם דערזעלבער האָט זייער אַ קנאַפּן שייכות צו ישראל, בפרט צום ציוניזם, ווי זאָגט אַ ייִדיש שפּריכוואָרט: „זאָל זײַן פון אַ קאָזאַק אַבי צום לעבן". דע גאָל האָט שוין באַקומען זײַן האַרבע לעקציע און מיר ייִדן זעען אין דעם די שטראָפנדיקע האַנט וואָס באַצאָלט כפל כפלים... די ייִדישע וועלט, נישט נאָר די הונדערטער טויזנטער ייִדישע אײַנוווינער פון ישראל צוזאַמען מיט די טוריסטן פון דער גאָרער וועלט, וואָס האָבן מיט אייגענע אויגן געזען דעם ישראלדיקן מיליטער פּאַראַד אין ירושלים, נאָר דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק האָט זיך אין יום העצמאות מיט אומגעצוימטער פרייד דערמאָנט, ווי נאָסער האָט מיט יאָר צוריק זיך באַרימט אין קאַיראָ אויף אַ מאַסן־קאָנצענטראַציע עטלעכע טעג פריער פאַר דעם 6־טאָגיקן יוני־קריג, אַז „זײַנע טאַנקען וועלן שפּאַצירן איבער די גאַסן פון תל אביב און פון ירושלים," זעט אויס, אַז נאָסער איז טאַקע אַ ווײַט־זעעוודיקער פּאָליטיקער און „שלאַכטמאַן", ער האָט געטראָפן: זײַנע טאַנקען, כ'מיין קאַסיגינס און פעדאָרענקאָס טאַנקען, האָבן טאַקע שפּאַצירט איבער די גאַסן פון ירושלים, אָבער זיי זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון ייִדישע טאַנקיסטן, אָנטיילנעמענדיק אין אַ כוחות־דעפילאַדע לכבוד דעם 20טן יאָרטאָג פון ישראלס זעלבסשטענדיקייט.

ס'איז שוין פאַריבער אַ יאָר נאָך דעם גרויסן פאַרמעסט צווישן דעם קליינעם ישראל־לאַנד און די מעכטיק געפּאַנצערטע גליתן, און דער געראַנגל איז ליידער נאָכנישט פאַרענדיקט געוואָרן. יעדן טאָג פאַלן ייִדישע קרבנות, די גרענעץ־צוזאַמענשטויסן מערן זיך און ברענגען שווערע היזקות, דאָס ייִדישע לעבן אין די קיבוצים ביים כנרת ווערט כסדר באָמבאַרדירט פון דער ירדנישער אַרטילעריע, די טעראָריסטן פירן אויס פאַרשיידענע אַטענטאַטן, דער זיכערקייטס־ראַט נעמט אָן אַנטי־ישראלדיקע רעזאָלוציעס, סאָוועטן פאַרבאַנד האָט נישט אויפגעהערט צו ליפערן כלי משחית מיט לעבעדיקע אינסטרוקטאָרן צו דער אַראַבישער וועלט, די דעמאָקראַטישע מלוכות קעמפן פאַר אייגענע אינטערעסן און אונז גיט מען „עצות" צו זײַן געצוימט און אײַנגעהאַלטן... דער נעאָ־נאַציזם וואַקסט ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. דער שנאת ישראל קאַמפּיין, אָנגעפירט פון קאָמוניסטן, נאַצי־פאַשיסטן און פון צעווילדעוועטן קאַטאָליציזם פון טיף מענוויל און כנופיה הערט נישט אויף, דאָס אַלץ און נאָכמער פון דעם אויסגערעכנטן... איז געצילט קעגן דער ייִדישער מדינה און פאָלק ישראל...

דערפאַר מוז היינט, נאָכמער ווי מיט אַ יאָר צוריק, דערהערט ווערן דער הילכיקער: שמע ישראל אויף צו האַלטן מאָביליזירט אַלע אונדזערע כוחות ביז צום ענדגילטיקן נצחון.

# נאָכן נצחון פון יידישן וואָפן - צום זיג פון יידישן גייסט

דאָס יידישע האַרץ איז איבערפולט פון פרייד מיטן נצחון פון יידישן וואָפן אויף אַלע פראָנטן, וואָס די אַראַבישע וועלט האָט מיט מאָרד־לוסט געעפנט קעגן דער יידישער מדינה. די אַראַבישע אַגרעסאָרן זיינען צעשמעטערט געוואָרן און יעדע מפּלה, וואָס די העראָישע, די גלאָררײַכע צבא הגנה לישראל, האָט גורם גע־ווען די מוסולמענישע אַנגרײַפער, האָט אויך געטראָפן אין די טריפהנע הערצער פון קרעמלין־הערשער, פון די פעקינער סאַטראַפּן, פון די האוואַנער טרי־קאָנטינענ־טאַלע רעוואָלוציע־שרײַבער קעגן דער יידישער מדינה, ווי קעגן ציוניזם. די טריומפאַלע ישראל־אַרמיי האָט אַרײַנגעוואָרפן אין אייביקן טרויער דאָס אונטער־וועלט־געזינדל פון קאָמוניסטן, אַראַבישע שאָוויניסטן דעם נעאָנאַציזם און די אַלערליי „טאָקוואַראַ״־אָרגאַניזאַציעס פון דער גאָרער וועלט. דאָס יידישע פאָלקס־ווערטל: „זאָג מיר מיט וועמען דו גייסט, וועל איך דיר זאָגן ווער דו ביסט״, איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי טרעפלעך ווי דאָס מאָל, ווען מיר קוקן אָן מיט יידישע און מענטשלעכע אויגן דעם אוממענטשלעכן שלאַנגען צוזאַמענטרעף פון די פריער דערמאָנטע שוואַרץ־מאַהדיקע עלעמענטן קעגן דער באַפרײַאונגס־באַ־וועגונג פון יידישן פאָלק און זײַן קרוין־ווערק, די יידישע מדינה.

מיר לעבן איבער היסטאָרישע טעג פון יידישן נצחון, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן פאַרן פּרײַז פון גרויסע יידישע קרבנות. נאָך אַמאָל האָט די מדינה אויפ־געשטעלט אַ נאַציאָנאַלן מזבח, אויף וועלכן טויזנטער יידן האָבן פרײַוויליק מקריב געווען זייער טײַער לעבן אין שווערן קאַמף קעגן דעם געמיינזאַמען שונא פון אונ־דזער יידישן לעבן, פון אונדזער פרײַהייט און מדינה־אומאָפּהענגיקייט. מיר בייגן אונדזערע קעפּ פאַר די געפאַלענע גבורים, אייביק וועלן זייערע נעמען זײַן אײַנ־געקריצט אינעם זכרון פון יידישע דורות אויף אַלע אייביקייטן. דער נײַער מזבח פון יידישן פאָלק, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין יידישן פאָטערלאַנד, וועט אָפּגעהיטן ווערן פון דער יידישער יוגנט, פון אַלע שיכטן פון אונדזער אומה, ווי די גרעסטע הייליקייט, נאָך הייליקער ווי דער בית המקדש, נאָך העכער ווי דער מעמד הר סיני און די דאָזיקע קרבנות פון צה״ל וועלן פאַרבלײַבן ווי אַן

אָפּגעהיטענער נאַציאָנאַלער שטאָלץ ווי ס׳איז פאַרבליבן לזכר עולם דער כותל המערבי.

די טויזנטער העלדישע יידישע חיילים און חיילות, אומגעקומענע אין אַן אומפאַרגלייכלעכן גראַנגל מיט אַ האַרדע פון 100 מיליאָן מוסולמענער, ווי מיט אַ פאַרדאַרבענער אוממאָראַלישער קאָמוניסטיש נעאָנאַצישער וועלט, זיינען געשטאָרבן, כדי די יידישע מדינה זאָל לעבן, כדי יידישע ישובים און תפוצות ישראל זאָל אויסגלייכן דעם רוקן און באַווייזן זיך מיטן יידישן פנים מיט שטאָלץ, כדי די יידישע יוגנט זאָל האָבן אַ זין אין איר קיום אַלס יידן, כדי יידישע יוגנטלעכע זאָלן זיך באַגייסטערן נישט נאָר מיטן הערא‎ִזם פון ישראלס קעמ־פער, נאָר אויך זיך איינגלידערן אינהאַלטלעך אינעם גייסטיקן קולטור־לעבן פון ישראל סבא.

דער אומפאַרגעסלעכער העברעישער פּאָעט, שאול טשערניכאָווסקי זינגט אַזוי וועגן ישראל און זיין פאָלק, אין איינע פון זיינע שירים, מיט אַזעלכע ווערטער:

„כל מערות החרים — לגבור בעמיו להרטיב ולהשקות בחלבו ובדמיו.
ונקיקי — הסלעים לשואף נקמה, את עמק השרון ונאות האדמה.
ומרומי השדה, שדת מכורתי ביום ישוב עמו וגאל נחלתו״.

אין אַ פרייער איבערזעצונג זיינען די שורות פון ליד געווידמעט דעם יידי־שן פאָלק, וואָס שטרעבט צו זיין נחלה. אַלע בערג היילן — צום העלד פון פאָלק זיי צו באַנעצן, זיי אָנצוטרינקען מיט זיין בלוט. די פעלדזן־שפּאַלטן שטרעבן צו נקמה קעגן עמק השרון און דער שיינקייט פון ערד, פון פעלד־הויכקייטן, פעלד־געליבטע, ס׳וועט קומען אַ טאָג פון פאָלק־אומקער צו זיין ערד און וועט אויסלייזן זיין נחלה.

דער פּאָעט שאול טשערניכאָווסקי האָט געחלומט וועגן אַזאַ יידיש פאָלק, וואָס זאָל מיט קראַפט דעראָבערן פאַר זיך אַ לעבן פון כבוד, אַ לעבן אין פרייהייט, דער דיכטער וואַרט אויף אַ „נייעם מכבי״, וואָס לעבן אויף יידישע גאולה אָדער חלילה וחס — אויף אַ „נייעם בר־כוכבא״, וואָס שטורעמט די פעס־טונגען פון שונא מיט פייער און שווערד און עס איז געווען דער לעצטער יידי־שער באַוואָפנטער גראַנגל

דאָס מאָל איז אויפגעשטאַנען אַ נייער מכבי אין דער געשטאַלט פון צה״ל, וואָס האָט געפירט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק צום נצחון און יעדן ייד, מאַן און פרוי, קינד און זקן, אויסגעהיטן פון דער שרעקלעכסטער שחיטה, צו וועלכער נאָר פאַנאַטיזירטע אַראַבער זיינען גרייט געווען אויסצופירן אין דער יידישער מדינה.

אין די הייַנטיקע היסטאָרישע טעג דאַרפן מיר זאָגן מיט פרייד אַז דאָס

וואָס ציוניסטן האָבן געזאָגט אויפן הויכן קול, אַז דער איינציקער אומקאָנדיציאָנעלער אַליאירטער מיט מדינת ישראל איז נאָר דאָס יידישע פאָלק, אַז אין ליכט פון דער גרויסער אַראַבישער געפאַר, געוואָרן אַ רעאַליטעט, אַזאַ יידישע סאָלידאַריטעט מיט מדינת ישראל האָט מען נאָר געזען אין די דאָזיקע גורלדיקע טעג און וואָכן פאַרן יידישן פאָלק. אויך די יידישע יוגנט, אין אַרגענטינע, ווי אומעטום, האָט זיך אַנטפלעקט ווי אַ גרויסער יידיש־פּאַטריאָטישער כוח וועלכער שטעלט זיך אין רשות פון דער יידישער מדינה, כדי איר צו פאַרטיידיקן, דער עיקר, איר צו בויען און אויפצובויען. יידן אין אַרגענטינע האָבן געברויזט מיט הייסע יידישע געפילן, דער האַרץ ציטער איז ניט פאַרלוירן געגאַנגען אין יאוש, נאָר פאַרקערט, דאָס יידישע האַרץ האָט געצונדן פייערן פון בטחון אינעם באַוואָפנטן אָרעם פון יידישן פאָלק, איז געווען פול מיט איבערצייגונג, אַז דער אַראַבישער רבים וועט איבערגעענטפערט ווערן אינעם יידישן מעטים, אַז אַראַביש־רוסישע גבורים... וועלן פאַלן פון די הענט פון חלשים, אַז דער פאַרמעסט צווישן דעם נייעם דוד און דעם אַלט־אַלטן גלית וועט זיך ענדיקן מיטן נצחון פון ערשטן. יעדער ייד האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ וויכטיקן מיטאַרבעטער פון יידישן היינטערלאַנד, פון רעטאַגאַרד וועלכער איז אַן ערנסטער מיטאַרבעטער מיטן אַקטיוון קאַמפּס־פראָנט, מיט די פראָנט קעמפער גופא.

די יידישע כלי זיין און די העלדישע וואָפנטרעגער פון ישראל האָבן מנצח געווען, ווייל די דאָזיקע הונדערטער טויזנטער יידן אויף די פראָנטן זיינען אויך געווען באַוואָפנט מיט די אידעאַלן פון אונדזערע נביאים וועגן דעם באחרית הימים פון אַ נייע וועלט פון שלום און גליק, פון פרייהייט און יושר, פון צדק און ברידערלעכקייט צווישן /מענטש און מענטש, צווישן פאָלק און פאָלק.

די מענטשהייט קאָן נישט נאָר לעבן מיט ברויט אַליין, זי וועט בלייבן לעבן, ווען זי וועט זיין באַהויכט און באַהערשט מיט די דערמאָנטע לערעס פון די נביאים.

דאָס יידישע פאָלק און זיין אומאָפּהענגיקע מדינת ישראל האָבן באַזיגט די דרויסנדיקע שונאים, איצט דאַרף זיך אָנהייבן דער גרויסער אינערלעכער געראַנגל פאַר דעם יידישן גייסט, פאַר דער יידישער קולטור, וואָס וואָרצלט אינעם גלאַרייכן יידישן /עבר און פלעכט זיך אַריין אין די גייסט־שאַפונגען פון דער איצטיקער קעגנוואַרט פאַר אַ גרויסע יידישע קולטור צוקונפט.

נאָכן נצחון פון יידישן וואָפן דאַרף קומען דער זיג פון יידישן גייסט, אחדות ישראל דאַרף זיך נישט נאָר מאַניפעסטירן אין טעג פון סכנה, נאָר כסדר, אין אַלע צייטן — דורך אַן אמתע כוואַליע פון אהבת ישראל.

# 20 יאָר עצמאות מדינת ישראל לנצח נצחים

## א.

### צוויי דאַטומס — איין גאולה פּאַקל

דער 8טער מאַי 1945 און דער 14טער מאַי 1948 זײַנען געווען און וועלן פאַרבלײַבן צוויי אויסערגעוויינלעכע טעג פון גערעכטע און אומפאַרגעסלעכע נצחונות איבער אַ נאַצי פאַשיסטישע וועלט פון אַן אומגעהויערער רשעות.

דאָס זיינען צוויי גלאָרײַכע דאַטעס, וועלכע זיינען מיט גאָלדענע אותיות אײַנגעקריצט געוואָרן אין די הערצער, אין די מוחות פון מיליאָנען פרײַע מענ־טשן און וואָס וועלן פאַרבלײַבן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, ווי אַן אין סופיקער ברענענדיקער סנה, ווי אַ העלישער נר תמיד אין וועלכע עס איז פאַראַן אי געטלעכער פלאַם, אי קדושהדיקער פײַער.

אינעם 8טן מאַי 1945 איז אומגעקומען דער שוואַרץ־ברוינער נאַצי־פאַ־שיסטישער היטלעריזם, הינטער די חורבות פון אַ צעשמעטערטער קאַניבאַליזיר־טער דייטשלאַנד און געבליבן באַגראָבן, נאָר אויף אַ פיזישן און אויף, ווי דיווירקלעכקייט באַווײַזט דאָס, אַ צײַטווייליקן אופן, דער בעסטיאַלישער נאַציאָ־נאַל־סאָציאַליזם מיט אַלע זיינע שוידערלעכע באַגלייט דערשיינונגען. די אַליאיר־טע אַרמייען האָבן צעשטערט די שלאַנגען נעסט אין בערלין, פעלקער, אונטער־דריקטע, האַלב און גאַנץ פאַרפּייניקטע, הגם גרויסע טיילן פון זיי, האָבן אַקטיוו אָנטיילגענומען אין דער אויסראָטונג פון יידישן פּאָלק, האָבן דאָך דערזען דאָס ליכט פון זייער אייגענער פרײַהייט.

אינעם 14טן מאַי 1948 איז אין קליינעם זאַל פון תל אביבער מוזיי פּראָ־קלאַמירט געוואָרן, אין אַ פרײַטיקדיקן פאַרנאַכט פון ה׳ אייר ה׳תש״ח די נאַ־ציאָנאַלע זעלבסטשטענדיקייט פון גאַנצן יידישן פאָלק אין זײַן אַלט־ביבלישן און באַנײַטן ציוניסטישן היימלאַנד: ארץ ישראל.

די יידישע אומה אין אירע קרוב צוויי טויזנט יאָריקע אומבאַשרײַבלעכע לײַדן און פאַרפאָלגונגען, באַגלייט פון פיזישע יסורים, מאָראַלישע פײַנען און גײַסטי־קער אויסראָטונג מצד אַן אומטאָלעראַנטער מענטשהייט, האָט אין דעם דערמאָנ־טן גרויסן טאָג דערפילט אַ פעסטן באָדן אונטער די פיס, האָט דערזען אַ

ליכטיקן הימל איבערן קאָפּ, אַ ממשותדיקע זיכערקייט פאַרן המשך פון די קו־מענדיקע ייִדישע דורות. ה׳ אייר ה׳תש״ח האָט צוזאַמען מיט די שבת־ליכט אין ייִדישע הייזער, אָנגעצונדן דאָס אייביקע גאולה־ליכט, וואָס האָט לעולם ועד פאַר־טריבן דעם גלותדיקן חושך.

אין דעם 8־טן מאַי 1945 האָט פולשטענדיק קאַפּיטולירט דאָס נאַציִשע מלכות הרשעה, אַלע פעלקער אין שלאַכט מיטן נאַציזם האָבן זיך געפרייט מיטן טאָג פון נצחון, אָבער די ייִדישע פרייד איז געווען און פאַרבליבן געמישט מיט אבלות. אונדזער פרייהייט – זון איז נאָך דעמאָלט געווען באַדעקט, פּונקט ווי איצט מיט שוואַרצע וואָלקנס און מיט ריזיקע אייוונס אַש פון 6 מיליאָן קדושים.

אייראָפּע איז געווען אונטער היטלערס ממשלה איין גרויסער פאַרניכטונגס־לאַגער. דאָס אייראָפּעישע ייִדנטום איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריזיקן בית־עולם, אַלע פעלקער האָבן ביטער געקרעכצט אונטער די שווערע קלעפּ פון אַ באַר־באַריש סאַדיסטישן אָקופּאַנט און ייִדישע קהילות זיינען פאַרשניטן געוואָרן מיט דער הילף פון די אייגענע פעלקער שכנים.. אין אַזאַ מיט ליידן און פּיין איבערפול־טער אַטמאָספערע האָבן לעצטע רעשטלעך ייִדן אויפגעהאַלטן דאָס הייליקע פייער פון אמונה אינעם זיג פון די דעמאָקראַטישע כוחות און זיי האָבן געשמידט די וואָפן פון ערנסטער נקמה אינעם שונא, אַ נקמה אין דער ייִדישער היימלאָזיקייט, די שארית ישראל האָט זיך געגרייט צום לעצטן גראַנגל פאַר רעאַליזאַציע פון די גרויסע גאולה וויזיעס פון אונדזער פאָלק.

שטיל, אונטערערדיש, מיט פאַרשלאָסענע ליפּן פון צער און יסורים, אויף בוידעמער, אין באַרג־שפּאַלטן, אין קעלערן, אין ווילדע וועלדער, אפילו הינטער אייזערנע קראַטעס, אין די נאַציִשע טאָרטור־לאַגערן, אין די געטאָס, האָבן ייִדן זיך געגרייט צום קאַמף, כדי דורך דעם צו פאַרשנעלערן דעם טאָג פון אייגענער אויסלייזונג און באַפרייונג.

די וועלט, נאָכן נצחון איבערן נאַציזם, איז טאַקע געלעגן אַ צעטראָטענע, אַ באַשפּיגענע, אָן אַ צלם אלוקים אויף זיך, אָבער מיטן אַנטשטיין פון דער ייִדי־שער מדינה דעם 14טן מאַי 1948 האָט דער אוניווערסאַלער תוהו ובוהו באַקו־מען דעם בראשיתדיקן אויסזען פון אַ „ורוח אלוהים המרחפת על פני חמים...״.

דער 14טער מאַי 1948:

דאָס ייִדישע פאָלק איז אַריינגעטראָטן אינעם 20טן אַניווערסאַר פון דער ייִדישער מדינה עקזיסטענץ אין אַזעלכע טעג, וואָס דראָען מיט אַ סך סכנות. וואָס פאַר אַ צרות האָט שוין אַלץ געהאַט די ייִדישע מדינה אין די דאָזיקע 2 צענדליק יאָרן: דריי מלחמות מצד די אַראַבישע שונאים, אומאויפהערלעכער דרוק פון אַן אַנטיסעמיטיש קאָמוניסטישער וועלט, פון צבועקישע האַנדלונגען מצד דער דעמאָ־קראַטיע, ביי וועמען אַראַבישער נאַפט איז טייערער פון אַלע יושר פּרינציפּן, פון אַ היפּאָקריטישן ״יון״־סעקרעטאַר וועלכער איז שטענדיק גרייט אויסצופירן דעם

דיקטאַט פון נאַסערן אויפן אָרט פון די אויפריכטיקע שלום־שטרעבונגען פון מדינת ישראל.

אין די לעצטע יאָרן זײַנען אַפריקאַנער פעלקער, וואָס האָבן אַפילו נישט קיין אייגענעם אלף־בית, באַפרײַט געוואָרן פון קאָלאָניאַלע אַפּוטראָפּסים, זיי האָבן באַקומען נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט, קיינער טשעפּעט זיי נישט, קיינער באַדראָעט נישט זייער עקזיסטענץ, קיינער זידלט זיי נישט פון דער „יון“־טריבונע, פאַרקערט, מען וויל אויסראָטן ראַסן־פאַראורטיילן, אוודאי די דיסקרימינאַציע־מעשים וועלכע ווערן נאָך פּראַקטיצירט מצד פאַרשידענע ווייסע הערשער אין אַפריקע. אָבער ווען אַלערליי גויים, פון די פעדאָרענקאָ־אַנטיסעמיטן איז דאָך אָפּגערעדט, ווילן מכלומרשט זיך אָננעמען די קריוודע פון ישראל, געבן זיי עצות די יידישע מלוכה־פירער, זיי זאָלן זיין נאָכגיביק די אַראַבער, יידן זאָלן צוריקציען זייערע אַרמייען פון די דעראָבערטע טעריטאָריעס, דער עיקר, יידן זאָלן זיך בעטן רחמים בײַ די אַראַבער, זיי זאָלן אָנערקענען די עקזיסטענץ פון דער יידישער מדינה. אויב נישט ווערן יידן באַליידיקט דורך נישט־יידן, אין דער „יון“ מצד דיפּלאָמאַטן, וועלכע ווענדן אָן איידעלע ווערטער מיט גראָביאַנישע באַליידיקונגען און אַנדערע פאַרשטייער פון קאָמוניסטישן לאַגער, אָן דיפּלאָמאַטישע קונצן, מצד אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן פון געבלס־שטרײַכער־סטאַלין שניט, בײַ אונדז יידן בלײַבט דער טרויעריקער אײַנדרוק, אַז כמעט קיינער פאַרגינט אונדז נישט דאָס ביסל פרײַהייט, וואָס מיר האָבן דעראָבערט מיט שווייס און בלוט, מיט פרידלעכער אַרבעט און איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג.

די מענטשהייט איז אַרײַנגעטראָטן אין אַ מאָדנעם פּעריאָד, ווען עס ריידן שוין אַ ביסל צופיל די דיפּלאָמאַטן און ס'שווײַגן גאָר ווינציק די האַרמאַטן. מיט 28 יאָר צוריק האָבן די היטלעריסטישע קאַנאָנען אָנגעהויבן ריידן צו דער דעמאָקראַטיע, בפרט צו אונדזער פאָלק מיט דער שפּראַך פון חורבן און טויט.

פון דעמאָלט ביז הײַנט, מיט גאָר קליינע הפסקות, הערן מיר כמעט אומאונטערבראָכן די אויפרײַסן אויף פאַרשידענע שלאַכטפעלדער, אויף וועלכע עס ווערט ווידער אַמאָל דעצידירט דער גורל פון דער פרײַער מענטשהײַט, אָדער זי וועט אַרונטערפאַלן אונטער דער לאַסט פון קאָמוניסטישער שקלאַפערײַ, אין די פּאַלאַצן פון די פאַר. פעלקער זוכט מען שוין אַ ביסל צופיל און צו לאַנג אַלערליי מיטלען און אופנים אָפּצושטעלן די פּלאָג פון די נײַע מלחמות, וואָס מער די גלאַטע צינגער פון דיפּאָמאַטן ריידן וועגן שלום אַלץ נענטער פאָכעט דער שוואַרצער טויט מיט זײַנע מלחמה־פליגל איבער פעלקער און לענדער. מדינת־ישראל איז ערשט נישט לאַנג שווער געפּרוווט געוואָרן מיט אַ בלוטיקן קריג, וואָס אַראַבישע באַנדיטן האָבן אויף איר אַרויפגעצווונגען מיט דער הילף פון

די קרעמל־הערשער, וועלכע זײַנען הײַנט צו טאָג — די טרײַע אַגענטן, די פרײַוויליקע משרתים פון דעם רויט־ברוינעם און שוואַרצן מלאך המוות..

דאָס יידישע פאָלק איז באַהערשט פון אַ באַגרינדעטער מורא, אַז דער פּאַל־שער שלום, וואָס מען וויל אימפּאָנירן דער יידישער מדינה, וועט זיכער האָבן צעטרייסלטע יסודות ווײַל אָן אַ פאַרזיכערטער פרײַהייט פאַר דער שווער גע־פּרוווטער יידישער אומה, אָן אַ דויערנדיקן פרידן פאַר מדינת ישראל, וועט די וועלט קיין מנוחה נישט האָבן. אויב ס׳וועט נישט דערמעגלעכט ווערן אונדזער היימ־לאַנד אָנצוגיין מיט זײַן פרידלעכער אַרבעט פון באַקעמפן מדבריות, צו קענען אַרויסנעמען ברויט פון זײַנע ערד ־ איינגעווייידן דורך שווערער פּראַצע, וועט די מענטשהייט נאָכאַמאָל פאַרלירן, און דאָס מאָל אויף אייביק, איר צלם אלוקים.

די וועלט קאָן האָבן אַן אינערלעכע רו נאָר דעמאָלט, ווען קיינער וועט מער ניט וואַגן אויפהייבן אַ געפּאַנצערטע האַנט קעגן דעם גײַסט און אינהאַלט פון 14־טן מאַי 1948, קעגן גלאַרײַכסטן טרוים פון אַלע יידישע דורות, אַ וויזיע, וואָס איז אויך בלירט געוואָרן די יידישע אומאָפּהענגיקייט און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן פאַרווירק־לעכן אַ נביאיש משיחישער טרוים פון אַלע יידישע דורות, אַ וויזיע, וואָס איז אויך געוואָרן אַן אָנזאָג פאַר פעלקער־פרידן און פאַר דער אויסשמידונג פון אַ נײַער מענטשלעכער געזעלשאַפט, אָן שנאה, אָן מלחמה לוסט, אויף יסודות פון נאַציאָנאַ־לער און סאָציאַלער גערעכטיקייט.

וועט חלילה וחס די וועלט מיט אירע הײַנטיקע מושלים נישט וועלן פאַרשטיין דעם יידישן חלוצישן פאַרמעסט אין ישראל, וועט די מענטשהייט זיך שטענדיק גע־פינען אין אַ פּסיכאָלאָגישן מצב פון ערב מלחמה און אין אייביקן פײַער פון בלוטי־קע איבערקערענישן.

14טער מאַי 1948 ה׳ אייר ה׳תש״ח — מיט די שווערסטע נסיונות איז דאָס יידישע פאָלק און זײַן אַוואַנגאַרד די ציוניסטישע באַוועגונג, געפּרוּווט געוואָרן אין די לעצטע צוואַנציק יאָר פון יידישער מלוכהשאַפט אויף שטחים פון אַרבעט, עליה, שוץ, פאַרטיידיקונג און גערעאַנגל פאַר קיום און המשך. דורך אַלע פײַער־פּרוון זײַנען מיר דורכגעגאַנגען מיט שטאָלץ און מיטן פולן באַוווסטזײַן פון יידישער זעלבסט־דערקענטעניש און אויסגעהאַלטן אונדזער עקזאַמען, באַווײַזנדיק דער מענטשהייט מיט וואָרט, מיט אידעאַלן און מיט מעשים, אַז דאָס יידישע פאָלק איז געווען און פאַרבליבן דער מוסטער פון גערעכטיקייט און דער לעבעדיקער סימבאָל פון אייביקן שלום.

פון יענע ביבלישע נביאים, וועלכע האָבן געפּרעדיקט צדק און יושר, פון יענע אסיים, וואָס האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן די פאַרדאָרבנקייט פון די רײַכע, פון די שטאַרקע, די פאַלשע מאָס און וואָג פון די אָפּנאַרער און זײַנען אַוועק פון די שטעט, אויסבויענדיק קאָלעקטיווע דערפער אויף יסודות פון ברידערלעכקייט און גע־רעכטיקייט ביז צו די הײַנטיקע ישראל־בויער און קיבוץ־גרינדער, ציען זיך די

גאָלדענע קייטן פון אייביקער יידישער בענקשאַפט נאָך צדק און אמת, דאָס זײַ-
נען סיני בליצן, וואָס שפּאַלטן פינצטערע הימל־וואָלקנס און ווײַזן אייגענע און
פרעמדע נײַע לעבנס־וועגן, קלאָרע לעבנס־פּאַרמען, אַ נײַעם געזעלשאַפטלעכן סדר,
וועלכער קאָן נישט פאַרמאָגן אין זיך קיין פּגם פון אויסנוצעריי, פון עבדות און
אונטערדריקונג פון האַס און פּאַראַזיטיזם.

דאָס נײַע ישראל, געבויט אויף די אַלטע נביאישע יסודות, איז געוואָרן די
צאַרטע מוזיק וועמענס געטלעכע טענער רייסן זיך דורך די דיקע ווענט פון אײַזן־
בעטאָן, הינטער וועלכע עס באַהאַלטן זיך געפערלעכע שונאים מיט די שרעקלעכ־
סטע כלי זין, שונאים, וואָס ווייסן נאָר דעם דזשאַנגל־געזעץ פון מאָרדן, פון לווי־
ערן אויף יענעמס לעבן און ווייסן גאָרנישט פון דער גרויסער אויפגאַבע צו שאַפן
אַ נײַע וועלט, אַן האַרמאָנישע מענטשהייט, אָן ראַסן־האַס, אָן שנאה חינם, אויף
אַ פונדאַמענט פון ברידערלעכע באַציִונגען.

מיר גלויבן אָבער באמונה שלמה אַז דער 14־טער מאַי 1948, האָט אויך
אָנגעצייכנט אַ וועג פאַר די אַנדערע פעלקער, וואָס פירט פון שאַפונגס־אַרבעט, צום
אויפבוי און איבערבוי פון אייגענעם לעבן, וואָס דאַרף נישט וויסן פון קיין אומ־
רעכט, נישט צו אייגענע און אויך נישט צו פרעמדע.

דאָס יידישע פאָלק, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם היטלעריסטישן מלכות-
הרשעה, פאַרמאָגט הײַנט מער ווי שטענדיק דעם פעלזנפעסטן רצון, נישט געקוקט
אויף סאָוועטישע דראָונגען, ווײַטער ממשיך צו זײַן דאָס אייגענע גאולה־ווערק.

דער 14־טער מאַי 1948 איז געוואָרן דער הילכיקער אויסגעשריי צו דער
וועלט, אַז דאָס יידישע פאָלק איז דעצידירט צו קעמפן ביז צום לעצטן אָטעמצוג
פאַר דער אייגענער פרײַהייט, במילא פאַר דער זעלבסטשטענדיקייט און המשך
אויפבוי פון דער יידישער מדינה.

אינעם 8־טן מאַי 1945 איז פיזיש אומגעקומען דער נאַציזם און אַלע זײַנע
מאָנסטער באַגלייטער, איצט דאַרף די מענטשהייט, די דעמאָקראַטיע און אַלע
פרײַע פעלקער, העלפן אויסוואָרצלען דעם גײַסטיקן נאַציזם אין אַלערליי פאָרמען
וועלכער איז נאָך פאַרבליבן בײַ אַ סך מיליאָנען מיגטשן, אײַנגעשלאָסן די קאָמוּ־
ניסטישע רעזשימען, וואָס ווערן מיט יעדן טאָג מער דורכגעפרעסן מיט די גיפ־
טיקסטע שנאת ישראל באַצילן, אויב דאָס וועט געשען, אויב דער גײַסטיקער נאַצי־
פאַשיזם און זײַן איצטיקער קאָמוניסטיש - סאָציאַליסטישער פאַרבינדעטער, וועט
פאַרשווינדן, איז פאַראַן די זיכערקייט, אַז דער גלאָרײַכער 14-טער מאַי 1948 וואָס
איז דער טאָג פון דער יידישער גאולה, וועט אויך ווערן דער אָנהייב פון אַ נײַער
תקופה, אין וועלכער מענטשן וועלן שטילן זייער הונגער, נישט מיט ברויט אַליין,
נאָר אויך מיט די נביאישע אידעאַלן פון פעלקער פאַרברידערונג און פון אייביקן
שלום.

# דער אייביקער יידישער קשר מיט ארץ ישראל

## ב.

דער בונד צווישן יידישן פאָלק און ארץ־ישראל איז קיינמאָל נישט שוואַכער געוואָרן, איז אַוודאי נישט איבערגעריסן געוואָרן אין גאַנג פון דער צייט. דורך אַלע יידישע דורות האָט די שכינה פון גאולה ־ שטרעבונגען, פון גייסטיקער דערהויבנקייט, פון קדושת הארץ, גערוט און געוואַכט איבער דער יידישער אומה, כדי איר קיום זאָל נישט אויפהערן און דורך דעם זאָל פאַרזיכערט ווערן דער יידישער פאָלקס־המשך לנצח נצחים.

אַן איבעררייס, אַנהייבנדיק פון דעם היסטאָרישן יציאת מצרים און ענדיקנדיק אין אונדזערע טעג, ציט זיך די גאָלדענע קייט פון כסדרדיקע קשרים צווישן פאָלק און זיין היימלאַנד. ששים רבוא יידן גייען אַרויס פון קנעכטשאַפט מיט דער גרויסער אומגעצוימטער האָפענונג צו דערגרייכן די ברעגנס פון צוגעזאָגטן לאַנד.

נישט די איבערפאַלן פון עמלקן, נישט די וועג־שטרויכלונגען פון אַן אכזריותדיקן מדבר, נישט די נקמה־אַפּמאַכן פון עמון און מואב קעגן יידישע מדבר־וואַנדערער און אַפילו נישט די גרוילן פון דער מלחמה מיט די ל״א מלכים, זיינען ביכולת צו ענדערן דעם אויפמרש פון אַ פאָלק, וואָס גייט דעצידירט צו דער גאולה. אין האַרצן טראָגן זיי, ווי אַן אינטימע הייליקייט, דעם פעסטן ווילן גובר צו זיין שוועריקייטן און נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מען איז זיך גרייט מקריב צו זיין פאַר דער אידייע, האָבן אַ סך פון זיי נאָך געבענקט צום „סיר הבשר" פון די מצרישע סאַטראַפּן, איז אָבער דאָס גאַנצע פאָלק, די נעכטיקע ערב־רב-עלעמענטן זוכן אַן אייגן ווינקל אונטער גאָטס הימל. ס'איז טאַקע אַ דור המדבר, אָבער ער טראָגט אין האַרצן די בענקעניש צו ארץ ישראל, הגם ער אַליין האָט נישט געקענט באַטראָטן די ערד פון הייליקן לאַנד.

אַן אגדה דערציילט, אַז דער דאָזיקער דור, וואָס האָט געמאַכט דעם עגל-הזהב און געטאַנצט אַרום אים מיט באַגייסטערונג, שרייענדיק ״אלה אלוהיך ישראל", איז נישט אריינגעקומען אין ארץ ישראל.

ווייל דער ״גאָלדענער קאַלב" אָדער די קעלבערנע התפעלות פאַר גאָלד און מאַטעריעלע רייכטימער, ווערט אָפּטמאָל פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער שטראָף, נישט נאָר פאַר יענעם דור המדבר, פאַר די יוצאי מצרים, אויך פאַר דעם היינטיקן יידישן דור, וואָס לעבט אין אַ גרויסער אסימילאציע ־ וויסטעניש, וואָס דערמיגלעכט נישט די דור־המדבר יידן צו זען די שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון פון פרייהייט און זעלבסט-זיכערקייט.

אַ צווייטע לעגענדע דערציילט אַז אַ ברונעם מיט פרישע קלאָרע וואַסער האָט באַגלייט די מדבר־וואַנדערער אין דער גאַנצער צייט פון זייער גאַנג צום יידישן

לאַנד־ אויב מיר באַמיִען זיך צו פאַרשטיין דעם טיפן אינהאַלט און באַדײַטונג פון די דערמאָנטע צוויי אגודות,, דאַרפן מיר קומען צום אויספיר אַז אויך הײַנט האָט דער נמשל נישט פאַרלוירן זײַן אַקטואַליטעט אין שײַן פון דער ייִדישער מדינה־עקזיסטענץ

וויפל ייִדן זײַנען נאָך הײַנט פאַראַן, וואָס דער שטראַל פון 20 יאָר ייִדישע מדינה איז צו זיי נאָך נישט דערגאַנגען? האָבן שוין טאַקע אַלע ייִדן פון הײַנ־טיקן דור געגאָסן פונעם גרויסן גליק פון דער ייִדישער גאולה? אַ סך ייִדן דינען נאָך אַלץ צום מאָדערנעם עגל הזהב און זײַנען פאַרטאָן אין זייערע מאַטעריעלע עסקים, אָבער דער ,,ברונעם מיטן פרישן קוואַל־וואַסער", וואָס דאָס איז הײַנט די ייִדישע מדינה און די באַוועגונג פון אינטעגראַלן ציוניזם, באַגלייטן סײַ־ווי אַלע ייִדן, אַפילו די לעצטע רעשטלעך פון אונדזער הײַנטיקן דור המדבר.

פון די דאָזיקע קלאָרע און פרישע קוואַלן שעפּט מען נײַע כוחות צום לעבן און דער ישראלדיקער ענערגיע־וויטאַמין שפּײַזט מיט וויטאַלע גײַסטיקע בלוט־טראַנספוזיעס די תפוצות ישראל, וועלכע ראַנגלען זיך מיט אַלע קרעפטן אויפצו־האַלטן די ייִדישע אייגנאַרטיקייט, ממשיך צו זײַן דעם ייִדישן לעבנס־שטייגער, אויפצוהאַלטן זייער ייִדישקייט, ווײַל אַלע צוזאַמען דאַרפן אויפהאַלטן דעם שווער־סטן דרוק פון פרעמדע קולטור־אײַנפלוסן, ווי פון אַן אייגענעם פרײַוויליקן דראַנג צו אסימילאַציע.

אייביק איז דער קשר צווישן עם ישראל און ארץ־ישראל. פון די צײַטן פון כיבוש הארץ ביז איבער דער תקופה פון בית ראשון, פון גלות בבל ביז שיבת ציון דורך דער כורש דעקלאַראַציע, פון בית שני דורך דער גאַנצער שווערער און קאַשמאַרפולער צײַט פון אַ דערדריקנדיקן און פּאַגראָמרײַכן גלות, וואָס האָט זיך געצויגן ווי אַ פעך־שוואַרצע נאַכט ביז ס'איז דערגרייכט געוואָרן דער גליקלע־כער טאָג פון 14טן מאַי 1948, ציט זיך דער גין־גאָלדענער פאָדעם פון אַן אייביקן קאָנטאַקט צווישן ייִדיש פאָלק און ייִדיש־לאַנד. נישטאָ אַזאַ היסטאָריקער, וואָס זאָל קענען באַווײַזן, אַז דער בונד צווישן זיי איז אַמאָל איבערגעריסן געוואָרן. די קאָנטאַקטן זײַנע זאויפגעהאַלטן געוואָרן דורך די אײַנוווינער פון קליינעם מקום־פקיעין אין ארץ ישראל, דורך די שליחים, ווי דורך אומאויפהערלעכע עליות פון יחוס, און גאַנצע ייִדישע עדות, וועלכע האָבן מיט אייגענע אויגן, מיט פאַרווייַנטע אויגן, געגאַרט צו זען דאָס הייליקע לאַנד, צו קושן זײַן ערד און צו פאַרגיסן טרערן בײַם כותל המערבי.

רבי עקיבא, דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער גײַסט, די נשמה פון בר כוכבא־אויפשטאַנד, באַזוכט ייִדישע ישובים אין די שכנותדיקע לענדער אַרום ארץ־ישר־אל, ער זאַמלט פאָנדן פאַרן מרד קעגן רוים און צינדט אָן אומעטום פײַערן פון ליבע צו דער ייִדישער פרײַהייט, ווי צום לעצטן געפעכט קעגן די רוימישע לעגיאָנען, קעגן אלמעכטיקן רוים. רבי עקיבא רופט אלעמען צום ווידערשטאנד קעגן רוימישן

אַקופּאַנט און אונטערדריקער, ער דערנענטערט גאַנצע ישובים צו דער קאַמפּס־אויפגאַבע און פון אומעטום שטראָמען מתנדבים צו דער ייִדישער אַרמיי פון בר־כוכבא. אויך די ייִדישע קבוצים אין פאַרשיידענע לענדער, וואָס געפינען זיך אונ־טער רוימס הערשאַפט, גרייטן זיך איבערצופאַלן די רוימישע גאַרניזאָנען, סײַ אין מצרים והן אין קפריסין (ציפּערן), ווי אין אַנדערע לענדער, כדי נקמה צו נע־מען אינעם פאַרהאַסטן שונא, וואָס האָט חרוב געמאַכט ארץ־ישראל און דער־מיט גלײַכצײַטיק פאַרלײַכטערן דעם שווערן געפעכט פון בר־כוכבאס העלדן מיט די רוימישע לעגיאָנען. ביתר איז טאַקע געפאַלן, דער לעצטער סימן פון ייִדישער פרײַהייט איז טאַקע פאַרשוווּנדן, אָבער דער קשר מיטן ייִדישן היימלאַנד הערט ניט אויף. ייִדן שיטן אַש אויף די קעפּ און טרויערן אויפן חורבן ירושלים, תשעה באב ווערט דער שרעקלעכסטער אבל־טאָג פאַר אַ גאַנץ פאָלק אין אַלע צײַטן און אין אַלע דורות, ס׳איז פאַראַן אַ טרייסט אינעם ביאת המשיח. פון יענע גולי בבל ביז צו די תיקון חצות־געוויינען פון אונדזערע זיידעס און טאַטעס לויפט ווי דער שטאַרקסטער וואַסער ־ שטראָם אַן אומאָפּשעצבאַרע ליבע צו ארץ־ישראל, דאָס רע־ליגיעזע ייִדנטום פריער און דער ציוניזם הײַנט זײַנען די מעכטיקסטע זיילן אויף וועלכע עס האַלט זיך דער פעסטער בנין פון ייִדישער האָפענונג אויסגעלייזט צו ווערן דורך אַ נייעם שיבת־ציון.

אין טויזנטער ספרים און אין צאָלרײַכע נביאותן וועגן גאולת־ישראל איז אויס־געבויט געוואָרן אַ שטאַרקע פאַפירענע בריק צווישן ייִדישן פאָלק און דעם לאַנד פון זײַנע אבות. איך וויל בלויז ציטירן דרײַ ווערטער ־ זיילן אויף וועלכע עס האַלט זיך די דאָזיקע בריק: אין ספר יחזקאל (ל״ו) געפינען מיר אַזעלכע שורות.

„איך וועל מערן אויף אײַך מענטשן און די שטעט וועלן באַזעצט ווערן און די חורבות וועלן אויפגעבויט ווערן די בערג וועלן טראָגן פרוכט פאַר מײַן פאָלק ישראל. איך וועל אײַך פאַרגיטיקן מער ווי אין אײַער אָנהייב״.

רבנו סעדיה גאון, נאָך אַ סך תקופות און דורות שפּעטער, נאָך יחזקאלן, פאַר־פאַסט אַ ספּעציעלע תפלה:

„יהי רצון, זאָל זײַן דײַן ווילן צו זען דעם פּײַן פון דײַן פאָלק ישראל און די חורבות פון ירושלים. זאָלסט צוזאַמענגעמען דעם איבערבלײַב פון דײַנע שעפּע־לעך און ברענג צוריק ישראל צו זײַן וווינונג. עס זאָל זיך צוריקקערן די פרי־ערדיקע ממשלה — דאָס מלכות, וואָס געהער צו ירושלים״.

מיט עטלעכע דורות שפּעטער געפינען מיר אינעם תקנות־פּנקס פונעם ועד־ארבע ארצות אַזאַ ערנסטע פאַרפליכטונג פאַר אַלע קהילות צו אַרבעטן פאַרן ישוב ארץ־ישראל:

„כדי אין זייער נויט צו שטיצן די יעניקע פון אונדזערע ברידער, וואָס געפינען זיך אין ארץ־ישראל, איז באַשטימט און באַשלאָסן געוואָרן, אַז צום אָנהייב פון יעדן חודש דאַרף פאַר זיי דורכגעפירט ווערן אַן עפנטלעכע זאַמלונג. די געלט־

סכומים ווערן איבערגעשיקט קיין לובלין און פון דאָרטן קיין ארץ ישראל, אַזוי וועט ציון אויסגעלייזט ווערן מיט רעכט און די וואָס קערן זיך צו איר צוריק מיט צדקה".

פון יחזקאלן ביז סעדיה גאון, פון רבי שניאור זלמן מליאדי ביז ר' לוי יצחק פון בארדיטשעוו בראַצלאַווער ביזן חת"ם סופר, פון ר' צבי הירש קאַלישער ביז ר' יהודה חי אלקלעי, פון משה מאָנטעפיאָרע ביז ד"ר פינסקער, פון משה העס ביז הרצלען, פון באַראַכאָוון ביז א. ד. גורדון, פון די עולי ישראל פון פאַרשיידענע צײַטן ביז די הײַנטיקע עליות, ציט זיך די גאָלדענע קייט פון אַ ירושלים של מעלה און פון אַן ארץ ישראל של מטה. דאָס גײַסטיקע ישראל האָט באַווירקט מאַסן ייִדן צו חלוצישע מעשים, דער אומזעבאַרער קשר פון דעם ייִדישן פאָלק מיט זײַן היימלאַנד פון ווײַטן עבר איז הײַנט געבליבן לעיני כל העולם — אַן אומצערײַס־באַרער בונד, וואָס וועט קיינמאָל מער נישט אויפהערן, כל זמן די זון וועט נישט פאַרשווינדן פון הימל.

ג.

## 20 יאָר מדינה קיום און די פליכט פון אונדזער דור

דעם 2־טן מאַי 1968 — האָט די ייִדישע וועלט געפײַערט דעם צוואָנציקסטן קיום־יאָר פון דער ייִדישער מדינה. אַ טאָג פריער איז געווען דער יום הזכרון, און וועלכן דאָס פאָלק ישראל באַערט ווירדיק אַלע גבורי האומה, וואָס זײַנען געפאַלן אין אַלע אומפאַרגלײַכלעכע קאַמפן מיט איבערוועגנדיקע באַוואָפנטע קרעפטן, אין אַלע שלאַכטן פאַר דער ייִדישער פרײַהייט.

יום הזכרון, אין די דאָזיקע צוויי ווערטער זײַנען אײַנגעשלאָסן טרערן און בלוט, אַרבעט און שוויים, גבורה און קדושה, באַגלייט פון איבערמענטשלעכע חלו־צישע קרבנות פאַר די אידעאַלן פון שיבת ציון און גאולת העם.

מיט 20 יאָר צוריק, וואָס איז דער המשך פון אייביקע גאולה־שטרעבונגען, ווי פון 70 יאָר פאָליטישער ציוניזם, וואָס איז אַ פערמאַנענטע רעוואָלוציע אינעם ייִדישן לעבן, זײַנען מיר געוואָרן אַ פרײַ פאָלק. וואָס פאַר אַ באַדײַטונג האָבן די דאָזיקע 20 יאָר פון מדינה־קיום?

די דאָזיקע צוויי צענדליק יאָר פון אונדזער ייִדיש־נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגי־קייט האָבן הינטער זיך דעם גלות־פּײַן פון צענדליקער דורות און זייער בענק־שאַפט צו גאולה. יעדער טאָג פון די 20 יאָר פרײַהייט שטעלט מיט זיך פאַר אַ גאַנצע תקופה פון דערגרייכונגען. איין טאָג פון פראָדוקטיווע לײַסטונגען פאַרן אויפבוי פון דער ייִדישער מדינה אין שקול קעגן הונדערטער יאָרן פון ייִדיש־גײַסטיקער יצירה, פון קידוש השם הערא‌יזם, זיי האָבן דערמעגלעכט אַראָפּצונעמען

דעם שווערן פעלדז פון דעם גרויסן יידישן פאָלקס־ברונעם, אין וועלכן עס זײַנען אײַנגעזאַמלט געוואָרן גאולה־שטרעבונגען צו אַן אויסגעלייזטן ארץ־ישראל. דאָס האָט דערמעגלעכט דעם אויפקום פון אַ וווּנדערבאַרער ציוניסטישער און חלוצישער באַוועגונג, וואָס האָט דעם אַלטן שיבת ציון-אידעאַל פאַרווירקלעכט פאַר אונדזערע אויגן, אַ באַוועגונג, וואָס האָט געטריקנט זומפּן, פאַרטריבן מאַלאַריע, און אויס־געהאַלטן, געפלאַסטערט וועגן אין מדבר און מנצח געווען, געפלאַנצט וועלדער און באַגרינט בערג און וויסטעגישן און נישט מיד געוואָרן, ווײַל אָן יענע דורות פון יידישן גײַסט, פון גרויסע קולטור־שאַפונגען, וואָלט נישט מעגלעך געווען די עטאַ־בלירונג פון דער יידישער מדינה.

יעדן טאָג פון די דאָזיקע 20 יאָר וועט געשריבן יידישע געשיכטע, עס ווערט געשמידט אַ נײַער יידישער מאָרגן, עס ווערט פארשטארקט די אויסלייזונג פון א גאנץ פאָלק און דער אויפבוי פון אַ גרויסער מדינה, יעדן טאָג ווערט גע-שריבן אַ נײַער קאַפּיטל צו א באַנײַטן תנ"ך.

דער 20סטער אגיווערסאַר פון דער יידישער מדינה ווערט איצט דערמאָנט און געפײַערט אונטערן צייכן פון אַ זיגרײַכער מלחמה קעגן אַלע אראבישע שונאים, אָבער אויך בײַ א דערוואכטן אַנטיסעמיטיזם מצד דער קאָמוניסטישער וועלט. דאָס פאַשיסטישע נאַציאָנאַל־קאָמוניסטישע מצרים ווערט ווידער אַמאָל באַוואָפנט ביז איבער די ציין דורך ראַטנפאַרבאַנד, דערצו אַרבעטן נאָך היטלערס משחיתים־וויסנ־שאַפטלער אין נאסערס מאָרד־שולעס און די סכנה קעגן דער יידישער מדינה-עק־זיסטענץ ווערט אלע מאָל מער ערנסטער און דראָענדיקער.

דער 20־סטער עצמאות יאָר פון מדינת ישראל און פון יידישן פאָלק לייגט אָרויף גרויסע פליכטן אויף אונדזער הײַנטיקן יידישן דור, וואָס וועט בשלמות פאַר-זעצן דאָס גרויסע ווערק פון ציוניסטישער הגשמה.

אופן וועג צו דער פולער גאולה פון יידישן פאָלק געפינען זיך נאָך אַ סך שטע־רונגען, מיט אַ סך נסיונות וועלן מיר נאָך געפּרוווט ווערן מיר מוזן אָבער גיין פאָרויס, ווײַל היגטער אונדז געפינען זיך די טרעבלינקעס און מײַדאַנעקס און פאַר־אויס — אויף אַלע אייביקייטן, געפינט זיך די פרײַע, די שטאָלצע — אין-סופיקע מדינת ישראל.

צום 20סטן קיום ־ יאָר פון דער יידישער מדינה מוזן מיר אָבער זאָגן, אַז יעדער ייִד דאַרף איצט, אין אונדזער דור, אַזוי לעבן, אַז ער זאָל צום סוף פון יעדן טאָג קענען זאָגן: „איך האָב מײַן יידישן טאָג נישט פאַרבראַכט אומזיסט".

# יעווסעקישער נאַציפאַשיזם אין יידישן לעבן

**(געשריבן אין יאָר 1941)**

אין דער הײַנטיקער ביטערער צײַט פון מוראדיקע אויסראָטונגס־קאַמפּן קעגן פאַרפּײַניקטן און פאַרצווייפלטן יידישן פאָלק, זעען מיר די נידערטרעכטיקע דערשײַנונג פון יעווסעקישן שותפות מיט די ברוטאַלסטע יידנפרעסער און קולטור-שונאים — די ווילדע נאַצי־באַרבאַרן.

אין יידיש קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט זיך מיט אַ העסלעכער קראַפט אַרײַנגעריסן די מגפה פון קאָמוניסטישן נאַצי־פאַשיזם. אין יעדן צווײַג, אויף יעדן געביט פון דעם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן לעבן, צי דאָס איז אויפן פרעסע געביט, צי אין געזעלשאַפטלעכע קולטורעלע און עקאָנאָמישע פאַראייניגן און אינסטיטוציעס, אומעטום ווײַזט זיך אַרויס די יעווסעקיש-יעזויטישע פּראָפּאַגאַנדע און דעמאַגאָגיע.

הונדערטער און טויזנטער יידן פון אַלע פאַרטייען, קלאַסן און ריכטונגען שטעלן מיט צער און צאָרן די פראַגע: ווי קאָן דאָס מעגלעך זײַן אַז יידישע קאָמוניסטן זאָלן מיטן גאַנצן ברען פון זייערע פאַרפּעסטעטע נשמות מיטן גאַנצן התלהבות פון זייערע מאָשקעוואַטע מה־יפית - הערצער פאַרטיידיקן דעם אוממענטשלעכן רויב פון רציחה־רײַכן נאַציזם?

אָבער דער ביטערער אמת ווײַזט, אַז נאָכן פאַקט צווישן היטלערן און סטאַלינען, האָבן זיך די יידסעקן געשטעלט אויף דער צווייטער זײַט באַריקאַדע... און מיט זייער גאַנצער טאַלאַנטלאָזיקייט און חוצפה, האָבן זיי זיך אָנגעשלאָסן אין דער פינצטערער מחנה פון יידנפרעסערישן געזינדל און קעמפן מיט אַלע זייערע וואָפן קעגן יידישן פאָלק, קעגן קאָנסטרוקטיוון ציוניזם, קעגן דער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרײַונג פון די לײַדנדע און פאַגראָמירטע יידישע מאַסן.

ס׳איז מערקווירדיק און ממש אומבאַגרײַפבאַר זייער אומגעלומפּערטע טאַקטיק פון אַרויסשטעלן זיך אלס די ״פלאַמפּײַערדיקסטע קעמפער״ און „פאַרטיידיקער״ פון אונטערדריקטע פעלקער און לענדער. נישט איינמאָל האָבן מיר געהערט, ווי „אונדזערע״ יעווסעקעס ווערן הייזעריק פון שרײַען: לעבן זאָל די פרײַהייט פון די שפּאַנישע, אַביסינישע, כינעזישע, עסטרײַכישע, דײַטשע און אַלבאַנישע פעלקער! און זיי האָבן נישט נאָר געשריגן און געקעמפט פאַר דער פרײַ־

הייט פון די פעלקער, נאָר זיי האָבן זיך אויך אַרײַנגעוואָרפן מיטן גאַנצן התלהבות אין דער פּראַקטישער הילפס־אַרבעט פאַר די פריער־דערמאָנטע מאַסן. מען האָט געטומלט, געזאַמלט געלט, געקליבן וועש און קליידער, גערופן עפנטלעכע אויפֿקלערונגס-פאַרזאַמלונגען און זייערע מגידים האָבן מיט אותות ומופתים אָנגעװיזן פאַר די צוהערער, ווי שיין, ווי נאָבל ס'איז צו אַרבעטן פאַר דער פרײַהייט פון די אונטערדריקטע מאַסן, וואָס ווערן גערודפט, געפּײַניקט און צעקוועטשט אונטער די ברוטאַלע זעלנערישע שטיוול פון היטלער־מוסאָליני-מיקאַדאָ פאַשיזם און באַרבאַריזם, אָבער אין דער זעלבער צײַט ווען אונדזערע יעוסעקן האָבן מיט אַזױפיל רצון געקעמפט פאַר פרעמדע פרײַהייטן, האָבן זיי אויף קיין איין מינוט נישט פאַרגעסן צו שימפן און צו באַשמוצן די איינציקע און שענסטע האָפענונג פון יידישן פאָלק — דעם ציוניזם. ''לעבן זאָל די פרײַהייט פון שפּאַנישן פאָלק" — איז געווען זייער דעוויז. „נידער מיט די יידישע פרײַהייטס-אידעאַלן" — איז געװען און געבליבן זייער קריגס־רוף גאַנצע יאָרן. און אָט די דאָזיקע קליינקעפלדיקע „וועלט־פאַרזאָרגער" און ''פאַרטיידיקער" פון אונטערדריקטע און פאַרפּײַניקטע. אָט די אַלע ''טרעגער" און „פאַרשפרייטער" פון תורות, וואָס זײַנען אויסגעוואַקסן אין צײַטן פון העסלעכער אונטערדריקונג און מענטשן־שקלאַפערײַ, לערעס וועלכע האָבן צוגעזאָגט אַלע לײַדנדע א ליכטיקן מאָרגן פון יושר און צדק. זיי האָבן אַ פּנים פאַרגעסן אָדער ווילן נישט געדענקען, אַז צווישן ציוניזם און באַפרײַערישן סאָציאַליזם איז פון שטענדיק אָן פאַראַן אַ סינטעטישער בונד. אויף די פאָנען פון קעמפערישן סאָציאַליזם זײַנען מיט בלוט־רויטע אותיות אָנגעשריבן: קאַמף פאַר פרײַהייט און רעכט, שוץ פאַרן אונטערדריקטן, הילף פאַר די לײַדנדע, אַ דאַך פאַר די דאַכלאָזע און ברויט פאַר די הונגעריקע. און אויך אויף די פאָנען פון דער יידישער פרײַהייטס־אידייע, וועלכע זײַנען אין פײַער און בלוט פון יידישן פײַן געלייטערט געוואָרן געפינען זיך די זעלבע אויפשריפטן און לאָזונגען: קאַמף פאַר פרײַהייט און גלײַכהייט, רעכט און יושר, הילף פאַר די אונטערדריקטע פון צוויי טויזנט יעריקן גלות־גהינום. שוץ און אַ מקום מקלט פאַר די לײַדנדע יידישע פאָלקסמאַסן, אַ סוף צום אַנטיסעמיטיזם און רעכטלאָזיקייט, אַן ענדע צום הפקרות און צו די בלוטיקע פאָגראָמען.

---

מיר זײַנען געווען זיכער, אַז נאָכדעם ווי סטאַלין מיט זײַן כנופיה האָבן געדריקט די הענט פון די נאַצי־שליחים, וועלכע זײַנען אײַנגעטונקען אין אומשולדיקן בלוט פון יידן און סאָציאַליסטן, וועט פאַרקומען אַן אויסניכטערונגס־פּראָצעס אין די קאָמוניסטישע רייען, בפרט בײַ די פאַרבלענדעטע און יעווזעטיש-פאַרגלויבטע יעווסעקן. אָבער בלויז געציילטע פון דעם עלעמענט האָבן זיך געהאַט גענוג מוט בכדי אויף שטענדיק אָוועקצוגיין פון דער מחנה, וועלכע האָט אַזוי ציניש

און אַזוי גרויזאַם פֿאַרראַטן דעם סאָציאַליזם און די האָפֿענונגען פֿון דער ליי־דנדער מענטשהייט, מער פֿון דעם האָט זיך דאָרט גאָרנישט געענדערט. אַלץ איז געבליבן ווי געווען... די יעווסעקציע האָט פֿאַרלוירן די בושה, זי האָט פֿון זיך מיטן שורש אויסגעוואָרצלט דאָס לעצטע ביסל סאָציאַליסטישע גלויבן און אָנ־שטענדיקייט און זיך פֿון דאָס ניי רעאָרגאַניזירט בכדי צו פֿאַרטיידיקן די מעשה נבלה פֿון קרעמל און מיט אַלע כוחות פֿאַרדעקן דעם אידעאישן בראָך און באַנ־קראָט.

אויך אויפֿן אַרגענטינער יידישן פֿאָלקס-קערפּער האָט זיך אָנגעהויבן פֿונאַנדערוואַקסן און אַנטוויקלען דאָס שעדלעכע ווילדפֿלייש... די יעווסעקציע שאַלטעס און וואַלטעס אין אַ סך יידישע אינסטיטוציעס. זי רופֿט פֿאַרזאַמלונגען אויף וועלכע מען באַמיט זיך צו כשרן דעם סטאַלין - היטלער - אָפּמאַך. מען האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ פֿאַרטיי־אָרגאַן א"ב „די וואָך" וואו די יעווסעקישע זשור־נאַליע האָט זיך צעהוליעט קעגן די דעמאָקראַטישע קריגס-פֿירנדע לענדער, קעגן די „אויך מיר סאָציאַליסטן" (זייער קורסיוו) קעגן ציוניזם און „די וואָך"־זשור־נאַליסטיקער באַמיען זיך מיט זייערע אַרגומענטן אויפֿצואווייזן פֿאַר די יידישע מאַסן, אַז סטאַלין איז גערעכט און זיין משפּט איז בלויז צדק... און ס'איז שוין ניט ווייט די שעה, אַז היטלער אַליין וועט ווערן פֿרום און גוט און מען וועט נאָך האָבן פֿון אים ימח שמו וזכרו פֿיל נחת...

נעמט מען אַזאַ בלעטל אין האַנט, פֿילט מען תיכּף ווי מען מוטשעט זיך נעבעך מטהר צו זיין אין די טינטפֿעסער דעם היטלער־סטאַלין שותּפֿות. אַלץ און אַלעס קאָן מען געפֿינען אין דעם אָרגאַן, נאָר מיט קיין שלעכט וואָרט וועגן היט־לערן און זיין אוממענטשלעכן אויסראָטונגס-קאַמף קעגן די אומגליקלעכע יידן פֿון פּוילן, טשעכאָסלאָוואַקיע, עסטרייך און דייטשלאַנד. פּרוּווט מען זיך אָבער אַביסל אָפּשטעלן אויף די דאָזיקע פֿאַקטן, נישט סתּם פֿאַרבייַלויפֿן מיטן אויג, ווי מען לייענט איבער אַ גלייַכגילטיקן אַנאָנס. הייבט אָן צו שווידערן, נעמט גרוילן ביז צום מאַרך און עס ווילט זיך נישט גלויבן: שרייבן דאָס טאַקע זשורנאַליסטן, קינדער פֿון יידישן אַרבעטער־פֿאָלק טוען דאָס סאָציאַליסטן וואָס ווילן ברענגען צו די מאַסן דעם אַטעם פֿון סאָציאַלן יושר, פֿון מענטשן-ליבע און פֿאַרברידערונג

און עס דערוועקט זיך אין האַרצן אַ צאָרן און ווייטיק און מען ווייסט נישט, וואָס איז גרעסער פֿון די אַלע געפֿילן, ווייל גאָר גרויס איז די בושה, ווען מ'דער־מאָנט זיך, אַז אַזעלכע מעשים קומען פֿאָר אין אַרבעטער־לאַגער, אין דער מחנה פֿון די, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פֿאַר באַרופֿן צו ברענגען אַ נייעם מאָרגן דער וועלט.

מיט געציילטע חדשים צוריק האָבן די זעלבע יעווסעקן געשריגן וועגן דער נייער וואַקכאַנאַליע קעגן יידן אין דייטשלאַנד און האָבן פּראָטעסטירט ווען איבער די גאַסן פֿון די דייטשע שטעט זיינען דורכגעפֿירט געוואָרן בעסטיאַלישע טאַטן איבער דער שוצלאָזער יידישער באַפֿעלקערונג. דעמאָלט, אין יענער צייט ווען היטלער און זיין

כנופיה זײַנען נאָך נישט געווען קיין „פּרײַנט״ פון די מאָסקווער קרעמל-אָפּגעטער, האָבן פּראָלעטאַרישע שרײַבער, בפּרט ייִדישע, געשריבן אַפילו אין דער זעלבער „וואָך״ אונטער דער זעלבער דירעקציע אַז, איבערפֿאַלן און באַליידיקונגען קעגן ייִדישע קינדער, פֿאַרשלעפּונגען און מאָרדן פון גאַנצע ייִדישע פֿאַמיליעס, אויסרוי־בונג פון ייִדישן האָב און גוטס — דאָס איז שוין גאָר אַן אַלטע און גאַנץ „געוויינ־לעכע״ זאַך בײַ די נאַצי־בעסטיעס. עס ווערן אָבער טאָג-טעגלעך צוגעטראַכט נײַע פֿאַרפֿאָלגונגס־מיטלען.

פֿאַרפֿאָלגונגען און אויסראָטונגען וואָס שטײַגן ווײַט אַריבער די אַלטע אינק־וויזיציע־מעטאָדן, פֿאַרפֿאָלגונגען און ברוטאַליטעטן אויף וועלכע בלויז אַזאַ פֿאַר־ברעכער־באַנדע ווי די נאַציסטן זײַנען פֿעיִק.

„דאָס איז דער נאַציזם! — דאָס איז די אָפֿענע און קאָנסעקווענטע פֿאָרם פון דער בלוטדורשטיקסטער באַוועגונג פון דער לעצטער צײַט — פון נאַציזם״.

אַזוי האָבן די יעווסעקן געשריבן מיט עטלעכע חדשים צוריק וועגן היטלעריזם. דאָס איז געווען פֿאַרן היטלער־סטאַלין פּאַקט. אין יענער צײַט זײַנען די נאַציסטן געווען: „פֿאַרברעכער״, „בעסטיעס״, „אינקוויזיטאָרן״, „סאַדיסטן״, „אויסוווּרפֿן״, „באַנדיטן״ און „די בלוטיקסטע ערשאַפֿט פון דער הײַנטיקער צײַט״.

אָבער איצט, ווען דער רויטער מחבל און פֿאַררעטער האָט זיך משדך געווען מיט די „פֿאַרברעכערישע - בעסטיאַלישע, סאַדיסטישע אינקוויזיטאָרן און באַנדי־טישע אויסוווּרפֿן״, מיט „דער בלוטיקסטער נאַצי־ממשלה פון דער הײַנטיקער צײַט״ איז געוואָרן מלא שמחה אין דער יעווסעקישער מחנה. מען האָט זיך אָפּגעגעבן אַ פֿריילעכן מזל־טוב און שאַ־שטיל: היטלער איז שוין נישט מער קיין: „באַרבאַר און פֿאַרברעכער״, געבעלס האָט שוין אויפֿגעהערט צו זײַן: דער שענדלעכסטער סאַ־דיסט און ציניקער״, שטרײַכער איז שוין נישט מער: „דער אַלטער דעגענעראַט און אויסוווּרף״ און די גאַנצע אָרדענונג איז שוין נישט מער קיין „פֿאַרברעכערישע און סאַדיסטישע״.

נידעריקער האָט שוין די יעווסעקציע ווײַזט אויס, נישט געקענט פֿאַלן.

אין דער הײַנטיקער בלוטיקער געשיכטע פון שקר, צביעות און האַס, שרײַבט איצט די דאָזיקע באַוועגונג די העסלעכסטע בלעטער פון פֿאַרראַט און אייגענעם חורבן.

# דער מיאוסער סוף פון אַ שענדלעכן אָנהויב

(געשריבן אין יאָר 1949)

מיט געציילטע עטלעכע וואָכן צוריק האָט דער „פּראָגרעסיווער סעקטאָר אין אַרגענטינע געפּויקט אין אַלע פּויקן, טרומייטערס אויף אַלע זייַנע גרילצנדיקע אַנטי־ציוניסטישע העץ און פאַרלוימדונגס־אינסטרומענטן, אָנזאָגנדיק דעם היגן יידישן ישוב די „גרויסע בשורה" וועגן צוזאַמענשטעל און אָפּפאָר פון דער „פאָלקס-דעלעגאַציע" קיין ישראל, „כדי אויסצושטרעקן אַ וואַרעמע ברידערלעכע האַנט דעם פאָלק פון ישראל און דער עיקר — צו לינדערן די נויט פון די צענדליקער טויזנטער פּליטים, וואָס געפינען זיך אין די דאָרטיקע לאַגערן" דאַן איז געקומען די סדרה פון באַנקעטן באַגלייט פון רעדעס און פאַרשפּרעכונגען. עס האָבן אַוודאי נישט געפעלט די גוט־באַקאַנטע אָנפאַלן אויף דער רעגירונג פון ישראל, אויף אירע מיניסטאָרן, ווי אויף די העכסטע אינסטאַנצן פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער באַוועגונג.

פון דרייַ פּערזאָן פון „לינקן סעקטאָר" איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן די „דעלעגאַציע", אייגער, וואָס איז מעגלעך גאָר אַ גרויסער מומחה אין זייַן פּראָפעסיע, אָבער אינעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אונדזער קאָלעקטיוויטעט איז דער זעלבער לחלוטין אומבאַקאַנט, מען קען נישט דעם „פּראָפעסאָר"... קיינער וויל נישט פאַרלייקענען, אַז די אַנדערע צוויי האָבן גאָרנישט געלייסטעט לטובת הכלל, אָבער יעדער ערנסט-דענקענדער און נאַציאָנאַל - פאַראַנטוואָרטלעכער ייד האָט די טיפע איבערצייַגונג, אַז זייער גאַנצע געזעלשאַפטלעכע „אַרבעט" האָט קיין גרויסן נוצן אונדזער ישוב נישט געבראַכט, אויסער מחלוקתן און אומאָפּשאַצבאַרע שאָדנס. אַ דעלעגאַציע פון דעם דאָזיקן צוזאַמענשטעל איז שוין געווען א גענוגנדיקע גאַראַנטיע, אַז אויך אין ישראל וועלן זיי פאָרזעצן מיטן גרויסן בלאָף פון „זייער הייליקער און פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט לעטוויוועס מעדינאַס איסראָעל", די ווירקלעכקייט האָט עס טאַקע באַשטעטיקט.

אין אונדזער רשות געפינען זיך אַלע מאַטעריאַלן, נאָטיצן און קאָמענטאַרן פון דער ישראל־פּרעסע און פון די פאַראַנטוואָרטלעכע אינסטאַנצן פונעם דאָרטיקן ישוב וועגן דעם באַזוך און אַקטואַציע פון דער א"ג „פאָלקס-דעלעגאַציע", אויף דער פּרעסע־קאָנפערענץ, וואָס די דרייַ „פּראָגרעסיווע דעלעגאַטן" האָבן אָפּגעהאַלטן דעם 13טן פון פאַרגאַנגענעם חודש, האָבן זיי געהאַקט שקרים אויף רעכטס און לינקס מיט דער איינציקער כוונה, צו לאָזן אַ רושם אויפן ישראל־ישוב. כדאי בייַ דער געלעגנהייַט ציטירן איינציקע „שקר-בלימעלעך" פון זייער אייגענעם זומפּ: די „דעלעגאַציע" האָט דערקלערט: „מיר שטעלן פעסט, אַז דער פאַקט פון אונדזער קומען אין ישראל, ברענגענדיק מיט זיך די הילף פון צען טויזנט יידישע משפחות אין

אַרגענטינע, בריינגט מיט זיך די פאַרפליכטונג פון דער פאָלקס־באַוועגונג, וועל־
כע אנטהאלט א קאָנקרעטן פלאַן פון אויפבויען הײַזער־בלאָקן אויפן נאָמען פון
ייִדישן ישוב אין ארגענטינע, אלס אויסדרוק פון ברידערלעכער הילף פארן אויפבוי
פונעם לאַנד", דאָס איז געווען דער ערשטער ארויספאָר פון דער דעלעגאציע, דער־
ציילנדיק אַ „מעשה פון טויזנט אין איין נאַכט", (ווי שנעל זיי האָבן זיך אָנגע־
שטעקט מיט דער אראבישער פאנטאזיע) וועגן „צען טויזנט ייִדישע משפחות", וואָס
זיי פארטרעטן, וועגן „בויען הײַזער־בלאָקן", וועגן „ברידערלעכער הילף", וועמען
האָבן די דאָזיקע אומפאראנטוואָרטלעכע דאָן קיכאָטן געוואָלט אײַנרעדן, אַז זיי רע־
פרעזענטירן גאנצע פערציק פראָצענט פון אונדזער היגן ישוב? דער דאָזיקער בלאָף
האָט באַלד געפּלאַצט בײַ דער ערשטער פראַגע פון אַ ישראלדיקן זשורנאַליסט, וואָס
האָט געפרעגט: אויב איר רעפרעזענטירט טויזנטער אקטיוויסטן און צענדליקער
טויזנטער ייִדן און אײַער פאָלקס־קאַמפּיין האָט געהאַט אַזאַ גרויסן דערפאָלג, אַז
איר ווילט לינדערן די נויט פון די עולים, בויער הײַזער־בלאָקן, א. ד. גל. אפשר
קענט איר אונדז זאָגן, וויפל האָט אײַער קאמפיין געזאמלט געלט? די דאָזיקע פראַ־
גע איז געקומען ווי אַ שרעקלעכער דונער אין מיטן העלן טאָג, די „דעלעגאטן"
האָבן געדרייט, אויף אַ קאָלעקטיוון אופן, מיט דער צונג און צוגעדריקט צו דער
וואַנט, האָבן זיי, אָפּגייענדיק אין שווייס, דערקלערט, אַז זיי קענען אויף דעם נישט
ענטפערן, ווײַל „דאָס איז אַן אינערלעכע אָנגעלעגנהײַט פון זייער פאָלקס־קאַמפּיין".
נו, דאַרף מען נאָך א גרעסערן מוסטער פון שיטן זאמד אין די אויגן? דער ייִדישער
ישוב אין ארגענטינע קאָן דאָך זייער גוט סײַ די דעלעגאטן און סײַ דעם אײַגעשרומ־
פענעם „פראָגרעסיוון קרײַז" פון אָנהענגער, עס ווײַזט אויס, אז ווען מ'קען מער
נישט בלאָפן אין ארגענטינע פאָרט מען אזש קיין ישראל ממשיך זײַן דעם פראָגרע־
סיוון שקר.

אויף דער זעלבער פרעסע־קאָנפערענץ האָט די דעלעגאַציע דערקלערט די
גרונט־סיבה, וואָס האָט גורם געווען די שפּאַלטונג אין היגן ישוב און די פראָקלא־
מירונג פון זייער „פאָלקס־קאַמפּיין": „אונדזער הילף־באַוועגונג, וואָס איז אַנטשטאַ־
נען אלס רעזולטאַט פון א נישט־גענוגנדיקן ווילן פון די אָפיציעלע קאמפיין־פירער
אין ארגענטינע מסכים צו זײַן, אַז עס איז אַ נויטווענדיקייט, נאָך יעדער זאַמלונג
אָפּצוגעבן א דין וחשבון פון דער אקציע און אז עס איז אַ נויטווענדיקייט צו געבן
אַ געהעריקע פארטרעטונג אין דער לייטונג פון דער הילפס־אקציע פאר א באַווע־
גונג, וועלכע קאָנצענטרירט פערציק פראָצענט פון ייִדישן ישוב אין ארגענטינע, דער
ווילן פון די אָפיציעלע קאמפיין־פירער איז אָבער געווען ארויסצונוצן די אקציע,
כדי צו פארטושן דעם ספּעציפיש־דעמאָקראטישן כאראקטער פון אונדזערע אינסטי־
טוציעס", איר הערט, ווער עס רעדט וועגן אָפּגעבן חשבון פון געזאַמלטע געלטער?
יעדער פון אונדז געדענקט נאָך זייער גוט דעם טומל און געפילדער, וואָס די „פראָ־
גרעסיווע קאמפיין־מאכער" האָבן ארויסגערופן אויף דער היגער ייִדישער גאס, מעל־

דנדיק „פײַערלעך״, אַז זיי און נאָר זיי וועלן צו יעדער מינוט, צו יעדער צײַט אָפּגעבן דין וחשבון פון דער זאַמלונג פאר דער פאָלקס־אקציע־ וויל איך פרעגן, ווער פון די „פּראָגרעסיווע״ און אַנטי־פּראָגרעסיווע ייִדן פון אונדזער ישוב האָבן געזען זייערע באַלאַנסן פון דער אַקציע, אָדער געהערט באַריכטן וועגן געזאַמלטן סכום? איך האָב פאַרזיכערט, אַז „אונדזערע ביכער וועלן ליגן אָפן פאַר יעדן איינעם״, טאָ, פאַרוואָס האָט איר קיין מאָל קיינעם נישט אײַנגעלאַדן צו זען אײַערע ביכער. איר האָט דאָך געוויס געהאַט די פרײַע מעגלעכקייט אָפּצוגעבן חשבון סײַ אין וואָרט, סײַ אין שריפט. איר האָט דאָך אין אײַער קאַמפּיין־קאָמיטעט נישט געהאַט „די רעאַקציאָנערע אַנטי־געזעלשאַפטלעכע און ביוראָקראַטישע קאַמפּיין־פירער״. ווער האָט אײַך דאָס מאָל נישט געלאָזט מקיים זײַן אײַערע הבטחות, וואָס איר האָט געגעבן אײַערע „ברייטע פאָלקסמאַסן״? איר האָט געמיינט, אַז אין ישראל קאָן מען אײַך נישט כאַפּן בײַ אַ ליגן? די „פּראָגרעסיווע קאָמיוואָיאַזשאָרן״ האָבן נאָך געהאַט דעם טרויעריקן מוט צו אָפּערירן מיט אַזאַ אויגנרײַסנדיקן אַרגומענט, אַז מען האָט זייער „באַוועגונג, וואָס נעמט אַרום פּעריציק פּראָצענט ייִדן פון אַרגענטינע״ נישט געגעבן קיין פאַרטרעטונג אין דער לייטונג פון דער הילפס־אַקציע. ווער־ווער, אָבער זיי ווייסן דאָך גאַנץ גוט, אַז אין דער לייטונג פון דעם פאַראייניקטן קאַמפּיין פון פאַרגאַנגענעם יאָר האָט מען זיי געגעבן 5 פאָרשטייער, דאָס האָט מען געטאָן, נישט דערפאַר, ווײַל זייער סעקטאָר איז אַזוי מעכטיק, אָלע ווייסן דאָך זייער גוט, אַז זיי פאַרטרעטן נישט אַפילו צען פּראָצענט ייִדן אין דער היגער קאָלעקטיוויטעט, מ׳האָט מסכים געווען צו געבן זיי 5 פאַרטרעטער נאָר דערפאַר, כּדי די אחדות אין ארגענטינער ייִדנטום זאָל נישט געבראָכן ווערן.

די ייִדישע עפנטלעכקייט אין ישראל האָט באַלד זיך געגעבן חשבון, אַז די דעלעגאַציע פון דעם א״ג „פאָלקס־קאָמיטעט פאַר מעדינאַס איסראָעל״ איז געקומען אין לאַנד נישט אין נאָמען פון אַ מינדערוויכטיקער גרופּע „פּראָגרעסיווע ייִדן״, וואָס האָבן נעכטן געגלויבט אינעם מופטי אַלס דער „רעוואָלוציאָנערער באַפרײַער פון די אַראַבישע מאַסן״ און הײַנט — אַפּלאָדירן זיי דאָס באַגרעניצן די עליה פון די „פאָלקס־דעמאָקראַטישע״ לענדער, די שיקאַנעס קעגן ציוניזם אַרײַנגערעכנט. דער ייִדישער ישוב אין ישראל האָט אין די פּערזאָנען פון דער „דעלעגאַציע״ דערקאָנט שנאת ציון און שנאת ישראל און זייער ריכטיק האָט יעדער איינער פאַרשטאַנען דאָס ערנסטע וואָרט פון דעם פאָרזיצער פון דער ייִדישער אגענץ אין ירושלים ח׳ בערל לאָקער, וועלכער האָט געזאָגט: „לא מעוקצך ולא מדובשך״, מיר ווילן נישט אַזעלכע דעלעגאַציעס און נישט זייער געלט. איצט איז שוין באַקאַנט געוואָרן דער גרויסער „סוד״ פון דער „פאָלקס־משלחת״ וועגן די „ריזיקע אוצרות גאָלד״ וואָס זיי האָבן געבראַכט אין לאַנד, כּדי "צו בויען הײַזער־בלאָקן״. אַ גאַנצן קוואַרטאַל, אַרום און אַרום האָבן זיי מזכה געווען דעם „אויפבוי פון לאַנד״ מיט.. 2.000 דאָלער. (לייען און שרײַב צוויי טויזנט דאָלער) איצט האָט דער גרויסער בלאָף געפּלאַצט.

# דאָס אַרגענטינער יידנטום באַקעמפט די יעווסעקציע

מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט דער א״ג „פּראָגרעסיווער סעקטאָר״, וואָס בושעוועט אויף אַ דעמאַראַליזירנדיקן אופן אינערהאַלב דעם יידישן ישוב אין אַרגענטינע, געפּויקט אין אַלע פּויקן און טרומייטערט אויף אַלע זייַנע אויערן פאַרטויבנדיקע העץ און פאַרלוימדונגס־אינסטרומענטן. דאָס האָבן זיי אָנגעזאָגט דעם אַרגענטינער יידנטום די „גרויסע בשורה״ וועגן צוזאַמענשטעל און אָפּרייַזן פון אַ „פאָלקס־דעלעגאַציע״ קיין ישראל, וועמען דער „פאָלקס־קאַמפּיין פאַר מעדינאַס־איסראָעל״ האָט אָנפאַרטרויט די „הייליקע שליחות, אויסצושטרעקן אַ וואַרעמע ברידערלעכע האַנט דעם פאָלק פון ישראל, כדי צו לינדערן די נויט פון די צענדליקער טויזנטער עמיגראַנטן, וועלכע געפינען זיך אין בן גוריונס לאַגערן״. דאַן איז געקומען אַ סדרה באַנקעטן, וואָס האָבן מיט זייער רייַכקייט און פרעס־מאכלים איבערגעשטיגן די לעגענדאַרישע אחשורוש־סעודות, באַגלייט פון „פייַערלעכע רעדעס״ און שקרימדיקע פאַרשפּרעכנס צו "דערפילן די מיסיע מיט טרייַשאַפט״, ס׳האָבן אַוודאַי נישט געפעלט די גוט־באַקאַנטע אָנפאַלן אויף דער רעגירונג פון מדינת ישראל, אויף אירע מיניסטאָרן, אויף מאַרשאַלן און אויפן „פאָרווערטס״.

דרייַ פאַרשווינען פון דער היגער יעווסעקציע האָבן צוזאַמענגעשטעלט די "דעלעגאַציע״, יעדער ערנסט דענקענדיקער און נאַציאָנאַל־פאַראַנטוואָרטלעכער ייד האָט געהאַט די טיפע איבערצייַגונג, אַז די הויכע אינסטאַנצן פון דער מדינה ווי פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע וועלן זיך נישט לאָזן פאַנגען פון זייערע פאַלשע הבטחות, אַז זיי קומען בויען, די האָפענונג און דערוואַרטונג, זיי זאָלן אין ישראל דעמאסקירט ווערן, האָט קיינעם — אויסער דער היגער יעווסעקציע —, נישט אַנטוישט.

אין מייַן רשות געפינען זיך אַלע מאַטעריאַלן, נאָטיצן און קאָמענטאַרן פון דער ישראל־פּרעסע ווי פון די פאַראַנטוואָרטלעכע אינסטאַנצן פונעם דאָרטיקן ישוב, וועלכע דערציילן מיט אַ קלאָר לשון וועגן די דורכפאַלן פון דער פריער־דערמאָנטער מרגלים־דעלעגאַציע. אויף דער פרעסע־קאָנפערענץ, וואָס די „דרייַ פּראָגרעסיווע פאָלקס דעלעגאַטן״ האָבן אָפּגעהאַלטן אין תל-אביב איז דורך זיי געלאָזט געוואָרן אין פונקציע זייער גאַנצער מעכאַניזם פון שקר און בלאָף. זיי האָבן אַלץ גע־

טאָן, כדי צו מאַכן אַ רושם אויפן ישראל ישוב׃ ס'איז כדאַי אַרויסצונעמען איינ־
קע שקר ־ בלימעלעך פון זייער זומפּ, וועלכע כאַראַקטעריזירן זיי אַמבעסטן.

די "דעלעגאַטן" האָבן דערקלערט: „מיר שטעלן פעסט, אַז דער פאַקט פון
אונדזער קומען קיין ישראל, ברענגענדיק מיט זיך די הילף פון צען טויזנט ייִדישע
משפּחות אין אַרגענטינע, ברענגט מיט זיך אַ פאַרפליכטונג פון דער ייִדישער פאָלקס
באַוועגונג אין אַרגענטינע, וועלכע אַנטהאַלט אַ קאָנקרעטן פּלאַן פון אויפבויען
הײַזער־בלאָקן אַלס אויסדרוק פון ברידערלעכער הילף פאַרן אויפבוי פונעם לאַנד".
דאָס איז געווען דער ערשטער ארויספאַר פון דער דעלעגאַציע, דערציילנדיק אַ
„מעשה פון טויזנט און איין נאַכט" (ווי שנעל זיי האָבן זיך אַנגעשטעקט מיט דער
אַראַבישער מזרח־פאַנטאַזיע) וועגן „צען טויזנט ייִדישע משפּחות" וואָס
זיי פאַרטרעטן, וועגן „בויען הײַזער־בלאָקן", וועגן אַ „ברידערלעכער הילף". ווע־
מען האָבן די דאָזיקע אומפאַראַנטוואָרטלעכע „פּראָגרעסיווע" דאָן קיכאָטן געוואָלט
אײַנרעדן, אַז זיי רעפּרעזענטירן גאַנצע פערציק פּראָצענט פון דעם אַרגענטינער
ייִדנטום? דער דאָזיקער בלאָף האָט באַלד געפּלאַצט בײַ דער ערשטער פראַגע פון
אַ ישראלדיקער זשורנאַליסט, וועלכער האָט גאַנץ אויפריכטיק געפרעגט: אויב איר
פאַרטרעט טאַקע טויזנטער אַקטיוויסטן און צענדליקער טויזנטער בײַשטײַערער פאַר
אײַער קאַמפּיין, אפשר קענט איר אונדז זאָגן, וויפל געלט האָט איר געזאַמלט, כדי
צו רעאַליזירן אײַערע אַנגעצייכנטע פּלענער? די דאָזיקע פראַגע איז פאַר די
איזאָלירטע און פאַראייניזאַמטע מרגלים געקומען ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג,
די „דעלעגאַטן" האָבן געדרייט מיט דער צונג אויף אַ בשותּפותדיקן אופן און
צוגעדריקט צו דער וואַנט, זײַנען זיי, אָפּגייענדיק אין שוויס, אַרויסגעקומען מיט
אַזאַ „קלוגן ענטפער": „מיר קענען אויף דער פראַגע נישט ענטפערן דערפאַר, ווײַל
דאָס איז אַן אינערלעכע אַנגעלעגנהײַט פון אונדזער פאָלקס־קאַמפּיין". דאַרף מען
נאָך אַ גרעסערן מוסטער פון שיטן זאמד אין די אויגן? דער ייִדישער ישוב אין
אַרגענטינע קען דאָך זייער גוט פון דער נאָענט סײַ די דעלעגאַטן און סײַ דעם אײַנ־
געשרומפּענעם „פּראָגרעסיוון קרײַז" פון אָנהענגער. ס'ווײַזט אויס, אַז ווען מען
קען מער נישט בלאָפן אין אַרגענטינע פאַרט מען אַזש קיין ישראל צו געפינען אַן
„אָפּזאַץ־מאַרק" פאַרן „פּראָגרעסיוון שקר".

אויף דער זעלבער פרעסע־קאָנפערענץ האָט די „דעלעגאַציעצ" דערקלערט די
גרונט־סיבה, וואָס האָט גורם געווען די שפּאַלטונג אין דער היגער ייִדישער קאָלעק־
טיוויטעט און די פּראָקלאַמירונג פון זייער אייגענער געלט־אַקציע: „אונדזער הילף
באַוועגונג, וואָס איז אַנטשטאַנען אַלס רעזולטאַט פון אַ נישט־גענוגנדיקן ווילן פון
די אָפיציעלע קאַמפּײַן־פירער אין אַרגענטינע מסכים צו זײַן, אָפּצוגעבן אַ דין וחשבון
פון דער געלט־אַקציע. מען האָט אָפּגעזאָגט צו געבן אַ געהעריקע פאַרטרעטונג אין
דער לײַטונג פון דער קאַמפּיין באַוועגונג, וואָס פאַרטרעט פערציק פּראָצענט פון
ייִדישן ישוב אין אַרגענטינע. דער ווילן פון די רעאַקציאָנערע קאַמפּיין־מאַכער איז

אָבער געווען, אויסצונוצן די אקציע, כדי צו פאַרטושן דעם ספּעציפיש־דעמאָקראַטי־שן כאַראַקטער פון אונדזערע אינסטיטוציעס... די דאָזיקע דערקלערונג האָט אַרויס־גערופן אַ הילכיקן געלעכטער אין אלע קרייזן פון ארגענטינער יידנטום. ווער עס רעדט וועגן אָפּגעבן אַ חשבון פון געזאַמלטע געלטער יעדער פון אונדז געדענקט נאָך זייער גוט דעם טומל, וואָס די פּראָגרעסיווע קאָמפּיינער האָבן אַרויסגערופן אויף דער היגער יידישער גאַס, מעלדנדיק „פּיי־ערלעך", אַז זיי און נאָר זיי וועלן צו יעדער מינוט, צו יעדער צייט אָפּגעבן אַ דין וחשבון פון דער זאַמלונג פאַר דער פאָלקס־אַקציע, פרעגט מען זיך איצט: ווער פון די „פּראָגרעסיווע" און אַנטי־פּראָגרעסיווע יידן פון אונדזער ישוב האָבן געזען זייערע באַלאַנסן פון דער אַק־ציע, אָדער געהערט באריכטן וועגן געזאַמלטן סכום? די יעווסעקציע האָט פאַר־זיכערט אַז אירע ביכער וועלן ליגן אָפֿענע פאַר יעדן איינעם כדי צו זען די הכנסות און הוצאות, דער „פּראָגרעסיווער עלעמענט" האָט, ביז היינט, קיינמאָל קיינעם ניט איינגעלאַדן צו זען די „פאַרשפּראָכענע ביכער".

די יידישע עפנטלעכקייט אין ישראל האָט זיך באַלד געגעבן חשבון אַז די דע־לעגאַציע פון דעם א"ג „פאָלקס־קאָמיטעט פאַר מעדינאַס איסראַעל" איז געקומען אין לאַנד נישט אין נאָמען פון ארגענטינער יידנטום, נאָר אין נאָמען פון אַ ניש־טיק גרופּקעלע פאַרפּירטע פאַרשוינען, וועלכע האָבן נעכטן געגלויבט אין דער „רעוואָלוציאָנערישקייט" פונעם בלוטיקן מופטי און היינט אַפּלאַדירן זיי דאָס באַ־גרענעצן די עליה פון די „פאָלקס־דעמאָקראַטישע" לענדער, די שיקאַנעס קעגן ציוניזם און ציוניסטן אַריינגערעכנט. דער ישראלדיקער ישוב האָט אין די פּערזאָ־נען פון דער דעלעגאַציע דערקענט דרייַ מרגלים, וואָס פאַרשפּרייטן שנאת ציון און שנאת ישראל. זייער ריכטיק האָט יעדער איינער פאַרשטאַנען דאָס ערנסטע וואָרט פונעם פאָרזיצער פון דער יידישער אגענץ אין ירושלים ח' בערל לאָקער, וועל־כער האָט געזאָגט: „לא מעוקצך ולא מדובשך", מיר ווילן נישט זייער געלט און נאָך ווייניקער — אַזעלכע דעלעגאַציעס.

דאָס ארגענטינער יידנטום האָט אַפּלאַדירט די האַנדלונג פון דער ישראל־רע־גירונג און פון דער העכסטער ציוניסטישער אינסטאַנץ קעגן דער „פּראָגרעסיווער דעלעגאַציע". איצט איז שוין אויך באַקאַנט געוואָרן דער גרויסער „סוד" פון די אוצ־רות, וואָס זיי האָבן געבראַכט קיין ישראל, כדי מיט זיי „צו בויען הונדערט הייזער" בסך הכל האָט די דעלעגאַציע געבראַכט 2.200 דאָלאַר און דערמיט האָט זיך עס געענדיקט.

# פון סטאַלין־היטלער־פּאַקט ביז צום נייעם בלבול אויפן ציוניזם

## א.

דאָס שווער־געפּרווטע ייִדישע פאָלק מיט אַלערליי פיזישע און מאָראַלישע יסורים פון דער נישט־ייִדישער וועלט, איז איצט אַ טרויעריקער עדות פון אַ נייעם אַנטיסעמיטישן אָנגריף מצד אַ סאָוועטישן דעלעגאַט אין דער קולטור־קאָמיסיע פון דער „אונאָ" קעגן דעם גלאַרײַכן אַוואַנגאַרד פון דער ייִדישער אומה, דעם ציוניזם, ווען דער רויטער „שוואַרץ־מאהדיקער פאָרשטייער פונעם לאַנד פון דעם „ליכטיקן מאָרגן", האָט אין איינקלאַנג מיט די אינסטרוקציעס פון מאָסקווער קרעמלין, פאָרגעשלאָגן צו פאַרדאַמען דעם ציוניזם צוזאַמען מיטן נאַציזם און נעאָ־נאַציזם.

די ייִדישע וועלט איז געבליבן דערשטוינט און דערשיטערט פון דעם נייעם בלבול מצד די סאָוועטישע הערשער קעגן דער ציוניסטישער באַוועגונג. דערשטוינט דערפאַר ווײַל דאָס קומט אין אַ צײַט, ווען די הײַנטיקע רוסישע מושלים האָבן זיך דערווײַטערט פון סטאַלינס באַרבאַרישע מעשים קעגן ייִדן. אין סטאַלינס טעג האָט מען געקאָנט אינסצעניזירן דעם בלבול אויף ייִדישע דאָקטוירים, אַז זיי זײַנען „מערדער אין ווײַסע פאַרטוכער", אָבער אַפילו דעם גרוזינישן טיראַן האָט מען דאָך געקאָנט איבערצײַגן אין דער פאַלשקייט פון דער רכילות אויף ייִדישע מעדיקער און דער בלבול איז ליקווידירט געוואָרן. איצט שטייען מיר פאַר דעם טראַגיש־טרויעריקן פאַקט, וואָס דאָס מאָל גייט דער פאַרברעכערישער בלבול אויפן חשבון פון אַ גרויסער ייִדישער באַפרײַונגס־באַוועגונג, וועלכע האָט אויסגעגלײַכט דעם ייִדישן רוקן, האָט געלערנט צו דערזען די ייִדישע זון פון פרײַהייט אַפילו הינטער די שווערע גוייִשע וואָלקנס פון דעם לאַנגן פינפולן גלות און שקלאַפערײַ. די דאָזיקע ציוניסטישע באַוועגונג האָט אָנגעצונדן מיליאָנען ייִדן מיטן פלאַם פונעם הייליקן פײַער צו גאולה און זי האָט געבראַכט די פרײַהייט פאַרן ייִדישן פאָלק דורך טרײַער חלוצישער אַרבעט, דורך באַלעבן מדבריות און זיי פאַרוואַנדלען אין אַ בליִענדיקן גן־עדן. אַזאַ פאָרשלאַג צו פאַרדאַמען ציוניזם מיט נאַציזם האָט נאָר געקאָנט געבוירן ווערן אין די פינצטערע מוחות פון אַזעלכע הערשער, וועמענס פאָרגייער האָבן זיך געהנדלט צום נאַציזם און ערב

דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן נאַצישע האָנקרייצערישע פּענער געפּלאַטערט אויפן פּלי־פעלד פון מאָסקווע און מאָלאָטאָוו און זײַנע חברים האָבן מיט דער ברכה פון רויטן דיקטאַטאָר, אויפגענומען היטלערס אויסערן־מיניסטער פאָן ריי־בענטראָפּ און דערנאָך איז געבוירן געוואָרן דער — פאַר דער מענטשהייט פאַטאַ־לער — סטאַלין־היטלער פּאַקט, וואָס האָט דערמעגלעכט דעם גרעסטן וועלט־רוצח צו פאַרפלייצן די מענטשהייט מיט מאָרד און גרויזאַמקייטן און אונדזער פאָלק מיט זעקס מיליאָן אומגעקומענע ברידער און שוועסטער.

מעגן די הײַנטיקע הערשער פון קרעמל זיך האָבן זייערע אייגענע פּאָליטי־שע חשבונות מיטן יידישן פאָלק און מיט דער אַראַבישער וועלט, דער פאַקט, אַז מאָסקווע איז אין פערמאַנענטן אָנגריף קעגן יידן און ציוניסטן, ברענגט אונדז צו דער מחשבה, אַז יידישע פירער האָבן זייער ווייניק געטאָן, כדי אויפצוטרייס־לען דעם געוויסן בײַ דער בעסערער און דעמאָקראַטישער מענטשהײַט קעגן די מעשים תעתועים פונעם דאָרטיקן קאָמוניסטישן רעזשים קעגן ציוניזם און מדינת ישראל.

ס׳איז געקומען די שעה פאַרן קול יעקב. די שטים פון צער און צאָרן פון גאַנצן יידישן פאָלק דאַרף אויף אַ מעכטיקן אופן דערהערט ווערן אין דער גאַנצער וועלט און זאָל מען נישט פּרווון מינימיזירן די ווירקונג. ווײַל מיר לעבן אין אַ צײַט, אויב מען קאָן נישט אָנווענדן די אַטאָמישע וואָפן, קאָן מען הײַנט צו טאָג אָנווענדן קעגן רשעות און בלבולים אַזעלכע ווערטער, אָנגעלאָדענע מיט אמתן. און אויב זיי ווערן געזאָגט מיט קראַפט פון איבערצײַגונג אין זייער גערעכטן אינ־האַלט, קאָנען זיי באַווירקן אַפילו סאַטראַפּן צו ענדערן זייער באַציִונג צו אַ דרײַ מיליאָניקן יידישן קיבוץ וואָס געפינט זיך אין ראַטנפאַרבאַנד.

דער אומגעלומפּערטער פאַרשלאַג פון דעם סאָוועטישן דעלעגאַט אין דער „אונאָ״ איז דער אַלאַרם־רוף צו זען די גרויסע געפאַרן, וואָס קומען אויפן יידישן פאָלק און אויף זײַן מדינה פון דער קאָמוניסטישער וועלט. דאָס דאַרף דינען פאַר אַ גערעכטן קעגנאָנגריף דורך אויפהויבן די יידישע מאַסן צו אַ ריזיקן פּראָ־טעסט קעגן די אַמאָליקע שותפים צו היטלערס נאַציזם און צו די הײַנטיקע מיט־ארבעטער מיט דער אַראַבישער ליגע. די פּראָטעסט־באַוועגונג וועט אויך העלפן עפענען די אויגן פון דער יעווסעקציע און פון אַ געוויסן טייל פון דער יידישער יוגנט, וועלכע שטייען מיט די פיס אינעם יידישן לעבן און מיטן קאָפּ צום דרויסנדיקן קאָמוניזם...

ב.

„זאָג מיר מיט וועמען דו גייסט, וועל איך דיר זאָגן, ווער דו ביסט״. דאָס איז דער פאַקטישער דערקען־צייכן פאַר אַ מענטש, מעג ער זײַן אַ פשוטער בשר־ודם, אַ זשורנאַליסט, אַ שרײַבער, אַ פילאָזאָף, אַ פּאָליטיקער, אַ פּאָעט, אַ דענקער

אַפילו אַ מלוכה-פּרעזידענט, יעדער זוכט זיך אויס זײַן חבר, זײַן געזעלשאַפט, כדי נישט צו זײַן אַליין. זיך צו געפינען אין זײַן אייגענער סביבה. יעדער איינער זוכט זיך אויס זײַן געזעלשאַפט, וואָס קאָן באַשטיין פון מענטשן אָן אַ צלם אלו־קים, אָדער פון מענטשן אין העכסטן זין פון וואָרט. מענטשן מיט אחריות, מיט אַ קולטור־ניוואָ, אָדער אַזעלכע חברים מיט רשעותדיקע מחשבות, מיט סאַדיסטישן האס צו יחידים און פעלקער. דער „זאָג מיר מיט וועמען דו גייסט" איז דער פאַקטישער באַווײַז־סימן פאַר אַ יחידאון פאַר אַ רעזשים, פאַר אינסטיטוציעס, ווי פאַר באַוועגונגען אויף צו דערקענען „ווער זיי זײַנען".

מיר, ייִדן, האָבן שטענדיק געזען אין אַלע עקסטרעמיסטישע רעזשימען אָדער טאָטאַליטאַרע אידייען די גרעסטע סכנה, נישט נאָר פאַר אונדזער פאָלק, נאָר פאַר דער גאַנצער מענטשהײַט. „פרעגט נישט דעם רופא, פרעגט דעם חולה", זאָגט אַ שפּרוך־וואָרט: ווער איז דען נאָך אַזוי געפּרווט געוואָרן פון אַלערליי ממשלות זדון, ווי דאָס ייִדישע פאָלק? ווער האָט נאָך אַזוי געליטן פון אַלע אומ־טאָלעראַנטע רעליגיעס און פון פּאָליטישע באַוועגונגען, ווי אונדזער אומה? מיר האָבן באַדאַרפט אַרײַנ האָמערן אין אונדזערע תפילות און פּיוטיש אַזעלכע געבעט־פּסוקים „וכל הרשעה כולה כעשן תכלה" און דעם „כי תעביר ממשלת זדון מן הארץ", ווײַל אַלע ייִדישע דורות פאַר אונדז און אונדזער הײַנטיקער דור אַרײַנ־גערעכנט, זײַנען געווען קרבנות פון אַזעלכע האס און רציחה סיסטעמען אין דער וועלט.

דאָס באָלשעוויסטישע רוסלאַנד האָט טאַקע פאַרניכטעט דעם צאַריסטישן רעזשים, מיט בלוט און פײַער איז צעשמעטערט געוואָרן דער הערשנדיקער קלאַס, אָבער אויפן אָרט פון דער פריערדיקע רשעות איז נאָכאַמאָל פאַרפעסטיקט גע־וואָרן אַ נייער סאַדיזם. צדק און יושר זײַנען געבליבן אין קאָמוניסטישע אַרכי־ון ווי שטומע לאָזונגען, רעכט און גלײַכהייט, אמת און חסד, געהערן צו דער ווײַטער פאַרגאַנגענהײַט און אויב אָן הײַנטצײַטיקער מענטש ווילל זיי באַגעג־נען, וויל זיך טרעפן מיט זייער אינהאַלט, מוז ער קומען צו די לערעס פון אונדזע־רע נביאים, צו זייערע טיפע מחשבות וועגן שלום און מענטשן־גליק און עס בענקט זיך צו יענעם דור, אין וועלכן עס האָבן געלעבט, געפּרעדיקט זייערע אידייען די נביאים, צו וועמענס ווערטער און שטראָפרייד עס האָבן זיך צוגעהערט מיליאָנען מענטשן.

לעניין, דער אַרכיטעקט פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, דער אומ־באַגרענעצטער דיקטאַטאָר פונעם און איבערן פּראָלעטאַריאַט, האָט בעת דעם שווערן הונגער אין גרויסע טיילן פון רוסלאַנד, ספּעציעל אין דער סאַראַטאָוו־געגנט, נישט געלאָזט שאַפן קיין הילפס־קאָמיטעטן, ווײַל „וואָס מער קרבנות פון הונגער, אַלץ שטאַרקער איז דער רצון צו אַ נײַער סאָציאַלער אָרדענונג", באַר אַזעלכע פירער, וואָס ווייסן נישט פון קיין חסד, פון קיין רחמנות צום הונגעריקן,

צום לײַדנדיקן מענטש, זײַנען נישט ביכולת צו בויען אַ נײַע סאָציאַלע אָרדע־נונג׳ דער זעלבער לענין האָט איינמאָל געזאָגט אַז „מיט אַ קעגנער דאַרף מען נישט דיסקוטירן, אַ קעגנער מוז מען דערקוועטשן״. זײַן יורש, סטאַלין, האָט דאָך טאַקע אַזוי געהאַנדלט מיט זײַנע קעגנער, נישט נאָר מיט די שונאים פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, נאָר מיט זײַנע פּערזענלעכע קעגנער. אַזוי האָבן דאָך געהאַנדלט בלוטדורשטיק, מערדעריש און סאַדיסטיש נישט נאָר די לענינס און סטאַלינס, נאָר אויך די ווישינסקיס, יאַגאָדאַס, דזשערזשינסקיס און טויזנטער און צענער טויזנטער גרויסע און קליינע זשדאַנאָווס, בעריאַס און אַנדערע רוצ־חים. נאָר מיר, נאַציאָנאַלע יידן, באַוווּסטזיניקע ציוניסטן, האָבן געפילט, אַז אין די דאָזיקע שענדלעכע מעשים איז נישטאָ קיין אונטערשייד צווישן סטאַליניזם און היטלעריזם. בײַביידע רעזשימען איז דער מענטש, שוין אָפּגערעדט פון מענטש־ייִד, איבערגעענטפערט געוואָרן צום הפקר, און יידן — צו פיזישער און גײַסטיקער פאַרניכטונג. ווער בײַ וועמען האָט זיך געלערנט יידן־האַס און אַלער־ליי פאָרמען פון פיזישער און גײַסטיקער אויסראָטונג, באַגלייט פון בלבולים? די ענלעכקייט פוןביידע רעזשימען, די סאַדיסטישע חוצפּה פון ביידע דיק־טאַטורן, האָט זיי טאַקע, אין אַ געוויסן טאָג, פאַראייניקט דורך אַ סטאַלין־היטלער פּאַקט און דער עקלהאַפטער האקנקרייץ האָט געפלאַטערט איבער מאָסקווע בעת דעם באַזוך פון נאַצישע גדולים. דאָס האָט דאָך דערפירט צו דער וועלט־שריפה, אין וועלכער עס זיינען פאַרשרפ׳ט געוואָרן לענדער און אין זײַנע פלאַמען זײַנען אומגעקומען מיליאָנען יידן.

פון דעם סטאַלין־היטלער אָפּמאַך ביז צום נײַעם בלבול פונעם סאָוועטישן דעלעגאַט אין דער „אונאָ״ ציט זיך אַ לאַנגער אַנטי־יידישער און אַנטי־ישראלדיקער פּראָנט פון אַראַביש־נאַצישע, אַנטיסעמיטיש־סאָוועטישע דראָאונגען, באַגלייט פון פיזישע און גײַסטיקע אויסראָטונגען. שוין פון לאַנגע יאָרן גייט אָן אין ראַטנלאַנד אַ ביטערער קאַמף קעגן יידן און דאָס ווערט געטאָן דורך פּראָצעסן און צעשיסונגען, פון „עקאָנאָמי׳שע שעדיקונגען״. פון אַ גײַסטיקער הריגה איז דאָך שוין אָפּגערעדט׳ דאָס בלוט פון אויסגעמאָרדעטע יידישע שרײַבערס און גײַסט־מענטשן פון רוסלאַנד שרײַט דאָך פון דער ערד און פאַרלאַנגט גערעכ־טיקייט.

ג.

ציוניזם איז נישט נאָר אַ באַוועגונג אינעם יידישן פאָלק און די יידישע מדינה איז נישט נאָך אַן אומאָפּהענגיק לאַנד אויף דער וועלט־מאַפּע. דער ציו־ניסטישער געדאַנק האָט באַפרוכפּערט דעם רצון פון פרײַהייט און אויב די לע־גענדע וועגן קומען פון משיחן האָט באַדאַרפט ווערן אַ ווירקלעכקייט, האָט דער ציוניזם געהאָט כוח צו פאַרוואַנדלען משיחישע פאַנטאַזיע אין אַ לעבעדיקן רעאַ־

ליזם, ווי דאָס איז מדינת ישראל, ווו עס איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר שנאה, פאַר אומרעכט קעגן קיינעם.

מדינת ישראל, אין אירע קנאַפּע 20 יאָר קיום, ווערט וואָס אַ טאָג מער דער אור חדש פאַר אַ מענטשהייט, וואָס בלאָנדזשעט אין דער פינצטער. נאָר דורך דער עקזיסטענץ פון דער ייִדישער מדינה קאָן די מענטשהייט דערזען דעם ריכ־טיקן וועג, וואָס פירט פון אַרבעט צו שלום, פון פרייהייט צו ברידערשאַפט, פון קנעכטשאַפט צו אויסלייזונג.

וואָס וויל פון אונדז דער וועלט־קאָמוניזם? ווי לאַנג איז דען פון דעם, ווען סאָוועט־רוסלאַנד האָט אָנערקענט די ייִדישע מדינה און האָט אירע דיפּלאָמאַטישע פאַרטרעטער ביז צום היינטיקן טאָג. ווייסן דען נישט די מושלים פון מאָסקווע, אַז זיי האָבן דערמיט אָנערקענט דאָס קרוין־ווערק פון ציוניזם?

מיר זאָגן באַצייטנס, אַז דער סאָוועטישער רעזשים וועט באַניצן מיט מער כוח זיין אָנגריף קעגן די רוסישע ייִדן אונטערן דעק־מאַנטל פון מכלומרשטע „ציוניסטישע אַקטיוויטעטן". זעט אויס, אַז די סדרה „עקאָנאָמישע פאַרברעכנס" מצד ייִדן קאָנען שוין מער נישט ווירקן אויף טעמפּע מוחות און אויף קופּערנע שטערנס. דאַרף מען אָנקומען צו נייע בלבולים, כדי דורך זיי צו באַפעסטיקן אומ־ווירדיקע אַנטי־ייִדישע מעשים.

מיר שטייען ווידער אַמאָל פּנים אל־פּנים מיט אַ שרעקלעכן שונא. פּעקין שאַרפט די ציינער קעגן ישראל, מאָסקווע סטימולירט די אַראַבער צום אָנגריף, פון אַנדערע אַנטי־ייִדישע לאַגערן רייסן זיך דורך, אַפילו דורך די קלענסטע שפּאַ־רונעס, אַ שטראַל ליכט צום ייִדישן פאָלק, אַמאָל איז דאָס אַפילו פון דער אַראַבי־שער מחנה, ווי דאָס איז דער פאַל מיט כאַביב בורגיבא, פון דער קאַטוילישער וועלט וויל מען אויך ענדערן די באַציונגען צו ייִדן, נאָר דער וועלט־קאָמוניזם איז שנאה־דיק פאַרעקשנט קעגן ציוניזם און במילא קעגן דעם עצם־עקזיסטענץ פון ייִדישן פאָלק.

דער ייִדישער אָפּטימיזם דערלאָזט אָבער נישט צו דעם, אַז מיר זאָלן גלויבן, אַז דער ציוניזם און די ייִדישע אומה, צוזאַמען מיט זייער ווערק, מדינת ישראל, לעבן אין אַ וועלט פון לית דין ולית דיין.

די ווירקלעכקייט איז אָבער אַ האַרבע, אַן ערנסטע, אַ דערשיטערנדיקע, וואָס זאָגט אָן אַ שאַרפן גערענגל קעגן אונדז. מיר רופן די ייִדישע מאַסן אין דער וועלט און דעם אַרגענטינער ייִדנטום צו וואַכזאַמקייט, צום פּראָטעסט און צום קאַמף פאַר די ציוניסטישע פּאָסטולאַטן.

# ס'האָט געפּלאַצט נאָך אַן אילוזיע...

## (מחשבות וועגן קאָמוניסטישן אַנטיסעמיטיזם)

ייִדן זיינען בטבע אָפּטימיסטן, אין דער שרעקלעכסטער פינצטערניש האָפט אַ ייִד צו זען אַ שטראַל ליכט, אין דער ערגסטער צרה אַ ווירקזאַמע טרייסט, אין דער גרעסטער אַנטוישונג — אַן איבערבלייבנדיקע אילוזיע און אין דער טראַגישסטער טרויער־ווירקלעכקייט, אַ צוזאָגנדיקע האָפענונג. מיר זאָגן דאָס צוליב דעם, וואָס צענדליקער יאָרן איז שוין גוט באַקאַנט דעם ייִדישן פאָלק דער פאַקט פונעם קאָמוניסטישן אַנטיסעמיטיזם, אַמערשט האָט דער קאָמוניזם גענומען באַקעמפן דעם ייִדישן פריי־הייטס־אַוואַנגאַרד, דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג. אָבער מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס וועט זיך ענדיקן מיט אַן אומגעצוימטן ייִדנהאַס קעגן גאַנצן ייִדישן פאָלק. נישט קוקנדיק אויף פאַרשיידענע וואָרענונגען און אויפקלערונגען, האָבן גרויסע מחנות ייִדן, אַריינגערעכנט אַ היפּשן טייל פון דער ייִדישער יוגנט, זיך געזאַמלט אונטער די פענער פון דער דערמאָנטער אַנטי־ציוניסטישער און שפּעטער אַנטי־ייִדישער און אַנטי־ישראלדיקער באַוועגונג און זאָגן „אמן” אויף אַלע פאַרברעכערישע מעשים קעגן ייִדישן פאָלק. אַפילו דעמאָלט, ווען ס'איז שוין באַקאַנט געוואָרן איבער דער ברייט און לענג פון תפוצות ישראל דער גרויזאַמער מאַסנמאָרד איבער דער ייִדישער אינטעליגענץ, איבער ייִדישע שרייבער, דענקער, זשורנאַליסטן, דיכטער און פּאָעטן, אויסגעפירט אויפן באַפעל פון דעם רויטן דזשינגיס כאַן, סטאַלין, האָט די יעווסעקציע געשאָטן זאַמד אין די אויגן פון די ייִדן און יעדן געשטעמפּלט אַלס שונא פון ראַטנלאַנד, פון פּראָגרעס און פון דעם קאַמף פאַרן „ליכטיקן מאָרגן”. דער טויט איז אָבער שטאַרקער פון דער יעווסעקציע און די סטאַליניסטישע מערדערייען האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין מעכטיקער פון אַלע יעווסעקישע האָפענונגען און שטרעבונגען צו אַ „בעסערער מענטשהייט”, דאָס אומשולדיקע ייִדישע בלוט, נישט נאָר פון די ייִדישע קאָמוניסטן אין רוסלאַנד, נאָר אויך דאָס בלוט פון אומגעקומענע טרייע ציוניסטן און קעמפער פאַר דער העברעישער קולטור און שפּראַך, שרייט אַרויס פון דער ערד, סיי פון די סיבירער טייגעס, סיי פון די טורמע־ווענט ביי וועלכער צענדליקער און צענדליקער דענקענדיקע און שאַפנדיקע ייִדן זיינען דערשאָסן געוואָרן.

האָט אָנגענומען פאַרשיידענע פאָרמען: איינמאָל באַווײַזט זיך די שוואַרץ־רויטע
דער קרײַצצוג מצד דעם קאָמוניזם אין ראַטנפאַרבאַנד קעגן יידישן פאָלק
שנאה אין דער באַוואָפענונג פון די אַראַבישע מדינות, וואָס דערקלערן עפנטלעך
זייער בלוטיקן שטרעבן צו פאַרניכטן מדינת ישראל און אירע יידישע אײַנוווינער.
אַ צווייט מאָל, אין דער בולטער פאָרם פון אומקאָנדיציאָנעלער סאָלידאַריטעט
מיט אַלע שונאי ציון אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטישער אַרענע. אַלץ צו־
זאַמען שטעלט מיט זיך פאָר, אַ סאָוועטישער אטעסטאַט צו די אַראַבישע אָנגרײַ־
פער.

נישט ווייניקער אָנגרײַפעריש און אַוודאי נישט ווינציקער אַנטי־ציוניסטיש
איז דער כינעזישער קאָמוניזם. מאַאָ־טסע טונג, האָט געלערנט די אַראַבישע מוש־
לים דעם מעטאָד פון אומברענגען די יידישע מדינה, „די אַראַבישע וועלט דאַרף
וואַרפן אין קאַמף קעגן ישראל עטלעכע מיליאָן אַראַבער, מעגן זיי אַפילו אומ־
קומען, אָבער דערפאַר וועט פאַרניכטעט ווערן דער ציוניסטישער אימפּעריאַליזם״.
ווען און אויף וועלכע היסטאָרישע וועגן האָבן זיך יידן באַגעגנט מיט כינעזער?
ווו און אין וועלכע צײַטן האָבן זיך ביידע פעלקער צוזאַמענגעשטויסן? פאַרוואָס
טאַקע מאַניפעסטירט זיך צום יידישן פאָלק אזא שנאה מצד דעם רויט־כינעזישן,
אָדער שוואַרץ־נאַציאָנאַליסטישן כינע?

ווען פידעל קאַסטראָ האָט מנצח געווען דעם דיקטאַטאָר באַטיסטאַ, אײַנפּי־
רנדיק די קאָמוניסטישע הערשאַפט אין קובא, האָבן יידישע קאָמוניסטן געפינען
אַ שטיקל טרייסט אין דער פּאָזיטיווער באַציִונג פון דעם נײַעם מושל צום ציוניזם,
ווי צו דער יידישער מדינה. אויפן אויער האָבן יעווסעקן דערציילט, אַז „בן גוריון
אליין שטייט אין אַ בריוו־קשר מיט קאַסטראָן״, ישראל שיקט טעכניקער קיין
קובאַ, ציוניזם און העברעיש זײַנען דערלויבט, די שולע, ווו עס לערנען יידישע
קינדער, ווערט אויסגעהאַלטן פון דער רעגירונג״, און פון די אַלע „רייד״ און קאָ־
מוניסטישער פּראָ־ציוניזם און פאַר ישראל־שילדערונגען, האָבן די יידן געפונען אַ
טרייסט, נישט אומזיסט האָבן היגע פירנדע ציוניסטן פון אַ באַשטימטער ריכ־
טונג זיך מחיה נפשות געווען מיט קאַסטראָן און מיט זײַן רעזשים, דערקלערנדיק
בקול רם, אַז „די קובאַנער רעוואָלוציע איז אַ גרויסע היסטאָרישע געשעעניש אין
לאַטיין־אַמעריקע״, די יידישע יוגנט, אַ גרויסער טייל פון דער זעלבער, האָט אָנ־
גענומען די „לערעס״ פון קאַסטראָן, און זעען אין אים דעם „באַפרײַער״ פון די
לאַטיין אַמעריקאַנער פעלקער.

אין דער לעצטער צײַט האָבן געפּלאַצט אַ סך לעגענדעס און אויף דער דרײַ־
קאָנטינענטן קאָנפערענץ פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען, וואָס איז אָפּגעהאַלטן גע־
וואָרן אין קאַסטראָס האַוואַנאַ, האָט געפּלאַצט די לעצטע אילוזיע וועגן דער גוט־
פרײַנטשאַפט פונעם קובאַנער קאָמוניזם צו דער יידישער מדינה און צום ציוניזם.

הײַנט צו טאָג איז דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמוניזם אַ גרויסער אַנטי־יידי־

שער כּוח פאַר וועלכן מען מעג מורא האָבן, אָבער יידן דאַרפן פאַרמאָגן אין זיך קוראַזש אים צו באַקעמפן, מען דאַרף אויך עפענען די מוחות פון דער אייגענער יידישער יוגנט, וואָס איז נאָך אַלץ געפאַנגען פון פאַלשע אידייען, אַז דער קאָמו־ניזם איז נישט קיין רעטונג פאַרן יידישן פאָלק, נאָר ער זוכט דעם יידישן אומקום.

די אַנטי-ציוניסטישע און אַנטי־ישראלדיקע רעזאָלוציעס פון קאָמוניסטישן האַוואַנאַ מוזן וועקן אַלע באַוווסטזיניקע יידן צו וואַכזאַמקייט פאַר די ציוניסטי־שע אויפגאַבן.

# ייִדיש בלוט שפּריצט אַרויס פון דער ערד

## (צום 24סטן יאָרטאָג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד)

מיט וואָס פאַר אַ מאָס קאָן געמאָסטן ווערן די העלדישקייט פון די ייִדישע קעמפער אין וואַרשעווער געטאָ? ווער איז ביכולת אָפּצושאַצן די גבורה מעשים פון אַ קליין הייפל גבורים קעגן דער באַוואָפנטער מיליטערישער מאַכט, ווי דאָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט נאַצי־דײַטשלאַנד?

אין דער ייִדישער געשיכטע איז אויף אייביק געבליבן פאַרפּיקסירט לדורות דער מכבעער אויפשטאַנד, דער חשמונאים־קאַמף קעגן אונטערדריקונג, אָבער וואָס פאַר אַ פאַרגלײַך קאָן דאָס זײַן מיט די העלדן פון וואַרשעווער געטאָ. דעמאָלט האָבן די מכבי׳ער אויפגעהויבן די מרידה קעגן אָקופּאַנט, ווען דער ווײַט־גרעסטער רוב פונעם ייִדישן פאָלק האָט באַוואוינט ארץ ישראל. אין געטאָ־וואַרשע האָבן די נײַע בר כוכבאס אָנגעהויבן די מלחמה קעגן פאַרהאַסטן שונא, ווען דאָס דרײַ און אַ האַלבן מיליאָניק פּויליש ייִדנטום איז שוין געווען אויסגעהרגעט מיט אַלערליי מיתות משונות. דאָס איז דאָך געווען דער לעצטער שטרייט מיט די פינצטערסטע כוחות פון דער מענטשהייט, דער דאָזיקער קאַמף איז געווען פאַר דער ווירדע פון דער ייִדישער אומה, פאַר דעם כבוד פון ייִד און מענטש, דאָס איז דאָך געווען דער העראָישער אַקט פון אַקטיוון קידוש השם ועם מצד ייִדישע קעמפער קעגן נאַציזם, אין וועלכע אַ רשעותדיקע וועלט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין אַלע אירע מיטלאַלטערלעכסטע שוואַרצע קאָלירן.

דער וואַרשעווער רב אייזיק זעמבא האָט גערופן צום ווידערשטאַנד יעדן ייִד, ווײַל אויב ער לאָזט זיך פירן דורך די נאַציס צו דער שחיטה איז ער אַ מאבר עצמו לדעת.·. די ווונדערפולע געשטאַלט פון דער חלוצה שושנה אין וואַרשעווער געטאָ, וואָס זינגט פאַר פאַרצווייפלטע ייִדן דאָס העברעיִשע ליד: „אם יש לך באב, רמסהו ברגלים״, „אויב דו האָסט אַ ווייטיק, צעטרעט אים מיט די פיס״, אַלע ציוניסטישע און נישט־ציוניסטישע יוגנט באַוועגונגען האָבן געטרוימט פון אַ שיינעם ייִדיש־מענטשלעכן מאָרגן, זיי זײַנען באַוווסטזיניק געגאַנגען אין דער שלאַכט, כדי מקריב צו זײַן זייער בלוט אויפן מזבח פון ייִדישן קאַמף.

ס׳איז באַקאַנט, אַז נאָכן אַרײַנמאַרש פון די נאַציס אין פּוילן, האָט די דאָזיקע מלוכה אויסגעהאַלטן נישט מער ווי 21 טעג קאַמף מיטן שונא, אויפן 22סטן טאָג

איז שוין נישט געווען קיין סימן פון פוילנס נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט, דאָס גרויסע און שטאַרקע פראַנקרייך האָט געקעמפּט, האָבנדיק די מאַזשינאָ־ליניע, נאָר 29 טעג, אויפן 28סטן טאָג האָט שוין נישט מער אין ערגעץ געפלאַטערט די פראַנצויזישע פאָן, אָבער אין וואַרשעווער געטאָ האָט די בלוי־ווייסע קאַמפּס־פאָן פון די גבורי ישראל, הויך געפלאַטערט אויף אַ חורבה פון אַמאָליקן יידישן וואַרשע. די לעבעדיקע דאַרפן געדענקען, אין דער גבורה פון יידישע העלדן און דערמאָנען דער וועלט, דער הײַנטיקער מענטשהייט, אַז אַוישוויץ און טרעבלינקע טאָרן ניט אויסגעמעקט ווערן פון איר זכרון, פאַרקערט, אַלע פעלקער וואָלטן באַדאַרפט פּראָקלאַמירן די אַלע מאָרד־לאַגערן און טויט־פאַבריקן פון היטלער־דײַטשלאַנד און אירע מיטאַרבעטער אַלס די הייליקסטע פלעצער אויף וועלכע עס דאַרף אָנגעצונדן ווערן אַ גרויסער נר תמיד צום אָנדענק פון די דערמאָרדעטע. כדי מיליאָנען מענטשן זאָלן קומען יעדן טאָג אָפּגעבן כבוד די קדושים. די דאָזיקע פלעצער דאַרפן זײַן הייליקער ווי דער וואַטיקאַן, געהייליקטער מער פון אַלע רעליגיעס, ווײַל אין די הייליקע מקומות זײַנען אומגעקומען אַזוי פיל אומשולדיקע יידישע קינדערלעך, דרײַ דורות יידן, זיידעס, פאָטערס און אייניקלעך, זײַנען געבראַכט געוואָרן צו דער עקידה. אויף די דאָזיקע פלעצער רוט דער גײַסט פון קדושים וטהורים, דערצו ווער עס האָט נאָר אַ גוטן אויער, הערט דאָס געשריי פון דעם אומשולדיק פאַרגאָסענעם יידישן בלוט, וואָס הערט נישט אויף צו פאַרלאַנגען דעם „זכור אשר עשה לנו ולכם עמלק... אָבער מיר הערן אויך דאָס מונטער ליד: „זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג".

דאָס יידישע פאָלק וועט אייביק געדענקען די גיבורי הגיטו פון וואַרשע, ווי פון אַנדערע געטאָס און דער אייביקער דענקמאָל נאָך די אומגעקומענע אין אַקטיווער מלחמה מיטן נאַציזם ווערט אויפגעשטעלט אין דער געשטאַלט פון אַ מעכטיקער יידישער מדינה, ווי אַן אָנזאָג, אַז מער וועט קיין שום שונא אין דער וועלט נישט אויפשטיין קעגן יידישן פאָלק און זײַן דעראָבערטע אויף אַלע אייביקייטן עקזיסטירנדיקע פרײַהייט.

# מיטן כוח פון ווידערשטאַנד קעגן נאַצי־קאָמוניזם

**(צום 25סטן יאָרטאָג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד)**

„יקומו גבורים, נס ציון יופיע״ (ס'וועלן אויפשטיין
גבורים און דער ציון־נס וועט דערשיינען).

שאול טשערניכאָווסקי

מיר ייִדן האָבן געהאָט דעם תמימותדיקן גלויבן, אַז נאָכן צעשמעטערן פיזיש דעם רוצחישן נאַציזם, וועט זיך אָנהייבן אַ נײַע תקופה פון שלום, גלײַכהייט און גערעכטיקייט אין דער וועלט. ווי נאַיִווע מאמינים האָבן מיר אין זיך גע־טראָגן אַ ערנסטע איבערצײַגונג, אַז אין ייִדישן פאָלקס זכרון וועט נאָר פאַר־בלײַבן דער אַלט־נײַער „זכור אשר עשה לך עמלק״, געדענק, וואָס עמלק האָט צו דיר געטאָן, און אויף אונדז וועט נאָר ליגן דער חוב צו דערמאָנען זיך און דער גאַנצער מענטשהייט אין די גרויזאַמע מעשים פונעם היטלעריזם, כדי נישט צו געבן דעם דײַטשן פאָלק צוטרוי צו זײַן אַ טייל פון אַ נײַער וועלט, וואָס וועט נישט אויפהערן פאַרדאַמען דעם סאַדיזם פון דער איבערוועגנדיקער מער־הייט דײַטשן צום ייִדישן פאָלק, ווי זייער אַכזריות צו אַנדערע פעלקער.

מיר ייִדן זײַנען געווען זיכער, אַז מיטן צוזאַמענברוך פונעם געפּאַנצערטן היטלער־אַטילאַ, וועט די זיגערישע דעמאָקראַטיע באַלוינען דעם שארית ישראל מיט אַן אייגענעם פעסטן ווילן אויסצוראָטן ביז צום שורש דעם ווילדן אַנטי־סעמיטיזם, וועלכער וועט דערקלערט ווערן ווי אַ שרעקלעכער פאַרברעכן. מיר האָבן ווידער אַמאָל נאַיִוו דערוואַרט פון די קאָמוניסטישע לענדער, וועלכע האָבן נישט ווייניקער געליטן פונעם זעלבן שונא ווי מיר, אַז זיי וועלן זײַן די ערשטע צו געבן אַ ווירדיקן בײַשפּיל אויף דעם דאָזיקן געביט. די האַרבע און גרויע קאָמוניסטישע ווירקלעכקייט האָט אָבער באַוויזן דאָס פאַרקערטע: דער צעוויל־דעוועטער כוליגאַן, סטאַלין, האָט דווקא נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, צעבושעוועט אין דער ווײַטער מדינה אַזאַ שנאת־ישראל, וואָס האָט באַדראָט דעם עצם קיום פון רוסישן ייִדנטום, אָבער די סטאַליניסטישע מאָרד־מאַשין האָט געאַרבעט אויף דער גאַנצער ייִדישער פראָנט־ליניע און די „פּראַגער פּראָצעסן״

און אַנדערע סאַדיסטישע דערשײַנונגען אין די קאָמוניסטישע דזשאָנגל־לענדער, האָבן באַוויזן פאַרשטעלטערהייט, דאָס אַנטיסעמיטישע פּרצוף פון צעיושעטע יידעמאָקעס.

הײַנט צו טאָג איז שוין קלאָר פאַר יעדן בר דעת, אַז די סאָוועטישע מיט־אַרבעט מיט דער רעאַקציאָנערער אַראַבישער וועלט, קעגן דער ייִדישער מדינה און קעגן ייִדישן פאָלק, דער ענדעקיש־קאָמוניסטישער כוליגאַניזם פון הײַנטיקן גאָמולקאַ־רעזשים אין פּוילן, ווו עס געפינט זיך דער גרויסער מאַסן־קבר פון העכער פיר מיליאָן ברידער און שוועסטער פון דער שוידערלעכער צאָל פון זעקס מיליאָן אומגעקומענע ייִדן. דאָס קרום־פּנימדיקע רשעות פון דער קאָמוניסטישער כינע, דאָס אַלץ צוזאַמען אין איין גרויסער באַשטעטיקונג אויף דעם טרויעריקן פאַקט, אַז דער קאָמוניסטישער ייִדנהאַס, אונטערן דעק־מאַנטל פון קאַמף קעגן ציוניזם און ציוניסטן, איז אַ שוואַרצע פאַרזעצונג פונעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם און דאַרף באַקומען דעם שאַנד־טיטל: נאַצי־קאָמוניזם.

באמת וווּנדערט אונדז, וואָס די אָרגאַניזירער פון דעם גרויסן פאָלקס מיטינג אין „לונאַ פּאַרק" אויף צו דערמאָנען דעם העראָאישן אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ, האָבן געוואָרפן נאָר די לאָזונג: געווגוג, מער נישט קיין נאַציזם נו, און דער רשעותדיקער, מיט אַנטיסעמיטיזם דורכגעפרעסענער קאָמוניזם, דאַרף נישט דערמאָנט ווערן? אונדזערע אַקטן. סײַ אין דער הויפּטשטאָט והן אין אין אינערן פון לאַנד, ביים געדענקען און מאַכן געדענקען דעם גבורה־אַקט פון די ייִדישע אויפשטענדלער פונעם וואַרשעווער געטאָ, מוזן הײַנט שטיין אונטערן צייכן פון ערנסטן קאַמף קעגן קאָמו־נאַציזם. אויב סאָוועט־רוסלאַנד פון די הײַנטיקע פעדערענקאָס און קאָסיגינס האָבן אָנגעזאָגט דעם ייִדישן פאָלק אַן אומרחמנותדיקן געראַנגל, אויב דער גאָמולקאַ־כוליגאַניזם איז אַרויף אויף די וועגן פון מלחמה קעגן דעם לעצטן רעשטל פון פּוילישן ייִדנטום, דאַרפן מיר צוריקענטפערן מיט אַ ווירדיקן קאַמף און מיט אַזאַ ייִדישער פּראָטעסט־כוואַליע, וואָס זאָל אויפשטורעמען די וועלט און די בעסערע טיילן פון דער מענטשהייט.

יאָ, מיר ייִדן האָבן זיך אײַנגערעדט, אַז אויף די חורבות פון אַן אַלטער צעפוילטער געזעלשאַפטס אָרדענונג וועט, נאָכן מבול פון בלוט און טרערן, אויפשטיין אַ נײַע וועלט פון גליק און פרידן, אַזאַ וועלט, וואָס וועט זײַן פרײַ פון אַלע פריערדיקע פּאָליטישע און סאָציאַלע איבלען, וועלכע האָבן געפירט, צוויי מאָל אין הײַנטיקן יאָרהונדערט, די גאַנצע מענטשהייט צו וועלט־מלחמות און אונדזער פאָלק צו דער גרעסטער פאַרניכטונג.

הײַנט שטייען מיר אַנטוישטע, אָפּגענאַרטע, צעווייטיקטע און ביילן די פּויסטן פון צער און געוויינען קעגן די הײַנטיקע וועלט־קאָנסטרוקטאָרן, וועלכע שענדן דעם הייליקן אָנדענק פון אונדזערע קדושים און פּײַניקן נאָך הײַנט דורך אַ גײַסטיקן גענאָסיד מיליאָנען ייִדן אין גרויסע טיילן פון דער הײַנטיקער וועלט.

מיר, וואָס זײַנען בדרך נס אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון די טרעבלינקעס און פון די מײַדאַנעקס, זעען הײַנט מיט אָפענע אויגן, ווי דער גײַסטיקער היטלעריזם איז נישט פאַרניכטעט געוואָרן הינטער די חורבות פון אַ באָמבאַרדירטער דײַטש־לאַנד, מיר פילן אַז דער פאַשיסטישער געדאַנק איז נישט אומגעקומען צוזאַמען מיט מוסאָליניס טויט, דער אַנטיסעמיטישער גיפט בײַ די מיליאָנען סלאַווישע קיטשקעס און אויף רויט־געפאַרבטע כמעלניצקיס און פעטלורעס מאַניפעסטירט זיך עפנטלעך און אָן בושה אויף אַלע וועגן און שטעגן פון דער קאָמוניסטישער וועלט, מיטן אויסנאַם פון רומעניע און אפשר אויך בקרוב אין טשעכאָסלאָוואַקיע.

ביז צו דער זעקס־טאָגיקער מלחמה פון צה״ל קעגן די אַראַבישע אַגרעסאָרן און איצט — חדשים — נאָך דעם, האָבן זיך פינצטערע וואָלקנס געזאַמלט אויף די יידישע הימלען, יעדער וואָלקן האָט געהאַט זײַן אייגענעם נאָמען: נאַצישע ווי־סנשאַפטלער אַרבעטן פאַר דער עגיפּטישער קריגס מאַשין, סאָוועטן פאַרבאַנד באַוואָפנט די אַראַבישע לענדער און סטימולירט זיי צו אַנגריף קעגן דער פריד־לעכער און אַרבעטזאַמער מדינת ישראל, הײַנט באַרימט זיך סאָוועטן רוסלאַנד, אַז זיי האָבן שוין געגעבן די אַראַבער נאָך מער געווער, ווי זיי האָבן געהאַט ערב דער יוני־מלחמה פון פאַרגאַנגענעם יאָר.

אין אָנבליק פון אַזאַ מצב וואָס דאַרפן מיר טאָן? שטאַרקן די ציוניסטישע רייען מיט באַוווּסטזיניקע קעמפער, פאַרזעצן מיט אַלע כוחות דעם ישראל־אויפבוי מיט נײַע עולים, מיט גרויסע קאַפּיטאַלן, מיט נײַע פאַבריקן און קיבוצים, מיט מער וואָפן, דערציִען אונדזער יוגנט צו חלוציות און צו די מאָרגנדיקע גרעסערע ראַנגלענישן און געפעכטן פאַרן קיום פון לאַנד און פאָלק, דערצו דאַרף געשמידט ווערן אין אַלע יידישע ישובים אין דער וועלט דער באַוווּסטזײַן, אַז יידיש לעבן וועט מער נישט זײַן הפקר, נישט אין אונדזערע אויגן, אוודאי נישט אין די אויגן פון דעם נאַצי־קאָמוניסטישן כוליגאַניזם, יעדער יידישער מאַן און פרוי, יעדער יידישער יוגנטלעכער וועט דאַרפן ענטפערן מיט אַ קלאַפּ אויף אַ קלאַפּ. די יידי־שע יוגנט וועט מוזן איבערשמידן דעם קול יעקב אין ידי יעקב, הגם אונדזער פּראָטעסט־שטימע, דער קול יעקב, וועט מוזן גיין פאָראויס און אויב דאָס וועט נישט העלפן, וועלן די ידי־ישראל זײַן דער ווירקזאַמסטער מיטל...

דאָס כסדרדיקע זיך גרויסן פון יידן מיט נביאים און מיט די עשׂרת הדברות, מיט די נאָבל־פּרײַז טרעגער און גרויסע גײַסט־מענטשן, איז שוין הײַנט צו טאָג אַ ביליקע סחורה, אַ לעכערלעכע אַרבעט. ווײַל מיר לעבן אין אַ וועלט, אין וועל־כער דער פיזישער כוח דאָמינירט און מאַכט אַ רושם, מיר געפינען זיך אַ אַרומ־גערינגלט מיט בייזע ווילדע דזשאָנגל־חיות, וועלכע ווילן זיך ווידער אײַנבייסן אין אונדזערע גופים, אין אַזאַ צײַט איז דער העכסטער געבאָט: כסדרדיקער יידישער ווידערשטאַנד, באַגלייט פון דעם מעכטיקן געשריי: געדענק, וואָס אַלערליי ברויך־

שוואַרצע און רויטע עמלקים האָבן דיר געטאָן און זענען גרייט צו טאָן דעם ייִדישן פאָלק און ייִדישער מדינה.

ווען מיר דערמאָנען היינט דעם 25סטן יאָרטאָג פונעם גבורהדיקן ייִדישן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, לאָמיר אויך דערמאָנען, אַז דער קאַמף צווישן עשיו און יעקב, צווישן גײַסט און ברוטאַלן כוח, צווישן ספר און שווערד, צווישן צלמדיקן האַקנקרייץ און ייִדישן מגן־דוד, האַלט שוין אָן במשך פון אַ סך יאָרהונ־דערטער.

איצט איז אָבער געקומען די צײַט פון געבן צו וויסן אַלערליי פּאָגראָמשטשי־קעס, דווקא היינט, ווי אין אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר, ווען מיר באַווײנען דעם טויט פון 6 מיליאָן ייִדן, אַז מער וועלן מיר זיך נישט לאָזן שעכטן פון קיינעם, נישט אין די תפוצות ישראל און אוודאי נישט אין דער ייִדישער מדינה.

תל־חי און דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. ארץ־ישראלדיקע „הגנה״ פון פריער און די היינטיקע רומרײַכע צה״ל פון דער ייִדישער מדינה, דער ווײַטער־דיקער חלוצישער געראַנגל מיטן מדבר און די קאָנסאָלידאַציע פון ישראל, — וועלן אונדז געבן כוח און דרייסטקייט צו שיצן דאָס ייִדישע לאַנד און דאָס לעבן פון ייִדישן פאָלק אין דער צוקונפט.

דאָס אַרגענטינער ייִדנטום, וואָס איז זיך היינט מתייחד מיטן אומקום פון 6 מיליאָן ברידער און שוועסטער און באַערט די גבורים פון וואַרשעווער ייִדישן געטאָ־אויפשטאַנד, דאַרף היינט אײַנקריצן שאַרפער אין יחידישן, ווי אין קאָלעקטיוון מוח דעם: געדענק וואָס אַלע עמלקים האָבן געטאָן צום ייִדישן פאָלק און פאַרגעס נישט אויף אייביק דעם שענדלעכן קאָמו־נאַצישן אַנטיסעמיטיזם פון די היינטיקע טעג.

# די הרוגים פון רויטן מהכות הרשעה...

### (לזכר די אויסגעהרגעטע יידישע שרייבער אין רוסלאַנד)

דער קאַלט־אויסגערעכנטער, גזלניש־רוצחישער סטאַלין מאָרד איבער די יידישע שרייבער פון סאָוועטן פאַרבאַנד, איז געווען דער אָנזאָג פון קאָמוניזם אויף א פאַרשטאַרקטער שנאת ישראל אַקציע, בפרט קעגן ציוניזם און דער יידישער מדינה.

פונקט ווי דער היטלעריזם האָט פאַרשטאַנען בעת זיין ברוטאַלער הערשאַפט איבער אַלע אָקופּירטע לענדער, אַז פריער פאַר דער מאַסן־אויסראָטונג פון די יידישע איינוווינער, דאַרף מען פאַרניכטן און עוקר מן השורש זיין די יידישע אינטעליגענץ, אזוי האָט דער אומברחמנותדיקער סטאַליניזם נאָכגעמאַכט דעם מאָרד־ביישפּיל פון דער געסטאַפּאָ און אויך אָנגעהויבן אויסהרגענען די יידישע שרייבער, פּאָעטן, זשורנאַליסטן און גייסט־מענטשן, כדי דאָס דריי מיליאָניקע רוסישע יידנ־טום זאָל בלייבן קולטורעל און גייסטיק אַנטוואָפנט, דערנאָך וועט שוין במילא זיין גרינגער דורכצופירן איבער די יידישע מאַסן דעם גייסטיקן גענאָסיד.

מיט 15 יאָר צוריק האָט זיך באַוויזן אַ קליינע שפּאַרונקע אינעם אייזערנעם פאָרהאנג, וואָס פאַרדעקט דאָס קרעמלין־לאַנד און דורך איר האָט זיך ארויסגע־ריסן דער „קול דמי אחיך צועקים", דער געשריי פון דעם ברידער־בלוט, דער שטילער פּראָטעסט פון אומשולדיק־דערמאָרדעטע יידישע גייסט־מענטשן. 15 יאָר דערמאָנען מיר די אומגעקומענע יידישע שרייבער אין ראַטנפאַרבאַנד און אין זעל־בן צייט־אָפּשניט האָט זיך דאָרט געביטן די אָנפירערשאַפט, פון אַ בלוטיקער יחידישער טיראַן־דיקטאַטור ביז צו דער הייגטיקער קאָלעקטיווער ממשלה, אָבער עס האָט זיך ביי די קאָמוניסטישע שררות נישט געביטן זייער הײדאַמאַקישער געפיל צו יידן, זייער זאָאָלאָגישער אַנטיסעמיטיזם צום יידישן פאָלק, אַוודאי ניט זייער נאַצי־קאָמוניסטישער צאָרן קעגן דער עצם־עקזיסטענץ פון מדינת־ישראל.

אין גאַנץ סאָוועטן פאַרבאַנד איז נישטאָ קיין איין יידישע שול, דאָס קול פון יידיש־לערנען איז פאַרשטומט געוואָרן, די העברעישע שפּראַך צוזאַמען מיט איר יינגערער שוועסטער, יידיש, ווערן גערודפט, באַשפּיגן, באַשמוצט, אַ סך ערגער ווי אין די בלוטיקסטע צייטן פונעם צאַרישן רעזשים, בתי כנסיות ווערן פאַר־מאַכט און די וואָס זיינען אָפן, ווערן נאָכשפּיאָנירט און געהיטן מיט פּאָליציייִשע אויגן, יידישע ביכער דערשיינען נישט, פון ספרים איז דאָך אָפּגערעדט, בלויז

„סאָוועטיש היימלאַנד" איז געבליבן ווי אַ זכר לחורבן פון יידישן אלף־בית, ווײַל זײַן אינהאַלט איז אַ יידנפײַנטלעכער, אַ רשעותדיקער, אַ קאַזאַקישער, פול מיט האַס צו דער יידישער מדינה, אָן אַ ברעקל יידישער און מענטשלעכער חשיבות, מה־יפיתדיק צו די רויטע סאַטראַפּן דורך אונטערשרײַבן אַ שפּלדיקע דעקלאַראַציע קעגן ישראל, אָפּזאָגנדיק איר דאָס רעכט אויף זעלבסטשטענדיקייט, ווי אויף איר עקזיסטענץ ווײַל אַזוי ווילן די זין און אייניקלעך פון דער צאַרישער שוואַרצער מאה, וואָס האָט נאָר געטוישט די פאַרב אויף רויט...

מיר ווייסן גאַנץ גוט דעם פאַקט, אַז אַ סך פון די אומגעבראַכטע יידישע שרײַבער אין רוסלאַנד האָבן היפּשלעך געזינדיקט ביודעים ובלא יודעים קעגן יידישן פאָלק, ציוניזם און ארץ־ישראל פריער און מדינת ישראל שפּעטער, אָבער מיר האָבן נישט קיין ברעקל ספק אין אונדזערע הערצער, אַז די מערהײַט פון זיי איז נשמהדיק געווען פאַרבונדן מיט דער יידישער אומה און מיט איר באַפרײַונגס־באַוועגונג; זיי האָבן אין פאַרשטעלטע מיסטעריעזע שורות געבראַכט צום אויס־דרוק זייערע יידישע געפילן, זייער צובונד צו חרות ישראל, אַנדערע האָבן טאַקע געדינט דעם סאָוועטישן טיראַן מיט אַלע רמ"ח אברים, מיינענדיק אַז מען דאַרף מקריב זײַן מיליאָנען יידן לטובת דעם נצחון פון קאָמוניזם. ווי אַזוי דאָס זאָל נישט זײַן, בלײַבט גילטיק דער אמת, אַז אַלע זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן נאָר דערפאַר ווײַל זיי זענען געווען יידן.

דערפאַר טרויערן מיר אויף זייערע פאַרשניטענע יאָרן, אויף זייערע איבער־געהאַקטע לעבנס, מיט צער און צאָרן דערמאָנען מיר דעם סטאַליניסטישן כוליגאַ־ניזם און שטעלן צום שאַנדסלופּ די קאָמוניסטישע מערדער פון די יידישע שרײַ־בער, פּונקט אַזוי פאַרדאַמען מיר די עקלדיקע אינטערוועניץ פון ראַטנפאַרבאַנד, ווי פון אַלע אַנדערע קאָמוניסטישע אַנטי־ישראלדיקע לענדער, לטובת דעם אַראַ־בישן שאָוויניזם, ווי דאָס איז איצט געשען ערב, בעת און נאָך דער יידיש־אַראַ־בישער מלחמה.

ס'איז געקומען די צײַט, אַז די וועלט־אינסטאַנצן פונעם ציוניזם און פון יידישן פאָלק, זאָלן אויפהייבן אַ גרויסע פּראָטעסט־באַוועגונג קעגן די רדיפות אויף יידן און אויף יידישקייט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אונדזערע מנהיגים דאַרפן זיך אויסטאָן די זײַדענע הענטשקעס און אַ קלאַפּ טאָן אין וועלט־טיש אַז די קרעמלין וועט זאָלן ציטערן. אויך די ישראלדיקע דיפּלאָמאַטיע דאַרף זײַן ענערגישער, שטרענגער צו די סאָוועטישע רעגירער, צו זייער אַנטיסעמיטיזם, דער עיקר, עס דאַרף אַראָפּגעריסן ווערן דער לעצטער שלײַער פון זייער מכלומרשטער מענטש־לעכקייט, כדי זיי זאָלן אַרומגיין איבער דער וועלט ווי נאַקעטע פּראָצים, ווי ווילדע ברואים. מיר קענען נישט זאָגן קיין דעה דער רעגירונג פון ישראל. אָבער עס איז דאָ אַ מיינונג ביים רוב מנין ורוב בנין פון יידישן פאָלק, אַז זי טאָר נישט באַ־נײַען דיפּלאָמאַטישע באַציונגען מיטן מלכות הרשעה ביז די קרעמלין־הערשער

וועלן נישט ענדערן זייער באַציִונג צום אָרטיקן ייִדנטום, צום ייִדישן פאָלק און צו אונדזער קולטור איןביידע נאַציאָנאַלע שפּראַכן.

דער 15טער יאָרצײַט פון די ייִדישע שרײַבער אין סאָוועטן־לאַנד, וועלכע זיינען טראַגיש אומגעבראַכט געוואָרן דורך דער מערדערישער לאַפּע פון סטאַלין און זײַן כנופיה, דאַרף דינען ווי אַ פּאַראָל פאַר אַלע נאַציאָנאַלע ייִדן אין דער גאָרער וועלט אָנצוהייבן א קאמף פאר די מענטשלעכע רעכטן פון רוסישן ייִדנטום צו לעבן ווי ייִדן.

די הרוגים פון רויטן מלכות הרשעה פאָדערן דאָס פון גאנצן ייִדישן פאָלק!

# שפּאַלטן אין די מויערן...

## פונדאַמענטן טרייסלען זיך

די קאָמוניסטישע רעזשימען פון סאָוועטן־פאַרבאַנד און פון זייַנע סאַטעליטן הינטערן אייַזערנעם פאָרהאַנג, קענען נישט לעבן און עקזיסטירן אָן פּראָצעסן. די טיראַנישע הערשער זעען זיך שטענדיק אַרומגערינגלט מיט מיליאָנען פאַררעטער, שפּיאָנען, אידייען־פאַרלייקענער, סאַבאָטאַזשניקעס און שעדיקער פון „סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד״. אָפטמאָל מאַניפעסטירט זיך דער שווידערלעכער „חד־גדיא ספּעקטאַקל״ אינעם קאָמוניסטישן זאָאָלאָגישן גאָרטן מיט אַזעלכע באַווייַזן. אַז דער געיעג צו כאַפּן פאַררעטער און פאַרברעכער איז נאָר אַ פּשוטער מיטל פאַר די סאַטראַפּן, אָפּצורוימען פון וועג אייגענע קאַמאַראַדן, כדי זיי זאָלן נישט זייַן קיין לעבעדיקע שטערונג פאַר דער כנופיה, וועלכע האָט זיך פאַרפעסטיקט בייַ דער מאַכט.

נאָך אַ סך פריער פאַר די „מאָסקווער פּראָצעסן״, האָט די רוצחישע „טשעקאַ״ דערמאָרדעט אומשולדיקע מענטשן, אָן אַ פאַרדאַכט, אָדער מיטן קלענסטן חשד, כדי זיי צו דערשיסן ווי משוגענע הינט. שפּעטער האָט דער סטאַלין־רוצח געוואָלט באַווייַזן, אַז אין זייַן לאַנד ווערט קיינער נישט אומגעבראַכט, אָדער פאַרשיקט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, סיבירער טייַגעס, אָן אַ פּראָצעס, מיט ריכטער און אַדוואָקאַטן, מיט באַשולדיקונגס אַקטן, צו וועלכע די „באַשולדיקטע״ זענען מסכים, מיט איין וואָרט, קיינער ווערט נישט דערשאָסן און נישט פאַרשיקט הינטער די הרי חושך אָן אַ „גערעכטן אורטייל״. די דאָזיקע „פּראָצעסן״ זענען ענדלעך צום „דעמאָקראַטישן באַשלוס״ פון אַ קאַניבאַלן קאָנגרעס, אַז מען מעג שוין עסן מענטשן־פלייש מיט מעסער און גאָפּל...

וועמען האָט דער סטאַלין־רעזשים נית געמאָרדעט? זייַנע אייגענע פּאַרטיי־חברים האָט ער מיט דער הילף פון „פּראָצעסן״ אַוועקגעשיקט אויף יענער וועלט. אונטערן אויסרייד און רויך־פאָרהאַנג פון אידעאָלאָגישע אָפּנויגן האָט ער אַוועקגעזעצט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, אַ פּראָצעסן־באַנק, וואָס האָט זיך געצויגן איבער דער לענג און ברייט פון גרויסן לאַנד. צענדליקער טויזנטער מיליטאַרן, שרייַבער, דענקער, וויסנשאַפטלער, פּשוטע פּויערים און אַרבעטער, קינסטלער און אינטעלעקטואַלן און זיי באַשולדיקט אין מוראדיקע נית געשטויגענע און נית

געפלויגענע פאַרברעכנס, צו וועלכע די באַשולדיקטע האָבן געזאָגט אַ געצוווּנגע־נעם „מודה אני״. אַ ביסל שפּעטער האָט סטאַלין, און ניט נאָר ער אַליין, נאָר אַלע זײַנע בלוטיקע מיטהעלפער, וועלכע געפינען זיך נאָך הײַנט צו טאָג בײַ די וויכטיקסטע אָנפיר־פּאָזיציעס פון דעם דאָזיקן גרויזאַמען רעזשים, אײַנגעהויבן זײַן אַנטיסעמיטישן קרייצצוג קעגן סאָוועטישן ייִדנטום, קעגן די פירער פון דער יעווסעקציע, וואָס האָבן אים און זײַנע משוגענע דיקטאַטאָרישע אַמביציעס, גע־דינט בלבֿ ונפש, צעשיסנדיק זיי, אָן פּראָצעסן, אויף אַ מאַסנהאַפטן אופן. דער נאָך זייגען אויסגעמאָרדעט געוואָרן מיט מיתות משונות הונדערטער און הונדער־טער ייִדישע גײַסט־מענטשן. דער סטאַליניזם האָט פאַרגעזעצט דעם כוליגאַנישן שנאת ישראל פּראָצעס, וואָס ציט זיך שוין אַ סך יאָרהונדערטער איז דער מענטש־הייט, אַז ניט נאָר ייִדן אַליין ווערן פּאָגראָמירט, אויך זײַנע ספרים ווערן פאַר־ניכטעט, ניט נאָר ייִדן שטאַרבן, מיט אַ שמע ישראל אויף די ליפּן, אויף די גלחיש־שפּאַנישע שייטערהויפנס, נאָר אויך דער תלמוד און אַנדערע ספרי קודש ווערן פאַרצערט אין די פלאַמען פון אַ גאָטלאָזער און אידעענלאָזער וועלט. דער נאַציזם אין 20טן יאָרהונדערט האָט ניט נאָר אין דער טרויעריק־באַרימטער „קריסטאַל־נאַכט״ געמאָרדעט ייִדן, נאָר אין דער זעלבער נאַכט זייִנען פאַרשרפה׳ט געוואָרן מיליאָנען ייִדישע ספרים און ביכער פון ייִדישע מחברים. וואָס היטלער, ימח שמו וזכרו, האָט געטאָן צו אונדזער פאָלק און צו אונדזער קולטור, איז אַלעמען גוט באַקאַנט מיט אַלע שווידערלעכע אייִנצלהייטן, ניט נאָר 25 טויזנט ייִדישע קהלות האָט דער נאַציזם חרובֿ געמאַכט אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאָר אויך צעשטערט און כמעט עוקר מן השורש געווען די ספרים און דאָס גאַנצע גײַסטיקע פאַרמעגן פון זעקס מיליאָן דערמאָרדעטע ייִדן. סטאַלין האָט אויך אַזוי געטאָן, ניט נאָר פיזיש אומגעבראַכט די ייִדישע שרײַבער און זשורנאַ־ליסטן, די ייִדישע דיכטער און אינטעלעקטואַלן, נאָר אויך דאָס גאַנצע ייִדישע קולטור־לעבן פונעם דרײַ־מיליאָניקן רוסישן ייִדנטום.

נאָך סטאַלינס טויט האָבן זיך אַ סך זאַכן געביטן אין ראַטנפאַרבאַנד, אויס־סער די באַציִונג צום ציוניזם, צו דער ייִדישער מדינה, צו דער ייִדישער און העב־רעיִשער שפּראַך און קולטור, פאַרקערט, אונטער דער ממשלה פון הײַנטיקן קאָסיגין און פון דעם כוליגאַנישן נאַבל־פּרעמיע־טרעגער, שאָלאָכאָוו, איז דער מצבֿ פון רוסישן ייִדנטום פאַרערגערט געוואָרן אויף אַלע שטחים, דווקא איצט בליט און וואַקסט די „גײַסטיקע״ הערשאַפט פון די קיטשקאָס און איוואַנאָווס, די וווּלגאַרסטע אַנטיסעמיטישע העצער קעגן ייִדנטום און ציוניזם.

אָבער ווער עס האָט פון אונדז אַ געזונטן חוש־השמיעה דער קען שוין דערהערן די אונטערערדישע טרייסלונגען הינטער די קאָמוניסטישע פונדאַמענטן, אויף וועלכע ס׳האַלט זיך דאָס מלכות הרשעה, ווער עס האָט נאָר אַ געניט אויג, קען שוין דערזען די שפּאַלטן אין די מויערן פון קרעמלין. ניט נאָר די מוטיקע

האַלטונג פון דעם אוהב ישראל, פון דעם צאַרטן דיכטער יעווטושענקאָ, קעגנאַי־בער די סאָוועטישע מאַכטהאָבער, נאָר זײַן איכה־ליד: „באַבי־יאַר", אין וועלכן ער באַוויינט די אומגעקומענע ייִדן פון קיעוו, האָט געמאַכט אַ היפּשן שפּאַלט אין די דערמאָנטע דיקע מויערן, אַ ביסל שפּעטער האָט דער פּאָעט און שרײַבער־רע־וואָלט זיך אויסגעשפּרייט אויף אַנדערע צענדליקער און הונדערטער שרײַבער און דענקער, וועלכע האָבן אין פאַרשיידענע פאָרמען, ווי אין כמעט אַלע לענדער פון הינטערן אײַזערנעם פאָרהאַנג, אויסגעדריקט זייער צאָרן און אינערלעכן האַס קעגן די קאָמוניסטן סאַטראַפּן, וועלכע ווילן דערשטיקן דעם גרויסן דראַנג צו דער אויסגעבענקטער אינדיווידועלער און קאָלעקטיווער פרײַהייט. אַ גרויסע צאָל שרײַבער האָבן שוין פאַר זייער מוט באַצאָלט אַ טײַערן פערזענלעכן פּרײַז, זיי זײַנען פאַרמשפּט געוואָרן, נאָך אַמאָל מיט דער הילף פון אַ פּראָצעס, אויף אַ סך יאָרן טורמע און פאַרשיקונג. באַגלייט פון אַלע גרוילן פון צוואַנג־אַרבעט. אַנ־דערע ווערן איצט פּראָצעסירט און מסתמא וועלן זיי טיילן דעם זעלבן גורל פון זייערע מוטיקע קאַמפּס־קאָלעגן, דאָס וואָס דערפרייט דאָס האַרץ איז דער פאַקט, וואָס פאַרן בנין פון דער סאָוועטישער אומגערעכטיקייט, האָבן הונדערטער מענ־טשן, יאָ, דאָס זײַנען ווירדיקע מענטשן, צווישן זיי אַ רוסישער גענעראַל, זיך פאַרזאַמלט און פּראָטעסטירט קעגן דעם נײַעם פּראָצעס־ספּעקטאַקל קעגן יונגע רוסישע שרײַבערס.

אין די דאָזיקע מאַניפעסטאַציעס, אין וועלכע ס'באַטייליקן זיך דערווײַל נאָר צענדליקער, אָדער הונדערטער מענטשן, וועלן מאָרגן ציילן טויזנטער און שפּעטער מיליאָנען וואָס וועלן נישט נאָר פאַרדאַמען אַזאַ רעזשים פון בלוט און מאָרד, נאָר זיי וועלן פאַרניכטן אַזאַ „יוסטיץ" צום דינסט פון טיראַנען, אַזאַ „יושר" אויף צו פאַרדעקן סאַטראַפּישן טעראָר און אַזאַ „פרײַהייט", וואָס אַמאָ־ליקע שקלאַפערײַ איז געווען אַ סך אָנשטענדיקער, מענטשלעכער און רחמנות־דיקער.

אויך ייִדן אין ראַטנפאַרבאַנד הייבן אָן פאַרלירן דעם פּחד פאַרן רויטן טשינאָווניק. ס'ברויזט דאָס ייִדישע לעבן מיט אַ שטילן פּראָטעסט קעגן די באַצווינגער און אונטערדריקער, וואַקסט דער ייִדישער שטאָלץ מיטן נצחון פון ייִדישן וואָפן איבער אַלע שונאים פון מדינת ישראל, צווישן וועלכע סאָוועט־רוסלאַנד פאַרנעמט דעם אָנגעזעענסטן פּלאַץ, די ייִדישע יוגנט בעת די שמחת־תורה־פײַערונגען זינגען יעדעס יאָר העכער און מוטיקער די העברעיִשע שירים: „הבאנו שלום עליכם", „הבה נגילה" און „ארצה עלינו", עס דערציילט אונדז דער שרײַבער אליעזר ווײַזעל אין זײַן שילדערונג „אַראָפּגעוואָרפן די שרעק פון אַ גאַנץ יאָר", ווי אַזוי די ייִדישע יוגנט פון מאָסקווע גרייט זיך צו דער שמחת־תורה פײַערונג:

„חול המועד סוכות היי־יאָר האָבן אַנאָנימע אויפגעקלעפּט אין אַלע פאַ־

קולטעטן פון מאָסקווער אוניווערזיטעט קורצע מעלדונגען: „די סימפּאָניע שמחת־תורה וועט דורכגעפירט ווערן דעם 6טן אָקטאָבער בײַנאַכט ווי געוויינלעך, אין דער שטענדיקער צײַט און אויפן שטענדיקן פּלאַץ״.

די ייִדישע יוגנט פון מאָסקווע האָט טאַקע געלייענט די מעלדונגען און יעדער ווייסט, אַז צום שמחת־תורה יום־טוב זײַנען דאָס מאָל געקומען קרוב צו פערציק טויזנט ייִדישע יוגנטלעכע און אויסער די דערמאָנטע העברעיִשע לידער האָבן זיי געזונגען, ממש ווי דאָס געזאַנג וואָלט געווען אַ הימן: „לאָמיר אַלע אינאיינעם, אַלע צוזאַמען מקבל פּנים זײַן דאָס ייִדישע פֿאָלק״. ס'איז נישט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט, אַז אין אַ צײַט אַרום וועט די זעלבע יוגנט, אַ דרייסטע, אַ מוטיקע, אויפזינגען די „התקווה״...

אויך די דאָזיקע ייִדיש־נאַציאָנאַלע מאַניפעסטאַציעס זײַנען טיפע אײַנברוכן אין די ווענט פון מאָסקווער קרעמל. דאָס זײַנען שוין בולטע סימנים פונעם אָנהויב פון אַ פונדאַמענטן־צעטרייסלונג, וואָס אַזאַ אכזריותדיקער רעזשים מוז באַקומען ווי אַ באַרעכטיקטע שטראָף פאַר אַלע זײַנע פאַרברעכנס.

— ב —

## אין ליכט פון צוויי רבנישע אַרויסטריטן

מיט עטלעכע טעג צוריק איז אין ירושלים דערעפנט געוואָרן דער ערשטער וועלט־צוזאַמענפאָר פון אשכנזישע און ספרדישע בתי כנסיות מיטן ציל צו זוכן אַ דערנענטערונג צווישן עדות און אויך צו פאַרפעסטיקן דעם צובונד פון די קאָנגרעגאַציעס צו דער ייִדישער מדינה.

אין דעם דאָזיקן וועלט־כינוס באַטייליקן זיך בערך 600 רבנים פון 20 לענדער און דאָס איינציקע ייִדנטום פון אַ קאָמוניסטישער מדינה, פון רומעניע, האָט געשיקט אַ דירעקטן דעלעגאַט אין דער פּערזאָן פון דעם דאָרטיקן רב הראשי, הרב ד״ר משה ראָזען.

דאָס באַטייליקן זיך פון אַ דירעקטן דעלעגאַט אין אַזאַ ערנסטן צוזאַמענפאָר, נישט קוקנדיק אויף די רבנישע מחלוקתן, צו וועלכע די ייִדישע וועלט און מדינת ישראל איז שוין פון לאַנג צוגעוואוינט, פון אַ קאָמוניסטיש־רעגירטן לאַנד, איז אַ קלאָרער באַווײַז פון דער אָרטיקער רעזשים־באַציִונג צו די אייגענע בירגער, דאָס איז אַ ריינער שפּיגל, אין וועלכן יעדער קען זען דעם מצב פון רומענישן ייִדנטום. אין דער דאָזיקער גוטער באַציִונג פון די רומענישע קאָמוניסטישע רעגירער צו זייערע ייִדן און גײַסטיקע מנהיגים, ליגט דער פּאָליטישער באַווײַז פון אַן אומאָפּהענגיקער רומעניע, וואָס טאַנצט נישט לויט דער מאָסקווער מוזיק... ווי אַזוי דאָס זאָל נישט זײַן, ווערט לײַכטער אויפן האַרצן, ווערט

ליכטיקער אין די יידישע אויגן, די גרויסע געשעעניש פון אַ דירעקטער באַטיי־ליקונג אין אַ יידישער וועלט־אסיפה, דווקא אין דער יידישער מדינה, פון אַ יידנטום וואָס געפינט זיך אונטער אַ קאָמוניסטישער ממשלה. דאָס איז אַ ליכט אין דער שטאַרק־פינצטערער נאַכט פונעם וועלט־קאָמוניזם.

אויף דעם וועלט־צוזאַמענפאָר פון בתי כנסיות האָט הרב ד״ר משה ראָזען דערקלערט, אַז „די רומענישע יידן זײַנען אַ באַשטאַנדטייל פון יידישן פאָלק און אַז קיין שום מאַכט אין דער וועלט האָט נישט באַוויזן אַרויסצורײַסן דאָס יידנטום פון זײַנע גײַסטיקע וואָרצלען". די דאָזיקע ווערטער האָבן אַ טיפע באַדײַטונג פאַר יידן און זיי ווײַזן אָן אויף דער גײַסטיקער באַציִונג צו יידן בכלל און צו דער יידישער מדינה, מצד זייערע קאָמוניסטישע לאַנד־הערשער, אין די רייד פון ‏הרב ראָזען געפינט איר אויך אָן אָנזאָג און אַ וואָרענונג צו די קרעמל־אַנטיסעמיטן, אַז „קיין שום מאַכט אין דער וועלט האָט נישט באַוויזן אַרויסצורײַסן דאָס יידנ־טום פון זײַנע גײַסטיקע וואָרצלען", ווער נאָך ווי דער שרעקלעכער סטאַלין־כרוש־טשאָוו ־ קאָסיגין רעזשים האָט זיך באַמיט און טוט אַלץ, וואָס איז נאָר אין זײַנע מעגלעכקייטן, אַרויסצורײַסן ביז צום שורש דאָס יידנטום פון זײַנע גײַסטיקע וואָרצלען? די קרעמלין־רשעים האָבן נישט אויפגעהערט זייער קאַמף קעגן יידישן גײַסט, ווײַל זיי ווייסן זייער גוט, אַז פון דעם דאָזיקן צוזאַמענשטויס צווישן דער יידישער עטיק, יידישן גײַסט, צווישן דעם יידישן באַנעם פון צדק און יושר און זייער פּראָגראַם פון מאַכן הפקר אַ וועלט, באַגלייט פון די מוראדיקע באַווײַזן, אַז בײַ זיי איז ביליק און הפקר דאָס מענטשלעכע לעבן, וועט יידישער גײַסט מנצח זײַן. ביז דאָס וועט אָבער ווערן אַ דערפרייענדיקער פאַקט, קרעכצט אין דער שטיל דאָס דרײַ־מיליאָניקע רוסישע יידנטום אונטער די שווערע שטיוול פון די קיטש־קאָס און איוואַנאָווס, פון די ברעזשניעווס און קאָסיגינס, דעם ווייטיק פון רוסישן יידנטום האָבן מיר נאָך אַמאָל דערפילט אין די ווערטער פון דער „באַגריסונגס־טעלעגראַמע" צום וועלט־כינוס פון בתי כנסיות אין ירושלים, וואָס דער מאָסקווער רב יהודה לייב לעווין האָט צוגעשיקט. אין דער זעלבער טעלעגראַמע פאַרגעסט ער נישט צו פּראָטעסטירן קעגן דעם ספרדישן רב הכולל פון ישראל, הרב יצחק נסים, פאַר זײַן אויסרופן אין ישראל אַ תענית ציבור און פּראָקלאַמירן די פּאַרטיידיקונג פון די רעכט פון די סאָוועטישע יידן. דער מאָסקווער רב, דער גרעסטער אנוס פון דער הײַנטיקער צײַט, מוז נעבעך אויפן באַפעל פון די קאָמוניסטישע טיראַנען, אפשר געפינט זיך צווישן זיי דער רעדאַקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאַנד", ווער־געליס? דערקלערן מיט עדות: „אַז אַ סך רבנים האָבן באַזוכט דעם ראַטנפאַרבאַנד און האָבן געזען מיט זייערע אייגענע אויגן דעם גרויסן כבוד, וואָס עס געניסן דאָרט די יידן". מען פילט דעם צער פון אַ רב ביי יידן אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד, וואָס מוז נעמען צו הילף „רבנים, וואָס האָבן מיט אייגענע אויגן געזען דעם גרויסן כבוד וואָס עס געניסן דאָרט די יידן", אפשר ווייסט ער טאַקע נישט, אַז די רבנים

פון אויסלאַנד, וואָס האָבן באַזוכט סאָוועטן פאַרבאַנד, זײַנען צוריקגעקומען מיט שרעקלעכע און אמתע שילדערונגען פון די טויזנטער גגישות און רדיפות מצד דעם רעזשים אויף דעם אָרטיקן ייִדנטום און זיינע לעצטע בתי־כנסיות.

אין שפּיגל פון צוויי רבנים, וואָס איינער פון זיי, הרב ד״ר משה ראָזען פון קאָמוניסטישן רומעניע, באַטייליקט זיך פּערזענלעך אינעם וועלט־צוזאַמענפאָר פון ייִדישע קאָנגרעגאַציעס און האָט דערקלערט, וואָס מיר האָבן פריער ציטירט, און דער צווייטער רעליגיעזער מנהיג, הרב יהודה לייב לעווין, פון מאָסקווע, וועמען מען האָט דערלויבט איבערצושיקן צום זעלבן וועלט־כינוס אַ „באַגריסונגס־טעלע־גראַמע״ מיט אַ פּראָטעסט קעגן דעם תענית ציבור און קעגן דער אַקציע צו פאַר־טיידיקן די רעכט פון סאָוועטישן ייִדנטום, זעען מיר די סיטואַציע פון 2 ייִדישע קיבוצים, וואָס געפינען זיך אין צוויי קאָמוניסטישע לענדער.

די פּאָזיטיווע האַנדלונג פון קאָמוניסטישן רומעניע, סײַ צו ישראל אויף דער איטערנאַציאָנאַלער פּאָליטישער אַרענע און צו די ייִדישע בירגער, איז אַ פריידי־קער אָנזאָג פון נײַע עפענונגען און טיפערע שפּאַלטן אין די קרעמלין מויערן...

# אַ האַרבע לעקציע פאַר דער דעמאָקראַטיע

די דעמאָקראַטישע וועלט, זינט דעם סוף פון דער 2טער וועלט־מלחמה, מאַכט דורך אַ שווערן און לאַנג־דויערנדיקן קריזיס. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס זי דערלויבט די מאָנסטרועזע, העצערישע, מוח און האַרץ פאַרגיפטנדיקע אַקטי־וויטעטן פון אַלע שוואַרץ־פאַשיסטישע און רויט־קאָמוניסטישע אַנטי־דעמאָקראַטישע כוחות, וועמענס איינציקע אויפגאַבע, אַ גוט פלאַנירטע, פון פאָרויס אָנגעצייכנטע, איז צו פאַרניכטן ביזן שורש די אינדיווידועלע און קאָלעקטיווע פרייהייט, כדי איינצושטעלן אַ טאָטאַליטאַרן רעזשים פון עקסטרעם רעכטס אָדער פון עקסטרעם לינקס.

די גרויסע צפון אַמעריקאַנער רעפובליק איז נישט שטענדיק געווען אַ מוסטער פון דעמאָקראַטיע פאַר דער וועלט, אָבער ווען די דעמאָקראַטיע איז געווען אין דער גרעסטער געפאַר, ווי אין דער לעצטער מלחמה מיטן נאַציזם, מיט דער באַוואָפנטער באַרבאַריע, האָבן די פאַראייניקטע שטאַטן אַריבערגעוואָרפן אירע אַרמייען קעגן היטלעריזם און געהאָלפן באַפרייען די וועלט, אויך סאָוועט רוסלאַנדס וועלט, אַוודאי דאָס פראַנקרייך פון דע גאָל, פונעם ברוטאַלן נאַצי־פאַשיזם. מען דאַרף אָבער אויך געדענקען, אַז צפון אַמעריקע האָט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק נישט אָנצורירן דעם קאָמוניזם פון קרעמל, דעם גוואַלט־רעזשים פון פעקין און דעם קאַסטריסטישן מיליטאַריזם און טעראָריזם פון דער רויטער קובאַ־רעגירונג. דאָס אונגאַרישע פאָלק איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט, ווערנדיק צעשאָסן פון די רוסישע טאַנקען, אָבער אַמעריקע האָט געשוויגן, דער קאָמוניזם האָט אַוואַנסירט איבער לענדער און דעראָבערט, מיט פאַרשיידענע נישט־כשרע מיטלען, אַ סך נאַציאָנעלע פעלקער, אָבער אַמעריקע האָט פאַרמאַכט אַן אויג אויף נישט צו זען די רויטע עקספאַנסיע, ביז ס׳איז געפאַלן דער באַשלוס צו פאַרטיידיקן דרום־קאָרעאַ קעגן די צפון־קאָרעאַנישע און כינעזישע אָנגריפן. היינט געפינט זיך דאָס אַמעריקאַנער פאָלק אין מלחמה מיט צפון וויעטנאַם און טויזנטער אַמעריקאַנער גייען אָפּ אין בלוט אויף די דאָרטיקע שלאַכט־פעלדער פון דרום וויעטנאַם, אין יאָרנלאַנגן געראַנגל מיטן קאָמוניזם אין אַזיע, וואָס ווערט אידעיש צוגעגרייט פון רויט־כינע און באַוואָפנט פון סאָוועטן פאַרבאַנד, ס׳איז דאָך שוין פאַר קיינעם נישט קיין סוד, אַז דער ריכטיקער פאַרטרעטער פונעם מלאך המות היינט צו טאָג איז נאָר ראַטנפאַרבאַנד, וואָס גיט די כלי־משחית אירע אין וועלכער ס׳געפינט זיך דער שווייס

און די פּראַצע, די מוסקול־קראַפט און די געהירן פון צענדליקער מיליאָנען שקלאַפן, סײַ די אַראַבישע לענדער, סײַ די נײַע אַפריקאַנער רעגירונגען, והן די נאָרד־וויעטנאַמער קאָמוניסטן. דעם „וויעטקאָנג“, ווי די הײַנטיקע אַראַבישע טעראָריסטן קעגן ישראל.

אָן אמתע דעמאָקראַטיע דאַרף נישט פירן מיטן אייגענעם פאָלק, אויך נישט מיט פרײַנטלעכע לענדער און רעגירונגען, אַ דאָפּלטע בוכהאַלטעריע. ס'טאָר נישט געדולדעט ווערן אַזאַ מצב, אַז פון איין זײַט זאָל מען שיקן די קינדער פון אייגענעם פאָלק אויף קאַמפּס־פראָנטן קעגן קאָמוניזם און פון דער צווייטער זײַט, אָנהאַלטן פאַקטן מיטן קרעמל, זוכן זײַן פרײַנטשאַפט, אונטערשרײַבן „אָפּמאַכן“ און ביידע מלוכות זאָלן למראית עין שיטן זאַמד אין די אויגן פון דער מענטשהייט, אַז זיי קעמפן פאַרן „פרידן“ אויף דער וועלט, ווען אין דער זעלבער צײַט געפינט זיך רויט רוסלאַנדס געווער אין די הענט פון די געפערלעכסטע שונאים פון אַמעריקע, וועלכע רײַסן איבער דאָס לעבן פון צענדליקער טויזנטער נאָרד־אַמעריקאַנער יונגע מענטשן מיט די סאָוועטישע וואָפן.

מיר ייִדן קענען בכלל נישט פאַרשטיין די צוויי־פּנימדיקייט פון דער גרויסער נאָרד אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע כלפּי דער ייִדישער מדינה. הגם זי איז גענוג איי־בערגעצײַגט אין דער גערעכטיקייט פון ישראלס פּאָסטולאַטן, אָבער דאָס שטערט איר ניט לגמרי דער געוויסן צו שיקן געווער פאַר דער ירדנישער כנופיה, וואָס דאָס הייסט דאָך מיט קלאָרע ווערטער, אַז מיט נאָרד אַמעריקאַנער קוילן, געשאָסן פון ירדנישע רוצחים, דאַרפן פאַלן טויט ייִדישע אַרבעטער, גרענעץ־וועכטער און פרידלעכע בויער.

אויף אַזאַ מאָרד־שפּיל מיט אַלע טראַגישע קאָנסעקווענצן קאָן זיך נאָר דער־לויבן אַ קאָמוניסטישער רעזשים, בײַ וועמען דאָס לעבן פון אייגענע בירגער, בפרט פון אַנדערע פעלקער, איז פולשטענדיק איבערגעענטפערט צום הפקר, אַ רעזשים, וואָס איז געווען דער גרויסער לערער פונעם רוצחישן נאַציזם.

---

אין נאָרד אַמעריקע איז געפאַלן אַן אַראַבישער שאָס אין קאָפּ פונעם קאַנדידאַט אויף מלוכה־פּרעזידענט, ראָבערט קענעדי און עס איז איבערגע־האַקט געוואָרן זײַן לעבן אויף אייביק. אין דער פּאָליטישער און דיפּלאָמאַטישער וועלט איז פאַראַן די איבערצײַגונג, אַז אַלע דרײַ מאָרדן, איבער דזשאָן קענעדי פריער, איבער דעם נאָבל־פּרייז טרעגער פאַר שלום, ד"ר לוטהער קינג שפּעטער, און די איצ־טיקע רציחה איבער ראָבערט קענעדי, זײַנען אויסגעפירט געוואָרן דורך לינקע קאָמו־ניסטישע עלעמענטן. די שולדיקע אין די אַלע אַטענטאַטן און מאָרדן געפינען זיך אי־דעיש אין די האַס־קאַמערן פון קובאַ, פּעקין און מאָסקווע, אַלע דרײַ קאָמוניסטישע וועלט צענטערן האָבן יאָרנלאַנג אַזוי פיל געהעצט קעגן „נאָרד אַמעריקאַנער אימ־

פּעריאַליזם״ און אַזוי לאַנג אויפגעהעצט צענדליקער טויזנטער נאַיווע יונגעלײַט מיט היציקע פאַנטאַזיעס, מיט קראַנקע מוחות, אז די זעלבע, אָדער איינציקע פון זיי, זײַנען גרייט צו גיין מיט אַ רעוואָלווער אין האנט אויף אַן אָפענעם אופן, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיטן ירדנישן מערדער, שיראַן וועלכער האָט פריער זיך געלערנט שיסן מיט זײַן רעוואָלווער און דערנאָך זיך רויק געשטאַנען אין האָטעל הערכער אַ האַלבע שעה, אָפּוואַרטנדיק זײַן קרבן, אַנדערע האָבן דאָס געמאַכט פון באַהעלטענישן און אַ סך גייען אַוועק אין די וועלדער און ווערן ״פּאַרטיזאַנער״, כדי אומצוברענגען דעמאָקראַטישע רעגירונגס־סיסטעמען אין לאַטיין־אַמעריקע, אין ווײַטן אַזיע, אָדער אינעם נאָענטן אָריענט. אַ מוסטער פון אזעלכע העצעס קעגן ״יענקישן אימפּעריאַליזם״ איז געווען דער אלגעמיינער ווילדער און משוגענער געשריי פון די אַראַבישע לענדער, אין די טעג פון זייער גרעסטער מפּלה, אַז דער נצחון פון ישראל איז נאָר געקומען אדאנק דער מעכטיקער אַוויאַציע־הילף פון די פאַראייניקטע שטאטן און ענגלאַנד אויף דער זײַט פון דער יִדישער מדינה, אין דער 6־טאָגיקער יוני־מלחמה פון 1967.

פון אַזוי פיל שנאה־שטאָף, פון צענדליקער יאָרן אײַנקנעלן מצד דעם קאָמוניזם אַלערליי שקרים קעגן דער דעמאָקראַטיע, שטופּט במילא דער רויטער רעזשים פון קרעמל, אָדער פון אַנדערע פּלעצער, רעוואָלווערן אין די הענט פון פאַנאַטיקער, ווי פון גאַנצע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע גלויבן, אז זייערע מאָרד־מעשים זײַנען העראָישע, רעוואָלוציאָנערע און בארעכטיקטע. דער מערדער פון ראָבערט קענעדי, דער ירדנער שיראַן — לעבט נישט דורך קיין שום נערוון־צוזאַמענברוך, ווען ער דערוויסט זיך, אז זײַן קרבן איז אומגעקומען פון זײַנע קוילן און געלאָזט די בעסערע וועלט אין טרויער און זײַנע קינדער, פרוי און עלטערן, אין טיפן צער.

ס'איז אויך נישט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט, אַז דער מערדערישער אָנגריף פון שיראַן אויף ראָבערט קענעדי איז אַ רעזולטאַט פון א פּלאַן, אַרײַנצופירן אין נאָרד אַמעריקע דעם שרעקלעכסטן כאַאָס, כדי וואָס שנעלער צו פאַרענדיקן מיט דער דאָרטיקער ״פאַרפוילטער דעמאָקראַטיע״, מיטן קאָמוניסטישן ציל, זי צו דערפירן צו אַ פולן צוזאַמענברוך.

די דעמאָקראַטיע געפינט זיך אין איר 12טער שעה פון לעבן. אירע מלוכה מענער און אלע פרײַע מענטשן מוזן קעמפן מיט אַ פעסטער דעציזיע קעגן אויפקום פון נאַציזם און קעגן דער הערשאַפט פון קאָמוניזם, די דעמאָקראַטיע מוז דאָס טאָן לטובת דער פרײַהייט פון דער מענטשהײַט.

# פון חשמונאים - קאַמף ביז צום צה״ל - נצחון

## (מחשבות וועגן בימים ההם ובזמן הזה)

חנוכה סימבאָליזירט ייִדישע גבורה. נישט נאָר אין ריין פיזישן זין פון וואָרט, נאָר איז פאַרבונדן מיטן אייביק־שווערן גראַנגל פאַרן קיום פונעם ייִדישן גייסט.

דער רמב״ם, אין זײַן „הלכות חנוכה״ - פ״ג, קאָנדענסירט די חנוכה געשעעניש אין פאָלגנדיקער שילדערונג: אין צײַט פון בית שני, האָבן די גריכישע מלכים אַרויס־געגעבן שווערע גזרות אויפן ייִדישן פאָלק מיטן הויפּט־ציל „בטל צו מאַכן דעם ייִדישן דת״ און צו פאַרניכטן די אמונה, נישט דערלאָזנדיק ייִדן צו לערנען זייער תורה און טאָן מצוות. די גריכן האָבן געראַובט ייִדיש פאַרמעגן און סעקוועסטרירט ייִדישע טעכטער, די גריכן זײַנען אַרײַן אין היכל און געמאַכט פאַרשיידענע איינ־ברוכן, זיי האָבן פאַראומרייניקט דאָס ריינע און דאָס הייליקע. דעמאָלט האָבן די בני חשמונאים געקעמפט, באַזיגט די שונאים און געשטאַרקט דאָס מלכות ישראל אויף אַ צײַט פון העכער צוויי הונדערט יאָר. נאָך דעם ווי ישראל האָט זיך גע־שטאַרקט איבער די שונאים און זיי פאַרטיליקט, איז באַשטימט געוואָרן אַן 8טאָ־גיקער יום טוב, —חנוכה—, אָנהייבנדיק פון 25טן טאָג פון חודש כסלו, וואָס זײַנען טעג פון פרייד און לויב. אין די נעכט צינדט מען אָן ליכט אין די הײַזער עפענונגען, כדי צו ווײַזן און צו אָנטפּלעקן דעם נס פון חנוכה״.

אַרײַנבליקנדיק געשיכטלעך אין דעם חשמונאים־קאַמף, אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז דער גרויסער, דער אומגעפּעלשטער אמת, אַז דאָס ייִדישע פאָלק, ווען עס האָט געלעבט אין אייגענעם לאַנד, האָט געקענט אויסהאַלטן די שווערסטע פיזישע לײַדן די שרעקלעכסטע נגישות, די אוממענטשלעכע רדיפות פון די שכנותדיקע פײַנטלעכע פעלקער, אפילו די גזירות פון די גרויזאַמסטע אינוואַזאָרן, אָבער ווען די שונאים האָבן פּראָקלאַמירט אַן אויסראָטונגס־מלחמה קעגן ייִדישן גײַסט, קעגן דער אייגנאַרטיקייט פון ייִדנטום, דעמאָלט איז דאָס גאַנצע פאָלק אויפגעשטאַ־נען, ווי איין מענטש, צו דער לעצטער שלאַכט פאַר זײַן גייסטיקן קיום.

אין ספר חשמונאים א׳ איז פאַראַן איין פסוק, וואָס דריקט אויס די גאַנצע גרויסע פרייד פון אַ פאָלק, וואָס זיגט פיזיש און גײַסטיק איבער אַלע זײַנע פײַנט: „כי גלל ה׳ את חרפת הגויים מעליהם״, ווײַל דער אַלמעכטיקער האָט אַראָפּגע־נומען פון ייִדן די שאַנד פון די גויים.

אין דעם ליגט די פולע באַדײַטונג פון דעם חנוכה יום־טוב. די אייביקע פֿוייד פון אַ קליין פֿאָלק, וואָס גייט אין מלחמה, נישט אויף צו דעראָבערן נײַע לענדער נישט צו פֿאַרשקלאַפֿן אַנדערע פֿעלקער, נאָר גייט אין שלאַכט פֿאַר זײַן אמונה, פֿאַר זײַן גײַסטיקער און קולטורעלער עקזיסטענץ, דערפֿאַר איז גאָרנישט קיין וווּנדער וואָס אַ רבים ווערט צעשמעטערט פֿון אַ מעטים, ווײַל אַ קליינע צאָל קעמפֿער, אויב זיי זײַנען דורכגעדרונגען מיט אַן אידעאַל פֿאַר וועלכן מען גייט אין מלחמה, איז נישטאָ קיין ספֿק, אַז דער אידעענלאָזער „רבים" מוז צעשטערט ווערן.

---

אינעם יאָר פֿון צוואַנציקסטן אַניווערסאַר פֿון דער ייִדישער מדינה, נאָך די גרויסע נצחונות פֿון דער ישׂראלדיקער אַרמיי, איז מעגלעך צו מאַכן אייניקע אַנאַלאָגיעס, וואָס באַקומען זייער אויסדרוק אינעם „בימים ההם ובזמן הזה": אין דער צײַט פֿון די חשמונאים האָט דאָס ייִדישע פֿאָלק זיך געפֿונען אין זײַן היימלאַנד, אויפֿן אייגענעם באָדן און נישט באַדאַרפֿט פּראָפּאַגאַנדירן די רעאַלי־זירונג פֿונעם רעיון פֿון קיבוץ גלויות. מיט 70 יאָר צוריק איז דער ארץ־ישׂראל־ישוב געווען נומעריש קליין, פֿיזיש שוואַך און — גײַסטיק נישט פֿילבאַר, אָבער ס'איז אויפֿגעשטאַנען אַ באַוועגונג, קליין אין צאָל און שטאַרק אין גאולה־שטרע־בונגען, דאָס איז די ציון מחנה, וועלכע האָט זיך צום ערשטן מאָל, פֿאַרזאַמלט אין באַזעל, פֿון וואַנען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער אומברחמנותדיקער גערּאַנגל פֿון אַ שוואַכן מעטים קעגן אַ געפּאַנצערטן רבים. דער דאָזיקער אומגלײַכער קאַמף ווערט דורותדיק באַלויכטן פֿון קליינע חנוכה־ליכטעלעך, געצונדענע אין אַלע ייִדישע צײַטן, נישט נאָר אויף צו געדענקען דעם העראָיזם פֿון די חשמונאים, נישט אויף גובר צו זײַן אינערלעכע אַסימילאַציעס און פֿיזישע און גײַסטיקע יסורים. דאָס קאָן זיך אָנרופֿן בימים ההם — דער פֿיזיש־ברוטאַלער העלעניזם, ווי בזמן הזה: אַנטי־ייִדישונג פֿון דער אייגענער היים, פֿון די אייגענע קינדער, פֿאַרשיידענע פֿאַ־רעטער, ווי דער ווּוקס פֿון עם הארצות אין אונדזער לעבן. בימים ההם, — גבו־רה און נצחון און בזמן הזה האָט דער ציוניסטישער געדאַנק באַדאַרפֿט אַרײַנ־ברענגען ייִדן קיין ארץ־ישׂראל, בויען שטעט און קאָלאָניעס, מנצח זײַן דעם מדבר און די בני־מדבר, שאַפֿן דעם באַוואָפֿנטן ייִדישן כּוח און דערגרייכן בזמן הזה די אומאָפּהענגיקייט פֿון ייִדישן פֿאָלק און זײַן פֿאָטערלאַנד, גובר זײַן מילי־אָנען אינערלעכע און אויסערלעכע מכשולים, כּדי צו קענען דערגרייכן דעם גרוי־סן נצחון פֿון צה"ל איבער אַלע אַראַבישע אַרמייען, צוזאַמען מיט זייערע נאַצי־פֿאַשיסטישע און קאָמוניסטישע מיטאַרבעטער און אַקטיווע באַשיצער.

דערפֿאַר באַדאַרפֿן מיר זאָגן כּפה מלא, אַז דער ייִדישער קאַמף אין די הײַ־יאָריקע זעקס גלאָרײַכע יוני־טעג — האָט איבערגעשטיגן די גבורות און נצחונות פֿון די חשמונאים.

דאָס ייִדישע פאָלק האָט איצט נישט געשאַפן קיין נײַעם יום־טוב לזכר דעם נצחון פון הײַנטיקן ייִדישן וואָפן. ס'לײַכט אין זײַן פולער באַדײַטונג דער אַלט־נײַער און באַנײַטער חנוכה יום־טוב. צוליב דעם ווילן אין די הײַנטיקע 8 חנוכה־נעכט ברענען די ליכטלעך שענער, העכער, פלאַמיקער, קדושהדיקער און ליכטיקער, ווי זיי האָבן געלויכטן פון יענער צײַט פון חנוכת המזבח — דורך טויזנטער יאָרן „הנרות הללו", וועלכע דערציילן גבורה־געשיכטע פון די חשמונאים — ביז צום הײַנטיקן טאָג פון חנוכת ירושלים השלימה, פון אַ פאַרגרעסערטער ארץ־ישראל, פון נײַע ייִדישע גבורות, וואָס די אור־אור אייניקלעך פון יענע חשמונאים — די הײַנטיקע צה"ל - קעמפער און קאָמאַנדאַנטן, — האָבן באַוויזן אויף אַלע פראָנט פון קיום העם והארץ.—

דער מלחמה־קאַמף פון די חשמונאים קעגן גריכישן שונא איז געווען דיק־טירט פון דעם אייביקן געבאָט פון ייִדישן פאָלק, נישט צו דערלאָזן צו זײַן גייס־טיק קולטורעלן אומקום. דער מאָדערנער פּאָליטישער ציוניזם איז דעריבער גע־ווען און פאַרבליבן דער זאַמלער און צונויפזאַמלער בזמן הזה פון יענע אַלטע מכביער שטרעבונגען, וועלכע האָבן אין אַ נײַעם אידעאַליסטישן פאַרנעם, פאַר־כאַפּט די הערצער און מוחות פון מיליאָנען ייִדן. דער חלוצישער, דער רעוואָלו־ציאָנערער ציוניזם, האָט געירשנט דעם חשמונאים - גײַסט, דעם קאַמפס־רצון, וואָס איז געקומען צום פולן לעבעדיקן אויסדרוק אינעם חלוצישן ווערק אין ארץ ישראל, ווי אין דער העראָיִק פון צה"ל, כדי בזמן הזה פאָרצוזעצן יענעם חשמו־נאים־געראַנגל פאַר ייִדישער פרײַהייט.

דער מכביער געראַנגל פון בימים ההם פון יענע טעג האָט באַזיגט אַ מעכ־טיקן שונא, וואָס האָט דעמאָלט געוואָלט אומברענגען גײַסטיק און פיזיש דאָס פרײַע ייִדישע פאָלק און זײַן היימלאַנד, אויך אין אונדזערע טעג, —בזמן הזה—, נאָכדעם ווי היטלער ימח שמו וזכרו מיט אַלע זײַנע מיטהעלפער רוצחים פון אַ סך פעלקער האָבן אויסגעמאָרדעט אַ דריטל פון אונדזער אומה, האָבן די אַראַבי־שע היטלערס, בראש מיט נאַסערן פון מצרים — געוואָלט אומברענגען פיזיש און במילא גײַסטיק, דאָס הײַנטיקע ישראל מיט אירע ייִדישע אײַנוווינער, דער קעמפערישער אַוואַנגאַרד פונעם קיבוץ גלויות־געדאַנק, אין פּראָצעס פון רעאַלי־זאַציע.

דער דאָזיקער שווערער געראַנגל מיט דער נישט־ייִדישער וועלט פירט זיך שוין 70 יאָר, און ער ווערט פאַרגעזעצט פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג, דער ציון־געדאַנק, געטראָגן און פאַרווירקלעכט פון גרויסע טיילן פון ייִדישן פאָלק, האָט דערפירט צום גרויסן טאָג פון אויסרופן די ייִדישע פרײַהייט, מיט 20 יאָר צוריק, פאַר די אויגן פון דער גאַנצער מענטשהײַט און צום 20סטן יאָר־טאָג פון מדינת ישראל האָט צה"ל מיט זײַנע נצחונות פון 6 גלאָררײַכע און אומ־פאַרגעסלעכע מלחמה־טעג אָוועקגעשטעלט דאָס ייִדישע פאָלק אין צענטער פון

דער וועלט און אויף זײַן קאָפּ אָנגעטאָן די קרוין פון די אַלטע חשמונאים־קעמ־פער.

ווידער ברענען הײַנט בײַנאַכט קליינע חנוכה־ליכטלעך אין מיליאָנען ייִדישע היימען אין דער באַפרײַטער ייִדישער מדינה, ווי בכל תפוצות ישראל. די „הנרות הללו" וואַרפן רעפלעקטאָרן־ליכט אויף אַלע ווײַטע און נאָענטע וועגן און פאַר־טרײַבן פון זיי די לעצטע פינצטערניש.

די הײַנטיקע חנוכה ליכטלעך דערציילן צוויי מאָל וועגן צוויי גרויסע גבורה־געשעענישן. דעם פריערדיקן העלדן־קאַמף פון די חשמונאים בימים ההם און דעם הײַנטיקן געפעכט — בזמן הזה —, פון צה"ל, פון דעם באַנײַטן ישראל, מיט אַלע שונאי־ציון וירושלים, וועלכע ווילן הײַנט, — פונקט ווי זייערע מערדערישע אור־אור־עלטערן, מיט אַנדערע פעלקער־נעמען — האָבן דאָס געוואָלט אין יענער צײַט, די פיזישע און גײַסטיקע צעשטערונג פון דער ייִדישער אומה.

דער הײַנטיקער פאַקל פון מודיעין, וואָס וועט געטראָגן ווערן איבער אַלע טיילן פון הײַנטיקן גרויסן ישראל, ווי די מיליאָנען ליכטלעך אין הײַנטיקן חנוכה וועלן אָנזאָגן דער מענטשהייט, דער עיקר אונדז, ייִדן אַליין, בכל אתר ואתר, אַז דער העכסטער שטרעבן פון ישראל און פון איר פאָלק איז צו זײַן אויף אייביק אַ גײַסטיקער אור לגויים.

# פסח — דער איבערגאַנג פון קנעכטשאַפט צו פרײַהייט

דער פסח יום־טוב איז די צײַט באַצייכענונג פון פאָלקס־אויסלייזונג, פון איבערגאַנג פון מצרים קנעכטשאַפט צו גאולת ישראל. פּסח סימבאַליזירט מיט זיך נישט נאָר יענעם שווערן גראַנגל צו פרײַהייט, וואָס קנעכט האָבן געפירט קעגן מצרישע סאַטראַפּן, נאָר ביז צום הײַנטיקן טאָג הערט נישט אויף דער קאַמף צווישן שעבוד און חרות, צווישן עבדים היינו און שטרעבונג צו זײַן בני חורין.

יציאת מצרים איז געווען און וועט פאַרבלײַבן די וואונדערלעכסטע און שטאַרקסטע געשעעניש אין לעבן פון יידישן פאָלק, נאָך הונדערטער יאָרן פון שווערן גלות, פון שווידערלעכסטע פּײַנען, פון עבודת פרך פון גרויזאַמסטער קנעכטשאַפט, פון מוראדיקסטע דערנידערונגען פון יידישן מענטש מצד הבא נתחכמהדיקע פרעהס און זײַנע פּײַניקער, האָבן יידישע קנעכט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם שעבוד הגלות און אָנגעהויבן דעם גרעסטן מאַרש אין דער מענטשלעכער געשיכטע צו פרײַהייט, דאָס איז געווען אַן אויפמאַרש פון באַפרײַטע יידן מיט אַן אידייען־אויפגאַבע אָנצוקומען אין לאַנד פון די אבות, מיטן איינציקן ציל צו לעבן פיזיש און גײַסטיק אין פולער גאולה.

דער פסח יום־טוב איז אויך דער חג הזכרון, וואָס פרישט אויף אין מוח פון יידישן יחיד, ווי פון כלל־ישראל אין אַמאָליקן יציאת מצרים, וואָס איז געווען דער איבערגאַנג פון טרויער צו פרייד, פון פינצטערניש צו ליכט, קיין שום יום־טוב האָט אַזוי נישט גערופן צו פרײַהייטס־קאַמף פון יידישן פאָלק אין די תפוצות ישראל, ווידער זמן חרותנו, וועלכער איז די קלאָרסטע באַצייכענונג פון פסח. דער זמן חרותנו באַלאָדן מיט האָפענונג און שטרעבונגען צו אויסלייזונג, האָט געשטאַרקט יידישע הערצער אין אַלע דורות און אין שווערסטע גלותן אַז טראָץ דעם, וואָס אין יעדן דור „עומדים עלינו לכלותנו" לעבן יידן איבער זייערע פּײַניקער און אונטערדריקער, די מאַסן פאָגראָמשטשיקעס, און אויפן אָרט פון גלות שרעק וואַקסט די האָפענונג אויף מאָרגנדיקער גאולה, הגם קיינער ווייסט נישט, ווען דער דאָזיקער „מאָרגן" קאָן קומען, אָבער קיין שום ייד האָט נישט געצווייפלט אינעם אָנקומען פון אַזאַ גליקלעכן טאָג, ווען ער וועט זיך אומקערן אַהיים קיין ארץ־ישראל, פון פרעמדן לאַנד, כדי צו לעבן אין פרײַהייט אויף דער ערד פון זײַנע אור־אור עלטערן.

אין משך פון אַלע גלות יאָרן האָט מען אין ייִדישע היימען, אַזוי ביז צום הײַנטיקן טאָג, אָנגעהויבן דעם „סדר״ מיט טרייסט־רייד: „השתא הכא לשנה הבאה בארעה דישראל״, השתא עבדא — לשנה הבאה בני חורין, הײַ־יאָר זענען מיר דאָ, אין קומענדיקן יאָר אין ארץ ישראל, הײַ־יאָר זענען מיר קנעכט, איבער־אַיאָר פרײַע מענטשן, די דאָזיקע גרויסע האָפענונג פון טראַנספאָרמאַציעס האָט אין יעדן ייִדישן דור געשטאַרקט דעם באַוווסטזײַן, אַז דאָס ייִדישע פאָלק שרעקט זיך נישט אַפילו פאַר די אויסראָטונגס־פּלענער פון זײַנע שונאים, נישטאָ דער כוח אין דער וועלט וואָס זאָל אונדז נישט מאַכן גלויבן אין אַ שענערער ייִדישער צוקונפט, דער יום טוב פסח איז געווען און פאַרבליבן דער סטימול נישט צו לאָזן אויסלעשן דאָס גאולה־פײַער אין אַלע שיכטן פון דער ייִדישער אומה, אין גוטע ווי אין אירע שלעכטע צײַטן!

דער פרײַהייטס יום־טוב איז שטענדיק געפײַערט געוואָרן מיט אַ סך פּראַכט און מיט אויסערגעוויינלעכער פרייד אין די תפוצות ישראל. אַפילו אין די שרעקלעכע אינקוויזיציע יאָרן, ווען דער קאַטוילישער חשכות האָט פאַר־דעקט דעם ייִדישן הימל אין שפּאַניע, האָבן אויך די אנוסים דורכגעפירט זייערע „סדרים״ אין די קעלער־טיפענישן מיט אַ סך פייערלעכקייט און טיפע נשמה־שטרעבונגען צו גאולת ישראל, זיי פלעגן מיט אַ באַזונדערער השתפכות הנפש דערציילן די געשיכטע פון יציאת מצרים, איבערגייענדיק צו עקסטאַז־שטרע־בונגען צו ווערן בני חורין צוזאַמען מיט אַלע גערודפטע ברידער און שוועסטער פון ייִדישן פאָלק.

פסח ווערט אויך באַצייכנט ווי דער חג האביב, דער פרילינגס יום-טוב אין דער נאַטור, די נאַטור אין ארץ ישראל וועקט אויף צו לעבן, צום וואַקסן און בליען, דעם בוים און דאָס גרעזל, די בלום און דאָס פעלד, אַלץ גרינט און וואַקסט, די ערשטע פעלד־פּרוכט, דער גערשטן איז שוין צײַטיק און ס'הייבט זיך שוין אָן זײַן שניט אויף די פעלדער און אין צײַט פון בית־המקדש האָט מען שוין געבראַכט דעם „עומר״ פון ערשטן גערשטן שניט.

דער פסח יום־טוב אין יאָר ה'תשכ״ח האָט גאָר אַ באַזונדערע באַדײַטונג, ער ווערט אָפּגעהאַלטן אין אַ גליקלעכער צײַט, ווען דער זמן חרותנו איז געוואָרן אַ פריידיקע רעאַליטעט. דאָס פאָלק פון „השתא עבדא״ איז דורך דער ציוניסטישער באַוועגונג און דורך אירע באַפליגלטע אידייען פון ייִדן־באַפרײַונג, געוואָרן און וועט שוין פאַרבלײַבן אַן אומה פון „בני חורין״.

---

אין ליכטיקן פלאַם פון ייִדישער גאולה, פון דער דערהויבנסטער קדושת־העם והארץ גבורה מצד די הײַנטיקע בני חורין, דער ייִדישער בוי און קאַמפס־אַוואַנ־גאַרד אין דער ייִדישער מדינה, איז יעדער ייִד בכוח צו זען זײַן אייגענע נשמה,

זיין מוח איז ביכולת גייסטיק ארייינצובליקן אין שטרעבונגען פון אלע יידישע דור־רות, וועלכע האבן מתפלל געווען צו דערלעבן דעם גאולה־טאג, וואס מיר. אין היינטיקן דור, האבן דערצו זוכה געווען.

אמת, אין די לעצטע 25 יאר בפרט אין צייטלויף פון 20 יאר יידישע מדינה־עקזיסטענץ, פייערן יידן דעם יום־טוב פסח צווישן דערמאנען דעם הערא:ישן יידישן אויפשטאנד אין ווארשעווער געטא, ווי דעם אומאויפהערלעכן געראנגל פון ציון און גאולה - געדאנק אויף צו דערגרייכן די אומאפהענגיקייט פון יידישן פאלק, פסח איז אין די לעצטע יארן געווארן דער סימבאל פון יידישן ווידערשטאנד קעגן אלערליי קאמוניסטישע, נאצי־פאשיסטישע אויסברוכן קעגן יידן, דער עיקר, מיר האבן איינמאל אויף שטענדיק אויפגעהערט צו זיין א פאלק „צווישן פאלנדיקע ווענט", נאר א באפרייטע אומה פון א זיכערער צוקונפט, פון אן אייביק דויערנ־דיקער פרייהייט.

דער היי-יאריקער פסח מוז זיך געפינען אונטערן שטארקן רושם פון ישראלס נצחון איבער אירע פיינט, די יידישע מאסן אין דער גארער וועלט מוזן געדענקען, דאס מאל מער ווי שטענדיק, אז די יידישע מדינה און דאס יידישע פאלק זענעןביידע צוזאמען אין דער היינטיקער פאליטישער אינטערעסן־וועלט בבחינת פון אן „עם ישראל ומדינה לבדר תשכון" ביידע זיינען פארבליבן אן אמתע פריינט אבער מיט גאר גרויסע און גרויזאמע שונאים, פריינטלעכע און מכלומרשט פריינטלעכע מלוכות ריידן האלבע דיבורים, זענען מבטיח פארנעפלטע הבטחות, דערווייל פאר־קויפן זיי כלי משחית אונדזערע רוצחישע פיינט ביי די ירדן־גרענעצן מיט יש־ראל, פון די היידאמאקעס, פעטלוראווצעס, קאזאקן, און קאסיגין־רוסן מיט רוי־טער קאמוניסטישער פארב, באגלייט פון די גאמולקא כוליגאנעס, איז דאך זיכער נישטא וואס צו דערווארטן, דערפאר מוז היי־יאר דער „זכור אשר עשה לך עמלק" זיין שטארקער ווי שטענדיק נישט נאר יענער אלט־אלטער עמלק, נאר די פארשידענע היינטצייטיקע עמלקים, וואס האבן זיך פארמאסטן אפצווישן דאס יידישע לעבן פונעם פנים פון דער ערד. אבער קיינמאל וועלן די יידישע מאסן אין דער גארער וועלט נישט אויסדריקן זייער ממשותדיקע סאלידאריטעט מיט דער יידישער מדינה, ווי היי־יאר בפרט אין היינטיקן פסח, וואס 20 יאר יידישע מדינה האט לעבעדיק געמאכט אויף שטענדיק פאר דער אייביקער צוקונפט א נייעם זמן, דעם זמן חרותנו.

היינט קענען מיר זאגן מיט פאעטישע ווערטער: דערהויב זיך, יידישע נשמה אויף די פליגלען פון דער דערגרייכטער גאולה און קער זיך צוריק צום וואנדער־לאנד פון יידישע דורות חלוצים אין דעם אייביקן יידישן לאנד איז געשטאנען פעלזנפעסט, ווי א ריז דאס יידישע פאלק און געברויזט מיט גייסט און מיט גבורה, האט ארויסגעגעבן נביאים און שופטים, קריגער און פאסטוכער, העלדן און קעמפער, אלע צוזאמען האבן איינגעקריצט אין דעם יידישן פאלקס - זכרון

ליכטיקע זכרונות פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט און איבערגעלאָזט אין דער גאַנצער מענטשהייט די לערעס פון תנ״ך מיט וועלכע זי קאָן זיך נעבעך נישט קיין עצה געבן...

פּסח איז שוין פון לאַנג געווען דער יום-טוב פון בענקשאַפט צו אויסלייזונג. נאָך אין די דריי עקיקע געצעלטן פון מדבר וואַנדערער זענען שוין אינעווייניק געזעסן בני חורין, הגם דער וועג צום צוגעזאָגטן לאַנד איז נאָך געווען אַ ווייטער און אַ געפערלעכער, אָבער ווען דער ערשטער גרויסער אַקט פון יציאת מצרים האָט זיך פאַרענדיקט איז דער צווייטער אַקט, ביי שטאָלצע יידישע נאָמאַדן־שבטים פון אַריינקומען אין ארץ ישראל, שוין געווען אַ לייכטערער טראָץ דעם, וואָס ביי ווייניק גלויביקע, אין גאולה אמתן פאַרלייקנדיקע בני מדבר קאָן זיך אָפּטמאָל הערן דער אויסגעשריי: „ניתנה ראש ונשובה מצרימה״, לאָמיר זיך מאַכן אַ פירער און צוריקקערן קיין מצרים, אפילו היינט געפינען זיך אינעם יידישן פאָלק אַזעלכע יחידים, וואָס שוין 50 יאָר פון קאָמוניסטישן מדבר, האָבן זיי נאָך אַלץ אַ „ראש״, אַ פירער, אַ געטשקע, נישט וויכטיק, ווי ער האָט געהייסן נעכטן, אָדער ווי ער רופט זיך היינט, וואָס זענען נאָך איצט אייגעשפּאַנט ווי ווילדע פערד אינעם מצרישן נאַצי־קאָמוניסטישן וואָגן קעגן דער יידישער מדי־נה, במילא קעגן עצם קיום פון יידישן פאָלק. דער ווילן זיך אומצוקערן אין יידישן לאַנד איז שטענדיק שטאַרקער פון די „עגל הזהב״ מאַכער ביי די בני מדבר, אויך היינט איז דער „עגל הזהב״־שטרעבן ביי אַ געוויסן סאָרט רייכע יידן דער העכסטער אין זייער אָרעם יידיש לעבן, אָבער יענער דור פון אַ „עגל הזהב״, וואָס האָט געטאַנצט, אַרום דעם „גאָלדענעם קאַלב״ און פּראָקלאַמירט דעם „אלה אלוקיך ישראל״, האָט נישט זוכה געווען אַריינצוקומען קיין ארץ ישראל, יהושוע האָט געקרייצט דעם ירדן און זיך געשלאָגן מיט די 31 מלכים מיט דער הילף פון אַ נייעם דור, אין וועמענס האַרץ איז געווען איין ציל און באַגער, איין פאַרלאַנג און איין הויכער שטרעבן: פרייהייט אויף אַן אייגענער ערד: היינט פאַרמאָגט נאָך דאָס יידישע פאָלק איבערבלײַבענישן פון יענע פאַרגעטערער פונעם „גאָלדענעם קאַלב״, וועלכע זענען בלינד צו זען פון איין זייט דאָס היסטאָרישע ווערק פון דער יידישער מדינה, צו וועלכער זיי זענען נאָכנישט געוואָרן קיין שותפים, וואָס זענען געשלאָגן געוואָרן מיט טעמפּקייט נישט צו פילן מיט אייגענע חושים, אַז דער גאָלד אָלימפּ אויף וועלכע אַ טייל פון דער יידישער גביראָקראַטיע זיצט נאָך שאָקלט זיך שוין גאַנץ שטאַרק.

אין היינטיקן יום־טוב פּסח וועט דער נישט באַפרײַטער ייד נאָך מער בענקען צו פרײַהייט, דער נישט־דערלייזטער צו אויסלייזונג, אויב ס׳זענען פאַראַן בלינדע, לאָמיר האָפן, אַז זיי וועלן דערזען דאָס ליכט פון גאולה, אויב עס זענען נאָך דאָ יידן מיט פאַרשטאָפּטע אויערן און פאַרשטאָפּטע חושים, באַגלייט פון גוישע נשמות, לאָמיר גלויבן, אַז זיי וועלן הערן דעם וויי־געשריי און דעם

זיפץ פון אַ סך יידישע גלות־דורות זיי ווערן פאַרשטיין דעם פאַרנעם פון דעם איצטיקן זמן חרותנו און די יידישע נשמה וועט מיט פרייד אויפנעמען די בשורה פון דער יידישער פרייהייט און זיך אָנהייבן וואַרעמען ביים נייעם זון־אויפגאַנג פון דער באַנייטער יידישער געשיכטע.

פסח איז דער גרויסער יום טוב פון די פרייע און שטאָלצע יידן, דער דאָזי־קער יום טוב סטימולירט יעדן דענקענדיקן ייד צו שטאַרקן דאָס ווערק פון דער יידישער מדינה, פסח איז אָבער אויך דער פרעכטיקער שניט אָנהויב אויף די פעלדער פון יהודה און גליל, פון רמת הגולן און אפרים, פון עמק יזראעל און פור־נעם באַפרוכפערטן נגב, שטייט טאַקע איצט דאָס דערלייזטע, אָבער נאָך נישט אויסגעלייזטע פאָלק ישראל פאַר דער אויפגאַבע צו שמידן דעם זמן חרותנו מיט אַזאַ קראַפט, וואָס זאָל אויף אייביק צעשטערן און פאַרניכטן די באַגריפן פון אַ פאָלק צווישן פאָלנדיקע וועגט ווי פון דעם פסח פסוק: „בבל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו"... ווייל דער איבערגאַנג פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט וועט שוין זיין אַן אייביקער פאַרן יידישן פאָלק.

# שבועות - דער יום־טוב פון יידישן גייסט

(מחשבות וועגן שבועות)

אַלע, אָדער כמעט אַלע, גרויסע פייערונגען ביי פאַרשיידענע פעלקער זײַנען פאַרבונדן, אַפילו אין די הײַנטיקע צייטן, מיט געוווּנענע שלאַכטן, מיט באַזיגטע שונאים, מיט חרוב מאַכן פרעמדע לענדער, זעלטן ווען פייערט אַ פאָלק אַ נצחון פון קולטור־דערגרייכונגען, אַ זיג פון גייסט איבער דעם יצר פון מאַטעריעלע שטרעבונגען.

שבועות איז טאַקע דערפאַר דער איינציגער יום טוב פון יידישן גייסט, ווייל בני מדבר האָבן געהאַט דעם זכות דורכצומאַכן דעם מעמד הר סיני און מיט דער גרעסטער געזעץ־דעראָבערונג — עשרת הדברות —, צייכענען פאַר זיך און פאַר דער שפּעטערדיקער מענטשהייט, נײַע ליכטיקע וועגן פון יושר און מענטשן־ליבע. דער יום טוב שבועות האָט דעריבער אויף זיך דעם אור־אור אַלטן חותם פון אַ היסטאָרישער און אייביק־פאַרבלײַבנדיקער פעסטשטעלונג, וואָס טראָגט אויף זיך דעם שטאָלצן יידישן נאָמען: „ביום הזה נהיית לעם", אין דעם דאָזיקן טאָג, פון מתן תורה, ביסטו געוואָרן אַ פאָלק. די בני ישראל האָבן געקענט זיך צעטיילן אין שבטים, האָבן פאַרשיידענע — צווישן זיך — קעגנגעזעצטע אינטערעסן, אָבער דאָס נײַע געזעץ איבער זיך און דער גײַסט פון דער עשרת־הדברותדיקער געזעצ־געבונג אין זיך, פאַראייניקט אַלעמען צו אַ גרויס פאָלק, וועמענס סיני־לערעס טראָגן זיך שפּעטער אַריבער צו אַנדערע פעלקער, וועלכע פאַרקריפּלען זייער איבער־האַלט און פאַרוואַנדלען דעם „לא תרצח" אין אַ פּערמאַנענטער בלוט־פאַרגיסונג, אין אַ קעגנזײַטיקער מענטשן־אויסראָטונג.

אויך דאָס יידישע פאָלק אויף זײַן אייגענער טעריטאָריע, אַמאָל צוליב דעם דת־אָפּנויג פון קעניג, אָדער שופט, אַמאָל צוליב אַן אויסערלעכן דרוק פון פרעמ־דע אָקופּאַנטן מיט צעהפקרטע געצנדינעריי, איינגעשלאָסן דעם קולטור־אַוואַנס איבער לענדער און פעלקער פון פאַרצייטיקן העלעניזם, מוז אַמאָל, נישט פון אייגענעם ווילן, אָדער די רייכע שיכטן פון זעלבסט־צופרידענעם רצון, אַרונטער־פאַלן אונטער פרעמדע אײַנפלוסן, „רעליגיעזע" עבודה זרהדיקע מנהגים אַרגיעס פאַרכאַפּן דאָס לאַנד און בלויז יחידים האָבן דעם מוט און דעם כוח אויפצוהאַלטן דעם הייליקן פלאַם פון עכטער נישט־געפעלשטע, יידישע גייסט־קאָנצעפּטן. פּראָ־

פעסאָר דובנאָוו, דער גרויסער ייִדישער היסטאָריקער, דער ניגון פון דער ייִדישער געשיכטע, ברענגט אַביישפּיל שומרון, וואָס איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דעם איינפלוס פון אַן אַלטער פּאַסירונג און פון דער פעניקישער קולטור. דער ייִדישער קעניג אחאב, אונטער דער ווירקונג פון דער פרעמדער ווײַב איזבל, פירט אײַן אין לאַנד ישראל דעם געצנדינסט צום בעל, דאָס ווערט געמאַכט מיט דער קער ניגלעכער הסכמה, אָבער די דינער פון „בעל" ווילן זיך אויך נישט אָפּזאָגן פון דעם ייִדיש־נאַציאָנאַלן יהוה, דעמאָלט מאַכן זיי אַ גײַסטיק־רעליגיעזן שותפות און זענען זיכער, אַז סײַ געצנדינסט, פאַרבונדן מיט אָרגיעס און סיי יעהאָווא, געקערט מיט אינדיווידועלע פליכטן צום יחיד און צום כלל ישראל, וועלן צווישן זיך אויסקומען בשלום, אָבער דער נביא אליהו, דער פלאַם־פײַערדיקער קעמפער קעגן אַזאַ פאָרם פון פאַרקריפּלונג פון ייִדישע לערעס, וויל נישט מסכים זײַן צו אַזאַ צונויפמישונג פון צוויי פרעמדע, קעגנגעזעצטע זיך באַקעמפנדיקע קולטורן, ווייל יהוה איז דער סימבאָל פון דער בני־ישראלדיקער גייסט־רעוואָלוציע און בעל — פון דער נידעריקסטער פאָרם פון שעדלעכער אַסימילאַציע, אליהו, דער אומקאָמפּראָמיסלעכער שלאַכטמאַן פון ייִדישן גייסט שרייט אויס צו די יעהאָוואַ־קעגנער, אָדער צו די קאָמפּראָמיס־אַנהענגער פוןביידע געטער: „ביז וואַנען וועט איר אַרומשפּרינגען צווישן ביידע שוועלן? צווישן די טעמפּלען פון יהוה און בעל? אויב יעהאָוואַ איז גאָט — גייט נאָך אים; אויב בעל האָט פאַר אייך אַ ווערט, טאָ גייט נאָך בעל".

אין דער ניי־צײַטיקער שפּראַך שרײַט אַרויס דובנאָוו זײַן פּראָטעסט צו די אַיצטיקע, אין אונדזער דור, ייִדישע עלטערן: „אײַערע קינדער וועלן אייך דאַרפן אָנקלאָגן פאַרן הויכן טריבונאַל פון דער ייִדישער געשיכטע. איר האָט פון זייער צונג אַרויסגעריסן שפּראַך און קולטור. וועגן ייִדישקייט מיט זיי נישט גערעדט; און ווען יאָ דערמאָנט איז וועגן עפּעס אָפּגעלעבטס, בײַ וועלכעס עס האַלט זיך די פינצטערע מאַסע, אָבער נישט די געבילדעטע, וואָס נעמען איבער די רײַכע קולטור פון הערשנדיקן פאָלק, אײַערע קינדער האָבן געלערנט פּושקינען און נישט געוווּסט וועגן דער פּאָעזיע פון תהלים, שיר השירים, יהודה הלוי אָדער פון דער נײַער ייִדישער און העברעיִשער ליטעראַטור... זיי האָבן געלייענט און געלערנט די געשיכטע פון אַלע פעלקער, אָבער נישט פון אייגענעם פאָלק... קעגן אַזעלכע ווי איר האָט דער נביא געדונערט: „די זין דײַנע און טעכטער זיינען אַוועקגעגעבן געוואָרן צו אַן אַנדער פאָלק"...

אין דברים (ל' י"א - י"ד-, זאָגט זיך וועגן די תורה־לערעס און געזעגענבאָטן פון ייִדישן פאָלק אַזוי: „דאָס געבאָט וואָס איך גיב דיר איז נישט אומצוטריטלעך פאַר דיר און איז נישט ווײַט פון דיר... נאָענט פון דיר איז די זאַך און פון די ליפּן דײַנע און פון דעם האַרץ דײַנעם איז געווענדט עס מקיים צו זײַן"...

אַפילו הײַנט, נאָכן אַפּלויף פון טויזנטער יאָרן ייִדיש לעבן, סײַ אין איי־געגעם ארץ ישראל והן אין דער גלותדיקער פרעמד, װען ייִדישער גײַסט האָט זיך געראַנגלט מיט אַלערליי שטאַרקע קולטורן און פרעמדע גײַסט־אַסימילאַציעס, איז אַקטועל דעם קאַמף פון הײַנטיקן ייִדישן דור קעגן אַלע זעלבסט־פאַרלייקענער, אינעם ייִדישן גײַסט, פון אינעווייניק, ווי קעגן אַלע קולטור־געפּאַרן פון דרויסן.

דער יום־טוב שבועות, ווי ער ווערט דערמאָנט אין ספר שמות (ב״ג) האָט אַ ווירטשאַפטלעכע באַדײַטונג. פּונקט ווי פּסח ווערט באַצייכנט אַלס אַ יום טוב פון פרילינג און סוכות ווי פײַער-טעג פון אײַנזאַמלען די תבואות אין די שײַערן, אַזוי ווערט שבועות אָנגערופן דער חג הקציר, דער יום טוב פון שניט, ווײַל אין דאָזיקן פײַערטאָג האָבן די בני ישראל באַקומען דעם אָנזאָג פון „ראשית בכורי אדמתך תביא בית ה׳ אלוקיך״, די ערשטע צײַטיקע פרוכט פון ערד זאָלסטו ברענגען אין הויז פון דײַן גאָט״.

יעדע אומה פײַערט אירע ימים טובים לפי איר אינהאַלט און קולטור. עס זענען פאַראַן פעלקער, וואָס דערמאָנען אין באַשטימטע טעג פון יאָר זייערע שוועדר־ און מאָרד־דערפאָלגן, אַנדערע פעלקער פײַערן מיט פּראַכט און פאַרנעם זייער דערגרייכטע פרײַהייט. דאָס ייִדישע פאָלק האָט אַ באַזונדערן יום־טוב — שבועות — וואָס האָט נישט קיין פאַרגלײַך מיט די פייער־טעג פון אַלע אַנדערע אומות העולם. קיין שום אומה האָט נישט געהאַט. אין וואָס פאַר אַ פאָרם דאָס זאָל נישט זײַן, אַן אייגענע קולטור-דערוורבונג, נאָר דאָס ייִדישע פאָלק פאַר־מאָגט אַן אייגנאַרטיקן חג קבלת התורה, אין װעמען די ייִדן זעען זייער באַזונ־דערקייט צווישן פעלקער, זייער סוד פון אייביקייט, דעם קיום פון ייִדישע דורות עד אין סוף און וואָס איז באַגלייט פון אַן אויסערגעוויינלעכן גלויבן אין די ווערטן פון דעם אייביקן ייִדישן גײַסט, וועלכער האָט זיך קיינמאָל נישט אויס־געצייכנט מיט פיזישע טריומפן, נאָר מיט העכערע מלכות־שמימדיקע נצחונות.

די געשיכטע פון ייִדישן פאָלק הייבט זיך פאַקטיש אָן מיט דעם אל אחד, וואָס באַווײַזט זיך צו אַברהמען און דערנאָך, ווען ס׳הערשט שוין דער כוח פון תנ״ך אין דער מענטשהייט, ווען די רייד פון אונדזערע נביאים דרינגען אַרײַן אין אַלע ווינקעלעך פון דער אַלטער און נײַער וועלט, ווען זייערע לערעס געפּי־נען זיך שוין אין די מוחות פון הונדערטער מיליאָנען ערד-אײַנוווינער, דעמאָלט רעדט די ייִדישע געטלעכקייט צו אַלעמען דורך בלעטער פון אונדזער ספר הס־פרים און מיט די וויזיעס און לערעס װעגן אַ וועלט פון צדק און יושר — דורך אונדזערע פּראָפעטן.

אָבער ווען מיר קוקן זיך צו צום לעבן פון דער מערהײַט פעלקער, וועלכע גרויסן זיך למראית עין מיט זייער רעליגיעזער קולטור געגומען פון אונדזער ספר הספרים, זעט מען דעם תהום צווישן זייערע שמן־זיתדיקע רייד און זייערע רוצ־חישע האַנדלונגען. זייערע געבעט־הײַזער זענען געוואָרן נעסטן פון ערגסטער אַנטי-

סעמיטישער שנאה, הגם כאָרן האָבן געזונגען קאַפּיטלעך תהילים און גײַסטלעכע האָבן געערעדט די רייד פון אונדזערע נביאים. אָבער גלײַכצײַטיק האָט מען פאַרסמט די נשמות און הערצער פון הונדערטער מיליאָנען מענטשן, וועמען מען האָט גערופן צו רעליגיעזער נקמה קעגן יידישן פאָלק. דער דאָזיקער פּערמאַנענטער האַס איז ליידער נישט געבליבן קיין קול קורא במדבר, נאָר איז אין אַלע יידישע דורות, בפרט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, געוווען און געבליבן אַ טראַגישע רעאַליטעט.
ווער האָט זיך נישט באַטייליקט אין דער אויסראָטונג פון יידן? ווער האָט נישט פּאָגראָמירט יידיש לעבן און יידיש האָב און גוטס? ווער האָט נישט געמאָרדעט קיין יידישע קינדער? ווער האָט נישט געברענט קיין ספרי תורות און בתי-מדרשים? דער בייזער פעלקער – וואָלף האָט נאָר אויף זיך אַרויפגעצויגן אַ שעפּסן-פעלכל, אָבער די וועלפישע ציין זענען געבליבן די זעלבע, עס האָט נישט געהאָלפן דער „אַלטער טעסטאַמענט״, אַוודאי נישט דער „ברית החדשה״, אַפילו נישט די ציוויליזאַציע און די גרויסע קולטור – דערגרייכונגען ביי די זעלבע פעלקער, אײַנגעשלאָסן זייערע שרײַבער, דענקער, פילאָזאָפן, זשורנאַליסטן, פּראָפעסאָרן און אוניווערסיטעטן. די גרעסטע מערהייט זייערע האָט מיט פאַרגעניגן אויפגעשטעלט גאַז-אויוונס, קאָנצענטראַציע לאַגערן און אַליין בידיים געמאָרדעט און אויסגעמאָרדעט 6 מיליאָן יידן פאַר די אויגן פון דער דאָזיקער „רעליגיעזער, קולטורעל-גײַסטיקער״ נישט-יידישער וועלט.

אָבער די גרויסקייט פון יידישן פאָלק, פון זײַן אַלט-נײַער קולטור, פון זײַן אייביקן גײַסט, פון מעמד הר סיני ביז צו אונדזערע הײַנטיקע טעג, באַשטייט אין דעם, וואָס אונדזער אומה האָט פּערמאַנענט געפירט אַ ווידערשטאַנד-קאַמף קעגן אַלע פרעמדע אײַנפלוסן, איז דאָס געווען מיט דער כנענישער קולטור, מיט דעם פעניקישן גײַסט, מיט דער גאַנצער אַרומיקער געצנדינערישער וועלט, וואָס האָט אַרומגערינגלט ארץ-ישראל, קעגן דער גריכישער קולטור וואָס האָט געשאַפן אַ קולט פון פיזישער שיינקייט, אין דער זעלבער צײַט האָט די יידישע מאָראַל געפּרעדיקט די שיינקייט פון דער יידישער נשמה, די גוטסקייט פון יידישן האַרץ, אַנדערע פעלקער האָבן גדלותדיק אַרויסגעשריגן זייער מלחמה-גייסט. האָבן יידן אַרויסגעשטעלט זייער אני מאמין, אַזוי ווערט דאָס זיין אייביק, פון חסד און אמת, פון שלום און צדק, פון אַן אויפריכטיקן ווונטש צו לעבן אין אַ וועלט פון אַ גליקלעכער מענטשהייט, באַפרײַט פון שנאת-חינם פון אומזיניקע מלחמות, אַ וועלט מיט באחרית-הימימדיקע וויזיעס.

אין שבועות-יום-טוב ווערט געלייענט מגילת רות. וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער גאַנצער ענין מיט מעמד הר סיני? מגילת רות באַווייזט אָבער די באַציִונג פון יידישן פאָלק צו גרים, וואָס נעמען אויף זיך דעם אמתן עול פון יידישקייט. אין דער דאָזיקער „מגילה״ ווערט געשילדערט די באַציִונג פון יידישע פויערים צו דער

מואַבישער מיידל — רות, צו דער פרעמדער, וואָס קומט קלויבן די פּאַרבליבענע זאַנגען אויף רייכע יידישע פעלדער. לויט דער לעגענדע איז דוד המלך, אַן אָפּשטאַמיקער פון רות, געבוירן און נפטר געוואָרן אין שבועות, דערפאַר ווערט געלייענט די דאָזיקע מגילת רות אין שבועות, ווי אַ באַערונג צום געבורט פון דוד מלך ישראל, חי וקיים. ס'איז אויך איינגעפירט געוואָרן דער מנהג צו לייענען „אקדמות" אין שבועות פאַר קריאת התורה, דאָס איז אַ שיר פון 90 שורות, וואָס אַלע פאַרענדיקן זיך מיט די צוויי אותיות: „תא", דער שיר איז געשריבן אין אַראַמיש לפי דעם סדר פון אלף־בית. זיין מחבר איז געווען רבי מאיר בן רבי יצחק פון וורמיזה. אַ פאָלקס-לעגענדע טוט אָן אַ קרוין אויפן קאָפּ פון דעם דערמאָנטן מחבר, באַגלייט פון אַ געשיכטע, וואָס איז זיך פאַרלאָפן אין דייטשלאַנד מיט אַ גלח, אַ וויסטן שונא ישראל, וועלכער האָט כסדר גערעדט שלעכטס אויף יידן פאַרן קיסר, פאַרלאַנגענדיק פון די רבנים, זיי זאָלן זיך מיט אים עפנטלעך מתווכח זיין וועגן רעליגיעזע ענינים. דער קיסר האָט באַשטימט אַ צייט טערמין פאַרן וויכוח, די יידן האָבן געבעטן אַ צייט־פאַרלענגערונג, כדי צו קענען געפינען איינעם פון די גרויסע יידישע לומדים און חכמים, וואָס זאָל אַנטיילנעמען אין דעם הויפּט דיספּוט מיטן גלח. פונקט דעמאָלט איז געקומען רבי מאיר פון ווייטע געגנטן און ס'איז אים מיט זיין גרויסער חכמה געלונגען צו באַזיגן דעם רשעות'דיקן גלח און אַזוי אַרום איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן אַ גאַנצער ישוב פון גירוש. אויף דער פאָן פון דער דאָזיקער וויכטיקער געשעעניש לייענט מען „אקדמות", וואָס אין זיין אינהאַלט הערט מען דעם שטילן ווייטן עכאָ פון אַ גרויסן רעליגיעזן כוח-וויכוח צווישן יידנטום און די נישט־יידישע וועלט, אין דעם חג קבלת התורה.

דער יום טוב שבועות ווערט אויך פאַררעכנט ווי דער יום־הדין, אין וועלכן ס'ווערט באַשטימט די פּרוכטבאַרקייט, אָדער פּרוכטלאָזיקייט פון די פּרוכטן און תבואות פון ארץ־ישראל, יעדער בוים און יעדעס פעלד ווערט געמשפּט און די בכורים־פייערונג, די ערשטע צייטיקע פּרוכט „אין גאָטס הויז" און אַ קלאָרער אָנזאָג אויף דער ברכה, וואָס רוט שוין אויף די פעלדער פון יידישן היימלאַנד, אויף די גערטנער און ביימער פון ישראל. פון בכורים יום־טוב טראָגט זיך שוין די פרייד איבער אַלע, וואָס באַאַרבעטן די ערד פון יידישן פּאַטערלאַנד, אָנזאָגנדיק די יידישע פּויערים, ווי אַלע איינוווינער פון ארץ ישראל, אַז דער חג האסיף-סוכות, וועט זיין באַגלייט פון אָנגעפילט שייערן מיט תבואה און פּרוכטן פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג פון לאַנד.

אַזוי איז דאָס געווען אין דער אַלט־אַלטער ביבלישער תקופה פון ארץ־ישראל, היינט ווערט אינעם באַנייטן יידישן לאַנד, אין ישראל, געבראַכט בכורים ביי אַלע גרויסע שבועות פייערונגען, דעם גרעסטן יישר כוח פאַרדינט דער קרן־קימת לישראל פאַר אויפלעבן דעם דאָזיקן פאַרצייטיקן מנהג, אָבער גלייכצייטיק מיט ברענגען צייטיקע פּרוכטן, קומען אויך פון היינטיקן יידישן היימלאַנד, ציי-

טיקע אידייען פון קיבוץ גלויות, פון קאמף פאר דער איצטיקער און אייביקער ייִדישער פרייהייט.

דער הײַנטיקער יום טוב שבועות, וואס פאלט אויס נאענט צום גלארײַכן 6טן יוני, ווען דער ייִדישער כלי־זיין האט מנצח געווען אזוי פיל שונאים, נאר דער אלטער ייִדישער גײַסט וואס געפינט זיך אײַנגעקריצט אין די הערצער פון די הונדערטער טויזנטער ייִדישע קעמפער, ווי אינעם רוב פונעם ייִדישן פאלק. אין דער וועלט האט טריומפירט, וואקסט אויס דער דאזיקער גײַסט יום־טוב אין אונ־דזערע אויגן צו א גרויסער, ווידער זיך באנײַענדיקער קראפט, וועמענס אינהאלט אין גרויסע לערעס וועלן הערשן, סײַ אין אונדזער באפרײַט פאלק והן אין דער גאנצער מענטשהייט.

נאר דעמאלט ווען די גאנצע מענטשהייט וועט פארניכטן דעם מעכטיקן אר־סענאל פון אטאמישן און קאנווענציאנעלן וואפן און צוזאמען מיט דעם — די ריזיקע אנגעזאמלטע לאגערן פון מענטשן־האס און ייִדן־שנאה, דעמאלט וועט אויף שטענדיק בלײַבן א וועלט פון פרייד און גליק, פון צדק און שלום.

# תשעה באב — דער טאָג פון נאַציאָנאַלן יידישן פאָלקס־טרויער

דער מחבר פון „לאָן״, פייערבערג, זאָגט אין איינע פון זיינע ערשטע פּאָעמעס: „צענדליקער טויזנטער מענטשן זיצן אויף דער ערד, אין טויזנטער בתי כנסיות אין אַלע פיר וועלט־טיילן און וויינען אויפן נאַציאָנאַלן חורבן. אַ גרויס וואָגלדיק און אומגליקלעך פאָלק זיצט און וויינט און דאָס ציט זיך שוין אַזאַ לאַנגע צייט״!

פערדינאַנד לאַסאַל, דער באַרימט געוואָרענער פירער פון דייטשן און אינ־טערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, איז אין זיין יוגנט געווען באַהערשט פון יידיש־נאַציאָנאַלע שטימונגען, מעגלעך אויך פון יידיש־נאַציאָנאַלע געפילן און אידייען. איינמאָל אין אַ תשעה באב־טאָג, איז ער אַריינגעקומען אינדערפרי, אין בית־הכנסת און געהערט דאָס שלוכצן און וויינען אויף אַ קול פון טויזנטער יידן ביים זאָגן קינות, בכלל האָט דאָס אבלות בילד אין שיל, אין טאָג פון נאַציאָנאַלן טרויער, געמאַכט אַן אומגעהויערן איינדרוק אויף דעם יונגן ברויזנדיקן לאַסאַל, וועלכער האָט נישט געקענט צווימען זיין טעמפּעראַמענט, זיין אינערלעכן נשמה־אויפברויז, שרייענדיק צו די טרויערנדיקע יידן: „מיט וויינען אַליין קאָן מען נישט באַקומען די אייגענע פרייהייט״. איז נישט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט, אַז דער יונגערמאַן, וואָס האָט געחלומט פון אַ יידישער באַוואָפנטער קראַפט, פון אַ יידישן לעגיאָן, אויף צו באַפרייען ארץ ישראל, זעענדיק אַ פאָלק, וואָס איז גרייט נאָר צו וויינען אויפן אייגענעם נאַציאָנאַלן חורבן און איז נישט גרייט צו קעמפן קעגן גלות און שקלאַפעריי, האָט אים אָוועקגעפירט פון זיין אייגן פאָלק אויף די ברייטע שליאַכן פון אינטערנאַציאָנאַלן קאַמף קעגן עקס־פּלאָטאַציע בכלל און פאַר מענטשלעכער פרייהייט בפרט.

די אַלטע און נייע העברעיִשע ליטעראַטור, איינגעשלאָסן די טויזנט יאָריקע ליטעראַטור אין יידיש, אָנהייבנדיק פון די ספרי קודש ביז צו די הײַנטצייטיקע ספרים און ביכער זיינען דורכגעפלאָכטן, מיט טרויער־שאַפונגען, מיט האַרצ־רייסנדיקע חורבן־שילדערונגען, מיט אבלות־אינהאַלט, עלעגיעס און פּאָעמעס, אין וועלכע ס׳געפינען זיך די הייליקע פונקען פון גאולה־פלאַמען, וועלכע האָבן גע־צונדן פייערן פון רעוואָלט ביי מוטיקע יידן און דער משיחישער געדאַנק האָט געוועקט האָפענונגען אויף אַן אמתער גאולה שלימה.

לאָמיר אַריינבליקן אויף אַ ווײַלע אין דעם עמק הבכא פון דעם תשעה באב־

טאָג: ניין טעג אין חודש אָב איז אַ תענית ציבור אויפן חורבן פון ארץ ישראל, פון בית המקדש און פון ירושלים, עיר הקודש. דער קאָלעקטיווער פאַסטאָג ווערט אָנגערופן דער 5טער תענית ווײַל ער פאַלט אויס אין 5טן מאָנאַט נאָך ניסן. דער עיקר טרויער איז קאָנצענטרירט תשעה באב, ביינאַכט, דער „בכה תבכה בלילה" איז אַ דרײַפאַכיקער: דאָס איז דער טרויער אויפן ערשטן חרוב געוואָרענעם בית המקדש, אויפן 2טן ווי אויך אויף דער פאַרוויסטונג פון דער ביתר־פעסטונג, דער לעצטער באַוואָפנטער מאַסן־ווידערשטאַנד פּאָזיציע פון בר כוכבא קעגן די רוימישע לעגיאָנען, וואָס איז צעשטערט געוואָרן אין תשעה באב.

אין ספר „סדר היום" ווערט געשילדערט די אבלות מנהגים אין פאַרצײַטיקן ארץ ישראל וואָס זייַען מיטן אָפּלויף פון צײַט אַרײַנגעדרונגען אין די תפוצות הגולה און פאַרבליבן. דאָס וואָלט געקענט פאַרצייכנט ווערן ווי דער טרויער־קאָדעקס „פון יידישן פאָלק". אין דערמאָנטן ספר ווערט אָנגעוויזן אַז יעדער ייד דאַרף באַלאַסטן זײַן האַרץ, מחשבה, און שכל אין דער ריכטונג פונעם גרויסן נאַציאָנאַלן בראָך פון חורבן ירושלים. האַרץ, געדאַנק און מוח דאַרפן זײַן פאַרנומען פון שבעה עשר בתמוז ביז איבער תשעה באב מיט אַלץ, וואָס אונדזערע אור־אור־עלטערן האָבן דורכגעלעבט אין די טעג פון חורבן ארץ ישראל. גלײַך נאָך דער סעודה המפסקת, ווען דער ייד רײַסט איבער דאָס עסן אויף 24 שעה און הייבט אָן דעם תענית דאַרף ער זיך זעצן אויף דער ערד ווי אַן אבל, אויסטאָן די שיך און נעמען אויף זיך די נאַציאָנאַלע אבלות פליכט. אין בית הכנסת זאָגט מען די קינות אין טונקלקייט, בײַ האַלב פאַרלאָשענע ליכטער, נאָכן לייענען „איכה" דאַרפן אַלע ליכטער אויסגעלאָשן ווערן און אַזוי פאַרבלײַבן אין דער פינצטערניש ווי לאַנג איינער איז דאָס ביכולת צו טאָן. בײַ אַ טייל פון ספרדישע קהילות איז שולט דער מנהג, אַז בײַם אויסלעשן אַלע ליכטער אין בית הכנסת רופט אויס דער רב: „הערט ברידער יידן הײַנט ציילן מיר שוין אַזויפיל יאָרן זינט דאָס בית המקדש און פּראַכט איז חרוב געוואָרן. ס'איז אַראָפּגעפאַלן די קרוין פון אונדזערע קעפּ, אין יעדן דור, אין וועלכן דאָס בית המקדש און ירושלים זיינען נישט אויסגעבויט געוואָרן, איז גלײַך, ווי זיי זיינען חרוב געוואָרן אין זײַן צײַט". אויף דעם ענטפערט קהל: „ווי לאַנג וועלן מיר נאָך באַווייַנען ציון און באַקלאָגן ירושלים, דערבאַרעם דיך, אַלמעכטיקער אויף ציון און זאָלן שוין געבויט ווערן די מויערן פון ירושלים".

אין תשעה באב טאָר מען נישט לערנען, ווײַל „תורה ברייטערט אויס דעם געדאַנק און דערפרייט דאָס האַרץ", מען דאַרף אָבער אין טאָג פון תשעה באב לייענען דעם מדר"ש איכה און די חורבן־אגדות אין תלמוד, דעם ספר איוב און די תוכחה־קאַפּיטלען, וואָס געפינען זיך אין ספר ירמיהו.

דער הײַנטיקער תשעה באב איז זיכער נישט ענלעך צום טרויער פון די פריערדיקע דורות יידן, אוודאי איז ער נישט גלײַך צו דער אבלות פון די פרושים,

וועלכע האָבן מיט אייגענע אויגן געזען דעם אומקום און מיטגעלעבט דעם חורבן, זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע תענוגים, אײַנגעשלאָסן דאָס נישט עסן פלייש און נישט טרינקען קיין ווײַן אַ גאַנץ לעבן, איבער די קעפּ פון אַלע יידישע דורות האָט געשוועבט ביז צום הײַנטיקן טאָג דער תוכן און דער אמת פון דער שבועה: „אם אשכחך ירושלים, תשכח ימיני" אויב יידן פון אַלע אַנדערע תקופות האָבן נישט דערלעבט צו זען די אתחלתא דגאולה, אוודאי נישט די גאולה מדינת ישראל, ווי אונדזער דור, האָבן אָבער יענע יידן געשמידט די גאָלדענע קייט פון יידישקייט און פון גײַסטיקן ציוניזם, וואָס האָט שפּעטער, אין אונדזער הײַנטיקער צײַט פאַרוואַנדלט דעם נאַציאָנאַלן טרויער אין קאָנקרעטער אויפבוי־אַרבעט פאַר ארץ ישראל.

„אַ נײַער דור פון מכביער וועט אויפשטייען", האָט געזאָגט דער שעפער פון פּאָליטישן ציוניזם, ד"ר בנימין זאב הערצל ז"ל, זײַנען מיר טאַקע לעבעדיקע עדות פון אַ פאַרווירקלעכטער וויזיע, אַ נײַער דור פון בויער און קעמפער איז אויפגעשטאַנען אין יידישן פאָלק, וואָס האָט מדבריות פאַרוואַנדלט אין בליענדיקע גערטנער און שוין דרײַ מאָל צעשלאָגן אַראַבישע אַרמייען, כדי צו פאַרזיכערן די גאולה פון יידישן פאָלק ווי דעם קיום פון דער יידישער מדינה.

איצט איז די וועלט איבערראַשט פון דעם גרויסן נצחון פון צה"ל נישט נאָר אַראַבער האָבן באַקומען אַ מפּלה, אויך זייערע באַגלייטער און העצער, געפינען זיך מאָראַליש, פּאָליטיש און מיליטעריש אונטער די חורבות פון דעם אַראַבישן צוזאַמענברוך, יידישע האָפענונגען, וואָס זײַנען געווען פאַרבונדן מיט וועלט־דערלייזערישע אידייען, האָבן באַנקראָטירט. די עקומענישע „יידעלעך" וועלכע האָבן געגלויבט אין די „נײַע דיאַלאָגן" מיט קריסטלעכע קאַרדינאַלן און בישאָפן, וועלכע האָבן אין צײַט פון די געשעענישן געשוויגן און פאַרשוויגן ביז הײַנט די גערעכטיקייט, וואָס געהערט צו ישראל... זײַנען אויך געבליבן אַנטוישטע און אָפּגענאַרטע.

דער הײַנטיקער תשעה באב ווערט דערמאָנט בכל תפוצות ישראל מיט טיפן נאַציאָנאַלן טרויער, אָבער די אבלות איז געמישט מיט נאַציאָנאַלן שטאָלץ. ירושלים, די אייביקע און אַ גאַנצע, געפינט זיך אין יידישן באַזיץ און איז די הויפּטשטאָט פון אַ גרויסע ארץ ישראל.

דאָס יידישע פאָלק פון ווייגען און פון טרויער איז געוואָרן דאָס פאָלק פון קאַמף און אויפבוי פאַר דער גאולה שלימה.

דער נס פון גאולה און נצחון שטעלט אונדז פאַר אַ גרויסן נסיון, ווײַל נס איז פאַרבונדן מיט נסיון.

זאָל תשעה באב ה'תשכ"ז זײַן אַן אָנרעגונג פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק צו פאַרוואַנדלען עבדות אין חרות, טרויער אין שמחה. הלוואי זאָל דער פרײַהייטס געפיל פון יידישע דורות באַהערשן אַלע טיילן פון יידישן פאָלק און דערלעבן די אמתע פרייד פון אַ זיכערע און אייביקע ארץ ישראל.

# ל״ג בעומר – אַ היסטאָרישע דערמאָנונג פון ייִדישן אויפשטאַנד און ווידערשטאַנד

## (רעפלעקסן פון ייִדישן עבר)

ל״ג בעומר, דער דרײַ און דרײַסיקסטער טאָג אין עומר, וועמעס וואָרצלען שטעקן אינעם אַלט־אַלטן ייִדישן עבר, פאַרבונדן מיט היסטאָרישע געשעענישן אינעם ייִדישן פאָלק, איז אַ האַלבער יום טוב, פאַרבונדן מיט גרויסע פײַערונגען בײַם קבר פון רבי שמעון בר יוחאי, אין מירון. אין די תפוצות ישראל איז דער דאָזיקער טאָג אַן איבעררײַס אין דער אבלות, וואָס איז פאַרבונדן מיטן בר כוכבא אויפשטאַנד און מיטן אויסשטאַרבן פון רבי עקיבא׳ס תלמידים, אין דער גאָרער ייִדישער וועלט ווערן אין ל״ג בעומר געפּראַוועט חתונות און אַנדערע שמחות. דער דאָזיקער טאָג איז אײַנגראַווירט אינעם ייִדישן פאָלקס לעבן ווי אַ טאָג פון טרייסט און האָפענונג, פון ייִדישער גבורה, פון ווען באַנײַען ביי דער ייִדישער יוגנט דעם אָפּקלאַנג פון דעם ווײַט־ווײַטן עכאָ פון ייִדישן אויפשטאַנד און ווידערשטאַנד קעגן דעם מלכות הרעשה פון אַמאָליקן רוים.

ל״ג בעומר האָט אין דער ייִדישער טראַדיציע אַ פעסטן אָנשפּאַר. דער דרײַ און דרײַסיקסטער טאָג אין עומר איז פאַרבליבן אין פאָלקס זכרון און פאַרצייכנט אויף פאַרשיידענע פאַרמעטן אַלס אַן אָנדענק פון אַ גרויסער היסטאָרישער געשעעניש, וואָס ווערט אין אונדזער געשיכטע באַצייכנט מיטן טיטל: חג המרד, פאַרקנופּט און פאַרבונדן מיט גבורה־מעשים פון בר כוכבא און זײַנע חיילות, וועלכע האָבן, אין דער ערשטער מלחמה־פאַזע מיט רוים, אָפּגעהאַלטן גרויסע נצחונות איבערן שונא. ל״ג בעומר פאַלט כמעט שטענדיק אויס אין י״ח אייר, אין 18טן טאָג פון חודש אייר, אין דעם טאָג איז דאָס ייִדישע מיליטער געקרוינט געוואָרן מיט אַ גרויסן טריומף. בר כוכבא אין שפּיץ פון זײַנע העלדישע קעמפער, האָט אַרײַנמאַרשירט קיין ירושלים און דער באַווײַז אויף דער ריכטיקייט פון דער דאָזיקער נצחון געשעעניש זיינען די געפונענע קופּערנע און בראָנזענע מטבעות מיט העברעישע אויפשריפטן: פון איין זײַט געפינט זיך „שמעון" און פון דער צווייטער זײַט מטבע: „לחרות ירושלים".

די דאָזיקע מטבעות האָט בר כוכבא געמאַכט לזכר צו זײַן וויכטיקן זיג איבער רוים, ווי צום אָנדענק פון דער ווידער־דעראָבערונג פון ירושלים.

די פאָלקס־לעגענדע ווייסט אויך צו דערציילן וועגן די תלמידים פון דעם גרויסן לעבעדיקן גײַסט פון בר־כוכבאַ׳ס אויפשטאַנד, פון רבי עקיבא, וועלכער האָט זיי דערצויגן נישט נאָר אין גײַסט פון ספרא, פון לערע, פון ספר, פון הכמת היהדות, נאָר אויך אין סיפא, צו מלחמה, ווי אַזוי צו באַנוצן די שווערד, דעם פײַל און בויגן, כדי צו זײַן קנאים־קעמפער פאַר דער יידישער פרײַהייט. דערפאַר איז ל״ג בעומר אין ערשטער ריי, דער טאָג פון אויפשטאַנד קעגן די רוימישע לעגיאָנען, קעגן דעם סאַטראַפּישן רוים, דעם סימבאָל פון יידישער גבורה. האָבן יידן אויפגעהאַלטן אין אַלע צײַטן, אין אַלע דורות, איבערגעבנדיק די יידישע קינדערלעך, תלמידים אין חדרים, אפילו אין מאָדערנע לערן־מוסדות, פײַל און בויגנס צום אָנדענק פון לעצטן יידישן ווידערשטאַנד קעגן רוים. ל״ג בעומר האָט געקענט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גרויסן נצחון יום טוב, אַזוי ווי חנוכה, ווען בר כוכבא און רבי עקיבא מיט זײַנע 24 טויזנט קעמפנדיקע תלמידים וואָלטן געווען מנצח געווען אין דער דאָזיקער מלחמה, אָבער ווייל זיי האָבן נישט געזיגט אין ל״ג בעומר פאַרבליבן נאָר דער אָנדענק פון יידישן אויפשטאַנד און ווידערשטאַנד. דער גײַסט פון דעם דאָזיקן טאָג איז אָבער נישט רבי שמעון בר יוחאי, נאָר רבי עקיבא. דער ערשטער איז נפטר געוואָרן אויף אַ נאַטיר־לעכן אופן, נישט פאַרלאָזנדיק קיינמאָל ארץ ישראל, אָבער דאָס לייב פון רבי עקיבא האָבן די רוימישע לעגיאָנערן געקעמט מיט אײַזערנע קאַמען און האָט אויסגעהויכט זײַן קנאיש־יידישע און פּאַטריאָטיש־קעמפנדיקע נשמה מיטן אויס־רוף „אחד״, וואָס דאָס סימבאָליזירט נישט נאָר דעם מאָנאָטעאיזם, נאָר אויך און אוודאי דעם אומצערײַסבאַרן קשר צווישן ייד און ארץ ישראל צווישן דעם יידישן פאָלק און זײַן פאָטערלאַנד, פאַר וועלכן מען דאַרף קעמפן, מעג דער שונא אַפילו זײַן הונדערט־פאַכיק שטאַרקער. דערפאַר וואַקסט אויס רבי עקיבא אין די אויגן פון אַלע יידישער דורות, אוודאי אינעם הײַנטיקן יידישן דור, ווי דער גרויסער יידישער קנאי, וואָס בעט נישט קיין רחמים ביים זיגערישן שונא, ער קעמפט ביז יציאת הנשמה, נישטאָ ביי אים קיין פשרות, ער פאַרלאַנגט נישט קיין חסד פון רוים, רבי עקיבא גיט זיך נישט אונטער, ווײַל דאָס איז דעם קאַמפסגײַסט פון מסדה. אָן ספק שטײַגט רבי עקיבא אויף די הויכע שטאַפּ־לען פון יידישער גבורה, פון אומבויגזאַמען קאַמף קעגן רוימישן אינוואַזאָר, לאָזנדיק אין שאטן אַ צווייטן תנא, מעגלעך אויך אַ גרויסן יידישן פּאַטריאָט, רבי יוחנן בן זכאי, וועלכער בעט יאָ ביים רוימישן הערשער אַ שטיקל קאָנצעסיע, אַ גײַסטיקע יבנה פאַרן יידישן פאָלק...

ל״ג בעומר איז אויך פאַרבונדן מיט דעם, וואָס די מגפה, אָדער די שווערד פון רוימישן שונא, האָט אויפגעהערט דעם טויט־שניט אין די טויזנטער תל־

מידים פון רבי עקיבא, וואָס זיינען געווען צעשפּרייט, זעט אויס אויף פּאַר־שיידענע פראָנטן, וועלכע האָבן זיך געצויגן פון גבת ביז אַנטיפּטריס. נאָכן חורבן בית שני איז אויפגעהאַלטן געוואָרן די טראַדיציע פון ספירת העומר, ווי אַ סימבאָלישע פאַרבינדונג מיטן בית המקדש וואָס איז שוין מער נישט געווען, אָבער די ספירה איז געוואָרן, ביז צום הײַנטיקן טאָג, אַ „זכר למקדש". ל"ג בעומר איז, היסטאָריש גענומען, פאַרקשרט מיט אַ געשיכטלעכן אמת, אַז אין דער דאָזיקער ביטערער צײַט פון בר כוכבאס דורכגעפאַלענעם אויפשטאַנד, האָבן אַ סך לעבנגעבליבענע ייִדן, דווקא אין אַזאַ צײַט, אין ארץ ישראל פאַרלאָזט דאָס לאַנד, אָדער אָנערקענט די רוימישע הערשאַפט. האָט רבי שמעון בר יוחאי, דער יונגסטער תלמיד פון רבי עקיבא, נישט געוואָלט משלים זײַן צו די מעשים פון אַ טייל פון זײַן דור וואָס האָבן געקויפט זייער פּערזענלעכע רו דורך אונטערטעניקייט צו רויב, נאָר ער האָט זיך מער געקלאָמערט צו די חרובע רעשטן פון זײַן לאַנד וווינענדיק מיט זײַן זון ר' אליעזר אין אַ הייל, וואָס איז אים געווען ליבער ווי דער שענסטער פּאַלאַץ, סימבאָליזירנדיק מיט זיך, און מיט זײַן צוגעבונדנקייט צו ארץ ישראל, דעם „חד" פון רבי עקיבא, אָדער דעם איחוד צווישן ייִד און זײַן היימלאַנד, צווישן עם ישראל און ארץ־ישראל. דערפאַר האָבן ייִדן, אָן איבעררײַס געשטראָמט צום קבר פון רבי שמעון בר יוחאי, דעם מחבר הזוהר כדי די באַזוכער זאָלן, מיט זייער אָנוועזנהייט, זײַן לעבעדיקע עדות פון זייער פאַרבינדונג מיט ייִדישן לאַנד.

ר' יצחק לוריע ז"ל, וואָס איז באַקאַנט מיט די ראשי תיבות: האר"י, האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם דאָזיקן באַזוך־מנהג און האָט דעם ל"ג בעומר־טאָג געגעבן אַ באַגײַסטן אינהאַלט. דער דאָזיקער טאָג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „הילולא דרבי שמעון בר יוחאי", וואָס לפי אַן אגודה פון די מקובלים, איז ער געווען דער מחבר פון ספר הזוהר. אין זעלבן ספר ווערט טאַקע דערציילט, אַז דער תנא האָט פאַר זײַן פּטירה מגלה געווען גרויסע תורה־סודות זײַנע תלמידים און לויט אַ לעגענדע איז רבי שמעון בר יוחאי נפטר געוואָרן אין ל"ג בעומר.

אין מדינת ישראל פײַערט מען אין ל"ג בעומר די דערמאָנטע „הילולא דרבי שמעון בר יוחאי" אין מירון, נאָענט צו צפת, מיט טענץ מיט גרויסע מדורות (פײַערן) און אָנגעצונדענע פאַקלען, ווען ענס ליכטער און פלאַמען באַ־לײַכטן היפשע שטרעקעס פון לאַנד ווי אַן אָנזאָג פאַר תפוצות ישראל, אַז דאָס ליכט און די פלאַמען פון ציון אײַנגעשלאָסן דעם גײַסט פון דעם דאָזיקן גרויסן ייִדישן קנאי, וועלן אויך דערגרייכן צו די ווײַטסטע ווינקעלעך פון ייִדישן לעבן אין די גלות־לענדער.

דער רײַזנדער, ר' יוסף ספיר, דערציילט אין זײַן ספר: „עדות ביהוסף" וועגן זײַן באַזוך אין ארץ־ישראל, אין יאָר 1860 זײַענדיק פּונקט ל"ג בעומר אויפן

קבר פון רבי שמעון בר יוחאי: „צוויי שעה גאַנג פון צפת איז דאָ אַ פּלאַץ מיטן נאָמען מירון, דאָרט געפינט זיך אַ הייל פון רבי שמעון בר יוחאי און זײַן זון רבי אליעזר און אויף דער הייל איז פאַראַן אַ גרויסער שיינער בנין מיט פאַרשיידענע מאלערײַען. דרײַ מאָל אין יאָר קומען יידן פון אַלע מקור־מות פון ארץ ישראל אויף זײַן קבר: איינמאָל פאַר חודש ניסן — לערנט מען אַ גאַנצן בעת־לעת און דאָס דריטע מאָל אין ל״ג בעומער, וואָס איז אַ גרויסע פײַערונג און ווערט אָנגערופן הילולא דרבי שמעון בר יוחאי. אין דעם דאָזיקן טאָג פרייען זיך יידן מיטן קשר צווישן זיי און ארץ ישראל, ווי דאָס האָט געטון ביים ליבן רבי שמעון בר יוחאי. מען פײַערט אין דעם טאָג גרויסע סעודות מיט פּויקן און טענץ״.

יידישע דיכטער און שרײַבער, דענקער און גרויסע גײַסטיקע פּערזענלעכ־קייטן האָבן געדיכטעט און געשריבן איבער דעם מרד בר כוכבא, איבער רבי עקיבא און זײַנע תלמידים. ביאַליק און טשערניכאָווסקי, פרישמאַן און יעקב כהן, ש. בן ציון און יעקב פיכמאַן, שלום עליכם און אַברהם גאָלדפאַדען, יהודה שטיינבערג און יחיאל האַלפּערין האָבן געשאַפן אַ גאַנצע ליטעראַטור, אַ פּרעכ־טיקע פּאָעזיע וועגן בר כוכבא, רבי עקיבא און רבי שמעון בר יוחאי, בפרט וועגן זייערע גאולה־קאַמפן און שטרעבונגען. הײַנט, אין שווערע טעג פאַר מדינת ישראל, פאַרן יידישן פאָלק, שטאַרקן מיר אונדזערע הערצער מיטן קאַמפס־גײַסט פון בר כוכבא, ווי מיט דעם קנאיש־פּאַטריאָטישן לעבנס־אינהאַלט פון רבי עקיבא און רבי שמעון בר יוחאי.

# אַקטועלע יידישע צייט - פּראָבלעמען

— א —

דאָס נײַע יאָר ה׳תשכ״ו שטייט שוין, פון זײַן אָנהייב אָן, אונטערן צייכן פון גרויסע און וויכטיקע געשעענישן. די אַראַבישע שפּיצן־קאָנפערענץ אין קאַסאַבלאַנקאַ האָט צוזאַמענגעבראַכט די אַראַבישע הבא נתחכמהדיקע מלכים און פּעאָדאַלן, נאַציש־אינספּירירטע הערשער און מוסולמענישע פּאָג׳ראָם־„סאָציאַליסטן״ — צו איין טיש אונטער דער פאַשיסטישער אָנפירונג פון נאַסערן, צו באַטראַכטן פּלענער קעגן דער יידישער מדינה, ווי קעגן דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. פון יעדער זיצונג האָט די ציוויליזירטע וועלט געהערט דעם בלוט־דורשטיקן עכאָ פון היטלעריסטישע רעדעס קעגן יידישן פאָלק און זײַן היימלאַנד, אין דער זעלבער צײַט, ווען די דאָזיקע היענעס האָבן פון קאַסאַבלאַנקאַ אַפּעלירט צו אינדיע און פּאַקיסטאַן אָפּצושטעלן דאָס פײַער, האָבן זיי גלײַכצײַטיק אויפגעפאָדערט די אַראַבער צו פאַרניכטן די יידישע מדינה. יעדעס וואָרט פון די אַראַבישע מושלים האָט געשפּריצט מיט גיפט און מיט מאָרד־לוסט אויף יידן. די קאָנפערענץ פון די אַראַבישע שפּיצן איז געווען אַ ווילדער דזשאַנגל מיט פּרואימדיקע חיות רעות, וועמעס קאָלעקטיווער שטרעבן איז געווען און פאַרבליבן, דער אָנפאַל אויף ישראל, וואָס איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף פיר יאָר שפּעטער...

דערווײַל איז איבער דער יידישער וועלט געבליבן הענגען דער טעמפּער קלאַנג פון אַראַבישע כלי־זין און אַן אומהיימלעכער געדודער פון נאַציש־אַראַבישע שווערדן. דאָס יידישע פאָלק אין דער וועלט בראש מיט דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, דאַרפן שטיין אויף דער וואַך קעגן די נײַע פאַרמעסטן פון דער מלחמה־העצערישער אַראַביש־מופטישער און נאַציש־נאַסעריסטישער באַנדיטן־כנופיה.

— ב —

די יידישע מדינה האָט ווידער אויסגעשטרעקט איר האַנט צו דער אַראַבישער וועלט אויף צו באַקעמפן געמיינזאַם די נויט אין דעם מיטעלן אָריענט. זיכער וועט, ווי שטענדיק אויך דאָס מאָל נישט קומען קיין שום פּאָזיטיווער ענטפער.

די אַראַבישע וועלט מאַכט נישט קיין שום פאַרשריט, אויסער אויף דעם מיליטערישן שטח, כדי אַרײַנצוברענגען סאָציאַלן יושר צווישן די אייגענע פעלקער. אין יאָר 1948, נאָך דער אַראַבישער מפלה אויף די ישראלדיקע שלאַכטפעלדער, איז די אַראַבישע וועלט געבליבן פאַראַליזירט; זי איז געבליבן בײַם טויטן פונקט פון... רעוואַנש און מלחמה קעגן ישראל. אָבער די ייִדישע מדינה גייט אָן מיט איר גיגאַנטישער אויפבוי־אַרבעט; זי איז פאַרנומען מיטן היסטאָרישן פּראָצעס פון עליה און קליטה, פון וואַקסן און שטײַגן צו גרויסע פּראָפּאָרצן און היקף. די מדינה איז נישט דערשראָקן פון די אַראַבישע דראָונגען, עס איז נישטאָ קיין פּחד פאַר די נײַ־געבאַקענע „סאָציאַליסטישע" פּאָגראָמשטשיקעס פון מצרים און סיריע. דאָס וואָרט פּאַניק איז בכלל אויסגעמעקט געוואָרן פונעם ישראלדיקן ווערטערבוך. קיין שום ייִד ווייסט נישט דעם באַדײַט פון דאָזיקן וואָרט; דאָקעגן די אַראַבער ווייסן געניי דעם פולן טײַטש און אויסטײַטש פונעם וואָרט פּאַניק. דערבײַ איז געניג צו דערציילן דעם עפּיזאָד, וואָס איז אַ גענוגנדיקע אָפּשפּיגלונג פון דעם געזאָגטן. מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט די אַראַבישע ליגע געוויזן, אין איינע פון אירע שטעטלעך פון עבר הירדן, אַ פילם וועגן דער ייִדיש־אַראַבישער מלחמה און ווען די צושויער האָבן געזען די ייִדן אין אָנגריף איז אַנטשטאַנען אין קינאָ אַ בהלה אַזאַ פּאַניק, אַז כמעט אַלע זײַנען אַנטלאָפן מיט ווילדע היסטערישע געשרייען, אויס מורא פאַר דער ייִדישער אַטאַקע.

— ג —

אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט זיך די לאַגע פון אונדזערע מיליאָנען ברידער און שוועסטער נישט געענדערט צום גוטן. די הערשער פון מאָסקווע שרעקן זיך נאָך אַלץ אימת מוות פאַרן שוואַכינקן ייִדישן אלף־בית, און אויב דאָס איז נאָך ווינציק, — שטאַרקט דער סאָוועטישער אַנטיסעמיטיזם די מערדעריש־באַוואָפנטע האַנט פון די נאַציזירטע אַראַבישע סאַטראַפּן. ראַטן־פאַרבאַנד פאַרפלייצט די אַראַבישע לענדער מיט וואָפן און מיט אידעען פון ייִדנהאַס און דער כינעזישער רויטער סאַטראַפּ, מאַאָ טסע טונג, לערנט די אַראַבער די תורה פון זיך וואַרפן מאַסנווײַז אין אַ מלחמה קעגן מדינת ישראל, כדי איר חרוב צומאַכן. דאָס אַלץ ווערט געטון און געמאַכט אין נאָמען פון אַזאַ פאַרקריפּלטן "סאָציאַליזם", פון וועלכן יעדער אָנשטענדיקער מענטש דאַרף זיך דערווײַטערן און פאַרדאַמען אַלס מעשה נבלה.

— ד —

אין ליכט פון דער ייִדישער ווירקלעכקייט מוזן מיר זען אינעם ציוניזם דעם גרויסן כוח, וואָס פורעמט אויס אונדזער לעבן און גיט אים אידעאישן

אינהאַלט, אַ קאַמפּס-ציל און אַ היסטאָרישע אויפגאַבע צו דערפילן צו רעאַליזירן די ציון־אידעאַלן אין די ראַמען פון אַ גרויסע און שטאַרקע יידישע מדינה.

דער ציוניזם קען נישט פאַרביטן ווערן אויף אַן אַנדערער כלל-יידישער באַוועגונג. דער ציוניזם איז נאָך אַלץ די גייסטיקע קראַפט וואָס שפּרודלט מיט לעבן, וואָס איז אַ פרישער קוואַל וואַסער פאַר דורשטיקע צו יידישע גאולה; אָבער מיר ווילן אויך נישט פאַרמאַכן די אויגן כדי נישט צו זען דעם קריזיס. פאַרקערט, — וואָס מער מיר וועלן פאַרשטיין די סיבות פונעם קריזיס, אַלץ לייכטער וועט אונדז זיין אים צו באַזייטיקן. די ציוניסטישע פאַרטייען אין לאַנד דאַרפן נאָכאַמאָל אָנצייכענען געמיינזאַמע אַרבעט־שטחים, אין די ראַמען פון אַ גוט-פונקציאָנירנדיקע ציוניסטישע לאַנד־אָרגאַניזאַציע, לטובת דעם היגן יידישן ישוב, פאַרן וועלט־ציוניזם, ווי פאַר מדינת ישראל. די אידעאָלאָגישע דיפערענציאַציע דאַרף נישט זיין קיין שטערונג כדי דורכצופירן בשותפותדיקע גרויסע אַקטיוויטעטן. עס איז נאָר געגנוג צו דערמאָנען איין פאַקט, די אַראַבישע העצער מיט זייערע קריאָזשע אַנטיסעמיטן מאַכן נישט קיין אונטערשייד אין זייערע אַטאַקעס אויף ציוניסטן. פאַר זיי איז אַלצאיינס, ווער עס געהערט צום מזרחי אָדער אַחדות העבודה, צו מפא״י, אָדער מפ״ם, אַפילו ווען די לעצטע פרעדיקן שלום מיט די אַראַבישע שכנים.

מיר זיינען אַריבער די שוועל פון נייעם יאָר ה׳תשכ״ו מיט דער גרויסער האָפענונג אין האַרצן מיט דער אמונה אין די מעגלעכקייטן צו באַנייען אַזאַ ציון־תקופה אינעם אַרגענטינער יידנטום, וואָס זאָל באַפרוכפּערן דאָס היגע יידישע לעבן מיט אידעען, מיט פרינציפּן, מיט קאָנסטרוקטיווע מעשים. און ווייל אונדזערע ישובים אויפן קאָנטינענט, בראש מיטן אַרגענטינער יידנטום, געהערן צום מאַרגן צו דער גלאָררייכער יידישע, צוקונפט זיינען מיר זיכער, אַז דער ציוניסטישער חדש ימינו כקדם קען זיין אַ גרויסע דערפרייענדיקע רעאַליטעט.

# ראש השנה ה׳תשכ״ז – אַ יאָר פון שווערע נסיונות

פאַר ישראל סבא, וואָס ציילט זײַן נצח קיום אין די טויזנטער יאָרן, האָט אַן אַוועקגייענדיק יאָר נישט קיין גרויסע באַדײַטונג אין דער יידישער אי־סופידיקער מאַטעמאַטיק, עס ווערט נאָר צוגעחשבונט אַ סכום פאַרלאָפענע און פאַרשווונדענע טעג פונעם „לוח״-באַלאַנס און ווען ס׳ווערט אָפּגעריסן דאָס לעצ־טע דאַטום־בלעטל ערב ראש השנה, האָט יעדער יידישער יחיד און נישט ווײַ־ניקער דער יידישער כלל אַ פרײַוויליקע מעגלעכקייט צו מאַכן אַן אינדיווידועלן און קאָלעקטיוון חשבון הנפש וועגן אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט יידיש פאָלק און ישראל־אויפבוי, מיט יידישקייט בכלל און מיט חינוך-אויפגאַבן בפרט.

ה׳תשכ״ו איז פאַריבער און ס׳קאָן פאַרצייכנט ווערן אינעם יידישן פאָלקס-חשבון ווי דאָס יאָר פון שווערע דאגות און קליינע דערגרייכונגען ,סײַ אינעם היגן יידישן ישוב והן אין דער יידישער מדינה. אינעם אַרגענטינער יידנטום איז דער יידישער חינוך נישט געוואַקסן, דער קאָשמאַר פון צענדליקער טויזנטער יידישע קינדערלעך אין שול־עלטער, וואָס באַזוכן נישט קיין יידישן חינוך-אַנשטאַלט, הענגט איבער אונדז מיט אַלע גרוילן און סכנות, די פאַרגעקומענע וואַלן צו באַנײַען די אָנפירונג פון דער קהילה, האָבן בולט באַוויזן די שוואַכ-קייט פון כמעט אַלע ציוניסטישע ריכטונגען און סתם יידישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען נישט געווען בכוח אַרויסצורופן אינטערעס, צו די קהילה־וואַלן און סײַ צו דער אַקטועלער און וויכטיקער קהילה-פּראָבלעמאַטיק, בײַ די צענדליקער טויזנטער אַ.מ.י.אַ. מיטגלידער. אויב ס׳איז דאָ אַ שווערער קריזיס אין היגן ציוניזם, אין די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, ווי בכלל אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט איז אָבער דער דאָזיקער קריזיס נאָך שאַרפער, נאָך אָנגעווענדיקער, נאָך טיפער בײַ דער היגער יידישער יוגנט. גרויסע טיילן פון דער יידישער יוגנט פאַרוואַרפט די יידישקייט און ענראָלירט זיך אין די רייען צו פאַרבעסערן דער דעמאָקראַטיע, אַנשטאָט זיך אײַנצוגלידערן אין די רייען פון אונדזער פאָלק און פון זײַן אידעאישן אַוואַנגאַרד, די ציוניסטישע באַוועגונג, כדי צוזאַמען קעמפן קעגן דעם רויט-שוואַרצן פראָנט פון קאָמוניזם און נעאָ־נאַציזם, וועלכער וויל אונדז אומברענגען, ס׳איז דאָך,

אָן ספק, יושרדיקער צו שטיין מיטן שוואַכן אויף איין פּאָזיציע און קעמפן קעגן אומרעכט און אַוודאי קעגן פיזישן און גײַסטיקן גענאָסיד, וועלכע שטאַרקע און פאַרדאָרבענע הערשער האָבן אָנגעווענדט און ווענדן דאָס אָן קעגן ייִדן, נאָר דערפאַר ווײַל מיר שטעלן מיט זיך פאָר אַ שוואַך פאָלק אין פיזישן זין פון וואָרט.

די ייִדישע מדינה האָט זיך אין ה'תשכ"ו געפינען אונטערן רושם פון שפּאַלטונגען, וואָס זײַנען פאָרגעקומען בײַ דרײַ פּאַרטייען, נישט צוליב אידעאָלאָגישע דיפערענצן, נאָר צוליב שנאת חינם, בלויז די אַנטי־ציוניסטישע נטורי־קרתא האָט זיך געשפּאָלטן צוליב אַ „ליבע" פון זייער מנהיג הרב בלוי מיט אַ שיינע פּראַנצויזין, אַ גר'טע. דער דאָזיקער שנאת חינם פּראָצעס אין דער ייִדישער מדינה האָט געמאַכט אויפן ייִדנטום אין דער וועלט דעם שווערסטן אײַנדרוק. אויך איצט האָט זיך דאָס אינערלעכע מחלוקת־פײַער אַרײַנגעריסן אין די רייען פון דער ישראלדיקער „חירות" נישט צוליב עקרים־ענדערונגען, וואָס עמיצער וויל מאַכן אין איר אידעאישן געבוי, נאָר אַ ריב־אחים שטאַנדפּונקט האָט גענומען שולט זײַן אויף אייניקע מנהיגים און דאָס אַלץ צוזאַמען שטעלט מיט זיך פאָר אַ טרויעריק קאַפּיטל אין דעם פּרעכטיקן נײַעם ספר הגבורה פון הלוצישן אויפבוי און צה"לישע פאַרטיידיקונג פון דער ייִדישער מדינה.

דאָס דאַרף טאַקע זײַן דער ישראלדיקער בײַשפּיל פאַר אחדות האומה? דער דאָזיקער אינערלעכער מחלוקת צווישן פירנדיקע פּערזענלעכקייטן אין מדינת ישראל קאָן זײַן אָן אינספּיראַציע פאַר אהבת ישראל? מילא, אַז ס'איז נישט לײַכט דער פּראָצעס פון מיזוג הגלויות, דאָס קאָנען מיר נאָך פאַרשטיין אין די תפוצות ישראל, אָבער אַז די קוואַלן פון שנאת אחים קענען זייער לײַכט פאַרשטאָפּט ווערן, אין דעם האָבן מיר ייִדן נישט קיין ספק.

דער ריב אחים מוז וואָס פריער אויפהערן אין דער ייִדישער מדינה, נישט צוליב די סכנות, וואָס דראָען דער ייִדישער פרײַהייט מצד די קריגערישע אַראַבער, אָפילו נישט צוליב דער שנאה פון ראַטנפאַרבאַנד צום ציוניזם און זײַן ווערק, נאָר צוליב דער הויכער שליחות וואָס דאָס אַוואַנגאַרד־ייִדנטום אין מדינת ישראל האָט אויסצופירן, ווי דער מוסטער פאַר אהבת חינם, וואָס דאָס איז שוין במילא אין זיך כולל אהבת ישראל, ליבע צום ייִדישן יחיד און צום כלל. דאָס וועט צוהעלפן די ייִדישע ישובים אין די גלות־לענדער אַ סוף צו מאַכן צום פּירוד הלבבות צווישן אייגענע ברידער.

דאָס פאַרגאַנגענע יאָר האָט אין ייִדישן לעבן אַרײַנגעבראַכט אַ סך פאַרביטערונג דער פאַקט, וואָס וויכטיקע ייִדישע מנהיגים, וואָס שטייען בראש פון ייִדישן פאָלק, באַמיען זיך אָפּצווישן די גרעניצן צווישן דעם דײַטשן מערדער און דעם ייִדישן קרבן, די אסיפה פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס אין בריסל איז נאָר אַ ברוכטייל פון דער דאָזיקער באַמיִונג. אויפן פלאַץ פון דעם, וואָס אונדזערע פירער צוזאַמען מיט די ייִדישע פאָלקס־מאַסן האָבן כסדר באַדאַרפט

דערציילן דער גאַנצער פרייער מענטשהייט די שחיטה וואָס כמעט דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק האָט אויסגעפירט איבער 6 מיליאָן יידן, אנשטאָט צו וועקן דעם גרעסטן עקל צו די רוצחים, גייט אָן אַ מסחר מיט דער רעגירונג פון באָן וועגן דעם סכום געלט, וואָס מען קאָן נאָך אַרויסבאַקומען.. און אַ טייל פון דער בעסערער מענטשהייט. איך גלויב, אַז ס'איז נאָך דאָ אַ בעסערער טייל, שטייט פאַרגאַפט פון אונדזער אַלעמענס ווירדעלאָזיקייט, אפשר אויך פון אונדזער קורצן זכרון. וואָס גרעסער ס'איז דער יידישער הכשר אויף דעם היינטיקן דייטשלאַנד, אַלץ שטאַרקער וואַקסט די דייטשע חוצפּה, דער דייטשער מיליטאַריזם, דער דייטשער נעאָ-נאַציזם און אַלעמאָל ווערט גרעסער דער דייטשער אַפּעטיט צו ווערן אַ וועלט־מאַכט, אַפילו דער איצטיקער קריזיס מיט די דעמיסיאָנירטע דייטשע גענעראַלן, איז נאָר אַ פאַרלאַנג צו באַקומען אַ גרעסערע מאַכט און פּאָזיציע אין דער „נאַטאָ". וואָלטן מיר, יידן, דער שארית ישראל, מקיים געווען די צוואה פון אונדזערע קדושים וטהורים, דעם געבאָט פון 6 מיליאָן אויסגע'הרג'טע יידן, צו נעמען נקמה אין די מערדער, וואָלט דאָס דייטשע פאָלק אַ סך צענדליקער יאָרן נישט באַוויזן מאָראַליש אויפצוהויבן דעם מאָנסטער-קאָפּ פאַר בושה צו דער וועלט און צו דער מענטשהייט.

מיר דאַרפן אָפּשיקן אונדזערע מנהיגים צום אַרמענישן פאָלק אַלס ציבור און צו יעדן אַרמענער אַלס יחיד, כדי זיך ביי זיי צו לערנען פיינט האָבן זייערע מערדער. מיט עטלעכע חדשים צוריק זיינען די ווענט פון ב. איירעס פאַרדעקט געוואָרן מיט גרויסע פּלאַקאַטן פון דער אַרמענישער קאָלעקטיוויטעט, פּראָטעסטירנדיק קעגן דעם איינפאַל פון דער פריערדיקער איליאַ־רעגירונג אַרויסצוגעבן אַ פּאָסט־מאַרקע מיטן בילד פון קעמאַל אַטאַטורק, אויף וועמעס פאַראָרדענונג ס'איז פאַרגעקומען די שחיטה איבער כמעט אַ האַלבן מיליאָן אַרמעניער אין טערקיי. דורך דעם דאָזיקן פּראָטעסט-פּלאַקאַט איז ווידער געקומען, נאָך עטלעכע צענדליק יאָרן נאָך יענער מוראדיקער שחיטה, צום אויסדרוק דער הויכער אויסגעשריי פון צער און צאָרן פון אַ „זכור ואל תשכח נוסח אַרמעניע".

## דער יידישער נפש און זיין חשבון

דאָס לעצטע בלעטל פונעם יאָר־לוח ה'תשכ"ו איז שוין נישטאָ און אין איין טאָג זיינען מיר אַריבער די שוועל פונעם נייעם יאָר ה'תשכ"ז, ביי יידן איז דער גאַנצער חודש אלול, צוזאַמען מיט די ימים נוראים, טעג פון התעוררות הנפש והרוח טעג, אין וועלכע דער יחיד און דער כלל גיבן זיך אָפּ אַ חשבון הנפש פון אייגענע מעשים. דער יידישער יחיד, פונקט ווי דער גאַנצער ציבור,

זיינען ביכולת אונטערצוציען סך הכלען און אַרײַנקוקן אינעם אייגענעם שפּיגל פון גוטע רעאַליזאַציעס, ווי פון נישט דערפילטע פליכטן.

ס'פרעגט זיך די פראַגע, וואָס איז פאַרלויפיק פול מיט געהיימענישן. וואָס וועלן אונדז ברענגען די טעג, וואָכן און חדשים פונעם נײַעם יאָר ה'תשכ"ז? וועט דאָס נײַע יאָר ברענגען אַן אויפלעבונג אין דער יידישער און העברעישער קולטור אינעם אַרגענטינער יידנטום? וועלן מיר פאַרשטאַרקן דעם אויפבוי פון דער יידישער מחנה? וועט קומען אַ באַנײַונגס־תקופה אין דער היגער ציוניס־טישער באַוועגונג? וועט אונדזער יוגנט זיך אומקערן צוריק אין דער שויס פון אייגענעם פאָלק? אָדער עס קאָנען חס וחלילה קומען שווערע טעג פון אַסי־מילאַציע, וואָס צוזאַמען מיט אינדיפערענץ און עם הארצות וועלן זיי העלפן אונטערהאַקן דעם קיום פון אונדזער אומה און אויסטריקענען די יידיש־גײַסטיקע קוואַלן פון אַרגענטינער יידנטום?

אין יאָר 5727, לפי אונדזער צײַט־רעכענונג, אין מיטן פון זיסע חלומות וועגן פרײַהייט און דעמאָקראַטיע וועגן גלײַכהייט פונעם בירגער, אָן אונטער־שייד פון ראַסע און גלויבן, דערפילן מיר ווידער מיט אונדזערע יידישע חושים דער סם־ריח פון אַנטיסעמיטיזם מיט וועלכן עס ווערט פאַרגיפטעט די לופט פון לענדער און קאָנטינענטן. מיר זעען מיט אייגענע אויגן דעם וווּקס פון נעאָ־פאַשיזם, נישט נאָר אין דײַטשלאַנד נאָר אין פאַרשיידענע לענדער פון אייראָפּע, ווי אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, בראש פון אַ פאַרשטאַרקטן יידן און ציוי־גיזם האַס, באַגלייט פון אָפענע הילף צו די אַראַבישע לענדער, געפינט זיך ראַטנפאַרבאַנד. אויף דער פינצטערער רשימה פון שנאת ישראל האָבן זיך די קרעמלין־הערשער פאַרדינט דעם אַנגעזעענסטן פּלאַץ.

דרײַ וועלטן מאַרשירן איצט קעגן אונדז: דער קאָמוניזם, דער נעאָ־נאַצי־פאַשיזם און די אַראַבישע וועלט, מיט דער טרײַער באַטייליקונג פון פעקין און מאָסקווע. אָבער דאָס יידישע פאָלק איז נישט אַליין, מיט אים געפינען זיך די בעסערע טיילן פון דער מענטשהייט, און מיר זיינען מאמינים, אַז צווישן גוטס און שלעכטס, צווישן ליכט און פינסטערניש, צווישן יושר און אומרעכט וועלן גובר זײַן דאָס גוטס און די גערעכטיקייט.

ווער עס קוקט אַרײַן אין אונדזער אַלטן מחזור, לייענט די פיוטים, פילט דאָס דערהויבענע און דאָס צאַרטע אין זייער אינהאַלט, דער פילט נאָך הײַנט דעם פּאָעטישן אָטעם פון ר' יהודה הלוי און ר' שלמה אבן גבירול, זייערע גאָט־זוכענישן מיט זייער איבערמענטשלעכע השתפכות און אמתער עקזאַלטאַציע, וואָס פאַרמאָגט אַ מאַגישע קראַפט וועלכע איז בכוח צו דערהויבן דעם ייִד צו עלית נשמה. אין די לעצטע יאָרהונדערטער האָבן מיר טיף און גרינטלעך פאַרשטאַנען די באַדײַטונג פון אַזעלכע פשוטע ווערטער: „כי תעביר ממשלה

זדון מן הארץ" און ווער נאָך ווי ייִדן האָבן געליטן פון פאַרשיידענע ממשלות זדון, בפרט אין דער ערשטער העלפט פון 20טן יאָרהונדערט, אָבער נישט פּאָגראָמען און רציחות, נישט די נויט און רדיפות האָבן געקענט צעשטערן די קראַפט און דעם לעבנס-רצון פון ייִדישן פאָלק, היינט איז אָבער פאַראַן אַ רעאַלע סכנה, אַז דאָס פאַרלאָזן מצד ייִדן דעם אייגענעם ייִדישן גייסט, דעם תנ"ך, דעם ייִדישן קולטור-אוצר, פול מיט חכמה און יושר, מיט הומאַניזם און צדק, קאָן חלילה דערפירן צום אומקום פון גרויסע טיילן פונעם עם הספר.

אויף דער שוועל פון ה'תשכ"ז, וואָס איז פול מיט נסיונות, מיט וועלכע אונדזער אומה אין די תפוצות און די ייִדן אין מדינת ישראל וועלן געפּרווט ווערן במשך פון דעם דאָזיקע יאָר, טראָגן מיר די האָפענונג און די אמונה, אַז דאָס געבעט פון „וכל הרשעה כולה כעשן תכלה" וועט אין אונדזערע טעג זיין אַ שיינעווירקלעכקייט.

# ה׳תשכ״ח - אַ באַנייאונגס יאָר אינעם ייִדישן לעבן

די ימים נוראים פאַרמאָגן אין זיך אַ שטאַרקן כוח, דורך וועלכן זיי זיינען ביכולת אַרײַנצודרינגען אין דער ייִדישער נשמה פון יחיד, ווי פונעם כלל און פאַרלאַנגען פון יעדן איינעם באַזונדער און פון ציבור בפרט, אַן ערנסטן חשבון הנפש, אַ טיפע מעדיטאַציע, אַ גײַסטיקן עקזאַמען איבער אָפּגעטוענע מעשים במשך פון פאַרגאַנגענעם יאָר, כדי צו זען אין אייגענעם שפּיגל די — ביודעים ובלא יודעים — באַגאַנגענע חטאים צום פאָלק ישראל, צו דער ייִדישער מדינה און דער עיקר, צום יחיד, וואָס געפינט זיך אויף די שטאַפּלען פון דער דעליקאַטער לייטער פון בין אָדם לחברו באַציונגען. דאָס גיט יעדן ייִדישן נפש אַ מעגלעכקייט צו זען די אייגענע פעלערן און זיי מתקן צו זײַן צום גוטן אויפן נײַעם יאָר ה׳תשכ״ח.

ווען מיר פאַרטיפן זיך מיט אונדזערע בליקן אין די בלעטער פון אַלטן מחזור, דוכט זיך אונדז אויס, אַז די תפילות און פּיוטים זיינען ממש געשריבן געוואָרן אין די הײַנטיקע טעג, אין אונדזער דור, ווי עס וואָלט גאָרנישט געווען קיין שום צײַט־דיסטאַנץ צווישן יענע אַלטע פאַרגאַנגענע, אין עבר פאַרשלונגענע דורות און אונדזער הײַנטיקע גענעראַציע.

דעמאָלט האָבן אונדזערע עלטער־עלטער זיידעס מתפלל געווען צום אַל־מעכטיקן, ער זאָל לאָזן לעבן אין אַזאַ וועלט, מיט אַזאַ מענטשהייט, ווו ס׳איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר רשעות, בײַ וועמען ס׳הערשט נישט מער די ממשלת זדון. אין אונדזער דור איז דאָך זעלטן מעגלעך צו טרעפן אַ ייִד, וועלכער זאָל נישט זײַן קיין געליטענער פון דער נאַצי־פאַשיסטישער און רויט־קאָמוניסטישער בלוטדורשטיקייט, נישטאָ אַזאַ ייִדישער קיבוץ, איצט אין לאַטיין־אַמעריקע, וואָס זאָל נישט לײַדן פון אַ דאָפּלטער שנאה, סײַ פון שוואַרצע קאַטוליש־נאַציאָנאַליסטישע קרײַזן והן פון די אָנהענגער פון קרעמלין און פּעקין־רעזשימען. טאַקע צוליב דעם באַקומען די תפילות, אין וועלכע עס זיינען אַרײַנגעהאַמערט דורות־דיקע געבעט־ווערטער: „כי תעבור ממשלת זדון מן הארץ״ און דער הייליקער פאַרלאַנג פון „וכל הרשעה כולו כעשן תכלה״ — גאָר אַ באַזונדערע באַדײַטונג אין אָנבליק פון די הייַנטצײַטיקע אַנטי־ייִדישע און אַנטי־ישראדיקע געשעענישן,

וואָס האָבן זיך במשך פון פאַרגאַנגענעם יאָר אויסגעוויקלט אין דער יידישער וועלט, בפרט אַרום מדינת ישראל.

דאָס יאָר ה׳תשכ״ז איז געווען פול מיט אָטעמלאָזע שפּאַנונגען, באַגלייט פון שווערע נסיונות, שוואַרצע וואָלקנס האָבן זיך געזאַמלט אויף די בלויע הימלען פון דער יידישער מדינה, די אַראַבישע פּראָוואָקאַציעס, די טאָג-טעגלעכע טעראָריסטישע אַקציעס מצד די נאַצי־פאַשיסטישע, אויף רויט געפאַרבטע אַראַבישע רעזשימען פון איין זייט און די כסדרדיקע ווילדע אַנטי - ישראל העצעס מצד די קאָמוניסטישע לענדער, באַגלייט פון אומאויפהערלעכע געוועזער טראַנספּאָרטן פאַר די אַראַבער, מיטן ציל אָנצוגרייפן און צו פאַרניכטן די יידישע מדינה, פון דער צווייטער זייט, דאָס איז געווען דער גרויזאַמער שפּיל פון גורל, וואָס קאָן פאַרצייכנט ווערן צווישן די שווערסטע ראַנגלענישן פון יידישן פאָלק פאַר זיין קיום, ווי פאַר דעם קאַמף פון מדינת ישראל אויף אויסצומיידן דעם דריטן חורבן.

די יידישע געשיכטע וועט אָבער, נאָך דער 6-טאָגיקער ישראל־מלחמה און צה״ל־נצחון, פאַרצייכענען אויף אירע בלעטער די גרויסע פרייד פון אונדזער אומה, וואָס האָט אַרומגערינגלט די יידישע מדינה מיט ליבע, מיט קרבנות-גרייטע זין און טעכטער, מיט פינאַנציעלע רעקורסן, ווי מיט אַן אומבאַגרענעצטע טרייַשאַפט, די ניי־צייטיקע יידישע היסטאָריע וועט, אָן ספק, דערמאָנען דעם העראָישן קאַמף פון אונדזער פאָלקו-אַוואַנגאַרד אין דער יידישער מדינה, וועלכער האָט זיך נישט געלאָזט אויסמאָרדן מצד די אַראַבישע האָרדעס מיט דער הסכמה פון מאָסקווע און פעקין. אָבער דאָס וועלט־יידנטום וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן די העלדישע קינדער פון ישראל, וועלכע זיינען געפאַלן אויפן מזבח פון אונדזער גאולה.

דאָס דאָזיקע יאָר ה׳תשכ״ז אין וועלכן דאָס יידישע פאָלק איז געפּרוּווט געוואָרן מיט אַלע פּיַער-פּראָבעס, איז געווען אַ שווערער און זייער ביטערער יאָר, דער נאַצי־קאָמוניסטישער אַנטיסעמיטיזם האָט אויפגעהויבן זיין שלאַנגענקאָפּ און די גלייַכגילטיקייט פון דער דעמאָקראַטישער וועלט צו ישראל, אין אָנבליק פון די כסדרדיקע אַראַבישע באַוואָפנטע אָנפאַלן אויף פרידלעכע בויער און אַקערער, איז ממש געווען אַ סטימול פאַר דער ווילדער שנאת ציון העצע פון דער „אַקס״ קאַירא־דמשק, מאָסקווע-פעקין. דאָס יאָר ה׳תשכ״ז האָט אָבער געהאָט אין זיך דערהויבענע טעג און גלאָרייכע מעשים, אין צייט פון מלחמת הקיום פון דער יידישער מדינה האָבן הייליקע פלאַמען פון יידישער התלהבות געפלאַקערט ביז צו די הימלען און אין זייער ליכט האָט די וועלט דערזען אַ נייעם אמת, אַז מיר לעבן און מאַרשירן שטאָלץ און אומגעשטערט אויפן גאולה-וועג. דאָס גאַנצע יידישע פאָלק איז אַרויס פון דעם נייעם קאָלעקטיוון אָנגריף מצד אַלע אונדזערע שונאים, געשטאַרקט, פאַראַנטוואָרטלעך און אומבאַזיגבאַר,

אמת, דער נצחון פון צה״ל איז נאָך ווײַט פון צו זײַן אַ פולער, אַ טאָטאַלער, ווײַל דער פײַנט שאַרפט נאָכאַמאָל זײַנע וואָפן קעגן ישראל, די קאָסיגינס און גאַמולקאַס און זייערע נאָכלויפער זאַמלען כוחות צום נײַע אָנגריפן קעגן אונדז. דער שלום מיט די אַראַבישע שכנים איז נאָך אַ חלום. דערווײַל האָבן זיך שוין די ייִדישע מאַסן אָנגעהויבן צוגעוווינען צום מיליטערישן זיג פון ישראל, זיי גרויסן זיך מיט דעם פאַקט, אָבער ס׳איז שוין מער נישטאָ די זעלבע באַגײַסטערונג, ווי אין די 6 טעג מלחמה, עקאָנאָמישע רעקורסן פון די תפוצות־ישראל שטראָמען נישט צום ייִדישן היימלאַנד, ווי מיר האָבן געמיינט, די ייִדישע יוגנט איז גרייט אויף „פּרײַוויליקייט״ אין טעג פון סכנה פאַר דער מדינה, אָבער זי ווײַזט נישט אַרויס קיין חלוצישע פאַרמעסטן, אויף צו וואָרצלען אין ישראל און זיך פאַרבונדן אויף טויט און לעבן מיט איר קיום און אידעאַלן פון קיבוץ גלויות.

די טריומפן פון דער העלדישער ישראל אַרמיי, פון ישראל-פאָלק, לעבן אויף אין אונדז גרויסע האָפענונגען און וועקן נײַע כוחות צום לעבן, די זיגן קענען אָבער נישט פאַרניכטן די אַסימילאַציע־מיקראָבן אין די תפוצות-ישראל.

70 יאָר איז אָנגעגאַנגען אין ייִדישן לעבן דער אידייען־געראַנגל, אַ שווערער אָן עקשנותדיקער, וועגן דער פּראָבלעמאַטיק פון גלות און ארץ ישראל, אַ ים פון נישט־ציוניסטישע און אָפטמאָל אַנטי-ציוניסטישע קאָנצעפּטן, שטאַנדפּונקטן און מיינונגען האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט ציון שטרעבונגען, מיט גאולה-פאַרלאַנגען, מיט אויסלייזונגס־אַספּיראַציעס, ווען טיילן פון ייִדישן פאָלק האָבן געשטרעבט צו אַווירדיק לעבן „אויפן אָרט — צווישן די פעלקער, אויף דער באַזע פון גלײַכהייט און ברידערלעכקייט, אָן אונטערשייד פון ראַסע און אמונה, אידעאַלן, וועלכע זיינען פולשטענדיק דורכגעפאַלן, נישט צוליב דער שולד פון ייִדן, נאָר מחמת דער טעמפּקייט פון גויים און רשעות פון אַנטיסעמיטן, האָט דער ציוניסטישער כוח אָנוועקגעשטעלט ארץ ישראל אין צענטער פון ייִדישן לעבן, ממש ווי נחס תיבה אויפן באַרגשפּיץ פון אונדזער צוקונפט... די ייִדישע ווירקלעכקייט האָט באַוויזן, ווער ס׳איז געווען גערעכט אינעם דערמאָנטן וויכוח.

דאָס יאָר ה׳תשכ״ז איז אויך געשטאַנען אונטערן צייכן פון זוכן לייזונגען צו קריזיס אינערהאַלב דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, מיר ווייסן, אַז דאָס איז נישט קיין צוזאַמענברוך פון אַ אידייע, דאָס איז דער קריזיס אין דער פירערשאַפט. ס׳איז דאָך אַ דבר ידוע, אַז דער ציוניזם האָט נאָכנישט־דערפילט זײַן היסטאָרישע שליחות און פאַר אים איז נאָך צוגעגרייט אַ סך לײַסטונגען אויף שטחים פון עליה און חינוך־העם, אוודאי פון בנין הארץ, דער דאָזיקער קריזיס איז אָבער אַ דויערנדיקער דערפאַר, ווײַל געוויסע מנהיגים פון דער מדינה, איצט קאָן מען צו זיי שוין מצרף זײַן דעם אייגענעם פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג, ד״ר נחום גאָלדמאַן, נעגירן דעם ווערט,

באַדײַט און אינהאַלט פון דער ציוניסטישער מחנה, סײַ פאַרן המשך בוי פון דער ייִדישער מדינה והן פאַר דער גײַסטיקער דערהאַבערונג פון די ייִדישע מאַסן אין דער גאָרער וועלט פאַר די הויכע אידעאַלן פון ייִדישע פרײַהייט. לאָמיר זאָגן קלאָר און שאַרף, אַז דער ציוניזם וועט אַרויסגיין פון זײַן קריזיס נאָר דעמאָלט, ווען די ציוניסטן וועלן ריכטיק און אויפריכטיק פאַרשטיין זייער שליחות אינעם ייִדישן פאָלק, בפרט, ווען בײַ זיי וועט שולט זײַן די איבערצײַגונג, אַז אַזוי שנעל וועט אויף דער ייִדישער גאַס נישט געשאַפן ווערן אַן אַנדערע אידעאישע באַוועגונג, וועלכע וועט זײַן ביכולת צו פאַרנעמען דעם פלאַץ פון ציוניזם.

קיינער קאָן שוין נישט אָפּפרעגן דעם פאַקט, אַז דער ציוניזם איז די צוקונפט פון ייִדישן פאָלק, ס׳קאָנען עקזיסטירן הונדערטער און טויזנטער ייִדישע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, נאָר אויב זיי וואַרעמען זיך נישט בײַ די פײַערלעך פון ייִדישער אויסלייזונג, פון ייִדישער ווירדע, פון נאַציאָנאַלער ייִדישער זעלבסטדערקענטעניש, זיינען זיי גופים אָן אַ נשמה, טאַקע דערפאַר מוז דער ציוניזם אויך זײַן אונדזער קעגנוואַרט.

מיט אָפּרײַסן דאָס לעצטע בלעטל פון ייִדישן לוח ווערט אַנגעזאָגט דאָס אָנקומען פון ראש השנה ה׳תשכ״ח. דאָס אַלטע יאָר איז אַוועק און מיט אים זיינען מיטגעגאַנגען אין דער פאַרגאַנגענהייט, געשעענישן און אויפטרייסלונגען, האָפענונגען און אַנטוישונגען. מיר שטייען פאַרן נײַעם יאָר ווי פאַר אַ שטומען ספינקס, מיר קענען נישט די טעג, וואָס וועלן קומען, וואָס פאַר אַ בשורות וועלן זיי אונדז ברענגען, וואָס פאַר אַ פרייד וועלן זיי אונדז פאַרשאַפן. מיר שפּרײַזן אַריבער די שוועל פון נײַעם יאָר מיט דער ייִדישער אמונה אין האַרצן, אַז ער וועט ברענגען אַ גײַסטיקן און קולטורעלן אויפשוווּנג אינערהאַלב דעם אָרגענטינער ייִדנטום, ווי אין ייִדישן פאָלק בכלל, מיר טראָגן די האָפענונג אין האַרצן, אַז ס׳וועט ווערן אַווירקלעכקייט דער ווונטש פון תכלה תקופה הגלות וקללותיה תחל תקופה הגאולה וברכותיה.

# אונדזערע שולעס – די הויפּט פּאָזיציעס פון יידישן פאָלק

זייער פיל רעדט מען אין אַלע יידישע קרייזן וועגן דער לאָגישער נויטווענדיקייט צו דערציען אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט אַ יונגן יידישן דור, וואָס זאָל זיין באַקאַנט מיט אונדזער עבר, פאַרשטיין דעם פאַרוואָס פון אונדזערע מוראדיקע ליידן אין הווה און זיין באַוואָפנט מיט די גייסטיקע קולטור־אוצרות פון אונדזער פאָלק און מיט חלוצים-ציוניסטישן קאַמפס באַוווסטזיין, צו קענען ווערן אַ שותף צו דער אויספאָרמירונג און אויסשמידונג פון אַ נייעם גליקלעכן עתיד.

רעדט מען שוין וועגן דעם אַ סך, אַ סך יאָרן און מען זעט אַלץ נישט קיין סימן פון אַ פאַרווירקלעכונגס פּרווו — און יונגע, איידעלע יידישע נשמהלעך ווערן מדברדיק פּוסט. יידישע קינדערלעך וואַקסן אונטער און זיינען — פאַרן יידישן פאָלק און אַלע זיינע ראַנגלענישן און קאַמפן אַ גייסטיק אָפּגעשטאָרבענער גליד. אויב ערגעץ ווו פלאַמט אויף אַ פייערל־פלעמל פון אַן אָנגעהויבענער יידישער דערציִונגס-אַרבעט — און מיר ווערן דורכגעדרונגען מיט גלויבן, אַז ס'איז נאָך צוגעקומען אַ שלאַכט-קאַזעמאַט צו דער גייסטיקער פעסטונג פון אונדזער פאָלק, ווערן מיר אָבער באַלד אַנטוישט, ווייל, ליידער ברענט אויס דאָס עמוד־האשדיקע פלעמל ווי אַ בענגאַליש פייערווערק און מיר זעען שוין: אַ חרוב געוואָרענע שולע — וועלכע איז אונטערמינירט געוואָרן פון בטול־באַציִונג מצד עלטערן, פון דער אחריותלאָזיקייט מצד דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזירטער יידישער געזעלשאַפט, און קיינער — אַ חוץ עטלעכע יחידים — וויל נישט פאַרשטיין, אַז מיטן אונטערגאַנג פון אַ יידישער שולע — האָבן זיך די עלטערן, שול-טוער, חינוך־עסקנים און די גאַנצע ציוניסטישע באַוועגונג אויסגעשטעלט אַן אָרעמצייגעניש פון הפקרות און ווערן פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן גייסטיקן טויט פון צענדליקער -און הונדערטער יידישע קינדערלעך, וואָס וועלן מער נישט קענען געניסן פון די ריינע עטישע קוואַלן פון דעם גייסטיקן און עטישן פאָלק.

און אויב די עקזיסטירנדע יידישע שולן אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט זיינען כמעט אויסגעליידיקט דערציעריש און פון אינהאַלטלעכן לימוד־שטאַנדפונקט — פּוסט. נישטאָ איין איינהייטלעכע יידישע שול אינסטאַנץ, וועלכע

זאָל קאָאָרדינירן, אָריענטירן און באַוואַכן — ווי אַן אייגן אויג אין קאָפּ — די גאַנצע שול־אַרבעט אין אַלע לענדער פון דעם אידעענלאָזן מאַטעריאַליזירטן קאָנ־טינענט, יעדע גרופּע בויט זיך אַ שולע, מען פירט איר אַרײַן אין גרויסע שיינע לאָקאַלן און באַלד — הייבט זיך אָן די דעמיגראַציע פון דער שול — צו־ריק אַהיים. עלטערן זיינען מסכים צו דעם. שול־טוער — שווײַגן מיט האַרצווייטאָג איבער אַזאַ צושטאַנד. און, נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס נעמען נישט אַן קיין קעגנ־מיטלען: ווילן נישט אויסאיבן זייער מאָראַלישע סאַנקציע־קראַפט קעגן די יעניקע וואָס צעטרייסלען די פונדאַמענטן פון אונדזער הערלעכסטן בנין — דורך זייער ליכטזיניקער אַנטי־יידישער בטול־באַציאונג.

האָט איינער כאַראַקטעריזירט אונדזערע דורך די יידישע שולן דערצויגענע קינדערלעך מיט די ווערטער: — פון אָנהייב: בערעלע קנאַקט אַ קערעלע — לענגער אין שול: בערעלע קנאַקט אַ קערל". און ווען דאָס קינד האָט שוין פאַרענדיקט די יידישע שול איז: 'אַ בער קנאַקט אַ קער..." און פאַקטיש איז דאָך די כאַראַקטעריסטיק אַ קלאָרע און אַן אמתע, נישט דער לערער, וואָס טוט פּיאָנערישע שול און דערציאונגס אַרבעט איז שולדיק אין דער שרעקלעכער עם־הארצות פון יידישן שול־קינד. ניין, נישט דער לײַדנדער יידישער לערער טראָגט די שולד, נאָר די שול־טרעגער זיינען די עלטערן און די אין פּוסטקייט אײַנגע־וויגטע יידישע געזעלשאַפט מיט איר נאַציאָנאַלן אַוואַנגאַרד — די ציוניסטישע באַוועגונג, וועלכע האָט באַדאַרפט זײַן און געקענט זײַן די טרײַע שיצערן און וועכטערן איבער אונדזערע גײַסטיקע מאַכט־פּאָזיציעס — די יידישע שול. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אויף דעם קאָנטינענט העלפן בויען ארץ־ישראל, אָבער ווייניק וואָס נוצן זי אויס די גרויסע כּאַראַנענע מעגלעכקייט אָפּצוראַטע־ווען אַ יונגן יידישן דור פון גײַסטיקער פאַרניכטונג און שמדלאָזער שמד־אַסי־מילאַציע.

ביי נאָרמאַלע פעלקער איז דערציאונג אַ נאַציאָנאַלע התחייבות, אַ רעגי־רונגס־מוז אַ פאָלקס־פליכט, — ביי אונדז אַמאָל איז אויך אַזוי געוועזן. הײַנט איז יידישע דערציאונגס־אַרבעט ליידער געוואָרן אַ ביטול־שפּיל, אַ הפקר־באַציאונג און אַ פליכטלאָזע אויפפאַסונג. די פאָלקס שול איז ביי די אומות העולם — אפילו הײַנט אין דער קולטורלאָזסטער צײַט — די הויפּט אַגענטור פון ציוויליזאַציע און דער וויכטיקסטער אינסטרומענט אויסצושמידן אין דעם דאָזיקן דערציאונגס־וואַרשטאַט אַ נײַעם מאָרגן פאַרן אייגענעם פאָלק און לאַנד, ווײַל קינדערלעך זיינען די צוקונפט און אַ גוט דערצויגענע יוגנט איז דער גײַסטיקער המשך פון יעדן פאָלק.

זאָרגן מיר אויך אויף דעם קאָנטינענט פאַר אונדזער מאָרגן, פאַר אונדזער המשך?

איך וויל גאָרנישט פאַרלייקענען, דער גאַנצער ביטערער אמת מוז געזאָגט

ווערן: ס'וואַקסט אַ ייִדישע יוגנט מיט ליידיקע נשמות, מיט פּוסטע הערצער. אַן נאַציאָנאַלע שטרעבונגען און אָן יענעם נאַציאָנאַלן וויטאַמין, וואָס מאַכט פילן, אַז מען איז אַ גליד פון אַן עדה, אַ זאַמדעלע אין דעם גרויסן צעטראָטענעם און פון יעדן באַשפּיגענעם ייִדישן זאַמד-באַרג... אַ טייל פון אַ קאָלעקטיוו וואָס וויל נישט שטאַרבן, פאַרקערט, רײַסט זיך פון זײַן טויזנט־יאָריקן שלאָף און דערוואַכט צו נײַע קאַמפן און וויל — צום לעצטן מאָל — אויסשמידן אַ גליק־לעכן מאָרגן.

די ייִדישע עלטערן און די חינוך עסקנים ווערן הײַנט, אין דער טראַגיש־סטער צײַט פאַר אונדזער פאָלק, אויפגעפאָדערט מתקן צו זײַן באַגאַנגענע פעלערן אויפן שול און דערציאונגס־געביט. די נאַציאָנאַלע געזעלשאַפטלעכ־קייט מוז געדענקען און פאַרווירקלעכן דעם געבאָט פון דער שעה: בויען נײַע שולן, פאַרפעסטיקן די עקזיסטירנדע! געווינען די ייִדישע היים פאַר דער ייִדי־שער שול און דאָס וועט זײַן די גרעסטע רעטונגס־אַרבעט פאַרן ייִדישן פאָלק. די ייִדישע שולן מוזן ווערן אונדזערע לעצטע מאַכט־פּאָזיציעס.

# ציוניסטישער חינוך איז דער געבאָט פון דער שעה

צו אָפט און שוין צו לאַנג רעדט מען וועגן קריזיס אין ציוניזם. דאָס אַליין האָט שוין געשאַפן אַ מאַסן־פּסיכאָז און קיינער וואַגט נישט צו זאָגן, ווו עס געפינט זיך דער אמתער שורש פון דעם דאָזיקן צושטאַנד, עס איז פאַראַן אַן אומבאַגרינדעטער פחד צו זאָגן בקול רם, אַז דער קריזיס אין דער ציוניסטישער באַוועגונג איז אַ פועל יוצא פונעם משבר הרוחני ביי די ציוניסטישע מנהיגים, וועלכע האָבן נישט געקענט, אָדער נישט געוואָלט, אַוועקשטעלן די ייִדישע פרייַהייט־באַוועגונג, נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער ייִדישער מדינה, אין צענטער פונעם ייִדישן לעבן. ווער עס האָט געוואָלט, האָט באַקומען רשות אַפּצוצאַפּן אַ ביסל בלוט פון ציוניזם און שאַפן עפּעס אַ סוראָגאַט, אַ נייַע „וועלט ־ אינסטאַנץ" פאַרן ייִדישן פאָלק. יעדער באַזונדער האָט גענומען „זאָרגן" פאַרן פיזישן און גייַסטיקן קיום פון עם ־ ישראל, אַ כוואַליע פון שתדלנות האָט גענומען פליִיצן איבער וועגן און שטעגן פון ייִדישן לעבן אי די תפוצות, און די עכטע ציוניסטישע שטימע, דער אמתער קול יעקב, דער תוכן פון אַ שטאָלצע נאַציאָנאַלע ייִדישע פּאָליטיק איז פאַרשטומט געוואָרן און פאַרשוואונדן פון דער אויבערפלאַך. עס האָט אויפגעהערט שולט זייַן דער גייסטיקער ציוניסטישער אָטעם אין אונדזער סביבה, קאָמפּראָמיסן, מוטלאָזיקייט, פּיקטיווע און אָנשטעלערישע זשעסטן, האָבן פאַרנומען דעם פּלאַץ פון אידעאישע ראַנגלענישן, פון אַ פּערמאַנענטן מוסטער־קאַמף פאַר די רעכט פון ייִדן אויפן פּלאַץ, ווי פאַר די ציוניסטישע פּאָסטולאַטן אין אַלגעמיין. די ייִדישע מדינה האָט נישט אויפגעלייזט דעם ציוניזם, די ציוניסטישע פירער האָבן נישט געהאַט דעם רצון, דעם קוראַזש צו פאָדערן אַ ציוניסטישע מדינה, צו פאַרלאַנגען אַזאַ אַמנה פון דער ישראל־רעגירונג, וואָס זאָל אַוועקשטעלן די ציוניסטישע באַוועגונג, און נאָר איר אַליין אין שפּיץ פון גאַנצן ייִדישן פאָלק, געבנדיק איר דאָס רעכט אָנצופירן די פּאָליטיש ־ ציוניסטישע אַקטיוויטעטן און די דערציִערישע אויפגאַבן אויף צו פאַרזיכערן אַזאַ ייִדיש־העברעאישן שול־וועזן, וועלכער זאָל זייַן בכוח צו פאַרזיכערן דעם המשך פון אונדזער אומה. דער קריזיס אין ציוניזם נעסטעט אין זייַנע מנהיגים. די ציוניסטישע אידעאַלן זענען געבליבן

פעסטע, קוואַלעדיק־גײַסטיקע און זיי וועלן פריער אָדער שפּעטער, באַפרוכפּערן דאָס ייִדישע לעבן מיט אינהאַלט, מיט מוט און מיט אַ שעפערישער ציוניסטי־שער דערציִונג פון ייִדישן קינד, פון די ייִדישע מאַסן פאַרן קיום־העם.

***

איך בין אַ קאָמפּראָמיסלאָזער אָנהענגער פון אַן אינטעגראַלער ציוניס־טישער דערציִונג אין אונדזערע בתי ספר. אַזאַ חינוך דערלאָזט נישט, אַז די נשמה פון ייִדישן קינד זאָל זײַן אַ צעשפּאָלטענע, זאָל זיך אַנטוויקלען מיט פאַלשע אײַנדרוקן וועגן ייִדישן פאָלק און זײַן פרײַהייטס־באַוועגונג, דער ציו־ניזם. דאָס איז אַ דערציִונג, פרײַ פון סתירות און פול מיט זיכערקייט פאַרן ייִדישן המשך. וואָס איז דער צושטײַער פון דער ייִדישער מדינה צו דער האָ־זיקער גרונט־אויפגאַבע? מען טאָר נישט אונטערשעצן די אָנשטרענגונגען פון דער מחלקה לחינוך ותרבות בגולה, אין וועמענס שפּיץ עס געפינט זיך דער בר אוריין, און ציוני, יצחק הרכבי. עס דאַרף אויך נישט אַוועקגעמאַכט ווערן מיט דער האַנט דעם חלק אַרבעט מצד דער ממשלת ישראל לטובת דעם חינוך הבנים. איך ווייס נישט, צי אַלע ישראל מחנכים זענען סובל דאָס ייִדישע לעבן, גיבן זיך די מי צו פאַרשטיין די ספּעציפישע באַדינגונגען אין וועלכע עס געפינען זיך די ייִדישע ישובים אין דער וועלט, בפרט אין לאַטיין־אַמעריקע, „זכרתי לך חסד נעוריך, לכתך אחרי במדבר...״ פאַרשטייען די ייִדישע לערער פון מדינת ישראל, אַז ייִדישע ישובים אויף אַ קאָלעקטיוון אופן און יעדער ייִד ביחידות, געפינען זיך הײַנט צו טאָג אין אַ פיל ערגערן מדבר פון גרויסע גע־פאַרן, אַסימילאַציע, געמישטע חתונות, פרעמדע קולטורן, אייגענע עם־הארצות, פרעמדע — נישט ייִדישע אידעאַלן, ווי די סכנות, וואָס דער נביא דערמאָנט וועגן יענעם מדבר...? איך בין נישט זיכער, אַז דאָס ווערט פאַרשטאַנען פון אַלע מדינה מחנכים, פון אַלע ישראל שליחים, וואָס אַקטואירן אין די תפוצות. איך קאָן דערציִער און שליחים, פון ישראל, וועלכע נעגירן דאָס ייִדישע לעבן, זיינען נישט מחנך די יוגנט פון געוויסע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין ייִדיש־נאַציאָנאַלן, ציוניסטישן און טראַדיציאָנעלן גײַסט. דעם שרײַבער פון די שורות איז גוט באַקאַנט דער פאַקט, ווען אין ציוניסטישע יוגנט־באַוועגונגען אַרבעט מען אין זייערע ביוראָען אינעם שבתדיקן טאָג און שליחים טוען גאָר־נישט כדי אײַנצופלאַנצן רעספּעקט און ליבע צום ייִדישן רו־טאָג און צו זײַן גײַסטיקער באַדײַטונג. דאָס טאָר מער נישט געדולדעט ווערן, ווײַל ייִדישע יוגנטלעכע וואַקסן מיט וואַכעדיקייט אין דער נשמה.

דער מצב אין נאַציאָנאַלן ייִדישן שול־וועזן, דער קריזיס אין דער ציוניס־טישער וועלט, דער געפאַלענער דערציאונגס־ניוואָ אין די ציוניסטישע יוגנט־

אָרגאַניזאַציעס, דער היפּשער אַוואַנס פון קאַסטריזם צווישן דער יידישער סטו-דענטשאַפט, דאָס פאַדערט שוין אַן ערנסטע רעוויזיע אין די אייגענע חינוך-פּלענער, ווי אויך אין דער פאָרם פון מיטאַרבעט מצד דער סוכנות. עס האָט געשלאָגן די גרויסע שעה פאַר דער לעצטער שלאַכט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג בכלל און פון היגן ציוניזם בפרט פאַר יידישקייט. דער דאָזיקער פראָנט דאַרף זיך ציען פון דער עכטער ציוניסטישער שולע דורך דער יידישער היים צו דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, כדי אַלע יידן, וועלכע פילן די אחריות פאַרן מאָרגן פון אונדזער פאָלק, זאָלן ווערן דורכגעדרונגען מיטן באַוווסטזיין, אַז דער חובת לחינוך הציוני דאַרף ווערן דער קודמת לכול אין אונ-דזער וויטערדיקן קאַמף פאַר דער הגשמה פון די ציוניסטישע פּאָסטולאַטן.

מיט דער שטאַרקייט, אָדער שוואַכקייט פון ציוניסטישן שול־וועזן וועט שטייגן אָדער חלילה פאַלן די ציוניסטישע באַוועגונג אין דער יידישער וועלט.

# „ותלמוד תורה כנגד כולם"...

ווען פעלקער אויף אייגענעם באָדן, אין אייגענע באַפרײַטע לענדער, האָבן קולטורעל געוועלקט און זיינען גײַסטיק פאַרגרעבט געוואָרן, איז דאָס יידישע פאָלק הויך געשטיגן אויף דעם לייטער פון תורה און חכמה, אפילו אין די צײַטן פון פינצטערן אימהדיקן גלות, אויף פרעמדער ערד, צווישן געטאָ-ווענט. דאָס איז אַן אמת, וואָס קאָן פון קיינעם נישט אָפּגעלייקנט ווערן.

דער גורל פון יידן צווישן די פעלקער איז נישט געווען אַנדערש פונעם יידישן ספר. דער שונא ישראל האָט פײַנט געהאַט יעדן ייד באַזונדער און עם ישראל צוזאַמען. ווען אַנטיסעמיטיזם איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין כוליגאַניזם, פּאָגראָמירנדיק יידיש לעבן און פאַרמעגן, איז דער תלמוד פאַרברענט געוואָרן אויף שייטערהויפנס צוזאַמען מיט זײַנע לערנערס, איז דאָס יידישע ספר פאַרניכטעט געוואָרן צוזאַמען מיט זײַנע לייענער און מתמידים. פּאָגראָמשטי־קעס פון אַלע צײַטן און דורות, אײַנגעשלאָסן דעם מערדערישן נאַציזם פון אונ־דזער דור, האָבן אומגעבראַכט מיליאָנען יידן, אָבער זיי זיינען נישט געווען בכוח צו דערמאָרדן דאָס יידישע אות, עוקר מן השורש צו זײַן דעם יידישן גײַסט און אַוודאי נישט אָפּצורײַסן דעם שארית ישראל פון זײַנע דורותדיקע לערעס. פיזיש איז זייער לײַכט אויסצופירן אַ מאָרד, אָדער אַ מאַסן־מאָרד אי־בער לעבעדיקע נפשות, גאָרנישט לײַכט איז צו דערהרגענען אַן אידעאַל, צו מאָרדן דאָס אייביקע יידישע וואָרט, אומצוברענגען די תורה פון דעם אמתן ואהבת לרעך כמוך, דעם וחי אחיך עמך און אַלע גרונט פּרינציפּן פון סאָציאַלן יושר, וועמענס אייביקע טרעגער עס זיינען די בני ישראל.

יידן האָבן געלערנט בײַטאָג און בײַנאַכט, דאָס קול פון תורה האָט זיך געטראָגן פון חדר און ישיבה, פון היים און בית-מדרש, פון קלויז, ווי פון חסי־דישן „שטיבל". דער גמרא ניגון האָט געקלונגען איבער יידישע אָרעמע געס־לעך און הערצער האָבן זיך געפרייט, שווערע געמיטער האָבן געפונען אין די טענער אַ פאַרלײַכטערונג. אויב ס'איז נישט געווען גענוג צײַט אויף לערנען בײַטאָג, האָבן יידן, אָן אונטערשיד פון עלטער, — ס'איז קיינמאָל נישט גע־ווען קיין פּראָבלעם מיט דעם יוגנט, מיטן הײַנטצײַטיקן 2טן דור — אָראָפּ־געגנבעט שעהן פון דער נאַכט, געפּראַוועט „חצות" און אויפגעשטאַנען פאַרטאָג,

כדי צו זײַן איינער פון ערשטן מניך. דערנאָך, אין דער נײַער מאָדערנער צײַט, מיטן אויפקום פון גרויסע אידעאישע באַוועגונגען אינערהאַלב דעם ייִדישן פאָלק, דער ציוניזם און דער ייִדישער סאָציאַליזם, איז נאָכאַמאָל דאָס לערנען געשטעלט געוואָרן העכער פון אַלע אַנדערע אויפגאַבן. ווו האָט מען נישט געלערנט, אויף וועלכן פלאַץ האָט מען נישט שטודירט? אין פאַריין, אין דער היים, אין וואַלד און אין פעלד, אין שולע אין סעמינאַרן און אין זעלבסט בילדונגס-גרופּן, אַ נעץ פון שולעס, ביבליאָטעקן, דראַמקרײַזן אָוונט־קורסן, רעפעראַטן און לעק-טאָרן האָבן אַרומגענומען דאָס ייִדישע לעבן מיט אַ גאָלדענע קייט, וועמענס רינגען האָבן זיך געשלענגלט איבער דורותדיקע ייִדישקייט, וואָס האָט, אין פאַרשיידענע תקופות אָנגענומען פאַרשיידענע פאָרמען.

יעדער דור, פונקט ווי יעדער ייִד פון זײַן דור, האָט געשמידט גײַסטיקע ווערק פאַר דעם קומענדיקן ייִדישן דור, איינער האָט דעם צווייטן איבערגעגעבן דעם ברענענדיקן פאַקל פון ייִדישן גײַסט און ליכטיק איז געווען אויף אַלע ייִדישע וועגן אינעם חושכדיקן גלות. ווער ווייסט, צי אונדזערע עלטערן האָבן האָבן אַזויפיל געזאָרגט מאַטעריעל און פאַרזאָרגט זייערע קינדער מיט רײַכ־טימער, ווי דאָס טוען די הײַנטיקע טאַטע־מאַמע? די ערשטע דאגה פון אונדזערע עלטערן איז דאָך געווען, צו לערנען די קינדער ייִדישקייט, דער „ותלמוד תורה כנגד כולם״ איז געווען אַ געבאָט אינעם ייִדישן לעבן און דאָס האָט טאָקע מעגלעך געמאַכט אונדזער קיום ביז צום הײַנטיקן טאָג.

הײַנט איז דער קולטור־מצב אין ייִדישן פאָלק און אין היגן ישוב נישט קיין גלענצנדיקער, פאַרפרעמדונג און זעלבסט פאַרלייקענונג פרעסט אונדז פון אינעווייניק און דער אויסערלעכער גלאַנץ פון ניט־ייִדישע אידייען מאַכט אָן אַ גײַסטיקן חורבן צווישן אונדזער יוגנט און שטודירנדיקע עלעמענטן. די ייִדישע היים, אין איר מערהייט איז אויסגעליידיקט געוואָרן פון ייִדישן אינהאַלט, קאָרטן־שפּיל און אומזיניקע צײַט - פאַרטרײַב האָט אַרויסגעטריבן פון דער ייִדישער שטוב אונדזערע אַזגענע קולטור־ווערטן און אין אַזאַ סביבה וואַקסן קינדער, וועלכע ווערן אָפּגעריסן פון שורש און איבערגעגעטפערט צום הפקר און דערנאָך צו הפקרות.

דאָס אַרגענטינער ייִדנטום פאַרמאָגט נאָך, צו אונדזער גליק גרויסע גײַס־טיקע כוחות, וועלכע זיינען ביכולת צו ענדערן דעם קולטור־צושטאַנד, אין אונ־דזער היגער ייִדיש־נאַציאָנאַלער געזעלשאַפטלעכקייט. ס׳איז נישט קיין פראַגע פון במה מדליקין, נאָר פון וועלן אָנצינדן דעם פלאַם פון ייִדישקייט אין אַר-גענטינער ייִדנטום.

דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט פון דער היגער קהילה, ווי דער ייִדישער שרײַ-

בער פאַריין „ה. ד. נאָמבערג״ הייבן אָן דעם קולטור-זמן מיט עפנטלעכע אַקטן, וואָס זיינען אַ רוף צום אַרגענטינער ייִדנטום, צו די ייִדישע עלטערן און אַוודאי צו דער ייִדישער יוגנט, בפרט צו אַלע ייִדיש־העברעישע גייסטיקע כוחות, ענגער צו מאַכן די רייען, כדי צו קענען שמידן — דורך דעם ייִדישן וואָרט — דעם גייסטיקן המשך פון ייִדישן פאָלק.

# ס׳נײַט וועגן דער נשמה פון ייִדישן קינד

ס׳איז שוין אַ סך געשריבן געוואָרן אויף דער דאָזיקער אַצינד אָנגעווייטיקטער טעמע, ייִדישע זשורנאַליסטן און חינוך־עסקנים האָבן, אין אַן עפנטלעכער פאָרם אויסגעדריקט זייער טיפע דאגה מיט דער נײַ־געשאַפענער סיטואַציע אויפן פעלד פון ייִדישער דערציונג אין אַרגענטינע, אָבער מיט ווערטער אַליין קאָן מען נישט ענדערן דעם געשאַפענעם צושטאַנד, עס דאַרפן קומען ווירדיקע מעשים מצד די אינסטאַנצן פון אַרגענטינער ייִדנטום.

קיינער פון אונדז האָט נישט קיין פאַרטיקע רעצעפּטן, אויף צו ראַטעווען שנעל און אָן צײַט־פאַרלוסט דאָס ייִדישע שולוועזן אין לאַנד, וואָס שטייט פּנים אל פּנים מיט ערנסטע סכנות, עס דאַרף אָבער זײַן קלאָר פאַר יעדן בר־דעת, ד״ה פאַר יעדן ייִד, וואָס איז באַשאָנקען מיט אַ ביסל דעת, אַז אונדזערע ישוב־אָרגאַנען האָבן נישט ריכטיק אָוועקגעשטעלט פאַר די מלוכישע שול־ און בילדונגס־קערפּערשאַפטן, אונדזערע אייגנאַרטיקע דערציאונגס פראַגן אין אַזאַ ליכט, אין וועלכן און דורך וועלכן נישט־ייִדן האָבן באַדאַרפט דערזען אונדזער ייִדיש־נאַציאָנאַלע ווערדע און דערהערן אונדזערע פאָדערונגען... מען קאָן נישט גיין נאָר אויף דעם וועג פון לײַכטן ווידערשטאַנד, מען דאַרף נישט גלויבן אין לײַכטע צוזאָגן פון קליינע רעגירונגס־באַאַמטע, וועלכע פּטרן אָפּ ערנסטע פּראָבלעמען מיט אַ שמייכל, אַ וואַרעמען האַנט־דרוק און מיט פאַרקערטע כוונות. די „דאַיאַ" האָט באַדאַרפט בעטן אַ ספּעציעלע אוידיענץ בײַם מלוכה־פּרעזידענט און אים אַליין אויפקלערן, סײַ שריפטלעך מיט אַ גוט צוגעגרייטן מעמאָראַנדום ווי בעל פּה, וועגן אונדזער ווילן צו דערציען אונדזערע קינדער אינעם גײַסט פון דער אַלטער און באַנײַטער ייִדישקייט, וואָס איז גאָרנישט אין סתירה צו אַרגענטינישקייט און ליבע צום לאַנד פון סאַן מאַרטין. אפשר וואָלט אַזאַ דירעקטע אינטערווענץ מער געווירקט מיט איינמאָל ווי צענדליקער שתדלנותן בײַם בילדונגס־מיניסטער אָדער בײַ זײַנע נידעריקע און ראַנג באַאַמטע. די ווירקלעכקייט האָט מער ווי איינמאָל באַוויזן, אַז דאָרט ווו אונדזערע ישוב־מנהיגים שטעלן אַוועק ייִדישע פראַגן אויף אַ ווירדיקער הויך, דעמאָלט ווען מיר אַלע רעאַגירן מיט פאַרנעם און מיט דער גאַנצער נאַציאָנאַלער ווערדע אַלס ייִדן, פאַרשטייט מען אונדז מער, לײַכטער און אָפטמאָל ווערן שווערע פּראָבלעמען געלייזט און אויסגעלייזט.

דעם שרײַבער פון די שורות איז באַקאַנט אַ פאַקט, ווען אַ ייִדישער מנהיג פון אַ שכנותדיק לאַנד האָט געזאָגט, קלאָר און שאַרף אַ מלוכה־פּרעזידענט וועגן ייִדן און לאַנד־פּאַטריאָטיזם, אַזעלכע אױפריכטיקע ווערטער: „אויב אין לאַנד געפינען זיך ייִדן, וואָס שרײַען בקולי קולות, אַז זיי זיינען נאָר פּאַטריאָטן פון דעם לאַנד און נישט מער, זאָלט איר זיי נישט גלייבן, אָבער אויב ייִדן וועלן דערקלערן אָן שום אויסריידעניש, אָן וועלכן תירוץ, אַז צוגלײַך דערמיט, וואָס זיי זיינען גוטע און טרײַע בירגער, זיינען זיי שטאָלצע ייִדן און טרײַע ציוניסטן, זאָלט איר אין זיי זען ווירדיקע בירגער פון לאַנד״. אין די דאָזיקע ווערטער געפינט זיך אַן אַבסאָלוטער אמת, אַזעלכע ייִדן, וואָס זיינען בכוח צו פאַרלייקענען זייער פאָלק, דאָס היסטאָרישע און איצט זיך בויענדיקע ארץ ישראל, די אייגענע טאַטע-מאַמע, אַזעלכע נפשות איז נישט לײַכט צו געבן צוטרוי, אַפילו ביי באַוווסטזיניקע נישט־ייִדן, מאַכן אַזעלכע הורא־פּאַטריאָטן אַ קנאַפּן רושם. ייִדישקייט איז קיינמאָל נישט געווען אין קעגנזאַץ צו דערפילן בירגער-פליכטן, פאַרקערט, וואָס שטאָלצער אַ ייִד באַווײַזט זיך מיט זײַן יחוס, מיט זײַן אייגענער קולטור, מיט זײַן שפּראַך און גײַסטיקע ווערטן, אַלץ מער רעספּעקט פאַרדינט ער זיך ביי זײַנע קריסטלעכע פרײַנט, עס דאַרף נאָך אַמאָל זײַן אַ קלאָרער חשבון בײַ אַזעלכע ייִדן, וועלכע פאַרקריכן אויף נישט ייִדישע וועגן וואָס לויפן פרײַוויליק אַרײַן אינעם שטראָם פון אַסימילאַציע, אַז טויזנטער נישט ייִדן וועלן געוויס טראַכטן, אויב אַזאַ נפש האָט געקענט פאַראַטן אייגענע, פאַרוואָס זאָל אים שווער זײַן צו ווערן אַ בוגד אין אונדז און אין אונדזערע פּרינציפּן און אויפגאַבן...

איך זאָג דאָס אין פאַרבינדונג דערמיט וואָס געוויסע ייִדן האָבן שוין משלים געווען צום געדאַנק, אַז מען דאַרף טאַקע די ייִדישע קינדער געבן נאָר אַן אַרגענטינער דערציאונג באַפרײַענדיק אייגענע ייִדישע קינדער פון חינוך־פליכטן. אַזאַ סאָרט פּאַטריאָטיזם אויפן חשבון פון דעם ייִדישן קינדס נשמה איז נישט קיין געזונטע דערשײַנונג דאָס שטעלט אין געפאַר די עצם-עקזיסטענץ פון אַרגענטינער ייִדנטום.

מיר, נאַציאָנאַל־באַוווסטזיניקע ייִדן, האָבן די טיפע איבערצײַגונג אַז נישט־ייִדן, אַרײַנגערעכנט די הײַנטיקע רעגירונגס-פירער, פאַרלאַנגען נישט פון ייִדישן ישוב מוותר צו זײַן אויף עיקרים פון ייִדישער דערציאונג. האָט דען די רעגירונג אַרויסגעשטעלט אַזאַ פאָדערונג צו אַנדערע קאָלעקטיוויטעטן? האָבן די היגע דײַטשן, פּאָלאַקן, אוקרײַנער, ענגלענדער; פראַנצויזן; איטאַליענער און אַנד׳ עטנישע גרופּן זיך אויפגעלייזט האָבן די זעלבע זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע נאַציאָנאַלע שפּראַכן און קולטורן, מיט קליינע אונטערשיידן, אונטער דער קאַטוילישער רעליגיע? פאַרוואָס טאַקע אַזאַ אײַלעניש בײַ ייִדן?

איצט טרייסטן זיך ייִדן אין אַרגענטינע מיט אינטעגראַלע שולעס. אַ סך פון זיי זיינען שוין אַרויף אויף די דאָזיקע נײַע רעלסן, אַנדערע גרייטן זיך צו

גיין בקרוב אויף דעם זעלבן וועג. אין ישוב האָט זיך געשאַפן, ספּעציעל ביי חינוך-עסקנים, אַ מין פּסיכאָזע, אַז נאָר דער סיסטעם וועט ראַטעווען אונדזער שולוועזן פון די־זיך־אָנרוקנדיקע סכנות. לאָמיר אָבער זיין אויפריכטיק מיט זיך אַליין און זאָגן, איז טאַקע דאָס די ישועה־פאָרם פאַר אונדזערע בתי־ספר? אין אַ שעת-חירום, אפשר, אָבער אויף אַ לאַנגער צייט, שפּעטער; ווער ווייסט וואָס וועט ווערן פון די דאָזיקע שולעס? אין ווּעמענס הענט זיי וועלן אַריינפאַלן און ווער וועט מיט זיי אָנפירן? עס זיינען דאָ שוין היינט פאַראַן אַזעלכע העברע־אישע שולעס ווו מען לערנט אין זיי אַ האַלבע שעה אַ וואָך... העברעאיש. אין אַ געגנט פון גרויס ב. אייר עס איז דאָ אַן אינטעגראַלע שול, אין וועלכער מען לערנט ענגליש און נאָך לשונות, אָבער יידיש האָט מען אַרויסגעוואָרפן, ווייל די ניי־געבאַקענע שמענדריקעס פון יעהופּעץ אין אַרגענטינע דאַרפן אַלץ אויסער יידישע קולטור אין ביידע נאַציאָנאַלע לשונות. דאָס זיינען דאָך בולטע באַווייזן פון דעם, וואָס עס קאָן געשען מיט אַזעלכע שולעס, בפרט אין אַזעל־כע טעג פון אַסימילאַציע־אַוואַנסן אין היגן יידישן לעבן.

חוץ לזה, איז דען נישטאָ דער רושם, אַז יעדע שול-פאַרוואַלטונג מאַכט די אַרבעט זעלבסטשטענדיק און אָן אַ געמיינזאַמען פּלאַן מצד די צענטראַלע ישוב־אינסטאַנצן? אין דער אַרגענטינער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט דאַרף בלייבן איינגעקריצט די איבערצייגונג, אַז די דאָזיקע ערנסטע, אַקטועלע און וויכטיקע פראַגן ווערן געלופטערט אויף אַ הויכן ניוואָ און פּלאַניפיצירט אין ליכט פון דער היינטיקער יידישער שול-ווירקלעכקייט. עס דאַרף דאָך זיין קלאָר פאַר אַלעמען, דער עיקר, פאַר אונדזערע שול־טוער, אַז דאָס דאָזיקע האַרבע פּראָ-בלעם שטייט אויפן סדר היום און איז דער פּערמאַנענטער צענטער פון אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט ביז צו זיין אנטגילטיקער לייזונג.

אינעם אַרגענטינער יידנטום דאַרף געהערט ווערן דער רוף פון חובת לחינוך קודמת לכל. פריער פאַר אַלץ, די פליכט צום חינוך, דאָס וועט געבן כוח די עסקנים און מוט די ישוב-מנהיגים צו מאָביליזירן אַלע רעסורסן מאָראַלישע און מאַטעריע־לע אויף צו ראַטעווען דאָס היגע יידישע שולוועזן פון אַ גייסטיקן צוזאַמענברוך.

# אַ אַריינבליק אין די שאַפונגען פון
# ש. י. עגנון און נעלי זאַקס

## א.

די יידיש-העברעאישע ליטעראַטור, די גרויסע ליטעראַרישע שאַפונגען אין אונדזערע ביידע שפּראַכן, האָבן געהאַט און האָבן נאָך ביז הײַנט, אַ גרויסע צאָל באַרימטע שרײַבער, וואָס קענען פּרעזענטירט ווערן ווי קאַנדידאַטן פאַר דער נאָבל-פּרעמיע, וועלכע זיינען אָן שום ספק, פיל טיפער און אינהאַלטלעכער פון אַ שאַלאַ־כאָוון, אָבער עס האָט געמוזט דויערן 65 יאָר ביז די שוועדישע אַקאַדעמיע האָט זיך אַנטשלאָסן אויסצוטיילן דעם נאָבל פּרייז פאַר יידישע שרײַבער: פאַר דעם העברעאישן און יידישן שריפטשטעלער, פאַר דעם תלמיד חכם און שלימותדיקן ייד, שמואל יוסף עגנון און פאַר דער דיכטערין, נעלי זאַקס.

דער ערשטער פאַרמאָגט אין זיך די מעלות און די גוטסקייט פון הלל הזקן, פון בית הלל, ווײַל ש. י. עגנון פאַרקערפּערט אין זיך אהבת היחיד צו־זאַמענגעקניפּט מיט אהבת ישראל. פון זײַן ספר „עגנות", פון וואַנען ער האָט גענומען זײַן העברעאישן פאַמיליע נאָמען — עגנון, ביז צו זײַנע דרש און משלים־זאַמלונגען „ימים נוראים", פילט מען בחוש דעם שרײַבערס נשמה, זײַן אָטעם, די ליבשאַפט צום יידישן פאָלק בכלל און צו יעדן ייד אויף אַ יחידותדיקן אופן בפרט.

עגנון אַליין, ווי אַ פרומער ייד, הייבט אַרויס די יידיש־רבנישע און יידיש־גאַליצישע פרומקייט. ער אַליין שוועבט אין עולמות עליונים פון לויטער שיינע יידישע געשטאַלטן, אין וועלטן, ווו ס'הערשט אַ היפּש ביסל אומרעכט אויך, אָבער אַלע זיינע יידישע וועלטן זיינען פול מיט העברעאי־יידישע מענטשן, פון וועלכע ס'שטראַלט אַרויס איידלקייט און וואָס ווערן פונעם דיכטער באַגלייט פון קדושהדיקע מידות טובות.

די צווייטע נאָבל פּרייז באַזיצערין, די דיכטירן נעלי זאַקס, וועלכע איז געראַטעוועט געוואָרן פון אומקום דורך דער שוועדישער דיכטערין, לאַגערלעף, האָט אין דער דײַטשער שפּראַך געשאַפן אוצרות פון לידער און פאָעמעס

אויף יידישע און אוניווערסאַלע טעמעס, אָבער ווען זי האָט דערפילט די נאַצישע האַק אויף דעם פילמיליאָניקן יידישן קאָפּ, אויף די קעפּ פון אירע יידישע שוועסטער און ברידער, האָט זי אָנגעהויבן אַ נײַע דיכטונג פון צער און צאָרן קעגן דעם גרויזאַמען שונא פון יידנטום. זי דיכטעט וועגן פאַר־ברענטע יידן אין די היטלעריסטישע קרעמאַטאָריעס, זעענדיק אין דעם רויך די נשמות און די קערפּערס פון מיליאָנען פאַרברענטע און פאַרגאַזטע יידן, פון אירע יידן, פון אירע יידישע מאַמעס צוזאַמען מיט זייערע, אירע קינדער און דערפאַר ווערט יעדע שורה אירע אָנגעפולט מיט פּראָטעסט קעגן אַזאַ באַרבאַריש פאָלק און קעגן אַזאַ גלײַכגילטיקע און צום יידן - מאָרד — גאָר־נישט גלײַכגילטיקע מענטשהייט, וואָס האָט דערלאָזט צו דער אויסראָטונג פון אַ דריטל פון וועלט־יידנטום. נעלי זאַקס שרײַט אַרויס איר צער דורך אירע ווערטער: „קוימענס, פײַן אויסגעפּלאַנירטע, דאָס לײַב פון ישראל איז געגאַנגען אינעם רויך". ווער האָט געלייגט אַ ציגל אויף אַ ציגל און אַ וועג אויסגעפּלאַסטערט פאַר די, וואָס זיינען אַוועק מיטן רויך „ישראלס לײַב גייט אויף אינעם רויך און ווערט לופט".

די דיכטערין ווייסט, ווער עס האָט אויסגעפּלאַסטערט די וועגן, וואָס האָבן געפירט צו די קרעמאַטאָריעס, דאָס איז געווען אין טרעבלינקע, אַ מאָרד אויסגעפירט פון נאַציזם. דאָס איז געווען פריער, אָבער זײַנע רעשטן געפינען זיך שוין ווידער דאָ אין הײַנטיקן דײַטשלאַנד, ווי אין אַנדערע לענדער, דער מערדערי־שער נאַצי און איצטיקער נעאָפאַשיזם, און זייערע טרײַע מיטאַרבעטער אין 23 קריסטלעכע לענדער, אַרײַנגערעכנט סלאַוון און דײַטשן, נעכטיקע קאָמוניסטן און פּלאַם פּײַערדיקע סאָציאַל דעמאָקראַטן, אַלע, אַלע, מיט גאָר קליינע אויס־נאַמען, האָבן געברענט און געהאָלפן פאַרגאַזן דאָס לײַב פון ישראל, וואָס איז געוואָרן רויך און איז אויפגעגאַנגען אין די הימלען און געוואָרן לופט. נעלי זאַקס האָפט נישט אויף אַ פאַרבעסערטע מענטשהייט אין דער נאָענ־טער צוקונפט, ווײַל, ווען זי שרײַבט אין איר פּאָעמע וועגן יידישע לײַדן, זאָגט זי, אַז „דאָס מיינט מען נישט נאָר די ימי-השואה, נאָר די יידישע לײַדן פון אַלע צײַטן און דורות". ווער ווייסט צי זי איז זיך נישט מתכוון צום קומענדיקן דור יידן ? אין אַן אַנדער ליד, פרעגט די דיכטערין: פאַר־וואָס איז שטענדיק דאָ אַ שוואַרצער שנאה-ענטפער אויף דײַן קיום, ישראל, אין איר פּאָעמע „אלי" (מײַן גאָט) געפינט דער לייענער אַ געשפּרעך צווישן קינדער, ווען אַ גרויסע מיידל פרעגט אַ קליין יידיש מיידעלע אויף איר מוטער. ענטפערט דאָס יידישע קינד: זאָג מיר, וואָס באַדײַט דאָס וואָרט מאַמע ? דער דאָזיקער זאַץ איז שטאַרקער פון דער גאַנצער גרויזאַמער שיל־דערונג, ווי אַזוי עס ווערט דערמאָרדעט איר מוטער. אין איר לידער־בוך

„פאַרשפּעטיקטע לידער״, זינגט זי וועגן ירושלים, וואָס וועט נישט דערלאָזן צו דער הערשאַפט פונעם רשע. נעלי זאַקס איז פול מיט התלהבות צום נײַ-באַלעבטן און פונדאַסנײַ זיך בויענדיקן ישראל. זי לערנט איצט געשמאַק דעם תנ״ך און „לויפט אַנטקעגן די נײַע יידישע פרײַהייט״, וואָס דורות חלוצים האָבן אויסגעקעמפט צוזאַמען מיט אַ סך קרבנות, כדי צו פאַרמײַדן, אַז יידן זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין רויך און אין לופט...

ב.

אומקערנדיק זיך צום גרויסן העברעישן דיכטער ש. י. עגנון, וויל איך דערמאָנען, אַז ער לעבט שוין אין ירושלים העכער 42 יאָר, ער האָט געמאַכט עליה, ווען ער איז אַלט געווען 19 יאָר. דאָס איז געווען אין יאָר 1907, אין 2 יאָר שפּעטער האָט זיך ערשט געגרינדעט תל־אביב. ש. י. עגנון האָט זיך באַזעצט אין ירושלים ווו ער וווינט אין זײַן הויז, אין תלפּיות, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט פאַרלאָזט. אַפילו אין די סכנותדיקע טעג פון אַראַבישן קאַמף, ווײַל עגנון און ירושלים, צוזאַמען מיט זײַנע ספרים שטעלן מיט זיך פאָר איין גאַנצקייט, איין שלימותדיקע וועלט, אַן אומצעטיילבאַרע אייניקייט. עגנון איז אַ טיף רעליגיעזער ייד, ער דאַוונט בלחש, אין דער שטיל, די ליפּן שעפּטשען און דאָס האַרץ איז אָפן און רויק און גאַנץ מיטן באַשעפער. דער איצטיקער אופן פון זײַן דאַווענען איז זייער ווײַט פון דעם חסידיש - גאַליצישן תפילה - נוסח, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון זײַן שטעטל בוטשאַטש, ווו דאָס דאַווענען איז געווען אַ התלהבותדיקער, אַ קולי־קולותדיקער, אַ הימל-שפּאַלטנדיקער דיאַלאָג מיטן רבונו של עולם. מאַרטין בובער ע״ה האָט אַמאָל געזאָגט, אַז ש. י. עגנון איז דער דיכטערישער אויספאָרמירער און אויסשמידער פון 2 תקופות: פון דער פאַרגאַנגענער און פון דער נײַער. אין די ספרים זײַנע שילדערט ש. י. עגנון מיט גרויס מײַסטערשאַפט דעם לעבנסשטייגער אינעם יידיש - חסידישן גאַליציע. אויב די יוגנט אין ישראל פאַרשטייט נישט דעם פריערדיקן לעבנסשטייגער פון דעם דיכטערס גאַליציש - יידישע היים, באַגרייפט זי אָבער דעם דיכטערס נשמה ציטער, אַז די גאָלדענע פעדים, וואָס האַלטן צונויפגעבונדן דעם יידישן נעכטן מיטן יידישן הײַנט, פאַרן גרויסן און ליכטיקן מאָרגן פון אונדזער פאָלק, זאָלן חלילה נישט איבערגעריסן ווערן. דערפאַר האָט עגנון אַ סך אָנהענגער פון זײַנע ווערק. קודם כל איז ער אַ שרײַבער מיט אַן אייגענער שיטה, ער פאַרמאָגט אַן אייגענע שרײַבערישע פיזיאָנאָמיע און מיט גאָר אַ געבענטשטן אייגנאַרטיקן סטיל, סײַ אין העברעאיש

און סײַ אין יידיש. די צאָל פון זײַנע ראָמאַנען און דערציילונגען איז היפּשלעך גרויס און אומעטום, אין אַלע זײַנע דרכים איז עגנון דער אָריגינעלער און אייגנאַרטיקער שילדערער און דערציילער פון פאַרגאַנגענע יידישע דורות און פון זייער איצטיקער קעגנוואַרט אין ישראל, וואָס ווערט געזען פון אַן עכט-רעליגיעזן ייד, וואָס גלויבט אין באַשעפער און אין די אידעאַלן פון יידישער נצחיות

און עגנונס ווערק איז דאָ אַן אייגנאַרטיקע און שלימותדיקע יידישע וועלט אַנשויאונג, וואָס קאָן מיט רעכט אָנגערופן ווערן, אַ וועלט פון חסד, וואָס איז געבויט אויף יסודות פון אמונה אין שיבת ציון און אַז די שכינה וועט זיך אומקערן קיין ציון. עגנון האָט אַ קליינע, אָבער אינהאַלטרײַכע דערציילונג: המשולח מארץ הקודש", וואָס איז געבויט אינגאַנצן אויף אַ מאמר הז"ל וועגן די בתי כנסיות אין חוץ לארץ, וועלכע וועלן אַנטוואָרצלט ווערן אין גלות און איבערגעפלאַנצט ווערן אין ארץ ישראל. ש. י. עגנון זעט אַ סך פריער, מיט זײַנע גײַסטיקע אויגן, דעם חורבן אין גלות, נישט נאָר דעם חורבן פון די בתי מדרשים און בתי כנסיות, נאָר אויך פון זייערע מתפללים, אַ דריטל פון יידישן פאָלק איז אומגעקומען, אָבער ס'איז אויך געוועזן דער אויפקום פון דער יידישער מדינה ווו נײַע בתי כנסיות זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן און אַלט-נײַע מתפללים פילן זיי אַן מיט קדושה און מיט אמונה אינעם נצח ישראל. דער דאָזיקער מאָטיוו חזרט זיך איבער אין צענדליקער פאָרמען און סימבאָלן כמעט אין אַלע שריפטן און ספרים פון ש. י. עגנון. אין אַן אַנדער שאַפונג „אורח נטה ללון" און אין „עד הנה" זעט דער דיכטער, ווי דאָס פאָלק קומט צוריק קיין ארץ ישראל צוזאַמען מיט זײַנע ספרים. דער שרײַבער מאָלט פאַר אונדז אין זײַן „אורח נטה ללון", ווי ער קומט צוריק אין זײַן שטעטל, צוריק צו זײַן אַלטן בית־המדרש, וואָס איז פול מיט ספרים, אָבער דער צוריקגעקו־מענער האָט פאַרלוירן דעם שליסל צו דער ספרים שאַנק און מוז פאַרלירן אַ סך צײַט, וויכטיקע צײַט, וואָס ער דאַרף האָבן אויף צו לערנען, כדי צו זוכן דעם פאַרלאָרענעם שליסל צו די ספרים, וואָס איז די ירושה פון דורות". איבערדעם, זאָגט דער דיכטער, קאָן אַ ייד נישט לעבן אויף דער וועלט אָן אַ שליסל צו די ספרים, „די ירושה פון זײַנע עלטערן". „ווען מיר איז פאַר-לוירן געוואָרן דער שליסל, זיינען פאַר מיר אַלע ערטער געוואָרן ווילד־פרעמ־דע", אָבער ס'איז כאָטש גוט דערמיט, וואָס אַפילו דער שליסל איז נישטאָ עקזיסטירן די ספרים. עגנון זאָגט: „איך בין אַרויסגעגאַנגען פון בית המדרש און געשטאַנען פאַר דער פאַרשלאָסענער טיר און זיבן מחשבות האָב איך געהאַט און איינע איז געווען: דאָס בית המדרש עקזיסטירט מיט די ספרים, נאָר איך שטיי אין דרויסן". דער דיכטער זאָגט זיך נישט אָפּ פון זוכן דעם שליסל, ער זוכט אים ביי די ציוניסטן (בית החבורה), ביים יונגן דור, (אמר

דוליק) און צום סוף, ווען ער געפינט אים, גיט ער אים איבער אַלס מתנה צו אַ קינד. (הדור הבא).

עגנון איז זיכער, אַז דאָס בית המדרש וועט נאָך שפּילן אַ גרויסע ראָל אינעם יידישן לעבן, אויך ישראל יעפרויקין ע״ה, האָט אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט-מלחמה, גערופן יידן צוריקצוגיין אין בית מדרש. עגנון ווייסט אָבער אַז דאָס איצטיקע בית המדרש וועט נישט זיין, אַזוי ווי דאָס איז געווען פריער, אָבער דאָס „נייע" מוז זיין אָנגעשפּאַרט אויפן „אַלטן" און דער דיכ־טער דערציילט אַ מעשה וועגן אַ יונגערמאַן, וואָס האָט געזוכט אַ כלה איז ער געקומען צום פאָטער פון מיידל אָנגעטון אין די שענסטע מלבושים, האָט דער פאָטער געזאָגט: ס'איז זיך נישטאָ וואָס צו שעמען מיט די אַלטע קליי־דער. דו ביסט נישט ראוי פאַר מיין טאָכטער... אַזוי וועבט דער דיכטער ש. י. עגנון דעם אַלטן יידישן טלית פון יידישע דורות מיט פעדים פון יידישקייט.

אין זיין „אגדת הסופר", שילדערט אונדז דער דיכטער דעם רפאל הסופר, וואָס שרייבט אַ ספר תורה צום אָנדענק פון אַ ייד, וואָס האָט נישט געהאַט קיין קינדער, אָדער צום זכר פון אַ יידישע פרוי, וואָס איז געשטאָרבן אַ קינדערלאָזע, כדי זיי צו געבן אַ נאָמען און אַן איבערבלייב אינעם יידישן פאָלק. פלוצים איז זיין אייגענע פרוי געשטאָרבן און קיין קינדער האָט זי אויך נישט געהאַט און ער, רפאל דאַרף אָנשרייבן אַ ספר תורה צום אָנדענק פון זיין מרים, אָבער ער פילט, אַז אַפילו די ספר תורה איז אים נישט בכוח צו טרייסטן, אים דוכט זיך אָבער אויס, אַז זיין מרים שטייט הינטער דער מחיצה מיט אירע צוויי לויטערע אויגן און באַפעלט אים צו פאַרענדיקן שרייבן די ספר תורה, דעמאָלט „נעמט רפאל הסופר אַ האַק" און לויפט צום טייך אויסער דער שטאָט, האַקט אויף אַ שטיק אייז און טובלט זיך ג' טבילות און לויפט צוריק פאַרענדיקן זיין עבודת הקודש.

עגנון, דער העברעישער דיכטער, הייבט אָן אין אָנהייב פון 20טן יאָר־הונדערט, צו שרייבן וועגן נצח ישראל, פונקט ווי דאָס האָבן געטאָן אונדזערע אור־עלטערן אין 17טן יאָרהונדערט און ער דרייט זיך אויס מיטן רוקן צו דער אייראָפּעישער ליטעראַטור און צו דער העברעישער השכלה-שרייבערײַ, וואָס מאַכט נאָך דעם פרעמדן שפּיל און וואָס פירט אַריין אין יידישן ווייַנגאָרטן פרעמדע געוויקסן. דער דיכטער גייט אַזוי קאָנסעקווענט אויף זיין אייגענעם דרך, וואָס פירט צו דעם נייעם יידישן דור דורך אַן אַלט־אַלטן יידישן אינהאַלט.

אין „כל סיפורין" איז דאָ אַ „מעשה רבי גדיאל התינוק" וואָס איז ליליפוטיש און דער פאָטער נעמט אים אַריין אין קלענסטן קעשענקל. די גויים פון שטעטל בראש מיטן גלח ווילן מאַכן אַן עלילת דם אויף זיין פאָטער און ווען אין דער סדר נאַכט רייסט זיך אַריין דער גלח אין שטוב און טרינקט אויס

דער וויַין פון אליהו הנביאס כוס, כדי דערנאָך אין זעלבן אַריַינצוגיסן בלוט, האָט רבי גדיאל זיך אַריַינגעכאַפּט אינעם כוס פון אליהו הנביא און דער גלח האָט אים איַינגעשלונגען צוזאַמען מיטן וויַין, ווען דער רשע וויל מאַכן דעם בלבול שטעלט זיך אים „רבי גדיאל התינוק" אין גאָרגל און לאָזטאים נישט אַרויסברענגען קיין שלעכט וואָרט קעגן זיַין פּאָטער, קעגן יידן. דער גלח איז זיך מודה אין מאַכן אַ בלבול אויף יידן. דאָס יידישע פאָלק איז אין די אויגן פון ש. י. עגנון דאָס דאָזיקע וווּנדערלעכע ליליפּוטן - קינד, וואָס ליגט אין די געדערים פון דער מענטשהייט און אָפּטמאָל שטעלן מיר אָפּ דאָס רשעות פון פעלקער, ווען נישט וואָלט אַ וועלט דערטרונקען געוואָרן אין רציחות און אין אַ מבול פון אומרעכט.

ג.

ש. י. עגנון אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אָפּטמאָל ווי אַ פּאָעטישער רעאַ־ליסט, וואָס דאָס קומט צום אויסדרוק אין זיַין דערציילונג „בדמי ימיה", אויך ווי אַ רעאַליסט-קריטיקער אין זיַין ספר „תמול־שלשום", ווי אין די קאַפּיטלען פון זיַין ראָמאַן „שרה", אָבער ווי אַ סאַטיריקער אין „ובנעורינו ובזקנינו"; איז זיַין דערציילונג „גבעת החול", דאָס בערגל זאַמד. זאָגט עגנון: „איך בין געגליכן צו אַ זאַמלער פון ליבע; וואָס אים איז צעריסן געוואָרן דער רוקזאַק, אין וועלכן ער זאַמלט אהבת ישראל. עגנון איז דער אַקערער און זייער פון ליבע פון אַלע יידישע ציַיטן פון אַלטע יידישע דורות. ער לייגט איר אַריַין אין אַ צעלעכערטן רוקזאַק און גייט איבער די וועגן, וואָס פירן פון זיַין גאַליצישן שטעטל בוטשאַטש ביז קיין ירושלים און זייעט מיט אַ ברייטער האַנט ליבע צום יידישן יחיד, צום עם ישראל, צו ארץ ישראל און צו אַלע אַלע יידישע ציַיטן. עגנון זאָגט: „אין מיַינע אויגן זיינען אַלע ציַיטן גליַיכע, וואָס איז געווען שיין אין דער פאַרגאַנגענהייט איז שיין אין דער קעגנוואָרט, דאָס איז אויך פּרעכטיק פאַר דער צוקונפט. אהבת ישראל און אַלץ, וואָס איז יידיש און דערהויבן - גיַיסטיק, איז גוט געווען פריער און וועט אויך זיַין כולו טוב אין דער צוקונפט. עגנון איז פאַרליבט אין די חלוצים און ער זאָגט אויף זייער חשבון פאָלגענדע לויב געזאַנגען: „בחורי ישראל. לא לומדים כתלמידים חכמים ולא מתפללים כחסידים, אלא חורשים וזורעים ונוטעים ומוסרים את נפשם על האדמה הזאת אשר נשבע ד' לאבותינו, לפיכך הפקיד אותם הקב"ה שומרים על ארצו בשביל שמוסרים את נפשם על הארץ מסר את הארץ בידיהם". — „יידישע בחורים. איר לערנט נישט ווי תלמידי חכמים, איר דאַווענט נישט ווי חסידים, אָבער איר אַקערט, זייעט, פלאַנצט און זענט זיך מוסר נפש פאַר דער דאָזיקער ערד, וואָס גאָט האָט געשוווירן צו אונדזערע עלטערן. איבער

דעם האָט אײַך דער אַלמעכטיקער באַשטימט אַלס וועכטער אויף צו היטן זײַן לאַנד, און ווײַל זיי זיינען זיך מוסר נפש פאַרן לאַנד, איז דאָס לאַנד איבער־געגעבן געוואָרן אין זייערע הענט״.

די פריידיקע געשעעניש פון געבן די נאָבל פרייז אַזאַ גײַסטיקע און אצי־לותדיקע פערזענלעכקייט, ווי דאָס איז ש. י. עגנון פאָדערט פון אונדז, אַן איי־גענעם חשבון. אויב די ניט יידישע וועלט האָט באַערט דאָס יידישע אות, איז געקומען די צײַט צו מאַכן אַ רעוויזיע אין אונדזערע אייגענע נשמות. אויך דער נײַער דור דאַרף דאָס טאָן, כדי עפענען די הערצער אויף אַרײַנצונעמען די יידיש-גײַסטיקע שורות פון אַלע צײַטן און זיי ליב צו האָבן און זיי צו לערנען.

זאָלן מיר געבענטשט ווערן מיט די אהבת ישראל געפילן פון ש. י. עגנון און באַפרוכפּערט ווערן מיט זײַנע בענקענישן צו ירושלים און צו די הויכע אידעאַלן פון שיבת ציון.

# פאַרצייכענונגען

## „קליינע מעשיות וועגן גרויסע מענטשן" — אַן אוצר פון פון הויכע געדאַנקען

דער מחבר פון „קליינע מעשיות וועגן גרויסע מענטשן" פרײַנט משה גאָלד־שטיין וואָס האָט זיך געפינען אינעם יידישן אַרגענטינע אַ לענגערע צײַט אין אַ וויכטיקער שליחות פון דער ירושלימער קרן היסוד־צענטראַלע, האָט זיך באַליבט געמאַכט ביי אַלע קרײַזן און שיכטן פון היגן יידישן ישוב דורך זײַנע גאָט־געבענטשטע קולטור־אַקטיוויטעטן, אין ביידע נאַציאָנאַלע לשונות פון יידישן פאָלק, באַגלייטנדיק שטענדיק זײַן קולטור־טעטיקייט מיט אַ סך אהבת ישראל. זײַנע רעפעראַטן אין היגן „איווא", ווי אויף הונדערטער פאַרזאַמלונגען אין שטאָט און אין פּראָווינץ האָבן אים באַליבט געמאַכט ביים גאַנצן אַרגענטינער יידנטום.

מיט אַ צײַט צוריק האָט דערזען די ליכטיקע שײַן זײַן אינהאַלטסרײַך בוך „קליינע מעשיות וועגן גרויסע מענטשן", אַרויסגעגעבן פון היגן סוואָל־קער לאַנדסלײַט־פאַריין, וואָס איז אַן אוצר פון הויכע געדאַנקען.

דער פּען־קאָלעגע, האַרציקער מענטש, חבר און פרײַנט; משה גאָלדשטיין; איז אַ באַשיידענער זאַמלער און צונויפזאַמלער פון פּערלדיקע געדאַנקען וואָס גרויסע גײַסטיקע ריזן האָבן, אין פאַרשיידענע צײַטן, אײַנגעפלאַסטערט אין פּשוטע ווערטער און זיי געלאָזן בירושה דער גאַנצער מענטשהייט. משה גאָלד־שטיין, ווייסט, וואָס אויסצוקלייבן פאַר זײַנע לייענער. אין זײַן בוך אַנט־פּלעקט דער מחבר גאַנצע אוצרות פון טיפע געדאַנקען פון גרויסע דענקער, פון ערנסטע גײַסט־מענטשן.

אין מײַנע אויגן זעט אויס דאָס בוך ווי אַ גרויסער מחשבה און געדאַנקען־מוזעאום און דער מחבר איז ביי מיר געגליכן צו אַ טיפקייט־טויכער, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אין די טיפענישן אויף צו זוכן פּערל. משה גאָלדשטיין האָט גע־זוכט פּערלדיקע געדאַנקען, אַנטפּלעקט ער טאַקע פאַר אונדז טיפע מחשבות, דערלאַנגט אונדז דערהויבענע רעיונות, גיט איבער באַלערנדיקע באַגריפן און פירט אונדז אַרײַן אין אַ רײַכן פּאַלקלאַר, וואָס איז באַלערנדיק און אַריענ־טירנדיק. צווישן די געדאַנקען פון וועלט־באַרימטע מענטשן פירט אַרײַן דער מחבר פּרעכטיק־פאָרמולירטע מיינונגען, גלײַכווערטלעך און וווּנדערלעכע מחש־

בות פון יידישע מנהיגים, פון גרויסע יידישע גייסט און קולטור-מענטשן, דאָס אַלץ צוזאַמען, איינגעראַמט צווישן צוויי טאָוולען, שטעלט מיט זיך פאָר דאָס בוך: „קליינע מעשיות וועגן גרויסע מענטשן", וואָס איז אַ דערגרייכונג אויף דעם דאָזיקן ספּעציפישן געביט, במילא איז דאָס אַ באַדייטנדיקער צושטייער צו דער יידישער ליטעראַטור.

דער מחבר משה גאָלדשטיין, וועמ'ס קען אים אַזוי נאָענט, ווי דער שרייבער פון די שורות, ווייסט דעם אמת פון די דאָזיקע ווערטער, צייכנט זיך אויס מיט דריי גרויסע ליבעס: אַ טיפע ליבע צום יידישן פאָלק, אַן אהבה מיט אַן אומבאַגרענעצטע טרייַשאַפט צו דער יידישער מדינה, און צו דער קולטור פון דער יידישער אומה, אין ביידע נאַציאָנאַלע לשונות אין העברעאיש און אין יידיש.

## דאָס בוך „פון הייסן אַש" — איז אַ ווערטער־מצבה לזכר אונדזערע קדושים

דער טאַלאַנטפולער דיכטער אברהם זאַק האָלט איינגעקריצט אין זיין מוח די גרויסע טראַגעדיע פון פוילישן יידנטום, זיין האַרץ פילט נאָך ביז היינט דעם שוידער פון אַ גרויזאַמער רציחה איבער 6 מיליאָן שוועסטער און ברידער, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן פון אַ מטורף'ער נאַצי־דייטשלאַנד, ביים שטילשווייגן פון אַ ציוויליזירטער, מכלומרשטער, דעמאָקראַטישער וועלט.

דאָס 24טע בוך פון דיכטער אברהם זאַק „פון הייסן אַש", איז דער בולטסטער עדות אויף זיין אינערלעכן צער, יעדע שורה איז אַ וויי-געשריי פון אומגעקומענע און אַ הילכיקער פּראָטעסט פון פאַרשניטענע לעבנס, דערפאַר איז דער מחבר אַזוי אינטים פאַרבונדן מיטן „אויפן וועג פון קדושים", וואָס דאָס איז דער לייט־מאָטיוו פון זיין 24טן בוך, וועמענס ערשטער טייל איז אַ לעבעדיקע מצבה לזכר מיליאָנען קדושים וטהורים, ווי אויך פאַר:

„מיין אַלטע גרויע מאַמע
און מיין יונגיקער בן־יחיד
אויפגעבליטע יאָר. . .
איצט צינד איך ליכט אין
יאָרצייטן".

דער דיכטער און פּראָזאַיקער אברהם זאַק טיילט ניט אויס זיין פּערזענלעכן פּיין, זיין אייגענע טראַגעדיע, פון דעם ציבורדיקן אומקום, פון דעם כלל ישראלדיקן עמק הבכא פון דעם קאָלעקטיוון יידישן טרויער אויפן אומקום פון אַ דריטל פון יידישן פאָלק. דער דיכטער פלעכט אַריין זיין גרויל אינעם אַלגעמיינעם ווייטיק און יאָמערט:

„זאָג נאָך מײַן מאַמעס קדיש
און קדיש נאָך מײַן „קדיש"
אין אבלים־כאָר" —

אין יעדער דיכטערישער שאַפונג איז אויסגעקריצט דער אייגענער „איך" און דאָס פּנים פונעם דור, אין וועלכן דער דיכטער לעבט. אברהם זאַקס דורך געפינט זיך שטענדיק „אונטער די פליגל פון טויט", אָדער אין דער ריזיקער טורמע פון אַ רויטן רעזשים, אין וועלכן מיליאָנען בירגער זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַרעסטאַנטן־קנעכט און די וואָס זיינען אַנטלאָפן פון נאַצישן גהינום צום „לאַנד פון ליכטיקן מאָרגן" האָבן געהאַט אויסצושטיין שוידערלעכע יסורים פון נ.ק.וו.ד. ־חיות, בצורת מענטש־אוממענטש, שטענדיק באַגלייט פון אַן אומברחמנותדיקן קלימאַט. ניט אומזיסט האָט דער צאַרטער דיכטער, אברהם זאַק באַטיטלט זײַן בוך „קנעכט זיינען מיר געווען", ווײַל ער האָט געוואָלט געבן אַ תיקון די דאָזיקע לײַדנדיקע קנעכט און גלײַכצײַטיק משפּטן און פאַר־משפּטן אַזאַ אומענטשלעכע סטאַליניסטישע ממשלת זדון, וואָס איז געווען בכוח, נישט נאָר צו פאַרשקלאַפן מענטשן, נאָר אויך זיי אומצוברענגען מאַסנווײַז. אויף אברהם זאַקס דיכטונגען ליגט אויסגעשפּרייט דער גײַסט פון דער הײַנטצײַטי־קער תקופה און איר גרויזאַמע טראַגיק, וואָס לאָזט נישט זינגען וועגן ליכטיקע טעג און ראָמאַנטישע נעכט, וועגן שיינקייט פון גאָטס יצירה, ווײַל פון יענע גולי־בבל ביז צום הײַנטיקן יידישן איכה־דור, ציט זיך דער טרויעריקער ניגון פון יידישן פּײַן, דער „איך נשיר את שיר ה' על אדמת נכר", ווי קען מען זינגען דאָס געטלעכע געזאַנג אויף פרעמדער ערד", האָט געפינען זײַן המשך אין יסורים־שאַפונגען פון ה. לייוויק, אין דער „שחיטה־שטאָט" פון ביאַליקן און אין זאַקס לידער „פון הייסן אַש", וועלכע בריען ווי דאָס פײַער פון אַ נײַעם ברענענדיקן דאָרן, וואָס ברענט און ברענט און ווערט נישט פאַרברענט...

דער העברעאישער דיכטער אביגדור המאירי האָט נאָך מיט עטלעכע און פערציק יאָר צוריק געדיכטעט וועגן יידישן צער מיט אַזעלכע פערזן:

„על דרכי־יגוו קברים ירעו,
המלטף את ים דמי המלא,
אלפי פרצי־תהום מזניקים את
דמעותינו,
דמנו הוא דם יהודי".

אויף מײַן וועג, זינגט דער דיכטער מיטן בלוט פון זײַן האַרץ, איז אויס־געשפּרייט דער קברים־טרויער, וואָס לעקט דעם פולן ים פון מײַן בלוט. טויזנטער אָפּגרונט־עפענונג זאַפּן אײַן אונדזערע טרערן, אונדזער בלוט איז יידיש בלוט". וואָס פאַר אַן ענלעכקייט געפינען מיר אין די קדושה־לידער „פון הייסן אַש",

געווידמעט אַלע אומגעקומענע, וואָס דער פּאָעט פאַרקערפּערט אין זײַן אייגענעם קדוש, אין דעם אומגעבראַכטן זון, דעם אומפאַרגעסלעכן בן־יחיד — אלכסנדר:

„ביזט אויפגעגאַנגען אין די
קרעמאַטאָריע
פלאַמען,
מיט נאָכנישט אויסגעלעבטע
קינדיש־יונגע
פרייד" —

ביים דיכטער אביגדור המאירי איז דאָס ליד דורכגעוויקט מיט „ייִדיש בלוט, אַ פולן ים", ביים פּאָעט אַברהם זאַק איז די דיכטונג פול מיט „קרעמאַטאָריע־פלאַמען", טאָקע דערפאַר טראָגט דאָס בוך דעם נאָמען „פון הייסן אַש", נאָר דער אומקום איז דאָך דער זעלבער, ס'איז אַלצאיינס, צי ייִדן קומען אום אין די צײַטן פון אביגדור המאירי, דורך די רוצחישע הענט פון פּאָגראָמטשיקעס, אָדער אין נאַצישע קרעמאַטאָריעס.

אַברהם זאַק גייט טאָקע כסדר אַרום אויף די גרויסע שטחים „פון הייסן אַש" און ווער ס'לייענט מיט אַ טיפן נשמה־ציטער זײַן בוך, פילט דעם ממעמקים־רוף, אויסצוטאָן די שיך, דאָס איז אַ נײַער „של נעליך מעל רגליך"... ווײַל דו טרעטסט אויף הייליקן אַש, וואָס מען דאַרף אַליין אַרײַנאָטעמען אין זיך; כדי צו דערשפּירן דעם ברען אין דער ייִדישער נשמה.

דער דיכטער האָט אַ פילנדיק ייִדיש האַרץ, הינטער זיך זעט ער דעם גרויסן ייִדישן בראַך, וואָס ער האָט גאָרנישט געגנוג באַוויינט: „כ'האָב נישט געגנוג נאָך פאַרצייכנט פאַרשריבן לדורות, אָבער פאָרויס זעט ער דעם גאולה־אויפקום פון דער שארית־ישראל און דער פּאָעט אַברהם זאַק זאָגט שוין אָן מכביאישע גבורה:

„נישט אויף אַ טאָץ אַ זילבערנער
געגעבן איז דאָס לאַנד...
נאָר געטאָס, גאַז־קאַמערס, האָט
הייליק אויפגעלעבט די גבורה,
די גבורה מאַקאַבייאישע אין
שלאַכט־פעלדער, אין בראַנד"...

די ישראל־מאָטיוון בײַם דיכטער אַברהם זאַק דערמאָנען מיך אין אַ פערז פון ה. לייוויקס אַ ליד:

„זון, דו ביזט דאָ, גוט, גוט
זאָל אויפגיין דײַן שמייכל,
ניט איבער קברים — נאָר בייטן".

אין דער ייִדישער מדינה ווערט טאָגטעגלעך דורך אַרבעט און שאַפן, דורך אויפגעלעבטער גבורה, געשטעלט אַ לעבעדיקע מצבה לזכר 6 מיליאָן פּאַרטיליקטע ברידער און שוועסטער, דאָס פאַרבליבענע „הייסע אַש" פון מיליאָנען פאַרשרפהטע ייִדן גיט כוח און מוט דעם ייִדישן — חלוציש־קעמפערישן — אַוואַנגאַרד אין ישראל אויסצושמידן אַ נײַע ייִדישע וועלט פון פרײַהייט און לעבן.

אַברהם זאַקס „פון הייסן אַש" לעבט אויף פאַר אונדזערע אויגן דאָס העלישע פײַער פון די קרעמאַטאָריעס, אָבער די לידער ציינדן פלאַמען פון אמונה אין אַ נײַעם ייִדישן מאָרגן, וואָס איז שוין געבוירן געוואָרן אין מדינת ישראל.

כ׳ווינטש דעם דיכטער אַברהם זאַק, אַ סך יאָרן פון גײַסטיקער שעפערישקייט, וואָס זאָלן זײַן געבונדן מיטן לייוויק־ווונטש פון אַ נײַעם אויפגעגאַנגענעם שמייכל איבער בליענדיקע פעלדער פון ייִדיש־גײַסטיקע און פיזישע שאַפונגען.

## „שלום" — אַ פּרעכטיקער זשורנאַל פאַר ייִדישע קינדער

אונטער דער געניטער רעדאַקציע פונעם טאַלאַנטפולן ייִדישן דיכטער, שמואל צעסלער, ביי דער נאָענטער מיטאַרבעט פון דער רעדאַקציע־סעקרעטאַרין, אסתר חספּד און רעדאַקציע־מיטגלידער: חיים פינקעלשטיין, צבי בראָנשטיין, אהרן דייכאָווסקי, דערשײַנט דער חודש־זשורנאַל „שלום" פאַר ייִדישע קינדער וועלכער צייכנט זיך אויס מיט גראַפישער שיינקייט, מיט אַ באַלערנדיקן און — פאַר תלמידים-אָריענטירנדיקן אינהאַלט מיט פּרעכטיקע קונסט-צייכענונגען און פּאָרזען מיט פּאַסיקע בילדער, וואָס באַצירן דערציילונגען און לידער.

דער איצטיקער אויגוסט־נומער „שלום" אין שוין דער 24טער, דאָס באַווײַזט, אַז דער דאָזיקער זשורנאַל איז שוין אַלט געוואָרן צוויי יאָר און אָן שום ספק דאַרף געזאָגט ווערן אויפן אַדרעס פונעם היגן ועד־החינוך המרכזי ביי דער קהילה פון ב. איירעס, אַז דאָס אַרויסגעבן דעם „שלום" איז איינע פון זײַנע גרויסע און פּאָזיטיווע דערגרייכונגען, וואָס איז ניט נאָר דער קנין פון דער דערמאָנטער צענטראַלע, נאָר דאָס אייגנטום פון די ייִדישע תלמידים-ות, פון אַלע שול-טוער, פון דעם גאַנצן ייִדישן ישוב, בעסער געזאָגט, פון דעם דינאַמישן טייל פון אַרגענטינער ייִדנטום, וועלכער שטייט אויף דער וואַך פון ייִדישן המשך־געראַנגל.

אויב ס׳איז אמת, וואָס מ׳זאָגט, אַז רעדאַקציע־אַרבעט איז אַ קונסט, איז נאָך אַ גרעסערע קונסט-אויפגאַבע צו רעדאַגירן אַ ייִדישן קינדער - זשורנאַל, בפרט אין אונדזערע ביידע נאַציאָנאַלע לשונות, האָט זיך טאַקע דער דיכטער און רעדאַקטאָר פון זשורנאַל, שמואל צעסלער, פאַרדינט אַ יישר כוח פאַר זײַן פּערמאַנענטע זאָרג, צוזאַמען מיט די רעדאַקציע־מיטגלידער, אויף צו פאַרשענערן און באַרײַכערן דעם זשורנאַל „שלום", וואָס איז אַ שיינקייט פאַרן אויג פון ייִדישן

קינד און סתם לייענער און אַ היפּשער צושטייער צום לימוד און חינוך פון אונ־דזערע יונגע תּלמידים.

דער נומער 24 פון דעם קינדער־זשורנאַל „שלום", הגם ס׳פעלט אין אים די באַצייכענונג פון זיין 2־יאָריקן אַניווערסאַר, צייכנט זיך אויס מיט אינהאַלט־רייכע מיטאַרבעטונגען פון צבי בראָנשטיין, שמואל צעסלער, שניאור וואַסערמאַן, אברהם זאַק, פרידאַ קויפמאַן־באַומאַן, ווי פון אַ סך תּלמידים און לערער, וואָס פילן אויס די זשורנאַל־שפּאַלטן מיט איינדרוקספולע דערציילונגען, לידער און מיט אַנדערע באַלערנדיקע מאַטעריאַלן. דערצו איז „שלום" באַצירט מיט הערלעכע בילדער פון די רומפולע עפּאָכע־מאַכנדיקע 6 טעג פון ישראלס פאַרטיידיקונגס-מלחמה.

זאָלן געשטאַרקט ווערן די הענט פון דעם רעדאַקטאָר און פון זיינע מיט־אַרבעטער, ווי פון די פריערדיקע און איצטיקע אָנפירער פונעם ועד־החינוך המר־כזי ביי דער קהילה פון בוענאָס איירעס, ביים ממשיך זיין מיט דער דאָזיקער ערנסטער און וויכטיקער דערציערישער אַרבעט.

„שלום" האָט זיך פאַדינט אַן אויבנאָן צווישן די געציילטע יידישע קינדער-זשורנאַלן בכל תּפוצות ישראל.

# מיר וועלן זיי נישט פאַרגעסן

דער גוטער יידישער זשורנאַליסט און איידעלער פען־מענטש, פנחס שטיינ־וואַקס, האָט מיט זײַן בוך: „יידן צום געדענקען", אַרויסגעגעבן פונעם פאַרלאַג „דאָס פוילישע יידנטום", באַרײַכערט אונדזער ליטעראַרישן אוצר מיט נײַע יידישע פערל וואָס גלאַנצן און שײַנען אין די אייביקע קרוינען פון מלכות יידישקייט. דער מחבר שילדערט די הערלעכע יידישע מענטשן, וועמענס מעשים טובים, דערהויבענע מידות און עטישע התנהגות אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן, בין אָדם לחברו און בין אָדם למקום, האָבן באַצירט די אַמאָליקע יידישע שטעט־לעך פון מזרח-אייראָפּע און זיינען געווען און פאַרבליבן מוסטערן פון דערהויבנ־קייט, שלימות און עניוות.

ווי אַ קונסט־מאַלער מיט גאָט־געבענטשטע פעאיקייטן צויבערט אַרויס דורך זײַן קונסט-פענדזל הערלעכע געשטאַלטן אויף וועלכע דער צושויער קוקט און קאָן נישט זעטיקן זײַנע בליקן פון דער פאַרכאַפּנדיקער שיינקייט, אַזוי מאָלט פאַר אונדז דער באַזינגער פון דעם פוילישן יידנטום, דער מקונן פון מיליאָנען אומגעקומענע ברידער און שוועסטער, פנחס שטיינוואַקס, מיט קינסטלערישן פאַ־טאָס פינף און דרײַסיק יידישע בעלי-מידות פון גאָר אַ הויכער מדרגה, וואָס אין זיי זיינען פאַרקערפּערט מיליאָנען אומגעקומענע יידן, די פעסטע זײַלן פון אונדזער אומה, ווײַל נאָר דורך זייער מוסטערהאַפטן לעבן און מעשים טובים האָט באַקומען אַ זין, איז אויסגעפולט געוואָרן מיט אַן אַלט־נײַעם אינהאַלט דער אתה בחרתנו... געפיל, וואָס ווערט דערהויבן צו אַ גרויסן אמת, צו אַ וועלט־אמת דערפאַר, ווײַל צענדליקער מיליאָנען נישט-יידן, אָנהענגער פון קריסטנטום און פון איסלאַמיזם, צווײַגן געגנערטע פון גײַסטיקן יידישן בוים, האָבן זיך אַלע פאַר־אייניקט אונטער דער בלוטיק-סאַדיסטישער רעזשי פון דעם מערדער היטלער און האָבן אין טײַכן בלוט דערטרונקען דאָס לעבן פון אַ דריטל פון אונדזער פאָלק. אויב אַ גרויסער טייל פון דער מענטשהייט איז גרייט צו מאָרדן שוואַכע און שוצלאָזע, ווי מען האָט דאָס געטאָן מיט מיליאָנען יידן, זיינען די דאָזיקע גע־רודפטע און געפּײַניקטע, אויסדערוויילטע יידן פון אַן אויסדערווײלט פאָלק, אַזאַ ייד ווי ר' זלמן, וואָס דאָס וואָרט פון ר' יוחנן בן זכאי האָט אים אין פערמאַנענטער שפּאַנונג: „תלמידי חכמים זיינען די בויער פון דער וועלט", פאַרשטייט ר' זלמן, אַז די וועלט דאַרף מען פאַרשענערן כדי זי זאָל נישט האָבן

דעם איצטיקן אויסזען... אַזאַ ייִד איז דאָך זיכער שקול כנגד כולם. מערדער פון איין זײַט און להבדיל אלף הבדלות די ר׳ זלמנס פון דער אַנדערער זײַט, צוויי באַזונדערע וועלטן, איינע אַ פאַרדאַרבענע און אַ שלעכטע, אַ פינצטערע און אַ פאַראומרייניקטע, די צווייטע פול מיט גוטסקייט, מיט ליכט און יושר, אַ וועלט אַ ריינע, אַן אומבאַפלעקטע, וואָס דאַרף נאָך אַלץ און מער פאַרשענערט און פאַרבעסערט ווערן. אַזעלכע ר׳ זלמנס שטעלן צוזאַמען דעם יסוד פון אונ-דזער פאָלק, אויף וועמען עס קען זיך אויך אָנשפּאַרן דער בעסערער טייל פון דער נישט-ייִדישער מענטשהייט. ווען דער מחבר גיט נאָך צו איינעם צו די 35 ייִדן און מענטשן-פּערל וואָלטן מיר געהאַט אַ לעבעדיקע פאַרקערפּערונג, אַ גײַסטיקע פּערזאָניפיצירונג פון די ל״ו צדיקים, וואָס נאָר אין זייער זכות האָט די וועלט און דער מענטשן-מין אַ קיום.

אַרויסהויבן די גוטע מידות פון ייִדן איז אַ גרויסע שליחות, דורך דעם ווערט אין שפּיגל פון יושרדיקע טאַטן געוויזן די הערלעכקייט פון מענטשלעכן לעבן וואָס פאַראייביקט זיך נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר צווישן די לעבעדיקע ווי אַ בײַשפּיל פון גוטס ווי אַ סימבאָל פון אַ מוסטערהאַפט-ערלעך לעבן. די גוטע מידות, וועלכע דער מחבר פון דעם דאָזיקן בוך פאַרפיקסירט אין די 35 קאַפּיטלען פון אַלע זײַנע מוסטער-ייִדן לאָזן דעם רושם פון אַ העכער און שענער לעבן, ווי די דאָזיקע האָבן טאָג-טעגלעך זיך אויסגעפורעמט זייער אייגענע וועלט, אַ שענערע ייִדישע וועלט, אין וועלכער עס קענען עקזיסטירן צדיקים, אָבער זי איז אָנגעפילט מיט אַ סך רחמנות צו די פאַרדאַרבענע און די שלעכטע, אַ וועלט פון מצוות און פון עניוות צוגעפּעסטיקט צו טיפע יסודות פון יושר און ער־לעכקייט.

„ייִדן צום געדענקען״ איז אַ טייל, אָדער אַ באַשטאַנדטייל פון אַ נײַער לי-טעראַטור בײַ ייִדן וואָס איז אויפגעקומען נאָך דער צווייטער וועלט-מלחמה אויף די חורבות פון אונדזער לעבן, דאָס דאָזיקע בוך העלפט אײַנקריצן אין אונדזערע מוחות דעם „זכור״ מיט פײַערדיקע אותיות כדי גובר צו זײַן די שכחה פון דעם ייִדישן יחיד, פון דעם ייִדישן כלל און עס איז טאַקע אוממעגלעך צו פאַרגעסן די פּרעכטיקע ייִדן-געשטאַלטן וואָס זיינען אין זיך כולל מיליאָנען ברידער פון דעם אייגענעם פאָלק. וואָס ברוטאַלע מערדער האָבן אומגעבראַכט אין דעם שרעק-לעכן צוזאַמענשטויס צווישן צוויי וועלטן, דער בלוט-גיריקער „ועל חרבך תחיה״ מענטשהייט מיט די ייִדישע פּאַנען-טרעגער פון „לא תרצח״ געבאָט.

דער מחבר דערקלערט אין זײַן הקדמה צום בוך: „דער רוב פון די טיפן ייִדן זיינען בעלי מלאכות, האַנדווערקער און אַרבעטער, וועלכע האָבן געלעבט פון זייער פּראַצע ביי וועמען דאָס לעבן אויף דער וועלט איז נישט געווען קיין ציל פאַר זיך. נאָר אַ מיטל זיך אַרומצורינגלען מיט מידות און מעשים טובים,

וואָס זאָל ראשית כל צופרידנשטעלן דעם גײַסט, באַפרידיקן נשמה־גלוסטענישן, און נישט דעם חומר. ייִדן ביי וועמען ייִדיש לעבן איז געגאַנגען געפּאָרט מיט רעליגיע און גלויבן, מיט טיפער אמונה. ייִדן וואָס האָבן פאַר פיל דורות און יאָרן אין פערמאַנענטן המשך געפורעמט דאָס גײַסטיקע לעבן פון ייִדישן פאָלקס־קיום אין מזרח־אייראָפּע". גייענדיק אין די פוס־טריט פון דעם מחברס אַרײַנפיר־וואָרט אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז דער שטאַרקער זײַל פון ייִדישקייט, וואָס עס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס מזרח־אייראָפּעאישע ייִדנטום. די שארית ישראל־ייִדן, וואָס זיינען הײַנט צעשפּרייט איבער אַלע קאָנטינענטן, טרינקען זיך אין די ימים פון עם־הארצות, פון פּרימיטיווער און אָפּטמאָל פון אַ שטראָם־פאַרכאַפּנדיקער אַסימילאַציע און קעמפן פאַר המשך און קיום מיט נײַע פאָרמען פון גײַסטיקן כלי זין, מיט אַ נײַעם נוסח און האָפענונגען וואָס זיינען געקנופּט און געבונדן מיט ישראל, מיט די ציון־אידעאַלן, וועלכע גיבן דעם ייִדי־שן מענטש וואָס האָט איבערגעלעבט דעם לעצטן מבול פון ייִדישן בלוט און טרערן, אַ טרייסט און אַן אָנשפּאַר, אַ פאַרענטפערונג אויף זיינע נשמה־זוכענישן און האַרץ־גלוסטענישן.

דאָס בוך „ייִדן צום געדענקען" איז אַ פאָדערונג צום שארית ישראל נישט צו פאַרגעסן די דאָזיקע ייִדן און דער עיקר זיי האַלטן פאַר אַ בײַשפּיל בכדי צו פורעמען אונזער הײַנטיק לעבן אַזוי, אַז יעדער פון אונדז און יעדער פון אונדזער נישט־ייִדישן אַרום אונדז זאָל דערפילן, אַז אונדזער אומה איז צוזאַ־מענגעשטעלט פון מיליאָנען ר׳ פּתחיהס און פון ר׳ ישראל בעל נצחס וואָס ווילן אַן אייגענעם מקום מנוחה אין מדינת ישראל אין אַ וועלט אָן רשעות און רציחה נאָר פון יושר און צדק, באַגלייט פון מעשים טובים.

# יעקב פּאַלאַטיצקיס בוך „וועגנאַלצדינג"

דער מחבר פון בוך „וועגנאַלצדינג", יעקב פּאַלאַטיצקי, האָט נאָך פון זײַן פריסטער יוגנט אַרויסגעוויזן שרײַבערישן טאַלאַנט און פאַרשיידענע פּרוכטן פון זײַן פען האָבן טעם און תוכן אין דער היגער יידישער זשורנאַליסטיק. מיטן לויף פון יאָרן איז זײַן שרײַבערישער באַגאַזש פאַרגרעסערט געוואָרן מיט פעליעטאָנען, הומאָרעסקעס, מאָנאָלאָגן און אַקטואַליען פון יידישן לעבן בכלל, ווי פון דער יידישער און ציוניסטישער געזעלשאַפטלעכקייט פון אַרגענטינע בפרט, זײַנע ערנסטע אַרטיקלען איבער ערנסטע און אַקטועלע צײַט־פּראָבלעמען, אײַנגעשלאָסן אידייאישע טעמאַטיק, האָבן שטענדיק גערופן מיט זייער אינהאַלט די אויפמערקזאַמקייט פונעם לייענער, וועלכער האָט דערפילט אין אים נישט נאָר דעם פעליעטאָניסט נאָר דעם שאַרפן באַאָבאַכטער פון יידישן לעבן, וואָס יעקב פּאַלאַטיצקי האָט פאַרצייכנט, געשילדערט און אָפּגעשפּיגלט אויף פאַרשיידענע אופנים.

יעקב פּאַלאַטיצקי האָט נאָך אַלס יונגער בחור רעדאַגירט דעם „יוגנט אַוואַנגאַרד" און ווי איינער פון די גײַסטיקע פירער פון אַן אידעאיש־חלוצישער יוגנט־באַוועגונג האָט ער דעם דאָזיקן זשורנאַל אויסגעפילט מיט דערציערישן מאַטעריאַל. דערפאַר איז טאַקע דער „יוגנט אַוואַנגאַרד" געווען פאַרעכנט ווי די בעסטע אידעאָלאָגישע צײַטשריפט פאַר יוגנט, וואָס דאַרף דערציִען ווערן אין גײַסט פון העכערע יידיש־ציוניסטישע אידעאַלן. שפּעטער איז ער געוואָרן רעדאַקטאָר פון „די נײַע צײַט" און האָט גלײַכצײַטיק מיטגעאַרבעט פערמאַנענט אין דער מאָנטעווידעער טאָג־צײַטונג „פאָלקסבלאַט" פונקט אַזוי איז חבר פּאַלאַטיצקי מיטאַרבעטער אין דער היגער יידישער טאָג־פּרעסע, ווי אין זשורנאַלן אין לאַנד און אין אויסלאַנד.

דער מחבר פון בוך „וועגנאַלצדינג" גיט אין די 347 זײַטן אַן אַלזײַטיקע אָפּשפּיגלונג פון יידישן לעבן אין אַרגענטינע. מעג דער שפּיגל טאַקע זײַן אַביסל אויסגעקרומט, אָבער אין אים זעען מיר נישט בלויז דאָס יידישע בוענאָס אײַרעס, דאָס יידישע אַרגענטינע, מיט אַלע זײַנע תּרפ"ט אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, עסקנים און „טוערס", דער מחבר גייט אַריבער די גרענעצן פון אַרגענטינע און שפּרייט אויס זײַנע טעמעס, הומאָרעסקעס, אַקטואַליען; סאַטירעס; מאָנאָלאָגן, אויף אַנדערע מדינות, י. „פּאַלאַ" מאַכט צו בלאָטע סטאַלינען און זײַן

אָרדענונג, ווישינסקין און זײַנע „מאָסקווער פּראָצעסן", די גדולים פון קאָמוניס-טישן רוסלאַנד, וועלכע זאָגן אַליין אויף זיך, מיטן מחברס סאַטירע־ווערטער: „מודה אני לפניך — איך בין זיך מודה אַז איך בין אַ הונט, אַ חזיר, אַ פּאַר־קויפטע נשמה, אַ סמאָלע-קאָפּ, אַ האַלאַדראַניעץ; אַ וויסטע קאַליקע; אַ ים־קאָ-טער, אַ מכשף, אַ פּוסטע כלי; אַ פּיפּערנאָטער; און נאָך אַזעלכע צונעמענישן וואָס האָבן געמאַכט דעם גאַנצן אַקט אַזוי, אַז מען האָט געמוזט פון טויזנטער קילאָמעטער ווײַט צוהאַלטן די נאָז, ווייל דער ריח (פון די פּ ר אָ צ ע ס ן, אונטערגעשטראָכן פון מיר) האָט ממש געשטיקט אין האַלדז. דער מחבר ווערט מיטאַמאָל ערנסט און זעט נאָר איין ב ו כ א ר י ן בלויז וועלכער האָלט זיך לײַטיש אויף די פּראָצעסן, אָבער „ער האָט שוין אויסגעזען, אַז קיינער האָט מער אין אים נישט דערקענט דעם גרויסן באָלשעוויק און מחבר פון „אַלף־בית פון קאָמוניזם" און פון „געשיכטע פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם".

ווען י. „פּאַלאַ" גייט איבער אין זײַן קאַפּיטל „וועגן די פּראָצעסלעך" צו די געמשפּטע יידיש־סאָוועטישע שרײַבער און גײַסט-מענטשן, שילדערט ער זיי אָפּ אויף אַזאַ אופן: „עס גייט אַ קאַראַוואַן קיין סיביר און צווישן זיי געפינען זיך גרויסע יידישע שרײַבערס און שוישפּילערס בראש מיט דוד בערגעלסאָן. ער טראָגט אַ טראַנספּאַראַנט מיטן אויפשריפט: „לא אמות כי אחיה"; איציק פעפער טראָגט אַ פּלאַקאַט מיט ריזיקן אויפשריפט פון זײַן ליד: „איך בין אַ ייד". פון פאָרנט און פון הינטן גייען עטלעכע ענקאַוועדיסטן מיט אַ גיגאַנטישן אויפשריפט: „יידן און קאָסמאָפּאָליטן".

ווען דער מחבר וואָלט באַדאַרפט הײַנט אַ ביסל אָפּחוזקן פון די איצטיקע קרעמלין-הערשער, וואָס שטופּן די אַראַבער צו אַ מלחמה מיט ישראל, קענען מיר זיך שוין פאָרשטעלן ווי פון אונטער זײַן סאַטירע-פּען וואָלטן אַרויסגעקומען די ברעזשניעווס און קאָסיגינס די רויטע יידעלעך, שוין אײַנגעשלאָסן מיט זייערע „יאָמהאַאַצמאָעס" פּײַערונגען...

דאָס בוך „וועגנאַלצדינג" איז אַ באַדײַטנדיקער צושטײַער צו דער יידישער ליטעראַטור־שאַפונג אינעם יידישן אַרגענטינע.

דער פאַרלאַג „קיום האָט זיך פאַרדינט אַן אויפריכטיקן יישר כוח פאַר זײַן מי אַרײַנצונעמען צווישן טאָוולען די שאַפונגען פון יעקב פּאַלאַטיצקי.

# פאַרצייכענונגען...

## אַ פאַרשפּעטיקטע בוך־רעצענזיע

דאָס בוך „אויף די עלטערע יאָרן" פונעם באַקאַנטן מחבר און יידישן זשורנאַליסט, רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון דעם פּאָפּולערן זשורנאַל „דער אַרגענטינער מאַגאַזין", וועלוול טשערנאָוועצקי, איז אַ טרייע אָפּשפּיגלונג פונעם לעבן אַליין. אַלע קאַפּיטלען זיינען אַרויסגענומען פון די לעבעדיקע רעאַליטעט־קאַמערן און עס באַווייזן זיך צענדליקער און צענדליקער מענטשן־טיפּן, וועלכע האָבן אַ לעבנלאַנג איינגעריסן וועלטן, געשמייעט, געמסחרט; געווען איינגעשפּאַנט אינעם עול פון שאַפן וואָס מער מאַטעריעלע רייכטימער, געבויט גרעסערע און העכערע פּלשטאָקיקע בנינים, דערווייל זיינען די יאָרן פאַרפלויגן מיט די טויזנטער אָפּגעריסענע לוח־בלעטלעך און טשערנאָוועצקיס פּערסאָנאַזשן זיינען עלטער געוואָרן, זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט און יעדער באַזונדער האָט דערזען דעם שמערצלעכן פרעג־פּסוק: „למי אני עמל?" פאַר וועמען איז נויטיק געווען די גאַנצע אָנשטרענגונג, די האָרעוואַניע און פּראַצע די דערוואַקסענע קינדער ווערן מיטאַמאָל די באַלעבאַטים פון שווער־פאַרהאָרעוועטע טאַטע־מאַמע פאַרמעגנס, זיי פאָרען זיך ווי אין אַן „אייגענעם ווייגאָרטן", וועלכער איז געפלאַנצט געוואָרן פון די עלטערן, אָבער אויב ער האָט שוין יאָ געגעבן זיסע וויינטרויבן, דאַרף מען איצט אויפעסן די פרוכט און מער נישט זאָרגן פאַר די פלאַנצן...

אינעם בוך „אויף די עלטערע יאָרן" זיינען דאָ רירנדיקע שילדערונגען וועגן אַן אומברחמנותדיקער באַציונג פון קינדער צו אייגענע עלטערן, נישטאָ פאַר זיי קיין פּלאַץ אויף די עלטערע יאָרן זייערע אין די רחבותדיקע פּאַלאַצן פון די „פיין־דערצויגענע", אפילו מיט אוניווערזיטעט דיפּלאָמען געקרוינטע קינדער, די עלטערן, דאַכט זיך זיי, די קינדער, זיינען נישט געבילדעט. אַן איבערבלייבעניש פון אַלטן דור, עס איז נישט מעגלעך צו קומען מיט זיי אין דער „בעסערער געזעלשאַפט", ווו די „געשפּרעכן" געפינען זיך אויף אַ „הויכן ניוואָ". דער מחבר האָט דאָס פּערציקסטע קאַפּיטל פון זיין בוך „אויף די עלטערע יאָרן" אַ נאָמען געגעבן: „וואָס דערציילן אייך אַלטע לייט אין די היימען פון בורסאָקאָ" און דער שרייבער וועלוול טשערנאָוועצקי פאַרצייכנט נאָר, וואָס די

אַלטע לײַט שילדערן וועגן דער באַציִונג פון זייערע קינדער. איך וועל ציטירן אייניקע זאַצן פון אַזעלכע האַרץ־אַראָפּריידענישן פון ייִדישע פרויען, האַרציקע ייִדישע מאַמעס, וועלכע האָבן — אָן שום ספק — זיך מקריב געווען פאַר די קינדער: „אין איינעם אָן אָוונט זיינען געקומען דער זון און די שנור, וואָס ניט דער זון און ניט די שנור האָבן זיך געאײַלט צו נעמען די אַלטע מאַמע צו זיך... און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, מיט דער מאַמעס צושטימונג, אַז זי וועט גיין אין מושב זקנים". אַן אַנדער פרוי האָט זיך באַקלאָגט און געהאַט טענות צו איר טאָכטער און איידעם, ווײַל ביידע האָבן „ניט געפונען קיין ווינקעלע אין זייער הויז פאַר אַ בעטל פאַר איר...“

אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל זיינען פאַראַן אַזעלכע נשמה־אויפטרייסלענדיקע רייד פון מאַמעס און באָבעס, וואָס רירן אָן די איידלסטע סטרונעס פון ייִדישן האַרץ. דער מחבר האָט גראָד ניט געהערט קיין סך טענות פון מאַמעס צו זייערע קינדער און אייניקלעך, וואָס געפינען זיך אין באַקוועמע דעפּאַרטאַמענטן און אין טשאַלעטן, ווײַט פון די „היימען אין בורסאַקאַ". מען דאַרף אָבער האָבן דעם כוח צו הערן דעם קול דממה דקה פון צעוויייטיקטע מאַמע־הערצער אפילו ווען די „טענות זיינען איידעלע", ווען זיי פרעגן אויפן קול: „פאַרוואָס זיי, אָט דער פּראָצענט, וואָס מען האָט דערלעבט און מען האָט אויסגעבענקט און אויסגעבעטן ביים רבונו של עולם, פאַרוואָס זעט מען זיי אַזוי זעלטן". באַקלאָגט זיך אַ מאַמע פאַרן פּרעזידענט פון מושב זקנים, אַז זי „האָט איין און איינציקע טאָכטער, וואָס קומט איר זען איינמאָל אין זעקס חדשים און זי, די אַלטיטשקע שטאַרבט פון בענקשאַפט, ביז דער פּרעזידענט פון די היי־מען אין בורסאַקאַ שטעלט זיך אין טעלעפאָנישער פאַרבינדונג מיט דער האַרצ־לאָזער „בת יחידה" און בעט איר צו באַזוכן איר מאַמע. דאָס טעכטערל האָט זיך אָפּגעבייזערט אויפן פּרעזידענט הלמאי ער מישט זיך אין „פּריוואַטע עני־נים", אָבער ווען זי האָט זיך דערוווסט, אַז מען וועט צוריקשיקן איר מאַמע צו איר אין שטוב אַרײַן, דעמאָלט איז די מרשעת געוואָרן אַ „טרײַע טאָכטער" און באַזוכט שוין אָפטער די מאַמען אין בורסאַקאַ.

דער מחבר פאַרענדיקט דאָס פּערציקסטע קאַפּיטל מיט אַזאַ נביאות: „נישק־שה, אין 5 אָדער אין 20 יאָר אַרום וועט שוין אין די „היימען פון בורסאַקאַ" זײַן גאָר אַן אַנדערער עלעמענט „פּאַסאַזשירן". עס וועלן דאָ זײַן אַ סך פון די הײַנטיקע סוחרים און אינדוסטריאַלן". וועלוול טשערנאָווצקי לאָזט איינעם פון זיי ריידן אויף צו באַגרינדן דעם פאַרוואָס פון זייער נײַער צוקונפט און דער „איינער" זאָגט: „איך האָב נישט געקענט לײַדן זייער פירעכץ, (געמיינט די אייגענע קינדער), זייער ניט טראַכטן וועגן מאָרגנדיקן טאָג און מאַכן איבעריקע הוצאות, איך האָב ניט געקענט לײַדן, ווי אַזוי זיי דערציען זייערע קינדער, מײַנע אייניקלעך. די פרײַהייט וואָס מען גיט זיי און כדי ניט צו

דערגייען זיי די יאָרן, האָבן איך באַשלאָסן צו בייטן מײַן היים אויף אַן אַנדע-רער״... זייער אַ שיינע צוקונפט זאָגט פאַר דער אויטאָר פון בוך פאַר די הײַנטיקע גרויסע סוחרים און פאַבריקאַנטן, וועלכע אַ טייל פון זיי פאַרגינען זיך נישט דאָס לעבן, דינגען אַראָפּ עטלעכע טויזנט פּעזעס פון זייערע תרומות פאַרן פאַרייניקטן קאַמפּיין און דרייען זיך אַרויס פון כלל ישראל פליכטן, זיי גיבן זיך שוין אַפילו אָפּ אַ דין וחשבון פון זייער „ליכטיקן מאָרגן״ ביי די אייגענע קינדער, אָבער זיי ענדערן נישט דעם לעבנס-וועג, זיי טרײַבן נישט אַרויס דעם קאָרטן־שפּיל פון זייערע היימען און פילן זיי נישט אויס מיט ייִדישקייט, מיט אינהאַלט, כדי די קינדער און אייניקלעך זאָלן לעבן אין אַ גײַסטיק־ייִדישער קולטור־סביבה, וועלכע איז בכוח אויפצוהאַלטן דעם „כבד את אביך ואת אמך״ אין רעאַלן לעבן, אויב דאָס וועט נישט געענדערט ווערן אין זייערע אייגענע היימען, וועט זיכער מקוים ווערן דער פסוק: „מעשי אבות ירשו בנים״, טעכטער אַרײַנגערעכנט...

וועלוול טשערנאָוועצקיס בוך „אויף די עלטערע יאָרן״ פאַרמאָגט 40 קאַ-פּיטלען און אַלע זיינען אָנגעפּיקעוועט מיט לעבנס־דערפאַרונגען פונעם מחבר אַליין. ער איז שוין צענדליקער יאָרן אויסגעקאָכט און אויסגעבונדן מיט דער היגער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט און ס׳איז נישטאָ קיין ווינקעלע, וווּ ער זאָל נישט אַרײַנדרינגען מיט זײַן בליק און דערזען די פּאָזיטיווע, אָדער נעגאַ-טיווע זײַטן פונעם היגן ייִדיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. דער מחבר קוקט אַרײַן אין די היגע ייִדישע היימען און זעט זייער פּוסטקייט. ער רעדט מיט דער ייִדישער אינטעליגענץ, וואָס ווייסט זייער ווייניק, אין מערסטע פאַלן, גאָרנישט פון ייִדישקייט, ער פרייט זיך, ווען אין דער „פּאָליציי־כראָניק טרעפט מען נישט אָן אויף ייִדישע נעמען פון איבערפאַלער, פאַרברעכער און מערדער״. אָבער דער שרײַבער פון בוך ווייטיקט, ווען אין די ניט ייִדישע צײַטונגען אין דער לאַנד־שפּראַך טרעפט מען ייִדישע נעמען פון שווינדלער און קאָנטראַבאַנדיסטן; דערבײַ גיט ער די דאָזיקע לײַט אַן עצה, אַז זיי זאָלן פאַרווענדן זייער מוח, שכל און טאַלאַנט צו „גיין אויף אַ גלײַכן וועג״...

דאָס בוך „אויף די עלטערע יאָרן״ פון וועלוול טשערנאָוועצקי איז זייער שיין אַרויסגעגעבן און די עסטעטיק רוט אויף אַלע 400 זײַטן. דער מחבר גיט אָן אין זײַן אַרײַנפיר־וואָרט עטלעכע מאָטיוון, וואָס האָבן „גורם געווען״ אַז דער בוך זאָל אַרויס גערעכטן, איינער פון זיי: אַ פאַרגנבעט ביסעלע שרעק אין מחברס האַרץ וועגן אייגענעם געזונט־צושטאַנד און דער צווייטער מאָטיוו איז, צו ווידמען דאָס בוך זײַן האַרציקער לעבנס באַגלייטערן, גאָלדע, צו איר זיבע-ציקסטן לעבנס-יאָר, עד מאה ועשרים.

ווינטשן מיר זיי, דעם מחבר אַ פרוכטבאַרן המשך אין זײַן זשורנאַליסטישער

אַרבעט, דערצו פולשטענדיק באַפרײַט פון דער מורא פאַרן אייגענעם געזונט־צושטאַנד און זײַן אישת חיל, אַ סך פריידיקע יובליי־פײַערונגען צוזאַמען מיט איר לעבנס־באַגלייטער.

## „הד־הארגון" — אַ צײַטשריפט פון די כמעלניקער אין ישראל

איך האָב דאָס געפיל, אַז אין אונדזער אָרגאַניזירטער יידישער געזעלשאַפט־לעכקייט, בפרט ביי די היגע ציוניסטישע ריכטונגען, ווערט נישט אָפּגעשאַצט דער יידישקייט־כוח, דער אינהאַלטלעכער פאַרנעם און די אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם אין וועלכער עס געפינען אַ סך טויזנטער פאָלקסטימלעכע, נאַציאָנאַלע און מיט יידישן גײַסט דורכגעדרונגענע יידן, וואָס זיינען דאָ אין די צענדליקער לאַנדסלײַט פאַרבאַנדן און פאַריינען, וועמענס ווירקונג אויף אַ סך אַרבעטס שטחים אין אַרגענטינער יידנטום איז אַ גרויסע און אַלזײַטיקע. צענדליקער מאָל איז מיר אויסגעקומען צו געבן רעפעראַטן אין פאַרשיידענע לאַנדסלייט־פאַריינען, אײַנגעאָרדנט פון זיי גופא, אָדער אָרגאַניזירט פון קולטור־דעפּאַר־טאַמענט פון דער היגער קהילה, און שטענדיק זיינען די לאָקאַלן געווען איבער־פולט מיט אַ גרויסן עולם פון דאַנקבאַרע צוהערער.

לעצטנס איז דעם שרײַבער פון די שורות אויסגעקומען צו ריידן אין „בית כמעלניק" אינעם מלכות פון דעם פּרעסטיזשפולן כמעלניקער לאַנדסלײַט פאַריין, נישט קוקנדיק אויף דער שרעקלעכער היץ אין דרויסן, נאָך מער אינעווייניק, איז דער סאַלאָן געווען באַזעצט מיט כמעלניקער בני־עיר כדי צו הערן אַ רע־פעראַט וועגן „70 יאָר ציוניזם און 6 טעג צה"ל־גבורה". דאָס וואָס ס'מאַכט דעם גרעסטן אײַנדרוק אויף אַ באַזוכער אין דעם דערמאָנטן לאַנדסלײַט פאַריין, איז דער דערפרייענדיקער פאַקט, וואָס ס'הערשט אַ משפּחהדיקע סביבה, אַן אמתע שבת אחים גם יחד־אַטמאָספערע, אַ קולטורעלע התנהגות און אַן אויפ־ריכטיקער רצון אויפצוהאַלטן דאָס שיינע, דאָס יידיש־טראַדיציאָנעלע, דאָס עטישע, דער עיקר, די בין־אדם לחברו ־ באַציונג, ווי דאָס האָט אַמאָל געהערשט אין דער אייגענער שטאָט כמעלניק. דעם זעלבן געפיל באַקומט מען, ווען מען געפינט זיך אין דער סביבה פון אַנדערע היגע י י ד י ש ע לאַנדסמאַנשאַפטן.

און „בית כמעלניק" האָב איך באַקומען עטלעכע נומערן פון דער צײַט־שריפט „הד־הארגון" (אָרגאַניזאַציע־עכאָ) וואָס די כמעלניקער בני עיר, אָרגאַ־ניזירטע אין דעם „ארגון יוצאי כמלניק", גיבן אַרויס אין דער יידישער מדינה. די 4 נומערן זיינען פאַר מיר געווען אַ שיינע מתנה, ווייל דורך זיי האָבן איך מיך דערוווּסט פון אַ סך פּרעכטיקע אַרבעטן, געזעלשאַפטלעכע לייסטונגען און פון פאַרנעמפולע קולטור־טעטיקייטן פון כמעלניקער לאַנדסלײַט אין ישראל,

איינגעשלאָסן די אָפּגעשפּיגלטע פאַרבינדונגען מיט זייערע בני עיר אין אַרגענ־טינע, ווי אין אַנדערע ישובים פון תפוצות ישראל.

אין איינעם פון די נומערן פון „הד־הארגון" זיינען פאַראַן בילדער פון העלדישע זין און טעכטער פון כמעלניקער משפחות, איינגעוואָרצלטע אין דער ייִדישער מדינה, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער גלאָרייכער 6 טאָגיקער מלחמה פון חודש יוני ד. י. קעגן די אַראַבישע אַגרעסאָרן. ס'איז רירנדיק ביז צו די טיפענישן פון דער ייִדישער נשמה אַ בריוו פון טאַטע־מאַמע, פאַר־עפנטלעכט אין דעם דאָזיקן נומער, פון וועלכן ס'טריפט דאָס בלוט פון עלטערן און די אותיות וואָס שטעלן זיי צוזאַמען. די טראַגישע שורות אָטעמען מיט העל־דישקייט און זיי דערציילן וועגן אַן אייגענעם זון, וואָס איז געפאַלן ביי דער דעראָבערונג פון ירושלים מיט אַ מות גבורים, מיט אַ העלדן־טויט.

די פאַראָבלטע טאַטע מאַמע, כמעלניקער ייִדן אין ישראל, מאַכן אַ שריפט־לעכן הספד איבער זייער אייגענעם אומגעקומענעם זון און אַלע ווערטער זיי־נען אַ לעבעדיקע מצבה אויף זיין פרישן קבר.

עטלעכע מינוט פריער, איידער איך האָב באַקומען דאָס וואָרט צו מיין רעפעראַט אין „בית כמעלניק", האָט די פרוי רובינשטיין איבערגעלייענט אין עברית דעם דאָזיקן געדרוקטן הספד פון טאַטע־מאַמע. דער ווייטיק האָט גע־דרוקט אויפן האַרץ און די טרערן האָבן געשטיקט אין האַלדז. נאָך מיין רעפעראַט האָט אַ ייִדישע מאַמע, אַ כמעלניקערין, מיר געזאָגט מיט אַן אויפ־געהויבענעם קאָפּ און מיט ייִדישן שטאָלץ: „מיין זון געפינט זיך אין דער ייִדישער מדינה..."

די צייטשריפט „הד־הארגון", איןביידע נאַציאָנאַלע לשונות פון ייִדישן פאָלק, אין העברעאיש און ייִדיש, איז אַ פעסטע בריק צווישן די כמעלניקער בני־עיר אין ישראל און דעם טיכטיקן כמעלניקער לאַנדסלייט פאַריין „בית כמעל־ניק" אין אַרגענטינע.

צווישן דער לאַנדסמאַנשאַפטלעכער באַוועגונג אין ב. איירעס האָט זיך דער היגער „בית כמעלניק" פאַרדינט אַ בכבודיקן פּלאַץ.

## אַ נישט באַרעכטיקטער כעס פון אַ ייִדיש־שפּאַנישער טריבונע

דאָס וואָרט דעמאָקראַטיע קאָן האָבן פאַרשיידענע אויסטייטשונגען און אינטערפּרעטאַציעס, יעדער איינער באַרעכטיקט זיין אייגענע באַציִונג, אייגענע האַנדלונגען, מעגן זיי אפילו טראָגן אַן אַנטי־דעמאָקראַטישן כאַראַקטער, צו זיין „דעמאָקראַטיע". אָבער ווען מען וויל אויפריכטיק פאָרמולירן און דעפי־נירן, וואָס איז טקע באמת דעמאָקראַטיע, מוז מען קומען צום אויספיר, אַז דאָס

מיינט רעספעקט פון איינעם צום צווייטן, קאָנזיסטיקע טאָלעראַנץ און די קונסט פון קענען לעבן און זיך איינלעבן אין אַ מענטשלעכער געזעלשאַפט.

ווי עס ווייזט אויס, האָב איך מיך פאַרזינדיקט פאַר איינעם פון דער ייִדיש־שפּאַנישער אויסגאַבע „נועוואַ סיאָן", וואָס פירט אָן מיט דער רובריק „על עקאָ קריטיקאָ" (דער קריטישער עכאָ) פאַר מײַן אַרטיקל: „אַן אומנויטיקע חניפה און שתדלנות באַגריסונג" און ער רײַסט אויף אַ סך צוימען פון קאָלע־גיאַלער עטיק און זײַן שרײַבן איז נישט קיין „קריטישער עכאָ", אָדער אַ הויך־קולטורעלע פּאָלעמיק, נאָר אַ היפּשער אָנפאַל, וואָס פּאַסט נישט פאַר דער דערמאָנטער ציוניסטיש־ערנסטער טריבונע, ווײַל אין איר קענען נישט קומען צום אויסדרוק איבערפאַלן און פאַרזענלעכע באַליידיקונגען, דאָס איז אַ מלאכה פאַר דער יעווסעקציע, וואָס זעט אין יעדן איינעם, וואָס איז ניט מסכים מיט אירע מיינונגען און שטאַנדפּונקטן, אַ „סופּער־רעאַקציאָנער", אָדער „אַ פאַר־קויפטן קנעכט צום אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם". דער „עכאָ קריטיקער" נעמט זיך אָן די קריוודע פון ד״ר נחום גאָלדמאַן און לאָזט אויף אים נישט פאַלן אַ שפּרענקעלע קריטיק, נאָר דערפאַר, ווײַל ער האָט באַגריסט די אָקטאָבער רעוואָלוציע צו איר 50סטן אַניווערסאַר. דערמיט איז שוין ר׳ נחום גאָלדמאַן געוואָרן „אַ פּראָגרעסיווער ייִד", וועמען מען טאָר נישט זאָגן אַ שלעכט וואָרט, אָדער מאַכן אַ קרומען זשעסט.

דער כוח פון דעמאָקראַטיע, אינערהאַלב דער ציוניסטישער באַוועגונג, באַ־שטייט אין דעם, וואָס מען קאָן אָן מורא פאַר טורמע, אָדער צעשיסונגען, קרי־טיקירן די מנהיגים פאַר זייערע מעשים, אויב זיי שטימען ניט מיט דער איבערצײַגונג, מעג דאָס זײַן אפילו פון אַ יחיד, אַז זייערע האַנדלונגען רעגן אויף דעם רוב בנין ורוב מנין פון ייִדישן פאָלק.

ווען דער דאָזיקער „קריטיקער", וואָס כאַפּט אויף אַלערליי „עכאָס", וואָלט זיך פּאַקטיש צוגעהערט, פריער פאַר אַלץ, צו זײַן אייגענעם ייִדישן און ציור־ניסטישן געוויסן און דערנאָך צו די אויפּריכטיקע עכאָס, שטימען און שטי־מונגען פון 95 פּראָצענט אַרגענטינער ייִדן, וואָלט ער, אָן שום ספק, געוווסט, וואָס פאַר אַן אָפּקלאַנג עס האָט געהאַט ד״ר גאָלדמאַנס באַגריסונג צו די קאָ־סיגינס און אַנדערע קאָמוניסטישע שונאי ציון וישראל ביי די ייִדישע מאַסן, סײַ אין אַרגענטינע והן אין דער גאַרער ייִדישער וועלט.

מיר וועלן נישט מיד ווערן צו זאָגן און איבערצוחזרן דעם אמת, אַז אין דער באַגריסונג פון ד״ר נחום גאָלדמאַן צו דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וועמעס הײַנטיקע פירער האָבן געוואָלט פאַרניכטן ישראל און דערמיט אָפּשטעלן דאָס האַרץ־קלאַפּן פון ייִדישן וועלט־פאָלק, קאָן זייער לײַכט אויסגעטײַטשט ווערן ווי

אַ ברכה אויף אַלע וואַנדאַלישע מערדערייען איבער יידישע שרייבער און קול-טור-מענטשן, איבערן יידישן גייסט, איבערביידע נאַציאָנאַלע לשונות און קולטורן פון דער יידישער אומה, איינגעשלאָסן די כסדרדיקע רדיפות אויף ציוניסטן. נישטאָ קיין אויסנאַם פאַר חברים פון מפ״ם־השומר הצעיר, און דאָס שטויסן די אַראַבער צו אַ פאַרניכטונגס־מלחמה קעגן דער יידישער מדינה.

אויב „דער עכאָ-קריטיקער" שטעלט זיך אויף דער זייט פון יעקב ריפטין און זיין אָפשאַצונג איבער „דער היסטאָרישער באַדייטונג פון סאָוועט-רוסלאַנדס וואָפן־אָנוועזנהייט אין נאָענטן אָריענט" איז ד״ר ג. גאָלדמאַן גערעכט און זיין באַגריסונג איז באַרעכטיקט, נאָר אויב דער „מנהיג" קובאַ ריפטין, ווערט אָפּ-געשטעלט אין זיין אייגענער באַוועגונג אין ישראל פון זיינע אַמטן, פאַר זיין אַנטי-ציוניסטישן אַרטיקל אין זשורנאַל „חותם", איז אַ סימן, אַז אַ יידישער זשורנאַליסט, וואָס קריטיקירט סאָוועטן-פאַרבאַנד און דעם באַגריסער, ד״ר נחום גאָלדמאַן, האָט זיך נישט טועה געווען אין זיינע אויספירונגען.

ציוניסטישע דעמאָקראַטיע איז אַ נויטווענדיקייט אינעם לעבן פון דער יידישער פרייהייטס־באַוועגונג ווייל אויף אירע יסודות האַלט זיך דער פּרעכ-טיקער בנין פון קעגנזייטיקן רעספּעקט, פרייהייט פון וואָרט און געדאַנק, די רעכט צו האָבן אַן אַנדערע מיינונג און צו פירן אַ פּאָלעמיק, וואָס זאָל זיין פריי פון פערזענלעכע אָנגריפן און באַליידיקונגען.

דאָס איז דער אמתער אינהאַלט פון אַ יידיש-ציוניסטישער דעמאָקראַטיע, וואָס דאַרף הערשן אינעם יידישן לעבן, ווי אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, אַז אונטערשייד פון אידעאישער מיינונגס-פאַרשיידנהייטן.

# צו דער ווייצמאַן־ליטעראַטור איז צוגעקומען
# אַ ווירטיק בוך פון מנחם געלערטער!

## דער מחבר און זײַן בוך

### א.

אין די ציוניסטישע קרײַזן אין דער גאַרער וועלט, בפרט אין די ייִדישע ישובים פון לאַטיין־אַמעריקע, איז דער נאָמען און די פרוכטבאַרע מעשים טובים פון מנחם געלערטער זייער גוט באַקאַנט, זײַנע באַזוכן אין די דאָזיקע לענדער אין שליחות פון אָרגאַניזירטן ציוניזם, די געהאַלטענע רעפעראַטן פאַר טויזנטער און טויזנטער צוהערער, זײַן באַגײַסטערט וואָרט פאַר דער ייִדישער און ציוניסטישער עסקנות אין יעדן פלאַץ, ווי דאָס כסדרדיקע וועקן ייִדישע מאַסן, סײַ צו ווערן אַ מיט־שותף צום גרויסן יצירה ווערק פון דער ייִדישער מדינה־שאַפונג והן צו פאַרשטאַרקן ייִדישקייט דורך אַלע אופנים און מיט אַלע אָנשטרענגונגען, האָט אַרויסגעפירט דעם ייִדישן און העברעאישן שריפטשטעלער, דעם בר אוריין און גײַסטרײַכן זשורנאַליסט מנחם געלערטער אויף אַן אָנגעזעענעם פלאַץ אין ייִדיש־גײַסטיקן לעבן, אַזוי אין דער ייִדישער מדינה, ווי אין די תפוצות ישראל.

פון מנחם געלערטערס 34 יאָר לעבן אין ארץ־ישראל האָט העכער 20 יאָר אָפּגעגעבן דעם ייִדנטום אין דרום־ און אין צענטראַל־אַמעריקע, געפינענדיק זיך בראש פון דער לאַטיין־אַמעריקאַנער אָפּטיילונג פון דער ציוניסטישער וועלט־עקזעקוטיווע אין ירושלים. מנחם געלערטער האָט אין דעם דאָזיקן צײַט־אָפּשניט געזוכט זײַנע ברידער אין אַלע ייִדישע ישובים אויף דעם טייל פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט און ער איז געוואָרן אייגן און היימיש, אַן אמתער חבר, אַ טרײַער פרײַנט צו אַלע ייִדן, וועמענס מוט ער האָט געשטאַרקט, רופנדיק אַלעמען צו גלויבן אין די אידעאישע אמתן פון ציוניזם און אַן איבערצײַגונג איז מיר דערלויבט צו זאָגן, אַז מנחם געלערטער האָט געשאַפן אַ שטאַרקע בריק צווישן דער ייִדישער מדינה און דעם ייִדנטום אין לאַטיין־אַמעריקע. ייִדן, דער

עקר אַ סך ייִדן, וועלכע האָבן אים געהערט, מיט אים גערעדט, זיינען מיט אים געקומען אין אַן אוממיטלבאַרער באַרירונג, האָבן באַקומען די איבערצײַגונג, אַז מנחם געלערטער איז פאַר זיי נישט געווען קיין מוסר־זאָגער, קיין שטראָפער, דער שליח, וואָס דראָעט ייִדן מיט פינצטערע וואָלקנס איבער זייערע קעפּ אין גלות, ער איז אַן אינהאַלטלעך־וואָגיקן ספרל וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבן „היהגדת ביבשת ניסטישער מסביר, אַ ליבלעכער שומר ישראל, אַ וועקער און גלײַכצײַטיק אַ מאָנער ביי יעדן ייִד ביחידות און ביי אַלע ייִדן בציבור, זיי זאָלן זיך אײַנשפּאַנען אינעם דאָפּלטן עול פון געבן אייגענע קינדער אַן אויטענטישע ייִדיש־נאַציאָנאַלע דערציאונג, ווי העלפן מדינת ישראל אין איר אויפבוי און קאָנסאָלידאַציע.

דער גרויסער רעזולטאַט פון זײַנע אָפטע רײַזעס איבער לאַטיין-אַמעריקע איז געווען און פאַרבליבן מנחם געלערטערס אײַנדרוקן, וועלכע ער האָט אײַנגעראָמט אין אַן אינהאַלטלעך־וואָגיקן ספרל וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבן ״היהדות בי״בשת מסוערת״, אַ ייִדנטום אין אַ צעשטורעמטן קאָנטינענט, אין וועלכן דער מחבר ברענגט אַרויס טיפן אומרו איבערן גורל פון ייִדן און ייִדישקייט אין אונדזערע לענדער, ער מאַכט אַן ערנסטן אַנאַליז איבער די פּאָליטישע, סאָציאַל־עקאָנאָמישע סיטואַציעס פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער פעלקער צווישן וועלכע עס געפינען זיך קרוב אַ מיליאָן ייִדן, וועלכע קענען חלילה זײַן אויסגעשטעלט צו אַלערליי סכנות פון דרויסן, ווי צו אַ מוראדיקער עם הארצות־אַסימילאַציע פון אינעווייניק.

דער מחבר פונעם בוך „חיים וויצמאַן״ אין שפּאַנישער שפּראַך, מנחם געלערטער, האָט נאָך פון זײַנע ייִנגסטע יאָרן אָנגעהויבן מיליטירן אין דער ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג ״השומר הצעיר״, זייענדיק איינער פון אירע גרינדער אין סטאַניסלאַוו. אין יאָר 1918 נעמט ער אַן אַקטיוון אָנטייל אין די וואַלן צום ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט, וואָס איז געווען אַן אָנערקענטע ייִדישע אינסטאַנץ ביי דער אוקראַינישער רעפּובליק און רעגירונג.

מנחם געלערטער איז געווען איינער פון די מיטגרינדער פון „החלוץ״ און דער פאָרמירער פון דער ערשטער חלוצישער הכשרה־פאַרם. אין זומער פון 1920 איז ער געווען אַקטיוו אין ועד עליה אין ווין און פון דאָרטן האָט ער עולה געווען קיין ארץ-ישראל און זיך אָנגעשלאָסן אין די רייען פון „הפועל הצעיר״. אין זעלבן יאָר האָט ער זיך באַטייליקט אין דער גרינדונג פון דער „הסתדרות העובדים״ אין חיפה.

מנחם געלערטער האָט זײַן שעפעריש לעבן, זײַן שרײַבעריש און אָרגאַניזאַציאָנעלן טאַלאַנט, געשטעלט אין רשות פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג, ווי פונעם ייִדישן פאָלק, אָפּגעבנדיק 55 קאָנסטרוקטיווע יאָרן פון אומאיבערגעריסענע מעשים טובים לטובת דעם גרויסן געדאַנק פון ייִדישער פרײַהייט וואָס איז פאַרקערפּערט אין דער ציוניסטישער מחנה, בפרט אין דער אויף אייביקעקזיסטירנדיקער מדינת־ישראל.

דאָס איז אַ קורצע, אַ בצימצומדיקע כאַראַקטעריסטיק פון דעם מחבר פון בוך „חיים ווייצמאַן", אין וועלכן מנחם געלערטער האָט אַרײַנגעשריבן נײַע, ביז איצט כמעט אומבאַקאַנטע אָפּשאַצונגען און דאָקומענטן פונעם גרויסן ייִדישן שטאַטסמאַן און ערשטער נשיא פון דער ישׂראל־מדינה פּראָפ׳ חיים ווייצמאַן ז״ל.

ב.

## דאָס בוך „חיים ווייצמאַן"

תיכף פון סאַמע אָנהייב פון בוך קומט פריער פאַרן פאָרוואָרט פון מחבר דער טעקסט פון דער באַרימטער טעלעגראַמע, וואָס פּראָפ׳ ווייצמאַן האָט געשיקט צו דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, ערב דאָס פאַרלאָזן ארץ־ישׂראל מצד די ענגלענדער, אין וועלכער דער מנהיג זאָגט קלאָר: „פּראָקלאַמירט די ייִדישע מדינה אין זעלבן מאָמענט, ווען די ענגלענדער ציען זיך צוריק". דורך דעם אינהאַלט פון די דאָזיקע עטלעכע ווערטער ווערט צונישט געמאַכט די פאַלשע מיינונג, וואָס איז געבליבן אין דער ייִדישער וועלט ביי יחידים, אָדער גרופּן, אַז ווייצמאַן איז נישט געווען דעצידירט, צו אַזאַ געוואַגטן טאַט, ברענגענדיק אַ פאַלשן באַווײַז, אַז דער ערשטער נשיא פון דער מדינה איז נישטאָ צווישן די אונטערשרײַבער פון דער פּראָקלאַמע (הכרזה) בשייכות מיט דער עטאַבלירונג פון דער פרײַער און אומאָפּהענגיקער ישׂראל.

דער מחבר זאָגט מיטן גרעסטן יראת הכבוד: „מיט שרעק און רעספּעקט האָב איך אויף מיר גענומען די אויפגאַבע צו שאַפן אַ בילד פאַר דער שפּאַניש־ריידנדיקער וועלט פון דער גרויסער ייִדישער פּערזענלעכקייט, פון פּראָפ׳ חיים ווייצמאַן, מײַן פּעדער איז אָרעם און דאָס דאָזיקע בוך איז גענוג רעדוצירט אויף צוקענען אַרומנעמען אַלזײַטיק די מאַיעסטעטישע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט אין זיך אַרײַנגענומען דעם ייִדישן פּײַן פון דורות".

אין זעלבן אַרײַנפיר־וואָרט פון בוך פילט מען דעם טיפן האַרץ־ציטער פון דעם שרײַבער מנחם געלערטער, ווען ער שילדערט דעם מנהיג הדור מיט אַזעלכע ווערטער: „צוויי קרוינען האָבן אים באַצירט, איינע פון וויסנשאַפט, וואָס ער האָט אַליין דעראָבערט און פון דער מדינה, וואָס דאָס אויסדערוויילטע פאָלק האָט אים אָנגעטאָן מיט באַגײַסטערונג. דער קווינט־עסענץ פון זײַן אומרו איז שטענדיק געווען: ייִדיש פאָלק, פאַרוואָס וואַרטסטו? דער עיקר אינהאַלט פון זײַנע תפילות איז תמיד געווען: דער שמע ישׂראל".

ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט איז דאָס בוך פון מנחם געלערטער געשריבן געוואָרן, מיט כוונה תחילה אין שפּאַניש, פאַר די שפּאַניש־ריידנדיקע טיילן פון די ייִדישע ישובים אין לאַטיין־אַמעריקע, ספּעציעל פאַר דער גרויסער

מערהייט פון דער יידישער יוגנט אויפן קאָנטינענט, וואָס קען ליידער נישט קיין יידיש און האָט גאָרנישט באַוויזן צו דערוואָרבן די העברעאישע שפּראַך. דאָס דאָזיקע בוך „חיים ווייצמאַן" גיט יעדן לייענער אַן אַלזייטיקע אָפּשאַצונג פון דער אומשטערבלעכער פּערזענלעכקייט פון יידישן פאָלק און פון דער באַ־פרייטער מדינת־ישראל, וואָס האָט געדינט מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים די הויכע אידעאַלן פון ציוניזם און אויסגעפּאָכטן טויזנטער קאַמפּן אין רעגירונגס־קאַבינעטן, אין צוזאַמענקונפטן, אָנהייבנדיק פונעם עמיר פייזאַל ביז צום פּרעמיער טשוירטשיל, אויף אינטערנאַציאָנאַלע פאָרומס באַגלייט פון אויסערגעוויינ־לעכע דיפּלאָמאַטישע אָנשטרענגונגען, סיי ביים אַרויסבאַקומען די באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס איז געוועזן דער לאַנגזאַמער, אָבער זיכערער אָנהייב פון דער גאולה־תקופה אין אונדזער דור, וועלכער האָט זיך, צו אונדזער גליק, פאַרענדיקט מיט דער פּראָקלאַמירונג פון דער יידישער מדינה, והן מיט זיינע לערעס וועגן דעם כוח פון קאָנסטרוקטיוון ציוניזם, פון בויען אַ הויז נאָך אַ הויז, פון אויפ־שטעלן איין קיבוץ נאָכן צווייטן, פון אַריינברענגען וואָס מער יידן אין לאַנד, כדי צו ווערן אַן אינעוויינקסטער פאַקטאָר, מיט וועלכן אַפילו שונאים מוזן זיך רעכענען.

די יידישע יוגנט אין לאַטיין־אַמעריקע, שטענדיק אויב דאָס בוך וועט ווי געהעריק פאַרשפּרייט ווערן, וועט אין די 179 זייטן געפינען אַ גרויסן קוואַל פון וויסן וועגן צ וניזם און ווייצמאַנס ראָל אין זיין רעאַליזאַציע, דער כוח פון די ציוניסטישע קאָנגרעסן און זייער השפּעה אויפן גאַנג פון ארץ־ישראל אויפבוי און צוגרייטונג צו מלוכהשער זעלבשטענדיקייט.

דער מחבר רעדט נישט אַליין צופיל איבער ווייצמאַנען, דעם וויסנשאַפט־לער, דעם קאָנסטרוקטיוון בויער פון דער יידישער אומאָפּהענגיקייט, דעם יידישן דיפּלאָמאַט בחסד עליון, איבער זיינע פּאָליטישע נצחונות אָדער דורכפאַלן, וועגן דעם דאָזיקן מנהיג הדור שרייבן אַזעלכע גרויסע ריזן און ציוניסטישע פירער, ווי: דער איצטיקער נשיא פון ישראל, מר׳ זלמר שז״ר, דער אַרכיטעקט פון דער יידישער אומאָפּהענגיקייט, דער געוועזענער פּרעמיער־מיניסטער פון ישראל מר דוד בן גוריון און דער אומפאַרגעסלעכער אויסערן־מיניסטער משה שרת ז״ל און יבדל לחיים, ד״ר נחום גאָלדמאַן.

דער גרויסער אויפטו פונעם מחבר פון בוך באַשטייט אין דעם, וואָס ער לאָזט טאַקע ווייצמאַנען אַליין ריידן און דערציילן וועגן זיינע ראַנגלענישן פאַר דער רעאַליזאַציע פון דעם ציוניסטישן געדאַנק און אידעאַל, וויפל פּקחות ליגט אין יעדן וואָרט און זאַץ פון פּראָפ׳ חיים ווייצמאַנס רייד? אַלץ צוזאַמען איז אַן אָפּפרישנדיקער גייסטיקער מים חיים, בפרט אין היינטיקע טעג, ווען ס׳וואַקסט די מחנה פון פאַרלייקענער פון ציוניסטישע פליכטן, פון נאַציאָנאַל-באַפרייערישע אויפגאַבן, הויפּטזעכלעך היינט, ווען די יידישע מדינה שטייט אין אַ שווערן

פּאָליטישן גערצאַנגל מיט אַן אומפּרײַנטלעכער וועלט און שטיצט זיך בלויז און אויסשליסלעך אויף דער סאָלידאַריטעט, אויף דער אומקאָנדיציאָנעלער מיטאַר־בעט און אויף דער אומבאַגרענעצטער טרײַשאַפט פון ייִדישן פאָלק צו ישראל.

ווייצמאַנס ציוניזם הייבט זיך אָן אין זיין 12טן לעבנסיאָר, ווען ער שרײַבט פאָלגנדיקן בריוו צו זײַן רבין און לערער שלמה סאָקאָלאָווסקי:

„אָבער, מײַן לערער, ווי גרויס און דערהויבן איז די אידעע, וואָס פירט אונדזערע ברידער. די וואָס האָבן געשאַפן די געזעלשאַפט, „חובבי־ציון" — דורך איר פאָרמיטלונג וועט מען קענען ראַטעווען די בני ישראל, געפּײַניקטע און צע־שפּרייטע אין אַלע וועלט־טיילן, אָן אַן אייגענע היים, ווו זיך צו קענען אָנשפּאַרן, מען שלאָגט און מען פאַרפאָלגט אונדז. דאָס ייִדישע פאָלק איז אַ באַלעסטיקונג פאַר אַנדערע פעלקער, פאַר די מלכים פון איירָאָפּע און ספּעציעל פאַרן רוסישן צאַר. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע קען זײַן דער אָנפאַנג פון גאולה. דער אימפּעראַ־טיוו איז: געבן די „חובבי ציון" הילף. אָן צווייפל וועט מען אונדז שלאָגן אַפילו אינעם ליכטיקן אַמעריקע און אָן רחמנות וועט מען אונדז אָנגרײַפן אין אַלע לענ־דער פון אַפריקע, ספּעציעל אין מאַראָקאָ. לאָמיר אויפהייבן די פאָן פון ציון. פאַרוואָס דאַרפן מיר בעטן דעם חסד פון איירָאָפּעישע קעניגן, פאַרוואָס זאָל מען ביי זיי בעטן רחמנות אונדז צו טאָלערירן? ס'איז אומזיסט די אָנשטרענגונג, אַלע זיינען קאַטעגאָריש קעגן אונדז: אַ טויט די ייִדן. גאַנץ מעגלעך, אַז בלויז ענגלאַנד וועט זײַן מעסיק צו אונדז, אַפילו אַזוי איז נישטאָ קיין אַנדערער אויס־וועג, ווי נאָר דער: ייִדן קיין ציון, לאָמיר גיין קיין ציון".

כ'האָב ספּעציעל געגעבן דעם גאַנצן בריוו־אינהאַלט פון דעם 12־יאָריקן חיים ווייצמאַן, וואָס ער האָט געשריבן צו זײַן לערער און אין זײַנע שורות פילט מען שוין דעם אָטעם פון דעם צוקונפטיקן ייִדישן מנהיג, מיט אַ ברייטן און טיפן אַרײַנבליק אינעם מצב פון אונדזער פאָלק צווישן די אומות העולם, אײַנגעשלאָסן דאָס פרײַע אַמעריקע, אויב ער האָט אַ שטיקל צוטרוי צו אַ לאַנד,, איז ער זיך מתכוון צו גרויס־בריטאַניע. דאָס באַווײַזט שוין, אַז פון זײַן פריעסטע יוגנט האָט ער געגלייבט אין דעם ציוניסטישן אידעאַל, ווי אין די מעגלעכקייטן פון זײַן רעאַליזאַציע, אָבער ער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז אין עטלעכע יאָר שפּעטער וועט ער זיך מוטיק אַנטקעגנשטעלן אַפילו הרצלען פאָדערנדיק פּראַק־טישע אַרבעטן אין ארץ־ישראל, וואָס דאָס איז געווען דער עיקר פונעם פּראָגראַם פון דער „דעמאָקראַטישער פראַקציע", מיט אַ סך יאָרן שפּעטער איז פּראָפ' חיים ווייצמאַן געוואָרן דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע וועל־כער האָט איר צוזאַמען מיט אַנדערע פאַקטאָרן דערפירט צו דער גרעסטער פאַר־ווירקלעכונג, דאָס פּראָקלאַמירן די ייִדישע מדינה.

ס'איז איבעריק צו באַווײַזן די גרויסע ליבע פון פּראָפ' חיים ווייצמאַן צו

ארץ־ישראל, אָבער ס׳איז כדאי צו דערמאָנען די ווערטער, וואָס ער האָט געשריבן פון ארץ־ישראל צו זײַן פרוי ווערא. „ארץ־ישראל איז אַ װוּנדערלעך לאַנד. אַ סך האָט מען שוין דאָ געטאָן פריער, אויב די דאָזיקע ערד פון ישראל וועט אונדז נישט געגעבן ווערן, וועט דאָס זײַן צוליב אונדזער שולד. די לופט אין לאַנד איז אַזוי ריין, אַזוי דורכזיכטיק, אַז מען קען דורך איר זען 3.000 יאָר יידישע געשיכטע". מיט אַזאַ אָפּשאַצונג איבער דעם יידישן היימלאַנד קען מען לײַכט שאַפן אַ מאָס אויף צו מעסטן די נשמה־פאַרבינדונג פון דעם נײַעם דיזיראַעלי, פּראָפ׳ חיים ווייצמאַן, צו דעם לאַנד פון אונדזערע אבות, זעענדיק אַ דרײַטויזנט יאָריקע געשיכטע, וואָס וועט אויפגעלעבט ווערן דורך חלוצים, אין וועלכע ער האָט געזען דעם נײַעם ייד, דעם העראָישן פּיאָנער, וואָס טריקנט זומפּן און פאַרטרײַבט מאַלאַריע, אַקערט די ערד און שנײַדט די תבואה, בויט קאָלאָניעס און מאַכט שאָסייען, אין זיי האָט ווייצמאַן מער געגלויבט ווי אין דער גאַנצער דיפּלאָמאַטישער אַרבעט פון ציוניסטישע מנהיגים, ווײַל דאָס שאַפן גרויסע ווערק אין ארץ־ישראל, האָט ווייצמאַן געגלויבט, וועט במילא דערפירן צו דער יידישער זעלבשטענדיקייט. הגם ווייצמאַן האָט אַזוי געגלויבט, איז ער דאָך אָבער געווען דער הויפּט־גורם אויף אַרויסצובאַקומען די באַלפור־דעקלאַראַציע, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אַ סך האָבן אים געלייגט שטיינער אויפן וועג פון דער דאָזיקער גרויסער פּאָליטישער דערגרייכונג, אַפילו אײַנפלוסרײַכע ענגלישע יידן האָבן גענוג געשטערט ווייצמאַנען אין דער דאָזיקער אויפגאַבע. אינעם בוך ברענגט דער מחבר אַ ציטאַט פון אַ דערקלערונג, וואָס דער גרויסער ציון־פרײַנט לאָיד דזשאָרדזש, האָט געמאַכט צו ווייצמאַנען: „איך ווייס, אַז מיט דער פאַרעפנטלעכונג פון דער ׳באַלפור־דעקלאַראַציע׳ האָב איך מיר דערוואָרבן אַ גרויסע גרופּע יידן, אָבער אַנדערע וועל איך נישט געפעלן. איך האָב אָבער באַשלאָסן צו געפעלן אײַער גרופּע. ווײַל דו רעפּרעזענטירסט אַ גרויסע אידעע". צו דער גרופּע קעגנער פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָבן געהערט אַזעלכע אײַנפלוסרײַכע אַסימילאַנטן ווי: דוד אַלעקסאַנדער, פּרעזידענט פון „באָארד אָוו דעפּיוטיז", קלאָד מאָנטעפיאָרע, פירער פון „אַנגלאָ־דזשואיש אַסאָסיאיישאַן", וועלכע האָבן אין אַ דערקלערונג אין „טײַמס" באַקעמפט די אָנשטרענגונג פון ווייצמאַנען און פון אָרגאַניזירטן ציוניזם צו באַקומען די באַלפור־דעקלאַראַציע. דערפאַר האָט אָבער דער גרויס ראַבינער פון ענגלאַנד ד"ר יוסף הערץ און דער ראַבינער פון די שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע קהילות, ד"ר משה גאַסטער געשטיצט ווייצמאַנס פּאָליטישע און דיפּלאָמאַטישע אָנשטרענגונגען אָן רעזערוון און אָן באַדינגונגען. גאָר אַ גרויסן חלק צו דער דאָזיקער דערגרייכונג האָט בלי שום ספק צוגעטראָגן די פאָרמירונג פון יידישן לעגיאָן און זײַנע שלאַכט־אַקציעס אויף די פראָנטן קעגן טערקײַ לטובת גרויס בריטאַניע. נישט נאָר זאב זשאַבאָטינסקי, בן־גוריון, בן־צבי, טרומפּעלדור, און אַנדערע, זיינען געווען הייסע חסידים פון לעגיאָן־געדאַנק, אויך

ווייצמאַן איז געווען ענטוזיאַסטיש געשטימט פאַר דער שאַפונג פון יידישע באַ־טאַליאָנען, וועלכע זיינען געשאַפן געוואָרן דעם 3טן סעפטעמבער 1917, וועמענס המשך איז געווען די פאָרמירונג פון דער יידישער בריגאַדע אין דער 2טער וועלט־מלחמה. מנחם געלערטער ברענגט אַ לענגערן אויסצוג פון ספר „פרצופים" פון ר׳ בנימין, וואָס דערציילט אויף זייט 304 די פייערלעכע באַגעגעניש צווישן פראָפ׳ ווייצמאַן און די יידישע לעגיאָנערן אין תל־אביב: „אַן אומבאַשרייבלעכער ענטוזיאַזם האָט באַהערשט די לעגיאָנערן ווען ווייצמאַן האָט איבערגעגעבן, ביי דער אָנוועזנהייט פון אַ גרויסן עולם די רעגימענט־פאָן וואָס די פרויען פון תל־אביב האָבן אויסגענייט און באַצירט, ווי אויך אַ ספר תורה, וואָס איז געשאָנקען געוואָרן פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. דאָס איז געווען אַן אימפּאָזאַנטע מאַסן־קאָנצענטראַציע אינעווייניק און אַרום דעם בית הכנסת אויף דער יהודה הלוי־גאַס, די טראָטואַרן, די דעכער, די באַלקאָנען און פענצטער זיינען געווען באַלאַגערט פון אַ סך יידן, אויפן טראָטואַר איז געווען אויסגעשטעלט, אין מיליטערישער פאָרמאַציע, הונדערטער לעגיאָנערן און פאַר זיי איז געשטאַנען פראָפ׳ חיים ווייצ־מאַן, אַ בלאַסער, אָבער פון זיינע אויגן האָט געשפריצט אַ הייליקער פייער, האַל־טנדיק אין די הענט די בלוי־ווייסע פאָן און דערביי געזאָגט: אין נאָמען פון גאַנצן פאָלק גיב איך אייך איבער די פאָן, האַלט איר אויף אַן אַ פלעק און גיט איר איבער שפּעטער אַ געהייליקטע און אַ ריינע אויף דעם פלאַץ, וואָס געהערט איר". דורך די רייד קען יעדער ייד דערפילן ווייצמאַנס טרייַשאַפט צום לעגיאָן־געדאַנק, ווייל ער האָט געוווסט אַז אַפילו אין אַ באַפרייטער ארץ־ישראל, וועט דאָס יידישע מיליטער נישט זיין קיין קאָסטע און וועט נישט האָבן קיין אַוואַנטוריסטן, דער באַוואָפנטער יידישער כוח וועט נאָך דאַרפן פאַרטיידיקן די גאַנצקייט פון פאָטערלאַנד און דעם יידישן כבוד. די צה"לווירקלעכקייט האָט דאָס טאַקע באַ־שטעטיקט...

אינעם בוך „חיים ווייצמאַן" פון מנחם געלערטער געפינען מיר אַן אויס־פירלעכן טעלעגראַמען־אויסטויש צווישן די פירנדיקע ציוניסטישע מנהיגים, וואָס האָבן ה׳ אייר תש"ה (14טן מאַי 1948) פּראָקלאַמירט די יידישע מדינה און פראָפ׳ חיים ווייצמאַן. אין אַ טעלעגראַמע, אונטערגעשריבן פון בן־גוריונען, אליעזר קאַפּלאַן, גאָלדע מאיר, דוד רמז און משה טשערטאַק, געשיקט צום נשיא ההסתד־רות הציונית" העולמית פּראָפ׳ ווייצמאַן זאָגט זיך: „בשייכות מיט דער עטאַב־לירונג פון דער יידישער מדינה שיקן מיר אייך איבער אונדזער באַגריסונג, ווייל איר האָט געטאָן מער פון יעדן איינעם, כדי זי זאָל געשאַפן ווערן. אייער פּאָזי־ציע און אייער הילף האָט אונדז אַלעמען סטימולירט; מיר קוקן אַרויס מיט אומ־געדולד אויף דעם טאָג אייך צו זען בראש פון דער מדינה, וואָס איז געשאַפן געוואָרן בשלום" אויף דעם ענטפערט פּראָפעסאָר חיים ווייצמאַן: „מיינע אויפ־ריכטיקסטע באַגריסונגען פאַר אייך און פאַר די חברים אין דער דאָזיקער גרוי־

טער שעה. הלוואי זאל גאט אייך געבן דעם גויטיקן כוח צו גיין פאָרויס מיט דער אויפגאַבע און גובר צו זײַן אַלע שוועריקייטן". אין אַ באַזונדערער טעלע־גראַמע, אַדרעסירט צו בן־גוריונען, שרײַבט ווייצמאַן: „כ'דאַנק אײַך זייער פאַר אײַער טעלעגראַמע פון 17טן מאַי. כ'בין שטאָלץ מיטן כבוד, וואָס דער פּראָ־וויזאָרישער ראַט פון מדינת ישראל האָט מיר צוגעטיילט אויסוויילנדיק מיך אַלס נשיא המדינה. כ'דאַנק דעם ראַט פאַרן צוטרוי, וואָס ער האָט אין מיר. כ'וועל שטיין אין רשות פון פאָלק, פאַר וועמענס אויפגאַבן איך האָב געהאַט דעם זכות צו אַרבעטן אַ סך יאָרן. די אינהאַלטלעכע ווערטער־אויסדרוקן פון קעגנזײַטיקער אָפּשאַצונג צווישן די פּראָקלאַמירער פון דער מדינה און פּראָפ' חיים ווייצמאַן זײַנען בולטע באַווײַזן אויף דעם רעספּעקט, וואָס אָנערקענטע ציוניסטישע מנ־היגים האָבן צו אים געהאַט, אָבער עס בלײַבט נאָך אַ רעטעניש, בעסער גע־זאָגט אַן עוולה, דאָס פעלן פון ווייצמאַנס חתימה אויף דער הכרזה.

דער מחבר פון בוך, מנחם געלערטער, האָט צונויפגעזאַמלט די קלוגסטע און אײַנדרוקספולסטע פראַזן, וואָס דער פקחוותדיקער ווייצמאַן האָט געזאָגט ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, וואָס האָבן זיך מיט זייער חכמה און באַדײַטונג אײַנגעקריצט אין די מוחות פון צוהערער און לייענער. איך וועל בלויז ברענגען אייניקע פון זיי פאַר די לייענער: „די מויערן פון יריחו זײַנען אײַנגעפאַלן פון די געשרייען און טרומפּייטן־קולות, אָבער איך האָב קיינמאָל נישט געזען, אַז מיט די זעלבע מיטלען זאָל מען אויפשטעלן מויערן". „איך גלויב אינעם שווערן וועג, גייענדיק אויף אים מיט אונדזערע אייגענע פיס, נישט קוקנדיק אויף פאַר־אורזאַכטע וווּנדן". „ווער איז אַ שטאַטסמאַן? דער וואָס ווייסט צו פאַרמאַכן די טיר מיט אַזאַ פאַרזיכטיקייט, כדי איר צו קענען צוריק עפענען". ביים ערשטן צוזאַמענטרעף צווישן ווייצמאַנען און באַלפור, האָט דער ערשטער געזאָגט: „מיר האָבן ירושלים, אין איר האָבן מיר אַנטוויקלט אַ ציוויליזאַציע ווען אײַערע אור-עלטערן האָבן נאָך געלעבט ווי ווילדע אויפן אינדזל, וואָס רופט זיך ענג־לאַנד". פּראָפ' ווייצמאַן קען זייער גוט די באַציאונג פון פעלקער צו יידן און ער זאָגט אויפן 19טן ציוניסטישן קאָנגרעס: „די וועלט שאַצט אָפּ דעם ייד לפי זײַנע דערגרייכונגען אין ארץ ישראל. די יידן אויף אַן אינדיווידועלן אופן קענען דערגרייכן די העכסטע אַמטן אין די לענדער פון די תפוצות, אָבער ווי אַ יידי־שער קאָלעקטיוו, ווי אַ נאַציע, ווערן זיי געמאָסטן לויט זייערע דערפאָלגן, אָדער דורכפאַלן אויף דער ערד פון ישראל".

דאָס זײַנען בלויז געציילטע פּערל פון דער גײַסטיקער קרוין, וואָס האָט באַצירט דעם קאָפּ פון פּראָפ' חיים ווייצמאַן, דעם ציוניסטישן מנהיג הדור און דעם ערשטן מלוכה־פּרעזידענט פון ישראל.

דאָס בוך „חיים ווייצמאַן", אָנגעשריבן פון דעם שריפטשטעלער, זשורנאַ־ליסט און עסייאיסט, מנחם געלערטער. באַשטייט פון 37 קאַפּיטלען, אײַנגע־

שלאָסן אַן אַרײַנפיר־וואָרט און אַ ביאָגראַפיע-איבערזיכט, פון חיים ווייצמאַן, דער־נאָך קומען ערנסטע און אינהאַלטרײַכע אָפּשאַצונגען פון גדולי-הדור איבער דער ווייצמאַן־פערזענלעכקייט און דאָס בוך האָט אַ שלל מיט באַרימטע פּראַזן און פאַרענדיקט זיך מיט אַ סינטעטישן איבערבליק איבער די פאָרגעקומענע ציוניס־טישע קאָנגרעסן, די נעמען פון די פּרעזידענטן פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. די בריטישע הויך־קאָמיסאַרן אין ארץ-ישראל, דער אונטערגעשרי־בענער הסכם צווישן דעם עמיר פייזאַל און פּראָפ׳ חיים ווייצמאַן, אַ בריוו־אויסטויש צווישן דעם דערמאָנטן אַראַבישן מושל און פּראָפעסאָר פראַנקפורטער, אַ בריוו פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער פּרעזידענט טרומאַן צו ווייצמאַנען און דער פולער טעקסט פון דער מדינה־פּראָקלאַמאַציע. (די איבערזעצונג האָט גע־מאַכט אין שפּאַניש דער אַרגענטינער עולה, דער זשורנאַליסט בר־כוכבא מלאך).

דאָס בוך פון מחבר געלערנטער איז אַן ערנסטער און אינהאַלטרייכער צו־שטײַער צו דער גרויסער ליטעראַטור איבער דעם אומשטערבלעכן ציוניסטישן קעמפער און יידישן מנהיג, פּראָפ׳ חיים ווייצמאַן ז״ל.

# 40 יאָר קאַמף פאַרן ייִדישן קיום און המשך

## (צום 40 יאָריקן אַניווערסאַר פון „צענטראַל פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער יידן אין אַרגענטינע")

### א.

פּראָפ' א. א. ראָבאַק, דער ייִדיש-מאמין און ייִדיש-קעמפער, וויקלט אויס אַ וווּנדערבאַרן געדאַנק וועגן דער אומשטערבלעכקייט פון אונדזער פאָלק. אין זײַן בוך: „די אימפּעריע ייִדיש" זאָגט ער:

„אַן עטנישער כּלל שטאַרבט זעלטן. אַ פאָלק, אַ שפּראַך, אַ קולטור איז נישט בבחינת יחיד, ביי אַ יחיד ווייסן מיר, אַז עס איז פאַראַן אַ האַרץ, אַ קאָפּ, וואָס אויב עס שטעלט זיך אָפּ זייער פונקציאָנירן איז דער מענטשן אַ בר מינן, אַ פאָלק איז ווי אַ פלאַנץ וואָס: פאַלן אָוועק געוויסע טיילן וואַקסן אָפּ אַנדערע און וויבאַלד דער וואָרצל איז נאָכנישט פאַרוויאַנעט, קאָן זיך די פלאַנץ צעבליִען אַלץ ווײַטער און ווײַטער".

דאָס זאַפטיקע ייִדנטום פון מזרח-גאַליציע איז געווען אַ שטאַרקער זײַל אויף וועלכן עס האָט זיך אָנגעשפּאַרט דאָס ייִדישע וועלט-פאָלק, במשך פון הונדערטער און הונדערטער יאָרן האָבן ייִדישע קהלות אין גאַליציע מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ האָמעגענע, אינערלעך צעמענטירטע און אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע קראַפט פון אַזאַ פאַרנעם, וואָס איז געווען בכוח צוזמענצוהאַלטן אַלע טיילן און שיכטן פון דעם דאָזיקן גײַסטיק-שטאַרקן ייִדנטום. די ייִדישע געמיינדעס האָבן געשפּײַזט די גאַליצישע ייִדן מיט די זאַפטן פון די אומאויסשעפּלעכע תורה קוואַלן פריער און די ציוניסטישע גאולה-אידעאַלן שפּעטער. דאָס קול פון תורה, רייד פון חכמה, האָבן זיך געהערט איבער דער ברייט און איבער דער לענג פון ייִדישן מזרח גאַליציע. די חדרים און ישיבות, די קלויזן און חסידישע „שטיבלעך", די צדיקישע הויפן און די בעלזער, באַבאָווער, סאַנדיגורער רבנישע דינאַסטיעס, אַלץ צוזאַמען איז געווען אַ ריזיקע, אַ גראַנדיעזע ייִדיש-רעליגיעזע, אַ חסידיש-התלהבותדיקע ייִדישקייט-פעסטונג, אין וועלכער עס האָבן זיך אָנגעשטויסן אַלערליי אויסערלעכע שונאי-ישראל און פאַרשיידענע אינערלעכע

אַסימילאַטאָרן און בוגדים, אָבער אַלע זײַנען צעשמעטערט און פאַרניכטעט גע-
וואָרן אין די פעלזנפעסטע מויערן, אויף וועלכע עס האָבן פערמאַנענט געוואַכט
די גאַליציִשע שומרי־ישראל.

ביז צום אויסברוך פון דער 2טער וועלט מלחמה האָט דאָס גאַליציאַנער ייִדנטום אויסגעזען ווי אַ פילפאַרביקער רעגנבויגן, וועמעס קאָלירן פון גײַסט און תורה, פון אידעען און פרינציפּן, פון ציוניסטישע ריכטונגען און חסידישע דינאַסטיע־דיפערענצן, האָבן שימערירט אויפן ייִדישן וועלט-הימל מיט אַלע ליכטער, וועלכע האָבן, ווי סיני־בליצן, באַלויכטן אַלע שטעגן און וועגן פונעם אַלזײַטיקן ייִדישן לעבן אין מזרח גאַליציע. מיטן אַרײַנמאַרש פון די סאָוויעטישע אַרמייען פריער און מיטן אָנקומען פון די היטלעריסטישע מערדער האָרדעס שפעטער איז איבערגעריסן געוואָרן דער תורה־קול, איז צעשטערט געוואָרן דער ייִדישער גײַסט און עס זײַנען פאַרשאָטן געוואָרן זײַנע אָפּפרישנדיקע קוואַלן. די ציוניסטישע באַוועגונגען זיינען אומגעקומען צוזאַמען מיט די טרעגער פון די ציון־אידעאַלן, די רבנישע הויפן זיינען חרוב געוואָרן, די קלויזן און בתי מדרשים זיינען פאַרברענט געוואָרן און דאָס כמעט גאַנצע גאַליציִשע ייִדנ-טום איז אומגעקומען אויף קידוש השם דורך אַלערליי מיתות משונות. אויף די חורבות פון הונדערטער און טויזנטער ייִדישע קהלות פון גאַליציע האָבן זיך אַרומגעדרייט בלוטדורשטיקע היענעס אין דער עסלעכער געשטאַלט פון כאַדיסטישע אוקראַינער, פון כוליגאַנישע פאָלאַקן, פון רוצחישע דײַטשן, פון פאַרדאָרבענע עסטרײַכער און פון מערדערישע אונגאַרן.

מיר באַוויינען דעם אומקום פון גאַליציִשן ייִדנטום און בויגן אונדזערע קעפּ אין טיפן טרויער פאַר די קברים, נישט קברים, פאַר די הויפנס אַש און נישט פאַרברענטע ביינער פון הונדערטער טויזנטער גאַליציאַנער ייִדן. מיר, דער שארית יהודי גליציה, שרײַען אויס אַ נײַעם „שפוך חמתך״ אויף אַזעלכע גויים, וואָס האָבן פאַרוויסט יעקבס געצעלטן, חרוב געמאַכט אונדזער לעבן און אונטערגעהאַקט ביז צום וואָרצל אונדזער בוים, דעם ייִדיש־גאַליציִשן בוים מיט כמעט אַלע צעצווײַגטע צווײַגן, איבערלאָזנדיק אַ פאַרברענטן שטאַם, אַ פאַרשניטן ייִדנטום, אַן אומגעהויערן צער ביי די לעבעדיקע און אויף די לעפצן פון גאַליציאַנער ייִדן, אין זייער צעשפרייטקייט גייען נישט אַראָפּ די טרויער-ווערטער פון איכה:

„הביטו וראו אם יש מכאוב כמכאובי, נער וזקן,
בתולותי ובחורי נפלו בחרב״. (איכה) „קוקט און זעט צי איז
פאַראַן נאָך אַזאַ ווייטאָק, ווי מײַן ווייטאָק. יונג און אַלט, מײַנע
טעכטער און מײַנע זין זיינען געפאַלן פון דער שווערד״.

דער צער פון דעם ייִדישן שארית גאַליציע איז אַרײַנגעפלאָכטן אין דעם

גרויסן ווייטאָק און טרויער פון דעם גאַנצן יידישן וועלט פאָלק, וואָס באַוויינט דעם אומקום פון 6 מיליאָן ברידער און שוועסטער, צווישן וועלכע דער יידישער שבט גאַליציע האָט פאַרנומען אַ בכבודיקן אויבנאָן.

⁂

## גאַליציאַנער יידן אינעם יידיש־נאַציאָנאַלן בראשית פון אַרגענטינער יידנטום

### ב.

די פונדאַמענטן לייגער פונעם יידישן ישוב אין אַרגענטינע, זיינען, אין דער גרעסטער מערהייט, געווען קאָלאָניסטישע עלעמענטן, אָבער צוזאַמען מיט די „באַראָן הירש אימיגראַנטן" זיינען אַהער געקומען יידן פון מזרח און מערב גאַליציע, וועלכע האָבן געבראַכט פון זייערע אַלטע איינגעפונדעוועטע יידישע היימען און שטעטלעך צו די ברעגן פון לאַ פּלאַטאַ טייַך, צו די פעלדער פון ענטרע ריאָס און סאַנטאַ פע, צו די ווינטיק-זאַמדיקע פּאַמפּאַס, די דורותדיקע יידישע פרומקייט, דאָס יידיש־צניעותדיקע לעבן, דעם חסידיש־נאַציאָנאַלן התלה־בות, אַ רעליגיעזן תוכן, באַגלייט פון טיף יידישע בענקעניש צו נאַציאָנאַלער גאולה. פון זייערע שטעט און שטעטלעך, פון די פאַרוואָרפנסטע דערפלעך פון גאַליציע, ווי פון פאַרשיידענע לענדער פון מזרח אייראָפּע, האָבן די יידן מיט־גענומען אַהער דאָס ביסל מאַטעריעלע אָרעמקייט, דערפאַר זיינען זיי אָבער געווען באַלאָדן מיט אַ גייסטיקע רייַכקייט, מיט אַ פּיעטעט צו תורה און חכמה, מיט הייליקע פליכטן צום חינוך הבנים, מיט אַן אומבאַגרעניצטע ליבע צו ארץ ישראל און מיט אַ הויכן שטרעבן אויסגעלייזט צו ווערן פון פינסטערן גלות, פון עסטרייַכישן אַנטיסעמיטיזם און פון די צאַרישע שוואַרץ־מאהדיקע פּאָגראָמ־טשיקעס.

דאָ, אין זייער נייַער היים, האָבן גאַליצישע יידן, גענומען בויען זייער צו־קונפט אויף פעסטע יסודות. די ערשטע שריט, בפרט אין אַ פרעמד לאַנד, אַן אַ שפּראַך, זיינען געווען שווערע, פול מיט שטרויכלונגען, אָבער יידישער ווילנס־כוח האָט גובר געווען מכשולים און אויף פרעמדער ערד האָבן זיך יידן פון גאַליציע איינגעאָרדנט און געשאַפן נייַע פּרנסה-צווייַגן און הכנסה־קוואַלן, אָנ־הייבנדיק פון מעבל־פאַבריקאַציע ביז מעטאַלורגישע פאַבריקן, פון קליין-מסחר ביז האַנדווערק און איבער אַלעס האָט געהערשט דער שלווהדיקער יידיש־גאַלי־צישער האַרמאָניע גייסט, ערלעכקייט אין דער אַרבעט, פרייַנטשאַפט אין דער באַציִונג, פייַנטשאַפט צו עקספּלאָטאַציע. לעבן און לאָזן לעבן, זיינען געווען

און פאַרבליבן די דערקען־שטריכן פון כמעט יעדן גאַליציאַנער ייד, וואָס האָט געשאַפן אַ קאָנסטרוקטיוו ווערק אויף אַרגענטינער באָדן.

פּאַראַלעל מיטן אינדיווידועלן קאַמף פאַר חיונה, פאַר דער עקאָנאָמישער זעלבסט־איינאָרדענונג, האָבן גאַליציאַנער יידן געגומען בויען זייער יידיש־נאַציאָנאַלע געזעלשאַפטלעכקייט אויף יסודות פון חברשאַפט, פון קעגנזייטיקער הילף, פון קולטור־ארבעט, גרינדענדיק פאַרשיידענע לאַנדסלייט פאַריינען און דעם צענטראַל פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער יידן וועלכע האָבן גראַוויטירט און גראַוויטירן עד היום הזה אינעם יידישן און ציוניסטישן לעבן פונעם יידישן ישוב אין אַרגענטינע. „לא על הלחם לבדו יחיה האדם" האָט זיך שטאַרק מאַניפעסטירט ביי די גאַליציאַנער יידן אין אַרגענטינע. אויסער זייערע אייגענע פאַריינען און אינסטיטוציעס, זיינען זיי אַלס עסקנים געווען אַקטיוו אין די רייען פון דער היגער ציוניסטישער באַוועגונג, אָן אונטערשייד פון אידעישער דיפערענציאַציע, צווישן די כלל־טוער פון היגן יידיש־העברעאישן שול־וועזן, ווי צווישן די גרינדער און בויער פון צענדליקער פילאַנטראָפּישע און קולטורעלע אינסטיטוציעס פונעם אַרגענטינער יידנטום. אָן איבערטרייבונג דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אויף אַלע שטחים פונעם היגן יידישן לעבן, פון מסחר און האַנדווערק, פון אינדוסטריע ביז קאָלאָניזאַציע, פון באַטייליקן זיך אין אָרגאַניזירן דעם ישוב און זיינע אינסטאַנצן ביז צו די גרויסע קולטור־אַרבעטן, איינגעשלאָסן דעם יידישן זשורנאַליזם מיט זיינע בעסטע און שענסטע ציוניסטישע טראַדיציעס, זיינען געווען טעטיק גאַליציאַנער יידן, לומדי תורה, שעפערישע גייסט־מענטשן, ציוניסטישע עסקנים, אידעאַליסטישע כלל טוער, אינסטיטוציעס־בויער און טרייע היטער פון יידישקייט, וועלכע האָבן מיט זייערע שעפערישע מעשים געהאָלפן דעם אַרגענטינער יידנטום צו ווערן דאָס וואָס ס'איז אין דער איצטיקער רעאַליטעט.

גערעכט איז טאַקע פּראָפ. א. א. ראבאק מיט זיין שטאַנדפּונקט, אַז „אַן עטנישער כלל שטאַרבט נישט". איןביידע טיילן גאַליציע האָט טאַקע אַן אומברחמנותדיקער שונא פאַרניכטעט אונדזערע ברידער און שוועסטער, חרוב געמאַכט די יידישע היימען, אָבער אין ווייטן אַרגענטינע איז אויפגעגאַנגען, אין די ראַמען פון היגן יידישן ישוב, אַן אָרגאַניזירטער כוח פון גאַליצישן יידנטום, וועלכער האָט באַקומען זיין אויסדרוק און גייסטיק־קולטורעלן, יידיש־נאַציאָנאַלן און ציוניסטישן פּרצוף פּנים אין דעם צענטראַל פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער יידן, וועמעס 40־טן קיום יאָר מיר מערקן אָפּ מיט דעם דאָזיקן יובל־בוך.

ג.

## לאָמיר שמידן די גאָלדענע קייט

דער צענטראַל פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער יידן אין אַרגענטינע האָט דער־גרייכט דאָס 40־טע קיום יאָר, אינערהאַלב דעם היגן יידישן ישוב. 4 צענדליק יאָרן עקזיסטענץ פון דער דאָזיקער צענטראַלער אינסטאַנץ פון גאַליציאַנער יידן אין לאַנד שטעלן מיט זיך פאָר אַ סך הכול פון אויסערגעוויינלעכע אָנשטרענגונ־גען פון כללישע און יחידישע לייסטונגען פאַרן אויפבוי, ווי פאַר דער אַנטוויק־לונג פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציאָנעלער ראַם וואָס טראָגן דעם בכבודיקן און אַלזייטיקן נאָמען „צענטראַל פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער יידן אין אַרגענטינע״. דער נאָמען און דער אינהאַלט, דער עיקר, דער תוכן פון דעם „פאַרבאַנד״ איז געוואָרן אַ טייל און באַשטאַנדטייל פון דעם אַרגענטינער יידנטום. אויף דער מזרח־יואַנט פון אונדזער היגן יידישן לעבן פאַרנעמט אָן שום ספק, דער צענטראַל פאַר־באַנד אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. דאָס קומט דעם פאַרבאַנד נישט צוליב דער גרויסער צאָל גאַליציאַנער יידן, וועלכע זיינען אין אים אָרגאַניזירט, נאָר צוליב דער אויסערגעוויינלעכער ציוניסטישער און נאַציאָנאַל־יידישער קולטור־אַרבעט, וואָס ווערט דורך אים דורכגעפירט, די דאָזיקע גייסטיקע טעטיקייט ווערט שטענדיק באַגלייט פון אויסגעצייכנטע מעשים לטובת דער יידישער מדינה, ווי פאַר לאָ־קאַלע הצטרכותן.

גאָר גרויס זיינען די פאַרדינסטן פונעם „צענטראַל פאַרבאַנד פון גאַליציאַ־נער יידן״ אויף די שטחים פון קעגנזייטיקער הילף, די קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע „קאָנגרעסאָ״ איז דער פינאַנציעלער יסוד, אויף וועלכן עס האַלטן זיך פאַרשיי־דענע אַקטיוויטעטן, די קאָאָפּעראַטיווע האָט אַ שטאַרקן חלק אינעם אויפבוי פון דעם אייגענעם פּרעכטיקן בנין און דאָס וויכטיקסטע איז דער דערפרייענדי־קער פאַקט, וואָס די אייגענע פינאַנץ־אינסטיטוציע קומט אונטער מיט הילף, דורך קליינע און גרעסערע הלוואות, דער קליינער סוחר און האַנטווערקער, דעם אַרבעטער און אָנגעשטעלטן, ווען ס׳ווערן דערמעגלעכט אָפּצוצאָלן די הלוואות אין דער פאָרם פון לאַנג-טערמיניקע קוואָטעס.

ווער עס קומט אַריין אין „צענטראַל פאַרבאַנד״, ספּעציעל אין די אָוונטן, זעט אַן אויסגעצייכנט בילד, וואָס בלייבט אין איינדרוק און גראַווירט זיך איין אין דער מחשבה: ביי סתם צוזאַמענקונפטן, אָפּגערעדט שוין פון גרויסע אַקטן און אונטערנעמונגען, זאַמלען זיך אינעם בנין דריי דורות: זיידעס, עלטערן און קינדער. ס׳איז אַ נחת צו זיין אין אַזאַ סביבה, צו פילן דעם ריטם פון יידישע דורות, צו אָטעמען מיט דער לופט פון נאַציאָנאַלער יידישקייט און באַקומען די איבערצייגונג, אַז דאָ, אויף דעם פּלאַץ, צווישן די פיר ווענט פון דעם אייגע־נעם בנין ווערן געשמידט שטאַרקע רינגען אין דער גאָלדענער קייט פון

אַזאַ ייִדישקייט, וואָס איז טיף פאַרוואָרצלט אין ציוניזם און אין לומדות, אין מעשים טובים און אין טאָג־טעגלעכער אַרבעט, כדי דאָ צו זײַן אַווירדיקער המשך פון דעם גלאָרײַכן ייִדיש-גאַליציאַנער עבר.

אינעם בוך פון ד״ר יצחק שוואַרצבאַרד „צווישןביידע וועלט־מלחמות״ האָט דער מחבר אַ קאַפּיטל „ממעמקים — צו מדינת ישראל״, פון וועלכן איך נעם אַרויס דעם דאָזיקן תמצית, וואָס איז פילאָזאָגנדיק: „צוריק צום לעבן, צו דער קעגנוואַרט און צו דער צוקונפט. פונעם תהום פון אונדזער קאַטאַסטראָפע איז אַנטשטאַנען מדינת ישראל, דער מקור פון אונדזער באַדײַט אין דער מענטש־לעכער געשיכטע״. פאַראַפראַזירנדיק די דאָזיקע ווערטער, דאַרף געזאָגט ווערן, אַז דער „צענטראַל פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער ייִדן״ אין אַרגענטינע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין א פערמאַנענטער קוזשניע, אין וועלכער עס ווערן געשמידט די בעסטע און שענסטע פאָרמען פון ציוניזם און ייִדישקייט, וואָס זיינען אַ ווירדיקע פאָרזעצונג פון דעם דורותדיקן ייִדישן גאַליציע.

40 יאָר עקזיסטענץ פון דעם אָרגאַניזירטן כוח פון גאַליציאַנער ייִדן אין אַר־גענטינע שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויסן פאָזיטיוון באַלאַנס פון אויפטוען און דערגרייכונגען און מיר זיינען מתפלל, אַז די קומענדיקע אַקטיוויטעטן פונעם „צענטראַל פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער ייִדן״ זאָלן נישט פאַרשעמען די פאַר־גאַנגענהייט.

די רעדאַקציע פון יובל־בוך האָט זיך באַמיט צו געבן אַן אַלזײַטיקע אָפּשאָ־צונג פון דעם אָרגאַניזירטן ייִדיש־גאַליציאַנער ציבור אין אַרגענטינע און די רע־דאַקטאָרן האָבן נישט געשפּאָרט קיין מי, אַז דאָס דאָזיקע ספר זאָל זײַן אַ טרײַע אָפּשפּיגלונג פון דעם גײַסטיק־שעפערישן און שאַפנדיקן גאַליציאַנער ייִדנטום.

מיט יראת הכבוד דערמאָנען מיר דעם הייליקן אָנדענק פון אונדזערע קדו־שים וטהורים, פון די פאַרשניטענע ייִדישע קהילות אין גאַליציע, פון אומגע־קומענע ברידער און שוועסטער. לנצח וועלן זיי פאַרבלײַבן אײַנגעקריצט אין אונדזערע מוחות און הערצער, אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער אומה, וועט דאָס גאַליצישע ייִדנטום פאַרנעמען זײַן היסטאָרישן פּלאַץ. דאָס פרוכטבאַרע לעבן פון דעם ייִדישן קיבוץ אין גאַליציע ווי זײַן טראַגישע פאַרניכטונג, וועט זײַן אַ דויערנדיקער סטימול פאַר די שארית יהודי גאַליציע, אין דער גאָרער וועלט, ווי אין מדינת ישראל, ממשיך צו זײַן זײַן גײַסטיק לעבן בנומה, בקדו־שה ובטהרה.

דאָס יובל־בוך איז אַן אָנגעצונדענער נר תמיד פאַר די קדושים און אַ קאַמפּס־רוף צו די גאַליציאַנער ייִדן בכל תפוצות ישראל, זיך צו געפינען אומעטום, אין די ערשטע רייען, אויף די פאָדערשטע ייִדישע פּאָזיציעס, אינעם שווערן גע־ראַנגל פאַרן קיום פון דער ייִדישער מדינה און פאַר דעם גײַסטיקן המשך פון ייִדישן פאָלק.

# די גרינדונג פון יידישן לעגיאָן און זיין ווירקונג אין אַרגענטינע

— א —

דער געדאַנק וועגן דער שאַפונג פון אַ יידישן לעגיאָן, צו קעמפן פאַר דער באַפרייונג פון ארץ־ישראל, איז געבראַכט געוואָרן צו דער יידישער און נישט־יידישער עפנטלעכקייט דורך די פּראָמינענטע ציוניסטישע קעמפערס זאב זשאַ-באָטינסקי און פנחס רוטענבערג.

די באַמי־אונגען צו שאַפן אַ יידיש־באַוואָפנטע קראַפט האָבן, אין דער יידי־שער וועלט, אַרויסגערופן — ספיקות, ביי נישט־יידן — אַ היפשע קעגנערשאַפט, אַפילו אין דער ציוניסטישער מחנה האָט זיך נישט מאַניפעסטירט אַן אויסער־ווייגלעכע התלהבות, די מיינונגען זיינען געווען צעטיילט אין פאַרשיידענע גרופּעס: מאַמינים, וועלכע האָבן פייערדיק געגלויבט אין דער רעאַליזאַציע פון דעם דאָזיקן שטרעבן און ספקער, וועלכע האָבן געוווּסט „פון פאָרויס", אַז ענגלאַנד וועט נישט מסכים זיין, זי וועט נישט וועלן האָבן קיין מיטשותפים צום נצחון איבער טערקיי.

אין דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע האָבן געהומען גובר זיין די כוחות, בראש מיט יצחק בן צבי און יבדל לחיים ארוכים, דוד בן־גוריון, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די פאַרווירקלעכער און געשווירענע אָנהענגערס פון דעם לעגיאָן־געדאַנק. אַזאַ געדאַנקען־פאַראייניקונג האָט במילא דערפירט צו אַ פאַרשטאַרקטע פּאָליטישע אָפּענסיווע מצד ציוניסטישע קרייזן צווישן איינ־פלוסרייכע יידישע פּערזענלעכקייטן און פּאָליטישע פיגורן פון ענגלאַנד, כדי דורכצוזעצן אין לעבן די אידעע פון באַוואָפנטן יידישן כוח.

מיין אויפגאַבע איז נישט צו שילדערן די אַנטוויקלונגס־עטאַפּן פון דער שאַפונג פונעם יידישן לעגיאָן, דאָס וועל איך טון ביי אַ צווייטער געלעגנהייט, איך וויל נאָר אַרויסברענגען אויף אַ בולטן אופן, די ווירקונג וואָס די עצם אידעע פון פאָרמירן אַזאַ יידישן לעגיאָן און טאַקע זיין רעאַלע שאַפונג, האָט אַרויסגע-רופן אינעם אַרגענטינער יידנטום אין יענע יאָרן פון ציוניסטישן געראַנגל פאַר גאולה־אויפגאַבעס און פאַר לעגיאָן־ווערבירונג צווישן אַרגענטינער יידן בפרט.

די באַלפור-דעקלאַראַציע פון 2טן נאָוועמבער 1917 האָט אַרויסגערופן אין דער גאַנצער יידישער וועלט אַן אומגעהייערע באַגייסטערונג, יידישע מאַסן, אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אַליין צוגעבונדן צו די רעדער פון פאַרשיידענע וועלט־דערלייזערישע אידעען, האָבן גענומען אַנדערש קוקן אויף די אידעאַלן פון ציון, פון די נאַציאָנאַל-געשטימטע יידן, במילא פון ציוניסטן, איז דאָך אָפּגערעדט. גרויסע טיילן פון יידישן פאָלק זיינען דורכגענומען געוואָרן מיט די „אתחלתא דגאולה"־געפילן, דאָס אַרגענטינער יידנטום איז נישט געווען קיין אויסנאַם, פונקט פאַרקערט, אין היגן יידישן ישוב, האָט זיך מיט 50 יאָר צוריק אָנגעצונדן אַ הייליקער ציוניסטישער פלאַם, וואָס האָט געבליצט מיט אַן „אור חדש על ציון תאיר", ענגלאַנדס באַלפור־דעקלאַראַציע האָט אינעם יידישן אַרגענטינע אַרויסגערופן אַן אויסערגעוויינלעכע, און אומגעצוימטע התלהבות, וועלכע האָט באַקומען זיין אויסדרוק אין אַ ריזן-מאַניפעסטאַציע פון צענדליקער טויזנטער בוענאָס איירעסער יידן איבער די צענטראַלע גאַסן פון דער שטאָט, ביז זי איז צוגעקומען צום רעגירונגס־הויז און דער דעמאָלטיקער מלוכה־פּרעזידענט, היפּאָליטאָ איריגאָזשען איז אַרויסגעקומען אויפן באַלקאָן און באַגריסט די ציוניסטישע מאַניפעסטאַציע, וואָס דאָס האָט שוין במילא באַקומען די אויסטייטשונג פון אַ כמעט רעגירונגס־הסכמה צום גייסט און אינהאַלט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע.

אַרגענטינער יידן האָבן זיך אָבער נישט באַנוגנט בלויז מיט מאַניפעסטאַציעס פאַר ציון, זיי האָבן נישט געקענט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און וואַרטן, אַז נאָר יידן פון אַנדערע לענדער זאָלן בויען דאָס לאַנד פון די אָבות, אַז יידן פון צפון־אַמעריקע, אָדער פון אייראָפּע, זאָלן זיך צושטעלן אין די קאַמף־רייען פון יידישן לעגיאָן, אַז אויף די שלאַכטפעלדער פון ארץ ישראל זאָלן זיין אָפּוועזנד די ציוניסטיש־באַוווסטזיניקע יוגנט פון היגן יידישן ישוב.

דעם 20טן מאַרץ 1918 האָט דער איניציאַטאָר פונעם יידישן לעגיאָן־געדאַנק אין אַרגענטינע, וולאַדימיר גערמאַן, זיך געווענדט צום היגן ענגלישן אַמבאַסאַדאָר מיט דער אָנפראַגע, אויב עס איז מעגלעך צו אָרגאַניזירן אין אַרגענטינע אַ גרופּע יידישע לעגיאָנערן. דער ענגלישער מיניסטער האָט געראַטן אָנצוגעבן אַן אָפיציעלע בקשה וועגן דער ווענדונג. תיכף ומיד האָט דער ה' גערמאַן אָנגעשריבן און איבערגעגעבן אַזאַ בקשה צום ענגלישן אַמאַבאַסאַדאָר, וואָס איז געווען אונטערגעשריבן פון 9 חברים וועלכע האָבן זיך שוין טיטולירט: יידישע לעגיאָנערן.

דאָס אינטערעסאַנטסטע, דאָס וויכטיקסטע וואָס די — מצד די נייַע היגע יידישע לעגיאָנערן — געשריבענע בקשה, האָט אונטערגעשטראָכן, איז געווען דער פאַרוויסיקער אָנזאָג: „מיר ווילן פאָרן קעמפן נאָר אויפן פאַלעסטינער פראָנט צוזאַמען מיט די איבעריקע יידישע גרופּעס לעגיאָנערן". דעם 2טן אַפּריל

1918, איז די בקשה דערלאַנגט געוואָרן דעם ענגלישן געזאַנדטן אין בוענאָס אַירעס, וועלכער האָט געעצהט, אַז די זעלבע לעגיאָנערן קאַנדידאַטן זאָלן זיך ווענדן צו דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין ענגלאַנד, אָדער צו אַנדערע אײַנפלוסרײַכע קרײַזן אין לאָנדאָן, כדי די זעלבע זאָלן מאַכן די געהעריקע אינטערווענצן ביים ענגלישן קריגס־מיניסטער. דער אַמבאַסאַדאָר האָט אויך גע־ראָטן די פּעטיציע־דערלאַנגערס, אַז ער איז גרייט אויפצונעמען אַ דעלעגאַציע בראָש מיטן פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין אַרגענטינע, און טעלעפאָן טאָג שפּעטער איז דער פּרעזידענט פון דער דערמאָנטער פעדעראַציע, צוזאַמען מיט אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט, אויפגענומען געוואָרן מצד דעם סעקרעטאַר פון ענגלישן אַמבאַסאַדאָר, וועלכער האָט מבטיח געווען צו טאָן אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך, כדי יידישע יונגעלײַט פון אַרגענטינע זאָלן זיך מאָביליזירן פאַרן יידישן לעגיאָן. די היגע ציוניסטישע פעדעראַציע האָט טאַ־קע געפילט דעם הייסן אָטעם פון צענדליקער יידישע יונגע מענטשן, גרייטע צום לעגיאָנערן־דינסטן לטובת דעם יידישן היימלאַנד. אָבער עס זײַנען דעמאָלט אין צענטראַל־קאָמיטעט געווען אַ סך „ניכטערע קעפּ", וועלכע האָבן נישט גע־האָט קיין גרויסן חשק זיך צו „מישן אין דיפּלאָמאַטישע אַנגעלעגנהייטן" און אַלע שפּעטערדיקע ווענדונגען און בריוו צו דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, אַפילו דער ווונטש, אַליין דורך די יונגעלײַט צו באַצאָלן דעם באַטרעף פון דער טעלע־גראַמע צו דער ענגלישער רעגירונג, ווי צו דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין ענגלאַנד, איז נישט גענומען געוואָרן אין אַכט.

ביי אַזאַ מצב רוח האָבן די יונגעלײַט, נישט קוקנדיק אויף אַלע שוועריג־קייטן, באַשלאָסן אויסצוטיילן אַ קאָמיסיע פון דרײַ חברים, פאַר פאָלגנדיקע אויפגאַבעס: א) נישט איבעררײַסן די אינטערווענץ ביים ענגלישן אַמבאַסאַדאָר אין אַרגענטינע לטובת זייער מאָביליזאַציע אין די שורות פון יידישן לעגיאָן; ב) פאַרמירן אַ ברייטן יידישן געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט מיט דער גרונט־אויפ־גאַבע פון פאַרשפּרייטן די לעגיאָן־אידעע צווישן די יידישע מאַסן, הויפּטזעכלעך צווישן דער יידישער יוגנט אין לאַנד; ג) שאַפן די נויטיקע געלט־סכומים אויף צו דעקן די רײַזע־הוצאות קיין ענגלאַנד פאַר די יעניקע לעגיאָנערן, וואָס זייער מאַטעריעלער צושטאַנד דערלויבט זיי נישט צו דעקן די אויסגאַבעס. פון פאַר־שיידענע מקומות פון אינערן פון לאַנד האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פון יידישע יונגעלײַט פאַרשיידענע אָנפראַגעס וועגן דער אויפנאַמע אינעם לעגיאָן, יעדער האָט שוין געפילט בחוש דעם אויפמאַרש פון יונגע אַרגענטינער יידן, וועמעס מוט און גײַסט האָט זיך מאַניפעסטירט אין דירנדיקע בריוו־ווענדונגען וועגן זייער גרייטקייט צו זיין אויפן שלאַכטפעלד פאַר דער צוריקדעראָבערונג פון ארץ־ישראל.

דעם 31סטן יולי 1918, איז ענדלעך אָנגעקומען דער לאַנג־דערוואַרטער

ענטפער פונעם ענגלישן אַמבאַסאַדאָר אין בוענאָס אײַרעס, װעלכער האָט אָפּי־ציעל געמאָלדן, אין נאָמען פון זײַן רעגירונג, אַז יידישע יונגעלײַט פון אַרגענטינע װערן אַקצעפּטירט אַלס סאָלדאַטן אינעם יידישן לעגיאָן, אָנװײַזנדיק, אַז די יונגעלײַט דאַרפן זיך צושטעלן צום ענגלישן מיליטער־אַטאַשע אין בוענאָס אײַרעס אויף צו באַקומען די נייטיקע און לעצטע אינסטרוקציעס ערב דעם אָפּפאָרן פונעם ערשטן קאָנטינגענט יידישע לעגיאָנערן קיין ענגלאַנד.

די דאָזיקע פריידיקע ידיעה האָט זיך שנעל צעטראָגן װי אַ פײַער־בליץ איבער דער יידישער באַפעלקערונג אין לאַנד און די גרעסטע שמחה האָט געהערשט אין די רייען פון די ערשטע יידישע לעגיאָנערן פון אַרגענטינע, װעלכע האָבן געזען פאַרװירקלעכט זייער טרוים פון אָנגעהערן צו דער יידישער באַװאָפנטער קראַפט, װאָס דאַרף באַפרײַען ארץ ישראל פון טערקישן יאָך און דערמיט אָנהייבן דעם באַפרײַאונגס־פּראָצעס פון יידישן פאָלק.

—— ב ——

אַזוי שנעל װי ס'איז באַקאַנט געװאָרן די ידיעה װעגן פאַקט, אַז די ענגלישע רעגירונג האָט געגעבן איר הסכמה אויפצונעמען יידישע לעגיאָנערן פון אַרגענטינע אינעם יידישן לעגיאָן, אַזוי ראַשיק האָט זיך אויך אָנגעהויבן די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט לטובת דעם לעגיאָנערן געדאַנק אין יידישן ישוב. תיכף װערט געשאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט, װאָס װערט צוזאַמענגעשטעלט פון יונגע יידישע עסקנים מיט ברייטע ציוניסטישע האָריזאָנטן. לאָמיר דערמאָנען זייערע נעמען: סטריזשאַק, פּרעזידענט; סליניץ, סעקרעטאַר; װאלאך, קאַסיר. װאָקאַלן: מלך מאָרגענשטערן, ה. מאַלימאָװקאַ, כאַריטאָנסקי, טראַכטענבערג, קאַפּילאָװ, באַרד, קלימאָװסקי, משה קאָרענװייס, זאַלצמאַן, פריילן סטאָליאַר, יוסף לוצקי, פריילן שולמאַן, משה רובין, מ. פּאָדאָלסקי (רעדאַקטאָר פון היגן „נאָװי מיר"), פּרומקין, מרדכי ראָזאָװסקי, גליקסמאַן און גלאַזער. אויפן ערשטן רוף פון הילפס־קאָמיטעט צו דער דעמאָלסטיקער אָרגאַניזירטער יידישער און ציוניסטישער געזעלשאַפטלעכקייט, זיי זאָלן שיקן פאָרשטייער אינעם הילפס־קאָמיטעט האָבן זיך פּאָזיטיװ אָפּגערופן פאָלגנדיקע אינסטיטוציעס און פאַראיינען אין דער הויפּטשטאָט. חברה קדישא, פּועלי ציון, ציוניסט־שע פעדעראַציע, פאַריין פון קוענטעניקעס, קולטור פאַריין „פּרץ" ציוניסטישער פרויען פאַריין, לינת הצדק, בית־ישראל, פּועלי ציון יוגנט, תפארת ציון, פּראַקציע צעירי ציון, דורשי ציון פּועלי ציון אַװעזשאַנעדאַ, קאָנגרעגאַציאָן איזראַעליטאַ, סאָסיעדאַד דע ראַמאָס. פון אינערן פון לאַנד האָבן זיך נאָך אָנגעשלאָסן: צעירי ציון פון באַסאַװילבאַסאָ און פּועלי ציון פון קלאַראַ. דער אויפרוף, װאָס דער הילפס־קאָמיטעט, פאַרשטאַרקט מיט די רעפּרעזענטאַנטן פון 17 ערנסטע און װאַגיקע יידישע

און ציוניסטישע אינסטיטוציעס פון שטאַט און פון פּראָווינץ, האָט אַרויסגע־געבן צום ישוב, בפרט צו דער יוגנט, האָט געהאַט אַ טיפן אָפּקלאַנג אין אַלע קרייזן פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט און אַ סך צענדליקער יידישע יונגע־לייט האָבן זיך פרייוויליק רעגיסטרירט צום ערשטן קאָנטיגענט לעגיאָנערן, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען אַ שטרענגע מעדיצינישע אונטערזוכונג און 52 יונ־געלייט זיינען דערקלערט געוואָרן פאַר דינסט פעיק אינעם יידישן לעגיאָן.

ווער קאָן זיך פאָרשטעלן די פרייד פון דער דאָזיקער ערשטער לעגיאָנערן־גרופּע, וואָס האָט זוכה געווען צו ווערן באַשטימט אַלס יידישע סאָלדאַטן פאַר אַ גרויסן גאולה־קאַמף, צום דינסט פון יידישן פאָלק. כמעט אַלע פון די דאָזיקע לעגיאָנערן זיינען אָוועקגעפאָרן קיין ארץ ישראל און אַ סך פון זיי האָבן גע־נומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער באַפרייונג פון ארץ־ישראל.

נאָכן אָוועקפאָרן פון דער ערשטער גרופּע יידישע לעגיאָנערן פון אַרגענ־טינע, האָט זיך פאָרמירט אַ צווייטע גרעסערע גרופּע יידישע פרייוויליקע, צווי־שן וועלכן עס האָט זיך געפונען אונדזער גוט־באַקאַנטער ציוניסטישער און יידי־שער נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכער עסקן, ה׳ מלך מאָרגענשטערן, וועלכער איז נישט נאָר געווען די גייסטיקע און פלאַם־פייערדיקע ציוניסטישע נשמה פון דער גאַנצער גרופּע לעגיאָנערן, נאָר ער איז געווען דער דינאַמישער כוח פונעם הילפס־קאָמיטעט, וואָס נישט קוקנדיק אויף זיין יונגן עלטער, ער האָט נאָך נישט געהאַט דערגרייכט זיין 18טן לעבנסיאָר, האָט ער געווירקט אויף דער יוגנט און באַווירקט גרעסערע קרייזן פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין אַר־גענטינע לטובת דעם געדאַנק פון יידישן לעגיאָן. די צווייטע גרופּע לעגיאָנערן האָט זיך שוין געגרייט אין וועג אַריין. אָבער די ערשטע וועלט־מלח־מה האָט זיך פאַרענדיקט, ביי די דאָזיקע יידישע יונגעלייט איז אָבער פאַר־בליבן אַ נישט אויסגעלאָשענע ליבע צו ציון, אַ סך פון זיי האָבן שפּעטער עולה געווען קיין ישראל און אַנדערע, ווי צ״ב מלך מאָרגענשטערן, זיינען גע־בליבן טריי די ציוניסטישע אידעאַלן, אַרבעטנדיק פאַר זייער פאַרשפּרייטונג און קאָנקרעטע פאַרווירקלעכונג מיט אַלע פיבערן פון זייערע נשמות.

אין דער יידישער, יידיש־רוסישער און יידיש־שפּאַנישער פּרעסע פון יענעם יאָר 1918 אין אַרגענטינע, האָט דער יידישער לעגיאָנערן־געדאַנק באַקומען אַ גרויסן און ווירדיקן עכאָ. דעם 4טן אויגוסט 1918, שרייבט לוי מאס אין „די אידישע צייטונג” אַ פלאַם־פייערדיק אַרטיקל א״נ „לעגיאָנערן”, אין וועלכן ער ברענגט אַרויס דעם שטאַנדפּונקט: „דער יידיש אַרגענטינער וואָלונטירן לעגיאָן איז אַ פאַקט. די דאָזיקע יונגעלייט בעטן ביי קיינעם נישט קיין שטעמפּלען, נישט קיין הסכמות, דער איינציקער צוועק ביי זיי איז, צו דערפילן דאָס, וואָס זייער געוויסן דיקטירט זיי”. „פאַרן מענטשנס לעבן האָט יעדער דרך־ארץ, פון אַ פּאַרטייאיש־פּראַקטאַקאַלישן שטאַנדפּונקט וואָלט געהייסן צו ווינציק דרך־ארץ

האָבן פאַר יונגע יידישע לעבנס, וואָס האָבן זיך געשטעלט אויף דער גרענעץ פון לעבן און טויט פאַר זייער אידעאַל״.

פיניע כ״ץ שרײַבט אין „די פרעסע״, פון 8טן אויגוסט 1918, אַ באַגײַס־טערטן אַרטיקל: „די יידישע לעגיאָנערן״, אַרויסברענגענדיק אַזעלכע קאָנצעפּטן: „עס איז אמת, אַז די פרײַהייט און רעכט פונעם יידישן פאָלק קאָסט אים גענוג טײַער אויך אָן די פּריווילעגיעס קרבנות, אָבער מעסטן דעם פּרײַז פאַר פרײַהייט, קענען נאָר זײַטיקע מענטשן, אַזעלכע, וואָס זיי אַליין פילן נישט דעם דראַנג צו פרײַהייט און נישט דעם באַגער צו אָפּפערן זיך פאַר זיי אַליין. די קעמפערס, מעסטן נישט און וועגן נישט, און אַלס אַזעלכע רופן זיי בלויז רעס־פּעקט צו זיך. און נישט נאָר פאַר זייער אויפאָפּפערונג קומט זיי רעספּעקט, נאָר אויך פאַר דעם גלאַנץ וואָס זיי גיבן צו דער יידישער געשיכטע״.

אין „די נײַע צײַט״, פון 9טן אויגוסט 1918, איז פאַראַן אַ רעדאַקציאָנעלער מאמר, וואָס זאָגט: „ווי שיין קלינגט פאַר אונדז די געשיכטע וועגן דוד הראו־בני, וועלכער האָט אינעם מיטלאַלטער צונויפגענומען אַ יידישן חייל אויף אָפּ־צונעמען דאָס הייליקע לאַנד. ווי לעבעדיק עס שפּרינגט אונדז איצט פאַר די אויגן יענץ בלעטל פון דער יידישער געשיכטע, וואָס איז שוין איצט אין אַ לע־גענדע פאַרוואַנדלט געוואָרן, און ווי שיין וועט קלינגען די געשיכטע וועגן דער יידישער באַפרײַאונג פונעם יידישן לאַנד, וואָס איז געקומען נאָך דער גרעס־טער און לעצטער וועלט־מלחמה. ווײַל איז צו די וואָס האָבן אין דער באַפרײַ־אונג אָנטיילגענומען״. י. ל. גאָרעליק שרײַבט אין „די אידישע וועלט״ פון 15טן אויגוסט 1918, אַ התלהבותדיקן מאמר „אונדזערע גבורים״: „דער גײַסט פון יואב און פון אַלע אונדזערע אַמאָליקע גבורים האָט באַהערשט אונדזער יוגנט, וועלכע איז מוכן ומזומן צו גיין פאַרטיידיקן מיטן שווערד אונדזער פאָ־טערלאַנד. מיר באַגריסן מיט שטאָלץ זייער גרויסן שריט און ווינטשן זיי, דאָס זיי זאָלן זוכה זײַן צו שנײַדן מיט געזאַנג אָט די פרוכט, וואָס זיי זייען איצט אויף די שלאַכטפעלדער פון יהודה מיט מוט, מיט גבורה און מסירת נפש״.

נישט נאָר יידישע שרײַבערס און זשורנאַליסטן האָבן, אין יענער צײַט, געצונדן פײַערן פון גאולה־האָפענונגען דורך זייערע אַרטיקלען, אויך יידישע פּאָעטן האָבן אַרויסגעבראַכט זייערע געפילן און שטימונגען, זייער באַגײַסטע־רונג און יראת־הכבוד פאַר די יידישע לעגיאָנערן: זינגט טאַקע דער דיכטער משה פינטשעווסקי:

צום לעצטן מאָל די שפּיז אין האַנד,
צום לעצטן מאָל — די שווערד,
אַ קאַמף פאַר אונדזער הייליק לאַנד,
פאַר אונדזער פאָלק און ערד.

דער פּאָעט און שרייבער אבא קליגער, פּאַרעפנטלעכט אין די „די אידי־שע צייטונג" אין אויגוסט פון יאָר 1918, אַ ליד „דער יידישער לעגיאָן" וואָס איז „אַ מתנה דער ערשטער גרופּע לעגיאָנערן". דער דיכטער עפנט זיין האַרץ און זאָגט:

העלע טענער, העלער גלויבן,
טויזנט יאָריקער בטחון —
ס'האָט אַ אומה מיט נצחון
פון דעם שטויב זיך אויפגעהויבן.
ציען מחנות פון לעגיאָנען,
פון די ווינטן אַרומגעטראָגן,
ווו די אַלטע הימלען טאָגן,
איבער בלוי־ווייסע פאָנען.

דער שרייבער שמואל גלאַזערמאַן דיכטעט אין זיין ליד „גאולה", פּאַר־עפנטלעכט אין „די אידישע צייטונג" פון 10טן פעברואַר 1918, מיט אַזעלכע פּאָעטישע שורות:

געפאַלן פון ציון אַ שטראַל אויף די יידן,
אַ זוניקער ליבלעכער בליק,
און זאָגט אָן די בשורה פון גאולה, פון פרידן,
פון פרייהייט, פון רו און פון גליק.

דער פּאָעט יעקב שטרייכער זינגט אין „די פּרעסע" פון 12טן אויגוסט 1918, לכבוד די לעגיאָנערן זיין ליד „די העלדן":

אָט זעט דאָרט אַ מענגע פון יידישע קעמפער
צום האַפן מאַרשירן באַנאַנד.
מיט בלומען באַשאָטן דער וועג צו דער פרייהייט,
דער וועג צו דעם הייליקן לאַנד.
עס האָבן צעברויזט זיך הערצער מיט ליבע,
מיט ליבע געלייטערט פון פיין,
אין אויגן אין זונען זיך האָבן פאַרוואַנדלט,
וועלט ציען באַשטראַלט מיט דער שיין.

ס'פעלן נישט קיין לויב־געזאַנגען אויפן אַדרעס פון די היגע יידישע לע־גיאָנערן, סיי אין דער יידיש־רוסישער „נאָווי מיר", ווי אין דער יידיש־שפּאַני־שער „דע ווידאַ נועסטראַ".

פון דעם אַלעם איז צו זען, וואָס פאַר אַ גרויסע ווירקונג די גרינדונג פון דעם יידישן לעגיאָן האָט געהאַט אויף דעם אַרגענטינער יידנטום און זיין יוגנט, וואָס פאַר אַ באַגייסטערונג דער דאָזיקער געדאַנק האָט אַרויסגערופן און מיט וואָס פאַר אַ דעציזיע היגע יידישע יונגעלייט האָבן זיך גענומען צום געווער.

די דאַטע פון 50 יאָר יידישער לעגיאָן וועט זיכער ווירדיק דערמאָנט ווערן אינעם יידישן ישוב אין אַרגענטינע.

# הקול קול יעקב מיט אַ ייִדישן אינהאַלט

## אַן אַרײַנבליק אין דער געשיכטע פון ייִדישע אַסיפות

— א —

שוין טויזנטער יאָרן קומט פאָר אַן אומאיבערגעריסענער אַן אומאויפהערלעכער געפעכט צווישן די ידים ידי עשיו און דעם צאַרטן קול קול יעקב. שטענדיק, איז דאָס אַזוי געווען אין אַלע צײַטן און אין פאַרשיידענע תקופות, ווען דער צע־ווילדעוועטער עשיו האָט צעפירט זײַנע ברוטאַלע ידים איבער ייִדישע לעבנס, פאַגראָמירנדיק ייִדיש האָב און גוטס, האָט דער קול יעקם דערוואַכט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער קראַפט, מאַכנדיק ציטערן די יסודות פון אַן אומגערעכטער רשעותדיקער וועלט. פון דעם היסטאָרישן רוף: „לך כנוס את היהודים", ווער־טער, אײַנגעהאַמערטע אין דער „מגילת אסתר", ביז צו די הײַנטיקע טעריטאָ־ריעלע קאָנפערענצן פון דער היגער „דאַיאַ", אײַנגעשלאָסן קאָנטינענטאַלע און אַלוועלטלעכע כינוסים פון ייִדישן פאָלק אין די תפוצות, הערט מען דעם פראָ־טעסטירנדיקן קול יעקב קעגן ייִדישע שנאה און כוליגאַניזם, קעגן המנס גזירות פון אַמאָל, ווי קעגן וווקס פון נעאָ־נאַציזם הײַנט.

די שטימע פון ייִדישן פאָלק הייבט זיך אויף קעגן די איצטיקע אַנטיסע־מיטישע אָנגריפן און רופט צום שאַרפן געראַנגל קעגן דעם דערוואַכטן אַנטיסע־מיטיזם, קעגן דער נאַצי־פאַשיסטישער און קאָמוניסטישער שנאת ישראל און פײַנטשאַפט צום ציוניזם, וואָס פאַרשפרייט זיך איבער לענדער און קאָנטינענטן און דאָס ערגסטע דערפון איז, וואָס די דאָזיקע פעסט ווערט געדולדעט אַפילו פון דעמאָקראַטישע רעזשימען. נישט שטענדיק האָט דער קול יעקב צו פאַרצײַ־כענען נצחונות אין זײַן קאַמף קעגן די ידי עשיו, אָפטמאָל ווערט פאַרשטומט דער ייִדישער געשריי פון צער און צאָרן קעגן אַזאַ מענטשהייט, וואָס איר לאַנג־לאַנגער נעכטן איז באַפלעקט מיט טײַכן ייִדיש בלוט, אָפגערעדט שוין פון דעם טראַגישן הײַנט וועלכער האָט פאַרניכטעט 6 מיליאָן ייִדן. היטלער, ימח שמו וזכרו, האָט נישט באַקעמפט די ייִדישע אידעען פון חסד און רחמים, פון צדק און יושר, ער האָט אויסגעראָטן די טרעגער פון די דאָזיקע אידעאַלן. דער ייִדישער געשריי קעגן אומרעכט האָט אויך, פון צײַט צו צײַט, צו פאַרצייכענען דערפאָלגן, דער קול קול יעקב האָט מער ווי איינמאָל אָפגעשריגן גזירות רעות

פון אַ בייזן הערשער, פון אַ קוליגאַנישן פּריץ, פון אַ פֿאַרדאָרבענעם גובערנאַ־טאָר, יידישע ישובים האָבן אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם אויף טעג און וואָכן, ביז שונאי ישראל זיינען צוריק פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּאַגראָמשטשיקעס.

די יידישע גלות־געשיכטע איז אויסגעפילט מיט שילדערונגען פון יידישן אומקום, פון גזירות און שתדלנות, פון פּאָגראָמען און זעלבסטשוץ, פון יידישן אויפשטייג און פיזישן, גייסטיקן און מאַטעריעלן חורבן. אונדזער גלות־היסטאָריע פֿאַרצייכנט אָבער דעם אינהאַלט פון אָפּגעהאַלטענע אַסיפות, אויף וועלכע די באַטייליקטע פֿאָרשטייער פון יידישע קהילות האָבן נישט נאָר באַהאַנדלט דעם שווערן מצב פון יידן צווישן בייזע גויים, נאָר אויך צו באַטראַכטן ענינים, וואָס זיינען פֿאַרבונדן מיטן אינערלעכן יידיש־רעליגיעזן און סאָציאַלן לעבן פון דער געמיינדע, באַרירנדיק אירע פּראָבלעמען, אירע הצטרכותן, די הילפס־פליכטן בין אדם לחברו, די פֿאָרם פון סאָציאַלער צדקה־אַרבעט פֿאַר דער פֿאַר־ווירקלעכונג פונעם געבאָט „וחי אחיך עמך", פון נישט לאָזן פֿאַלן זיין ברודער, וואָס לעבט מיט דיר... דער עיקר — ביי יענע אסיפות איז געווען דער ווילן צו שטאַרקן פון אינעווייניק דאָס יידישע לעבן, ווייל וואָס גייסטיק שטאַרקער עס איז געווען די יידישע נשמה, אַלץ לייכטער האָט דער יידישער גוף געקענט איבערטראָגן אַלערליי יסורים און ענויים קשים.

— ב —

## די איצטיקע „דאַיאַ" קאָנפֿערענץ אונטערן עקזאַמען פון יידישקייט

די 5טע „דאַיאַ"־קאָנפֿערענץ, וואָס איז דאָסמאָל אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין דער שטאָט מענדאָסאַ, געהערט צו די דאָזיקע יידישע פֿאַרזאַמלונגען, אויף וועל־כע די אָרגאַניזירער און זייערע איינאָרדענער זוכן דעם טאָפּלטן וועג, סיי פון קאַמף און גערעכטן גערעכטן קעגן אַלערליי מאַניפֿעסטאַציעס פון אַנטיסעמיטיזם און שנאת ציון, והן צו דערגרייכן די קוואַלן פון יידישקייט און ציוניזם, פון וועלכע מען דאַרף שעפּן מוט און באַגייסטערונג פֿאַר די ווייטערדיקע ראַנגלענישן פֿאַרן קיום פון אונדזער פֿאָלק. פון 12 רעפֿעראַטן, וועלכע האָבן פיגורירט אינעם סדר היום פונעם צוזאַמענפֿאָר, איז די גרעסטע צאָל פון זיי געווידמעט געוואָרן דער פּראָבלעמאַטיק פון היגן יידישן ישוב, פון יידישן וועלטפֿאָלק און אוודאי פון מדינת ישראל. אָבער לאָמיר זיין אויפֿריכטיק מיט זיך אַליין, האָט טאַקע דער „דאַיאַ"־כינוס אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען פון דער איצטיקער ערנסטער צייט אויפן געביט פון שטאַרקן יידישקייט? האָבן די געהאַלטענע רעפֿעראַטן, אָדער די רעפֿערענטן, טאַקע ריכטיק אָפּגעשפּיגלט דעם אמתן מצב, סיי פונעם אַרגענטינער יידנטום און סיי פון די יידישע ישובים אין דער גאַנצער וועלט,

אויף די לעבנסוויכטיקע ישובים פון קאָנסערווירן דעם יידישן גײַסט, פון עפעקטיוון קאַמף קעגן דער אינערלעכער אויפלייזונג דורך געמישטע חתונות און אַלערליי אַסימילאַציעס, די רויט קאָמוניסטישע אַרײַנגערעכנט? איך האָב מיך באַטייליקט אין דעם כינוס ווי אַ יידישער זשורנאַליסט און קאָן זאָגן בפה מלא, אַז צווישן אַ סך גלענצנדיקע רעפעראַטן און באַגריסונגען, וואָס זיינען געהאַלטן געוואָרן סײַ ביי דער פייערלעכער דערעפענונג והן ביי די געשעפטלעכע זיצונגען פון דעם כינוס, דורך די פרײַנט: הרצל גרעזאַנג, ד״ר יצחק גאָלדענבערג, פּראָפ׳ לאַזאַראָ שאַלמאַן, ד״ר שמואל בורשטיין, דער ראַטגעבער פון דער היגער שגרירות, ד״ר אבא גפן, צבי פיינגערש, אליהו טאָקער, האָבן די אַנדערע רעדעס נישט געהאַט קיין „יידישן טעם״ און האָבן נישט דערהויבן דעם צוזאַמענפאָר צו דער מדרגה פון אַזאַ יידישער פאַרזאַמלונג, וואָס ציט דעם המשך פון דעם ווײַטן יידישן עבר, נאָר מיט אַלע כוחות האָבן זיי געפּרוווט אַראָפּשלעפּן זײַן ניוואָ און אינהאַלט, זײַן גײַסט און יידיש-ציוניסטישע ליניע, צו פרעמדע נישט-יידישע וועלטן, צו פרעמדע אידעען, וואָס זיינען הײַנט צו טאָג, אַזוי אַנטי-יידיש, ווי זיי זיינען שאַרף אַנטי-ציוניסטיש און אַנטי-ישראלדיק. נישט אומזיסט האָט אַ יידישער יוגנטלעכער אין דער דעבאַטע געפּרוווט, אָן בושה פאַר זיך אַליין און אָן דרך ארץ פאַרן גאַנצן כינוס, צו באַשולדיקן די קובאַנער יידן, אַז זיי האָבן געמוזט אַנטלויפן פון קאַסטראָס קובאַ, ווײַל די זעלבע זיינען במילא געווען צעקריגט מיט דער נײַער סאָציאַלער אָרדענונג פון לאַנד... אַן אַנדערער פון דער זעלבער אידעאָלאָגישער ריכטונג און מיינונג האָט געטענהט, אַז „אפילו דער וואַטיקאַן האָט זיך שוין גענומען צופרײַדן מיט... גראַמיקאָן, נאָר מיר יידן ווילן נישט זען די נײַע סאָציאַליסטישע ווירקלעכקייט״. אַ דריטער האָט פשוט פאַרלאַנגט אַ הכשר אויף געמישטע חתונות, אַ פערטער האָט געוואָרפן באַשולדיקונגען קעגן דער אויסערן-פּאָליטיק פון ישראל, ווײַל די זעלבע איז פאַרבונדן מיט... רעאַקציאָנערע רעזשימען. אמת, די באַטייליקטע אין דער דעבאַטע, וואָס שטייען מיט פעסטע טריט אויפן יידישן און ציוניסטישע באָדן, האָבן געגעבן די דאָזיקע יונגעלײַט דעם ריכטיקן ענטפער, אָבער ס׳איז געווען און ס׳וועט זײַן שווער אײַנצושטילן דעם גרילץ אין די יידישע אויערן, וואָס זייערע רייד, סײַ פון די דאָזיקע גײַסטיקע מנהיגים און סײַ פון זייערע תלמידים, האָבן געלאָזט פאַלן אויף דעם כינוס פון דער „דאַיאַ״. פון גאַנצן האַרץ האָט מען באַדויערט די אָפּוועזנהייט פון אַנדערע ציוניסטישע יוגנט-אָרגאַניזאַציעס, וועלכע, צום גליק פון אונדזער ישוב, דענקען אַנדערש און האָבן אַן אַנדערע מיינונג איבערן יידישן פאָלק און איבער דער שליחות פון ציוניזם. די דעלעגאַטן האָבן באַדאַרפט הערן אַנדערע אָפּשאַצונגען מצד יוגנטלעכע פאָרשטייער, וועלכע זיינען בלב ונפש פאַרבונדן מיט די העכסטע שטרעבונגען פון דער ציוניסטישער מחנה, כדי צו פילן אַן אַנדערן גײַסטיקן אָטעם און צו זען

אַן אַנדער צוקונפט פאַרן אַרגענטינער יידנטום. ס'איז דאָ אַ ציוניסטישע יוגנט אין לאַנד, וואָס שטרעבט, קודם כל, פאַר די יידישע פאָלקס־אינטערעסן, פאַר דער קאָנסאָלידאַציע פון דער יידישער מדינה, פאַר דער העגעמאָניע פון ציוניסטישן אידעאַל אינעם יידישן לעבן און אויך דער גורל פון דער מענטשהייט איז איר נישט פרעמד. אַוודאי וויל דאָס יידישע פאָלק און זײַן מדינה לעבן אין אַ וועלט פון פרײַהייט און דעמאָקראַטיע, די דאָזיקע יוגנט איז גרייט צו טאָן אַלץ אויף צו שטאַרקן די דאָזיקע יסודות. — אָבער פריער פאַר אַלעס דאַרף מען ראַטעווען דאָס אייגענע פאָלק פון גײַסטיקן אונטערגאַנג. קודם כל דאַרף דער גרעסטער געפירט ווערן אינערהאַלב די יידישע ישובים, כדי אויסצוּוואָרצלען ביז צום שורש יעדע בגידה אין וואָס פאַר אַ פאָרם דאָס זאָל זיך נישט מאַניפעסטירן. אויף דעם כינוס פון דער „דאַיאַ" האָבן דעלעגאַטן פון אַ באַשטימטער אידעאָלאָגישער ריכטונג זיך פולשטענדיק סאָלידאַריזירט מיט די „כוחות פון ליכטיקן מאָרגן" און עס האָט זיי נישט געאַרט, ווען אַנדערע דעלעגאַטן האָבן אין דער דעבאַטע זיי פאָרגעוואָרפן אַז אין „האַוואַנאַ", אויף דער טריקאָנטינענטאַלער קאָנפערענץ האָט געזיגט דער נאַסערישער אַנטי־ישראל שטאַנדפּונקט מיט דער גוטהייסונג פון די סאָציאַליסטישע און נייטראַלע לענדער, אַז „מאָסקווע שיקט קיין ישראל מוזיקער, און קיין קאַיראָ און דמשק — האַרמאַטן", אַז דער „וויעטקאָנג שטיצט די פאַלעסטינער אַראַבער" און אַז „אין כינע גרייט מען צו אַראַבישע מערדער קעגן דער יידישער באַפעלקערונג פון מדינת ישראל", אויף דעם האָבן די „אַלץ ווייסנדיקע דיאַלעקטיקער" געענטפערט, אַז „איין זאַך איז דער אַוואַנס פון סאָציאַליזם אין דער וועלט און גאָר אַן אַנדע־ע זאַך זיינען די רעזאָלוציעס קעגן ציוניזם און קעגן דער יידישער מדינה"... נו, און וווּ איז יידיש־נאַציאָנאַלער שטאָלץ? ווו געפינט זיך נאַטירלעכע רעאַקציע קעגן דעם קאָמוניסטישן שונא־ישראל? איך ווייס, אַז די אָנפירער פון דער היגער „דאַיאַ" ווילן אַרײַנברענגען יידישן אינהאַלט אין די הערצער און אין די מוחות פון טויזנטער און טויזנטער יידישע יוגנטלעכע, זיי פאַרפאַנצערן מיט יידישן ווּיסן, מיט ציוניסטישן אינהאַלט, כדי אַלע צוזאַמען זאָלן מיט זיך פאָרשטעלן אַ שטאַרקע יידיש־גײַסטיקע פעסטונג אין וועמעס פעסטע טויערן עס ווערן צעשמעטערט אַלע פרוּוון פון אַסימילאַציע און פאָלקס־פאַראַט. מיר איז אָבער נישט באַקאַנט די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער אָנשטרענגונג. איך האָב דערפאַר די טיפע איבערצײַגונג, אַז די „דאַיאַ" און אירע אָנפירער וועלן נישט שפּאָרן קיין מי, קיין צײַט און אַוודאי נישט קיין אָנשטרענגונג אויף צו דערגרייכן דעם גרויסן ציל: אַז דער נײַער יידישער דור אין אַרגענטינע זאָל נישט שטיין נאָר מיט די פיס אינעם היגן יידישן לעבן און מיטן קאָפּ, מיט מחשבות און מיט אַלע רמ"ח אברים, אין דער נישט־יידישער וועלט, נאָר אַז די יוגנט, דער נײַער דור, זאָל אויך מיטן קאָפּ און מיט יידישע אידעען געהערן צום פּרעכטיקן

יידישן נעכטן, צום יידיש־קעמפנדיקן היינט און צום גליקלעכן יידישן מאָרגן פון פרייהייט און אויסלייזונג.

— ג —

**זאַמלען כוחות צום געראַנגל פאַר יידישקייט**

ס'זיינען געווען צייטן, ווען אַ יידישער צוזאַמענפאָר, אַ כינוס — אַפילו אַ פשוטע באַראַטונג, האָט ביי יידן אַרויסגערופן אַ הייליקן ציטער, אַ טיפן אינטערעס, יעדער ייד האָט געפילט, אַז אין די רעפעראַטן, דעבאַטן און רעזאָ־לוציעס זיינען, אויסגעהאַמערט אונדזערע שטרעבונגען און פאַרלאַנגען, די פאָ־דערונגען צו זיך אַליין און צו פרעמדע, אונדזער אַני מאַמין אין פרינציפן און אין הויכע ציוניסטישע אידעאַלן, ווי אויך דער פּראָטעסט קעגן אומרעכטן, דער געשריי פון געפייניקטע און די וואָרענונג צו די פאַרפאָלגער. אַ דעלעגאַט מיט דער אַחריות פון אַ שליחות, ער האָט זיך אַליין געזען אין דער ראָל פון אַ שליח ציבור. דערפאַר איז יעדער צוזאַמענפאָר, יעדער קאָנגרעס, יעדע אַסיפה, געווען אַן איבערגעוויינלעכע געשעעניש אינעם יידישן לעבן, אָבער ווי שנעל איז פאַרגעקומען אַ שינוי ערכין אויף דעם דאָזיקן שטח פון דעם קול קול יעקב. דאָס יידישע לעבן איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט פאַרשיידענע אַסיפות, נוצלעכע און אומנוצלעכע, וויכטיקע און אומוויכטיקע, כינוסים מיט אַ סדר היום למראית עין און אינהאַלטסלאָזיקייט אין די רעזאָלוציעס. דערפאַר איז היינט דער אמתער קול יעקב פאַרשטומט געוואָרן, אין בעסטן פאַל — איז דאָס אַ הויכע שטימע קעגן אַנטיסעמיטיזם, אָבער אַ קול דממה דקה פאַר יידישקייט און ציוניזם.

די ידי עשיו פון פאַרשיידענע פאַרבן און קאָלירן, רויט און שוואַרץ, פּראָ־גראַמען פון פאַרשיידענעם אינהאַלט זיינען ווידער אין אַנגריף קעגן אונדז פון די מצרישע גרענעצן ביז מאָסקווע, פון אַלזשיר ביז דער היגער טאַקואַראַ, פון פעקין ביז וויעטנאַם, פון עבר־הירדן ביז צו דער ראַקוועל־גרופּע אין צפון־אַמעריקע, איבער לענדער און קאָנטינענטן, איינגעשלאָסן לאַטיין־אַמעריקע, ציט זיך דער גרויסער פראָנט פון יידנהאַס און מלחמה־גרייטקייט קעגן יידישן פאָלק און קעגן דער מדינת ישראל. טאַקע דערפאַר האָט דער צוזאַמענפאָר פון דער „דאַיאַ" געהאַט גאָר אַ באַזונדערע חשיבות. דער כינוס איז געווען אַ באַווייז פאַר אייגענע און אוודאי כלפי חוץ, אַז די דאָזיקע ווירדיקע יידישע אינסטאַנץ און רעפּרעזענטאַנץ שטייט אויף דער וואַך אין פאַרטיידיקונג פון די אינטערעסן פונעם אַרגענטינער יידנטום, וועלכע זיינען מיט מיליאָנען קשרים פאַרבונדן מיטן יידישן וועלט־פאָלק, בפרט מיט דער יידישער מדינה. דווקא אין אַזאַ צייט

מוז דער קול יעקב באַגלייט ווערן פון ווירדיקע יידישע מעשים, פון פאַרטיפן דעם געראַנגל פאַר די יידיש־העברעישע שפּראַכן און קולטורן.

און אויב מיר וועלן זײַן גײַסטיק שטאַרק פון אינעווייניק, און ווייל מיר זיינען מאמינים אינעם גרויסן כוח פון דעם יידישן וואָרט, וועט אונדז זײַן לײַכטער צו באַקעמפן ראַסן־דיפערענצן און די פּלאָג פאַר דער מענטשהייט — דעם אַנטיסעמיטיזם.

# ווען ריידן איז גאָלד און שווייגן איז אַ פאַרברעכן

## (מחשבות אויפן הויכן קול)

ס׳זיינען דאָ צייטן אין יחידישן, ווי אין קאָלעקטיוון לעבן ווען שווייגן איז גאָלד און ריידן איז אַ פאַרברעכן, דער „נצור לשונך מרע״ איז געווען ממש אַ גרעניץ־וואַך, אַ רעליגיעזער באַריער קעגן דער מענטשלעכער צונג, וואָס איז זייער אַ מאָדנער אבר. ער האָט ליב צו ריידן לשון הרע, אָפטמאָל באַגלייט פון רכילות, אויב מיר וואָלטן געריידט פון אַ סך נישט־ייִדישע צונגען, וואָלטן מיר געקענט אָנציילן מיליאָנען פרום־קאַטוילישע מײַלער, וועלכע האָבן אויסגעטראַכט די שווידערלעכסטע בלבולים אויפן ייִדישן פאָלק, אַפילו אין דער הײַנטיקער צײַט האָבן בייזע צונגען גענומען איבערחזרן היטלעריסטישע רייד, נישט נאָר אין באָן־דײַטשלאַנד, נאָר אין אַלע אַנדערע וועלט־טיילן קעגן ייִדן, נישט נאָר נעאָ נאַציזם איז אין אָנגריף קעגן אונדז, נאָר אויך דער קאָמוניזם, נישט נאָר דער שאָוויניסטישער פאַן־אַראַביזם, נאָר אויך דאָס שמן־זית׳דיקע קאַטוילישע וועלטל איז קעגן אונדזער עצם עקזיסטענץ. ס׳זיינען נאָר פאַרשיידן די אָנגריף־מעטאָדן, אויב דער נעאָ־נאַציזם פאַרלאַנגט נאָכנישט ייִדן־אויסראָטונג, איז דער פאַרלאַנג אַן אינערלעכער שטרעבן ביי די דאָזיקע — פון דאָסנײַ אָרגאַניזירטע מערדער־האָרדעס. ווען דער קאָמוניזם שילט און זידלט דעם ציוניזם און די ייִדישע מדינה מיט דער הילף פון זײַן פרעסע, זײַנע ראַדיאָ און טעלעוויזיע־סטאַציעס, דורך זײַנע אָרגאַניזאַציעס און אָנהענגער איבער דער גאָרער וועלט, דוכט זיך אויס למראית עין, אַז דאָס זיינען בלויז שנאה־רייד, אָבער אין דער אמתן שטופּט סאָוועטן פאַרבאַנד אין די הענט פון די אַראַבישע מושלים די נײַעסטע כלי זין, די שווידערלעכסטע מאָרד־מאַשינען, קעגן וועמען? קעגן ישראל, במילא איז דאָס וואָפן געצילט צום קאָלעקטיוון האַרץ פונעם גאַנצן ייִדישן פאָלק, פון די איצטיקע אַראַבישע מושלים מיט זייער זאָאָלאָגישער פײַנטשאַפט צו דער ייִדישער מדינה איז אָפגערעדט, זיי אַטאַקירן פרידלעכע ישראל־אַרבעטער מיט קאָמוניסטישע וואָפן, לייגן אונטער אויפרײַס־שטאָפן אויף צו הרגענען קליינע קינדער, זיי שיסן פון באַהעלטענישן ווי פחד־

נים אויף קיבוצים, אין וועלכע עס געפינט זיך אין איין ווינקעלע מער אידעאַלן פון צדק און יושר, ווי אין דער גאַנצער קאָמוניסטישער וועלט. איצט שטייען מיר אָבער פּנים אל פּנים מיט אַ נייע דערשיינונג, מיט אַן אויסערגעוויינלעכן פענאָמען, צו וועלכן דאָס יידישע פאָלק איז במשך פון לאַנגע יאָרהונדערטער דערצו נישט געווען צוגעוווינט. די קריסטלעכע וועלט מיט דער הילף פון אַן עקומענישן פּאַפּירל, וויל אונדז אַריינוואַרפן אין אַ לאַנגן לעטאַרג וואָס קאָן זיך פאַרענדיקן מיט אַ מיתה נשיקה . . . .

דאָס יידישע פאָלק האָט קיינמאָל זיך נישט געשראָקן פאַר אַלערליי אינער־לעכע סעקטעס, שומרונים, מתיוונים, קאַראַאימער, שבתי צביניקעס, זיי זיינען פאַרשוווּנדן פון דער יידישער אויבערפלאַך. דער יידישער פאָלקס גייסט, פּונקט ווי דער יחידישער אני מאמין פון יעדן יידן באַזונדער, האָט מנצח געווען אַלע גרופּן און סעקטעס, וועלכע האָבן נישט געקענט שלאָגן קיין טיפע וואָרצלען אין דער יידישער אומה.

אין די לעצטע יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט זיינען פאָרמירט געוואָרן גרויסע און וויכטיקע אידעען־ריכטונגען. דער ציוניזם, וואָס האָט דערפירט דאָס יידישע פאָלק צו זיין אייצטיקער און אייביקער מיסיע פון סוּווערעניטעט, האָט נאָכנישט פאַרענדיקט זיין מיסיע ווי דער אַוואַנגאַרד פון יידישן פאָלק, דער בונדיזם, וועלכער האָט געוואָלט געבן דעם יידישן הארעפּאַשניק אַ סאָציאַליס־טישן באַוווּסטזיין און אַ ניכרדיקן אנטייל אין דער נייער מענטשלעכער געזעל־שאַפט. ס׳זיינען געקומען צום לעבן נאָך אַנדערע באַוועגונגען, אָבער כמעט אַלע, — אויסער דער יעווסעקציע — זיינען געשטאַנען מיטן פּנים צו די יידישע מאַסן,, זאָרגנדיק און קעמפנדיק פאַר זייער ווילזיין און אָנזען. יעדע ריכטונג האָט אין איר צייט אָפּגעשפּיגלט אַ ראָלע, אַ גרעסערע אָדער אַ קלע־נערע, דאָס איז נישט וויכטיק, אָבער אַלע זיינען געשטאַנען אויפן יידישן באָדן, מיט יידישן אינהאַלט און געאָטעמט מיט אמונה אין דער יידישער אייביקייט, אָבער אין די לעצטע עטלעכע יאָר זיינען מיר עדות פון אַ פאַקט, וואָס אידעאי־שע באַוועגונגען ליידיקן זיך אויס פון זייער אינהאַלט און אַנדערע אינהאַלטס־לאָזע גרופּן, אַריינגערעכנט רעפאָרם־ראַביים, שטייען אויף דער מזרח־וואַנט פון יידישן לעבן. ס׳איז נישט קיינעמס אויפגאַבע צו דיקטירן אַ יחיד, ווי אַזוי ער זאָל זיך פירן ביחידות, אָבער ווען אַ יחיד שטייט בראש פון אַן עדה און וויל זיין אַ פאַלשער מורה דרך פאַר יידן, דאַרף אַזאַ דרך באַקעמפט ווערן אויפן שאַרפסטן אופן. איך בין זיך מתכוון צו דער מאָדנער און — צום יידישן גייסט — פרעמדער — געשעעניש, וואָס האָט אויפגעטרייסלט דאָס גאַנצע אַרגענטינער יידנטום. אַ ראַביי פון אַמעריקע, איינגעבירגערט אין די לעצטע יאָרן אינעם יידישן אַרגענטינע, געווען הילף־ראַבינער אין דער היגער קאָנגרע־גאַציע, געשפּאָלטן אַן עדה יידן און זיך אויפגעשטעלט אַן אייגענעם „בית אל״

— אַ „געטלעך הויז כנוסח רעליגיע־רעפאָרם און דער דאָזיקער „גײַסטיקער פאַסטעך" האָט ביי זיך געפועלט, אַז אין דער זומער־קאָלאָניע פון ייִדישע קינדער און ייִדישע יוגנטלעכע, וועלכע זוכן דעם וועג צו ייִדישקייט, זאָל דורכגעפירט ווערן אַ ייִדיש־קריסטלעכע פײַערונג מיט אַלע קירכע־פּרטים ביים אָנטייל פון אַזאַ ראַביי און ראַבייאישע צוהעלפער, באַגלייט פון אַ כאָר פון צענדליקער ייִדישע קינדער. מסתמא איז דער דאָזיקער ראַביי אַ געלערנטער מענטש זיכער איז ער אַ געניטער נשמה־קענער פון זײַנע ייִדן, פון זײַנע מתפללים, דער עיקר פון זײַן יוגנט, פון די קינדער, וואָס האַלטן אים פאַר אַ לערער און אַ וועגווײַזער. מוז ער דאָך וויסן, דאַרף ער פאַרשטיין, אַז אַזאַ דערנענטערונג גיט אַ הכשר אויף פאַרשיידענע אײַנברוכן אינעם דת ישראל, לייגט אַ נײַעם גוטהייסונג־זיגל אויף געמישטע חתונות. דאָס איז אַ טאַט פול מיט להכעיס קעגן ייִדנטום אין אַלגעמיין, בפרט קעגן ייִדישן ישוב אין אַרגענטינע.

די יסודות־לייגער פון אַרגענטינער ייִדישן ישוב זיינען געווען מזרח־אייראָפּעישע ייִדן, געקומענע פון לענדער, פול מיט ייִדישקייט, פון תורה און דרך ארץ צו ייִדישע און ייִדיש־רעליגיעזע ווערטן. די פונדאַמענטן בויער פונעם ייִדנטום אין צפון־אַמעריקע זיינען געווען דײַטשע ייִדן, וועלכע האָבן שוין פון זייער „היימאַט" מיטגעבראַכט מענדעלסאָנישע השכלה־באַגריפן, האַלבע און גאַנצע אַסימילאַציע פּראָגראַמען, באַגלייט פון פאַרקריפּלטע טעמפּל־ייִדישקייט. דאָס זאָגן מיר דערפאַר, כדי דער היגער ראַביי זאָל וויסן, אַז ער אַקטואירט נישט אין אַ חלל, נאָר צווישן אַזעלכע ייִדן, וועמעס יניקה־זאַפטן פון דער אַמאָליקער אַלטער היים פליסן נאָך אין זייערע אָדערן. דאָ איז נישט נאָרד־אַמעריקע, אין די היגע טעמפּלען קען מען נאָך נישט אײַנפירן אַזאַ נוסח. אין די היגע ייִדישע קינדער־נשמות טאָר מען נישט אײַנפלאַנצן אַזאַ „קריסטלעך־ייִדישע פאַרברידערונג", וואָס זאָל ווײַזן ברייטע וועגן, וואָס פירן אַוועק פון ייִדישקייט. דער אַרגענטינער ייִדישער ישוב איז אַ באַשטאַנד טייל פונעם ייִדישן פאָלק, וואָס איז נאָר אַ שארית ישראל. נאָכן אומקום פון זעקס מיליאָן ייִדן, וועט נישט סובל זײַן אַזעלכע עלעמענטן, וואָס כ׳וואָלט געקענט אָנרופן מיטן נאָמען „עקומענישע ייִדן".

מיר זאָגן קלאָר, אַז איין זאַך איז ייִדיש־קריסטלעכע סאָלידאַריטעט קעגן ווזקס פון נעאָ־נאַציזם אין דער וועלט, קעגן די אַראַבישע העצעס און אָנגריפן אויף ישראל, געמיינזאַמער פּראָטעסט קעגן רעליגיעזער אומטאָלעראַנץ, וווּ דאָס זאָל נישט זײַן, אָבער גאָר אַן אַנדער ענין איז גוישע ייִדישקייט, אָדער ייִדישע גוישקייט. מיר געדענקען נאָך זייער גוט די דערקלערונגען, וואָס דער הויפּט פון וואַטיקאַן האָט ערב ראש השנה תשכ"ח, ביים שליסן די עקומענישע קאָנפערענץ, געזאָגט קלאָר און דײַטלעך: „די פאַראייניקונג פון ייִדישן פאָלק מיט

דער קירך, איז אַ טייל פון דער קריסטלעכער האָפענונג". קאָמענטאַרן צו אַזאַ קלאָרע דערקלערונג איז פולשטענדיק איבעריק.

דאָס יידישע פאָלק ראַנגלט זיך פאַר זײַן קיום. דאָס איז אַן אייביקער פּראָצעס; שוואַכע ראַנגלען זיך מיט שטאַרקע. — אונדזער גרויסקייט איז שטענדיק געווען אין דעם, וואָס אַלע יידישע דורות האָבן זיך נישט געלאָזט פאַרשלינגען פון מעכטיקע פעלקער און פון פרעמדע קולטורן, פון די צײַטן פון תנ"ך ביז דעם העראָיזם פון צבא הגנה לישראל ציט זיך די גאָלדענע קייט פון ווידערשטאַנד. דאָס יידישע פאָלק, נאָך אַלע הריגות און שחיטות, אינקוויזיציעס און בילבולים, האָט קיינמאָל זיך נישט געשטעלט אויף די קני פאַר מאַכטהאָבער און הערשער־פעלקער. אַוודאי קאָן עס נישט געשען הײַנט, ווען מיר האָבן פון איין זײַט די יידישע מדינה און פון דער אַנדערער זײַט — דעם ווילן צו לעבן מיט אונדזער יידישער אייגנאַרטיקייט.

דער העברעישער דיכטער ש. שלום זינגט אין איינעם פון זײַנע פרעכטיקע שירים וועגן יידישער אייביקייט, מיט אַזעלכע ווערטער:

„הלכו אדירי התורה שבכל דור
הלכו מעמיקי ההגות,
הלכו מציתי בתבל המאור
של אל ואדם בליכוד,
הלכו עמלי ישראל חרשיו,
שהם מגופם — התנ"ך,
הלכו גבורי עם עולם וקדושיו,
מורדי גטאות — ופלמ"ח."

אין אַ פרײַער איבערזעצונג האָבן די שורות אַזאַ אינהאַלט: „זיינען די תורה־שטאַרקע געגאַנגען אין יעדן דור / זיינען געגאַנגען די מחשבה־פאַרטיפער / זיינען געגאַנגען די ליכט־צינדער פון גאָט און מענטש אין דער וועלט / זיינען געגאַנגען מיט שטילקייט די אומדערמידלעכע פון ישראל / וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם תנ"ך / זיינען געגאַנגען די העלדן פון אייביקן פאָלק און זײַנע קדושים / די געטאָ־אויפשטענדלער און פון פלמח."

דאָס דאָזיקע געזאַנג פון דעם מאָדערנעם העברעישן דיכטער, אײַנגעפלאָכטן אין די אַלט־אַלטע ספרי־קודש, ווי אין דער אַלטער און נײַער העברעישער קולטור, צוזאַמען מיט די גרויסע גײַסטיקע שאַפונגען אין דער יידישער שפּראַך, שטעלן מיר אַוועק ווי אַ פעסטע מויער קעגן אַלערליי אַסימילאַציע אַרײַנגערעכנט אַזאַ „פאַרברידערונג", וואָס געוויסע ראַבייס האָבן אָנגעהויבן פּראַקטיצירן אין דער לעצטער צײַט.

# דעמאָקראַטיע ווי אַ דערציונגס פאַקטאָר אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט

זינט דער אַנטשטייאונג פונעם פּאָליטישן ציוניזם, האָבן ציוניסטישע ריכ־טונגען, אָן אונטערשייד פון אידעישער דיפערענצירונג, זיך אַליין דערצויגן און אַנדערע מחנך געווען אינעם גייסט פון קאָלעקטיווער אַחריות ביים אָנ־פירן מיט די יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. דאָס האָט פּאָזיטיוו גע־ווירקט אויף ברייטערע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, און עס האָט דערפירט צו אַ גרויסער דערגרייכונג, פונעם איינפירן אינעם יידישן לעבן די גרונט־פּרינציפּן פון פאָלקס ווילן און די סיסטעמען פון דעמאָקראַטישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג.

די העגעמאָניע פון ציוניזם אין די יידישע קהילות אין דער גאָרער וועלט, ווי זיין איינפלוס און אָנפירונג מיט אַלע אַנדערע יידיש־נאַציאָנאַלע אינסטיטו־ציעס, האָט אַ סוף געמאַכט צו דער הערשאַפט, בעסער געזאָגט, צו דער אַלייג־הערשאַפט פונעם נישט געקרוינטן בעל דעה. עס האָט זיך פאַרענדיקט, טאַקע נישט מיט איינמאָל, די תקיפות פונעם תקיף פונעם בעל טאַקסע און גבאי, וואָס האָבן געמוזט אָפּטרעטן פון זייערע פּאָזיציעס אינעם יידישן לעבן און לאָזן פּלאַץ פאַר די נייע כוחות פאַר די ציוניסטישע פּאַרטייען, וואָס האָבן אין דער ערשטער ריי באַזייטיקט די אַסימילאַטאָרן פון דער יידישער מנהיגות. דאָס האָט דער־מעגלעכט דעם אָרגאַניזירטן ציוניזם אַריינצופירן אין דער יידישער געזעלשאַפט דעם סיסטעם פון דורך אַרץ פּאָרן דעת הקהל, געמאַכט רעספּעקטירן די דעמאָ־קראַטיע בכלל און די דעמאָקראַטיש־אויסגעוויילטע לייטונגען און עסקנים בפרט. אַ סך האָבן געמיינט, אַז דאָס וועט שוין אויף שטענדיק געהערן צו דער פאַר־גאַנגענהייט, דאָס לאַנגע און געגנוג טרויעריקע קאַפּיטל פון גבאות און תקיפות, און די ציוניסטישע באַוועגונג האָט אין דעם זין געמאַכט אַ רעוואָלוציע איבער־האַלב דעם יידישן פאָלק, אויך געמאַכט אַ טיפע ענדערונג אינעם עצם באַגריף וועגן דער ראָל פון דעמאָקראַטישקייט אינעם יידישן לעבן, ווי אין זיין געזעל־שאַפטלעכער סטרוקטור.

וואָלן אויף צו באַניין די קהילה־לייטונג זיינען אַ נויטווענדיקייט, ווייל דורך אַ קאָנקרעטן און גוט אָנגעפירטן וואַל־קאַמפּיין וועלן די היגע ציוניסטישע

פּאַרטייען ווידעראַמאָל האָבן אַ גלענצנדע געלעגנהייט זיך צו שטעלן פּנים אל פּנים מיט דער קהילה־מיטגלידערשאַפט און איר אויפקלערן די גרונט־פּרינציפּן פון אַ היינטצייטיקע יידישע קהילה און אירע אויפגאַבן אויף צו שטאַרקן יידיש־קייט און ציוניזם, צוריק אויפלעבן דעם דעת הקהל און מאַכן רעספּעקטירן די מיינונג און די אָפּשטימונג פונעם קהילה־מיטגליד. אָן וואַלן, אַזעלכע זיינען שוין נישט פאָרגעקומען 6 יאָר, צו באַנייען די קהילה־לייטונג, איז דאָ אַ סכנה פון העלפן אַטראָפּירן די לעצטע רעשטלעך פון געזעלשאַפטלעכער דעמאָקראַטיע און די שולד דערפאַר וועט פאַלן נאָר און אויסשליסלעך אויפן חשבון פון די ציוניסטישע פּאַרטייען. חוץ לזה וועט דאָס אויסוויילן אַ נייע לייטונג דורך אַ צווישן־פּאַרטייאישן „אָפּמאַך" דינען ווי אַ שלעכטער ביישפּיל פאַר אַלע אַנדערע גרעסערע און קלענערע יידישע אינסטיטוציעס פון אַרגענטינער יידנטום, אַז די זעלבע קאָנען אויך רעגירט ווערן פון לייטונגען, וואָס ווערן נישט אויסגע־ווײלט פון זייער מיטגלידערשאַפט. אין די לעצטע יאָרן זיינען מיר דאָך לע־בעדיקע עדות פון אַ טרויעריקן פאַקט, וואָס דער היגער יידיש־נאַציאָנאַלער און ציוניסטישער ישוב האָט זיך לאַנגזאַם געגומען אָפּגעוווינען פון דעמאָקראַטישע פּרינציפּן, וואָס דאַרפן בולט זיין אין אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט און מעגן יחידים זיין פעיק און טריי, מעגן זיי פאַרמאָגן אַלע טאַלאַנטן פון אָרגאַני־זאַציאָנעלן שוווּנג און פון פּערזענלעכן ביישפּיל אין עסקנות, קענען זיי זיין פאַרבייטבאַר. דער שרייבער פון די שורות האָט שוין מער ווי איינמאָל אַרויס־געזאָגט זיין התפעלות פאַרן ווערט און פאַר די מעשים פון אַ יחיד, וועלכער איז בכוח צו פירן און צו סטימולירן צו שאַפן און צו בויען, אָבער דער זעלבער טאָר זיך נישט פאַראייביקן אויף זיין אַמט, ער אַליין, דער יחיד, אָדער די יחידים, דאַרפן אַליין פאַרשטיין, אַז אויך צו דערציען אַ קאָדער פון געזעלשאַפט־לעכע מנהיגים און כלל־טוער, דאַרף מען אַריינפירן אין די לייטונגען פון די אינסטיטוציעס, אַנהייבנדיק פון דער קהילה און ענדיקנדיק ביי אַ פילאַנטראָפּי־שער אינסטיטוציע, נייע מענטשן, געגומען פון די ציוניסטישע ריכטונגען, ווי פון דער מיטגלידערשאַפט גופא פון די נאַציאָנאַלע, קולטורעלע דערציערישע און פינאַנציעלע אָרגאַניזאַציעס.

ס'איז אין די וויטאַלע אינטערעסן די נויטווענדיקייט דורכצופירן וואַלן צו דער היגער קהילה, מען טאָר נישט באַזייטיקן דעם קהילה־מיטגליד פון דער וואַל־אורנע, דער וואַל־פאַרמעסט דאַרף זיין אַ גרויסע אויפקלערונגס־אַרבעט וועגן דער ראָל און די צוקונפטיקע טעטיקייטן פון דער היגער א.מ.י.א., וועל־כע איז אַ ברייט־פאַרצווייגטע מוטער־אינסטיטוציע און וועמעס אַקטיוויטעטן דאַרפן אויף להבא אויסגעברייטערט און פאַרטיפט ווערן צום נוצן פון אַר־גענטינער יידנטום, וואָס איז אַ באַשטאַנדטייל פון יידישן פאָלק. אַרגומענטן קעגן דורכפירן וואַלן צו דער קהילה האָבן נישט קיין באַרעכטיקטן יסוד. איינס

איז איצט שוין קלאָר פאַר אַלעמען, אַז קיינער וויל זיך נישט אומקערן צו די צײַטן פון „געלע״, „גרינע״, אָדער „ווײַסע״ ליסטעס, וועמענס אָנפירער האָבן זיך אײַנגעטיילט פון פאָרויס מיט דער הערשאַפט אין די יידישע בענק, חברה קדישא פריער און דערנאָך אין דער קהילה און דאָס זעלבע איז געווען חל אויף אַ סך אַנדערע אינסטיטוציעס פונעם היגן יידישן ישוב. עס איז איצט געקומען די צײַט אויפצולעבן די ציוניסטישע דעמאָקראַטיע דורך דורכפירן וואַלן צו דער היגער קהילה און גלײַכצײַטיק זאָרגן פאַר דעם, אַז דער וואַל־אַקט זאָל זײַן אַ גרויסע אויפקלערונגס־אַקציע פאַר די אידעען פון אַן עכטער יידישער קהילה מיט פאַרגרעסערטע אויפגאַבן צום אַרגענטינער יידנטום, צום יידישן וועלט־פאָלק, ווי צו דער יידישער מדינה, גלײַכצײַטיק וועט דער מיטגליד אין דער קהילה דערצויגן ווערן אינעם גײַסט פון פליכטן צום יידישן כלל, אָבער עס דאַרפן אויך רעספּעקטירט ווערן זײַנע רעכטן, וועלכע קענען נאָר קומען צום ריכטיקן אויסדרוק ביי דעמאָקראַטישע וואַלן.

די ציוניסטישע פאַרטייען אין אַרגענטינע דאַרפן זיך שטעלן מיטן פּנים צום מיטגליד נישט נאָר אין דער קהילה נאָר אומעטום, ווו ער איז פרײַוויליק אָר־גאַניזירט, כדי מיט אים ( און זיי ציילן דאָך אין די צענדליקער טויזנטער יידן) און דורך אים באַקעמפן אַלערליי אַסימילאַציעס, אַלע פרעמדע, נישט־יידישע אידעאַלן וועלכע דערווײַטערן אונדזער יידישער יוגנט פון יידישקייט און פון ציוניזם און דער עיקר־העיקרים, געווינען דעם מיטגליד, דעם יחיד, פאַר דער יידישער דערציאונג און פאַר אַלצדינג, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ שענערן יידישן מאָרגן.

# אידעאָלאָגיע אָדער ביאָלאָגיע, וואָס איז וויכטיקער?

פילאָזאָפן און דענקער האָבן שוין פון לאַנג איַינגעטיילט די מענטשן אין צוויי טיילן: אין שעפערישע און אין וועגעטאַטיווע עלעמענטן. איין טייל פון דער מענטשהייט, דער וויַיט קלענסטער טייל, איז גיַיסטיק קאָנסטרוקטיוו, בויט און שאַפט וועלטן, שמידט אייביקע קולטור־ווערטן, גיט אַ זין און אַן אינהאַלט דעם מענטשלעכן לעבן און נישט אומזיסט ווערט דער דאָזיקער עלעמענט אַ שותף צו דער געטלעכער יצירה.

דער רוב בנין ורוב מנין פון דער גאַנצער מענטשהייט איז אָבער אַזאַ עלעמענט, וואָס מען קאָן אים באַצייכענען מיטן נאָמען: „פּראָפּעסיאָנעלער שטאַרבער", יעדער איינער פון דעם דאָזיקן חלק פון די ערד־באַוווינער ווערט געבוירן, וואַקסט, האָט זיַינע פריידן און ליַידן, פירט געשעפטן, האַנדלט, אַרבעט, איז ריַיך, אָרעם, ער קומט צו אַ באַשטימטן עלטער און שטאַרבט. יעדער איינער פון זיי קאָן נאָך זיַין טויט אַפילו באַגלייט ווערן מיט אַ גענויע סטאַטיסטיק, וואָס דער דאָזיקער „פּראָפּעסיאָנעלער שטאַרבער" האָט במשך פון זיַין גאַנצן לעבן אויסגערויכערט פּאַפּיראָסן, וויפל קאַווועלעך ער האָט געטרונקען, וויפל ברויט און פלייש ער האָט אויפגעגעסן קיינער וועט אָבער נישט פילן, אַז ער איז געווען אַ שותף צו דער שאַפונג פון דערהויבענע ווערק, צו דער אויסשמידונג פון גיַיסטיקע אוצרות, צו דער פאַרמירונג פון אַ ניַיער און בעסערער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

דאָס געזאָגטע איז אויך חל אויף דעם ייִדישן פאָלק. ייִדן אין דער גאָרער וועלט, דער ייִדישער ישוב אין אַרגענטינע איז נישט קיין אויסנאַם, זיינען איַינגעטיילט אין די דערמאָנטע צוויי מחנות, אין אַ קלענערער, וואָס איז שעפעריש אויף אַ סך שטחים פון ערנסטע און וויכטיקע לייסטונגען, אין אַ גרעסערער, וואָס איז וועגעטאַטיוו, אָן אינהאַלט און אָן מעשים. דער חלוציש־קעמפנדיקער און העראָיש־בויענדיקער אַוואַנגאַרד פון גאַנצן ייִדישן פאָלק, וואָס געפינט זיך אין מדינת ישראל, איז אָן ספק, אַ שותף צו מעשי־בראשית, שאַפט אַ ניַיעם תנ"ך אויף אַלטע תנכישע יסודות פון ייִדישן צדק און יושר הלוואי זאָלן מיר קענען באַנעמען די גרויס, די טיף און דעם אינהאַלט פון

דעם אַלט־נײַעם ווערק, וואָס ווערט טאָג טעגלעך געשמידט אין דער ייִדישער מדינה...

מיר האָבן דאָס שוין אַ סך מאָל געזאָגט, און ווילן נישט מיד ווערן צו דערקלערן, אַז ביי ייִדן איז אין קיין שום דור נישט געווען קיין אײַנטיילונג אויף יונגע און אַלטע, נישט ביאָלאָגיע איז געווען דער עיקר, נאָר די אידעאָ־לאָגיע. ייִדן האָבן נישט געהאַט קיין גרעסערע קאָנצעסיעס נאָר דערפאַר, ווײַל זיי זיינען געווען יונג אין יאָרן, עלטערע ייִדן האָבן נישט פאַרלוירן פון זייער אינהאַלטלעכן ווערט צוליב דעם, וואָס זיי זיינען געוואָרן זאַט אין יאָרן. דאָס וויכטיקסטע, וואָס האָט אין ייִדנס לעבן געשפּילט די גרעסטע ראָלע איז גע־ווען — זײַן ייִדישקייט־תוכן, זײַן טאָג טעגלעכע ייִדישע התנהגות, דאָס לער־נען זײַנע קינדער צו זײַן טרײַע ייִדן און זיין קרבנות גרייטקייט פאַר די פאַרשיידענע קידוש־השם פּראָצעסן, וועלכע אַ ייִד איז געצוווּנגען ביי פאַרשיי־דענע אומשטענדן דורכצומאַכן אין זײַן גלותדיקן לעבן.

אין אַרגענטינער ייִדישן ישוב האָט מען אַרײַנגעוואָרפן די רײַ ווערטער: „דער 2טער דור", מיט וועלכע מען וויל אַרײַנפירן אין היגן ייִדישן לעבן אַ ביאָלאָגישן עיקר, אָן אַן אידעאָלאָגישער שטאַנדהאַפטיקייט.

איך ווייס נישט ווער עס איז דער שעפער און דערפינדער פון אַזאַ טער־מינאָלאָגיע אינעם ייִדישן ישוב אין אַרגענטינע. ס'איז אויך נישט וויכטיק דער דאַטום, אין וועלכן דאָס אַרגענטינער ייִדנטום איז געטיילט געוואָרן אויף „יונ־גע" און „אַלטע" אויף אָנגעהעריקע צום „2טן דור", וואָס זיינען כולו זכאי און אויף ייִדן פון דער פריערדיקער גענעראַציע, וועלכע זיינען טאַקע נישט כולו חייב, אָבער זיי געהערן שוין צו די דעמאָביליזירטע עסקנים, אָן רעכט אויף גזעלשאַפטלעכער עמעריטור...

יעדער בעל דעת פאַרשטייט, אַז מיר אַלע מוזן זיך שטעלן מיטן פּנים צום נײַעם דור, קיינער פּרעגט נישט אָפּ דעם געבאָט, אַז מען דאַרף אים מחנך זײַן אין גײַסט פון ישראל סבא און אַז גלײַכצײַטיק דאַרף מען אים געבן דעם ציון אידעאַל — דורך טיפער ייִדישקייט־דערקענטעניש, אַלס יסוד פון זײַן לעבן. אויף אונדז ליגט די פליכט, אָדער עס איז שוין פון פריער געווען אונדזער חוב, צו דערציען ייִדישע יוגנטלעכע אין די ראַמען פון אַ שווערע ייִדישקייט, אָן פּריווילעגיעס, אָן קאָנצעסיעס, אפילו אָן בודזשעטן. ייִדישקייט ווערט נישט געמאַכט נאָר מיט סובווענצן, אָדער אויסשליסלעך מיט גראָב־סבומידיקע טשעקן. ייִדישקייט ווערט געשמידט אין יעדער ייִדישער היים, אין אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס אויף דער באַזע פון דער רײַכער קולטור אין אונ־דזערעביידע נאַציאָנאַלע לשונות.

וואָלטן יוגנטלעכע געוווּסט, אַז זיי טוען קיינעם נישט קיין טובה מיט זייער צוגעבונדנקייט און אָנגעהעריקייט צום ייִדישן פאָלק, אַפילו מיט זייער

אידעאַליזם צו דער ייִדישער מדינה, אַז ייִדישקייט פאַרלאַנגט אַ גאַנצע ייִדישע נשמה, וואָלטן מיר הײַנט געהאַט אין אַרגענטינער ייִדישן ישוב טויזנטער ייִדי־שע יוגנטלעכע מיט ייִדיש־חלוציש קולטור־אויפֿגאַבן אויפֿן פּלאַץ און מיט אַק־טיווע מעשׂים פֿאַרן ציוניזם, ווי פֿאַר דער ייִדישער מדינה.

וואָס מער דער אָרגאַניזירטער ייִדישער ישוב טראָגט אויף די הענט די יוגנט־לעכע, וואָס אַקטיווער עס זײַנען די ציוניסטישע ריכטונגען פֿאַר זייער יוגנט־אָרגאַ־ניזאַציעס, וואָס מער לאָקאַלן מען שטעלט אין זייער רשות, וויפֿל רעפּעראַטן מען זאָל נישט אײַנאָרדענען אַלץ פֿאַר זײַן מאַיעסטעט, דעם ייִדישן יוגנטלעכן, נאָר און אויסשליסלעך אין דער שפּאַנישער שפּראַך, וואָס פֿאַר אַ בודזשעט מען זאָל נישט אויסטיילן די יוגנט דעפּאַרטאַמענטן, סײַ אין דער אַמיאַ והן אין די ציוניסטישע פּאַרטייען, אײַנגעשלאָסן צענדליקער אינסטיטוציעס פֿון אַרגענ־טינער ייִדנטום, וואָס פֿאַר אַ שפּאַנישע רעדנער מען זאָל נישט באַנוצן פֿאַר די יוגנטלעכע, וויפֿל צײַטשריפֿטן מען זאָל נישט אַרויסגעבן ספּעציעל פֿאַר דער יוגנט, אין דער לאַנד־שפּראַך, אַלץ ווייניקער רעזולטאַטן האָט דער הי־גער ישוב, די זאַלן זײַנען אויסגעליידיקט פֿון יוגנטלעכע צוהערער, די צײַ־טונגען ווערן דורך זיי נישט געלייענט, די לאָקאַלן פּוסטעווען, די פּרעסע־אָרגאַנען גייען אונטער און לאָזן נאָך זיך שווערע חובות פֿאַר ייִדן פֿון אַלטן דור און טויזנטער יוגנטלעכע געפֿינען זיך אין די אידעאישע זומפּן פֿון אַ כוליגאַנישן קאָמוניזם.

אמת, עס זײַנען דאָ צענדליקער, מעגלעך הונדערטער ייִדישע יוגנטלע־כע, וועלכע זײַנען בלב ונפש צוגעבונדן צום ייִדישן פֿאָלק, זײַנען שוין אַרײַנ־געוואָקסן אינעם ייִדיש־נאַציאָנאַלן, קולטור־געזעלשאַפֿטלעכן געוועב פֿון אַרגענ־טינער ייִדנטום, ווי אינעם היגן אָרגאַניזירטן ציוניזם, אַ סך פֿון זיי זײַנען מגשים דעם ציוניסטישן אידעאַל און געפֿינען זיך אין דער ייִדישער מדינה און זיי אַלע האָבן נישט קיין פֿאָדערונגען, זוכן נישט קיין באַזונדערן ביאָלאָגישן טיטל: „2טער דור", זיי טוען קיינעם נישט קיין חסד מיט זייער ייִדישקייט, זיי דער־פֿילן זייער ייִדיש־ציוניסטישן חוב און נישט מער.

איך פֿערזענלעך קען אַ סך ייִדישע יוגנטלעכע, וואָס פֿאַרנעמען הויכע פּאָסטנס ביי נישט־ייִדישע אונטערנעמונגען, אין פּרעסע־וועזן פֿון לאַנד אויף הויכע רעגירונגס־פּאָסטנס און זיי שטאָלצירן מיט זייער ייִדישקייט. איינער פֿון זיי, איך וועל אים אָנרופֿן ביים נאָמען: סילוויאָ בעטשער, אַ זון פֿון מײַן ליבן פֿרײַנט און גוט באַקאַנטן געזעלשאַפֿטלעכן כלל־טוער, חיים בעטשער. דער דאָזיקער יונגער מענטש, דערצויגן אין ייִדיש־נאַציאָנאַלן גײַסט, צוגעבונדן צום ייִדישן פֿאָלק, ליבט מיט אַלע פֿיבערן פֿון זײַן יונגער נשמה דער ייִדישער מדינה, ער זעט נישט קיין סתירה צווישן זײַן אַרגענטינישקייט און ציוניזם, צווישן דעם הויכן אַמט פֿון אַדמיניסטראַטיווער פֿינאַנץ־דירעקטאָר פֿון דער

מלוכהשער פלי־געזעלשאַפט „אַעראָלינעאַס אַרכענטינאַס" און זײַן מיטאַרבעט מיט אַ סך היגע יידישע פינאַנץ־אינסטיטוציעס. דער יונגער מאַן, סילוויאַ בעטשער, האָט נישט קיין מורא פאַר עמעצנס מחשבות וועגן „דאָפּלטער לאָיאַליטעט", אָדער אין אָנגעהעריקייט צום ציוניזם און יידנטום, פאַרקערט, וואָס שטאָלצער ער איז מיט זײַן יידישקייט כלפּי זײַנע נישט־יידישע קאָלעגן, אַלץ ווירדיקער וואַקסט ער אויס אין זייערע אויגן... דער חשבון ביי נישט־יידן איז שטענדיק אַ קלאָרער: „אויב אַ ייד, טראַכטן זיי, קאָן פאַראַטן זײַן אייגן פאָלק, פאַרוואָס זאָל ער נישט קענען פאַרלייקענען זײַן אַרגענטינישקייט"...

די יידישע יוגנט אין אַרגענטינע איז הײַנט צו טאָג צעטיילט אין עטלעכע עלעמענטן: אַ קליינער טייל איז אָן אידעאַליסטישער, אַ יידיש־ציוניסטישער, אַ חלוצישער און במילא, אַ ווירדיקער אבר אינעם גוף פון אַרגענטינער יידנטום. אַ גרויסע מאַסע יוגנטלעכע גלויבן נאָך אין פאַלשע אידייען און פאַרמאָגן צעבראָכענע, און צעשפּאָלטענע יידישע נשמות. אַנדערע יוגנטלעכע האָבן בכלל נישט קיין אינטערעס אין יידישן לעבן, זיי זיינען פאַרכאַפּט פון „האַפּענינג" אַרגיעס און לאָזן זיך אויס פון די שענסטע יידישע אידעאַלן, ס׳פעלן נישט אַזעלכע יוגנטלעכע וואָס שרײַבן אונטער אַפּישן קעגן ישראל און אויב אַ סך פון זיי זיינען דערטרונקען געוואָרן אין די כוואַליעס פון דער רויטער אַסימילאַציע, זיינען טויזנטער יידישע יוגנטלעכע אַרײַנגעפאַלן אין די ווייכע אָרעמס פון אינהאַלטלאָזער אַמעריקאַניזאַציע...

גרויס זיינען די סכנות, דראַענדיק זיינען די געפאַלרן, אויף דער עצם עקזיסטענץ פון אַרגענטינער יידנטום און זײַן אינסטיטוציאָנעל לעבן, ס׳איז ביטער ווי גאַל דער מצב אין דער היגער יידישער יוגנט, דאָס יידישע און יידיש־העברעאישע שולוועזן האָט נישט צוגעשטעלט די קאַדרען יוגנטלעכע אויף צו שטאַרקן די אידעאַליסטישע כוחות פון דער היגער יידיש־נאַציאָנאַלער און ציוניסטישער געזעלשאַפטלעכקייט.

מיר האָבן אָנגעגעבן אָן אָנגעווייטיקטע טעמע וועגן דער יידישער יוגנט אין אַרגענטינע. ס׳איז געקומען די ערנסטע צײַט, אַז די צענטראַלע אינסטיטוציעס אין ישוב, די ציוניסטישע ריכטונגען, די קולטור־קערפּערשאַפטן, דאָס יידישע צײַטונגען־וועזן, די חינוך פאַקטאָרן און אַלץ, וואָס איז נאָך יידיש־גײַסטיק און יידיש שעפעריש, זאָלן מאַכן אַ רעוויזיע בנוגע דער אַרבעט פאַר דער יידישער יוגנט. ס׳מוז וואָס פריער פאַרביטן ווערן די לײַכטע יידישקייט, מיט אַלע באַגלייט־קאָנצעסיעס פאַר יוגנטלעכע אויף אַזאַ יידישקייט, וואָס פאַרלאַנגט אַחריות, באַגלייט פון פערמאַנענטן קשר מיט אַ יידישן גײַסט און מיט ציוניסטישע מעשים.

ביאָלאָגיע אָן אידעאָלאָגיע וועט נישט האָבן קיין קיום.

# די יידישע יוגנט וועט ממשיך זיין דאָס ווערק פון יידישער פרייהייט

(פראַגן צעטיילן, מעשים פאַראייניקן)

מיר האָבן געהאַט אַ שטיקל צייט, אָנהייבנדיק פון די גלאָררייכע יוני־טעג, 1967, אַן אויסגעטרוימטע אילוזיע, אַ פאַנטאַסטישן גלויבן, אַז דער נצחון פון דער ישראל־אַרמיי האָט אויך אויסקריסטאַליזירט אינעם יידישן ישוב אין אַר־גענטינע אַ צעמענטירטע אייניקייט, הן אין ציוניזם, ווי אין אַלע סעקטאָרן פון דער היגער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

מיר אַליין האָבן זיך פאַרוויגט אין איינרעדענישן און פאַלשע האָפענונגען, אַז אַלע ריכטונגען, אָן אונטערשייד פון אידעאישער דיפערענץ, דאַרפן זיין פאַר־אייניקט אַרום די היינטצייטיקע וויכטיקע אויפגאַבן פון יידישן פאָלק, ווי פאַר דעם המשך־געראַנגל פון דער יידישער מדינה.

די יעווסעקיש־קאָמוניסטישע פלאַקאַטן אויף די גאַסן פון בוענאָס איירעס, מיט די אָנגריף־אינהאַלטן קעגן מדינת ישראל, מיט אַ רחמנות־געבעט פאַר די „אומשולדיקע" אַראַבער, האָבן נאָכאַמאָל באַוויזן, אַז דער אינערלעכער שונא האָט נאָך נישט אָוועקגעלייגט זיינע פאַרזשאַווערטע וואָפן קעגן אונדז.

איצט איז דער פאַרהאַנג געפאַלן, איינרעדענישן האָבן אויפגעהערט, זיסע אילוזיעס וועגן שפאַלטונגען אין דער היגער יעווסעקציע זיינען שוין פאַרשוווּנדן און דער לעצטער פונק פון גלויבן אין דער מיטאַרבעט־גרייטקייט פון יענעם פאַר־רעטערישן עלעמענט מיט אונדז, נאַציאָנאַלע יידן, איז כמעט ווי אויסגעלאָשן געוואָרן.

דער יידישער ישוב אין אַרגענטינע פאַרמאָגט אָבער אין זיך אַ סך קאָנ־סטרוקטיווע כוחות, וועלכע טראָגן אַריין אינעם יידישן לעבן דעם באַוווּסטזיין, אַז די אַרבעט פאַר לאָקאַלע יידיש־נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס, דער עיקר, פאַרן יידישן שולוועזן, מוזן פאַרשטאַרקט ווערן און אַוודאי דאַרף דאָס אַרגענטינער יידנטום זיין דער שטאַרקער באַלואַרט פאַר דער יידישער מדינה.

כמעט אַלע יידן פון לאַנד, מיטן אויסנאַם פון קליינע גרופּן להכעיס־טיפּן און גרופּקעלעך שונאי ציון־פאַררעטער, פאַרשטייען קלאָר און דייטלעך, אַז מדינת

ישראל שטעלט מיט זיך פאר דאס איינציקע רעטונגס־פלאץ פארן גאנצן יידישן פאלק. ווערזשע קאן וואגן אויפהויבן א האנט אויף צו שלאגן אונדזער צוקונפט?

שנאת ציון קאטיזירט זיך מער נישט אויף דער היגער יידישער גאס. דאס איז אמאל געווען א „סחורה״, וואס האט געהאט אן „אפזאץ־מארק״. אבער לאמיר זאגן דעם אמת, אז אויך היינט געפינען זיך נאך יידן־יחידים, וועלכע אקטואירן אין דער יידישער געזעלשאפטלעכקייט און אפערירן נאך אלץ מיט אלטע אנטי־ציוניסטישע פראזן, באגלייט פון א באהאלטענער שנאה צום ווערק פון ציוניזם, וואס דאס איז די יידישע מדינה, בפרט צום דאזיקן גאולה־אידעאל גופא.

איז טאקע היינט א פאסיקע צייט פאר אנטי־ציוניזם? האט זיך דען ערגעצוו איינגעשטילט דער אנטיסעמיטישער שטורעם קעגן יידן? איז דאך ערשט איצט אויסגעברייטערט געווארן דער אנטי־ישראל פראנט דורך די דערקלערונגען און האנדלונגען פון דעם עובר בטל, איוואן דע גאל, וועלכער האט זיך נאר צוליב א ביסל אראבישן נאפט, אנגעשלאסן אינעם כאר פון די רוסישע כוליגאנעס.

איז דער דאזיקער טרויעריקער פאקט נישט קיין גענוגנדיקער באווייז, אז דער שנאת־ישראל פראנט ווערט אויסגעברייטערט?

אויב שונאים פאראייניקן זיך קעגן יידן, פארוואסזשע זאלן יידן איצט נישט פורעמען דעם אינערלעכן פראנט אויף דער באזע פון אהבת־ישראל און גרויסן מעשים?

קיינער דארף נישט פארמאכן די אויגן אויף אידייאישע אונטערשיידן, וואס קענען זיין, הגם אלע פארטייען אין יידישן ארגענטינע לעבן אויף זכרונות־באזעס פון דער אלטער היים, מעגלעך, אז די פרינציפן־דיפערענצן זיינען א קאנסטרוקטיווע דערשיינונג אינעם היגן יידישן לעבן, אבער איינס איז קלאר, אז די איצטיקע צייט פאדערט פון אלע יידן, זיי זאלן זיך באפרייען פון א סך שטרייט־פראגן, דער עיקר, דארפן זיין די מעשים פאר מדינת ישראל און פאר דער יידישער דערציונג פון די יידישע קינדער, ווי פונעם יונגן דור.

ס׳איז געקומען די צייט אין אונדזער לעבן, אז פוסטע פראזן דארפן און מוזן אפטרעטן דעם פלאץ פאר ווירדיקע לייסטונגען און אויפטוען.

* * *

דער ארגענטינער יידישער ישוב איז אין דער לעצטער צייט פארפלייצט געווארן מיט א מבול פון פראזן, קיינמאל האט זיך אזוי נישט פונאנדערגעבליט די פראזעאלאגיע־אינדוסטריע, ווי דאס מאל, ווער ס׳האט געהאט עפעס צו זאגן וועגן עליה, פליכטן צו עליה, א מוסר־זאגערײַ אויפן חשבון פון די „אלטע ציוניסטן״, פארלאנגען דאס „טעלערל פון הימל״ ווייל מען איז יונג, האט מען דאס געטאן ביד רחבה ובפה מלא, מען האט נישט געקליבן די ווערטער,

כמעט אַלע, וואָס האָבן געשטראָפט די עלטערע ציוניסטן האָבן שוין פון לאַנג געהאַט פאַרגעסן, אָדער זיי האָבן פון דעם קיינמאָל נישט געוווסט, אַז „דרך ארץ קדמה לתורה״...

ווער ס׳האָט נאָר געהאַט אַן אָפן אויער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָס ריידן, באַגלייט פון מוסר איז נאָר אַ מיטל זיך אַליין אַוועקצושטעלן אין פאָדער־גרונט פון גרויסע אויפגאַבן, וואָס אַנדערע דאַרפן רעאַליזירן און אַליין זיך באַ־פרייען פון עול עליה, דאָס איז דאָך בלי שום ספק פראָזעאָלאָגיע. אויב דער כינוס עליה, וואָס איז פאָרגעקומען אין ב. אײַרעס מיט דער באַטייליקונג פון העכער 500 דעלעגאַטן, אײַנגעשלאָסן גרעסערע און צאָלרײַכע דעלעגאַציעס פון די שכנותדיקע לענדער, האָבן אַלע צוזאַמען נישט געקענט ברענגען אַ רשימה פון 500 עולים, וואָס זיינען עולה אַ וואָך, צוויי, נאָך דעם דערמאָנטן צוזאַמענפאָר, איז דאָך אַ קלאָרער באַווײַז, אַז מען האָט נישט מצליח געווען. לאָמיר זאָגן, אַז פון אַלע שכנותדיקע ייִדישע ישובֿים האָט מען נישט געקענט רעגיסטרירן אַזאַ צאָל, אַרגענטינער ייִדנטום אַרײַנגערעכנט, פאַרוואָס האָבן נישט אַלע ציוניסטישע חלוציש־ציוניסטישע און נאַציאָנאַלע־ייִדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און באַוועַ־גונגען, לאָמיר כולל זײַן די טרײַע עלעמענטן פון 2טן דור, נישט צוגעגרייט לכל הפחות אַזאַ צאָל יונגע עולים, אַלס אַן התחלה פון נײַע גרויסע שטראָמען פון יוגנטלעכע עולים, אויף צו באַרעכטיקן טרײַשאַפט צו דער ייִדישער מדינה און וואָס זאָל באַקרעפטיקן זייער מוסר קעגן עלטערע חברים ?

אויב ווערטער ווערן נישט באַגלייט פון קאָנקרעטע מעשים, זיינען זיי שטענדיק אין פולער סתירה צו די געבאָטן פון דער גרויסער היסטאָרישער שעה, אין וועלכער ס׳לעבט איצט דאָס ייִדישע פאָלק און זײַן יוגנט.

די יוגנט ביי אַנדערע פעלקער גייט שטענדיק פאָרויס אין קאַמף פאַר די רעכט פון פאָלק, פאַר דער פרײַהייט פון אייגענעם פאָלק. ווער האָט באַפרײַט גריכנלאַנד פון טערקישן יאָך, אויב נישט די קעמפנדיקע גריכישע יוגנט ? ווער האָט אַראָפּגעוואָרפן די סולטאַנישע זעלבסטהערשאַפט אין טערקײַ, אויב נישט די יונג־טערקן ? פאַרן רוסישן קאָזאַק, אָדער פּאָליציאַנט איז געווען קלאָר, אַז יעדער יוגנטלעכער, בפרט נאָך אין אַ סטודענטישן היטל, איז אַ פאַרביסענער קעמפער קעגן צאַריזם. איצט ווער שטייט אויף די פאָדערשטע פאָזיציעס אין געראַנגל קעגן פראַנקאָן אין שפּאַניע ? די יוגנט.

אויך דער ציוניזם איז פאַרווירקלעכט געוואָרן נאָר אַ דאַנק חלוצישע אָנ־שטרענגונגען פון גרויסע מחנות ייִדישע יוגנטלעכע. די מאַלאַריע־באַצווינגער זיינען געווען יונג אין יאָרן אָבער באַפליגלט מיט אַלטע ייִדישע פרײַהייטס־אידעאַלן, הײַנט דאַרף מען שוין קיינעם נישט דערציילן ווער ס׳זיינען געווען די זיגער איבערן מדבר אין ארץ ישראל, ס׳איז שוין איבעריקן איבערצוחזרן די אויפטוען פון ריזיקע קאָדרען יוגנטלעכע בויער פון קבוצים און קבוצות, פון שאָ־

סײַען־פּלאַסטערער, פון שמירה, פאַרטיידיקונג און פון נצחונות אין אַלע דרײַ קיום־מלחמות פון דער ייִדישער מדינה.

ס'זײַנען אָבער געווען צײַטן, ווען אַ רוף פון יוסף וויטקין צו דער ייִדישער יוגנט האָט אָנגעטראָפן אויף אָפענע הערצער פון צענדליקער טויזנטער ייִדישע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געהערט דעם רוף און עולה געווען, דעמאָלט איז דער ציוניסטישער אידעאַל געווען אַ ווײַטער חלום, אַ משיחישער טרוים וואָס איז רעאַליזירט געוואָרן דורך לייגן אַ ציגל אויף אַ ציגל און אויפאַקערן אַ דונאַם נאָך אַ דונאַם. הײַנט טרעפן זיך אָן אויף טויבע אויערן פון צענדליקער טויזנטער ייִדישע יוגנטלעכע, דער רוף פון הײַנטיקן העלדישן ישראל, צו מאַכן עליה, זעלטן ווער הערט דעם פאַרלאַנג פון ייִדישן פּרעמיער־מיניסטער, פון די צה"ל־קאָמאַנדירן, פון די סוכנות־מנהיגים. די ייִדישע יוגנט אין די פרײַע לענדער, אין איר גרעסטער מערהייט, ס'זײַנען פאַראַן פּרעכטיקע חלוצישע אויסנאַמען, זינקען אין תהום פון עם הארצות אָדער וואַרעמען זיך בײַ פרעמדע פײַערן, היטן אָפּ פרעמדע ווײַנגערטנער, וואָס זײַנען פול מיט קראַפּיווע, מיט שטעכלקעס צו ייִדן, אַנדערע זײַנען אַרײַנגעטאָן אין תאוו־הדיקער עולם הזהדיקייט האָפּענינג בלע"ז, און דאָס האַרץ טוט ווי פון דעם טרויעריקן פאַקט, וואָס די ייִדישע יוגנט, די ווײַט גרעסטע טייל אירע, פאַרטאַכלעוועט אַזאַ היסטאָרישע געלעגנהייט, ווי דאָס הײַנטיקע ישראל גיט איר, צו שרײַבן מיט אייגענע הענט דעם המשך פון דער אַלטער ייִדישער געשיכטע אויף דער ערד פון ייִדישן היימלאַנד.

יאָ, מיר האָבן טענות צו דער ייִדישער יוגנט בכלל, אָבער נאָך גרעסער זײַנען די טענות צו דער ייִדיש־נאַציאָנאַלער יוגנט, בפרט צו די ציוניסטיש־חלוצישע אָרגאַניזאַציעס אין די פרײַע לענדער.

אָנשטאָט צו מאַכן אַ טיפן אַנאַליז פונעם גרויסן אידעאישן קריזיס, וואָס האַלט אײַנגעקלאַמערט גרויסע טיילן פון דער ייִדישער יוגנט, לאָמיר זאָגן, נאָר אין לאַטײַן־אַמעריקע, ווערן אַטאַקירט וויכטיקע ציוניסטישע עסקנים, טרײַע בויער פון דעם ייִדיש־אינסטיטוציאָנעלן לעבן אין יעדן לאַנד. וויפל ענערגיע האָט דער אימיגראַנטישער ייִדישער דור אַרײַנגעלייגט אין בויען שולעס און בתי כנסיות, אינסטיטוציעס און קלובן, כדי דער אונטערוואַקסנדיקער דור זאָל קומען צום אַלעם גרייטן, כדי אים דערמעגלעכן פאָרצוזעצן די אַרבעט פון די עלטערן ? ווער האָט אַרײַנגעבראַכט דעם ציוניסטישן אָטעם אינעם אַרגענטינער ייִדנטום אין דער לענג און ברייט פון ייִדישן אַרגענטינע, אויב נישט די פריערדיקע ציוניסטישע מאמינים ?

קומט אָבער נאָר צו אַ לאַנד־אסיפה, אָדער צו אַ ציוניסטישן קאָנטינענטאַלן קאָנגרעס איז פאַר די ביאַלאָגיש־יונגע דעלעגאַטן פאַראַן צום סדר היום נאָך אַ פונקט: די בײַשפּיללאָזיקייט פון די עלטערע ציוניסטישע מנהיגים און עסקנים. אויך אויף דעם איצטיקן כינוס עליה האָבן יוגנטלעכע דעלעגאַטן געלאָזט

הערן זייער שאַרף־שאַרפסטע קריטיק קעגן די אָנפירער פון ציוניזם אין יעדן לאַנד, אָבער קיינער פון די קריטיקירער האָט נישט געמאָלדן זײַן אייגענע פער־זענלעכע עליה.

וואָס איז דאָס שיין־רעדערײַ, אָדער פּראַזעאָלאָגיע? מיט דעם וויל מען מאַכן יידישע געשיכטע ?

די יידישע יוגנטלעכע, אָרגאַניזירטע אין ציוניסטישע יוגנט־באַוועגונגען, דאַרפן אָנהויבן אַ גרויסע אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן אַלע קרײַזן און שיכטן פון דער יידישער יוגנט אין לאַנד, ווי אויפן גאַנצן קאָנטינענט, כדי איר צו געווינען פאַר חלוצישע מעשים, צום דינסט פון דער יידישער און העברעאי־שער שפּראַך און קולטור, פאַר שעפערישער יידישקייט אויף אַלע שטחים פון יידישן לעבן, בפרט פאַר דער בויאונג און פאַרטיידיקונג פון דער יידישער מדינה.

צו דער דאָזיקער שליחות דאַרפן זיך אָנשליסן אַלע יידיש־נאַציאָנאַלע טונגען און גאַנץ מעגלעך, אַז ס'וועט זיך באַנײַען די תקופה פון גרויסע חלוצישע שאַפונגען אין ישראל, ווי אין די תפוצות.
יוגנט־כוחות, די גאַנצע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט, אַלע ציוניסטישע ריכ־

דעמאָלט וועט פאַרשווינדן די פּראַזעאָלאָגיע און אויף איר פּוסטן פּלאַץ וועלן קומען געבענטשטע מעשים.

# אַן אומנויטיקע חניפה און שתדלנות־באַגריסונג

די יידישע וועלט איז אומאָנגענעם איבעראַשט געוואָרן פון אַ באַגריסונג פון ד״ר נחום גאָלדמאַן צום 50סטן אַניווערסאַר פון דער סאָוועטישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָס איז געפּײַערט געוואָרן אין מאָסקווע.

וואָלט ד״ר נחום גאָלדמאַן נישט געווען דער נשיא פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, נאָר אַ פּריוואַטער מענטש, וואָלט מעגלעך זײַן באַגריסונג צו די הײַנטיקע קאָמוניסטישע סאַטראַפּן נישט אַרויסגערופן ביי יידן קיין שום קאָמענטאַר, ווײַל אַ ייד, אַ יחיד, אויב ער האָט ביי זיך אַליין געפּועלט, קאָן ווערן אַ פּורש מן הציבור, און זיך אַפילו דערקלערן אין ליבע צום הײַנטיקן אַנטי־יידישן, אַנטי־ציוניסטישן רעזשים פון קרעמלין. אָבער ווען דער באַגריסער איז נישט מער, נישט ווייניקער, נאָר דער מנהיג נומער איינס פון וועלט־יידנטום, ווי פון זיין אידעאישן אַוואַנגאַרד, די ציוניסטישע באַוועגונג, דאָס איז שוין גאָרנישט אַזאַ פּשוטער ענין, איבער וועלכן מען קאָן אַריבערגיין מיט שווײַגן און פאַרשווײַגן.

זינט דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע ביז צום הײַנטיקן טאָג, ציט זיך דער אומאיבערגעריסענער שטראָם פון אַנטי־ציוניזם, אמת עס זיינען געווען אייניקע יאָרן אין ראַטנפאַרבאַנד פון אַ געצוימטער טאָלעראַנץ צו לינקן פּועלי ציוניזם און צו דער החלוץ־אָרגאַניזאַציע, ווי צו זײַנע הכשרות, איינע פון די הויפּט־גאַסן פון קיעוו האָט אַמאָל געטראָגן דעם נאָמען פון בער באָראָכאָוו. דער דאָזיקער מצב האָט לאַנג נישט געדויערט און די „לעניניסטיש־מאַרקסיסטישע, רוסיש־קאָמוניסטישע קאָכלעפל, אָריענטירטע און געהעצט פון דער יעווסעקציע, האָבן ליקווידירט די לעצטע סימנים פון ציוניסטישער אַרבעט אין דער גאַנצער לענג און ברייט פון דער ריזיקער רוסישער טעריטאָריע. טויזנטער און צענדליקער טויזנטער ציוניסטן, אָן אונטערשייד פון אידעען, זיינען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, ווו די מערהייט פון זיי האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות אין די ווילדע טייגעס אונטער דער נאַהייקע פון די נײַע רוצחים.

פאַר וועמען דאַרף איך אויפמישן דאָס שוידערלעכע, דאָס בלוטיקע קאַפּיטל פון סטאַלינס מערדערישע מעשים תעתועים קעגן די יידישע שרײַבער, קעגן דער יידישער און העברעישער קולטור אין ראַטן־פאַרבאַנד ?

סטאַלינס רציחות זיינען אויפגעדעקט געוואָרן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט דורך אַ סך פון זיינע מיטאַרבעטער, בראָש מיט כרושטשעוון, אָבער דער לעצ־טער איז שוין אַ לעבעדיקער בר־מינן און די היינטיקע רויט־שוואַרצע מושלים פון קרעמלין האָבן, נישט נאָר נישט געענדערט די קאָמוניסטישע שנאה צום יידישן פאָלק, צו דער אייגענער יידישער באַפעלקערונג, פאַרקערט, זיי האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט, זייער אָפענעם האַס צו דער יידישער מדינה און צו דער ציוניסטישער באַוועגונג, דר. נחום גאָלדמאַנס באַוועגונג, וואָס איז פאַר־גליכן געוואָרן צום נאַציזם.

ווער האָט געשטויסן די סיריער און די עגיפּטער צו פּערמאַנענטע באַ־וואָפנטע אַטאַקעס קעגן די פרידלעכע בויער פון דער יידישער מדינה, אויב ניט זייערע קאָמוניסטישע אַפּוטרופּסים? ווער האָט באַוואָפנט די אַראַבישע „סאָציאַליסטישע" לענדער, וואָס האָבן געשוווירן אויסצוראָטן די ישראלדיקע יידן, אויב נישט די היינטיקע און פריערדיקע קרעמלין כוליגאַנעס? וועמעס וואָפן האָבן ערשט נישט לאַנג איבערגעהאַקט די טייערע לעבנס פון די העכער 700 צה"ל אָפיצירן און חיילים, ווי די געפאַלענע פון דער יידישער קריגס־שיף „אילת", אויב נישט די פון די סאָוועטישע כלי־משחית? ווער דערלאָזט נישט צו אַ פרידלעכן לעבן צווישן די אַראַבישע שכנים מיט דער יידישער מדינה, אויב נישט די קאָסיגין־פּעדאָרענקאָ אַנטיסעמיטן?

דער סאָוועטישער רעזשים האָט אומאויפהערלעך זיך געגרויסט מיט דער שאַפונג פון אַ נייעם טיפּ מענטש אין ראַטנפאַרבאַנד. די מאָסקווער הערשער האָבן געוואָלט איינריידן אַלעמען, אַז דער סאָוועטיש־דערצויגענער בירגער איז דער מענטש פון אַ נייער, מער־גערעכטער און אַנדערש־געפורעמטער מענטש־לעכער געזעלשאַפט, זיינען אויף דער וועלט אַרענע דערשינען די קאָסיגינס און פּעדאָרענקאָס, און מיט זייערע העסלעכע רייד קעגן יידן און קעגן דער יידישער מדינה, בפרט מיט זייערע אומווירדיקע מעשים, באַוויזן דער גאַנצער מענטשהייט, אַז דאָס זיינען די „נייע, בעסערע, גערעכטערע, איידעלע, אידעאַ־ליסטיש - דערצויגענע סאָוועטישע מענטשן". די פּעדאָרענקאָס און זיינס גלייכן פאַרמאָגן די שפּראַך פון געבעלס און שטרייכערס, די איידלקייט פון סטאַלין און זשדאַנאָוו, די נשמה פון נ. ק. וו. ד. - אַגענטן און דעם יושר פון בעריאַן.

ווי זשע קומט דר. נחום גאָלדמאַן צו אַזאַ פיינער געזעלשאַפט? שמעקט נישט פון זיין מאָדנער באַגריסונג אי חניפה אי אַ נייער שתדלנות־פּרווו, איינע פון די צענדליקער, וואָס ער האָט שוין געמאַכט ביי די סאָוועטישע שררות מיט פּרוכטלאָזע רעזולטאַטן?

איינע פון די גרויסע דערגרייכונגען פון ציוניזם איז ניט נאָר די שאַפונג פון דער יידישער מדינה, נאָר דאָס צוריקגעבן יעדן ייד אַ ווירדיקע האַלטונג, כדי מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און מיט אַ גלייכן רוקן, גיין צו די באַפריי־

אונגס צילן פון ייִדישן פאָלק. דער ציוניזם איז זײַן 70 יאָריקער רעוואָלוציע אינעם ייִדישן לעבן, האָט מכשיר געווען ייִדן, זיי זאָלן אויפהערן זאָגן די „הנותן תשועה למלכים" תפילות און מער נישט זינגען קיין מה יפית געזאַנג־גען פאַר די מעכטיקע פון דער וועלט, אָדער פאַר די קליינע נאַרישע פּריצים־לעך, וואָס האָבן אַ ביסעלע מאַכט.

פאַר יעדן ייִדישן מענטש איז דאָך שוין קלאָר, ווי דער טאָג, אַז דער סאָוועטיש־קאָמוניסטישער רעזשים און אַ סך פון זײַנע סאַטעליטן־לענדער, ווי דאָס קאָמוניסטישע פּוילן, טשעכאָסלאָוואַקיע, און אַנדערע, האָבן דערקלערט אַן אָפענע מלחמה דעם גאַנצן ייִדישן פאָלק, בפרט קעגן דער ייִדישער מדינה. דאָס איז נישט קיין „אַלטער קריג", נאָר אַן אמתע מלחמה מיט סאָוועטישע טאַנקען אין די הענט פון עגיפּטישע סאָלדאַטן, מיט סאָוועטישע אַוויאָנען, אַנגעפירט פון מצרישע, איראַקישע און סירישע פליער, מיט סאָוועטישע ראַ־קעטן, וואָס דערטרינקען אַ ייִדישע קריגסשיף מיט ייִדישע מאַטראָזן.

די גאַנצע קאָמוניסטישע וועלט, פון פּעקין ביז אַלבאַניע איז אין מלחמה מיט אונדז, נישט נאָר אויף די שלאַכטפעלדער, נאָר אויך אויף דער וועלט טריבונע פון דער „יון", דערצו דאַרף אײַנגעשלאָסן ווערן דער אומאיבערגע־ריסענער קריג פון קאָמוניזם מיטן ציוניזם, וועמענס ציון טרײַע אָנהענגער זיינען מאַסנווײַז אומגעבראַכט געוואָרן אין די סאָוועטישע טורמעס, אין קאָנ־צענטראַציע לאַגערן און אין די טאָרטור־קאַמערן.

מעג מען באַגריסן אַזאַ שרעקלעכע כנופיה, בפרט אין די הײַנטיקע טעג? האָט דאָך דער סאָוועטישער קריגס־מיניסטער, מאַרשאַל גרעטשקאָ, דערקלערט, אַז ישראל איז איינע פון די געפערלעכסטע שונאים. דאָס האָט ער טאַקע גע־זאָגט בעת דער „פײַערונג" פון 50סטן אַניווערסאַר פון דער סאָוועטישער רע־וואָלוציע".

ווען מען נעמט אין באַטראַכט דעם פאַקט, וואָס דער דאָזיקער גרעטשקאָ, מסתמא פעדאָרענקאָס אַן אוקראַינישער ברודער, האָט ערשט באַזוכט נאַסערן אין קאַירא, האָט זײַן איצטיקע דראָונג קעגן ישראל זייער אַן ערנסטע באַ־דײַטונג.

וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס ייִדישע פאָלק איצט צו דער אָקטאָבער רעוואָלוציע? פאַרוואָס דאַרף אַ ייִדישער מנהיג צושיקן אַ באַגריסונג צו די בלוטיקע סאַטראַפּן, די זין און אייניקלעך פון דער צאַרישער שוואַרץ־מאהדי־קער־פאָגראָם־געזעלשאַפט? ד"ר. נחום גאָלדמאַן ווייסט דאָס זיכער אַזוי גוט, ווי מיר, פשוטע ייִדן, אַז זײַן באַגריסונג מיט דער שתדלנות באַגלייטונג לטובת די סאָוועטישע ייִדן, וועט נישט געשאַנקען ווערן קיין שום אויפמערקזאַמקייט. פאַרקערט זײַן „באַגריסונג" וועט אויסגעלאַכט ווערן, בפרט ווען זי קומט פון דעם פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע...

מסתמא וועלן זיך תיכף אָפּגעפינען ייִדן, וואָס וועלן אַרײַנשושקען אין הונדערטער ייִדישע אויערן מיסטעריעזע ווערטער, וואָס זאָלן באַרעכטיקן ד״ר. נחום גאָלדמאַנס איצטיקע האַנדלונג. אויב עס וועלן זיך געפינען חסידים מיט דער נטייה צו גלויבן, איז דאָס זייער „אמונה״, אָבער דער רוב מנין ובנין פון ייִדישן פאָלק אין דער גאָרער וועלט, מיט די העלדישע ישראל־ייִדן בראש, וועלן נישט געפינען קיין שום באַרעכטיקונג פאַר דער איצטיקער האַנדלונג פון דעם נשיא ההסתדרות הציונית העולמית, פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס.

די ווירקלעכקייט האָט באַוויזן און די אומווירדיקע האַנדלונגען פון וועלט־קאָמוניזם האָבן דאָס באַשטעטיקט (בלויז רומעניע איז אַ יוצא מן הכלל, אָבער נישט צוליב ייִדישער שתדלנות), אַז וואָס מער אַ ייִדישע וועלט־אָרגאַניזאַציע האָט געוואָרפן בריקן צווישן וועלט־ייִדנטום און די ייִדישע ישובים אין די קאָמוניסטישע לענדער, אַלץ שנעלער זיינען זיי מצד די קאָמוניסטישע רעזשימען, צעשמעטערט געוואָרן.

דאָס ייִדישע וועלט־פאָלק, וואָס רינגלט אַרום מיט ליבע און מיט טרײַשאַפט מדינת ישראל, מוז דערקענען זײַן אייגענעם כוח און זיך אַליין מאָביליזירן צו אַ גרויסער אַקציע אויפצוקלערן אַלע דעמאָקראַטישע כוחות אויפן ערד־קײַלעך, דעם פאַרנעם פונעם סאָוועטישן קאָמוניסטישן קרייצצוג קעגן דעם ציוניזם, במילא קעגן ייִדנטום און אַוודאי קעגן מדינת ישראל.

דאָס ייִדישע פאָלק פאַרמאָגט אַ גרויסע נאַציאָנאַלע ווירדע, וואָס קאָן מער נישט סובל זײַן אַזאַ באַגריסונג, ווי דאָס האָט געמאַכט ד״ר נחום גאָלדמאַן, מעג די זעלבע אַפילו האָבן די בעסטע כוונות לטובת אונדזערע ברידער און שוועסטער אין ראַטנפאַרבאַנד.

# אַ וויכטיקער כינוס אין אַן ערנסטער צייט פאַר יידן...

(צום צוזאַמענפאָר פון די נאַציאָנאַלע לאַנדסמאַנשאַפטן)

דאָס אַרגענטינער יידנטום איז, אין דער לעצטער צייט געווען רייך אין צוזאַמענפאָרן, סימפּאָזיומס, רונדע טישן, ימי־עיון, באַגלייט פון אַ שלל רעפעראַטן אויף גאָר ערנסטע טעמעס. די דאָזיקע אַלע כינוסים זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ סך פריער פאַרן אויסברוך פון די לעצטע געשעענישן אין און אַרום דער יידישער מדינה. דאָס האָט בשעתו באַוויזן ווי גרויס ס'איז דער לעבעדיקער אינטערעס פון טויזנטער היגע יידן, פון צענדליקער יידישע אינסטיטוציעס און צענטראַלע ישוב־אינסטאַנצן, זיך צו באַקענען מיט דער אַקטועלער און ניי־צייטיקער פּראָבלעמאַטיק פון יידישן לעבן אין אַרגענטינע, ווי אין די תפוצות ישראל.

מיט דער שפּאַנונג, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די יידישע מאַסן אין דער גאָרער וועלט, בשייכות מיט דער האַנדלונג פון דעם עגיפּטישן היטלער קעגן מדינת ישראל, איז דער היגער ישוב מאָביליזירט געוואָרן, בעסער געזאָגט, ער האָט זיך פרייוויליק צוגעשטעלט צו אַלע סאָלידאַריטעט פאַרזאַמלונגען, צו די זאַמל־פּלעצער, צו די בלוט־בענק, אומעטום ווו מען האָט נאָר געקענט באַווייזן צוגעבונדנקייט צום יידישן היימלאַנד און צו זיינע העלדישע קעמפער.

דאָס אַרגענטינער יידנטום האַלט נאָך דעם פּולס פון די געשעענישן אַרום דער יידישער מדינה אין אייגענעם הארץ, די התלהבות, די יידיש־נאַציאָנאַלע באַגייסטערונג, שטייגט פון טאָג צו טאָג. דאָס איז נישט ענלעך צו אַ קליינעם פלאַם, וואָס צאַנקט און קאָן חלילה וחס אויסגעלאָשן ווערן, דאָס איז אַ גרויסער הייליקער פייער, וואָס וואַרעמט און גיט ליכטיקייט אין אַלע פינצטערע ווינקעלעך פון אונדזער לעבן.

לאָמיר באַזונדערס דערמאָנען די אויסגעצייכנטע און טרייע אַרבעט לטובת דער יידישער מדינה פון די היגע יידיש־נאַציאָנאַלע לאַנדסלייט פאַריינען אין די דאָזיקע טעג און וואָכן פון סכנה פאַרן קיום האומה. דער שרייבער פון די

שורות האָט זיך באַטייליקט אין עטלעכע גרויסע אַקטן פון לאַנדסמאַנשאַפטן וואָס זיינען שוין געשטאַנען אונטערן צייכן פון ערב־געשעענישן אין מיטעלן מזרח און אין די איבערפולטע סאַלאַנען מיט טײַערע און האַרציקע ייִדן האָט מען בחוש געפילט די וויבּרירונג פון אַלע הייסע געפילן, מען האָט געקענט אויפכאַפּן דעם קאָלעקטיוון נשמה־ציטער פאַרן גורל פון מדינת ישראל און ס׳איז געווען רירנדיק און אײַנדרוקספול דאָס בילד פון אמתער אחדות און איבער דעם אַלעם האָבן דאָמינירט פּראַקטישע און קאָנקרעטע מעשים פאַרן ייִדישן פאָטערלאַנד.

די לאַנדסמאַנשאַפטלעכע באַוועגונג אין ייִדישן אַרגענטינע איז, אָן שום ספק, אַ ווירדיקער טייל און באַשטאַנדטייל פון דעם באַוווסטזיניקן און פון דעם ייִדיש־נאַציאָנאַלן פליכט־דערפילנדיקן חלק פונעם היגן ייִדנטום, עס איז גאָרנישט קײַן וווּנדער דער דאָזיקער פאַקט, ווײַל אין די לאַנדסלײַט פאַריינען קאָנצענטרירן זיך די לעצטע רעשטלעך פון מזרח־איירעפּעאישע ייִדן, דער אי־בערבלײַב פון דעם גלאָרײַכן פּוילישן ייִדנטום, ווי פון די ייִדישע ישובים פון אַנדערע איירעפּעישע לענדער, וועלכע האָבן אין אַרגענטינע געפונען אַ מקום מנוחה, האָבן אַריבערגעבּרענגט אַהער די בעסטע ייִדיש־נאַציאָנאַלע און ציו־ניסטישע טראַדיציעס, בויענדיק דאָ דאָס ייִדישע אינסטיטוציאָנעלע לעבן אויף שטאַרקע יסודות פון ייִדישקייט, וואָס איז אַ פעסטע חוט השדרה אינעם אַל־געמיינעם גוף פון דעם היגן ייִדיש־קולטורעלן און ייִדיש־נאַציאָנאַלן ישוב.

ס׳איז דערעפנט געוואָרן דער אויסעראָרדנטלעכער צוזאַמענפאָר פון די נאַציאָנאַלע לאַנדסמאַנשאַפטן, וואָס איז פאַררופן געוואָרן פונעם צענטראַל פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן צוזאַמען מיטן נאַציאָנאַל ראַט. דער אָנגעגעבענער סדר־היום פון כינוס איז אַ גענוגנדער באַראָמעטער אויף צו מעסטן דעם פאַר־נעם פון די אָרגאַניזירער פונעם צוזאַמענפאָר. די צוויי הויפּט־רעפעראַטן: „דאָס פּוילישע ייִדנטום און מדינת ישראל״, וואָס וועט האַלטן מאַרק טורקאָוו און „מדינת ישראל און די נאַציאָנאַלע לאַנדסמאַנשאַפטן״, פון חיים פינקעלשטיין, זיינען די בעסטע עדות, אַז דער תוך און דער תוכן פון כינוס וועט שטיין אונטערן דערקען סימן פון מדינת ישראל, במילא וועט דאָס זײַן אַ גרויסע סאָלידאַריטעטער מאַניפעסטאַציע מיטן ייִדישן היימלאַנד, אויף וועלכער עס וועט קומען צום אויס־דרוק די פולע אידענטיפיקאַציע מיט די בויער און קעמפער פון מדנת ישראל.

מיר ווייסן, אַז די דורכפירער פון דעם כינוס קענען זייער גוט די יעוו־סעקישע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך, נאָך מיט אַ סך יאָרן צוריק, אַרײַנגעכאַפּט אין געוויסע לאַנדסלײַט פאַריינען און זיי פאַרוואַנדלט אין קאַמפּס פּאָזיציעס קעגן דעם ייִדישן פרײַהייטס אַוואַנגאַרד, דער ציוניסטישער באַוועגונג, אַז אין די זעלבע הערשט אַ טיפע שנאה צו דער ייִדישער מדינה, די אַנטי ישראל העצע פון די קרעמל מושלים איז נאָך אַלץ שולט איבער זיי און אפילו אין

טעג פון דער אַראַביש קאָמוניסטישער און אַראַביש פאַשיסטישער אַגרעסיע קעגן ישראל, האָבן געוויסע יעווסעקישע בוגדים געפּרייידיקט שנאה צו ישראל און פריינטשאַפט צום אַראַבישן נאַציאָנאַליזם. ס׳איז געווען גענוג צו לייענען די יעווסעקישע פּרעסע, אין די דאָזיקע וואָכן פון די אויסגעוויקלטע געשעענישן אין מיטעלן מזרח, כדי צו זען די אינערלעכע פּאַרעטער. אָבער לאָמיר זיין טריי צום אמת, אין אַ סך „א. נ. פּראָגרעסיווע״ ל״ל פּאַריינען האָט דער יעוו־סעקיש־סאָוועטישע ים הקרח זיך איינגעבראָכן און גאַנצע קרייעס איז הייבן זיך אָן צעשמעלצן לאַנגזאַם אונטער דעם הייסן אָטעם פון די שווערע שלאַכטן פון צה״ל מיט דעם אַראַבישן קאָמונאַציזם, אונטער דער היץ פון דעם אַנטי־סעמיטישן אָנפאַל אויף ישראל און ציוניסטן. מיר ווייסן, אַז צענדליקער, מעג־לעך הונדערטער זיינען אַריבערגעגאַנגען אינעם לאַגער פון די נאַציאָנאַלע לאַנדס־מאַנשאַפטן, אפשר זיינען זיי נאָך נישט אָרגאַניזאַציאָנעל אַ טייל פון דער דאָזיקער באַוועגונג, אָבער, אַז זיי האָבן זיך שוין געשטעלט מיטן פּנים צו ישראל, מיטאַרבעטנדיק פאַרן קרן המגן, איז נישטאָ דער מינדסטער ספק.

דער כינוס קומט פאָר אין אַ ערנסטער צייט פאַר יידן, ווי פאַר דער יידי־שער מדינה, די יידיש נאַציאָנאַלע לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַרגענטינע, אויסער זייערע ספּעציפישע אַרבעטן פאַר זיך אַליין, וועלן זיי אָן שום צווייפל, דער־פילן זייערע התחייבותן צו די אויפבוי פאָנדן פון ישראל, דערצו וועט נאָך צוקומען אַ נייע פליכט צו זאָרגן פאַר אָרעמע בני־עיר, וואָס געפינען זיך אין ישראל, כדי זיי פונדאַנען העלפן אויף אַ קאָנסטרוקטיוון אופן בייצוקומען קליטה שוועריקייטן. . .

זאָל דער צוזאַמענפאָר באַהויכט ווערן מיטן גייסט פון ישראל סבא און מיט דער נצחון גלאָריע פון צה״ל, באַגלייט פון געשטייגערטע נאַציאָנאַלע מעשים פאַר דער יידישער מדינה.

# וועגן קעגנזײַטיקן דרך ארץ

## (אין שפּיגל פֿון עטלעכע פֿאַקטן)

„דרך ארץ קדמה לתורה", פֿריער פֿאַר תורה דאַרף זײַן רעספּעקט, האָבן געשריבן און געלערנט אונדזערע חכמים, וואָס האָבן מיט דעם געלייגט אַ גרונט יסוד פֿאַר ייִדישער און מענטשלעכער צוזאַמענאַרבעט.

„אם אין דרך ארץ אין תורה" — איז געקומען דער האַרבער אורטייל פֿון געלערנטע ייִדן, גײַסטיקע מנהיגים, וועלכע האָבן געוווּסט, אַז אָן אַ קעגנזײַטיקן דרך ארץ, איז פֿאַראַן די סכנה, אַז ייִדישקייט און אייגענע דערהויבענע קולטור־ווערטן, קענען חלילה וחס פֿאַרדאַרבן ווערן דורך פֿאַרשיידענע זעלבסטהערשע־רישע גבאים און אומטאָלעראַנטע בעלי מאה ודעה...

אויב עמיצער האָט באַדאַרפֿט אויסלערנען די „תורה פֿון דעמאָקראַטיע" אויף איין פֿוס, וואָלט ער בלי שום ספֿק, געקענט זאָגן, אַז דעמאָקראַטיע באַזירט זיך, פֿריער פֿאַר אַלץ, אויף קעגנזײַטיקן רעספּעקט און טאָלעראַנץ. דאָס זײַנען טאַקע די הויפּט־פֿונדאַמענטן אויף וועלכע ס'האַלט זיך די דעמאָקראַטישע אָר־דענונג אין אַ סך מדינות פֿון לאַטיין־אַמעריקע, מערב־אייראָפּע און צפֿון־אַמע־ריקע, אין וועמענס שפּיץ מען מעג אַוועקשטעלן מדינת ישראל אַלס מוסטער.

אין אונדזער אַרגענטינער ייִדישן ישוב האָט טאָלעראַנץ שטענדיק געהאַט די אויבערהאַנט, אַנדערש וואָלט גאָרנישט מעגלעך געווען אויסצובויען אַזאַ גרויסע צאָל ייִדישע אינסטיטוציעס, אַזאַ שול־נעץ, אַזויפֿיל וויכטיקע אַנשטאַלטן און אַזאַ לאַנדסמאַנשאַפֿטלעכע באַוועגונג, בפֿרט ווען די זעלבע ווערן דאָך אָנגע־פֿירט ביז צום הײַנטיקן טאָג אויפֿן יסוד פֿון עסקנות און פֿרײַוויליקייט. אמת, דאָ און דאָרט, ברעכט טאַקע אויס אַ שטיקל מחלוקת אָבער דאָס דויערט נישט לאַנג, ווײַל ייִדן שטעלן תמיד העכער די כלל־אינטערעסן איבער זייערע אייגענע פּערזענלעכע מיינונגס־דיפֿערענצן, וואָס שמעקן אָפּטמאָל מיטן נישט געשמאַקן ריח פֿון כבוד־זוכערײַ און פּערזאָנען קולט...

דאָס אַרגענטינער ייִדנטום האָט זיך קונה שם געווען אין דער ייִדישער וועלט מיט זײַן פֿאָלקסטימלעכקייט, צובונד צו די ציוניסטישע אידעאַלן, מיט זײַן וויר־

דיקן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און אַסימילאַציע, דער עיקר, צום אויפבוי פון דער ייִדישער מדינה.

אַ סך ייִדישע שולעס אינערהאַלב דעם ייִדישן ישוב אין אַרגענטינע און טויזנטער ייִדישע בחורים און בחורות אַלס חלוצים אין מדינת ישראל אויף אַלע שטחים פון אַרבעט און פאַרטיידיקונג שטעלן מיט זיך פאָר די אמתע וויזיט־קאַרטע פון היגן ייִדישן ציבור, דאָס איז דאָס ריכטיקע פּנים פון אונדזער קאָ־לעקטיוויטעט.

אָבער פון צײַט צו צײַט קומען אונטער אַזעלכע פאַקטן, וועלכע קרומען אויס דאָס פּנים פון אַרגענטינער ייִדנטום, בפרט אויף די געביטן פון אינער־לעכער דעמאָקראַטיע, פון קעגנזײַטיקן דרך ארץ, פון אויפריכטיקער טאָלעראַנץ. אָט האָט איר עטלעכע סימנים דערפון: א) דער „בית משה שרת״, וואָס איז אַ טייל און אַ באַשטאַנדטייל פון דער קהילה אין בוענאָס אײַרעס האָט נישט קיין אַנדערן אָוונט אויף דורכצופירן אַ באַערונג צו דעם 2טן יאָרצײַט לזכר דעם אומשטערבלעכן ציוניסטישן מנהיג און מדינה־שמידער, משה שרת ז״ל, ווי אין אַ פּרײַטיק בייַנאַכט. די אָרגאַניזירער פון דעם „אַנדענק״ צוזאַמענקונפט האָבן זיך נישט געשעמט צו באַנוצן דאָס העברעישע וואָרט „אַזכרה״, כדי צו באַ־ווײַזן, אַז מען פּראַוועט טאַקע אַ יאָרצײַט.

וואָס וועלן ייִדן אין אויסלאַנד טראַכטן ווען זיי וועלן איבערלייענען די נאָ־טיץ, אָדער נאָטיצן, וועגן אַן אײַנגעאָרדנטע אזכרה אויפן אָרט פון אַ קבלת שבת? ווי אַזוי וועט מען דאָס אויפנעמען אין מדינת ישראל. מיט רעכט וועט מען פרעגן: איז טאַקע אַלץ דערלויבט? איז מער נישטאָ קיין השגחה פון היגן ראַבי־נאַט, פון דעת הקהל, פון די רעליגיעזע ייִדן און זייערע מוסדות? מוז מען נאָכגעבן אַלצדינג די עטלעכע צענדליק ייִדישע סטודענטן, וואָס געפינען זיך אין „בית משה שרת״ נאָר צוליב זייער ביאָלאָגישן עלטער? ביי ייִדישקייט איז דאָך נישט פאַראַן קיין אונטערשייד, דער חילוק איז דאָך נאָר אין די אידעאַלן וועגן ייִדישן המשך...

ב) די אינסטאַנצן פון אַרגענטינער ייִדנטום אָרדענען איין אַ יאָרצײַט־אַקט צום אָנדענק פון די פאַרטיליקטע ייִדישע שרײַבער אין ראַטנפאַרבאַנד פּונקט תשעה באב בייַנאַכט. זאָל מען נישט אַרגומענטירן, אַז דאָס האָט נאָר געמוזט פאָרקומען מאָנטיק בייַנאַכט, ווען מען קאָן באַקומען אַ סאַלאָן, ס׳שטייט נישט קיינער מיט אַ דראָענדיקער אינסטרוקציע אין האַנט און פאָדערט, אַז די אזכ־רה מוז פאָרקומען נאָר אין דעם אָוונט. ייִדן דאַרפן רעספּעקטירן אײַנגעוואָרצל־טע אין ייִדישן לעבן, טראַדיציע. ווי געפינט זיך די רבנישע אויטאָריטעט פון ישוב? דאַרף טאַקע דער היגער ראַבינאַט גיין אויפן וועג פון לײַכטן ווידער־שטאַנד? איז דער ראַבינאַט אַ רעליגיעזע אויטאָריטעט, דאַרף ער זיך אימפּאָ־

נירן, אויב נישט, רעדוצירט ער זיך אַליין צו אַ נאָטיץ וועגן דער צײַט פון ליכט־בענטשן פרײַטיק פאַרנאַכט...

ג) פאַרבונדן מיט דעם דערמאָנטן מעמאָריאַל־אַקט לזכר די אויסגעמאָרדעטע יידישע שרײַבער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָבן די אָרגאַניזירער נישט געפונען פאַר נויטיק אײַנצולאַדן דעם היגן יידישן ליטעראַטן־און זשורנאַליסטן־פאַריין „ה. ד. נאָמבערג״, צו באַטייליקן זיך אויף דער זעלבער טריבונע מיט זײַנע פאַר־שטייער. פרעגן מיר זיך אַליין: ווי האַלטן מיר אין דער וועלט? האָט דער יידישער שרײַבער פאַריין ווייניקער שייכות צו אַזאַ אַקט, ווי די נישט־יידישע רעדנער? האָט מען ביי אונדז טאַקע פאַרלוירן דעם חוש פאַר דרך ארץ?

די יידישע שרײַבער־משפּחה פילט זיך נישט באַליידיקט פון דעם דאָזיקן פאַקט, אָבער דאָס דינט פאַר אַ ריכטיקע מאָס, מיט וועלכער מען דאַרף מעסטן דעם קעגנזײַטיקן רעספּעקט, דעם ווערט פון געזעלשאַפטלעכער טאָלע־ראַנץ, די הויכע מידה פון צוזאַמענאַרבעט.

די עטלעכע פאַקטן, ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט, אַז דאָס איז געמאַכט געוואָרן אָן בייזע כוונות, אָן שלעכטע אינטענצן, מעגן זײַן אַ וואָרענונג פאַר די אינסטאַנצן פון היגן ציוניזם און ישוב, אויסצומײַדן אין דער צוקונפט אַזעלכע אַקטן און אַקטיוויטעטן, וועלכע זאָלן זײַן אין פולער סתירה צו אונדזער טראַדיציע, אָדער זאָלן זײַן צעקריגט מיט די פּרינציפּן פון דרך ארץ.

ווייל איז אַזאַ ישוב, אין וועלכן רעספּעקט און יידישקייט־אינהאַלט גייען האַנט ביי האַנט און בילדן אַ דערהויבענע גײַסטיקע שותפות.

# מחשבות אויפן הויכן קול

ס'איז נישט אין מײַן כוונה אַרײַנצושפּרינגען אינעם וויכוח וועגן דעם, ווען ייִדן דאַרפן דערמאָנען דעם דאַטום פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. קיי־נער נעמט זיך נישט אונטער צו פסקנען שאלות, בפרט ווען די דיסקוטירנדיקע צדדים „19טער אַפּריל" און „כ"ז ניסן" פרעגן נישט אויף קיין היתר און דערוואַרטן נישט קיין דעציזיעס. באַשטימטע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס האָבן ביי זיך געפּועלט, אַז דער איינציקער וועג אויף צו דערמאָנען די וואַרשעווער געטאָ־העלדן און זייער באַוואָפנטן קאַמף קעגן נאַצי־שונא איז נאָר דער 19טער אַפּ־ריל און די מערהייט פון פאָלק בראש מיט דער ייִדישער מדינה, פירן דורך גרויסע אזכרה־אַקטן לזכר די וואַרשעווער מורדי הגיטו אין כ"ז ניסן. אויפן סדר־היום פון ייִדישן לעבן שטייט נישט מער די דאָזיקע פראַגע, ס'האָט זיך אײַנ־געשטעלט אַ נשמהדיקע איבערצײַגונג פון אַ „וכל המרבה לספר ממרד גיטו וואַרשע, הרי זה משובח", וואָס מער ייִדן פאַרזאַמלען זיך סײַ אין ערשטן דאַטום והן אין צווייטן, און זײַנען זיך מתייחד מיט די העלדישע ייִדישע קעמפער בפרט ווען אַזעלכע אזכרות און זייער אויפטרייסלדיקער אינהאַלט ווערט אַרויס־געטראָגן אויף דער ברייטער ייִדישער און ניט־ייִדישער גאַס, איז דאָס זיכער אַ באַדײַטנדיקער צושטײַער צום הײַנטיקן ייִדישן געראַנגל קעגן אַלערליי נאַצי־פאַשיסטישע ווילד־גראָזן, וואָס וואַקסן און מערן זיך פאַר אונזערע אויגן אי־נעם אַנטיסעמיטישן דזשאַנגל.

דאָס וואָס ס'עגבערט הײַנט צו טאָג אין אַ סך ייִדישע מוחות איז די גאָר ערנסטע פראַגע, צי האָבן מיר באַדאַרפט דערמאָנען הײַ־יאָר, אין יאָר 1967, דעם 24טן יאָרטאָג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד אין דער דאָזיקער פאָרם וואָס מיר האָבן אים דערמאָנט? צי זיינען גענוג בלויז די אַזוי גערו־פענע „אַקטן" אויף צו הייליקן דעם אָנדענק פון די 6 מיליאָן קדושים וטהורים?

מיר דאַכט, אַז די דאָזיקע דערמאָנונג וואָלט גראָד הײַ־יאָר געדאַרפט אָנע־מען אַן אַנדערע פאָרם. מען וואָלט געדאַרפט אַרויסגעבן אַ פאַסיקן פלאַקאַט און צוגרייטן צענדליקער טויזנטער פלוג־בלעטלעך מיט אַן אויפקלער־אינהאַלט וועגן דער באַדײַטונג פון טאָג און אַ וואָרענונג קעגן נאַציזם אין אַלע זײַנע פאָרמען און קאָלירן. עס וואָלט אַוודאי גוט געווען ווען מען פועלט בײַ ייִדן

צו שליסן די געשעפטן אין דעם טאָג; קאָנצענטרירן עטלעכע טויזנט ייִדישע יוגנטלעכע אויף איין פּלאַץ, ווי אַ פאַרזאַמלונג ערב דער גרויסער פאָלקס־קאָנצענטראַציע, און דער עיקר, דורכפירן אין זעלבן אָוונט לכל הפּחות 60־70 אַזכרה אַקטן אין אַלע וויכטיקע ייִדישע ישובים אין אינערן פון לאַנד. אויך וואָלט דער היגער ראַבינאַט באַדאַרפט אויסרופן אַ תענית ציבור און פאַרזאַמלען, אין די פרימאָרגן שעהן פון דעם באַשטימטן איכה־טאָג, טויזנטער און טויזנטער ייִדן פון גאַנצן לאַנד, אין די בתי כנסיות, כדי זיי נשמהדיק־רעליגיעז צו פאַרבינדן מיט די מיליאָנען אומגעקומענע קדושים. אַלץ צוזאַמען: די טרויערנדיקע ייִדישע היים, די בתי תפילה, די געשלאָסענע ייִדישע אינסטיטוציעס, די פאַרמאַכטע ייִדישע געשעפטן און פאַבריקן, די גרויסע יוגנט קאָנצענטראַציעס, די פונאַנדערגעקלעפּטע אַפישן איבער גאַסן פון שטעט און שטעטלעך און די צענדליקער אזכרה־אַקטן, וואָלטן געקענט פאַרוואַנדלען, דעם יום השואה והמרד אין אַ ייִדיש־פּילנדיקן, ווי אין אַ ציבורדיקן תשעה־באב־טאָג, אין וועלכן אַ האַלבער מיליאָניקער ייִדישער ישוב האָלט אײַן זײַן אָטעם, בויגט דעם קאָלעקטיוון קאָפּ מיט יראת הכבוד פאַר די קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ און פון אַלע געטאָס.

צא ולמד: דער ייִדישער ישוב האָט זיך געמעגט אויסלערנען די צער און צאַרן־לעקציעס פון אַ קלענערער קאָלעקטיוויטעט, ווי דאָס איז די אַרמענישע אין אַרגענטינע. 52 יאָר זײַנען שוין אָפּגעלאָפן נאָך דער גרויזאַמער שחיטה פון די יונג־טערקן, וואָס האָבן אויסגעשאָכטן אַנדערהאַלבן מיליאָן אַרמענישע מענער, פרויען און קינדער. דאָך האָבן די אַרמענער אין אַרגענטינע, בפרט אין בוענאָס אײַרעס, מיט געציילטע וואָכן צוריק, דערמאָנט זייערע הרוגים, זייערע מאַרטירער, מיט ווירדע, מיט נאַציאָנאַלער רעספּעקט, מיט אַ צער־באַוווסטזיניקייט, וואָס האָט גערירט ביז טרערן. די גאַסן פון דער הויפּט־שטאָט זײַנען געווען פאַרקלעפּט מיט לאָזונגען און אַפישן, פון וועלכע עס האָט אַראָפּגעשריגן דער צער פון אַ קליין פאָלק. אָבער עס האָט זיך אָנגעזען און יעדער האָט געפילט די גרויסע טראַגיק פון דעם דאַטום. די געשעפטן זײַנען געווען הערמעטיש געשלאָסן און די אַרמענישע פאָלקס פאַרזאַמלונגען, דווקא עטלעכע, זײַנען געווען ריזיקע פּראָטעסט־מאַניפעסטאַציעס קעגן די מערדער.

זאָל מיר אויך דערלויבט זײַן צו דערמאָנען, אַז ווען די היגע נאַציאָנאַלע פּאָסט האָט אין די טעג פון פּרעזידענט איליאַ, געהאַט בדעה אַרויסצוגעבן אַ פּאָסט־מאַרקע צום אָנדענק פון קעמאַל־אַטאַטורק, אונטער וועמענס הערשאַפט עס איז פאָרגעקומען די אַרמענישע אויסראָטונג, איז דאָס גאַנצע אַרגענטינער פאָלק געווען אַ לעבעדיקער עדות פון דעם עפנטלעכן פּראָטעסט פון דער דאָזיקער קאָלעקטיוויטעט, סײַ דורך איר דענונסירן פאַר דער עפנטלעכקייט דעם

אומגערעכטן טאַט, וואָס די אַרגענטינער רעגירונג וויל באַגיין, סײַ אויך דורך עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען. די דאָזיקע פאָסט־מאַרקע איז טאַקע קיינמאָל ניט דערשינען.

וואָס פאַר אַ פאַרגלײַך איז צווישן דעם אַרמענישן חורבן און אומקום און דער פאַרניכטונג פון 6 מיליאָן יידן, צווישן זיי אַ מיליאָן יידישע קינדער? אמת, ביי יעדן פאָלק איז דער צער אַ גרויסער, די יסורים אומגעהויערע, דער ווייטיק, אַ הימלשרײַענדיקער, ווער קאָן נאָך אַזוי פאַרשטיין די צער־שטימונגען פון אַ לײַדנדיק פאָלק, ווי מיר יידן? אָבער אונדזער ווייטיק, אונדזער צער, דער פײַן פון אייגן בלוט און פלייש, איז שטאַרקער, איז נענטער, צערײַסט טיפער די אייגענע נשמה און לאָזט איבער אומהיילבאַרע וווּנדן.

דערפאַר האָט דאָס אַרגענטינער יידנטום באַדאַרפט דורכפירן דעם יום־השואה אין אַזאַ טאָג, וואָס זאָל אַרויספירן יידן פון זייער טאָג טעגלעכקייט און זיי אַרײַנברענגען אין דעם גרויסן יידישן פאָלקס צער און אַרויסברענגען דעם פראָטעסט קעגן דעם איצטיקן אַלערליי־פּנימדיקן שונא. אַ תשעה באב מעת לעת פון יידישן חשבון הנפש פאַר יידישקייט און ציוניזם האָט דער דאָזיקער טאָג געדאַרפט זײַן.

# אין קרומען שפּיגל פון דער יידישער ווירקלעכקייט

## אַ שטילקייט פאַר אַ שטורעם

ס'איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אויף דער היגער יידישער גאַס אַזאַ בית־עולמדיקע שטילקייט ווי דאָס מאָל. אמת די היצן, די פייכטקייט, דער שווערער קלימאַט שוואַכן אָפּ דעם גוף, אָבער זיי אַטראָפּירן נישט די אברים, זיי פּאַרמאַטערן טאַקע די ענערגיעס און אָנשטרענגונגען, אָבער זיי פּאַראַלי־זירן נישט דעם מוח. ס'איז טאַקע נישט לייכט ממשיך צו זיין די געזעלשאַפט־לעכע אַקטיוויטעט, אָבער ס'איז גאָרנישט שווער זיך צו פאַרטראַכטן איבער אַק־טועלע ענינים פונעם היגן יידישן לעבן.

ווען איך באַנוץ דאָס וואָרט „שטילקייט" בין איך מיך מתכוון נאָר צו דער ברייטער יידישער עפנטלעכקייט, צו דער אָרגאַניזירטער יידישער געזעל־שאַפטלעכקייט, וואָס האָט אין דער לעצטער צייט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קאָנ־סעקווענטן שותק, דאָס איז אַזאַ „חכמה שתיקה", וואָס ברענגט נישט קיין גע־זונט... מיט אַנדערע ווערטער קאָן דאָס הייסן, אַז דער אָרגאַניזירטער יידישער ישוב פון אַרגענטינע האָט זיך געשטעלט מיטן רוקן צו דער אַקטועלער פּראָ־בלעמאַטיק, סיי פון היגן יידנטום, ווי פונעם יידישן פאָלק אין די תפוצות.

אַוודאי דאַרף געזאָגט ווערן, אַז נישט אומעטום איז טאַקע אַזוי שטיל, הנה לא ינום ולא ישן שומר ישראל, די אָנפירנדיקע אינסטאַנצן פונעם אַר־גענטינער יידנטום בראש מיט דער „דאַיאַ" שטייען אויף דער וואַך צום שוץ פון יידישן כבוד, דער מגבית המאוחדת לישראל מאַכט שוין איצט די גרייטיקע הכנות צום קומענדיקן לאַנד כינוס פון חודש מערץ ד. י. די צענטראַלע ציוניסטישע קערפּערשאַפט, די א. ס. א. גרייט פּלענער פון רעאָרגאַניזאַציע און באַנייונג, דער ועד החינוך המרכזי, צוזאַמען מיט דער „דאַיאַ", זיינען טיף באַזאָרגט וועגן דער „טאָפּלטער שול־דערציִונג", וואָס באַדראָט אַ סך טויזנטער יידישע קינדער אין שול עלטער מיט דער ערנסטער סכנה, זיי זאָלן חלילה אָפּגעריסן ווערן פון יידישן לימוד און חינוך. אויך אויפן שטח פון יידישער און העב־רעישער קולטור־אַרבעט געפינען זיך יחידים מיט פולע הענט אַרבעט, אין

ייִוואָ, ווי אין ייִדישן שרײַבער־פאַריין „ה. ד. נאָמבערג״. אין ייִדישן קולטור־קאָנגרעס, ווי אין דער הסתדרות עברית און אין „חוג עליון לתנ״ך, ווען מען איז נאָך מוסיף די פאַרשטאַרקטע אַרבעט פון דער ייִדישער קהילה און פון אַלע אירע אָפּטיילונגען איז פאַראַן אַ גרויסער סכום פון דערגרייכונגען און אָנשטרענגונגען, אַרבעט און רעאַליזאַציעס. ס׳איז דאָ אפילו אַן אַלט־נײַע און באַנײַטע איניציאַטיווע צו שאַפן אַ ייִדיש־נאַציאָנאַלן טעאַטער, וואָס זאָל זײַן דאָס אייגנטום פונעם גאַנצן אָרגאַניזירטן ייִדנטום. די דאָזיקע איניציאַטיוו־גרופּע האַלט אָפּ באַראַטונגען און פאַרזאַמלונגען און אירע אויפגאַבן און אָנגעצייכנטע אַרבעטס פּלענער האָבן געפונען אַ גרויסן אָפּקלאַנג אין דער קהילה, ווי אין ברייטע קרײַזן פון דער היגער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט בפרט צווישן קולטור־ייִדן, מעגן זיי געהערן צו פאַרשידענע ציוניסטיש־אידעאָלאָגישע ריכטונגען. דאָס זאָגט אָן אויף נײַע פּאַרמעסטן לטובת דעם בעסערן ייִדישן טעאַטער אין אונדזערע ביידע נאַציאָנאַלע לשונות, באַגלייט פונעם רצון צו שפּילן ייִדיש־נאַציאָנאַלע פּיעסן אויף דער לאַנד שפּראַך פאַר אַזעלכע עלע־מענטן, וועלכע קענען אויך דורך דעם דערנענטערט ווערן צום ייִדישן לעבן. די דאָזיקע איניציאַטיווע האָט דערמעגלעכט צענדליקער טאַלאַנטפולע באַגאַבטע ייִדישע שוישפּילער און אַרטיסטן צו שאַפן שוישפּילערישע קאָלעקטיוון אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות און דאָס אַלץ ווערט געמאַכט מיט אידעאַליזם, מיט אינערלעכער סאַטיספאַקציע און ס׳איז צו דערוואַרטן גאָר גוטע רעזולטאַטן אויף להבא.

די אַלע אויסגערעכנטע און אַ סך נישט דערמאָנטע טעטיקייטן פון די היגע ייִדישע אינסטאַנצן, אינסטיטוציעס און קערפּערשאַפטן, געפינען זיך נאָך אַלץ אין רשות היחיד, אָדער אין רשות היחידים, גאָר צום רשות הרבים איז דאָס נאָך נישט דערגאַנגען. אין דעם ליגט דער הויפּט־מאָטיוו פון דער שטילקייט אויף דער ייִדישער גאַס, ווײַל די ייִדישע מאַסן ווערן נישט גענוג אינפאָרמירט און במילא זעלטן ווען מאָביליזירט פאַר גרויסע אַקציעס און אויפגאַבן. ס׳איז נישט גענוג, וואָס אין דער א.ס.א. איז מען בייז אויף דעם סעקרעטאַר פון דער קהילה פאַר זײַנע דערקלערונגען, וואָס ער האָט געמאַכט אין דער ישראלדיקער צײַטונג „דבר״ וועגן דער אומאָקטיווויטעט פון דער העכסטער ציוניסטישער אינסטאַנץ אין לאַנד, די ציוניסטישע ריכטונגען אין לאַנד, די טויזנטער ציוניסטן אין בוע־נאָס אײַרעס און אין דער פּראָווינץ ווו דער דעת הקהל, ד״ה דער קהל מיט אַן אייגענעם דעת, דאַרפן וויסן פאַרוואָס איז ברוגז די אָ.ס.אָ. אפשר איז איר כעס נישט באַרעכטיקט ? אפשר איז די אויפרעגונג יאָ באַזירט אויף גערעכטע טענות ? אויך די „דאַיאַ״ קאָן נישט אַלץ דערציילן, דאָס איז אַן אַבסאָלוטער אמת, אָבער איר אָנפירערשאַפט האָט 2 מעגלעכקייטן: 1) פּאַרעפנטלעכן קאָמוניקאַטן אין דער היגער ייִדישער טאָג־פּרעסע וועגן ענינים וואָס מען קאָן און מען דאַרף באַרירן, למשל פראַגן פון אינערלעכער אַחדות און פרײַוויליקער דיסציפּלין אי־

נערהאַלב דעם אַרגענטינער יידנטום, די „דאַיאַ" וואָט באַדאַרפט אײַנפירן אַ רובריק אין דער שפּאַנישער יידישער פּרעסע מיט ווענדונגען וועגן פאַרשטאַרקן יידישקייט צווישן עלעמענטן, וועלכע זיינען נישט דערצויגן אויף דער שויס פון דער יידישער און העברעישער קולטור און טראַדיציע א. ד. גל.; 2) אײַנפירן אַ חודשלעכן דיאַלאָג מיט יידישע און יידיש־שפּאַנישע שרײַבער און זשורנאַליסטן, כדי זיי צו האַלטן אינפאָרמירט וועגן אַלץ, וואָס מען קאָן נישט פאַרעפנטלעכן. דער עיקר, צו זײַן באַוואָפנט מיט געניג געדולד, כדי אויסצוהערן אָפּשאַצונגען און אויפנעמען פאָרשלאָגן, דיסקוטירן שטאַנדפּונקטן און קלאָר מאַכן אַ סך פּראָבלעמען, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן היגן יידנטום און מיטן יידישן וועלט־פאָלק, אײַנגעשלאָסן ישראלדיקע ענינים. די קהילה און דער ועד הקהילות, די „דאַיאַ" און דער ועד החינוך המרכזי דאַרפן האַלטן אינפאָרמירט דעם אָרגאַניזירטן יידישן ציבור וועגן דעם האַרבן פּראָבלעם פון „טאָפּלטער שול־דערציאונג" און דורכפירן פאַרזאַמלונגען מיט שול־עסקנים אַפילו אין די טעג פון די גרעסטע היצן.

לאָמיר אָנעמען, אַז די איצטיקע שטילקייט איז אַ פּרוזדור צו אַ שטורעם. דאָס היגע אָרגאַניזירטע יידישע לעבן קאָן נישט פליסן ווי וואַסער אין אַ קליין טײַכל. דער היגער יידישער ישוב מוז זײַן וואַכזאַם, ענערגיש, מעשים־רײַך און דאָס וויכטיקסטע ער מוז פילן, אַז צווישן אים און זײַנע אָנפירער איז נישטאָ קיין תהום, ליגט נישט אַזאַ דיסטאַנץ, וואָס זאָל נישט דערמעגלעכן די קעגנזײַטיקע מיטאַרבעט און בשותפותדיקע אַקציעס.

פון דער איצטיקער שטילקייט אויף דער היגער יידיש־ציוניסטישער און געזעלשאַפטלעכער גאַס דאַרף מען קומען צו וויכטיקע מסקנות און איינע פון זיי דאַרף זײַן דאָס משתּף זײַן צענדליקער טויזנטער יידן אין אַלע אַקטיוויטעטן לטובת דעם היגן יידנטום, פאַר די יידישע ישובים אין דער גאָרער וועלט און ועל כולם פאַר דער יידישער מדינה. דורך דעם וועט פאַרשאָטן ווערן דער תהום צווישן עסקנים און ברייטע שיכטן פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און במילא וועט פאַרשטומט ווערן די רכילות און ס'וועט אויסגעלאָשן ווערן דאָס פײַער פון צאָרן קעגן אַ באַשטימטע צאָל היגע שליחי ציבור, וואָס ריידן אין לאַנד, ווי אין אויסלאַנד אין נאָמען פון אַ ציבור, וואָס שטייט מן הצד פון דער גאַנצער יידישער פּראָבלעמאַטיק.

מיר אַלע דאַרפן געפינען דעם כוח צו פאַרוואַנדלען די איצטיקע פּאַסיוויטעט אויף דער יידישער גאַס אין גרויסע מעשים פאַרן יידישן פאָלק און פאַר זײַן מדינה.

## דאָס „נײַע דײַטשלאַנד" מיט אַלטן נאַציזם

ווי לאַנג איז דען אין דעם, ווען אויף דער וועלט־טריבונע פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין בריסל, האָבן ייִדן אויפגענומען מיט פאַראַד דעם „גוטן" דײַטש אויגען גערסטענמייער, דעם ווירקנדיקן און אויטענטישן פאָרשטייער פון „נײַעם דײַטשלאַנד, כדי ער זאָל רעדן צו יידישע דעלעגאַטן און דורך זיי צום גאַנצן ייִדישן פאָלק. דאָס איז געשען מיט געציילטע עטלעכע חדשים צוריק. און הײַנט ליגט פאַר מיר אַ ישראלדיקע צײַטונג מיט אַן אַרטיקל, וואָס טראָגט דעם פילזאָגנדיקן נאָמען: „צדיק הדור" גערסטענמייער מיט אַ פאַרעפנטלעכן פאַק־סימיל פון איינע פון גערסטענמייערס בריוו, וואָס ער האָט געשריבן בשעת ער איז געווען ממונה אויף דער עוואַנגעלישער קירכע ביים דײַטשן (נאַצישן) רע־ליגיע־מיניסטעריום, דער דאַטום פון בריוו איז פון 27טן יוני 1941 און איז געחתמעט אייגנהענטיק פון אויגען גערסטענמייער, וועלכער פאַרענדיקט מיט אַ „הייל היטלער", ימח שמו וזכרו. אין זעלבן בריוו פון דעם נײַ־געבאַקענעם און דורך געוויסע ייִדן געכשרטע עקס נאַציס געפינען זיך אָנווײַזונגען, אַז מען דאַרף אָריענטירן די פאָרשטייער אין די דײַטשישע אַמבאַסאַדעס צו העלפן יונגעלײַט פון פאַרשיידענע לענדער (פון נישט־דעראָבערטע פאַרשטייט זיך) צו קומען קיין דײַטשלאַנד מיטן באַדינג, זיי זאָלן לערנען און באַאײַנפלוסט ווערן פונעם דײַ־טשן נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן גײַסט. מיר ווייסן, אַז ביים איצטיקן דײַטשן פאָלק האָט זיך זייער ווייניק געביטן אין באַצוג צום נאַציזם. די מיליאָנען נאַציס, וואָס האָבן געבראַכט אויפן ייִדישן פאָלק טויזנטער מיתות משונות, דרייען זיך אַרום פראַנק און פרײַ און זיינען די לערער און די העלדן פאַר דעם נײַעם אונטערוואַקסנדיקן יונגן דור דײַטשן. פאַרוואָס האָט זיך אין געוויסע מנהיגים פון ייִדישן פאָלק אַרײַנגעכאַפּט דער פילאָ־גערמאַנישער דיבוק? ווער האָט זיי געגעבן אַ רעכט צו כשרן עקס־נאַציס און זיי פאַרוואַנדלען אין „גוטע דײַטשן"? ווו איז דער אויטענטישער קול יעקב, וועלכער זאָל נישט אויפהערן וועקן און מאָנען גערעכטיקייט ביי דער בעסערער מענטשהייט צום שארית ישראל און טיפע פאַראַכטונג צו אַלע נאַציס פון מערב און מזרח־דײַטשלאַנד, ווו אין איין טייל פון דעם פאַרשאָלטענעם לאַנד זיינען זיי געוואָרן „טרײַע דינער פון דער דעמאָקראַטיע" און „ליבהאָבער פון ייִדישן פאָלק" און אין צווייטן טייל פון עמלך לאַנד האָבן זיי זייערע פאַרברעכנס געפּאַרבט אויף קאָמוניסטיש רויט, קעמפנדיק קעגן דער „פאַרפוילטער דעמאָקראַטיע", פאַר אַ נײַער וועלט... אַמאָל האָבן ייִדן געהאַט געבוג מוט, נישט נאָר צו שאַפן זעלבסטשוץ, כדי זיך פיזיש צו פאַרטיידיקן קעגן נישט־יידישע מערדער, נאָר זיי האָבן געהאַט געבוג אינערלעכן שטאָלץ אין דער נשמה צו פאַראַכטן דעם שונא אויף אייביק. קעגן קאַטוילישן שפּאַניע, וואָס האָט ייִדן מיט 500 יאָר צוריק געפירט אויף

שייטערהויפנס, איז קיינמאָל נישט פּראָקלאַמירט געוואָרן קיין חרם, ווײַל מען האָט נישט געדאַרפט אָנקומען צו אַ קאָלעקטיוון חרם, אויסגערופן פון די רבנים און מנהיגי הדור פון יענער תקופה, ווײַל יעדער ייד פון יענעם געפּײַניקטן דור האָט ביי זיך אין האַרצן פּראָקלאַמירט דעם חרם קעגן שפּאַניע. דאָס איז געווען די ווירדיקסטע רעאַקציע קעגן אַ מלכות הרשעה, וואָס האָט נאָך עמלקן, זיך פאַרמאָסטן אויסצוראָטן גײַסטיק דאָס שפּאַנישע יידנטום, אָבער ווער קאָן פאַרגלײַכן, דאָס רשעות פון אַ טאָרקוועמאַדאַ צו דער מאַסן־אויסראָטונג פון יידן דורך דעם נײַעם און שווידערלעכן פאַרברעכער עמלק, דעם נאַציזם. אין יענער צײַט האָט אַ ייד געהאַט אַ ברירה, ער האָט געקענט ראַטעווען זײַן גוף און פאַרניכטן זײַן יידישע נשמה. ביים היטלעריזם איז נישט געווען קיין שום אויסוועג צו יחידישער אָדער קאָלעקטיווער יידישער רעטונג. אַלץ האָט זיך פאַרענדיקט מיט יידן־פאַרטיליקונג. איך ווייס נישט וויפל צענדליקער יאָרן דאָס דאָזיקע עמלק לאַנד האָט באַדאַרפט זײַן פאַרשאָלטן אין אַלע יידישע הערצער, איינס איז מיר קלאָר, אַז אין אונדזער דור האָט דײַטשלאַנד פאַרדינט אונדזער יחידיש יידישע און יידיש־קאָלעקטיווע קללה. זאָלן זיך נישט געפינען קיין מליצי יושר וואָס זאָלן אונדז אײַנרעדן, אַז היטלער האָט אויך גע־מאָרדעט רוסן, פּאָלאַקן, פראַנצויזן, הרוב געמאַכט זייערע שטעט און געבראַכט פאַרוויסטונג אויף זייערע אײַנוווינער און דאָך לעבט מען ווידער בשלום מיט דײַטשלאַנד. אַנדערע פעלקער קענען טאָן, וואָס זיי ווילן, אָבער מיר נאַציאָנאַלע שטאָלצע יידן, באַוווסטזיניקע מענטשן, ווייסן נאָר איין טראַגישן אמת, אַז דער נאַציזם האָט צוגעגרייט די אויסראָטונג פון גאַנצן יידישן פאָלק. דאָס איז גע־ווען דער אלף און די תיו פון דער פאַרשאָלטענער נאַצישער לערע. דאָס טאָרן מיר נישט פאַרגעסן.

וויפל אויגען גערסטענמייערס און גלאָבקעס אין הײַנטיקן דײַטשלאַנד האָ־בן זיך פאַרשטעלט פאַר נעבעכדיקע שעפּסעלעך און הינטער זייערע פעלעכלעך ליגט די נאַצישע חיה און בענקט שטילערהייט נאָך נאַצישע טעג פון גלאָריע?

אויב די גערסטענמייערס זיינען אַזעלכע „צדיקים" אינעם נײַעם דײַטש־לאַנד, ווי אַזוי זעען שוין אויס אירע אמתע רשעים?

דאָס יידישע פאָלק בכל תפוצות ישראל און די יידישע מדינה דאַרפן אַראָפּ־וואַרפן פון זייערע טראָגנעץ די ווירדעלאָזע מנהיגים און אָנהויבן אַ נײַעם גע־ראַנגל קעגן די סכנות פונעם דײַטשן נאַציזם.

# פאַרצייכענונגען

## א.

### פיזישער כוח און יידישן גייסט...

מיט אַ וואָך צוריק איז מיר אויסגעקומען, אויף דער פאַרבעטונג פון דער לאַנוסער „אחדות ישראל" און פון קולטור דעפּאַרטאַמענט פון דער קהילה, צו זײַן דער גאַסט־רעדנער אויף אַ פײַערלעכן חנוכּה אָוונט. די נאַכט איז געווען אַ הייסע, אַן אָנגעגליטע פון דער ברענענדיקער טאָג־זון און אין בית הכנסת האָבן זיך געזאַמלט אַ סך לאַנוסער טײַערע יידן, באַוווסטזיניקע ציוניסטן און נאַציאָנאַלע עסקנים, ביסלעכווײַז איז דער גרויסער זאַל אויסגעפולט געוואָרן מיט אַ היפּשן עולם, וואָס איז געקומען צום קאָלעקטיוון חנוכּה יום טוב, כּדי צו דערמאָנען דעם חשמונאימדיקן קאַמף פון בימים ההם און אַרויסצוהייבן די הײַנטצײַטיקע גבורות פון דער העלדישער ישראל אַרמיי פון בזמן הזה.

אַ האַלבע שעה פריער פאַרן אָנהייבן דעם חנוכּה יום טוב, האָט מײַן גוטער פרײַנט און חבר איסר קאַמינסקי, וועלכע איז איינער פון די הויפּט־שמידער פון יידישקייט און ציוניזם אין לאַנוס, אַ ייד אויף וועמענס חשבון מען דאַרף דיסקאָנטירן אַ סך גוטע אויפטוען אין דעם יידיש זאַפטיקן לאַנוס, מיך אײַנגעלאַדן צו באַזוכן דעם יידישן ספּאָרט פּלאַץ מיט אַלע זײַנע אײַנ־ריכטונגען, וואָס טראָגט דעם נאָמען „בית עם" און וואָס האָט דעם לאָקאַלן יידישן ישוב אָפּגעקאָסט שווערע מיליאָנען פּעזאָס, אָריענטירט פון דער גוטער כּוונה אײַנצוהאַלטן די אייגענע קינדער אין די ראַמען פון נאַציאָנאַלער און ציוניסטישער יידישקייט דורך ספּאָרט, פאַרווײַלונגען, טאַנץ־אָוונטן, שווים־פאַר־מעסטן און דורך דעם זיי אַרײַנברענגען אין גדר פון יידישן גײַסט, פון אַרויס־רופן ביי די יידישע יוגנטלעכע פון לאַנוס אַ לעבעדיקן אינטערעס צו דער יידי־שער קולטור איןביידע נאַציאָנאַלע לשונות. מיט איין וואָרט, די בויער און שאַפער פון דעם ספּאָרט־צענטער האָבן געוואָלט פאַרייניקן די שיינקייט פון יידישן גײַסט מיט געזונטע יידישע מוסקולן, מיט אַ גוט טרענירטן, אויסגע־ספּאָרטעוועטן פיזישן כּוח.

איז דער פּרווו געלונגען? האָט זיך אײַנגעגעבן דער דאָזיקער פאַרמעסט

פון טײַערע ייִדישע עסקנים? איז טאַקע פאַראַן אַ שמץ אמת אין דער לאָזונג פון אַ „שײנעם ייִדישן גײַסט און אַ געזונטן ייִדישן קערפּער?

ווי געזאָגט, האָב איך באַזוכט דעם ספּאָרט־פּלאַץ אַ האַלבע שעה פריער פאַרן חנוכה יום טוב, און דאָרט אָנגעטראָפן אויף עטלעכע צענדליק ייִדישע יונגעלײַט אין ספּאָרט־מלבושים. איר האָט באַדאַרפט זען, מיט וואָס פאַר אַן אײגענער היץ, אויסער דער דרויסנדיקער חמימה, זײ האָבן געשפּילט פוטבאָל, נאָר אַ זאַכקענער אויף ענטוזיאַזם איז דאָס ביכולת צו באַשרײַבן.

איך האָב געזען די פּרעכטיקע און קאָסטבאַרע אינסטאַלאַציעס, פון דעם שווים־באַסײן ביז די גימנאַסטיק אײַנריכטונגען, פונעם באַר און רעסטאָראַן ביז דעם ספּאָרט־פּלאַץ, אַלץ צוזאַמען האָט אויסגעזונגען אַ מאָדנע „שירה" צום ייִדישן גוף, אפילו צום ייִדישן מאָגן, אָבער פאַרן ייִדישן גײַסט האָב איך נאָר געפונען אַ זײער אינטערעסאַנטע וואַנט־צײכענונג, וואָס אַ יוגאָסלאַווישער קינסטלער האָט געמאַכט און שטעלט מיט זיך פאָר אַן אומפאַרגעסלעך בילד, וואָס זײַן אָנהויב איז „יציאת מצרים" און ענדיקט זיך מיט דער רעאַליזאַציע פון „הרצלס גאולה וויזיע". דאָס איז די אײנציקע גײַסט צײכענונג אויף אַ וואַנט פון לאַנוסער „בית עם", פון דאָרטיקן ייִדישן ספּאָרט־צענטער. פאַר מיר אין דער צײַט פון מײַן בליץ־באַזוך, איז דאָס דאָזיקע קונסט־ווערק געווען דער אײנציקער ייִדיש־גײַסטיקער דערקען־צײכן פון דער לאָקאַלער ייִדישער יוגנט.

נישט נאָר מיר האָט ווײ געטאָן די אינדיפערענץ פון דער דאָזיקער ייִדישער ספּאָרט־יוגנט פון לאַנוס צום חנוכה יום טוב, וועלכער האָט זיך באַדאַרפט באַלד אָנהויבן און אין וועלכן זײ האָבן אפילו נישט געטראַכט זיך צו באַטײליקן, אויך מײַן חבר קאַמינסקי האָט שווער געליטן פון דער גלײַכגילטיקײט, נישט נאָר פון די ייִדישע יוגנטלעכע פוטבאָל־שלײַדערער, נאָר אויך פון די עטלעכע עלטערע עסקנים, וועמענס אויפמערקזאַמקײט ער האָט גערופן אויף דער דאָזיקער מאָדנער באַציאונג צו אַ גלאָרײַכן ייִדישן דאַטום. מיר זײַנען צוריקגעקומען אין בית הכנסת, וווּ עס זײַנען געווען פאַרזאַמלט דרײַ דורות: זײדעס, עלטערן און יונגיטשקע תלמידים פון דער אָרטיקער ח. נ. ביאַליק שולע, אָבער די יוגנטלעכע, וועלכע מיר האָבן געזען אויפן ספּאָרט־פּלאַץ, בכלל די עלעמענטן פון „2טן דור" האָבן געגלאַנצט, ווי שטענדיק מיט זײער אָפּוועזנהײט, הגם אײ־נעם אָראַטאָרישן טײל האָט פיגורירט אַ רעדע אין שפּאַניש וועגן דער באַדײַטונג פון חנוכה פון דעם אָרטיקן יונגן ייִדישן גײַסט־מענטש, דר. ישראל מנקר, אַ מוסטערהאַפטער ייִדישער יונגערמאַן, מיט אַ ציוניסטישן דרך אין לעבן, פון וועמען אַ סך ייִדישע יוגנטלעכע, סײַ פון לאַנוס און פון בוענאָס אײַרעס, דאַרפן זיך אָראָפּנעמען אַ בײַשפּיל וועגן ציוניזם און ייִדישקײט.

בלויז עטלעכע גאַסן האָבן אָפּגעטײלט בײדע ייִדישע פּלעצער: דער בית הכנסת „אחדות ישראל" פון דעם ייִדישן ספּאָרט־פּלאַץ מיטן פילזאַגנדיקן נאָמען

און טיטל: „בית עם". דאָס איז אַ קליינער געאָגראַפישער מרחק, אָבער אין ייִדי־שן אינהאַלט, אין ייִדישן גייסט, איז געבליבן אַ טיפער און ברייטער תהום. אין ערשטן פּלאַץ, אַ חנוכה יום טוב מיט אַ ייִדישן אַריינבליק אין דער אַלטער געשיכטע פון אונדזער פאָלק, אַ ערנסטע אַנאַלאָגיע פון דעם חשמונאים קאַמף קעגן אויסערלעכן שונא און אינערלעכער אַסימילאַציע, ווי אין יענער צייט איז זי געטראָגן געוואָרן פון די מתיוונים, פון די העלעניזירטע ייִדן, פאַרגלייכנדיק יענעם גרויסן געראַנגל מיטן היינטיקן געפעכט פון דער ייִדישער מדינה קעגן די אַרומיקע שונאים, באַגלייט פון פערמאַנענטן שטרייט מיט די אינערלעכע פאַר־לייקענער פון ייִדישקייט. אָבער אויפן צווייטן אָרט, אַן אומאיבערגעריסענער פוטבאָל שפּיל, פון אַ ספּאָרט־פאַרווייַלונג, וואָס אין אַזאַ חנוכה אָוונט האָט דאָס נישט געהאַט קיין ייִדישן טעם... פאַרקערט, דאָס איז געווען און וועט פאַרבלייבן אַ באַליידיקונג פאַר די נאַציאָנאַלע געפילן פון די לאַנוסער ייִדישע איינוווינער.

דער היסטאָרישער געפעכט צווישן ייִדנטום און העלעניזם איז דאָך נאָר באַשטאַנען אין דעם, ווען דער ייִד יחיד, ווי דאָס גאַנצע פאָלק, האָט זיך גע־שפּיגלט אין דער שיינקייט פון גייסט, האָט געלייטערט די נשמה און מתפּלל געווען צו האָבן אַ ריין האַרץ מיט עטיש מענטשלעכע געפילן, אין דער צייט האָט העלעניזם נאָר געזאָרגט פאַר דער שיינקייט פון גוף, פאַר ספּאָרט־פאַר־מעסטן, אַנטוויקלט אַ קולט פון מוסקול־קראַפט. דאָס מענטשלעכע לעבן איז אין פאַרצייטיקן גריכנלאַנד געווען הפקר, אָבער אויב עמיצער האָט ווילנדיק, אָדער נישט ווילנדיק, אָפּגעהאַקט אַ שטיקל נאָז פון אַ שיינהייטס סטאַטוע, אָדער אַ נאָגל פון אַ מענטשלעכע פיגור, האָט מען פאַרמשפּט צום טויט. אין דער צייט, אַזוי ביז צום היינטיקן טאָג, האָט אונדזער פאָלק געהייליקט דאָס מענטש־לעכע לעבן, דערהויבן דעם בחיר־היצירה דעם מענטש, צו הויכע מדרגות, ביז צו ווערן אַ שותּף צו מעשי־בראשית.

היינט פלייצט אַרום אונדז אַ נייער מבול פון נאָר ספּאָרט פאַרווייַלונגען, אָן אַ שמעק פון ייִדישן גייסט. ביי ייִדן האָט פיזישער כוח אַליין קיין שום ווערט, ער איז נישט דויערהאַפטיק און נישט ווידערשטאַנדספעיִק, ער איז בלויז מוסקול־קראַפט, וואָס אין אַ עת צרה ליעקב, קאָן ער קיין סך נישט אויפטון...

אַ שיינער ייִדישער גייסט אין אַ געזונטן ייִדישן קערפּער, אַ ליכטיקע ייִדישע נשמה צוזאַמען מיט פיזישן ייִדישן כוח, דערצו נאָך אַ ייִדיש האַרץ מיט איידעלע געפילן, מיט טרייַשאַפט צום ייִדישן פאָלק און לאַנד, באַגלייט פון אַ ייִדישן מוח, וואָס דיקטירט פּרעקטיקע מעשים, דאָס דאַרף זיין די היינט־צייטיקע אויפגאַבע פון דער ייִדישער יוגנט, נישט נאָר פון לאַנוס, נאָר פון דער גאַנצער ייִדישער וועלט.

## ב.

## אַ תהום צווישן „שלום תפילות" און קאַמף פאַר פרידן

באַלד נאָכן עקומענישן צוזאַמענלויף אין וואַטיקאַן האָבן גלחים אָנגעהויבן „ריאַלאָגן" מיט ראַבייס אין נ. אַמעריקע, מיט סתם צעקראָכענע „גײַסטיקע" יידישע מנהיגים אין לאַטײַן אַמעריקע. פון די גלחישע ליפּן האָבן זיך שמן זית־דיק אַראָפּגעגליטשט תנכישע פסוקים מיט דאָפּלטע כוונות און יעזואיטישע אינטערפּרעטאַציעס, אַ שמייכל פון צופרידנקייט, האָט זיך צעלייגט אויף געוויסע יידישע פּנימער און עם הארצישע ראַבייס, ווי האַלבע און גאַנצע אַסימילאַנטן, זײַנען צעגאַנגען ווי פּוטער אונטער דער זון פאַר נחת, וואָס דער עקומענישער קאָנגרעס האָט „באַפרײַט" יידן פון דער שולד פון „גאָט מאָרד". אַ מבול פון יידישע דעלעגאַציעס, אָדער יידן יחידים, האָבן געשטראָמט צום וואַטיקאַן מיט אַ ים פון דאַנקבאַרקייטס געפילן פאַרן גרויסן חסד, וואָס איז געטאָן געוואָרן צום יידישן פאָלק און נישט איינער פון די דאָזיקע קנעכטישע חניפהניקעס האָט פאַרשוואַרצט דאָס פנים פון דער יידישער אומה...

דער עקומענישער שדים טאַנץ האָט אַרומגעכאַפּט אין יידישן אַמעריקע גרויסע יידישע אָרגאַניזאַציעס, עס זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין זײַן קאַראַהאָד וויכ־טיקע יידישע פּערזענלעכקייטן. איך וויל זיי נישט אויסרעכענען, אָדער אָנרופן ביי די נעמען, וועלכע האָבן מיט התלהבות אײַנגעאָרדנט און דורכגעפירט קריסט־לעך־יידישע דיאַלאָגן, דורכגעפירט יידיש־קאַטוילישע קירכלעכע קאָנצערטן, אין דער גרעסטער צאָל רעפאָרם טעמפּלען האָבן גלחים פאַרנומען דאָס אָרט פון די ראַבייס און געפּריידיקט צו די יידישע „מתפּללים".... דאָס האָט דערמוטיקט דעם געדאַנק ביי עטלעכע יידישע גבירים אין נ. אַמעריקע צו בויען אַ קאַטוילישן פאַקולטעט ביים העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים. יידן אין מאַדריד זײַנען געגאַנגען צו געמיינזאַמע געבעטן אין אַ קאַטוילישן קלויסטער און די קאַטוילישע וועלט האָט זיך ערשט גענומען גרייטן אַרײַנצופירן דעם „עקומענישן גײַסט" אין יידישע היימען, פאַר יידישע קינדער, בפרט פאַר דער יידישער יוגנט... אויך אין די לענדער פון לאַטײַן אַמעריקע, מיט אַרגענטינע בראש, האָט מען יעדן טאָג אָנגעהויבן פילן אינעם יידישן לעבן דאָס דערנענטערן זיך פון דער דאָזיקער גײַסטיקער סכנה פאַר אונדזער לעבן, ווײַל מיר האָבן דאָך פאַר־שטאַנען, וואָס יענע פרום קאַטוילישע קרײַזן זײַנען אויסן מיט זייערע דיאַלאָגן און גײַסטיקער „פרײַנטשאַפט" צו אונדז, זייער הויפּט כוונה איז געווען און פאַרבליבן צו קענען, מיטן לויף פון דער צײַט, אימפּאָנירן אויף יידן אַ גײַסטיקע מיתה נשיקה...

דער „עקומענישער גײַסט", מיט אַלע שייגע רייד לטובת יידן און יידישן פאָלק, האָט אין די פאַר. שטאַטן באַקומען אַ שרעקלעכן קלאַפּ און דאָס איז

געשען תיכף אין ערשטן טאָג פון דער ייִדיש אַראַבישער מלחמה, וואָס די אַראַבישע וועלט פון נאַסער און קאָסיגין האָט אָנגעהויבן קעגן דער ייִדישער מדינה. דעם 6טן יוני 1967 האָבן אַראַבער געדראָט ישראל און אירע ייִדישע אײַנוווינער מיט אַ טאָטאַלער אויסראָטונג. אין דעם זעלבן טאָג האָבן ייִדישע „עקומעניקער" געבעטן זייערע ניט ייִדישע עקומעניקער צו זאָגן אַ גוט וואָרט לטובת דער ייִדישער מדינה, קעגן דעם אַראַבישן אָנגריף, אָבער אַלע האָבן אָנגענומען אַ פול מויל מיט וואַסער און געשוויגן, אפילו נישט געוואָלט ענטפערן אויף דער ווענדונג, פון אונטערשרײַבן אַ בשותפותדיקן אַפּיל צו דער וועלט, צום וואַטיקאַן, צו דער מענטשהייט, כדי צו טאָן גערעכטיקייט צו ישראל, האָט שוין נישט געקאָנט זײַן קיין רייד. אַזאַ אַנטי־ייִדישע האַנדלונג פון די פריידיקער פון „עקומענישן גײַסט" פון וועמענס מײַלער ס'האָבן געטריפט אַזויפיל „האַרציקייט" און „ברודערשאַפט", אַזויפיל „ליבע" צום „פאָלק פון תנ"ך, האָט געעפנט די אויגן פון אַ סך ייִדישע „עקומענישע ליבהאָבער" און איך וויל ציטירן די רייד פון איינעם פון זיי, דעם ראַביי דר. יעקב גוויזנער, וואָס האָט עפנטלעך דערקלערט:

„פיל פון אונדז, מיט וועמען די קריסטן זיינען געווען פאַראינטערעסירט צו פירן רעליגיעזע געשפּרעכן, זיינען געבליבן מיט אַ געפיל פון טיפער אַנטוישונג, ווען עס איז אונדז נישט געלונגען אַרויסצובאַקומען פון זיי אַן אויסדרוק פון זאָרג פאַר שלום און סטאַביליטעט אין מיטעלן מזרח. אַמעריקאַנער ייִדן וואָס האָבן פאַרטיידיקט צווישן רעליגיעזע געשפּרעכן און זיך אַליין באַטייליקט אין די זעלבע, טראָגן דער קריטיק פון פאַרשיידענע קרײַזן, האָבן זיך געוואָנדן צו זייערע קריסטלעכע פרײַנט, זיי האָבן געזוכט אַן אויסדרוק פון זאָרג, ניט דווקא פאָליטישע שטיצע פאַר מדינת ישראל, נאָר באַמיאונג אײַנצוהאַלטן דעם שלום, עס וואָלט געגנוג געווען, ווען די קריסטלעכע גרופּן וואָלטן בלויז דערקלערט זייער קעגנערשאַפט צו די דערקלערונגען פון די אַראַבער אויסצוראָטן אַ גאַנץ פאָלק, אָבער מיר האָבן געפונען זייער ווייניק סימפּאַטיע"...

דער זעלבער ראַביי, דר. יעקב גוויזנער, אַן אָנטוישטער אין די דערמאָנטע דיאַלאָגן, אַ טיף באַליידיקטער פון דער יעזואיטישער האַנדלונג פון אַזעלכע ניט ייִדישע מכלומרשטע פרײַנט פון ייִדישן פאָלק, זאָגט אַרויס פאַלגנדיקע ווערטער מיט באַרעכטיקונג: „מײַן מיינונג איז, אַז גאָר ווייניק ייִדן וועלן נאָך איצט זײַן גרייט צו באַנײַען די דיאַלאָגן, וואָס האָבן געבליט אין דער פאַרגאַנגענהייט. די קריטיקער פון די צווישן רעליגיעזע געשפּרעכן האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס גערעכט און מיר, די וואָס האָבן פאַרטיידיקט די געשפּרעכן, און איך צווישן זיי, האָבן געהאַט אַ ביטערן טעות". איך האָב געברענגט אַ לענגערן ציטאַט פון דר. גוויזנערס דעקלאַראַציע אויף צו באַקרעפטיקן דעם געזונטן ייִדישן חוש, וואָס ראַנגלט זיך אויף נישט צו דערלאָזן אין אונדזער היגער

ייִדישער סביבה די אויסשפּרייטונג פון דער עקומעניזשער עפּידעמיע צווישן ייִדן.

דאָס נײַע יאָר 1968 האָט זיך אָנגעהויבן מיט בשותּפותדיקע געבעטן מצד די ערדישע פאָרטרעטער פון מלכות שמיים, אָן אונטערשיד פון אמונה און רעליגיע. לפי די אָנווײַזונגען פון וואַטיקאַן איז דער 1טער יאַנואַר 1968 דער טאָג פון תּפילה פאַר שלום אויף דער וועלט. אויך אין בוענאָס אײַרעס, אויף אַ עפנטלעכער פּלאַסאַ, איז דורכגעפירט געוואָרן אַזאַ רעליגיעזער „שלום ספּעקטאַקל", פּסוקים פון אונדזערע נביאים: ישעיהו, הושע, עמוס, האָבן פאַרהילכט דעם גרויסן פּלאַץ, און גײַסטלעכע האָבן געפּרעפּלט מיט פרום פאַרגלאָצטע אויגן ווערטער וועגן פרידן און ברודערשאַפט צווישן אַלע מענטשן. מיר ייִדן דאַרפן זיך דאָך נישט אַליין אָפּנאַרן, דאָס דאַרף זײַן חל אויך אויף אונדזערע ראַבינער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער קאָלעקטיווער שלום תּפילה, און זאָגן אַלעמען דעם אמת, אַז צווישן די „שלום תּפילות" און אמתן קאַמף פאַר פרידן צווישן די פעלקער צווישן זיך און מצד זיי צום ייִדישן פאָלק, געפינט זיך נאָך לײַדער, צו אונדזער אומגליק, אַ גרויסער תּהום. ווען האָט דער הויפּט גײַסטלעכער פון דער פּראַוואָסלאַוונער רוסישער קירכע אין ב. אײַרעס פּראָטעסטירט קעגן סאָוועטן פאַרבאַנד פאַר זײַנע מוראדיקע רדיפות אויף דעם דת ישראל, אויף ייִדן און זייער קולטור? פאַרוואָס האָבן אַלע רעליגיעזע „רועי צאן" פון אַרגענטינע נישט אונטערגעשריבן אַ ווענדונג צו דער אַראַבישער וועלט צו מאַכן שלום מיט ישראל, צו אָנערקענען איר רעכט אויף לעבן און קיום? ווו איז געווען דער פּראָטעסט פון די זעלבע „שלום"־פּרעדיקער קעגן ראַטן פאַרבאַנד פאַר איר באַוואָפנטער הילף צו די אַראַבישע לענדער, וואָס האָט געצילט און צילט ביזן הײַנטיקן טאָג צו פאַרניכטן די ייִדישע מדינה מיט אירע ייִדן? פאַרוואָס איז די קריסטלעכע וועלט געווען אַזוי רואיק און צופרידן במשך פון כמעט 20 יאָר מאַכמעדאַנישער אַראַביש ירדנישער הערשאַפט איבער אַלט ירושלים און איצט הערשט אַן אומצופרידנקייט אין דער קאַטוילישער וועלט מיט אונדזער דערגרייכטער ירושלים השלמה? מיט וואָס האָט זיך דאָס מערדער קעניגל הוסעין, וואָס איז נאָכגעלאָפן ווי אַ היענע דעם אַרכי־רוצח נאַסער, כדי צו לעקן ייִדיש בלוט, פאַרדינט מער רעספּעקט אין דער ניט ייִדישער וועלט, ווי די מנהיגים פון דער יידישער מדינה, וועמענס מיליטער האָט געזאָרגט בײַם פאַרנעמען אַלט־ירושלים אַז אַ קויל זאָל ניט שעדיקן קיין צלם? ווער וועט ענטפערן אויף אונדזערע גערעכטע פראַגן? ווען וועט שוין טאַקע קומען דער אויסגעבענקטער טאָג, ווען צווישן ווערטער, מעגן זיי אפילו זײַן תּפילהדיקע, און מעשים וועט מער נישט זײַן קיין אונטערשיד?

ביז דאָס וועט געשען, מוזן מיר ייִדן, די טרעגער פון די אייביקע אידעאַלן פון אונדזערע נביאים, שטיין אויף דער וואַך פאַר דער הערשאַפט פון ייִדישן גײַסט אין אונדזער לעבן.

# יידישע ווירדע פאַרטראָגט נישט קיין מאָדערנע אַטמאָספערע!

דאָס יידישע לעבן האָט אין אַלע צייטן, געהאַט איבער זיך אַ פרייוויליקע השגחה, העכערע אינסטאַנצן מיט אַ גרויסן מאָראַלישן כוח. די תקנות פון „ועד אַרבע האַרצות” האָבן רעגולירט די אינערלעכע פירונגען פון די יידישע קהילות און זעלטן ווער האָט געוואָלט זיין אַ פורץ גדר.

אָן ספק, אַז די דעמאָלסדיקע יידישע מנהיגים און רבנישע אויטאָריטעטן, זיינען נישט געקומען אין קאָנפליקט מיט די רעגירונגס געזעצן, פאַרקערט, זיי האָבן מתפלל געווען בשלומו של מלכות, הגם דאָס זעלבע „מלכות” האָט אָפּגעצאָלט זיינע בירגער מיט הריגות און רדיפות, אָבער יידישע מנהיגים האָבן נישט מורא געהאַט אָפּצושלאָגן אַלערליי אַטאַקעס פון שונאי־ישראל, איינשטעלנדיק אָפטמאָל דאָס אייגענע לעבן, וואָס איז שטענדיק געווען גרייט אויף קידוש השם והעם, כדי אָפּצושרייען אַ שרעקלעכע גזירה, כדי אָפּצוראַטעווען יידן פון אַ בלוט בלבול, בפרט צו פאַרמיידן פּאָגראָמען.

היינט לעבן מיר דאָך עפּעס אין מאָדערנע צייטן, אויך דער אַנטיסעמיטיזם איז צייטמעסיק אַ נייער, אַ הינטערקוליסנדיקער אָבער מיטן זעלבן האָס. יעדער שונא ישראל, דער ערגסטער שונא ציון, קאָן זיך היינט צו טאָג טיטולירן אַלס „סאָציאַליסט”, קאָמוניסט און „דעמאָקראַט” און אין דער זעלבער צייט פאַרמאָגן די געפערלעכסטע פּאָגראָם־כוונות קעגן יידן.

אַנטיסעמיטן ווייסן פונעם אומקום, דורך היטלערס האָרדעס, פון 6 מיליאָן יידן. זיי ווייסן אויך און נישט נאָר ווייסן זיי דערפון, נאָר עס שטעכט זיי דער פריידיקער — פאַר אונדז — פאַקט, אַז ס'איז אויפגעשטאַנען צום אייביקן לעבן די יידישע מדינה, ווו יידן בויען און קעמפן, אַ מדינה וואָס פאַרנעמט אַ חשובן פּלאַץ אין דער היינטיקער וועלט, אין דער אָרגאַניזאַציע פון מלוכות, האָבן יידן באַקומען דורך אַרבעט און שווייס, בלוט און טרערן, אַן אייגענע גאולה־אומאָפּהענגיקייט לדורות און פעלקער האַלטן אָן מיט דער יידישער מדינה דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען, אַ סך פון זיי באַקומען אַפילו טעכנישע הילף און וויסנשאַפטלעכע מיטאַרבעט פון ישראלדיקע יידן. די יידישע בלוי־ווייסע פאָן

פלאַטערט פראַנק און פריי אין אַלע הויפּטשטעט פון דער וועלט, אויף אַלע ייִדי־שע שיפן און אַוויאָנען וועלכע קרייצן שבעה ימים און הימלען. דאָס פרידלעכע ווערק פון ציוניזם אין ישראל, ווי די דריי אַמאָליקע נצחונות פון צה״ל קעגן די אַראַבישע אַנגרייפער, דאָס אַלץ צוזאַמען מאַכט גרויס דעם ייִדישן נאָמען צווישן די פעלקער, רופט אַרויס דרך ארץ אפילו ביי די קאָמוניסטישע סאַטראַפּן. ס׳איז ביי ייִדן פאַרלוירן געגענאַגען דער פּחד וואָס האָט שטענדיק געשטראָמט פונעם פסוק: „מה יאמרו הגויים״. ביים רוב מנין ורוב בנין פון ייִדישן פאָלק אין פאַרשוווּנדן געוואָרן דער מינדערוועריקייטס געפיל. נאָר אַ ווירדעלאָזער ייִד, וואָס האָט פאַרלוירן דעם צלם אלוקים, ביי וועמען אַלע ייִדישע חושים זיינען אַטראָפירט געוואָרן פון עפּעס אַ נייע, ביז הײַנט אומבאַהאַלטענער פון אַ נישט ייִדיש אויג... ער וויל זיין אַ פּריוויליקער מאַראַן, הגם ער האָט איצט אַלע מעגלעכקייטן צו זיין אַ שטאָלצער ייִד און מענטש.

——::——

דאָס האָב איך געזאָגט בשייכות מיט אַ בריוו־אָנווײַזונג פון אַ וויכטיקע אינסטיטוציע, אין וועלכער ס׳זיינען גאַנץ מעגלעך אַרײַנגעלייגט געוואָרן מסתמא די בעסטע ייִדישע כוונות פון פּרעווענטיוון כאַראַקטער... וואָס רעקאָמענדירט ייִדישע אינסטיטוציעס, אָרגאַניזאַציעס און קערפּערשאַפטן צו זיין אײַנגעהאַל־טענער אין זייערע נאָטיצן ביים מעלדן די פײַערונגען פונעם 20טן אַניווערסאַר פון דער ייִדישער מדינה. צו זיין געצוימטער אינעם פאַרנעם פון דער גרויסער ייִדישער פאָלקס־פרייד, ווי בכלל ניט מאַכן קיין צו גרויסן רעש אינערהאַלב דער אַלגעמיינער ניט־ייִדישער עפנטלעכקייט אין לאַנד, אײַנגעשלאָסן די „עצה טובה״ נישט איבערצולאָדן די נאַציאָנאַלע לאַנד־פּרעסע מיט אַ סך מעלדונגען און כראָניק וועגן די יום טובדיקע עצמאות־פײַערונגען. ציען ייִדן מיט די אַקסלען און קענען בכלל נישט פאַרשטיין די שווערע, מיט רמזים אָנגעפּילטע, עברי פון דער וויכטיקער אינסטיטוציע, וואָס האָט אַזאַ בריוו פונאַנדערגעשיקט און עסקנים דיסקוטירן צווישן זיך אויף אַ פּלפּוליסטישן אופן די פּאָרם און דעם פאַרנעם פון די קומענדיקע יום־העצמאות מאַניפעסטאַציעס, ווען איין טייל רופט צו באַשרענקטע פײַערונגען, זאָגט מיט רעכט, דער אַנדערער טייל, פאַר־וואָס זאָלן מיר אַליין פאַרשטערן דעם יום־טוב פון 20 יאָר ייִדישע מדינה? די לעצטע באַווײַזן טאַקע מיט פאַקטן, אַז אין געציילטע טעג אַרום, וועט אין איינעם פון די גרעסטע זאַלן פון שטאָט — עפנטלעך פּראָקלאַמירט ווערן דער מגבית־חירום, די בילדער פון די געסט רעדנער אויף דעם דערמאָנטן ייִדישן מאַסן־אַקט שײַנען אַראָפּ פון אַלע ב. אײַרעסער שטאָט־גאַסן. בקרוב וועט אין „לונאַ פּאַרק״ דערמאָנט ווערן דער וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד און די היס־

טאַרישע באַדײַטונג פון דער ירושלים השלמה. אויב דאָס אַלץ ווערט געמאַכט עפנטלעך, מיט יידישער און ציוניסטישער חשיבות פאַרוואָס האָט מען טאַקע באַדאַרפט פונאַנדערשיקן אַזאַ צירקולאַר־בריוו, וועמענס אינהאַלט האָט געהאַט דעם פסיכישן כוח אַרויסצורופן באַהאַלטענע פירושים, אַ קליין ביסעלע שרעק און אַ גרויסע מאָס פאַרדרוס.

דער שרײַבער פון די שורות דערמאָנט זיך אין אַ פאַקט וואָס האָט גע־לייגט זײַן חותם אין די טעג פון יאָר 1948, ווען צווישן יידן אין לאַטיין־אַמע־ריקע איז אָנגענומען די „הגנה"־אַקציע, דעמאָלט האָט אַ פאַליציי־שעף פון אַ הויפט־שטאָט אין איינע פון די לענדער אין דרום אַמעריקע פאַרבאָטן אַ גע־פּלאַנטן עפנטלעכן יידישן אַקט, אונטערן אויסרייד אַז די אַראַבישע אײַנוווינער פון דער זעלבער שטאָט קענען אים אויפרײַסן און פאַגראַמירן. דעמאָלט האָבן יידן נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי אָננעמען דעם פאַליצייאישן גזר־דין, אָבער אין יידישע הערצער האָט געבראַוויזט אַ באַרעכטיקטער צאָרן אויף דעם פאַרשטעלטן אַנטיסעמיטיזם פון אַ פאַליציי־שעף, וועלכער האָט נישט געקענט פאַרבאָטן אַ יידישע מאַסן־פאַרזאַמלונג אין סאָלידאַריטעט מיט דער נאָר וואָס עטאַבלירטער יידישער מדינה, דאָס איז געשען אין יאָר 1948.

הגם מיר ווייסן, אַז שנאת ישראל רוט נישט אויף קיין איין מינוט, דאַרף אָבער קיינער נישט אָנווײַזן די נאַרמען, לויט וועלכע מען וועט דאַרפן פײַערן דעם יידישן אומאָפּהענגיקייטס יום טוב. קיין שום יידיש נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע, וועט נישט אַקצעפּטירן געוויסע, אפילו גוט מיינענדיקע רעקאָ־מענדאַציעס, וועגן געצוימטע, אָדער באַגרעניצטע יום העצמאות פײַערונגען, פאַר־קערט, ס'וועט דאָסמאָל זיכער געלאָזט ווערן אין פולן גאַנג דער פסוק: וכל המרבה לספר בתחיית האומה והמדינה, הרי זה משובח. דער וואָס וועט מער דערציילן וועגן דער אויפלעבונג פון דער יידישער אומה און פון דער מדינה, דער וועט זײַן מער געלויבט... דאָס וועט געטון ווערן, ווײַל קיינער וויל מער נישט וויסן פון קיין מאַראַנען יידישקייט, פון אַן אַנוסים־ציוניזם, מיר זיינען פרײַע און שטאָלצע יידן און אַלס אַזעלכע זיינען מיר שוין פון לאַנג באַפרײַט געוואָרן פון גלות־קאָמפּלעקסן.

הײַ־יאָר וועט דאָס וועלט־יידנטום, ווי דער יידישער ישוב אין אַרגענטינע פײַערן מיט גלאַנץ דעם 20טן אַניווערסאַר פון מדינת ישראל. אין אַלערליי פאָרמען וועט מאַניפעסטירט ווערן דער אומבויגזאַמער יידישער ווילן צו העלפן ישראל אין איר פערמאַנענטן געראַנגל אויף צו פאַרזיכערן אייגענעם קיום און די פרײַהייט פון יידישן פאָלק.

די התחלה צום העצמאות יום טוב קומט צום פולן אויסדרוק ביים אַרגענ־טינער יידנטום אין דער פאָרם פון אַ גרויסן עפנטלעכן אַקט, וואָס וועט פאַר־קומען זונטיק דעם 22טן ד. מ. אין טעאַטראָ „אָפּעראַ" אונטער דער לאָזונג:

מיר ווילן מער נישט קיין מלחמה. אָבער יעדער ייִד אין אַרגענטינע וועט דאַרפן אויסטײַטשן די דאָזיקע זעקס ערנסטע ווערטער אין דעם זין, אַז וואָס שטאַרקער די ייִדישע מדינה וועט זײַן אין פיזישער קראַפט, אין מער עקאָנאָמישע רעקורסן, אַלץ נענטער וועט זײַן דער טאָג פון שלום מיט די אַראַבישע שכנים.

דער קומענדיקער גרויסער עפנטלעכער אַקט פון סאָלידאַריטעט מיט ישראל וועט דינען אַלס אַן אָנהויב פון גראַנדיעזע יום־העצמאות פײַערונגען, וואָס וועלן אַרומנעמען דאָס גאַנצע לאַנד מיט אַ כוואַליע פון ייִדישער התלהבות, באַגלייט פון גרויסע און ווירדיקע מעשים פאַר דער ייִדישער מדינה.

סײַ דער הײַ־יאָריקער מגבית חירום, סײַ די גאַנצע ציוניסטישע אַרבעט אין לאַנד והן אונדזער פרייד פון דער ייִדישער מדינה עקזיסטענץ לעולם ועד וועט שטיין אונטערן צייכן פון נאַציאָנאַלער ווירדע, וואָס פאַרטראָגט נישט קיין שום מאַראַנען אַטמאָספערע...

# פאַרצייכענונגען

## פחדנות און שמענדריקיזם...

איינע פון די גרויסע לערעס און דערגרייכונגען פון ציוניסטישן געדאַנק איז געווען, אַז דער ייִד זאָל פאַרטרייַבן פון זיך דעם שפלות־געפיל, זיך באַפרייַען פון דער גלות שרעק, אַוודאי פון דער גלות־פּסיכאָלאָגיע און אויסגלייַכן זייַן רוקן, אויפהייבן זייַן ייִדישן פּנים און קוקן זייַנע נישט־ייִדישע שכנים אין די אויגן אַרייַן מיט ייִדיש־נאַציאָנאַלן שטאָלץ, ווייַל ס'איז נישטאָ קיין שום מאָטיוו צו פאַרלייקענען דעם אייגענעם אָפּשטאַם, אייגענע ייִדישע טאַטע־מאַמע, דאָס אייגענע פאָלק.

די דאָזיקע ציוניסטישע אָריענטאַציעס האָבן געברענגט וווּנדערלעכע רעזול־טאַטן, נאָך אַ סך פריער פאַר דער עטאַבלירונג פון דער ייִדישער מדינה, האָט אַ ייִדישע יוגנט, באַגייַסטערט פון די דאָזיקע באַפרייַונגס אידעען, פאַרלוירן די מורא פאַר גוֹאישן כוליגאַן, אויך ייִדישע אַרבעטער, האָבן זיי געמעגט זייַן אָרגאַניזירט אין די בונדיסטישע רייען, האָבן פאַרמירט זעלבסטשוץ אָרגאַניזאַ־ציעס, הגם זיי האָבן דערמיט געוואָלט באַווייַזן, אַז ייִדיש בלוט איז נישט הפקר און מיט אַזאַ ווידערשטאַנד געראַנגל „קעמפט” מען קעגן דער רעאַקציע און פאַר אַ נייַער סאָציאַליסטישער וועלט, אָבער אין דער אמתן, איז דער ייִדישער אָפּ־ווער־קאַמף קעגן פּאָגראָמשטשיקעס, קעגן זייערע רוצחישע אָנפאַלן אויף ייִדן, נישט געווען קיין בונדיסטיש־סאָציאַליסטישער קאַמף, נאָר אויף אַן אומבאַוווּסט־זיניקן אופן, אַ לייבן־חלק פון דער ציוניסטישער שלאַכט קעגן ווילדן כוליגאַניזם פון דער צאַרישער ממשלה, אָדער פון די פּוילישע פּריצים, ווער האָט דען דע־מאָלט געטראַכט, אַז אויך נישט־ייִדישע סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן, וועלן זייַן די טרעגער פון אַנטיסעמיטיזם און די מיטהעלפערס צו אַלערליי פּראָגראָמען אויף ייִדן ?

צוויי כוחות, צוויי אידעאַלן, צוויי פאַרמעסטן, האָבן זיך גענומען ראַנגלען אין הייַנטיקן יאָרהונדערט, פון איין זייַט, דער קאָמוניזם מיט זייַנע לאָקנדיקע פראַזן און שעדלעכער רעאַליטעט, און דער ציוניזם מיט זייַנע נאָבעלע אויפגאָבן

פון זעלבסט־גאולה, כדי דורך דעם צו פאַרוואַנדלען דאָס ייִדישע פאָלק אין אַ פרייַער אומה, אויף אייגענעם באָדן פון ארץ ישראל.

צוויי כוחות: אַ קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל און אַ ייִדיש־נאַציאָנאַלע אָריענטאַציע, האָבן גענומען קעמפן פאַר דער העגעמאָניע אויף די ייִדישע מאַסן. דער ערשטער האָט געוואָלט באַווייַזן, אַז נאָר ער איז בכוח צו שאַפן אַ נייַעם שטאָלצן און באַפרייַטן מענטש. דער צווייטער — אַ פרייַען שטאָלצן ייִד מיט אַ היימלאַנד. הייַנט זעען מיר אין דער ווירקלעכקייט ווער עס האָט וועמען באַזיגט.

דער קאָמוניזם אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וועלכער האָט זיך כסדר אַליין גע־לויבט מיט דעם „נייַעם סאָוועטישן בירגער", איז געבליבן אָדם־נאַקעט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, ווען דער דאָזיקער „נייַער מענטש" בצורת וואָלד־חיה, ווי פעדערענקאָ און קיטשקאָ, אויך דער נייַער פויליש־קאָמוניסטישער מענטש אין דער געשטאַלט פון גאָמולקאָ, האָבן גענומען אויפטרעטן מיט זייער שרעק־לעכער שנאה צו ייִדן און צום ייִדישן באַפרייַאונג־ווערק אין דער ייִדישער מדינה, אויף אינטערנאַציאָנאַלע טריבונעס, ווי אויך די אייגענע קאָמוניסטישע מדינות, זייערע „נייַע מענטשן" זייַנען אַ פאַרזעצונג פון די היידעמאַקעס און קאָזאַקן פון די צאַרישע צייַטן. ווי פון דעם, מיט שנאת ישראל דורכגעפרעסנעם פוילישן כוליגאַניזם, וואָס איז באַגלייט פון טויזנטער פּאָגראָם־אַקטן קעגן ייִדן אין אַלע יאָרהונדערטער פון ייִדיש לעבן אויף פּוילישער ערד, ווי אין דער לעצטער צייַט, די מיטאַרבעט פון מיליאָנען פּאָליאַקן מיטן נאַצישן מערדער. נישטאָ קיין גרויסער אונטערשייד — אויך הייַנט — צווישן די יאָרן 18־19־20, מיט זייערע פּאָגראָמען, די ענדעקעס שפּעטער מיט זייערע צענדליקער און הונדערטער פּזשיטיקס אינעם באַפרייַטן פּוילן ביז צום קאָמוניסטישן גאָמולקאָ־רעזשים אין הייַנטיקן פּראָגרעסיוון פּאָליאַקן־לאַנד.

דער ציוניזם מעג שטאָלצירן מיט זייַן גרויסער דערגרייכונג אויפן געביט פון אויספאָרמירן אַ נייַעם ייִד, מיט אַ גרויסן אידעאַל אין האַרצן, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, אָן אַ שפּור פון מינדערוויכטיקייטס־געפילן, אַזעלכע ייִדן־יחידים זייַנען — צו אונדזער גליק — געוואָרן מיליאָנען, פון זיי איז אַרויסגע־וואַקסן אַ העראָישע חלוצים־יוגנט, וואָס האָט אויף אירע הענט געבראַכט די גאולה פאַרן גאַנצן ייִדישן פאָלק, קעגנאיבער דעם נייַעם סאָוועטישן מענטש־אוממענטש אין באַצוג צו ייִדן, שטייט פאַר דער וועלט און פאַר דער מענטש־הייט דער — אויך פון פריער — שלום ליבנדיקער ייִד, אָבער איצט אַלט־באַנייַטער ייִדישער ישראל־מענטש, וואָס אין אים זייַנען פאַרקערפּערט אַלע ייִדי־שע פאָלקס שיכטן, וועלכער באַזיגט דעם מדבר מיטן כוח פון פרידלעכער אַר־בעט און צווינגט אים צו געבן ברויט פאַר אַלע ישראלדיקע אייַנוווינער.

אויף דעם דאָזיקן קאַמפּס־פראָנט צווישן קאָמוניזם און ציוניזם איז שוין היינט מער נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַ וויכוח, ווער וועמען האָט מנצח געווען, אָבער אויף איין פּלאַץ, גראָד אויפן אינערלעכן פראָנט, איז דער ציוניסטישער זיג נישט קיין פולער, אַוודאי נישט קיין פולשטענדיקער.

איך וויל נישט ריידן וועגן די פאַרבליבענע „רויטע מה־יפית־מאָשקעס״, וואָס ליידן פון אַ מענטאַלער קראַנקייט, איך וויל נישט דערמאָנען די העסלעכע לייט פון דעם קאָנסיל פאַר דזשודאַיזם, וועלכע קרענקען אויף זייערע לעצטע ייִדישקייט־סמנים מיט דער הילף פון זייער אַרבעט פאַר די אַראַבישע פּאָגראָמ־שטשיקעס, ווי פאַרן סאָוועטיש־פּוילישן אַנטיסעמיטיזם. דערפאַר מוז געזאָגט ווערן דער גאַנצער אמת, מעג ער אונדז אַפילו ווי טאָן, אַז דער געראַנגל קעגן דער אַסימילאַציע פון אינעווייניק האָט נאָך נישט געבראַכט די פּאָזיטיווסטע רעזולטאַטן, עס זיינען ליידער נאָך פאַראַן אַזעלכע ייִדן וואָס שעמען זיך מיט זייער ייִדישקייט, זיי האָבן פאַרטריבן ייִדיש לשון און ייִדישע קולטור פון זייע־רע היימען, עס ליגט נאָך אין זייער נשמה דער גאַנצער גלות צעלייגט, ווי אַ חזיר אין בלאָטע און ווען אַזאַ „ייִדישער״ פאַרשוין קומט אין אַ גוייִשער סבי־בה, ווען ער טרעפט זיך פּנים אל פּנים מיט אַ נישט־ייִד, אָדער ווען ער דאַרף אויפטרעטן ביי שאלות ותשובות אין ראַדיאָ, ווי אין טעלעוויזיע, דעמאָלט פאַר־לירט ער זיין אייגענעם ייִדישן צלם אלוקים און ער איז נאָך אַלץ, אין זיינע מגושמדיקע ענטפערס, אַ טשעך, אַ דייטש, אַן ענגלענדער, אַ פראַנצויז, אַפילו אַ פּאָליאַק...

אין אַרגענטינע געפינט זיך שוין אַ סך יאָרן אַ ייִדישער שאַך־גאון, מיר פערזענ־לעך זיינען נישט באַקאַנט זיינע ייִדישע אַקטיוויטעטן, נישט אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ביי דער הילפס־אַרבעט פון ייִדן, אַוודאי נישט פאַרן ציוניזם אין דער צייט פון שווערע ראַנגלענישן מיט דער ענגלישער מאַנדאַטן־מאַכט אין פּאַלעסטינע פריער, אָדער נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער ייִדישער מדינה שפּעטער, איך האָב אויך נישט געהערט דערמאָנען דעם שאַך־מייסטערס נאָמען אין די גרויסע יוני־טעג פון 1967 ווען ייִדישע סאָלידאַריטעט מיט מדינת ישראל איז געקומען צום אויסדרוק אויף שריט און טריט, איך מאַך אַ באַ־וואָרעניש, אַז נאָר מיר פערזענלעך איז נישט באַקאַנט זיין אַקטיוויטעט, גאַנץ מעגלעך, אַז אַנדערע ייִדן ווייסן יאָ דערפון, אָבער מיט אייניקע טעג צוריק האָט דער ייִדישער שאַך־גאון געהאַט אַ טרעפונג און אַ שמועס אין דער פאַ־רעם פון פראַגן און ענטפערס אין אַ היגן טעלעוויזיע־קאַנאַל, גראָד איז מיר אויסגעקומען צו זען דעם דאָזיקן צוזאַמענטרעף און הערן די ענטפערס. וואָס זאָל איך אייך זאָגן, טייערע לייענער, איך האָב מיינע אויערן נישט געוואָלט גלויבן, אַז דאָס זאָל געזאָגט ווערן פון אַ ייִד, אַז אַזעלכע ווערטער

זאָלן בכלל קומען אויף יידישע ליפּן. ווען דער „ספּיקער" האָט אים געפרעגט ווער ס'איז געווען זײַן פאָטער, האָט ער געענטפערט: אַ פּאָליאַק. ווען מען האָט אים געשטעלט אַ שאלה ווי אַזוי פילט ער זיך דאָ, נאָכן פאַרלאָזן פּוילן, האָט דער „יידישער" שאַך־גאון געגעבן אַזאַ מאָדנע, אין אינהאַלט, מער ווייניקער אַזאַ תשובה: „אין קאַטוילישן פּוילן האָב איך מיך געפילט גאַנץ גוט, אָבער היות אַרגענטינע איז אויך אַ קאַטוילישע לאַנד, פיל איך כמעט נישט קיין ענדערונג", אָבער ווען דער זעלבער ספּיקער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף זײַנע עלטערן, ברידער און שוועסטער, האָט דער שאַך־מײַסטער בלויז דערקלערט, אַז זיי זיינען אומגעקומען.

מײַן יידישקייט־געפיל האָט מער נישט געקענט איבערטראָגן די מאָדנע האַלטונג פון אַ יידישן מענטש, ביי וועמען קיינער פאָדערט נישט צו זײַן אַ מאַראַן, אָדער אַן אַסימילאַנט, דערפאַר האָב איך איבערגעדרייט דאָס קנעפּל פון טעלעוויזיע־אַפּאַראַט און מײַנע אויגן האָבן זיך אײַנגעגעסן אין אַ גאָר אַן אַנדערן פּראָגראַם...

הײַנט צו טאָג, אין ליכט פון דער נײַער יידישער און ציוניסטישער ווירקלעכקייט, איז זיכער מער נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר יידישער פּחדנות, נאָך ווייניקער פאַר זעלבסטפאַרלייקענונג און אַוודאי דאַרף נישט בלייבן קיין שמץ פון שמענדריקיזם ביי אַ פּוילישן ייד...

## ווען ווענט שפּײַען מיט גאַליקע שנאה צו יידן...

אָפט מאָל זיינען די ווענט פון טויזנטער הײַזער פאַרשמוצט געוואָרן מיט אַראַביש־טאַקואַריסטישע פּלאַקאַטן, וואָס שפּײַען מיט גיפט קעגן די „ציוניסטישע מערדער", ווי קעגן דער יידישער מדינה. אויב די דאָזיקע אָפּישן זיינען געווען ווינציק, איז די שטאָט פאַרקלעפּט געוואָרן פון אַ נײַעם אַנטי־ציוניסטישן פּלאַקאַט, אין וועלכע די אַראַבער־קאָמוניסטן נעמען צו הילף דעם פּויפּסט פּאַולוס, דעם 6טן און דערמאָנען זײַן באַזוך אין דער אַלטער שטאָט ירושלים, ווו ער האָט געגעבן זײַן ברכה דעם קעניגל הוסיין און די הסכמה, אַז ער דאַרף זײַן דער היטער פון די הייליקע מקומות.

אויב נאָרד־אַמעריקע האָט נאָכן מאָרד איבער לוטער קינג געהאַט אַ שוואַרצע וואָך מיט פײַער פלאַמען, האָט דאָס אַרגענטינער יידנטום געהאַט אַן אַראַביש־נאַצי־קאָמוניסטישע וואָך פון דער גיפטיקסטער שנאה צום ציוניזם, צו דער יידישער מדינה און במילא צו יידישן פאָלק.

די ערשטע צוויי אָפּישן פון אַן „אַרגענטינער־אַראַבישן ראַט" באַווײַזן די

עקזיסטענץ פון אַ גוט־אָרגאַניזירטן כוליגאַנישן כוח, וואָס פאַרמאָגט אין זיך אַלע פינסטערע עלעמענטן פון אויסלענדישע און אינלענדישע שונאי־ישראל. דאָס איז — אָן שום ספק — אָן אָנזאָג צום אַרגענטינער ייִדנטום פון גאָר אַ נײַער אַנטיסעמיטישער העצע מצד אַלע אונדזערע שונאים, וואָס וועט פון טאָג צו טאָג פאַרשטאַרקט ווערן און וועט באַשטימט האָבן אָן ערגערן אויסזען, ווי אין די פינצטערע טעג פון דער וויסטער ממשלה פון אַ נאַצי־פאַשיסטישן כוליגאַן, טריקי, וועלכער איז געשטאַנען בראש פון דער אַראַבישער ליגע־אָפּטיילונג אין בוענאָס אײַרעס, פאַרסמנדיק די לופט פון אַרגענטינע מיט די שרעקלעכסטע העצעס קעגן ציוניסטן און ציוניזם, מיינענדיק צו טרעפן דעם ייִדישן פאָלק און זײַן פרײַע מדינה.

וועלן מיר טאַקע דערלעבן די ווידערהאָלונג פון דער אַראַבישער פּאָגראָם־העצע אין אַרגענטינע, ווו אַלע טיילן פון איר באַפעלקערונג דאַרפן לעבן אין האַרמאָניע און אָן ראַסן־דיסקרימינאַציעס? מיר ייִדן האָבן די טיפע איבערצײַגונג, אַז די אַרגענטינער רעגירונג וועט דערצו נישט דערלאָזן, זי טאָר נישט דולדן דאָס אַריבערפירן אויפן אַרגענטינער באָדן די אַראַבישע גענאָסיד־טעאָריעס קעגן ייִדן, ווײַל זייערע העצעס, וואָס קענען מאָרגן, איבערמאָרגן דערפירן צו אַנטי־ייִדישע עקסצעסן, וואָלטן געווען און פאַרבליבן דער געפערלעכסטער אַטענטאַט קעגן די הײַנטיקע רעגירער פון לאַנד, וועלכע זיינען נאָר פאַראינטערעסירט אין־נעם וווקס, אין דער אַנטוויקלונג פון אַרגענטינע, בפרט אין אַ פרידלעכער צוזאַמען לעבן פון אַלע בירגער.

די צענטראַלע רעפּרעזענטאַנץ פון אַרגענטינער ייִדנטום — די „דאַיאַ" — מוז שוין רעאַגירן אויף דער געמיינער העצע פון דעם דאָזיקן פינצטערן אַראַביש־קאָמוניסטישן געזינדל. וואָס פריער דאָס וועט געטאָן ווערן אַלץ בעסער וועט דאָס זײַן, סײַ פאַר דער ייִדישער קאָלעקטיוויטעט והן פאַרן לאַנד גופא.

יעדער טאָג, וואָס גייט פאַריבער אָן דער געהעריקער רעאַקציע סטימולירט דער דאָזיקער באַנדע אויסצובריייטערן איר זאָאָלאָגישער שנאה קעגן ייִדן אונטערן דעקמאַנטל פון מכלומרשטן קאַמף קעגן „ציוניסטישע מערדער".

די פינצטערע העצעס און בלבולים־טעג פון טריקי טאָרן זיך מער נישט אומקערן קיין אַרגענטינע, דאָס באַדאַרף געטאָן ווערן באַצײַטנס, מיט ענערגיע און מיט ייִדיש־נאַציאָנאַלער ווירדע.

אויך וועגט ווען זיי זיינען באַקלעפּט מיט אַזעלכע אַנטיסעמיטישע פלאַקאַטן, קענען זײַן געפערלעכע שטרייכער און נאַסער, היטלער און קיטשקאָ־אינסטרומענטן קעגן ייִדן בכלל און קעגן דער ציוניסטישער באַוועגונג בפרט.

דערווײַל ריידן טויזנטער וועגט פון אַרגענטינער הײַזער צום דורכגייער מיט דער געפערלעכער שפּראַך פון פּאָגראָמשטשיקעס...

# אַן אַריינבליק אין היגן יידישן לעבן

## אַסימילאַציע און אַנטיסעמיטיזם

בשייכות מיטן יערלעכן „דאַיאַ"־צוזאַמענפאַר אָפּגעהאַלטן אין מאַר דעל פּלאַטאַ, קומען אויף דער מחשבה געדאַנקען, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט צוויי ביטערע רעאַליטעטן: אַסימילאַציע און אַנטיסעמיטיזם. די אָרגאַניזירטע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין לאַנד טאָר נישט בלייבן רואיק אין אַנבליק פון די דער־מאָנטע צוויי ערנסטע סכנות פון אונדזער לעבן. ס'איז בכלל נישט לייכט צו לעבן מיט אַן אינעווייניקסטן שונא און זיך שרעקן פאַרן אויסערלעכן כוליגאַן. מילא, ווי ביטער דער אַנטיסעמיטיזם זאָל נישט זיין, ווי פאַרסמנדיק ס'איז די שנאה צו יידן, זיינען מיר נישט בכוח אים אויסצוראָטן, מיר האָבן נאָר אַ מעג־לעכקייט דורך אונדזער וואָרט און אויפקלערונג אָפּצושטעלן די כוליגאַנישע פּויסט־אָנגרייפער און זיי אָנלערנען, ווי זיי פאַרדינען זיך, אָבער מיט דער אייגענער אַסימילאַציע מוזן מיר קעמפן און באַקעמפן מיט אַלע מיטלען און רעקורסן, וואָס שטייען אין רשות פון דעם יידיש־נאַציאָנאַלן און ציוניסטישן אַרגענטינער יידנטום.

ווען מען פרעגט מיך איצט, אין דעם דאָזיקן מאָמענט, וועלכע געפאַר איז גרעסער, וואָלט איך מיך נישט געוואַקלט צו ענטפערן, אַז די אַסימילאַציע־סכנה איז אַ סך ערנסטער און דראָענדיקער פונעם אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד. מיר ווייסן און טראָגן אין זיך די פעסטע איבערצייגונג אַז די צענטראַלע יידי־שע רעפּרעזענטאַנץ, די „דאַיאַ" שטייט אויף דער וואַך קעגן יידנהאַס און איז גרייט אָפּצושלאָגן יעטוועדע אַטאַקע אויף דעם היגן יידישן ישוב, בפרט ווען עס האַנדלט זיך פון אַנטיסעמיטישע העצעס און בלבולים אויף יידן. וועלכע יידישע קערפּערשאַפט געפינט זיך איצט אין אַרגענטינער יידנטום אויף אָפּצו־שטעלן דעם פאַרויסמאַרש פון דער אינעווייניקסטער אַסימילאַציע? וואָס פאַר אַ כוחות־קאָנצענטראַציע פאַרמאָגט דער אָרגאַניזירטער יידישער ישוב אויף אָנ־צוהויבן די דאָזיקע מלחמה קעגן זעלבסטפאַרלייקענונג און סנאָביזם אין דער אייגענער מחנה?

אַוודאי זיינען דאָ פּאַרטיקע ענטפערס, אַז אַלע יידיש־נאַציאָנאַלע אינסטי־טוציעס, אָנהויבנדיק פון דער קהילה ביז צו דער ציוניסטישער לאַנד־אָרגאַני־

זאַציע, פון די היגע ציוניסטישע און סתם נאַציאָנאַלע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, ביז צו די צענדליקער קאָאָפּעראַטיווס, זיינען אַנגאַזשירט אין דעם דאָזיקן קאַמף, אויך דאָס יידישע שול־וועזן ווי אַלע ציוניסטישע ריכטונגען, שטעלן מיט זיך פאַר די שטאַרקע שוץ־וואַנט קעגן דער אַסימילאַציע כלפּי־פּנים. שטימט דאָס טאַקע מיטן אמת? גיט מען זיך אָפּ אויסשליסלעך מיט דעם באַרעכטיקטן גע־ראַנגל פאַר יידישקייט, דער עיקר, קעגן אַסימילאַנטן און אַסימילאַציע? זיינען דאָך פאַראַן אַזעלכע אינסטיטוציעס אין היגן יידישן ישוב, פון וואַנען מען האָט אַרויסגעטריבן די יידישע שפּראַך און קולטור און אויף זייער פּלאַץ איז פאַראַן פּוסטקייט, נישטאָ קיין סימן פון העברעאישער שפּראַך און תרבות עברית. דעם שרייבער פון די שורות זיינען גוט באַקאַנט די טעטיקייטן פון עטלעכע גרויסע יידישע אינסטיטוציעס, וועלכע באַקומען אַפילו היפשע סובווענצן פון דער קהילה, אָבער אין זייערע קולטור־פּראָגראַמען קאָן מען קוים דערזען אַ סימן פון יידישקייט, יידישע רעדנער האָבן דאָרטן נישט קיין דריסת הרגל, יידישע קול־טור־טעמעס ווערן זעלטן ווען ביי זיי באַהאַנדלט, אויפן שפּיץ מעסער ווערט דערמאָנט אַ יידיש־נאַציאָנאַלער יום־טוב, יידישע אַרטיסטן און קינסטלער באַ־קומען נישט קיין פּלאַץ אין זייערע אונטערנעמונגען, ווען אין דער זעלבער צייט צעעפנט מען ברייט טיר און טויער פאַר נישט־יידישע רעדנער, שרייבער, אַק־טיאָרן און קינסטלער, צו וועמען די אָנפירער פון אַזעלכע אינסטיטוציעס ווייזן אַרויס אַ קריכערישע מה־יפיתדיקייט און צעגייען זיך ווי פּוטער אונטער אַ היי־סער זון פאַר נחת פאַר יעדע גוייִשע שיקסע, אָדער מיטלמעסיקן רעדנער און אַרטיסט. רבונו של עולם, פאַרוואָס זיינען מיר באַשטראָפט געוואָרן מיט אַזעלכע סנאָביסטן, וואָס קווייקן זיך מיט פרעמדע קולטורן און דאָס אייגענע קולטור־פאַרמעגן פון יידישע דורות ווערט דורך זיי אַרויסגעוואָרפן פון זייערע בנינים, פון זייער „קולטור״־פּראָגראַמען, פון זייערע נשמות און היימען?

קיינער, אָדער כמעט קיינער, פון די צענטראַלע ישוב־קערפּערשאַפטן, אָדער פונעם אָרגאַניזירטן ציוניזם, שטערט נישט דעם דאָזיקן אַסימילאַציע־אָנ־גריף אויף אונדזער לעבן און קולטור־אינהאַלט פון אונדזער פאָלק. פאַרוואָס ווערן נישט אָפּגעשטעלט די הקצבות? אפשר דאַרף מען פריער, ערב דאָס אָננעמען פינאַנציעלע אָדער מאָראַלישע סאַנקציעס, קעגן אַזעלכע אינסטיטו־ציעס, ריידן און איבעררייִדן מיט זייערע אָנפירער, אויף אַ גוטן אופן, זיי זאָלן זייערע אָרגאַניזאַציעס אַרויספירן אויפן דרך הישר, ווען נישט וועט דאָס אָר־גאַניזירטע יידנטום ענדערן זיין באַציאונג צו זיי, סיי אינדיווידועל והן אויף אַן אַלגעמיינעם אופן. ס׳קאָן אויך נישט געשען דאָס וואָס ס׳געשעט אָפטמאָל, אַז אויף יידישע פאָלקס־אַקטן, וועלכע ווערן אָרגאַניזירט פון וויכטיקע היגע יידישע אינסטיטוציעס מיטן ציל צו דערמאָנען יידיש־נאַציאָנאַלע ימים־טובים,

אָדער אויף צו געזעגענען ישראלדיקע דיפּלאָמאַטן, זאָלן זיך אין די אַרטיסטישע פּראָגראַמען באַטייליקן אַזעלכע אַרטיסטינס, זינגערינס, רעציטאַטאָרן און פאַרשייד־דענע אנדערע שוישפּילערינס, וועלכע זיינען לעבעדיקע ביישפּילן פון געמישטע חתונות, פון זעלבסט־פאַרלייקענונג, פון דער העסלעכסטער פאָרם פון אויס־דרייען זיך מיטן רוקן צום יידישן פאָלק אין זיינע שווערסטע, אין זיינע ביטער־סטע טעג פון חורבן און אומגליק. פאַר מיר איז טויזנט מאָל שענער, אַנשטענ־דיקער צו באַטייליקן נישט־יידישע זינגער און קינסטלער אויף יידישע קולטור־אַקטן, ווי באַשעפטיקן ביי טעלעוויזיע־פּראָגראַמען און אַנדערע עָכט־יידישע קול־טור־אונטערנעמונגען, אַזעלכע יידישע פרויען, מעגן זיי פאַרמאָגן די גרעסטע טאַלאַנטן, זיינען זיי איינמאָל אַוועק פון יידישן לעבן, האָבן זיי איינמאָל פאַר־לאָזט די יידישע מחנה, קענען זיי צו אונדז נישט צוריקקומען נאָר דערפאַר, ווייל יידישע אינסטיטוציעס באַצאָלן זיי פאַר זייערע קינסטלערישע אויפטריטן מיט יידיש געלט...

ס'איז אַן ערנהאַפטע פליכט פון יעדן אָרגאַניזירטן יידישן ישוב, פון זיינע אויטענטישע פירער, צו זאָרגן פאַר זיין המשך, צו קעמפן פאַר זיין יידישקייט, אויפצוהאַלטן אין זיינע אינסטיטוציעס דעם יידיש־נאַציאָנאַלן גייסט, צו פירן זיין אייגנאַרטיקן קולטור־לעבן, צו לערנען דעם אונטערוואַקסנדיקן דור דעם פולן ווערט פון אונדזערע נאַציאָנאַלע קולטור־אוצרות, דאָס וויטכיקסטע, דער יונגער דור זאָל זיי קענען, זיי באַנוצן און שטאָלצירן מיט דער ירושה פון דורות.

דאָס אַרגענטינער יידנטום און זיינע צענטראַלע קערפּערשאַפטן, אַלץ וואָס איז יידיש און ציוניסטיש־אָרגאַניזירט, דאַרף זיין פּערמאַנענט מאָביליזירט אויף צו פּאַראַליזירן דעם וווקס פון דער אינעווייניקסטער אַסימילאַציע, איבער־גיין צום אַנגריף אויף אירע וואָרטזאָגער און טעאָרעטיקער און גלייכצייטיק שטיין אויף ערנסטער שמירה קעגן יעטווידן אַנטיסעמיטישן אַנגריף.

הגם ביי דעם דאָזיקן קאַמף דאַרף נישט זיין קיין פרייער און קיין שפּעטער, פאַרלאַנגט אָבער די הייַנטיקע ביטערע ווירקלעכקייט אינעם היגן יידישן לעבן און אין דעם דאַרפן זיך באַטייליקן אַלע אָרגאַניזירטע כוחות אין ישוב, די „דאַיאַ" — איינגעשלאָסן.

## 30 יאָר קיום פון דעם איינציקן העברעאישן זשורנאַל „דרום" אין אַרגענטינע

אינעם אַרגענטינער יידישן ישוב זיינען בשעתו דורכגעפירט געוואָרן גרוי־סע יובילײ־פייערונגען לכבוד ביידע היגע יידישע טאָג־צייטונגען: „די פּרעסע" און „די יידישע צייטונג", וועלכע האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין פּרעכטיקע מאַני־

פעסטאַציעס פאַר דער יידישער שפּראַך און קולטור. ספּעציעלע קאָמיטעטן, בראש פון די פירנדיקסטע מענטשן פון דער קהילה און פון אַנדערע צענטראַלע יידישע קערפּערשאַפטן, האָבן ווירדיק באַערט דאָס יידישע פרעסע־וועזן אין אונדזער לאַנד. אויף די פאָלקס־אַקאַדעמיעס, פייערנדיק די יובל־דאַטעס פוןביידע צייטונגען, איז געקומען צום פולן אויסדרוק די אומגעהויערע ראָל פון דער יידישער פּרעסע אין אַרגענטינע ביים פאַרשפּרייטן יידיש־נאַציאָנאַלע אי־דעען, אין דער אויספאָרמירונג פון באַוווסטזיניקע יידישע עסקנים, אין דער אָרגאַניזירונג פונעם היגן יידיש־קולטורעלן און יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן, במילא דאָס אויסבויען שטאַרקע בריקן צווישן אַרגענטינער יידן און וועלט־יידנטום, צווישן אונדז אַלע און דער יידישער מדינה. דער ישוב האָט אין זיין קאָלעקטיוון זכרון איינגעקריצט דעם אינהאַלט פון די פייערונגען, איינגעשלאָסן דעם קולטור־אַקט פון יידישן שרייבער און זשורנאַליסטן־פאַריין „ה. ד. נאָמ־בערג", לכבוד דעם 50סטן אַניווערסאַר פון „די פּרעסע", וואָס אַלץ צוזאַמען שטעלט דאָס מיט זיך פאַר אַ וויכטיקן סטימול פאַר די יידישע צייטונגס־מענ־טשן פאַרן יידישן פּען־מענטש, וועלכער דינט בלב ונפש די כלל־אינטערעסן פון יידישן ציבור.

ס'איז אָבער געקומען די צייט צו דערמאָנען נאָך אַן אַניווערסאַר־דאַטום פון אַ העברעאישער צייטשריפט אין אַרגענטינע, פון „דרום", וואָס איז נאָכ־נישט דערמאָנט געוואָרן, וואָס איז ליידער, כ'ווייס נישט צוליב וועמענס שולד, נאָכנישט אָפּגעמערקט געוואָרן דורך קיינעם, נישט מצד דער היגער „הסתדרות עברית", נישט פון דער היגער טעאַטראַלער קהילה און אַוודאי נישט פון אַ ספּע־ציעלן קאָמיטעט, וואָס עקזיסטירט נישט, וואָס איז נאָכנישט געשאַפן געוואָרן.

מיט אַ שטיקל צייט צוריק האָט דער שרייבער פון די שורות פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אין „די פּרעסע" וועגן אַן אַנגעווייטיקטער טעמע, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער עקזיסטענץ, אָדער נישט עקזיסטענץ פון אַ העברעאישער באַ־וועגונג אין לאַנד, אָבער ס'איז אָנגעוויזן געוואָרן אויף דעם דערפרייענדיקן פאַקט, וואָס דאָס סאַמע פּאָזיטיווסטע, נישט מינדערשעצנדיק אַלע אַנדערע קולטור־אַקטיוויטעט פון דער „הסתדרות עברית" אין לאַנד, איז דאָס דערשיינען פון דעם העברעאישן זשורנאַל „צהור־הדרום", אונטער דער גלענצנדיקער רעדאַק־ציע פונעם יידיש־העברעאישן זשורנאַליסט, קולטור־מענטש און אינספּעקטאָר פון ועד החינוך המרכזי, מיין חבר צבי בראָנשטיין, וועלכער לייגט אַריין, ביי דער מיטאַרבעט פון געציילטע מיט־רעדאַקטאָרן, אַ סך מי און אָנשטרענגונג אין דער דאָזיקער מלאכת הקודש. ווי איינער פון די מיט־רעדאַקטאָרן האָב איך די פליכט צו זאָגן, אַז נישט קוקנדיק אויף דעם קיום פון אַלע ציוניסטישע פאַרטייען און ריכטונגען, אויף דער אָנגעשטרענגטער קולטור און חינוך אַרבעט פון פאַרשיי־

דענע צענטראַלע אינסטיטוציעס פון אַרגענטינער ייִדישן ישוב, ביי דער עקזיס־טענץ פון דער „הסתדרות עברית" און „מכון לתרבות ישראל", אײַנגעחשבונט הונדערטער און — מעגלעך — טויזנטער העברעאיש־קענער און עברית־ליבהאָ־בער, ראַנגלט זיך דער דערמאָנטער זשורנאַל, דער איינציקער אין לאַטיין־אַמע־ריקע, מיט גרויסע פינאַנציעלע און טעכנישע שוועריקייטן, וועלכע ס'איז גאָר־נישט לײַכט גובר צו זײַן מצד די געציילטע קאָלעגן, וואָס רינגלען אַרום „צוהר־הדרום". דער גרויסער קריזיס אין ציוניזם געפינט זיך אויך אויף דעם שטח פון קולטור־אַרבעט, הײַנט צו טאָג איז מער נישטאָ קיין ויכוח, אַוודאי נישט קיין קאַמף, צווישן ייִדיש און עברית־ריידנדיקע עלעמענטן, ס'דאַרף זײַן איין גרויסער פּראָצענט פון אַן ערנסטן גערעגגל פאַר דער הערשאַפט פון ביידע נאַ־ציאָנאַלע שפּראַכן און קולטורן פון ייִדישן פאָלק אינערהאַלב דעם אַרגענטינער ייִדנטום. דער פאַקט, אַ געוויסער טרויעריקער, וואָס דער אָרגאַניזירטער ציוניזם אין לאַנד פאַראינטערעסירט זיך ניט מיט דער פאַרשפּרייטונג פון דער העברעאי־ניקער ייִדישער שוב, אָרגאַניזירט אין פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, מיט ריזיקע שער שפּראַך, דאָס זעלבע איז חל אוי אַלע ציוניסטישע ריכטונגען (ס'זייגען פאַראַן יחידישע אויסנאַמען) וואָס האָבן כמעט פולשטענדיק פאַרלאָזט דאָס פעלד פון דערוווערבן עברית־לשון, פון פאַרשפּרייטן די העברעאישע קולטור, פון אײַנ־פירן עברית־קורסן פאַר אייגענע חברים, פון פעסטשטעלן פאַר יעדן חבר דעם ציוניסטישן אמת, אַז ער און זײַנע קינדער מוזן קענען עברית און ייִדיש, אַז זײַן היים מוז אויסגעפילט ווערן מיט ייִדישן גײַסט, דאָס שטערט גאָרנישט צו קענען און ליב צו האָבן די לאַנד־שפּראַך און אַרגענטינער קולטור. וואָלט דער היגער ציוניזם, אָן אונטערשייד פון אידעאישער ריכטונג, וואָלטן ציוניסטן אין אַרגענטינע, נישט קוקנדיק אויף מיינונגס־פאַרשיידנהייטן, אָנגעפירט אַ גרוי־סע קולטור־אַרבעט, וואָלט בלי שום ספק קלענער געוואָרן דער אינערלעכער קרי־זיס אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און במילא וואָלט גרעסער געוואָרן דער באַלאַנס זייערער פון אויפטוען און קאָנקרעטע דערגרייכונגען אויף די קולטור־שטחים פון אונדזער לעבן.

די ווירקלעכקייט איז אָבער זייער אַ האַרבע און יעדער באַוווּסטזיניקער נאַציאָנאַלער ייִד ווייטיקט אויף דעם עקזיסטירנדיקן מצב. אַ האַלבער מיליאָ־ניקער ייִדישער ישוב, אָרגאַניזירט אין פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, מיט ריזיקע תקציבים, וואָלט באַדאַרפט זאָרגן, אַז דער איינציקער העברעאישער זשורנאַל „צוהר־הדרום" זאָל דערשײַנען יעדע 15 טעג און דערנאָך איבערגיין צו אַ וועכנטלעכע אויסגאַבע. אין איצטיקן יוני־נומער פון דעם זשורנאַל געפינט זיך זײַן יאָר־עלטער פאַרצייכנט מיט צוויי אותיות: ל"ב, וואָס דאָס הייסט אין דער ציפערן און חשבון־שפּראַך — 32 יאָר עקזיסטענץ, אָבער „לב" האָט אויך אַן אַנדער באַדײַטונג: האַרץ. פאַרמאָגט טאַקע דער אָרגאַניזירטער ציוניזם אין לאַנד, אָדער די היגע קהילה און ועד הקהילות, די בעסטע טיילן פון אַרגענ־

טינער נאַציאָנאַלן ייִדנטום אַזאַ האַרץ, וואָס קאָן דערלאָזן דערצו, אַז „צוהר־הדרום" זאָל דערזען די ליכטיקע שיין נאָר דעמאָלט, ווען ס'איז דאָ אַ מאַטע־ריעלע מעגלעכקייט אַרויסצוגעבן אַ נײַעם נומער? ס'דאַרף זײַן איינע פון די גרויסע אַמביציעס פון דער היגער ייִדיש־נאַציאָנאַלער געזעלשאַפטלעכקייַן, בראש מיט דער קהילה און אָרגאַניזירטן ציוניזם, צו דערמעגלעכן „צוהר־הדרום" צו דערשײַנען איינמאָל אין צוויי וואָכן און גלײַכצײַטיק נעמען די איניציאַטיוו אויף אָפּצומערקן העכער 30 יאָר קיום פון דער דערמאָנטער העברעאישער צײַטשריפט אין אַרגענטינע.

צו דער דאָזיקער טעטיקייט דאַרף די היגע שגרירות ישראל צולייגן אַ טרײַע האַנט פון מיטאַרבעט, אין וועלכער ס'געפינט זיך די ברכה פון דערפאָלג און פון פאַרזיכערטע רעזולטאַטן.

מיר זיינען פיל מיט האָפענונג און איבערצײַגונג, אַז פאַר „צוהר־הדרום" וועט זיך אָנהייבן אַ באַנייטע אַרבעטס־תקופה אינעם היגן ייִדישן ישוב, אָבער ביז די ענדערונג צום גוטן וועט פאָרקומען, וועט די שווערע אַרבעט פון אויפ־האַלטן די דאָזיקע העברעאישע פּאָזיציע אין לאַנד, ווי אין ייִדישן לאַטיין־אַמע־ריקע, נישט איבערגעריסן ווערן.

# ייוואָ דאַרף ווערן אַ קולטור־כּוח אין אַרגענטינער ייִדנטום

דער ייִדיש־וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט אין אַרגענטינע האָט זיך פאַר־דינט דורך זײַנע ייִדיש־נאַציאָנאַלע קולטור־לייסטונגען אַ בכבודיק פּלאַץ אי־נעם אויבנאָן פונעם היגן ייִדישן קולטור־לעבן. אַן אינסטיטוציע פון אַזאַ פאַר־נעם קאָן אָבער נישט בלײַבן שטיין אויף איין פּלאַץ, זי מוז וואַקסן און פאַר־נעמען נײַע פּאָזיציעס, אַנדערש, ווערט זי אײַנגעשרומפּן, גײַסטיק און קולטור־רעל פּאַראַליזירט.

נאָך דעם גרויסן חורבן, וואָס ס׳האָט געטראָפן דעם ייִדישן פאָלק אין די אייראָפּעישע לענדער, ווו אַ דריטל איז אומגעקומען דורך דעם פאַרשאָלטענעם נאַצי־דײַטשלאַנד, האָט דער שארית ישראל אָנגעהויבן שטעלן מאָנומענטן אין פאָרם פון יזכור־ביכער, לכבוד די אומגעקומענע קהילות.

אויף גרויסע און קליינע יזכור־אַקטן צינדט מען טאָקע אָן 6 ליכט, וואָס דאַרפן דערמאָנען די לעבעדיקע בני ישראל און דעם אומקום פון 6 מיליאָן ברידער און שוועסטער, זיי ברענען אָבער אויס זייער שנעל און לאָזן איבער נאָך זיך אַן אומהיימלעכע טונקלקייט. אויך דער האַרצרײַסנדיקער „אל מלא רחמים" פאַרשווינדט מיטן אָפּלויף פון טעג און וואָכן, ווער רעדט שוין פון יאָרן... אָבער די מצבות פון ייִדישע אותיות, אײַנגראַווירטע אין הייליקע יזכור־ביכער, אָדער אין אינסטיטוציעס, ווי „יד־ושם" און ייִוואָ־פאָרשונגען און אויפ־זאַמלונג פון ייִדישע קולטור־אוצרות, זיי פאַרבלײַבן ווי פלאַמען — נישט ברענענדיק, אָבער זיינען אַן אייביק־ברענענדיקער נר תמיד אינעם ייִדישן לעבן; זייער ליכט שטראַלט אַרויס פון יעדן אות, פון יעדן איכה און קינה־פּסוק, וואָס רופן ייִדן נישט צו פאַרגעבן דעם אייביקן שונא און נישט צו פאַרגעסן אין די מעשים תעתועים פון דעם הײַנטצײַטיקן רוצחישן עמלק, וואָס איז דערשינען און דערשײַנט נאָך אַלץ אין דער וויסטער געשפּענסטער־געשטאַלט פון דײַטשלאַנד.

ס׳איז קלאָר פאַר יעדן ייִד דער טראַגישער אמת, וואָס ווײַזט אָן, אַז צוזאַמען מיטן פיזישן אומקום פון אַ דריטל פון ייִדישן פאָלק, איז פאַר־ניכטעט און צעשעטערט געוואָרן אַ ריזיקער ייִדישער קולטור און גײַסט־פאַר־

מעגן, וואָס וועט נישט אַזוי שנעל, זיכער נישט אין אונדזער דור, צוקומען אויף אויספילן דעם פאַרבליבענעם חלל אינעם הײַנטצײַטיקן ייִדישן לעבן.

ס'וועט טרויעריק אויף דער נשמה, ווען מיר קוקן אויף די שרעקלעכע ירידה־פּראָצעסן אינעם ייִדנטום: א) די צעשטערונג פון דער יידישער און העברעיִשער קולטור צוזאַמען מיט זייערע לייענער און טרעגער, ליבהאָבער און שומרים, אין די יאָרן פון דער היטלעריסטישער מאָרד־הערשאַפט. ב) דער אומקום און אויסראָטונג פון ייִדיש־נאַציאָנאַלן גײַסט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, צו וועמעס חורבן די יעווסעקציע דאָרט און אומעטום האָט צוגעטראָגן איר לייבן־חלק; ג) דער וואַקסנדיקער און וואַנסירנדיקער אַסימילאַציע־שטראָם אין דער פרײַער וועלט, וואָס רײַסט אָפּ צענדליקער טויזנטער ייִדן פון זייערע מקורות, בפרט ניכר'דיקע טיילן פון דער ייִדישער יוגנט, וואָס געפינען זיך אין די אָרעמס פון גויאישע אידעען. יידישע שולעס זיינען אויסגעליידיקט פון ייִדישע קינדער, די ייִדישע היים, אין איר גרעסטער מערהייט, איז אַ גײַסטיקע חורבה און בלויז קליינע אָרגאַניזירטע יידישע גײַסט און קולטור גרופּן, ראַנגלען זיך, ניט נאָר פאַר אייגענעם קיום און טעטיקייט, נאָר פאַרן המשך פון דער ייִדישער קולטור אין אונדזערעביידע נאַציאָנאַלע לשונות.

אויך אין יידישן אַרגענטינע איז גאָרנישט פריילעך אויף די דערמאָנטע שטחים, אָבער צו אונדזער גליק זיינען נאָך פאַראַן יידישע קולטור עסקנים, קולטור אינסטיטוציעס, וועלכע גיבן אַזוי לײַכט נישט אויף זייערע פּאָזיציעס, זייער עקשנותדיקן קאַמף אין זייער אמונה אינעם קולטור־אויפלעב און גײַסט־באַגײַונג אינעם יידנטום בכלל און אין הזגן יידישן ישוב — בפרט. איינע פון די דאָזיקע ייִדישע קולטור־פּאָזיציעס איז בלי שום ספק דער ייוואָ אין אַרגענטינע, וואָס האָט זיך קונה־שם געווען מיט זײַן וויכטיקן צושטײַער צו יידישער פאָרש־אַרבעט, צו פאַרשיידענע קולטור־לייסטונגען, ווי דאָס אַרויס־געבן ערנסטע און באַלערנדיקע ביכער — אײַנגעשלאָסן „די אַרגענטינער ייוואָ־שריפטן".

דאָס וואָס איז דערגרייכט געוואָרן ביז הײַנט איז פאַרבונדן מיט גרויסע אָנשטרענגונגען מצד די טרײַע ייוואָ עסקנים און טויזנטער פרײַנט, אָבער דווקא אין אַ צײַט פון אַ יקרות אויף ייִדישקייט, קאָן ייוואָ נישט בלײַבן שטיין בײַ די איצטיקע דערגרײַכונגען. ס'איז איצט געקומען די פּאַסיקע צײַט אַרויסצופירן דעם „ייוואָ" און זײַנע אַלזײַטיקע טעטיקייטן, זײַן פּראָ־גראַם און אינהאַלט, אויף דער ברייטער יידישער גאַס, ווי אין דער יידישער פּראָווינץ. הײַ־יאָר דאַרף פּראָקלאַמירט ווערן אַ „ייוואָ־חודש" מיט פאָלגנ־דיקע צילן: פאַרגרעסערן די מיטגלידערשאַפט פון ייוואָ. פאָרמירן ייוואָ־אָפּ־טיילונגען אין די גרעסערע ייִדישע ישובים אין אינערן פון לאַנד, דורכפירן וויכטיקע אויפקלערונגס אַקטן, סײַ אין דער הויפּטשטאָט, ווי אין גרעסערע

מקומות אין פּראָווינץ, וועגן דער שליחות פון ייוואָ אינעם יידישן לעבן, איינ־אָרדענען צענדליקער היים מסיבות אויף צו געווינען נייע פריינט און מיט־אַרבעטער פאַרן יידיש־וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. פּראָקלאַמירן אַן אַקציע פאַר אַ קולטור־פאָנד פון ייוואָ. פעסטשטעלן פּרעמיעס פאַר פאָרש אַרבעטן אויף יידישער טעמאַטיק. אויסברייטערן די פרוכטבאַרע אַקטיוויטעטן פון דער פּרויעןֿ־קאָמיסיע פון ייוואָ. חוץ לזה, דאַרפן דורכגעפירט ווערן אַפטע קונסט אויסשטעלונגען אויף יידישע טעמעס, דורכפירן פון צייט צו צייט און ווען דאָס וועט זיין נויטיק, גרעסערע קולטור־אַקטן לטובת דעם שוץ פון אונדזער קולטור אין ביידע נאַציאָנאַלע לשונות, אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט דאַרף געשאַנקען ווערן דער יידיש און העברעיש־ריידנדיקער יוגנט, כדי זי צו דער־נענטערן צום ייוואָ און פאַרוואַנדלען אין אַ מיטאַרבעטער־כוח לטובת דער יידי־שער קולטור און פאַר דער דערמאָנטער אינסטיטוציע. עס דאַרף אויף להבא פאַרשטאַרקט ווערן די פאַרלאַג־טעטיקייט, אַרויסגעבנדיק רעגולערער די „אַר־גענטינער ייוואָ שריפטן", ביכער פון אַ וויכטיקן אינהאַלטלעכן און פאַרשערישן ווערט און דורכפירן, מיט דער הילף פון היגן „וועד החינוך המרכזי" אַ ייוואָ־טאָג אין אַלע יידישע שולעס, כדי צו באַקאַנען די תלמידים־ות מיט דער גע־שיכטע, אויפגאַבן, אויפטוען און צילן, שליחותן און אַרבעטן פון ייוואָ. די הייַ־יאָריקע אַרבעט פון ייוואָ קאָן זיך פאַרענדיקן מיט אַ יום עיון, מיט אַטאָג, פון פאַרטיפונג, אין וועלכן עס דאַרפן זיך באַטייליקן אַלע יידיש־נאַציאָנאַלע עסקנים פון אַרגענטינער יידנטום, כדי צו באַטראַכטן אַ טעמאַטיק, וואָס איז פאַרבונדן מיט אויפלעבן און באַלעבן יידישע קולטור־אַרבעט אין היגן ישוב.

ייוואָ אין אַרגענטינע איז פּונקט ווי ייוואָ אין ניו־יאָרק, ווי אין אַנדערע ישובים, בפרט אין מדינת ישראל, אָפּצווייַגן פון דעם גרויסן און פּרעכטיקן ייוואָ־בוים פון ווילנע וועמען דער היטלעריסטישער ציקלאָן האָט אויסגעריסן און אומגעשלייַדערט. די ייוואָ צווייַגן זיינען, אויך הייַנט צו טאָג, אויסגע־שטעלט צו גרעסערע און קלענערע, אינערלעכע און אויסערלעכע שטורעם־ווינטן, זיי, די דאָזיקע צווייַגן וועלן זיך אפשר בייגן, אָבער קיינמאָל וועט זיי קיינער מער נישט צעברעכן.

דאָס אַרגענטינער יידנטום וועט אָן ספק שטאַרקן די הענט פון די היגע ייוואָ־טוער, ווייל די דאָזיקע קולטור און גייסט־אינסטיטוציע מוז דערפילן איר שליחות אינערהאַלב דעם היגן ישוב און דאָס וועט זי טון אין גייסט פון ווילנער ייוואָ.

# אַן אַרײַנבליק אין אונדזערע הײמישע פּראָבלעמען

## (איכות און כּמות דאַרפֿן זיך דערגענצן)

דאָס שול־יאָר האָט זיך פֿאַרענדיקט און במשך פֿון טעג זײַנען דורכגעפֿירט געוואָרן צענדליקער פֿײַערונגען, וואָס זײַנען ברייט אָפּגעשפּיגלט געוואָרן אין דער היגער ייִדישער טאָג־פּרעסע. אין סאַלאָנען איז געקומען צום פֿולן אויסדרוק דורך וואָרט, געזאַנג, אינסצעניזאַציעס און טעאַטער־שפּיל, דער אינהאַלטלעכער טייל פֿון דער דערציערישער אַרבעט. ייִדישע קינדערלעך האָבן דורך סצענישע קונסט שפּאַצירט איבער די וועגן פֿון דער ייִדישער געשיכטע געשפּיגלט די גאָלדענע פּעדים פֿון דעם גלאָררײַכן עבר מיט דער צוקונפֿט פֿון ייִדישן פֿאָלק און לאַנד. עס איז געווען אַ גרויסע פֿרייד, אַן אומגעהויערער נחת, צו זען דאָס פּרעכטיקע בילד, וואָס עס האָט מיט זיך פֿאַרגעשטעלט די גאַנצקייט פֿון דער ייִדישער משפּחה און איר אידענטיפֿיקאַציע מיטן ייִדישן חינוך. עלטערן, ברידער, שוועסטער, תּלמידים, לערער, עסקנים און מיט זיי, די אָרגאַניזירטע ייִדיש־נאַציאָנאַלע געזעלשאַפֿטלעכקייט, בראָש מיטן היגן וועד החינוך המרכּזי.

דווקא אין אַזעלכע יום־טובֿדיקע טעג פֿאַרן ייִדישן שול־וועזן אין לאַנד, איז כּדאַי צו ריידן וואָכעדיקע רייד. כ'וועל אָנהייבן מיט דעם באַקאַנטן משל פֿון יענעם חסיד, אַ רײַכער ייִד, וואָס טוט נישט אַ גאַנצע וואָך די האַנט אין קאַלטן וואַסער, ווײַל ער איז סײַ ווי פֿאַרזאָרגט מיט כּל־טובֿ, און ווען ער קומט צום רבין זיך באַקלאָגן אויף דעם, וואָס אין הייליקן טאָג שבת, געפֿינט ער נישט קיין שום טעם, נישט אין עסן און נישט אַפֿילו אין דער שבתדיקער מנוחה. דער רבי דערקלערט אים די סיבה פֿון דער טעמלאָזיקייט מיט אַ פּשוטן שׂכל: וואָלסטו געאַרבעט אַ גאַנצע וואָך און גערוט שבת, וואָלסטו זיכער הנאה געהאַט פֿונעם שבת, אָבער אַז דו טוסט גאָרנישט אַ גאַנצע וואָך, וואָס פֿאַר אַ טעם האָט מען אינעם שבת קודש? דער מצבֿ אין היגן ייִדישן שולוועזן רופֿט אַרויס אַ זאָרג ביי יענע דינע שיכטן חינוך־עסקנים, וועלכע זעען און פֿילן דעם פֿאַקט, אַז גרויסע טיילן פֿון דער אָרגאַניזירטער ייִדישער געזעלשאַפֿט נעמט נישט קיין אָנטייל אין דער דאָזיקער וויכטיקער אַרבעט, אין דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט אויף צו פֿאַרשטאַרקן דעם ייִדישן חינוך אין אַרגענטינע. דאָס שולוועזן וואַקלט זיך אַפֿילו די יסודות אויף וועלכע עס האַלט זיך דער הײַנ־

טיקער כמות, טרייסלט זיך, די יידישע לערערשאַפט איז נישט געוואָרן דער יידיש־געזעלשאַפטלעכער פאַקטאָר אינעם היגן יידנטום, אָבער זי שטייט טאָג־טעגלעך אין דער קוזשניע פון דער דערציערישער אַרבעט און פורעמט אויס די נשמה פון יידישן קינד. די חינוך־עסקנים, אַלנפאַלס אַ גרויסער טייל פון זיי, זיינען מיד געוואָרן און עס פילט זיך נישט קיין התלהבות אינעם יידישן ישוב פון לאַנד פאַר גרעסערע חינוך־פּאַרמעסטן. אַ גרויסער טייל פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט האָט זיך נישט איינגעשפּאַנט אינעם שווערן עול פון שול־טעטיקייטן און עס איז נישט געלונגען צו פאַרוואַנדלען די דערציאונגס־אַרבעט אין א הויפּט־יסוד פאַרן יידישן קיום, ביי די עלטערן פילט מען נישט, אחוץ אַ סך פריידיקע אויסנאַמען, קיין שפּאַנונג לטובת דער פאַרשטאַרקונג און אויס־ברייטערונג פון דער חינוך־אַרבעט אינעם אַרגענטינער יידנטום. בכלל מערקט מען נישט קיין שטאַרקע צוגעבונדנקייט צו די עקזיסטירנדיקע יידישע שולעס; וועגן שאַפן נייע שול־פּאָזיציעס איז דאָך שוין אָפּגערעדט. דערצו קומט נאָך צום אויסדרוק די באַזייטיקונג פון דער יידישער שפּראַך און קולטור פון די דערציאונגס־פּראָגראַמען, וואָס ווערט פּראַקטיצירט דורך אַ טייל שול־דירעקטאָרן און לערער. מעגלעך, אַז אַ סך מאַכן דאָס מיט דער כוונה צו העלפן דער שווערער מערכה פון עברית אין היגן יידישן ישוב, אָבער דער אמת איז ווי בוימל אויפן וואַסער: יידיש לשון ווערט טאָקע פּלאַנמעסיק באַזייטיקט, אָבער די העברעישע שפּראַך צוזאַמען מיטן „תרבות עברית" וואַקסט נישט אויף דעם דאָזיקן חשבון. מיר זיינען עדות פון דעם טרויעריקן פאַקט, וואָס עס וואַקסן אַריין אין אַ טייל יידישע שולעס אַנדערע לשונות און מיט זיי פרעמדע, נישט־יידישע גייסט־השפּעותן, וואָס זיינען עלול אויסצופילן די נשמה פון יידישן קינד מיט אינהאַלטלאָזיקייט און אַפילו מיט בטול־באַציאונג צו אַלע קולטור־אוצרות פון יידישן פאָלק, אַפילו צו די גאולה אויפגאַבע פון ציוניזם און מדי־נת ישראל.

פערזענלעך בין איך אַ קאָמפּראָמיסלאָזער אָנהענגער פון אַן אינטעגראַלער ציוניסטישער דערציאונג אין אונדזערע בתי־ספר. אַזאַ חינוך דערלאָזט נישט, אויב מען רעדט אין טערמינען פון איכות, אַז די נשמה פון יידישן קינד זאָל זיין אַ צעשפּאָלטענע, זאָל זיך אַנטוויקלען מיט פאַלשע איינדרוקן וועגן יידישן פאָלק און זיין פריי־הייטס־באַוועגונג. עס טאָר נישט זיין ביי אונדז יידן אַזאַ חינוך־פּראָגראַם, וואָס זאָל זיקטירן, אין נאָמען אַפילו פון די העכסטע אידעאַלן, אַ געבאָט, אַז אַ האַלבע נשמה פון יידישן קינד זאָל געהערן צו דער מענטשהייט, צום אוניווערסאַליזם און די אַנדערע העלפט זאָל געשטעלט ווערן אין רשות פון יידישן פאָלק און זיינע גאולה־שטרעבונגען, אין די ראַמען פון דער יידישער מדינה, באַזירט אויף די גרונט־יסודות פון קיבוץ און מיזוג הג־לויות. מיר ווילן דאָס גאַנצע יידישע קינד פאַר אַלע יידיש־שעפערישע אידעאַלן.

ייִדיש־נאַציאָנאַלער חינוך איז פרײַ פון סתירות און איז פול מיט זיכערקייט פאַרן ייִדישן המשך. מיר זיינען נישט זיכער אין דעם, צי אַלע מחנכים אַרײַנגערעכנט די ישראל־דערציער פאַרשטייען די דאָזיקע פליכטן, זיינען משיג די ספּעציפישע באַדינגונגען, אין וועלכע עס געפינט זיך אונדזער ישוב. פאַרשטייען די ישראל־לערער, באַגרייפן די יונגע ייִדישע דערציער, אַז מיר אַלע שטייען פנים אל פנים מיט גרויסע סכנות פון אַסימילאַציע, געמישטע חתונות, פרעמדע אידעאַלן, אייגענער עם הארצות? איך קאָן ייִדישע לערער, וועלכע נעגירן דאָס ייִדישע לעבן, זיי ווילן נישט זען און פילן דעם גלאָררײַכן ייִדישן עבר, זיי זיינען זיך מתכוון אַריבערצושפּרינגען קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר גײַסט־שאַפונגען פון דער ייִדישער אומה, כדי צו האָבן אַ פאַלשן קפיצת הדרך צו אויסגעטרוקנטע קולטור־קוואַלן...

ס'איז געקומען די צײַט פאַר אַ פאַרשטאַרקטער אַרבעט, סײַ אין כמות והן אין איכות, פאַרן ייִדישן שולוועזן אין אַרגענטינע. אַ נײַער געבאָט מוז באַהערשן אַלע טיילן פון אַרגענטינער ייִדנטום. פריער פאַר אַלץ איז די פליכט צו אַן עכטער ייִדישער דערציאונג. די עלטערן פון זייערע קינדער, די ייִדישע היים — די אָרגאַניזירטע ציוניסטישע באַוועגונג, די ייִדיש־נאַציאָנאַלע געזעלשאַפטלעכקייט, אַלע צוזאַמען מוזן פילן די אַחריות, דאַרפן זײַן דורכגעדרונגען מיטן באַוווסטזײַן, אַז די היגע ייִדישע שולן זיינען די שטאַרקסטע גײַסט־און קולטור־פעסטונגען פון אַרגענטינער ייִדנטום.

נאָר דעמאָלט ווען אַלע ייִדן וועלן יעדן טאָג עפּעס מתקן זײַן פאַר דער אויטענטישער ייִדיש־נאַציאָנאַלער דערציונג, ערשט דעמאָלט וועט יעדער ייִד פילן בחוש די באַדײַטונג פון אַ שול־יום־טוב, ווײַל ווען אַ ייִד אַרבעט טאָג־טעגלעך, קאָן מען געניסן פון אַן עכטן שבת...

אין דעם ייִדישן שולוועזן אין לאַנד זעען מיר די צוקונפט פון אונדזער ישוב און כדי צו פאַרפעסטיקן ייִדשקייט דאַרף געטון ווערן דאָס מאַקסימאַלסטע, סײַ אויף צו פאַרטיפן דעם איכות און סיי צו פאַרגרעסערן דעם כמות פון אונדזער שולוועזן אין אַרגענטינע.

# דער גייסטיקער כוח פון יידישן אלף בית

פיזישער כוח און גײַסטיקע גבורה פירן צווישן זיך אַן אייביקן קאַמף פאַר העגעמאָניע אין מענטשלעכן לעבן. אין מײַן פריעסטער יוגנט בין איך געווען אַן עדות פון אַזאַ געראַנגל אין דער בעלזער חסידישער קלויז פון מײַן געבוירן־שטעטל ניעמיראָוו. האָט חברה ש״ס דורכגעפירט, אין איינע פון די לאַנגע פוילישע ווינטער־נעכט, אַ סיום הש״ס. די קלויז אַ העל באַלויכטענע, די שטעטלדיקע יידן: לומדים און פשוטע תהילים־זאָגער זיינען געזעסן אַרום טישן און זיך געפרייט מיט דער דאַזיקער גײַסטיקער איבערלעבונג. אין דרויסן האָבן אוקראַינישע כוליגאַנעס און פוילישע נאַציאָנאַליסטן זיך פאַרזאַמלט אויף צו שטערן יידן אין זייער גײַסטיקן יום־טוב. אַ האָגל פון ציגל־שטיקער, שטיינער און פאַרפרוירענע ערד־גרודעס האָבן צעשטיקלט די קלויז־שויבן, אָבער יידן האָבן דעם סיום הש״ס יום־טוב נישט איבערגעריסן, זיי האָבן ממשיך געווען מיט דער חגיגה. אַ גרופּע יונגע יידן זיינען אַרויס אין דרויסן און האָבן זיך אויך פיזיש אַן עצה געגעבן מיט די שטיינער־וואַרפער און שקצים אויסוואָרפן... ביי יעדן באַרג פון צעבראָכענע שויבן האָב איך מיך טאַקע געטוליעט צו מײַן פאָטער ע״ה. אָבער דער רושם פון יידן־לערנער, פון גײַסטיקע גבורים, וועלכע קענען אויך שטיל מאַכן פיזישע איבערפאַלער, האָט אויף מיר געלאָזן אַן אומ־פאַרגעסלעכן אײַנדרוק.

ווויל איז אַ יידישן ישוב, אין וועלכן עס קענען נאָך פאַרקומען סיום הספר־פײַערונגען. מיר לעבן דאָך אין אַזאַ צײַט אין לאַטיין־אַמעריקע, ווען די יודעי־הספר ווערן אַלעמאָל, צו אונדזער אומגליק, ווייניקער, עם הארצות רופט שוין מער נישט אַרויס קיין בושה, נישט ביים עם הארץ און נישט אין דער יידישער געזעלשאַפט. אַ פּוסטע און גאַווהדיקע אַסימילאַציע רײַסט שטיקער פון אונדזער יידישער נשמה. דאָס יידישע בוך און דער העברעאישער ספר האָבן שוין מער נישט קיין וווין־רעכט אין אַ סך יידישע הייזער פון אַרגענטינער יידנטום, פון אַנדערע היימען ווערן ספרים אַרויסגעוואָרפן אויפן מיסט־קאַסטן, אָדער, אין בעסטן פאַל אונטערגעוואָרפן הינטער טירן פון יידישע רעדאַקציעס, ווי פון ייוואָ, און ווער עס זעט דאָס, פילט דעם צער פון שטומע יידישע אותיות, קלאָגט מיט א פאַרשטיקטע טרער אין האַלדז אויפן גײַסטיקן חורבן אינעם יידישן לעבן.

ניט געקוקט אויף דעם מצב, זיינען נאָך פאַראַן יידן, מאמינים אין דער גײַסטי־

קער גבורה פון יידישן אלף־בית, געפינען זיך נאך יידישע קולטור־אינסטיטו־ציעס, וואס שטייען אויף דער וואך, ווי טרייע שומרים אויף האלב־צעשטערטע מויערן פון אונדזער צעטרייסלטער יידישקייט אינעם היגן יידישן ישוב און דער־לאזן נישט דערצו, אז גייסטיקע פעלדער זאלן פארטרונקען ווערן פון אן אסי־מילאציע־מבול. איינע פון די דאזיקע גייסטיקע קוזשניעס איז בלי שום ספק דער ייוואָ אין ארגענטינע, וועלכער פארזאמלט אלע זיינע איבערגעגעבענע פריינט צום יום־טוב פון א סיום הספר לכבוד דאס דערשיינען פון ד״ר אליהו ליפינערס בוך: „די אידעאלאגיע פון יידישן אלף בית״, די דאזיקע יידישע קולטור־און גייסט־פייערונג וועט שטיין אונטערן צייכן פון נייע און גרעסערע פארמעסטן, וואס דער היגער ייוואָ האט אנגעצייכנט צו רעאליזירן מיט דער הילף פון זיינע טויזנטער פריינט, עסקנים און טרייע אנהענגער.

***

מיט 42 יאר צוריק, דאס איז געווען דעם 24טן מערץ 1925, איז אין ווילנע געלייגט געווארן דער יסוד פארן יידיש־וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט, און די קליינע צאל פונדאמענט־לייגער האבן, אין יענע טעג, געהאט א ווייטן בליק, גרויסע וויזיעס, וועגן דער ראל פון ייוואָ פאר דער יידישער קולטור פארן יידישן קולטור לעבן בכל תפוצות ישראל. אמת, דער ייוואָ איז געווען די שאַ־פונג פון א קליינע צאל יידישע געלערנטע, דער דאזיקער אינסטיטוט איז אבער געווארן דער קנין פון גרויסע יידישע מאסן אין דער גארער וועלט, טויזנטער און טויזנטער יידישע קולטור־מענטשן האבן צוגעטראגן, ווער א ציגל, ווער א זאמדעלע, ווער א ביסל צעמענט, צום אויפבוי פון דעם גייסטיקן בנין, צו וועמעס קולטור־הויכקייטן עס האבן זיך געריסן נייע יידישע טאלאנטן מיט גייסטיקן אומרו, מיט יידישן שאפונגס־לוסט, מיט פארש־ארבעטן, באגלייט פון צענדליקער טויזנטער זאמלער און מיטארבעטער וועמען דער ייוואָ האט געגעבן די מעגלעכקייט צו קומען צום יידיש־ליטעראַרישן אויסדרוק, ביי וועמען זיי האבן באקומען סמיכה און פארשערישן שווונג.

ווען ייוואָ האט, אין אייראפע, בפרט אין יידישן פוילן זיך פארמאסטן ארויסצוגיין אויף ברייטערע דרכים, פונקט ווען דער יידיש־וויסנשאפטלעכער אינ־סטיטוט איז אריינגעגאנגען אינעם פרעכטיקן פרילינג פון זיינע לייסטונגען, ארבעטן און פונאנדערבלי, איז געקומען דער רוצחיש־סאדיסטישער היטלעריזם אויף די פליגל פון טויט און מיטגעבראכט מיט זיך דעם שרעקלעכסטן אומ־ברענג פון אלע פיזישע און גייסטיקע קאטאסטראפעס וואס האט ווען און ווו געטראפן אונדזער פאלק, דעם עם הספר, אין זיין לאנגן צוויי טויזנט יאריקן גלות.

די יידישע אייראפע איז געבליבן אין חורבות, דאס פוילישע יידנטום מיט

אַלע זײַנע קולטור־אוצרות זיינען פאַרשניטן געוואָרן פונעם פּנים פון דער ערד, אָבער צום גליק פאַר דעם ייִדישן קולטור־המשך איז שוין אין די פאַראייניקטע שטאַטן געווען אַן ייִוואָ־אָפּטיילונג, אויך אין ייִדישן אַרגענטינע איז דער ייִדיש־וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט געוואָרן אַ שיינע רעאַליטעט. אַוודאי פאַרמאָגן מיר נישט יענע גײַסטיקע כוחות פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום, געוויס לע־בן מיר אויף קליינע אינדזולעלך אין מיטן פון אַ צעשטורעמטן ים, וועמעס כוואַ־ליעס רײַסן אָפּ שטיקער ערד און פאַרקלענערן אונדזער קולטור־באַזיץ און גײַס־טיקן קיום, די וועגן צום היגן ייִוואָ ווערן טאַקע אַלע מאָל שמעלער, עס זיינען דאָ מער דערנער פון בלומען, אָבער מיר פאַרלירן נישט דעם מוט, מיר פאַר־קלענערן נישט אונדזערע טריט, מיר רעדוצירן נישט אונדזערע פאַרמעסטן, ווײַל נאָר טיף גלויביקע אין די אייביקע גײַסט־ווערטן פון אונדזער אומה זיינען ביכולת צו שפּאַנען פאָרויס.

דער ייִוואָ אין אַרגענטינע פירט דורך זײַן יערלעכן יום־טוב, אין וועמעס צענטער עס געפינט זיך דער סיום הספר, די פײַערונג קומט אָבער פאַר כמעט ערב ראש השנה, וואָס פאַרלאַנגט פון יעדן ייִדן אַ חשבון הנפש, בעסער גע־זאָגט, יעדער ייִדישער נפש דאַרף איצט מאַכן זיין יחידישן און כללישן חשבון, כדי אונטערצוציען אַ סך הכל פון דערגרייכונגען און צייכענען גלײַכצײַטיק די אויפגאַבע פאַר דער ייִדישער קולטור אויף להבא. בין איך זיכער, אַז דער חשבון וועט געמאַכט ווערן — מיט ריכטיקע רעזולטאַטן...

מיר פון אונדזער זייט וועלן טאָן אַלץ, וואָס מיר זיינען בכוח צו לייסטן פאַר דער פאַרפעסטיקונג און פאַרוואָרצלונג פון ייִוואָ אין היגן ייִדישן לעבן, אָבער אַלע צוזאַמען מוזן מיר זאָרגן, אַז דאָס אַרגענטינער ייִדנטום זאָל באַ־פרוכפּערט ווערן מיטן רוח החיים פון ייִדישן גײַסט און געבענטשט ווערן מיט ייִדישער קולטור־שעפערישקייט.

די טויזנטער און טויזנטער פרײַנט און מיטאַרבעטער פון היגן ייִוואָ ווערן גערופן צו נײַע אָנשטרענגונגען, צו שווערע אויפגאַבן, צו גרויסע אַרבעטן, כדי צו פאַרזיכערן אין אונדזער ייִדישן לעבן די הערשאַפט פון ייִדישן גייסט און דאָס ליכט פון דער ייִדישער און העבּרעאישער קולטור.

# דער 20טער יום העצמאות פּאַרלאַנגט ווירדיקע מעשים און פאַרשטאַרקטע קשרים

### צום באַזוך אין אַרגענטינע פון פרוי גאָלדע מאיר און פאָלקס־אַקט אין „לונאַ פּאַרק"

מיר נעמען אויף מיט פרייד דעם באַזוך פון דער פרוי גאָלדע מאיר אין אַרגענטינע און באַגריסן זי מיט אַן אויפריכטיקן ברוכה הבאה.

אין איר חלוצישער פּערזענלעכקייט איז פאַראַן דער צויבער פון אַ קעמפערישע יידישע פרוי פאַר דער באַפרייונג פון יידישן היימלאַנד, דער געוואַגטער פּאַרמעסט ממשיך צו זיין דאָס ווערק פון דער יידישער מדינה דער תנ"כישער אינהאַלט פון מגשים זיין די לערעס וועגן סאָציאַלן צדק און יושר, די אומדערמידלעכע אָנשטרענגונג אַריבערצוברענגען צו יידישע מאַסן בכל תפוצות ישראל, ווי צו דער נישט־יידישער וועלט, דעם פריידיקן אָנזאָג פון פרייד־לעכער לאַנד־בויאונג, פון אומדערשראָקענע דעציזיעס, פון עפּאָכע־מאַכנדיקע דערגרייכונגען, פון אַן אייזנפעסטן רצון צו דינען דעם יידישן פאָלק מיט אַ מוסטערהאַפטע טרייּשאַפט צו דער יידישער מדינה און אויף איר קאָפּ טראָגט זי די קרוין פון חלוצישע וויזיעס אין דער צוקונפט.

פרוי גאָלדע מאיר איז איינע פון די יסודות שמידער פון דער יידישער מדינה, אירע שטאַטסמענערישע פעאיקייטן האָבן איר אַרויפגעפירט אויף די הויכע שטאַפּלען פון דער נייער ישראלדיקער דיפּלאָמאַטיע און אויף איר חלק איז אויסגעפאַלן אַ שווערער גורל צו זיין די אַמבאַסאַדאָרין פון ישראל אין ראַטנפאַרבאַנד, זי איז נישט נאָר געווען אַקטיוו אין איר פונקציע כלפּי די רוסישע מושלים, גאָלדע מאיר איז געווען אַ טרייסט און אַ האָפענונג פאַר די 3 מיליאָן רוסישע יידן, וועלכע זיינען געוואָרן דער קרבן פון דער דאָרטיקער יעווסעקציע און שפּעטער פון אַלערליי הייזאַמאַקישע אויף רויט־געפאַרבטע פּאָגראָמשטשיקעס.

דער ערשטער נשיא פון דער יידישער מדינה, דער אומשטערבלעכער פּראָפ. חיים וויצמאַן ז"ל האָט אַמאָל אַ זאָג געטון, אַז „קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד דאַרף די יידישע מדינה באַשטימען אַזאַ אַמבאַסאַדאָר, וואָס זאָל קענען אַזוי שווייגן, אַז די גאַנצע וועלט זאָל דאָס זיין ביכולת צו הערן"... אָבער די דיפּלאָמאַטין,

פרוי גאָלדע מאיר האָט נישט נאָר געקענט שווײַגן און פאַרשווײַגן, נאָר זי איז געווען בכוח מיט איר אָנוועזנהייט אין בית הכנסת פון מאָסקווע אַרויסצורופן אַזאַ התלהבות ביי די טויזנטער און טויזנטער ייִדן, וועלכע האָבן באַקומען מוט און גבורה אויסצושרײַען בקול רם דעם גאולת ישראל־אינהאַלטלעכן „לשנה הבאה בירושלים״, אַ פסוק וואָס האָט דורכגעלעכערט די דיקע ווענט פון קרעמלין און איז געהערט געוואָרן איבער דער גאַנצער פרײַער וועלט.

די פרוי גאָלדע מאיר איז שפּעטער געוואָרן אויסערן־מיניסטאָרשע פון ישראל און זי האָט באַוויזן אויסצופירן גרויסע שליחותן אויף אַלע אינטער־נאַציאָנאַלע פּאָליטישע פאָרומס און אַרענעס, איך זאָג אַרענעס, ווײַל זי האָט באַדאַרפט פירן גרויסע דיפּלאָמאַטישע געפעכטן און ראַנגלענישן מיט גרויסע שונאים פון ישראל, אײַנגעשלאָסן די גאַרנישט לײַכטע אויפגאַבן צו פאַרפעס־טיקן ביי די פרײַנטלעכע אומות העולם אַן אויפריכטיקע פרײַנטשאַפט צו דער ייִדישער מדינה.

בשייכות מיט דאָס געזאָגטע, איז איר באַזוך אין אַרגענטינע אַ וויכטיקע געשעעניש אינעם לעבן פון אַרגענטינער ייִדנטום און ציוניזם, אמת, פרוי גאָל־דע מאיר איז נישט קיין פּנים חדשות ביי אונדז, אירע פריערדיקע באַזוכן זיינען נאָך גוט אײַנגעקריצט איז זכרון פון גרויסע טיילן פון היגן ייִדישן ישוב, אָבער איר אויפטריט אַלס גאַסט־רעדנערין אויפן פאָלקס־מיטינג אין „לונאַ פאַרק״, ביי דער פײַערונג פון 20 יאָר ייִדישע מדינה־עקזיסטענץ, סימבאָליזירט די מוסטערהאַפטע באַטייליקונג פון דער ייִדישער פרוי, פון דער חלוצה, אינעם ציוניסטישן רעוואָלט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט 70 יאָר צוריק, ווי איר אַנטייל אין דעם אויפבוי פון קיבוץ, אין דער שמירה אוןביים פאַרוואַנדלען מדבריות אין בליענדיקע גערטנער.

דער איצטיקער באַזוך פון פרוי גאָלדע מאיר אין אַרגענטינע פרישט אויף־קע אָפּ ביי מיר אין זכרון די פרעכטיקע מעשים פון העלדישע ייִדישע פרויען, וועלכע האָבן דורך זייער מוסטערהאַפטע מעשים אַרײַנגעשריבן פרעכטיקע קאַ־פּיטלען פון איבערמענטשלעכער גבורה אינעם נײַעם ספר החיים פון ייִדישן פאָלק.

די „נילי״ אָרגאַניזאַציע אין ארץ ישראל, אונטער דער טערקישער הער־שאַפט, האָט זיך פאַרנומען מיט אַזעלכע אַקטיוויטעטן, וואָס האָבן געצילט צו דער באַפרײַאונג פון ייִדישן לאַנד, „נילי״ האָט געציילט אין אירע רייען מיט גרויסע ייִדישע פערזענלעכקייטן, שרה אהרונסון וועלכע האָט געגלויבט אין איר שליחות, זי האָט אין איר האַרץ געטראָגן די איבערצײַגונג, אַז מיט איר אַרבעט שוואַכט זי אָפּ דעם כוח פון טערקישן סאַטראַפּ און אָקופּאַנט און דערנענטערט דערמיט די רעאַליזאַציע פונעם גאולה־טרוים פון דער ייִדישער אומה, אָבער זי האָט באַצאָלט מיט איר אייגן לעבן גאָר אַ טײַערן פּרײַז פאַר

אירע איבערצײַגונגען. מיר דערמאָנען די גרויסע העלדישע מעשׂים פון דער יונגער און געוואָגטער חלוצה צפורה מאיראוו, שפּעטער די פרוי פון דעם אומפאַרגעסלעכן ציון און מדינה־מנהיג, משה שרת ז״ל, וואָס האָט, אין דער צײַט ווען די טערקישע מיליטער־מאַכט אין פּאַלעסטינע איז געווען ברוטאַל צו דער ייִדישער באַפעלקערונג פון תל אביב, צו אירע 9 טויזנט ייִדישע אײַנוווי־נער, אַנגעקניפּט קאָנטאַקטן מיט ייִדישע אָפיצירן פון די טערקישע מיליטער־גאַרניזאָנען אין ארץ ישראל און דורך זייער פּאַרמיטלונג אַרויסבאַקומען גע־וואָרן פּאָר ייִדישע יונגעלייט, וואָס האָבן אָנגעהערט צו דער „השומר״ אָרגאַני־זאַציע און כסדר געוואַכט איבערן לעבן און פאַרמעגן פון די ייִדישע אײַנוווי־נער אין די שטעט, ווי אין די קאָלאָניעס. ייִדישע פרויען האָבן זיך אויך גע־פינען צווישן די וועכטער אין תל אביב אויף אָפּצוהיטן דאָס איבערגעלאָ־זענע האָב און גוטס פון די פאַרטריבענע ייִדן. נישט ווייניקער זײַנען פּאָפּולער די העלדישע מעשׂים פון מאַניע שוחט, ווי די באַטייליקטע אין דער העראָישער פאַרטיידיקונג פון תל חי, צוזאַמען מיט טרומפּלדורן, פון די חלוצות־קעמפע־רינס, דבורה דראַכלער און שרה טשיזשיק, וועלכע זײַנען געפאַלען טויט בעת דעם אומפאַרגלײַכלעכן קאַמף פון געציילטע קעגן האָרדעס מערדערישע אַראַ־בער. ווער איז דען ביכולת אויסצורעכענען אַלע מעשׂים פון די פרויען רחל ינאית ־בן־צבי און ראָזאַ כהן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער „הגנה״ אָנפירונג און אויף זיי איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די פליכט אין די רייען פון דער דערמאָנטער ייִדישער שוץ און פאַרטיידיקונגס־אָרגאַניזאַציע. ייִדישע פרוי־ען זײַנען אַקטיוו אין די שורות פון „ארגון צבאי לאומי״, פון לח״י, און אַ סך פון דעם „שוואַכן מין״ קעמפן אויס זייער פּלאַץ אין „פלמ״ח, שטייענדיק אָפט־מאָל אין די פאָדערשטע קאַמפס־פּאָזיציעס קעגן שונא. מען טרעפט אָן אויף ייִדישע מיידלעך ווי די שומרות פון די געהיימע ראַדיאָ־סטאַנציעס פון די ייִדישע קאַמפס־אָרגאַניזאַציעס, זיי זײַנען די ספּיקערינס, די אויספירער פון די ראַדיאָ־פּראָגראַמען, וועלכע אָטעמען מיט ייִדישן קאַמפס־גײַסט און רופן דעם ישוב, ווי דעם גאַנצן ייִדישן פאָלק צום לעצטן באַפרײַאונגס־קריג קעגן דעם בעווי־ניסטישן אָקופּאַנט און אַגרעסאָר, קעגן דער ענגלישער מאַנדאַטאָרן־מאַכט. ייִדי־שע פרויען געפינען זיך מאַסנווײַז אין די רייען פון „הגנה״, צווישן אירע 50.000 אָרגאַניזירטע קעמפער געפינען זיך קרוב צו 20.000 חברות, אַפילו אין דער ש״י — (אינפאָרמאַציע־דינסט) אָרגאַניזאַציע זײַנען פאַראַן ייִדישע פרויען, וואָס צייכענען זיך אויס מיט גרויסע אויפטוען און אומבאַשרײַבלעכע דערגרייכונגען, מיט איין וואָרט, ס׳איז נישט געווען פריער און ס׳איז נישטאָ הײַנט קיין איין איינציקער געביט אין ארץ ישראל בעת זי האָט נאָך געהייסן פּאַלעסטינע ביי די טערקן, אָדער ענגלענדער און אין די 20 יאָר פון ייִדישער עקזיסטענץ, ווו די ייִדישע פרוי זאָל נישט, האַנט ביי האַנט און אַקסל ביי אַקסל

מיט אַלע בויער, פּאַרטיידיקער און קעמפער, געבן איר הערצלאישן צושטייער צו דער עטאַבלירונג פון דער יידישער פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט.

מיר וועלן נישט פאַרגעסן די מוטיקע חנה סענעש, פונקט ווי מיר וועלן געדענקען די העראָישקייט פון טויזנטער און טויזנטער יידישע מאַמעס, וועמענס קינדער, בלוט פון זייער בלוט און ביין פון זייער ביין, זיינען געפאַלן אויף אַלע פראָנטן פון די לעצטע דריי מלחמות, וואָס די אַראַבער האָבן אַרויפגעצוווּנגען אויף דער יידישער מדינה.

אויף דעם גרויסן פאָלקס־אַקט אין „לונאַ פּאַרק" וועלן מיר הערן דאָס אויטענטישע וואָרט פון אַ גרויסע יידישע און ציוניסטישע פּרויען־פּערזענלעכקייט, ווי דאָס איז די פרוי גאָלדע מאיר, וואָס איז אַ ווירדיקע פאַרקערפּערונג פון דער גרויסער יידישער פרויען־מאַסע אין ישראל, וואָס דערפילט אַ הייליקע שליחות לטובת דער רעאַליזאַציע פון ציוניזם, וואָס דאָס איז במילא דער המשך־אויפבוי פון מדינת ישראל.

דאָס אַרגענטינער יידנטום וועט מאַניפעסטירן זיין צוגעבונדנקייט צו ישראל, אָבער דאָס קאָן נישט געטון ווערן נאָר דורך פיזישער אָנוועזנהייט אין „לונאַ פּאַרק" כדי אויסצוהערן אַ רעדע וועגן דער באַדייטונג פון 20 יאָר יידישע זעלבסטשטענדיקייט, יעדער אַרגענטינער ייד אינדיווידועל און אַלע יידן צוזאַמען וועלן דורך ווירדיקע מעשים און ממשותדיקע קשרים פאַר און מיט דער יידישער מדינה ווערן באַרעכטיקטע שותפים צום גרעסטן היסטאָרישן ווערק פון דער הייַנטיקער און אויף אייביק פאַרבלייבנדיקער יידישער פרייהייט.

# איז פאַראַן אַ העברעאישע באַוועגונג אין אַרגענטינע?

## א.

די פראַגע צי עס איז פאַראַן אַ העברעאישע באַוועגונג אינעם ייִדישן אַרגענטינע, איז זייער אַן ערנסטע, אַ האַרבע און איז גורם פאַרשיידענע מחשבות.

פאַר אַ סך ייִדן וועט דאָס קעפּל פון דעם אַרטיקל אַרויסרופן אַ שמייכל, ביי אַנדערע פאַרווּנדערונג אויף דער עצם־פראַגע, אַנדערע וועלן אָפּפרעגן די ספקותן און וועלן זיך באַנוצן מיט אַרגומענטן, אַז די עקזיסטענץ פון דער העב־רעאישער באַוועגונג אינעם אַרגענטינער ייִדנטום איז אַ פאַקט. ס'זיינען דאָ און אַקטואירן ציוניסטיש־חלוצישע יוגנט־באַוועגונגען, מדריכים, שליחים פון ישראל, העברעאישע שולן און סעמינאַרן, אַ „הסתדרות עברית", אַ „מכון לתרבות ישראל", אַ מדרשה, אַ ועד החינוך המרכזי, דאָס איז דאָך גאַר אַ גרויסער פאַרמעגן און טראַץ דעם דרייען זיך אַרום פּעסימיסטן און קלאָגן אויפן מצב פון דער העברעאישער שפּראַך און קולטור אינעם ייִדישן אַרגענטי־נע. מיט אַזעלכע אַרגומענטן וועט מען וועלן דערווייזן די עקזיסטענץ פון אַ העברעאישער באַוועגונג, אָבער מיר זאָגן מיט אַ פול מויל, אַז אינעם ייִדישן אַרגענטינע איז נישטאָ קיין העברעאישע באַוועגונג אין פולן זין פון די דאָזי־קע צוויי ווערטער. עס זיינען נאָך פאַראַן העברעער, אָבער ס'איז נישטאָ קיין העברעאישער בנין און עס פעלן די „אַרכיטעקטן און אינזשעניערן", וואָס זאָלן דעם בנין אויסבויען און שאַפן אַ גוט־פונקציאָנירנדיקע העברעאישע אָרגאַניזאַ־ציע, וואָס זאָל זײַן ביכולת און פעאיק אַרויפצולייגן איר חותם אויף דער אַנט־וויקלונג פון דער ייִדיש־נאַציאָנאַלער געזעלשאַפטלעכקייט אין אַרגענטינע.

## ב.

אין יאָר 1934 איז געשאַפן געוואָרן די „הסתדרות עברית", וועלכע האָט זיך קונה שם געווען מיט איר ערנסטער און אַחריותדיקער אַרבעט פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון דער העברעאישער שפּראַך און קולטור צווישן אַרגענטינער ייִדן. אירע קורסן האָבן אַרומגענומען, פון די הכשרות ביז צו די ציוניסטישע

יוגנט־באַוועגונגען, פון דער וויצאָ ביז צו אַ גאַנצער נעץ פון העברעאישע אָוונט קורסן אין צענדליקער אינסטיטוציעס, שולן און אָרגאַניזאַציעס. דער אייגענער אָרגאַן „דרום" איז דערשינען רעגולער און הונדערטער און הונדערטער יידן האָבן זיך באַטייליקט אין העברעאישע קולטור־אַקטן, חברים־מסיבות און מען האָט געפילט ביי די אָנפירער פון דער דערמאָנטער אָרגאַניזאַציע קנאות צו עברית און ממשותדיקע טאָג־טעגלעכע אַקטיוויטעטן. עס דאַרף ביי דער געלעגנהייט דערמאָנט ווערן צום גוטן די קנאַישע אַקטואַציע פון אַ ייד, אַ קנאי פאַר עברית, א ייד, אַן עקשן, ר' טוביה אַלעסקער און זיין משפחה, וואָס האָט געהאַט אַ וווּנדערבאַרע ביבליאָטעק. ער דער יחיד האָט געהאַט כוח און אַמביציע צו פאַרוואַנדלען זיין שטוב אין אַ „בית עם לעברים", די היימישע שבתדיקע צוזאַמענקונפטן און מסיבות האָבן זיך שטענדיק אויסגעצייכנט מיט תוכן און זיינען געווען סטימולירנדיק פאַר וויטערדיקע פאַרמעסטן. אָן ספק האָט די דאָזיקע אינדיווידואַליסטישע אַרבעט פון אַ יחיד אַרויסגערופן בייז בלוט און צאָרן ביי די אָנפירער פון דער „הסתדרות עברית", אָבער אַ פאַקט איז אַ פאַקט, אינעם היגן יידישן ישוב האָט אַקטואירט אַ משפחה און אַרום איר, אַ היפּשער קרייז פון העברעאיש־ריידנדיקע עלעמענטן, וואָס האָבן געשטאַרקט העברעאיש לשון און געהאָלפן פאַרשפרייטן די אידעאַלן פאַר דער העברעאישער קולטור צווישן יידן. זיכער איז געווען קאַמף און ריוואַליטעט צווישן אַן אָרגאַניזאַציע און אַ יחיד, די יידישע גאַס האָט געפילט דעם אָטעם פונעם מחלוקת, דערפאַר איז דער געראַנגל פאַר דער העברעאישער שפּראַך נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, פאַרקערט, דער קאַמף האָט אויסגערופן אינטערעס, אַריינגעצויגן נייע קרייזן אין דער אַרבעט, דער יחיד, אַלעסקער האָט באַוויזן, אַז אויך ער אַליין קאָן אַרויסגעבן אַ העברעאישע טריבונע, און ס'איז טאַקע אַ שטיק צייט דערשינען די „הבימה העברית", וואָס האָט באַדאַרפט קאָנקורירן מיטן „דרום". די דאָזיקע שפּאַנונג האָט אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט ביז דער דערמאָנטער יחיד האָט געמאַכט זיין עליה און ביז אַנדערע פאַקטאָרן און ספּעציעל דער פאַקטאָר „מכון לתרבות ישראל" האָבן אָפּגערוקט אין אַ ווינקל פונעם יידישן לעבן די געבענטשטע אַקטיוויטעטן פון דער „הסתדרות עברית" אין אַרגענטינע.

במשך פון די הערך אַנדערהאַלבן צענדליק יאָרן עקזיסטענץ פון דעם „מכון" האָט דער דאָזיקער אינסטיטוט זיכער געטון וויכטיקע אַרבעט אויפן שטח פון לערנען יידן די העברעאישע שפּראַך, נישט וויכטיק וויפל יידן האָבן זיך אויסגעלערנט העברעאיש, אַפילו ווען די ציפער זאָל דערגרייכן צו טויזנטער איז דאָס נישט געוואָרן קיין גאַראַנטיע, אַז פון דעם איז געוואַקסן די העברעאישע אָרגאַניזאַציע אין אַרגענטינע, ווייל דער אונטערשייד פון דער הסתדרות עברית" ביז צום „מכון לתרבות עברית" באַשטייט אין דעם, וואָס די ערשטע האָט פאַרבונדן לימוד מיט חינוך, זי האָט מחנך געווען יידן צו

קעמפן פאַר דער העברעאישער שפּראַך און קולטור, זיי צו פאַרוואַנדלען אין לעבעדיקע פאַקטאָרן אין היגן ישוב און דער צווייטער, דער מכון, האָט זיך אָפּגעגעבן מיט לימוד, מיט אויסלערנען יידן און נישט־יידן, די העברעאישע שפּראַך. אין ליכט פון דער דאָזיקער האַרבער ווירקלעכקייט איז נאָך קיינמאָל נישט אַזוי בולטיק געווען די רעאָרגאַניזאַציע פון דער „הסתדרות עברית אין אַרגענטינע, ווי דאַסמאָל, ווייל אָן אירע פאַראַנטוואָרטלעכע טעטיקייטן, וועט נישט מעגלעך זיין די עקזיסטענץ פון אַ העברעאישער באַוועגונג אין אַרגענטינע.

ג

מיט אַ צייט צוריק האָט אַ העברעאישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע זיך באַוויזן אויף דער היגער יידישער גאַס מיט אַמביציעזע פּלענער, מיט אַן אייגענע העברעאישע טריבונע „הצוהר”, וואָס האָט אָנגעשלאָגן אַן אייגענעם און אַן אייגנאַרטיקן טאָן בנוגע וויטאַלע פּראָבלעמען פון ציוניזם און יידישקייט, יידישע יוגנט און מדינת ישראל, די דערמאָנטע טריבונע האָט אַפילו גענומען שלאָגן טיפערע וואָרצלען אין אונדזער לעבן, זי איז אַריינגעדרונגען צווישן דער יידישער לערערשאַפט, אין דער יידיש נאַציאָנאַל־דענקענדיקער געזעלשאַפטלעכקייט, אין די מיטלשולן, אין סעמינאַרן און עס האָט זיך געשאַפן דער רושם, אַז ס'וואַקסט אויף אַ נייער אָפּפרישנדיקער העברעאישער כוח. — אָבער גיך האָט דער קאַמפּסווילן פאַר־לאָזט די דאָזיקע יוגנטלעכע און עס איז געקומען די אָפּשוואַכונג.

דערנאָך איז געקומען די פאַראייניקונג, כאָטש אויף איין געביט. דער „דרום”, אָרגאַן פון דער שוואַכער „הסתדרות עברית” האָט זיך פאַראייניקט מיטן „הצוהר” פון דער אָפּגעשוואַכטער העברעאישער יוגנט־גרופּע און ס'איז דערשינען דער ער־שטער נומער „צוהר הדרום” אונטער דער רעדאַקציע פון דעם פּעדאַגאָג און שרייבער צבי בראָנשטיין, ביי דער מיטאַרבעט פון אַ רעדאַקציע־קאָלעגיום. ווידער האָבן דערוואַכט האָפענונגען, אַז אפשר איצט וועט קומען צו אַ באַנייאונגס־פּראָצעס אין דער געמיינזאַמער אַרבעט לטובת דער העברעאישער באַוועגונג אין לאַנד און נאָכאַמאָל זיינען מיר עדות פון גרויסע אַנטוישונגען, פון אָפּגעשוואַכטע טעטיקייטן און ס'איז צו באַוואונדערן די טרייע אַרבעט פון חבר בראָנשטיין און געציילטע חברים פון דער הסתדרות עברית, אויף נישט צו דערלאָזן, אַז די העב־רעאישע טריבונע זאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן אינעם אַרגענטינער יידנטום.

איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט אויפצולעבן אַ טעטיקע העברעאישע באַוועגונג אינעם היגן יידישן ישוב ? זיכער. קיינער צווייפלט נישט אין דער דאָזיקער מעג־לעכקייט. דאָס אַרגענטינער יידנטום פאַרמאָגט אַלע עלעמענטן פאַר אַזאַ העברע־אישער טעטיקייט, מען דאַרף נאָר האָבן כוח און רצון צונויפצוזאַמלען דעם פאַסיקן מענטשן־מאַטעריאַל, כדי מיט אים און דורך אים, אויסצובויען אַזאַ

אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אין זיך כולל זײַן אַלע ייִדן, אָן אונטערשייד פון אידעאישע דיפערענצן און זאָל זײַן ביכולת אַרײַנצונעמען די העברעאיש־קענער פון אַלע שפּראַכלעכע סעקטאָרן.

אין היגן ייִדנטום איז מער נישטאָ קיין שפּראַכן־קאַמף צווישן ייִדישיסטן און העברעאיסטן. ס׳איז שוין קלאָר, אַז עברית וואַקסט נישט אויפן חורבן און חשבון פון ייִדיש אונטערגאַנג, אָדער פאַרקערט, ביידע שפּראַכן זיינען עדות אין היגן ייִדנטום אויף דעם אַוואַנס פון אַן אַסימילאַציע און וואָלטן מיר געהאַט מוט אויסצופילן ביידע לשונות מיט אינהאַלט און געראַנגל פאַר אַ שווערער ייִדישקייט, וואָלט אונדזער לעבן אויסגעזען אַ סך שענער און מיט ווייניקער מורא פאַר דער צוקונפט פון אונדזער ישוב, פון זײַנע אינסטיטוטציעס און יוגנט. העברעאיש און ייִדיש דערגענצן זיך קעגנזײַטיק באַווירקן זיך און בילדן אַ מעכטיקע פעסטונג קעגן אַלערליי אַנגריפן אויפן ייִדישן גײַסט און אויף דער ציוניסטישער באַוועגונג.

אין אָנבליק פון דעם גרויסן קריזיס איז כדאי אײַנצוזאַמלען די כוחות, אַלע כוחות, וואָס קען געשען דורכן דורכפירן אַ העברעאישן לאַנד־קאָנגרעס, וועלכער זאָל אָנצייכענען אַן אַקציע־פּלאַן פאַר אַ באַנײַטע העברעאישע אַרבעטס־תקופה אין אַרגענטינער ייִדנטום.

# איז מעגלעך אַ באַנייטע קולטור־תקופה אין יידישן אַרגענטינע?

(צום חנוכת־הבית פון „שמעון דובנאָוו"־הויז)

## א

### פשוטע רייד אין אַ יום־טובדיקן טאָג

ס'איז אַן אָנגענומענער כלל, הגם ס'מוז אויך זײַן אַ יוצא מן הכלל, אַז ביי אַ וויכטיקע יידישע קולטור־געשעעניש אין לעבן פון אַ ישוב, דאַרף מען פאַר־צייכענען גײַסטיקע דערגרייכונגען און אויפטוען, עס שמייכלט יעדן איינעם דאָס אונטערציען פאָזיטיווע סך־הכלען און עס דערפרייען די פאַקטן פון וווקס און אויפשטײַג פון דער יידישער קולטור אין לאַנד־מאַסשטאַב.

ווען אַ יידישע קולטור־אינסטיטוציע, אין וועלכן יידישן ישוב דאָס זאָל נישט זײַן דערגרייכט שוין נאָך יאָרן לאַנגע און מיזאַמע אַרבעטן, אַ גרויסן יום־טוב, איז זיכער נישט עטיש, אפשר אויך נישט עסטעטיש, צו ריידן וואָכעדיקע רייד, בפרט ווען זיי ווערן געזאָגט ערב אַ גרויסע פײַערונג פון באַנײַען אַ בנין פאַר יידישע קולטור־אַרבעט אויפן נאָמען פון אַ גרויסן ייד, פון אַ גײַסטיקן ריז, פון אַ קדוש וטהור, ווי דאָס איז געווען ביי זײַן לעבן דער אומפאַרגעסלעכער יידישער היסטאָריקער, פּראָפ' שמעון דובנאָוו ז"ל.

דווקא אין אַזאַ טאָג ווען עס ווערט באַנײַט דאָס „שמעון דובנאָוו־הויז" פון היגן יידישן קולטור־קאָנגרעס, ליגט אַ פליכט אויפן יידישן זשורנאַליסט צו זאָגן בקול רם דאָס וואָס ער פילט, דאָס וואָס ער ווייסט וועגן טרויעריקן מצב פון דער יידישער קולטור אין אַרגענטינע, ווי ביטער עס זאָל נישט זײַן דער אמת וועגן דער גײַסטיקער ירידה פאַרקלענערט דאָס נישט, חלילה וחס, דעם פאַרנעם פון יום־טוב, פאַרקערט די פשוטע און וואָכעדיקע רייד דאַרפן דינען ווי אַן אָנרעגונג פאַר אַלע יידישע קולטור־עסקנים, צו קענען באַזײַטיקן סכנות, מתקן

זײַן פּעלערן שמידן אינערלעכן אַחדות, כדי צו קענען אַרויסגיין אויף ברייטע־רע שליאַכן פון ייִדישער קולטור־אַרבעט, ווי דאָס פֿאָדערט די היינטיקע ערנסטע צײַט פון ייִדישן לעבן. דאָס פֿאַרצייכענען דורכפֿאַלן און דאָס שילדערן די אמתע סיטואַציע פון ייִדישן גײַסט פון דער ייִדישער קולטור אין היגן ישוב, פֿאַר־קלענערן נישט דעם פֿאַרנעם פון דער פֿײַערונג, די פּשוטע רייד דאַרפֿן וועקן די וואַכזאַמקייט פון די היגע ייִדישע קולטור־עסקנים, כדי אָפּצוהיטן דאָס פֿאַ־ראַנענע, צו שטאַרקן די עקזיסטירנדיקע גײַסט־פּאָזיציע פון אַרגענטינער ייִדנ־טום און איבערצוגײַן מיט פֿאַראייניקטע כוחות צום אָנגריף קעגן אַלערליי אויסערלעכע און אינערלעכע אַסימילאַציעס.

אין אַלע ייִדישע דורות האָט דער ייִדישער גײַסט, נישט וויכטיק אין װעלכער פֿאָרעם און אינהאַלט ער האָט זיך אַנטפּלעקט אין פֿאַרשיידענע תקו־פות אין לעבן פון ייִדישן פֿאָלק, פֿאַרמאָגט אַן אויסערגעוויינלעכן כוח צו שפּײַזן די ייִדישע ישובים אין דער צעשפּרייטקייט, נישט נאָר מיט האָפֿענונגען אויף בעסערע צײַטן פֿאַר ייִדן און פֿאַר דער מענטשהייט, נאָר ער האָט אין יעדן ייִד אויסגעשמידט דעם פּולן באַוווּסטזײַן פון זײַן יחידישער קולטור־שליחות אין די אַלגעמיינע ראַמען פון זײַן פֿאָלק, וואָס לעבט צווישן אַזעלכע פֿעלקער, װעמענס רעאַליטעט איז דער „ועל חרבך תחיה״, און לויט דעם אַלטן פּיזישן דזשאַנגל־געזעץ־סיסטעם פון „כל דאלים גבר״...

קרוב צוויי טויזנט יאָר ייִדיש לעבן אין אַזאַ פֿאַרדאַרבענער װעלט האָט באַוויזן מיט לעבעדיקע דאיות און אומאָפּפֿרעגבאַרע באַשטעטיקונגען, אַז ייִדי־שער גײַסט, ייִדישע לומדות, רעליגיעזע ליטעראַטור, איז געוואַקסן און האָט זיך אַנטוויקלט אין די פֿינצטערע געטאָס, דאָס קול פון תורה, דער גמרא־ניגון די שבתדיקע זמירות, די דרשות פון מגידים, די שטימען פון די תהילים־זאָ־גערס, איז קיין מאָל נישט איבערגעריסן געוואָרן, נישט אין חדר און אין דער ישיבה, נישט אין בית המדרש און נישט אין דער ייִדישער שטוב, אַלץ צוזאַ־מען איז געוועזן אַ פֿרישער קוואַל, אין װעלכן ייִדן האָבן זיך געטובלט, אַרויס־קומענדיק פון אים מיט געלײַטערטע נשמות, מיט פֿאַרשטאַרקטן רצון, מיט מוטיקע הערצער, מיט קרבנות־גרייטקייט צו גיין אויף קידוש השם פֿאַר דער ייִדישער אייגנאַרטיקייט, כדי דאָס אָנגעצונדענע ליכט פון ייִדישער קול־טור זאָל נישט פֿאַרלאָשן ווערן, נאָר באַלויכטן דאָס אייגענע לעבן אין דער גלות־פֿינצטערניש, כדי אויך צו זײַן אַן „אור לגויים״. אַן גוזמא און אָן באַ־רימערײַ מעגן מיר זאָגן, אַז ווען אומאָפּהענגיקע פֿעלקער האָבן קולטורעל גע־װעלקט אויף אייגענעם באָדן, ווען קולטור האָט נישט שולט געוועזן אויף זייער לעבן, האָבן ייִדישע ישובים אין דער גאָרער װעלט גײַסטיק געבליט און קול־טורעל געוואָקסן צו גאָר הויכן מדרגות.

ב

## דער יידישער קולטור־מצב פאַרלאַנגט דעצידירטע קעמפערס

דער יידישער קולטור־מצב אין היגן יידישן ישוב איז גאָרנישט קיין דער־פרייענדיקער, די גייסטיקע ירידה איז ניכרדיק פון יאָר צו יאָר, דאָס יידישע שולוועזן אין לאַנד וואַקסט נישט און דער איצטיקער איבערגאַנג צו אינטע־גראַלע שולעס איז פאַרבונדן מיט היפשע סכנות פאַר דער נאָענטער צוקונפט. אין צענדליקער יידישע ביבליאָטעקן ליגן צענדליקער טויזנטער יידישע און העברעישע ביכער און ספרים, פאַרשלאָסענע ווי געפאַנגענע, און דער רוב מנין ורוב בנין פון אַרגענטינער יידן, דער פערטער גרעסטער יידישער ישוב צווישן די גרויסע יידישע ישובים אויף דער יידישער וועלט־מאַפע, דער חלק פונעם „עם הספר", האָט זיך שוין אָפגעוווינט פון לייענען, אַ יידיש בוך, ווער רעדט שוין פון אַ העברעאישן ספר. אויב עס דערשיינט שוין אַ יידיש בוך, ווערט ער פאַרקויפט מיט גרויסע שוועריקייטן, אין עטלעכע הונדערט עקזעמפּלאַרן. די יידישע קולטור־אינסטיטוציעס ראַנגלען זיך פאַר זייער קיום, הגם יידן האָבן קיין מאָל זיך נישט געשראָקן פאַר די שפּאַלטן, וואָס באַווייזן זיך פון צייט צו צייט אין אונדזערע קולטור־מויערן, אָבער לאָמיר זאָגן דעם אמת, אַז אין יידישן אַרגענטינע זיינען שוין פאַראַן טיפע עפענונגען אין די אייגענע יידישע גייסט־און קולטור־מויערן, דורך זייערע גרויסע שפּאַלטן שטראָמען אַריין אַזעל־כע אַסימילאַציע־כוואַליעס, וואָס באַדראָען אונדזער עצם עקזיסטענץ אַלס יידן. קליין איז די צאָל פון די יידישע און העברעאישע קולטור־עסקנים, וועלכע ווילן פאַרמאַכן די וואַנט־עפענונגען און די מויערן־שפּאַלטן, כדי אָפּצושטעלן עם־הארצות און די צענטרייסלונגען פון אונדזערע גייסטיקע יסודות. ווער ס'וויל פאַרמאַכן די אויגן אויף נישט צו זען די ביטערע רעאַליטעט קאָן דאָס טאָן, אָבער דערמיט העלפט ער נאָר אָפּשוואַכן דעם קאַמפּס־גייסט ביי די יעניקע קולטור־עסקנים, וועלכע ווילן נישט און וועלן נישט שלום מאַכן מיטן איצטיקן קולטור־מצב אין יידישן אַרגענטינע.

קאָן מען טאַקע שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אין אונדזערע שולעס זאָל איינגעפירט ווערן דער לימוד פון פרעמדע שפּראַכן אויפן חשבון פון העברע־איש און יידיש? קאָן מען מסכים זיין צום צושטאַנד פון האָבן אין היגן יידישן ישוב אַזאַ לערן־אַנשטאַלט, וועמעס אויפגאַבע איז צוצוגרייטן פונקציאָנאַרן פאַר יידישע אינסטיטוציעס, און פונעם לימוד־פּראָגראַם איז אויסגעשלאָסן געוואָרן די יידישע שפּראַך און קולטור, און אַך און ווי איז צו דער אויפמערקזאַמקייט, וואָס ווערט דאָרטן געשאָנקען דעם עברית־לשון? מוז מען טאַקע אַראָפּשלינגען

די ביטערע פילן פון בײַזײַן פאַרזאַמלונגען, זיצונגען, עפנטלעכע אַקטן, גענע־ראַל־פאַרזאַמלונגען אויף װעלכע מען הערט נישט מער דעם קלאַנג פון ייִדיש לשון? ביי אַנדערע עטנישע קאָלעקטיװיטעטן, ביי די פראַנצויזן און פּאָליאַקן, ביי ענגלענדער און איטאַליענער, װי ביי אַ סך אַנדערע, װאָס איך דערמאָן זיי נישט, האָט מען אויך אַרויסגעװאָרפן אויף הפקר דאָס אייגענע לשון, די אייגענע קולטור, האָט מען אויך אַרויסגעשפּיגן די אייגענע נאַציאָנאַלע נשמה, װאָס קומט צום פולן אויסדרוק דורך שפּראַך און גײַסטיקע װערטן?

דער האָלענדער און דער שװעד, דער ענגלענדער און דער שװייצער, שע־מען זיך נישט מיט זייערע נאַציאָנאַלע לשונות, הגם זיי שטאַמען פון דער דײַטשער שפּראַך, דאָס זעלבע איז חל אויף די פעלקער, װאָס אין פאַרשיידענע לשונות, װאָס װאָרצלען אין לאַטיין־לשון, אויך קיינער פון די סעמיטישע פעל־קער האָט נישט אָװעקגעשלײַדערט זײַן שפּראַך אויפן מזבח פון אַנדערע װיכ־טיקערע און מער נוצלעכערע לשונות, נאָר ביי אונדז ייִדן, דװקא אינעם פּאָלקסטימלעכן ייִדישן ישוב אין אַרגענטינע, דערלויבן זיך ייִדיש־ריידנדיקע ייִדן צו געבן קאָנצעסיעס אויפן חשבון פון העברעאיש און ייִדיש אַנדערע לשונות אין די אייגענע שולעס. דװקא ביי אונדז, מיר געדענקען נאָך די צײַט, װען מען האָט באַדאַרפט דורך שתדלנות אויספועלן אַ דערלויבעניש צו ריידן אין ייִדיש אויף פאַרזאַמלונגען, האָט מען פאַריאָגט ביידע נאַציאָנאַלע לשונות פון כמעט אַלע עפנטלעכע אַקטן און פאַרזאַמלונגען, אַזוי אין דער הויפּטשטאָט, װי אין דער פּראָװינץ. יעדע ייִדישע לערערקע, אָדער לערער, עס זיינען פאַראַן אויסנאַמען, קאָן זיך נעמען דאָס רעכט צו באַשמוצן די ייִדישע שפּראַך פאַר די תלמידים און ביי זיי אײַנפּלאַנצן, מיטן לויף פון דער לערנצײַט, אַ בייזע שנאה צו אונדזערע גרויסע ייִדישע קולטור־װערטן, אין דער זעלבער צײַט, באַקומען די זעלבע תלמידים זייער אַ קנאַפּן װיסן אין עברית מצד אַזעלכע מחנכים און מחנכות.

װער ס׳מיינט, אַז די מערכה פון העברעאיש אַלס לשון און זײַנע גײַסטיקע קולטור־װערטן געפינען זיך אין אַ בעסערן מצב װי די ייִדישע שפּראַך און קולטור, האָט אַ גרויסן טעות. עס איז כמעט נישטאָ אין לאַנד קיין העברעאי־שע באַװעגונג, די הסתדרות עברית איז נישט אויסגעװאַקסן צו אַ שטאַרקע אָר־גאַניזאַציע דער איינציקער העברעאישער זשורנאַל „צהר־הדרום״ דערשײַנט מיט גרויסע שװעריקייטן און אַ דאַנק עטלעכע עקשנים בראש מיטן רעדאַקטאָר צבי בראַנשטיין, װעלכע שפּאָרן נישט קיין מי און האָבן נישט מורא פאַר דורכפאַלן, האָבן הונדערטער העברעאיש־לייענער אַ מעגלעכקייט צו באַקומען די איינציקע גוט־רעדאַגירטע און אינהאַלטסרײַכע העברעאישע צײַטשריפט אין ייִדישן אַר־גענטינע, װי פון גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע, הגם עס דערשײַנען טעגלעכע העברע־

אישע בײַלאַגע ביי דער יידישער טאָג־צײַטונג „הײַנט אין מאָנטעווידעאָ און אַ „טור עברי״ אין „דער וועג״ פון מעקסיקע.

אין יידישן ישוב אין אַרגענטינע וואַקסט נישט די יידישע קולטור אויפן חשבון פון דער העברעאישער, אָדער פאַרקערט, ביידע לשונות און ביידע קול־טורן ווערן מינימיזירט. בפרט ביי דער יוגנט און אַפילו ביי דער מיטליאָריקער יוגנט, עס זיינען פאַראַן אַ סך הונדערטער און הונדערטער יוגנטלעכע, וואָס האָבן ליב ביידע יידיש־נאַציאָנאַלע שפּראַכן, לעבן זיך אויס אין זייערע קולטורן און שעפּן גײַסטיקע פרישקייט פון זייערע גײַסטיקע קוואַלן, אָבער די ווײַט־גרעסטע מערהייט, רעדט אַפילו פון ציוניסטישער הגשמה, אָבער זיי אַליין האָבן פײַנט יידיש און קענען נישט קיין עברית נאָר לעבן זיך אויס אין דער לאַנד־שפּראַך אַליין. טאַקע דערפאַר, ווײַל זיי קענען נישט מער ווי דאָס איינציקע לשון, פאַרטראָגט מען נישט דעם קלאַנג פון יידיש און מען וויל זיך נישט פאַר־נעמען מיט אַזאַ עקזאָטישע שפּראַך, ווי דאָס איז עברית.

די יידישע יוגנט איז נישט אין גאַנצן שולדיק אין דעם דאָזיקן מצב, די גרעסטע שולד טראָגן אויף זיך די עלטערן, זיי האָבן אויסגעליידיקט די יידישע היים פון יידישן אינהאַלט, דאָס יאָגן זיך נאָך מאַטעריעלע פאַרגעניגנס האָט ממש נישט געלאָזט קיין פלאַץ פאַר גײַסטיקע דערגרייכונגען. נישט אומזיסט בייזערט זיך פּראָפעסאָר שמעון דובנאָוו אויף אַזעלכע עלטערן, מיט באַרעכטיק־טן צאָרן, וואָס דער יידישער היסטאָריקער ברענגט אַרויס מיט פאָלגנדיקע שטראָף־רייד: „אײַערע קינדער וועלן אײַך דאַרפן אָנקלאָגן פאַרן הויכן געריכט פון דער יידישער געשיכטע. איר האָט פון זייער צונג אַרויסגעריסן שפּראַך און קולטור, וועגן יידישקייט מיט זיי נישט גערעדט, און ווען יאָ דערמאָנט, איז וועגן עפּעס אָפּגעלעבטס, ביי וועלכער עס האַלט זיך די פינצטערע מאַסע, אָבער נישט די געבילדעטע, וואָס נעמען איבער די רײַכע קולטור פון הערשנדיקן פאָלק, אײַערע קינדער האָבן געלערנט פושקינען און נישט געוווּסט וועגן דער פּאָעזיע פון תהילים, שיר השירים, יהודה הלוי, אָדער פון דער נײַער יידישער און העברעאישער ליטעראַטור...

זיי האָבן געלייענט און געלערנט די געשיכטע פון אַלע פעלקער, אָבער נישט פון אייגענעם פאָלק. קעגן אַזעלכע ווי איר האָט דער נביא געדונערט: „די זין דײַנע און טעכטער זייַנען אָוועקגעגעבן געוואָרן צו אַן אַנדער פאָלק״. פּראָפ׳ שמעון דובנאָוו ז״ל, איז נישט געווען קיין מוסר־זאָגער, קיין שטראָפער, אָבער דאָס הייליקע פײַער פון אייביקן יידישן פלאַם באַלויכט אים די וועגן פון דער אַלטער תנ״ך־געשיכטע און דער היסטאָריקער לייגט אַרײַן אין מויל פון נביא אליהו, וועלכער פאַרטראָגט נישט די פאַלשע געטער און זייערע אָנהענגערס, אַזעלכע פראַזן: „ביז וואַנען וועט איר אַרומשפּרינגען צווישן ביידע שוועלן: צווישן

די טעמפּלען פון יעהאָוואַ און בעל? אויב יעהאָוואַ איז גאָט — גייט נאָך אים; אויב בעל איז דאָס — טאָ גייט נאָך בעל".

אויך אין די היינטיקע טעג דאַרפן מיר זיך אויסלערנען גיין קעגן שטראָם, גאַנץ מעגלעך קעגן אַ סך שטראָמען, אויב נישט, וועט דער נייער מאָדערנער „בעל" באַקומען די גאַנצע שליטה איבערן יידישן לעבן און אויך מיר וועלן אָוועקגעשליידערט ווערן פון די איצטיקע כוואַליעס און דערטרונקען ווערן אָן אַ סימן פון גייסטיקן לעבן און איבערלעבן.

מיר האָבן די גרויסע האָפענונג, אַז ס'וועלן זיך געפינען דרייסטע קעמפּער פאַר יידישקייט און טרייע שומרים פון אונדזערע קולטור־פאַרמעגנס. דערפאַר זיינען מיר מאמינים אין אַ נייער יידיש גייסטיקער דערוואַכונג פון דער יידישער און העברעאישער קולטור אינערהאַלב דעם יידישן ישוב אין אַרגענטינע.

דער חנוכת הבנין פון דער אַרגענטינער אָפּטיילונג פון יידישן קולטור־קאָנגרעס, אויפן נאָמען פון דעם גרויסן יידישן היסטאָריקער שמעון דובנאָוו, איז ביכולת צו זיין דער אָנהייב פון אַ נייעם אויפשטייג־פּעריאָד פאַר דער יידישער קולטור אין אַרגענטינער יידנטום. דער אוהב ישראל, דער גרויסער ייד, פּראָפ' שמעון דובנאָוו, וועלכער וועט אויף אייביק פאַרבלייבן אין דעם יידישן פאָלקס־זכרון ווי דער ניגון פון דער יידישער היסטאָריע האָט אָנגעשריבן אַזעלכע מוטיקע ווערטער:

„עס דאַרפן רויט ווערן פאַר בושה די וואָס וואַגן צו זאָגן אַז דער וועטעראַן פון דער געשיכטע, געמיינט דאָס יידישע פאָלק, פאַר וועמענס אויגן ס'איז דורכגעגאַנגען גאַנץ אייראָפּע פון באַרבאַריע ביז ציוויליזאַציע: דער וועלכער האָט פאַרביי־גייענדיק אַ וואָרף געטאָן דער מענטשהייט צוויי רעליגיעס און זיך ווייטער געגאַנגען זיין אייגענעם וועג, אַז דאָס דאָזיקע פאָלק מוז פאַרלירן זיין אינדיווידואַליטעט".

מיר שטייען איצט אַלע אויף אַ דאָפּלטן פראָנט: אויפבויען אויף גייסטיקע יסודות דאָס יידישע פאָלק און פאַרזעצן דעם בוי פון יידישן היימלאַנד. צו דער דאָזיקער דאָפּלטער מלאכת הקודש ווערן פאַרבעטן אַלע באַוווסטזיניקע יידן פון דער גאָרער וועלט, בפרט דאָס אַרגענטינער יידנטום, ווייל ס'שטייט אין געפאַר אונדזער יידישע אינדיווידואַליטעט און דער גייסטיק־קולטורעלער פּנים פון דער יידישער אומה.

# צוויי שיפן האָבן זיך ווידער באַגעגנט...

## (איינדרוקן פון אַ באַזוך אין היגן פּאָרט)

אַ בריוול פון מײַן גוטן פרײַנט יעקב פרנס פון ריאָ, מעלדנדיק מיר זײַן אָנקום קיין בוענאָס אײַרעס מיט דער ישראלדיקער שיף „טעאָדאָר הרצל״, האָט מיך געבראַכט פאַרטאָג, אינעם פּאָרט פון אונדזער הויפּטשטאָט. די דאָזיקע שיף האָט געאַנקערט אין דער באַשטימטער שעה און אירע ליכטיקע העברעאישע אותיות, וואָס שטעלן צוזאַמען איר נאָמען: „טעאָדאָר הרצל״ האָבן מיט שטאָלץ אַראָפּגעקוקט אויף אַלע אַנוועזנדע ייִדן, וועמענס פּנימער האָבן געשטראַלט פון פרייד ביים זען דאָס פּרעכטיקע שטיקל „שווימענדיקע ישראל־טעריטאָריע״, וואָס איז אין זיך כולל ייִדישע אומאָפּהענגיקייט און דערגרייכטע גאולה.

נישט קוקנדיק אויף דער שטרענגער וואַך פון אַרגענטינער מאַטראָזן, וועלכע האָבן געהיטן דעם אַרײַנגאַנג צו דער שיף, אין הסכם, זעט אויס, מיט די אָנגענומענע פּאַרזיכטס־מיטלען, האָב איך געהאַט די זכיה אַרויפצוגיין אויף דער שיף אַלס קאָרעספּאָנדענט פון דער ישראלדיקער טאָג־צײַטונג „הבקר״. נאָך אַ געשפּרעך מיט אייניקע שיף־אָפיצירן וועגן די סיבות פון דעם שטרענגן קאָנטראָל, בין איך אַרומגעגאַנגען לארכו ולרחבו פון דער ישראל־שיף און אַרויסקומענדיק אויפן דעק האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אַן אומפאַרגעסלעך בילד: הונדערטער און הונדערטער ייִדן, צווישן זיי צענדליקער יוגנטלעכע, חברים פון פאַרשיידענע אידעאיש־ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, זײַנען געקומען אָפּוואַרטן די ישראל־שיף מיט אַ שטילן און ענטוזיאַסטישן „ברוכים הבאים״־ווונטש אין האַרצן, כ׳מוז זאָגן אין ווערטער, דאָס וואָס איך האָב געפילט אין יענע מאָמענטן, ווען ייִדן האָבן זיך געבעטן ביי די אַרגענטינער מאַטראָזן די דערלויבעניש אַרויפצוגיין אויף דער שיף און מען האָט דאָס זיי אָפּגעזאָגט. איך האָב געשפּירט אַ צער ווען ציוניסטישע ייִדן האָבן נישט געקענט צוקומען נאָענט צו דער שיף, פון אַרויפגיין איז דאָך שוין אָפּגערעדט, און נישט־ייִדישע טרעגער זײַנען אַרויף און אַראָפּ פון דער „טעאָדאָר הרצל״־שיף און נישט איין ייִד האָט זיי מקנא געווען... טאַקע פון זעלבן שיף־דעק האָט זיך געזען נאָך אַ בילד, וואָס האָט מײַן האַרץ אָנגעפילט מיט ייִדישן שטאָלץ: נאָענט צו דער „טעאָדאָר הרצל״ איז געשטאַנען פאַראַנקערט די ענגלישע קריגס־שיף „פּומאַ״ פון וועמעס דעק האָבן אַרויסגעקוקט עטלעכע קאַנאָנען און מאַשין־

ביקסן, וואָס האָבן שוין קיינעם מער נישט געשראָקן, קעגנאיבער דער ייִדישער שיף מיט אירע שײַנענדיקע ייִדישע אותיות, האָט דאָס ענגלישע שיפל מיט איר גאַנצער באַוואָפענונג אויסגעזען ווי אַ פאַרשעמטער טורמע־וועכטער בעת אַ באַגעגעניש מיט אַ מענטש, וואָס איז אומשולדיק געזעסן אין תפיסה...

איך האָב געקוקט אויף דעם ענגלישן קריגס־שיפל „פּומא" און דער זכרון האָט אויפגעפרישט אומאנגענעמע אײַנדרוקן פון דער נישט לאַנגסטיקער פאַר־גאַנגענהייט, ווען האַלב־צעבראָכענע ייִדישע העפּלה־שיפלעך האָבן זיך געטראָגן איבער ימים מיט אומגליקלעכע ייִדישע נפשות פונעם שארית ישראל, פון די איבערגעבליבענע און לעבנגעבליבענע ייִדן, ווען די כוליגאַנישע וועלט האָט נישט קיין צײַט געהאַט צו דערמאָרדן, דעמאָלט ווען די מעכטיקע קריגס־שיפן פון דעם „סאָציאַליסט" בעווין, ענגלאַנדס פּרעמיער, האָבן זיך פאַרמאָסטן דורך ברוטאַלע אַקציעס צו פאַרשטעלן אַלע ים־וועגן די „מעפּילים, כדי זיי זאָלן נישט דערגרייכן די ברעגעס פון ייִדישן היימלאַנד. יאָ דער זכרון ברענגט אַרויס פון די מוח־לאַבירינטן נעמען פון אונדזערע העראָישע שיפלעך און פון העלדישע ייִדישע בחורים, זייערע קאַפּיטאַנען, פון שארית־ישראלדיק ייִדן, וועלכע האָבן מיט טרערן נאָך געזאַלצענער געמאַכט די וואַסערן פונעם מיטללענדישן ים... פון ביטערע שלאַכטן מיט ענגלישע דעסטראָיערס, פון מעפּילים־גרושים קיין צי־פּערן און קיין דײַטשלאַנד. איך שטעל אָפּ דעם מבול פון זכרונות, ווײַל דאָס־מאָל האָבן זיך אין פּאָרט פון בוענאָס אײַרעס נאָכאַמאָל באַגעגנט צוויי שיפן: אַ ייִדישע, אַ ישראלדיקע, די „טעאָדאָר הרצל" שיף מיט דעם ענגלישן קריגס־שיפל „פּומאַ", איינע איז געשטאַנען נעבן דער צווייטער, ים־לײַט פוןביידע פעלקער האָבן זיך געטראָפן, אָן שנאה, אָן כעס, איין שיף, אונדזער שיף, איז געוואָרן אַרומגערינגלט מיט התלהבותדיקע ייִדן פון ב. אײַרעס, מיט ייִדישע יוגנטלעכע, אַ שיף אויפן נאָמען פון דעם ציון־וויזיאָנער, טעאָדאָר הרצל, דעם שעפער פון „מדינת היהודים", וואָס האָט אָנגעזאָגט דעם אויפקום פון דער ייִדישער מדינה אויף יסודות פון שלום און צדק, אַ צווייטע שיף, וואָס טראָגט אַ בייזן נאָמען „פּומאַ", מיט שווערע כלי זין אויף איר דעק, איז געשטאַנען אַ איינזאַמע, אָן באַזוכער, זי האָט ביי קיינעם נישט אַרויסגערופן קיין באַזונדערן אינטערעס, קיינער האָט איר נישט געשאָנקען קיין אויפמערקזאַמקייט, אַ חוץ די פּראָטאָקאָלאַרע העפלעכקייט פון די אַרגענטינער נאַוואַלע באַהערדן.

צוויי שיפן האָבן זיך ווידער באַגעגנט, דאָסמאָל אין פּאָרט פון בוענאָס אײַרעס, איינע, מיט איר בלוי־ווײַסע פאָן האָט אָנגעפילט ייִדישע הערצער מיט באַגײַסטערונג. די צווייטע, האָט דערמאָנט נישט קיין פריידיקע זכרונות, אָבער ביידע שיפן זיינען ווירדיקע רעפּרעזענטאַנטן פון צוויי פרייע דעמאָקראַטישע פעלקער, וואָס באַגעגענען זיך ווי פרײַנט אויף אַלע ים־וועגן פון דער פרײַער וועלט.

# פּנים אל פּנים מיט אַ האַרבער ווירקלעכקייט

## (עליה און ירידה אין געראַנגל)

אַ גאַנצע ליטעראַטור איז שוין אָנגעשריבן געוואָרן וועגן עליה, קליטה און קיבוץ גלויות. טויזנטער טריבונעס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן בכל תפוצות ישראל, פון וואַנען רעדנער האָבן גערעדט איבער דער טעמאַטיק, נישט קליין איז די צאָל ביכער, געווידמעט דער דאָזיקער אַקטועלער, שטענדיק נײַצײַטיקער, פּראָבלעמאַטיק. נישטאָ אַזאַ אידעאָלאָגיע פּלאַטאַפאָרם פון אַ ציוניסטישער ריכטונג, אין וועלכער עס זאָל נישט פיגורירן דער עיקר העיקרים פון ציוניסטישן אני מאמין. צענדליקער און צענדליקער שליחים אויף צו סטימולירן עליה און איר אָנצופירן געפינען זיך כמעט אין אַלע יידישע ישובים אין דער פרײַער וועלט, און אַלץ צוזאַמען דאַרף אויפוועקן ביי יידן דעם אינטערעס מגשים צו זײַן דעם געבאָט פון דער שעה דורך עולה זײַן קיין ישראל.

די העראָישע צה״ל האָט אויסגעברייטערט די גרעניצן פון יידישן היימלאַנד. הונדערטער טויזנטער אַראַבער, פול מיט גיפטיקער שנאה, זיינען אײַנגעגליידערט געוואָרן אין מדינת ישראל און שטעלן מיט זיך פאָר אַ פּאָטענציעלע געפאַר פאַר דער עצם עקזיסטענץ פון ציוניסטישן ווערק. אין די אַלע נײַע שטחים, טרעט נישט קיין יידישער פוס. די יידישע יוגנט אין דער גאָרער וועלט, אויסער געציילטע, פאַרנעמט נישט און פאַרשטייט נישט די היסטאָרישע געשעעניש פון די זעקס גלאָררײַכע יוני־טעג פאַר דער צוקונפט פון יידישן פאָלק און פון זײַן פאָטערלאַנד. צענדליקער טויזנטער יוגנטלעכע האָבן באַדאַרפט שטראָמען קיין ישראל, כדי ממשיך צו זײַן מיט אַ באַנײַטן חלוצישן ברען דעם אויפבוי פון דער מדינה, אין ערשטער ריי — באַזעצן די נײַע געביטן, אויפשטעלן נײַע קיבוצים, אָנציגדן יידישע פײַערן פון אַרבעט און קאָנסטרוקטיווע שאַפונגען אויף אַלע שטחים פון בנין הארץ און גרעניץ־זיכערקייט, אויסער די עטלעכע טויזנט וואָלונטירן, וואָס די גרעסטע מערהייט איז געפאָרן אויף עטלעכע חדשים צו לייסטן „נאַציאָנאַלן דינסט״ ווײַט פון דעם גרויסן נס און נאָך מער דערווייטערט פון דער הייליקער אויפגאַבע צו באַזעצן זיך אין דער יידישער מדינה, איר צו בויען און איר צו היטן.

דערווײַל שטייט דאָס יידישע פאָלק פאַר אַ גרויסער פליכט. די יידישע

מדינה געפינט זיך פנים אל פנים מיט צאָלרײַכע פּראָבלעמען פון פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און מיליטערישן כאַראַקטער און איבער זיי געפינט זיך די העכסטע אויפגאַבע: מעורר צו זײַן יידן פון דער גאַנצער וועלט, בפרט די יידישע יוגנט, עולה צו זײַן קיין ישראל, כדי נישט נאָר מקיים צו זײַן דעם געבאָט פון קיבוץ גליות בימינו, נאָר טאַקע פאַרזיכערן די יידישע מערהייט אין יידישן לאַנד, — בפרט איצט, ווען די אַראַבער באַדראָען אונדז פון דרויסן דורך מלחמה און פון אינעווייניק — דורך פּריה ורביה...

וועט געלינגען אויפצוּוועקן די יידישע יוגנט פון איר זיסן גלות־שלאָף? וועט דאָס שטרעבן צו באַוועגן רײַכע יידן עולה צו זײַן, ווערן אַווירקלעכקייט? וועלן ציוניסטישע פירער, וואָס פאַרמאָגן היפשע עקאָנאָמישע רעקורסן, עולה זײַן? וועט דער געוויסן פון דעם וועלט־יידנטום דערוואַכן אויף אָנצוהייבן אַ נײַע עליה תקופה אין דער איצטיקער צײַט?

דאָס זײַנען זייער שווערע פראַגן אויף וועלכע עס איז גאָרניט לײַכט צו ענטפערן, אַפילו די ספּעציעלע שליחים, וואָס קומען אַהער, ווי אין אַלע אַנדערע יידישע ישובים, וועלן ניט זײַן ביכולת צו געבן אויף זיי אַ קאָנקרעטע תשובה.



אָן שום ספק איז איצט דאָס יידישע פאָלק געשטעלט געוואָרן פאַר אַ גאָר אַ האַרבע און ערנסטע ווירקלעכקייט, וואָס טראָגט דעם פילזאָגנדיקן נאָמען: — עליה. אויך די יידישע מדינה שטייט איצט פנים אל פנים מיט אַ גרויסע רעאַליטעט, וואָס רופט זיך קליטה. איז מעגלעך צו שאַפן אַ באַזע פון דער אינטימסטער צוזאַמענאַרבעט צווישן עליה און קליטה? זיינען פאַראַן די נויטיקע פאַקטאָרן אין דער ממשלת ישראל, ווי אין דער יידישער אַגענץ, אויף צו פאַרלייכטערן די אַבסאָרבירונג פון די עולים? פון דעם איז אין דער גרעסטער מאָס, אָפּהענגיק דער דערפאָלג, אָדער חלילה וחס, דער דורכפאַל פון דעם גאַנצן עליה אָנשטרענג, וואָס ווערט איצט געמאַכט.

זינט דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל, זיינען מיר לעבעדיקע עדות פונעם געראַנגל צווישן עליה און „ירידה״. פון איין זײַט ווערן געמאַכט געוואַלדיקע אָנשטרענגונגען אַרײַנצוברענגען נײַע עולים, פון דער צווייטער זײַט פּאָרן אַרויס יידן פון ישראל. די „יורדים״ וואַנדערן אײַן אין פאַרשיידענע לענדער און אָפטמאָל מוזן זיי באַרעכטיקן זייער ירידה מיט נישט געשטויגענע און נישט געפלויגענע „באַשולדיקונגען״ קעגן דער סוכנות און אירע שליחים, קעגן דער ישראל רעגירונג, ווי קעגן דער מכלומרשטער „ניט פרײַנטלעכער סביבה״ אין ישראל.

כ׳געפין מיך אונטערן שווערן אײַנדרוק פון צוויי ידיעות וועגן דעם פאַר־

נעם און גרויס פון דער „ירידה": — איין באַריכט זאָגט קלאָר: „אין אויס־לאַנד וווינען היינט צו טאָג 196.000 ישראלים, און פון זיי האָבן 96 טויזנט זיך דערקלערט אָפיציעל פאַר עמיגראַנטן". די צווייטע אינפאָרמע רעדט מיט אַ טראַגישער שפּראַך: הײַ־יאָר, ד"ה — דאָס פאַרגאַנגענע יידישע יאָר, האָבן אײַנגעוואַנדערט העכער 17 טויזנט עולים, אָבער עס האָבן אויסגעוואַנדערט מער פון 16 טויזנט ישראלים". אין דער ישראל פּרעסע ווערן די צאָל יורדים גע־שאַצט ביז דרײַ הונדערט פופציק טויזנט יידן, וואָס האָבן פאַרלאָזט די יידי־שע מדינה.

מיר דאַרפן זאָגן מיט דער גאַנצער האַרבקייט, אַז נישט נאָר די יורדים טראָגן די איינציקע שולד פאַר זייער פאַרלאָזן דאָס לאַנד. אמת, אַ געוויסער טייל פון זיי האָבן געפּרוווט זוכן אַ לײַכט לעבן אין בראַזיל, אָדער אין קאַ־נאַדע און אין אַנדערע לענדער. זיי האָבן זיך מסתמא באַגעגנט מיט דער שווערערווירקלעכקייט און אַנטוישטע אין „די גאָלדענע לענדער" האָט אַ קליי־נער חלק פון זיי, געפונען דעם וועג צוריק אין יידישן היימלאַנד, נאָר אויך אַנדערע פאַקטאָרן אין ישראל זיינען נישט פרײַ פון מיטשולד צו זייער אויס־וואַנדערונג. אַ גרויסע צאָל יידן האָבן פאַרלאָזט דאָס לאַנד צוליבן פעלן פון הלוואות, כדי לײַכטער דורכצומאַכן די יסורי קליטה, ס'איז נישט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט, אַז מיט אַ סך ווייניקער געלט, וויפל עס קאָסט איצט אָפּ די אָנשטרענגונג אויף אַרויסצורופן אַן עליה־שטראָם קיין ישראל, ווען ס'זאָל געווען מיט נויטיקע סכומים העלפן אײַנאָרדענען די פריערדיקע עולים, וואָלט קיינמאָל די „ירידה נישט געקומען צו אַזעלכע אַסטראָנאָמישע ציפערן.

דער געפעכט צווישן עליה און ירידה און די אַלע פאַקטאָרן פון דער יידי־שער אַגענץ און פון דער ישראל רעגירונג, וואָס זיינען ביט מכריע, איינמאָל פאַר אַלעמאָל, לטובת דער עליה, דערמאָנט מיך אין דער מעשה מיט יענעם יידישן בעקער אין אַ קליין שטעטל וועלכער האָט צוגעגרייט אַ גרויסע פאַס מיט וואַסער, וואָס מיט דער צײַט איז אין זעלבן געוואָרן אַ קליין לעכעלע און די פליסיקייט איז צוביסלעך אויסגערונען. דער בעקער האָט טאַקע דאָס לעכל אין פאַס געזען, אָבער אָנשטאָט דאָס צו פאַריכטן, האָט ער נאָר צוגע־גאָסן וואַסער . . .

פריער פאַר אַלצדינג מוז די יידישע אַגענץ אין ירושלים צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע כוחות וואָס אַקטואירן אויפן שטח פון עליה, פאַרשטאָפּן די לע־כער פון „ירידה", דורך וועלכע ס'רינט אויס פון דער יידישער מדינה אַ טײַע־רער מענטשן־מאַטעריאַל, מען קאָן נישט פאַרדעקן די פאַרלוסטן מיט נײַע עולים, אַוודאי דאַרפן זיי קומען, זיכער מוז זײַן אַ גרויסע עליה. אָן ספק קענען אויפגעוועקט ווערן נײַע עליה כוחות צום חלוציש לעבן, אָבער פריער פון אַלץ איז נויטיק צו פאַרמײַדן אַז די פריערדיקע יידישע עולים זאָלן פאַר־

לאָזן דאָס לאַנד. אויב דאָס וועט נישט געטאָן ווערן, וועט די איצטיקע עליה־אָנשטרענגונג זײַן אַ ברכה לבטלה.

האָבן טאַקע די ייִדישע אַגענץ און די ישראל־רעגירונג באַדאַרפט אַזוי לאַנג וואַרטן כדי צוצוגרייטן דעם געפּלאַנטן „חוק עליה"? האָט מען אַזאַ געזעץ נישט געקענט אָנעמען מיט צען, אָדער פופצן יאָר צוריק? אפשר וואָלט מען, ווען דאָס געזעץ זאָל געווען זײַן, פאַרמיטן די „ירידה" פון צענדליקער טויזנטער ייִדן? לאָמיר זאָגן, אַז דער „חוק עליה" וועט איצט אָנגענומען ווערן, — פאַרוואָס דאַרפן פון אים געניסן נאָר די עולים וואָס קומען אָן קיין ישראל? איצט דאַרף די סוכנות צוזאַמען מיט די געהעריקע רעגירונגס־פאַקטאָרן קומען אין צענדליקער טויזנטער ייִדישע היימען אין ישראל און פרעגן ביי די פריערדיקע עולים, וועלכע האָבן זיך צוליב פאַרשיידענע מאָטיוון נאָך נישט אײַנגעאָרדנט אין לאַנד, מיט וואָס קאָן מען זיי העלפן אין זייער דעפיניטיווער קליטה? פאַרוואָס זאָלן זיי טאַקע נישט געניסן פון די פאָרויסגעזעענע פריווילעגיעס אינם נײַעם „חוק עליה"?

אויך די מתנדבים וואָס געפינען זיך אין דער ייִדישער מדינה, שטעלן מיט זיך פאָר אַ פּאָטענציעלן עליה־עלעמענט; אפשר קאָן מען מיט זיי ריידן וועגן זייער פאַרבלײַבן אין ישראל און דורך זיי — איבערברענגען טויזנטער ייִדישע משפחות?

וואָסווירקזאַמער עס וועט אין ישראל זײַן דער קליטה־פּראָצעס, וואָס וויניקער שוועריקייטן עס וועט זײַן אויף דעם דאָזיקן געביט, אַלץ לײַכטער וועט אָנקומען צו פאַרווירקלעכן — איך ווייס נישט אין וואָס פאַר אַ פּראָפאָרץ — די היסטאָרישע ציוניסטישע אויפגאַבע פון קיבוץ הגלויות.

# דער עולה, די יידישע אַגענץ און מדינת ישראל

## (מחשבות איבער אַ שווערן פּראָבלעם)

קיין אַרגענטינע זיינען אָנגעקומען צוויי וויכטיקע ציוניסטישע פּערזענלעכקייטן: ל. פּינקוס און ל. דולצין, אין אַ טראַסצעדענטאַלער שליחות לטובת דער רעאַליזאַציע פונעם פּלאַן וועגן אויפנעמען נייע 20 טויזנט עולם־משפּחות אין דער יידישער מדינה. פאַרבונדן דערמיט וועלן פאַרקומען אין לאַטיין־אַמעריקע 3 צענטראַלע צוזאַמענפאַרן, איינער אין מעקסיקע, דער צווייטער אין ריאָ דע זשאַניירא און דער דריטער אין בוענאָס איירעס.

אין צענטער פון אַלע ראַיאָן־כינוסים וועט שטיין אַן אויסערגעוויינלעכער פּראָבלעם: די עליה פון פרייע לענדער קיין ישראל. דאָס איז פאַר דער סוכנות, ווי פאַר דער יידישער מדינה זייער אַ האַרבער פּראָבלעם, פאַר וועלכן מען דאַרף נישט נאָר געפינען אַ לייזונג, נאָר אַן אויסלייזונג...

מיט וואָס קומען אַהער אויפן קאָנטינענט די צוויי דערמאָנטע ציוניסטישע מנהיגים? ברענגען זיי קלאָרע פּלענער אויף צו געבן אַ קאָנקרעטן תיקון דעם פאַרמעסט אַריינצוברענגען אין מדינת ישראל צוויי צענדליק טויזנט נייע עולים משפחות? אין וואָס וועלן באַשטיין די פאַרלייכטערונגען פאַר די עולים? וועלן טאַקע די עליה־צוזאַמענפאַרן ברענגען די געוווינטשענע רעזולטאַטן? דאָס זיינען נאָר עטלעכע פון אַ גרויסער צאָל פראַגן, וועלכע באַאומרואיקן היינט יעדן ייִד, וואָס איז נשמהדיק פאַרבונדן מיטן גורל פון דער יידישער מדינה.

ערב די דאָזיקע עליה־צוזאַמענפאַרן איז כדאי טיפער אַריינצובליקן אין דער טעמאַטיק, איז זייער וויכטיק צו אַנאַליזירן די האַרבע סוגייה״ס, וואָס זיינען דערמיט פאַרבונדן, ווי צו זען אָביעקטיוו די שוועריקייטן פון ביידע צדדים פונעם עולה והן פון די פאַקטאָרן, וואָס זיינען זיך מיט אים מטפל.

שלושה שותפים לאָדם. צום מענטש־באַשאַף זיינען דאָ דריי שותפים, אַזוי האָט מען אונדז געלערנט: דער רבונו של עולם און די עלטערן. צום עולה־באַשאַף... זיינען אָבער פאַראַן אַ סך מער פאַקטאָרן: דער עליה דעפּאַרטאַמענט אין יעדן לאַנד, די מחלקת העליה אין ירושלים, די קליטה אָפּטיילונג, די סוכ־

נות באַאַמטע מיט זייער גוטע, אָבער אָפטמאָל נישט העלפעכע באַציאונג צום עולה, די ייִדישע מדינה, וואָס אַלע צוזאַמען זיינען ביכולת לײַכטער צו מאַכן דעם עולהס אײַנגלידערונג אין ייִדישן היימלאַנד, אָדער נישט. דער ציוניזם האָט צו פאַרצייכענען גרויסע אויפטוען און דערגרייכונגען אויף אַ סך שטחים פון זײַנע געבענטשטע טעטיקייטן, אָבער אין דער לעצטער צײַט איז דאָס וואָרט עליה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּראָפּאַגאַנדע־מיטל. נישט איין מאָל הערט מען פון ערנסטע לאָקאַלע ציוניסטן עסקנים דעם רוף צו עליה, דאָס זיינען אַזעלכע וואָס זיינען ביכולת אַליין מגשים צו זײַן דעם העכסטן ציוניסטישן געבאָט, ווײַל זייער עקאָנאָמישע באַזע איז אַ גרונט יסוד פאַר זייער צוקונפטיקער קליטה אין דער ייִדישער מדינה, אָבער ווען מען באַגוצט זיך אויף טריבונעס אַ סך מאָל מיט אַזעלכע „ווענדונגען" אויף צו פאַרשטאַרקן די עליה, ווערן זיי ביליק און ברענגען נישט קיין רעזולטאַטן. פאַרקערט, זיי רופן אַרויס שטילע און גאָר ערנסטע רעאַקציעס ביי די צוהערער, באַגלייט פון פאַרשיידענע קאָמענטאַרן אויפן חשבון פונעם רעדנער.

ס'האָט איינער געפרעגט, ווו ליגט דער דורכפאַל פונעם סאָציאַליזם? האָט מען דעם פרעגער געענטפערט, אַז דער דורכפאַל הייבט זיך אָן דעמאָלט, ווען מען דאַרף דעם יחיד פאַרזאָרגן מיט חיונה... דאָס איז טאַקע אַ גרויסער אמת, ווען דער סאָציאַליזם פּרעדיקט אויף טריבונעס גליק און סאָציאַלן וווילזײַן, פרײַהייט און גלײַכהייט, פאַר אַלע מענטשן, ווען רעדנער שטעלן זיך אַוועק און מאָלן דאָס בילד פון דער „נײַער גליקלעכער מענטשהייט", פון דער „ליכטיקן מאָרגן", ווערן די צוהערערס טאַקע פאַרכאַפּט פון דער פאַנטאַזיע, פון דעם שיינעם חלום.

זאָלן מ'יר די לייענער מוחל זײַן פאַר דעם אָפּנויג־פאַרגלײַך, אָבער ערגעץ־ווו געפינט זיך דאָך די ריכטיקע אַנאַלאָגיע.

עליה ווי אַ טעמע, איז אייביק אַקטועל, פּונקט ווי עס הערט נישט אויף צו זײַן אַקטועל דער שטרעבן צו דערגרייכן קיבוץ גלויות, די דאָזיקע טעמע באַצויבערט און איז אָטעם־פאַרכאַפּנדיק, בפרט איצט, נאָך דעם גרויסן נצחון פון צה"ל איבער אַלע שונאי ישראל.

אויב מען רעדט אויף אַסיפות וועגן עליה איז דאָס טאַקע זייער שיין אַז די דאָזיקע רייד ווערן נאָך באַגלייט פון רעזאָלוציעס, איז דאָס אַוודאי „אימפּאָזאַנט", אָבער ווי הייבט זיך אָן דער דורכפאַל? פּונקט דאָרט און פּונקט דעמאָלט, ווען מען דאַרף קולט זײַן דעם עולה, דער יחיד.

מיט איין וואָרט: ווערלן די דאָזיקע עליה־קאָנפערענצן זיך מער באַשעפטיקן מיט דער ריכטיקער קליטה פון דעם עולה און נישטריידן סתם רייד וועגן עליה; ווערלן זיי ברענגען די גרעסטע נוצן דער גרויסער אויפגאַבע פון דעם הײַנט־צײַטיקן קיבוץ גלויות, אַפילו ווען דער זעלבער ווערט רעאַליזירט

אין מינימאַלע פאַרמען וועט חלילה וחס עליה דיגען נאָר ווי אַ טעמע אויף אַרויסצורופן אַפּלויזן פאַר די צוויי ציוניסטישע מנהיגים, וועלן די ראַיאָן־כּי־נוסים דערטרונקען ווערן אין אַ מבול פון רייד און וועלן נישט געבן קיין שום קאָנקרעטן רעזולטאַט.

אונדז איז באַקאַנט דער פאַקט, אַז אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון מיניסטאָרן און עקזעקוטיוו־מיטגלידער פון דער יידישער אַגענץ האָט שוין צוגעגרייט אַ נייעם עליה־פּלאַן, וועלכער וועט בקרוב פּרעזענטירט ווערן דורך דעם פּרעמיער־מיניסטער אין דער כנסת ווי אַ „עליה־געזעץ", וואָס וועט באַטראַכט ווערן אויף דער כנסת סעסיע נאָך די ימים טובים.

דער נייער פּראָיעקט פאַרמאָגט אַ סך פּריווילעגיעס פאַרן נייעם עולה, פון וועלכן ער וועט זיין באַרעכטיקט צו געניסן, עס איז, פאַרשטייט זיך, אָפּ־הענגיק פון דעם, ווי אַזוי די געזעץ־היטער און אויספירער וועלן דאָס אָנווענדן צום עולה אין טאָג טעגלעכן לעבן. די יידישע אַגענץ וועט דערמעגלעכן די נייע עולים צו דינגען דירות אויף צוגענגלעכע פּרייזן. די קינדער פון די נייע עולים וועלן באַפרייט ווערן פון שכר לימוד אין די מיטלשולן און אין די אוניווערסיטעטן אויף אַ צייט פון די ערשטע דריי יאָר אין לאַנד. אין ערשטן יאָר נאָך זיין קליטה וועט דער עולה באַפרייט ווערן פון הכנסה־שטייערן און בכלל איז אינעם געזעץ־פּראָיעקט פאַראַן אַ סך ערנסטע פאַרלייכטערונגען און זייער גוטע פּריווילעגיעס, אָבער ווייל דער „חוק עליה" איז פאַרזען מיט אַזוי פיל הנחות, איז כדאי צו פרעגן עטלעכע וואָגיקע שאלות: מסתמא וועלן דאָך די נייע עולים רעקרוטירטע פונעם ייד־שן מיטלשטאַנד, אָפּט מאָל קומען דאָך עולים פון דעם דאָזיקן יידן־עלעמענט, וואָס האָט נישט קיין מאַטעריעלע מיטלען, ביי וואָס וועלן זיי זיך באַשעפטיקן? אין וועלכע שטעט, אָדער אין וועלכע נייע אַנטוויקלונגס שטעטלעך, וועט מען זיי איינאָרדענען? ווייל דער ציל איז דאָך נישט, אַז נייע עולים זאָלן וווינען אין תל אביב, חיפה, ירושלים. אויב זיי וועלן טאַקע וווינען ווייט פון די גרעסערע שטעט, ווו עס געפינען זיך מיטל־שולן, אָדער אוניווערסיטעטן, ווער וועט דעקן די טאָג־טעגלעכע הוצאות הדרך פון די תלמידים? ווו וועלן זיי עסן, ווער וועט פאַר דעם באַצאָלן? אָן ספק וועט אַ גרויסער טייל פון די נייע עולים באַשטיין פון אַזעלכע יידן, וועלכע האָבן שוין אַריבערגעשפּרייזט זייערע פיר צענדליק לעבנסיאָרן. נישט אַלע פון זיי וועלן אַריבערברענגען מאַשינען און בויען פאַבריקן און וואַרשטאַטן, ביי וואָס וועלן זיי איינגעאָרדנט ווערן? אין מדינת ישראל הערשט ביד חזקה אַ נישט־געשריבענער געזעץ, וואָס פאַרשאַפט גרויס צער ז'עם נייעם עולה, אָפּטמאָל איז דאָס דער גורם צו ירידה. אַ מענטש, נאָך זיינע פערציקער, מעג ער זיין פיזיש אַ הערקולעס, פאַרמאָגן אַרבעטס־לוסט, ווי דער יינגסטער אַרבעטער, איך רעד שוין נישט דערפון, וואָס ער דאַרף די אַרבעטס־שטעלע, דעם פּאָסטן, כדי

מפרנס צו זײַן די משפחה, קאָן ער זעלטן װען און זעלטן װוּ, באַקומען באַשעפ־טיקונג.

װעט די ישראל־רעגירונג זײַן בכוח אַרײַנצוברענגען אַ שינוי אויף דעם דאָזיקן שטח ?

דאָס ייִדישע פאָלק און מיט אים — מדינת ישראל — שטייען פּנים אל פּנים מיט נײַע סכנות, אינערלעכע און אויסערלעכע. די סכנות־חוץ װערן באַ־קעמפט דורכן מיליטערישן טאַט קעגן די אָנגרײַפער און מיט װאָרט, קעגן אַלע באַהאַלטענע און אָפענע שונאים, װאָס אַטאַקירן דאָס װערק פון ציוניזם אויף אַלע אינטערנאַציאָנאַלע פעלקער צוזאַמענקונפטן. װי אַזוי װעלן מיר אָבער גובר זײַן די אינערלעכע געפאַרן פון אַסימילאַציע ? איינע פון די שטאַרקסטע כלי זין אין קאַמף קעגן זעלבסטפאַרלייקענונג איז עליה. דאָס דערמעגלעכט אַ ייִד צו לעבן אין דער ייִדישער מדינה שלימותדיק, ער פאַרלירט אויך די שרעק פאַר דער ייִדישקייט־צוקונפט פון זײַנע קינדער. חוץ לזה, האָט יעדער עולה אַ גרויסע באַדײַטונג פאַרן אויפבוי פון לאַנד, װי פאַר זײַן פאַרטיידיקונג.

אין ליכט פון דאָס געזאָגטע, באַגלייטן מיר מיט די בעסטע ברכות די ראַיאָן־כינוסים לטובת עליה און װינטשן, אַז די זעלבע, צוזאַמען מיט די פירנדיקע פערזענלעכקייטן פון דער ייִדישער אַגענץ זאָלן זײַן דורכגעדרונגען מיט דער אַחריות פון דער איצטיקער היסטאָרישער שעה אין אונדזער לעבן.

# נאָר דורך עליה ווערט פאַרזיכערט דער נצחון פון ישראל

## (צום כינוס־עליה אין אַרגענטינע)

ס'איז אַ דבר ידוע, אַז צה״ל האָט נישט נאָר דעראָבערט גרויסע שטחים פון דעם היסטאָרישן און באַגײַסטן ארץ ישראל און זיי צוריק אײַנגעגלידערט אין דער ייִדישער מדינה, נאָר האָט דער עיקר דערגרייכט דעם גרעסטן נצחון דורך אַ ווונ־דערלעכן כיבוש הלבבות פון גרויסע טיילן פון ייִדישן פאָלק אין דער גאַנצער וועלט.

אין דער געשיכטע פון פרײַהייט קאַמפן וואָס פאַרשקלאַפטע פעלקער האָבן אויסגעפאָכטן קעגן אונטערדריקער, קאָן מען זעלטן אָנטרעפן אויף אַזאַ גאולה באַוועגונג ווי דאָס איז די ציון־מחנה, וועמעס אידעאַלן זיינען בכוח צו פירן הונ־דערטער טויזנטער ייִדן צום גרעסטן נאַציאָנאַלן פאַרמעסט אין די לעצטע צוויי טויזנט יאָר ייִדיש לעבן נישט מיט געפּריידיקטע שנאה און נקמה־געפילן, נישט מיט פּאָגראָמען פון בלוט און מאָרד, נאָר מיטן כוח פון גערעכטיקייט־גײַסט פון נביאים, וואָס שטראַלט אויס פון זיך אַ מעכטיקע השפעה פון שלומדיקע אַחרית־הימים׳דיקע גרונט־פּרינציפּן פון לא בחיל ולא בכוח כי אם ברוח־שטרעבונגען.

דער גרעסטער נצחון פון ציוניזם איז געווען און וועט אויף אייביק פאַר־בלײַבן די געוואַגטקייט כלפּי פנים און כלפּי חוץ צו געווינען די הערצער פון מיליאָנען ייִדן פאַר אַ גרויסן אידעאַל און פאַר די אויגן פון דער וועלט אויפצו־רײַסן די קנעכטישע גלות־קייטן און זיי אַרײַנשליידערן אין פנים פון אַזאַ מענטש־הייט, וואָס האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין אַ שלאַנגען־נעסט פון גיפט און רשעות צו ייִדן.

אַ נס איז געשען אין אַ נסימלאָזער צײַט: חלוצים, דער פּיאָנערן־אַוואַנגאַרד פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג, האָבן זיך פאַרמאָסטן אין אַ פרידלעכער שלאַכט מיטן מדבר און באַוויזן אויפצושטעלן שטעט און קאָלאָניעס, קבוצים און מושבי עובדים, צוויי טויזנט יאָריקער מדבר איז באַזיגט געוואָרן נישט דורך מעשי־כשוף, נאָר דורך שווערער פּראַצע און די ערד פון ארץ ישראל האָט דער־הערט , נאָכן געבן איר פּרוכט, דעם הערלעכן קלאַנג פון דער ברכה: המוציא לחם

מן הארץ, פון צענדליקער טויזנטער ייִדישע מײַלער, וואָס האָבן צום ערשטן מאָל אין לעבן פון ייִדישן גלות־פאָלק געגעסן אייגן ברויט פון אייגענער ערד דורך דעם גאָרדאָניסטישן גרונט־פּרינציפּ פון עבודה עצמית...

אַ נײַער ייִדישער העלד איז אויפגעשטאַנען פון זײַן טיפן שלאָף מיט רע־וואָלט־שטימונגען פון מכביער, מיט קאַמפס־פּאַטענץ פון אַ מאָדערנעם בר־כוכבא און ער איז געוואָרן אַ בנײַער פּראָזשעקטאָר, וואָס וואַרפט סנאָפּעס ליכט אין אַ פינצ־טערער וועלט פון טרעבלינקעס, אוישוויץ, כדי אַלע זאָלן זען דעם עמק הבכא פון טויט און אומקום, צוגעגרייט וויסנשאַפטלעך אין 20טן יאָרהונדערט, דורך דעם ברוין־שוואַרצן פּאַשיזם, אָבער אַלע פרײַע און שלום ליבנדיקע מענטשן זאָלן אויך דערזען דעם נײַעם ליכטיקן מאָרגן פון דעם שארית ישראל, וועלכער האָט צוריק דעראָבערט זײַן היסטאָריש היימלאַנד דורך אַרבעט און געראַנגל מיט מאַ־לאַריע, דורך שווערן קאַמף מיט דער וויסטעניש, אויך מיט ביקס אין האַנט אין געפעכט מיט אַלע שונאים פון ייִדישער גאולה.

אין דער היינטיקער גורלדיקער צײַט פאַר דער ייִדישער מדינה איז נאָכאַמאָל דאָס ייִדישע פאָלק און דער ציוניזם אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר זייער שווע־רע פּראָבלעמען, פאַר נײַע אויפגאַבן און פאַר גאָר וויכטיקע פּאַרמעסטן. ווידער שטייען מיר אין געראַנגל מיט אויסערלעכע פאַקטאָרן און מיט אינערלעכע שווע־ריקייטן. כלפּי חוץ געפינט זיך מדינת ישראל אין איינע פון די שווערסטע סי־טואַציעס, די זעלבע וועלט, וואָס האָט אָן רחמנות אויסגעמאָרדעט 6 מיליאָן ייִדן, איז פול מיט מיטלייד צו די געשלאָגענע אַראַבישע מדינות וואָס האָבן במשך 20 יאָר אומאיבערגעריסן געפירט אַ מלחמה קעגן פרידלעכן ווערק פון ציוניזם און קעגן דער עצם עקזיסטענץ פון ישראל. נישט נאָר האָט מען איר נישט געוואָלט אָנערקענען, נאָר כסדר איר געדראָט מיט פאַרניכטונג און איר ייִדישער באַפעל־קערונג מיט חורבן און אומקום, אויסלאַכנדיק זיך כסדר פון דער „יון" וואָס האָט יורידיש מסכים געווען צו דער עטאַבלירונג פון דער ייִדישער מלוכהשאַפט. ווער ווייסט, צי ווערט נישט נאָכאַמאָל אויסגעפורעמט אַ נײַער מינכען? ווייל אין אַ סך מלוכות געפינען זיך היינט צו טאָג אַ גרעסערע צאָל טשאַמבערליינס, ווי דאָס איז נאָר געווען איינער אין ענגלאַנד, וועלכער האָט מיט זיינע קאָנצע־סיעס היטלערן ימח שמו וזכרו אויפגעעפנט טיר און טויער פאַר די היטלעריסטי־שע אָנגריפן קעגן די פרײַע מלוכות און קעגן דעם ייִדישן פאָלק.

מיר ייִדן זיינען אָבער אָפּטימיסטן, אונדזער אָפּטימיזם שפּאַרט זיך דאָס מאָל אָן אין דער גערעכטיקייט פון דער ייִדישער מדינה און אויף איר באַוואָפנטן כוח, אַז יעדער נײַער „מינכען־פּרווו" אויף אונדזער חשבון וועט צעשטערט ווערן און ס'וועט פון אים נישט בלײַבן קיין שריד ופליט. לאָמיר דערמאָנען די ווער־טער פון דעם זיגרײַכן ייִדישן גענעראַל מרדכי הוד, וואָס האָט געזאָגט צו די ייִדישע פּילאָטן איידער זיי זיינען אַוועק מיט זייערע קריגס־אַוויאָנען קעגן דעם שונאס

אוויאַציע: „שלאָגט דעם שונא, כדי עס זאָל מער נישט זײַן קיין אוישוויץ" דאָס גאַנצע יידישע פאָלק וועט זאָגן הויך אויפן קול דער גאַנצער איצטיקער מענטש־הייט: פונקט ווי מיר ווילן נישט מער קיין אוישוויץ, אַזוי וועט נישט דערלאָזט ווערן צו קיין מינכען.

***

די יידישע ישובים אין דער וועלט, אין ערשטער ריי, דאָס אַרגענטינער יידנטום, געפינען זיך איצט אונטערן צייכן פון אַ נײַער מאָביליזאַציע לטובת עליה־אַנשטרענג. דאָס איז גאָרנישט קיין לײַכטער פּראָבלעם, נישט מיט אָראַטאָריע אַליין איז מען ביכולת אום צו לייזן, נישט דורך אַ גרעסערע צאָל שליחי־עליה וועט דער דאָזיקער פּראָבלעם אויסגעלייזט ווערן, אויסער דעם היסטאָרישן רוף צו אַ באַנײַטן שיבת ציון, ברענגט קיינער נישט קיין „מאַגישן טעפּיך" מיט פאַנטאַסטישע „כנפי נשרים" אויף אַריבערצופירן מאַסן יידן קיין ישראל. זיכער וועלן די חשובע געסט פון אַרגענטינער יידנטום: אַריה ל. פינקוס און אונדזער היימישער ל. דולצין, צוזאַמען מיטן ד"ר מ. וואַדאַוואַז, איבערגעבן וויכטיקע ידיעות וועגן גאָר ערנסטע פּריווילעגיעס פאַר נײַע עולים, דאָס וועט איבערגע־געבן ווערן, פונקט ווי דאָס איז שוין דערציילט געוואָרן אויף צענדליקער קלע־נערע און גרעסערע צוזאַמענקונפטן פון דער היגער יידישער באַפעלקערונג, אויף דעם אַלגעמיינעם כינוס עליה וואָס קומט פאַר דאָ אין בוענאָס אײַרעס. איז דאָס אָבער גענוג אויף אַרויסצורופן אַ מאַסן־עליה?

דער כינוס עליה דאַרף כלפי מײַן באַשיידענער מיינונג מאַכן אַן ערנסטן ציוניסטישן אַנאַליז פון דעם מצב אין וועלכן עס געפינען זיך די יידישע ישובים אין די לענדער, פונוואַנען עס וועלן קומען דעלעגאַציעס צום צוזאַמענפאָר. ווי האַלט דאָס דאָרט ביי זיי מיט יידישקייט און ציוניזם? ווי גרויס איז די אַסימי־לאַציע, די צאָל פון געמישטע חתונות וויפל יידן און ציוניסטן האָבן באַפרײַט זייערע קינדער פון דער עכטער יידישער דערציאונג? ווי גרויס איז די שפּראַכלע־כע אַסימילאַציע אין די זעלבע ישובים? איז טאַקע פאַראַן פּלאַץ אין יעדן יידישן ישוב פאַר דער עקזיסטענץ פון אַזויפיל ציוניסטישע פּאַרטייען? אויב יאָ, וואָס טוען זיי פאַר די עיקרים פון יידישקייט און ציוניזם? פאַרוואָס זיינען גרוי־סע טיילן פון דער יידישער יוגנט אַוועק אין פרעמדע אידעאישע אָדער אידעענ־לאָזע גערטנער?

חוץ לזה דאַרף דער כינוס, סיי פון לאַנד־פאַרנעם, ווי פון דרום־אַמעריקאַ־נער מאַסשטאַב, זיך באַשעפטיקן מיט דער פראַגע פון שאַפן אין יעדן ישוב אַזאַ לאָקאַלן כוח, מיט ברייטע פינאַנציעלע רעסורסן, וועלכער זאָל צוזאַמען מיט די רעסאָרטן פון דער סוכנות זאָרגן פאַר דער דעפיניטיווער קליטה פון די עולים.

די דאָזיקע דאגה דאַרף זײַן אַ פּערמאַנענטע, כדי קיין שום עולה זאָל נישט ווערן קיין יורד.

אויב מיר נעמען זיך רשות צו ריידן וועגן אַרגענטינער ייִדישן ישוב, דאַרף געזאָגט ווערן, אַז נישט נאָר די ייִדישע אַגענץ אין ירושלים דאַרף שטיין אויף דער וואַך פֿאַר דער קליטה פֿונעם עולה, אויך די היגע קהילה, די „אַמיאַ״ די פֿינאַנציעלע לעבעדיקע כוחות פֿון ישוב, די לאַנדסמאַנשאַפֿטלעכע באַוועגונג אין אַרגענטינע, אַלע צוזאַמען דאַרפֿן זיך אָפּגעוויינען פֿון דער מצווה צו געבן יעדן עולה „צידה לדרך״ עטלעכע טויזנט פּעזאָס, אָדער אַ ביסל „נוצלעכע זאַכן״, וואָס דאָס האָט נישט קיין גרויסן ווערט פֿאַרן קליטה־פּראָצעס פֿונעם עולה. אַלע כוחות דאַרפֿן בילדן אַ שטאַרקן אָנשפּאַר פֿאַרן עולה פֿון אַרגענטינע, וועלכער קערט זיך אום אין ייִדישן היימלאַנד. אין ישראל מוז וואָס פֿריער ווערן אַקטי־ווער דער „התאחדות יוצאי אמריקה הלטינית״, אויסגעהאַלטן נישט דורך אַ תּקציב פֿון דער סוכנות, נאָר פֿונעם אַרגענטינער ייִדנטום, אויך דאָ, אין בוענאָס איירעס, ווי אין יעדן ייִדישן ישוב פֿון לאַטיין־אַמעריקע דאַרף געשאַפֿן ווערן אַ לאָקאַלער אָרגאַן, וועלכער זאָל צוזאַמען מיט דער דערמאָנטער קערפּערשאַפֿט אין ישראל, דערמעגלעכן יעדן עולה פֿון די דאָזיקע לענדער קומען אל המנוחה ואל הנחלה...

יעדער ייִדישער ישוב, וואָס וויל ערנסט אַרבעטן פֿאַר דער רעאַליזאַציע פֿונעם געבאָט פֿון דער איצטיקער שעה פֿאַר שיבת ציון, דאַרף זיך נעמען אַ בײַשפּיל פֿון דעם דרום־אַפֿריקאַנער ייִדנטום, פֿון דער אָרטיקער ציוניסטישער פֿע־דעראַציע, וועמעס מעשים פֿאַר די עולים פֿון דרום־אַפֿריקע, יחידיש והן קאָלעק־טיוו, קענען דינען פֿאַר אַ מוסטער.

נאָר דעמאָלט, ווען דאָס אַרגענטינער ייִדנטום, בראש מיט דער ציוניסטי־שער באַוועגונג וועט אויף אַ ווירדיקן, זעלבסט באַוווסטזיניקן אופֿן, שטענדיק באַגלייט פֿון דער אויפֿריכטיקער גרייטקייט צו טאָן דאָס מאַקסימאַלסטע פֿאַרן איצטיקן קאָלעקטיוון עליה־אָנשטרענג פֿון ישראל, דערפֿילן דעם אייגענעם גרויסן כוח, אײַנגעשפּאַנט אינעם ערנסטן עול פֿאַר דער קליטה פֿונעם היגן עולה אין דער ייִדישער מדינה, איז נישטאָ קיין שום ספֿק, אַז סײַ די סוכנות מחלקות און זייערע פּקידים און סײַ דער „התאחדות יוצאי אמריקה הלטינית״ וועלן אָפּהיטן דעם גרויסן ישראל־פֿאַרמעגן: די עולים פֿון דאַנען, ווי פֿון לאַטיין־אַמע־ריקע בכלל.

די דאָזיקע קערפּערשאַפֿט דאַרף קאָנסטיטואירט ווערן, וואָס פֿריער איז בעסער, פֿון די אינסטאַנצן פֿון אַרגענטינער ייִדנטום און ציוניזם, מיט אַלע עקאָנאָמישע פֿאַקטאָרן פֿון ישוב, מיט דער לאַנדסמאַנשאַפֿטלעכער באַוועגונג, מיט די צענדליקער עלטערן־קאָמיטעטן, וועמעס קינדער געפֿינען זיך אין דער ייִדישער מדינה. צו דעם לאָקאַלן עליה־אָרגאַניזם דאַרפֿן אַרײַנגעצויגן ווערן אַ סך ווירדי־

קע יחידים מיט אַן אומבאַגרענעצטע טרײַשאַפט צום פֿאָלק און דער מדינה פֿאַר אַ ברייטהאַרציקער מיטאַרבעט לטובת אָנגעצייכנטע אויפֿגאַבן און מיט אַזאַ פֿינאַנציעלער הילף, וואָס זאָל איבערשטײַגן אַלע דערוואַרטונגען.

די ייִדישע מדינה מוז באַפֿעלקערט ווערן מיט נײַע צענדליקער און הונדערטער טויזנטער ייִדן פֿון די פֿרײַע לענדער. די דאָזיקע אַרבעט דאַרף געמאַכט ווערן די זיכערקייט, אַז די קליטה־פֿאַקטאָרן אין ישׂראל וועלן זיך מיט אים מטפּל די לאָזונגען פֿון, „ושבו בנים לגבולם", אַוודאי נישט אין די לירישע רעדעס וועגן שיבת ציון, וואָס וועלן געהאַלטן ווערן אויף פּרעסע־קאָנפֿערענצן און אויף דעם 2־טאָגיקן כינוס עליה, אָבער אָן דער עקזיסטענץ פֿון אַן אייגענעם מעכטיקן ישוב־פֿאַקטאָר פֿאַר דער עליה און קליטה פֿון היגע עולים, וועט פֿעלן דער פֿאַקטישער סטימול פֿונדאַנען און ס'וועט ביים עולה־קאַנדידאַט נישט אײַנגעבירגערט ווערן די זיכערקייט, אַז די קליטה־פֿאַקטאָרן אין ישׂראל וועלן זיך מיט אים מטפּל זײַן לפֿי זײַנע ווונטשן. צענדליקער און הונדערטער געוועזענע עולים פֿון אַרגענטינע און הײַנטיקע יורדים, באַרעכטיקן זײַן געמאַכטע, אָדער נישט גערעכטע שרעק...

מיר באַגלייטן דעם כינוס עליה מיט די ברכות פֿון גרעסטער הצלחה. הלוואי זאָלן די ייִדישע ישובים אין אַרגענטינע און אין די שכנותדיקע לענדער, אײַנגעשלאָסן דאָס ייִדישע לאַטיין־אַמעריקע, זײַן דורכגעדרונגען מיטן אינהאַלט פֿון חובת לעליה קודמת לכל.

# צווישן הימל און ערד אויפן וועג קיין ישראל

איך ווייס ניט מיט וואָס פאַר אַ מאָס קאָן מען מעסטן די גרויסקייט, דעם פאַר־נעם, די שטאַרקייט פון אַ מדינה. ס׳איז אַן אַנגענומענער כלל צו זען די גרויסקייט פון אַ לאַנד לפי זײַנע צענדליקער מיליאָנען אײַנוווינער, לויט דעם סאָציאַלן וווילשטאַנד פון דער באַפעלקערונג, ווי אויך לויט דעם פאַרנעם פון זײַנע גײַסטיק־קולטורעלע, וויסנשאַפטלעכע און טעכנישע דערגרייכונגען, אָבער פליענדיק אין דעם מעכטיקן דזשעט־אַוויאָן פון דער פאַרנעמפולער „איירלינעאַס אַר־כענטינאַס" קומט מיר אויפן געדאַנק, אַז די גרויסע, זוניק־שיינע אַרגענטינע דאַרף מען אויך קענען מעסטן דורך אירע מעכטיקע כנפי נשרים, וועלכע פאַרקירצן ריזיקע קאָסמאָס־שטרעקעס, לאָזן הינטער זיך גרעניצן און גרעניץ וועכטער, גלײַכן אויס געאָגראַפישע פעלקער־אונטערשיידן און ברענגען צו לענדער דעם אָנזען, דעם פרעסטיזש, די קולטור אייגנאַרטיקייט פון אַרגענטינע און אַלע קאָנטינענטן, צו וועלכע די אַרגענטינער פליגל דערגרייכן. „איירלינעאַס אַר־כענטינאַס" — טראָגט פונאַנדער איבער דער וועלט דעם גוטן נאָמען, דאָס שיינע, דאָס מענטשלעכע, וואָס אַרגענטינע פאַרמאָגט.

און ווײַל דער דאָזיקער דזשעט־אַוויאָן טראָגט מיך איבער די וואָלקנס, אונטער בלויע הימלען, צום יידישן היימלאַנד, פיל איך אַ באַזונדערע נשמה־נאָענטקייט צום אַרגענטינער לאַנד און פאָלק, ווו און צווישן וועמען איך האָב אויפגעשטעלט מײַן היים און געשאָפן מײַן פאַמיליע נעסט.

דער דאָזיקער אַוויאָן איז געבענטשט מיט דער ברכה פון „קפיצת הדרך". נאָר מײַן האַרץ ווייסט, ווי גרויס ס׳איז מײַן בענקשאַפט אָנצוקומען וואָס פריער קיין מדינת ישראל, צו באַטרעטן איר ערד, זיך צו באַגעגענען מיט אירע פיאָנערן־יידן, צו זען מיט פיזישע אויגן דאָס אַלט־אַלטע תנכ׳ישע און דאָס נײַ־באַנײַטע — דורך חלוצישן שווייס און צענדליקער טויזנטער קרבנות — אומאָפּהענגיקע — און אויף לעולם ועד עקזיסטירנדיקע ארץ ישראל.

דערווײַל געפין איך מיך אינעם דזשעט־אַוויאָן צווישן הימל און ערד אויף מײַן וועג צו מדינת ישראל, ווו איך וועל מיך באַטייליקן ווי אַ דעלעגאַט פון אַרגענטינער יידנטום, פון דעם יידישן אַרגענטינע של מעלה פון דעם יידישן זשורנאַליסט און ליטעראַטן פאַריין „ה. ד. נאָמבערג", אינעם וועלט־כינוס פון יידישע שרײַבער.

איך בענטש די אָפּפליענדיקע שעהן, ווײַל זיי דערנעענטערן מיך צום יידישן לאַנד פון מײַנע גאולה מחשבות.

מאָדנע מחשבות באַפאַלן דעם מענטשלעכן מוח אין דער מינוט, ווען די טיר פון אַוויאָן פאַרמאַכט זיך הינטער אים. דער פּאַסאַזשיר פילט דעם טעם. פון אַן איזאָלירטן מענטש, וועלכער האָט זיך אויף אַ „פּריווילעגירטן" אופן מיט־אַמאָל אָפּגעריסן פון זײַן פרוי און קינדער, פון די נאָענטסטע און טײַערסטע חברים און פרײַנט, ווערנדיק אַוועקגעפירט אין מרחקים, טאַקע צו אַ באַשטימטן פּונקט. אָבער נאָך שווערער די פאַרשידענע געדאַנקען, וועלכע קריכן אַרום ווי מוראַשקעס אין די געהירן, בפרט אין דעם מאָמענט, ווען דער ריזיקער שטאָ־לענער פויגל, וואָס אויף דער ערד זעט ער אויס ווי אַ גיגאַנט, רײַסט זיך אָפּ פון זײַן פעסטן ערדישן באָדן און רײַסט זיך צו די הויכע הימלען. אין די מאָמענטן, ווען דאָס קליינע נישטיקע מענטשעלע ווערט געטראָגן אין דער לופטן דוכט זיך אים אויס, אַז דער פּסוק: „השמים שמים לד׳ והארץ נתן לבני אדם", „די הימלען געהערן צום אַלמעכטיקן און די ערד איז געגעבן געוואָרן צו די מענטשן־קינדער" האָט אויף אַ העלפט שוין פאַרלוירן זײַן אמתע באַדײַטונג, ווײַל ווען דער אַוויאָן קאָמענדאַנט איז מודיע די פּאַסאַזשירן, אַז דער דזשעט וועט פליען אויף אַ הויך פון 10.000 מעטער איבער דער ערד־פלאַך, האָט דאָס געקלונגען אין אַלעמענס אויערן ווי אַן אָנזאָג, אַז „די מענטשן־קינדער" רײַסן זיך צו די הימל־הויכקייטן און דורך דעם ווערט דער ערד־קײַלעך אײַנגעשרומפּן, קלענער, אַפילו נישטיקער אין אָנבליק פון די הימלען־אומענדלעכ־קייטן, פון דעם אין־סופיקן קאָסמאָס.

ביי מיר, אַרויסקוקנדיק דורך דעם אַוויאָן־פענסטערל און זעענדיק הינטן די ווײַסע בערג־וואָלקנס און איבער זיי אַ ריזיק גרויסן און פּרעכטיק־בלויען הימל, איז ווידער גילטיק מיט דער גאַנצער קראַפט יעדעס וואָרט פון דעם דער־מאָנטן פּסוק: השמים־שמים לד׳ והארץ נתן לבני אדם.

אין אַמאָליקע צײַטן איז אַ „ייִד געפאָרן קיין ארץ ישראל מיט פּאַרוויינטע אויגן", אַזוי האָט מען געזונגען אַ יידיש פאָלקס־ליד, הײַנט פאָרט אַ ייִד קיין ארץ ישראל מיט צעשטראַלטע אויגן, מיט אַ פריידיק האַרץ און מיט אַ גוטן געמיט צושטאַנד.

אַ יידישער שרײַבער, אַפילו ווען ער איז באַהערשט פון רצון צו געפינען נײַעם מחשבה און געדאַנקען־שטאָף פאַר אַ ברייט פאַרצווײַגטע טעמאַטיק, פאָרט ער הײַנט קיין ישראל מיט דער אײַנציקער ליבע אָריענטאַציע צו זען און צו פילן און זיך צו באַהעפטן מיטן איצטיקן גרויסן ישראל, ווו אויף שריט און טריט וועט ער זיך אָנטרעפן מיט לעבעדיקע פלעצער פון אַלטן תנ״ך אין מיט נײַע שאַפונגען, וועלכע זיינען שוין געוואָרן אַ המשך פון דעם זעלבן תנ״ך.

איך וויל אויפפרישן אין מײַן זכרון עפּיזאָדן פון מײַן ערשטן באַזוך אין

דער יידישער מדינה, דאָס איז געווען אין יאָר 1951. שווערע צייטן אין לאַנד, אַ צנע־רעזשים אויף שריט און טריט, ווער האָט דען געקוקט אויף דעם מצב, צי ס'איז דאָ גענוג עסן, אָדער ווייניק אכילה פאַרן מאָגן, דער עיקר, דאָס האַרץ האָט געקוואָלן פון ישראלס זעלבשטענדיקייט און זיכערקייט, דאָס לאַנד איז געוואַקסן, די באַפעלקערונג איז גרעסער געוואָרן און איבער אַלעמען האָט געוואַכט די שכינה פון גרויסן יידישן וואָפן־נצחון אין דער מלחמת השחרור.

אין אַזאַ שטימונג האָב איך אין פאַרנאַכטיקע שעהן, מיט נאָך חברים, באַזוכט דוד המלך'ס קבר. אויף די מויערן פון אַלט־ירושלים האָבן זיך אַרומגעדרייט סאָלדאַטן פון אַראַבישן לעגיאָן מיט באַנדיטישע פּנימער און מיט שוואַרצע מחשבות, אונטן ביים אַריינגאַנג צו דוד המלך'ס קבר איז ביים ערשטן טרעפּל געווען אַ גרויסער העברעישער פּילזאָגנדיקער פּסוק: „ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשיו”, און איך האָב געטראַכט אין די דאָזיקע מינוטן, ווען טאַקע דער ווערטער־פּסוק פאַרווירקלעכט ווערן?

יאָ, ער איז געוואָרן אַ שיינע רעאַליטעט.

„און עס זיינען אַרויפגעגאַנגען די העלפער אויפן באַרג ציון צו משפטן דעם באַרג פון עשיו” דער אַראַבישער לעגיאָן איז צעשמעטערט, ירושלים איז גאַנץ און פאַראייניקט, צה"ל — דער באַוואָפנטער אָרעם פון יידישן פאָלק האָט מיט בלוט און פייער געמשפּט עשיון, דעם גרויסן אַנטיסעמיטישן פראָנט, וואָס ציט זיך פון דער אַראַבישער וועלט ביז מאָסקווע.

דער משפט השבון פון יידישן פאָלק מיט אַלערליי עשיוס האָט זיך נאָך נישט פאַרענדיקט...

# מאַדריד און רוים — עדות אויף ייִדישער אייביקייט

פון ריאָ דע זשאַנעירא, פליט דער דזשעט 9 שעה, אָן אַן איבעררײַס ביז ער דערגרייכט דעם לופטפעלד פון מאַדריד. דער לאַנגער פליצוג קומט פאָר בײַנאַכט און ווער — ס׳קאָן נישט אײַנשלאָפן צוליב די טרייסלענישן פון אַוויאָן, ווי אַ רעזולטאַט פון זײַנע לופט־צוזאַמענשטויסן מיט שווערע וואָלקנס, טראַכט וועגן „משנה עתים״, וועגן „צײַט־ענדערער״, ווײַל ערשט מיט עטלעכע שעה צוריק זיינען מיר געווען אין ריאָ דע זשאַנעירא געפילט די שווערע הייסע לופט, זיך געווישט דעם שווייס פון פּנים און נישט געפונען אַ פּלאַץ אויף אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם; און אין עטלעכע שעה שפּעטער וועלן מיר שוין זײַן אין מאַדריד, אויפן אייראָפּעאישן קאָנטינענט און כאַפּן דעם אמתן ציטער פון אַ שווערע קעלט, וואָס האַלט אײַנגעקלאַמערט אין זײַנע אײַזיק־שנייאיקע לאַפּעס שטעט און לענדער.

אָבער נישט אומעטום פּילט מען די הערשאַפט פונעם „משנה עתים״. דווקא אין מאַדריד, נאָכן אָפּשטײַגן פון אַוויאָן, באַגעגנט אונדז אַ פּרעכטיקע פרימאָרגן־זון, אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט, ממש אַ פרילינגס־טאָג אין ב. אײַרעס. כ׳זוך אַ סימן פון שניי אין דער ווײַטקייט, אויף די אַרומיקע בערגלעך, — וואָס איר ווילט קאָנט איר טרעפן, פאַסאַזשירן פון פאַרשיידענע וועלט־טיילן, פּאָליציילײַט, מיליטאַרן, גלחים אין דער גרעסטער פּראָפאָרץ, — אָבער נישט קיין שניי. כ׳פרעג אַ שפּאַניער ווו געפינט זיך דער ווינטער? ענטפערט ער מיר מיט אַ ליבן שמייכל: מיר האָבן אים אָוועקגעשאָנקען ראַטנפאַרבאַנד...

איך פאָר צוזאַמען מיט אַ ייִדישן פאַסאַזשיר פון בוענאָס אײַרעס, ער פאָרט קיין ישראל צו זײַן זון אויף אַ באַזוך. אין זעלבן טאָג, דעם 19טן יאַנואַר ד״י וועט ער מיטן אַוויאָן אָנקומען קיין לוד פאַרנאַכט, צו קבלת שבת וועט ער שוין געניסן דעם תענוג פון דעם ישראלדיקן „באה שבת — באה מנוחה״. איך בין אים מקנא, ווײַל כ׳וועל נאָך דאַרפן פאַרבלײַבן עטלעכע טעג אין רוים און נעאַפּאָל, כדי פון דאָנען אָפּפאָרן קיין ישראל מיט דער שיף „דן״, פון דער ישראלדיקער שיפס־געזעלשאַפט „צים״. איך האָב נישט קיין חרטה אויף דעם דאָזיקן שריט, ווײַל מײַן נסיעה אויף דער ישראל־שיף איז דאָך שוין ישראל־טע־

ריטאָריע, דאָס איז פאַר מיר אַ פּרוזדור צום לאַנד פון מײַנע חלומות און שטרעבונגען.

מײַן בוענאָס אײַרעסער ייִד און איך זיצן אין קאַפע־הויז פון מאַדרידער לופט־פּאָרט און שמועסן. דער אַוויאָן פון „אַעראָלינעאַס אַרכענטינאַס" וועט דאָ שטיין העכער אַ שעה צײַט אויף דורכצומאַכן אַ טעכנישע בדיקה צו זײַן בשלום־דיקער המשך־נסיעה. דאָס גיט אונדז צײַט און מעגלעכקייט, נישט נאָר צו שמועסן, נאָר אויך צו זען, אין די ראַמען פון פלי־פעלד, דאָס פראַנקאָ־שפּאַניע אין מיניאַטור. אַוודאי קענען מיר דאָ נישט זען די אָרעמע מאַסן, די לײַדנדיקע אידעאַליסטן, וואָס טראָגן אין האַרצן די שנאה צו דער דיקטאַטור, זיכער וועלן מיר, אויף דעם דאָזיקן פּאַלץ, נישט הערן די רעוואָלט־געשרייען פון די מאַדרידער בונטאַרישע סטודענטן. אָבער מיר דערקענען אין פראַנקאָ־שפּאַניע: די מיליטאַרן, הויכע רעגירונגס־באַאַמטע, פּאָליציי־אָפיצירן, אַפילו פּשוטע פּאָליציאַנטן זעען אויס גוט געקליידעטע און צופרידענע, אויך פאַרשיידענע פּאָרט־באַדינער, אַרײַנגערעכנט די וואַליזקע־טרעגער, זיינען מענטשלעך אָנגעטאָן, דאָס איז דערווײַל דאָס „שפּאַנישע פּנים פאַר אויסלענדער, ווײַל ס׳איז דאָך נישטאָ קיין דיקטאַטור אין דער הײַנטיקער וועלט, וואָס זאָל זיך נישט באַמיען צומאַכן אַ גוטן אײַנדרוק אויף אויסלענדישע באַזוכער.

אָבער איין עלעמענט וואַרפט זיך אין די אויגן אויף שריט און טריט אינעם לופטפּאָרט, דאָס איז דער קאַטוילישער שפּאַנישער קלער, פּערזאָניפיצירט אין גלחים פון פאַרשיידענע „אָרדענס", מיט פאַרשיידענע גלחישער קליידונג, צווישן וועלכע די שוואַרצע פאַרב פאַרנעמט דעם אויבנאָן. איך קוק ספּעציעל אויף די שוואַרצע גלחישע מלבושים און ס׳קומט אויפן רעיון די מחשבה, אַז ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט פון אַ שוואַרצן און פינצטערן זיווג צווישן זייערע הערצער און נשמות מיט דער דאָזיקער קליידונג; אַ זיווג, וואָס האָלט שוין אָן אַ סך הונדערטער יאָרן, מסתמא האָבן, מיט 500 יאָר צוריק, בערך, זײַנע פאָרגייער, ווי באַדינער פון טאָרקוועמאַדאַס אינקוויזיציע־געריכטן, געפירט מיט אַ „רעליגיעזע פּראָצעסיע" איבער די גאַסן פון די אַמאָליקע שפּאַנישע שטעט, טויזנטער ייִדן אויף די שײַטערהויפנס, וועלכע האָבן מיט „שמע ישראל" אויף די ליפּן אויסגעהויכט זייערע נשמות אויף אַ פײַער־פלאַמיקן קאַטוילישן „מזבח", כדי דורך קידוש השם־אַקטן פון העכסטער קרבנות־גרייטקייט, מקדש השם צו זײַן דעם נאָמען פון ייִדישן פאָלק, אויף וועמענס לוחות ס׳געפינט זיך דער אייביקער געבאָט פון „לא תרצח"...

אין הײַנטיקן שפּאַניע געפינען זיך עטלעכע טויזנט ייִדן, אַ קליינע קהילה אין מאַדריד, נאָך אַ גרעסערע געמיינדע אין באַרצעלאָנאַ. די ייִדישע אײַנוווינער זאָרגן פאַר חינוך־הבנים, שטעלן אויף בתי כנסיות און ווילן זײַן אַ ווירדיקער באַשטאַנדטייל פון ייִדישן וועלט־פאָלק, ענג פאַרבונדן מיט מדינת ישראל.

די שפּאַנישע פראַנקאָ־רעגירונג באַמיט זיך צו זײַן טאָלעראַנט צו אירע ייִדישע אײַנוווינער, מען לאָזט די ייִדן זיך פאַרנעמען מיט מסחר און אינדוסטריע, מען גיט זיי אַ מעגלעכקייט זיך אויסצולעבן אַלס ייִדן, הגם מיט חדשים צוריק האָבן ייִדן אין מאַדריד באַדאַרפט אָנטיילנעמען אין אַ קאַטוילִיש־רעליגיעזע צע־רעמאָניע, אין הסכם מיט די נײַע עקומעניש „דינים", מקרב צו זײַן ייִדן צו די טויערן פון שמד... אָבער ייִדן אין הײַנטיקן שפּאַניע ווייסן גאַנץ גוט, אַז די פּאַ־לאַנכיסטישע לאַנד־פּרעסע איז אַן אַנטי־ישראלדיקע. איך האָב אין אַוויאָן, פון מאַדריד קיין רוים, באַקומען אין האַנט דעם אילוסטרירטן זשורנאַל „אַ. ב. צ." און גאַנצע זײַטן זיינען אָנגעפּיקעוועט מיט ליבע און רחמנות צו די גערודפטע אַראַבער מצד דער מיליטערישער ישׂראל־רעגירונג, די אַראַבישע מושלים ווייסן גענוי, אַז פראַנקאָ באַמיט זיך צו זײַן זייער באַשיצער און העלפער קעגן „יש־ראלס עקספּאַנסיע", אָבער פראַנקאָ האָט מער שכל פון דע גאָלן, ווײַל דער ער־שטער מאַכט נישט קיין באַמבאַסטישע אַנטי־ישראלדיקע דעקלאַראַציעס, נאָר טוט זיין מלאכה בזויה אין דער שטיל, אין דער צײַט, ווען פראַנקרייכס מושל, רעדט און שרײַבט אויפן הויכן קול לטובת די אַראַבער און במילא קעגן דער ייִדישער מדינה. אָבער די אַראַבישע קאָכלעפל, סײַ אין נאָענטן אָריענט והן אין אַפריקע, גלויבן מער פראַנקאָן ווי דע גאָלן...

אָבער נאָך מער פון אַנטי־ישראל העצע אין דער שפּאַנישער לאַנד־פּרעסע, וואָס באַליידיקט, אָן ספק, די ייִדיש־נאַציאָנאַלע געפילן פון די ייִדישע אײַנוווינער אין לאַנד, דאַרפן אונדזערע ברידער אין שפּאַניע זען די קאַטוילישע גלחים, פילן זייער הערשאַפט און כוח... די גלחישע אָנוועזנהייט אויף אַלע שט־חים פון שפּאַנישן לעבן מוז דערמאָנען די עטלעכע טויזנט ייִדן אין לאַנד, אַז זיי לעבן אין אַ מדינה, פון וועלכער ס'איז נאָך נישט פאַרשוואונדן דער שאָטן פון דער שוואַרצער אינקוויזיציע און, אַז דער ריח פון פאַרשרפהטע ייִדן־ברידער אויף די אויטאָ־דאַפעס, פילט זיך נאָך אין דער לופט דורך דורות און פאַרשווונ־דענע יאָרהונדערטער; אַ ריח, וואָס מישט זיך צונויף, אין אונדזער שווער־גע־פּרוווטן ייִדישן דור פון 1940—1945 — מיט די ריחות פון פאַרברענטע מיליאָ־נען ייִדן אין די היטלעריסטישע ברען־אויוונס פון טרעבלינקע און מײַדאַנעק, פון בעלזעץ און אוישוויץ.

ווען נישט די צווייטע וועלט־מלחמה; ווען נישט דער גרויזאַמער מאָרד־פּראָגראַם פון סאַדיסטישן נאַציזם, וואָלטן ייִדן קיינמאָל נישט באַטראָטן די שפּאַנישע ערד. דאָס אָנקומען, בעסער געזאָגט, דאָס פּיקוח־נפשדיקע אַרײַנלויפן פון טויזנטער ייִדן קיין שפּאַניע, האָט מיטן אָפּלויף פון יאָרן, געשאַפן אַ ציבור־דיק ייִדיש לעבן אינעם לאַנד פון פינצטערן קלער, אין אַ מדינה, וווּ מיט קנאַפּע 500 יאָר צוריק, האָט כמעט, ווי זאָגט דוד פינסקי, אין איינער פון זײַנע פּיעסן: יעדער קאַטאָליק האָט געהאַלטן פאַר אַ גרויסן זכות אַרויפצוואַרפן אויף דעם

שפּעטערהויפּן נאָך אַ שטיקל טרוקן האָלץ, כדי „ייִדן־כופרים זאָלן שנעלער פאַר־שרפהט ווערן".

איך זיץ אין קאַפע־הויז אין מאַדרידער לופּטפּאָרט, כ'זע די אַרומשפּאַצירנ־דיקע גלחים און מחשבות לאָזן נישט צורו. איינע פון זיי, וויקלט אויס פאַר מיר דעם עקשנותדיקן פרינוויליקן באַשלוס פון דורות־ייִדן, טיילן פון דעם ייִדישן עם קשה עורף,, אויסצומיידן שפּאַניע, נישט קומען מיט איר אין אַן אוממיטל־באַרער באַרירונג. הגם קיינער פון די רבנישע און ייִדיש־גייסטיקע מנהיגים האָבן קיין חרם נישט פּראָקלאַמירט, האָבן ייִדן בערך אַ האַלבן טויזנט יאָר אויסגע־מיטן דאָס דערמאָנטע לאַנד, ווי אַ באַרעכטיקטע נקמה פאַר די שוידערלעכע אינקוויזיציע־מעשים פון יענער צייט, פון יענע גאַטלאָזע און נשמהלאָזע הער־שער. אַ צווייטע מחשבה שילדערט אָבער גלייכצייטיק דאָס גייסטיקע געשטאַלט פונעם הײַנטיקן ייִדישן דור, וועלכער האָט דורכגעמאַכט אַלע שוידערלעכסטע נאַצי־נגישות, 6 מיליאָן זיינען אויסגעמאָרדעט געוואָרן — דורך הונדערטער מיתות משונות פון נאַצי־דײַטשן, אָדער סתם דײַטשן, אַ קליינע צאָל ייִדן האָבן זיך געראַטעוועט פונעם היטלעריסטישן עמק הבכא, אַ דריטל פון ייִדישן פאָלק איז אומגעקומען פון די אַקטיווע מערדער און פרײַוויליקע פעלקער־מיט־אַרבעטער, דער שארית ישראל, וועלכער האָט איבערגעלעבט היטלערס רציחה־רעזשים, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, וועט אייביק ברויזן מיט נקמה־לוסט און מיט אַ הייליקע שבועה, מער נישט צו האָבן קיין מגע־ומשא מיט אַזאַ פאָלק, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין מערדער און מיט אַזאַ לאַנד, ווו ס'האָט געקענט געבוירן ווערן אַ פּראָגראַם פון אויסראָטן דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק. אָבער ס'איז גילטיק דער כלל פון: „שמואל בדורו ויפתח בדורו". ווי שנעל, תיכף נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן ייִדן זיך אומגעקערט קיין דײַטשלאַנד. אין טרעבּ־לינקע האָט מען נאָך צוזאַמענגענומען די שיכעלעך און קליידעלעך פון פאַרגאַזטע ייִדישע קינדערלעך, פון אַלע בונקערס און וויסטע וועלדער זיינען נאָך נישט אַרויס אַלע באַהאַלטענע ייִדישע נאַצי־קרבנות, אָבער ייִדן זיינען שוין צוריקגע־פאָרן קיין דײַטשלאַנד... הײַנט וווינען אין דעם דאָזיקן לאַנד העכער 30 טויזנט ייִדן, אַרײַנגערעכנט אַ סך ישראלים, ס'זיינען דאָ קהילות רבנים, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, אַ פּרעסע־וועזן, אָבער אַלץ צוזאַמען שטעלט אַ הארבע שאלה: ווער האָט אַזוי מאָראַליש אַנטוואָפנט אין אונדזערע טעג, פאַר אונדזערע אויגן, אַ גאַנץ ייִדיש פאָלק? וועט דען די ייִדישע געשיכטע נישט משפּטן דעם הײַנטיקן ייִדישן דור פאַר זײַן ווירדעלאָזיקייט, בפרט פאַר דער פרײַוויליקער שכחה אין דעם אינהאַלט פון הײַנטצײַטיקן „זכור אשר עשה לך נאַצי — עמלק בימינו".

קנאַפּע 500 יאָר ייִדישע אָפּוועזנהייט אין שפּאַניע און תיכפדיקע ייִדישער צוריקקומען קיין דײַטשלאַנד, זיינען צוויי מאָסן, צוויי וואָגן אויף וועלכע מען

קאָן מעסטן און וועגן די גרויס און די טיף, ווי אויך די גײַסטיקע וואָג פון צוויי דורות, פון צוויי עלעמענטן יידישע מנהיגים.

איך שרײַב דאָס אַרטיקל פון רוים, ווו איך האָב הײַנט באַזוכט דאָס אַל־טערטימלעכע, וואָס די דאָזיקע אַלטע, געשיכטע־מאַכנדיקע שטאָט, פאַרמאָגט. כ׳האָב מיך נישט געקענט אָפּרײַסן פון דעם ריזיקן קאָליסעום, געבויט פון 12.000 יידישע געפאַנגענע פון יהודה, כדי רוימישע הערשער־סאַטראַפּן און דאָס פאָלק פון „ברויט און צירק" זאָל זיך קוויקן מיט די גלאַדיאַטאָרן־קאַמפּן ווי פון די פאַרמעסטן צווישן מענטשן און אויסגעהונגערטע לייבן; כ׳האָב געזען דעם טי־טוס־טויער, אָנגערירט זיינע שטיינער און געלייענט זײַן אַמאָליקע טריאומף־אויפ־שריפט: „יודעאַ קאַפּטאַ", אָבער איך פאָר דורך רוים קיין ישראל, צו דער לע־בעדיקער, בויענדיקער און קעמפנדיקער יידישער מדינה, און פונקט ווי איך, אַזוי זיינען דאָס טויזנטער און צענדליקער טויזנטער יידן, לעבעדיקע עדות אויף דער נצחיות פונעם יידישן פאָלק.

איך קום קיין רוים פון מאַדריד; ביידע שטעט האָבן זיך פאַרמאָסטן אין דער אַלט־אַלטער צײַט, חרוב צו מאַכן, די ערשטע — מלכות ישראל און דאָס גײַסטיקע ירושלים של מעלה. די צווייטע — מיט קנאַפּע 500 יאָר שפּעטער, דאָס גײַסטיקע, דאָס יידיש־רעליגיעזע לעבן פון הונדערטער טויזנטער יידן אין שפּאַ־ניע צוזאַמען מיט זייער פיזישן לעבן.

פאָרט אָבער אַזאַ ייד, ווי מײַן ווייניקייט קיין ישראל דורך די דאָזיקע ביידע שטעט, אין די טעג פון חודש יאַנואַר 1968 — און דאָס האַרץ ווערט אָנגעפילט מיט יידישן שטאָלץ אויף דעם דערפרייענדיקן געשיכטלעכן פאַקט, וואָס סײַ רוים און סײַ מאַדריד זיינען לעבעדיקע באַשטעטיקונגען אויף דער אייביקייט פון דער יידישער אומה און פון ארץ־ישראל.

# אויפגעכאַפּטע איינדרוקן

## פון דער סעריע: אויפן וועג קיין ישראל

— א —

### אַ האָטעל — אַ שפּראַכלעכער דור הפּלגה

ס׳איז אַ דבר ידוע, אַז אַ האָטעל, בפּרט אין די גרויסע וועלט־שטעט, איז אַן עכטע איבערבלײַבעניש פון הומשדיקן בבל־טורעם וואָס האָט גורם געווען אַ שפּראַך־צעמישונג און יענע מענטשן האָבן באַקומען דעם טיטל: דור הפּלגה. ווען איר זיצט אַ שעה־צוויי אין דעם האָטעל „באַוואַראַמאַ״, אין סאַמע צענטער פון רוים, און קוקט זיך אַרום אויף אַלע זײַטן, אויב מען רעדט צווישן זיך, הערט איר אַ צוויי טוץ לשונות, צווישן וועלכע דאָס ענגלישע לשון דאָמינירט, זיצן ווידער די האָטעל־אײַנוווינער שטילע, זעט איר זיי פאַרקוקטע אין צײַטונגען אויף אַלערליי לשונות, כמעט אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכן זיינען דאָ פאַרטראָטן. איך לייען אויך אַן איטאַליענישע צײַטונג, פאַרגלײַך און זעץ מיר איבער אויף שפּאַניש, (וואָס איך פאַרשטיי נישט, לאָז איך איבער פאַרן הײַנטיקן מאָדערנעם דור־הפּלגה), כדי כאָטש צו וויסן די לעצטע נײַעס פון דער נײַצײַטיקער וועלט, וועלכע איז פּאָליטיש און מאָראַליש אַ געטרייער מוסטער פון יענעם דור הפּלגה...

בלויז מײַנע שפּראַכן: יידיש און העברעאיש זיינען נישט רעפּרעזענטירט אינעם דאָזיקן האָטעל־בנין פון פאַרשיידענע געגרעדטע לשונות. כ׳זוך אַ ייד צווישן די הונדערטער געסט, באַווײַזט זיך פּלוצים אַ יונג־פּאָרל פון בראַזיל, זיי דערמאָנען צווישן זיך זייער מאָרגנדיקע אָפּרײַזע קיין לוד. ווער איך מלא גדולה, דערנענטער איך מיך צו זיי און פרעג: צי זיי זײַנען יידן, ענטפערן זיי מיט אַ ניין, זיי האָבן ערשט חתונה געהאַט; זעט אויס — ער האָט גענומען אַ יונגע מיידל מיט אַ מיליאָניקן נדן, מאַכן זיי אַ רײַזע אַרום דער וועלט. זיי זײַנען קריסטן, אָבער באַזוכן ישראל — זאָגן זיי מיר, — איז פאַר זיי אינטערעסאַנטער ווי צו פאָרן קיין אינדיע...

זיינען טאַקע מײַנע ביידע נאַציאָנאַלע לשונות אַרויסגענומען געוואָרן פון׳עם

שפּראַך־חשבון אין רוים פון דעם דאָזיקן האָטעל? מוז איך טאַקע נאָר ריידן, מיט וועמען מען דאַרף, נאָר שפּאַניש, אָדער דײַטש? צווישן דעם האָטעלישן שפּראַך־בבל, וועט מען טאַקע נישט הערן דעם קלאַנג פון יידיש און העברעאיש?

איך פאַרלאָז דעם האָטעל, אויף אַ קליינע צײַט, מיט דער כוונה צו זוכן ביי די צײַטונגס־קיאָסקן, אַ העברעאישע צײַטונג, אָדער אַ זשורנאַל מיט אותיות מרובעות פון ישראל. צו מײַן פרייד האָב איך תיכף געפונען אויף דער צענ־טראַלער באַן־סטאַציע פון רוים, סײַ דעם ערב־שבתדיקן „מעריב" והן די פרײַ־טיקדיקע „ידיעות אחרונות". און ווער קאָן זיך פאָרשטעלן מײַן פרייד, ווען אין דער פרעמד צווישן מענטשן פון אַ שפּראַכלעכן דור הפלגה, האָב איך באַקומען צוויי העברעאישע צײַטונגען פון מדינת ישראל. אַ חוץ דעם, וואָס זיי האָבן מיך אַרײַנגעברענגט אין דער נײַעס־וועלט פון אונדזער מדינה; מיך אַרײַנגע־פירט אין אַלע אַרטיקלען און אין זייערע טעמאַטיק־לאַבירינטן, האָב איך אין האָטעל „נאָוואַ ראָמאַ" אַרײַנגעפירט צווישן צײַטונגען אין צענדליקער שפּראַכן, 2 באַזונדערע ישראלדיקע בלעטער, אין דעם העברעאישן לשון; און מערקווירדיק, כמעט אַלע געסט האָבן זיך פאַרקוקט אויף דער העברעאישער צײַטונג, פון אַ יידישן סערזשאַנט פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי ביז אַ פראַנצויז, וועלכע האָבן מיט באַגײַסטערונג גערעדט וועגן דעם לאַנד פון „מילך און האָניק", פון מדבר און בליענדיקע גערטנער, פון יידישער אינטעליגענץ און גרויסער מיליטערישער גבורה.

אַזאַ ייד ווי איך, האָב מיך געפילט שטאָלץ און נשמהדיק באַפרידיקט פון באַקומען אין רוים אַ העברעאישע ישראל־צײַטונג, וואָס דורך איר האָבן מײַנע אויערן געהערט פּרעכטיקע ליוב־געזאַנגען פאַר ישראל.

אויף מײַן וועג קיין ישראל איז דאָס דאָזיקע צידה לדרך — אַן אומפאַר־געסלעכע באַגלייטונג...

— ב. —

תיכף אויפן פלי־פעלד פון רוים, זעט איר אַרומגיין גרעסערע גרופּעס אַמע־ריקאַנער מיליטערלײַט, הויפּטזעכלעך לופט־פליער. איר דערקענט זיי, נישט נאָר לויט זייערע מיליטערישע אוניפאָרמען, הגם זיי זיינען איינפאַכע גרינלעכע מלבו־שים, פרײַ פון מיליטערישע בלעכלעך און קנעפּלעך, אַלץ גייט ביי זיי אויף עלאַס־טישע רוקערס, נאָר אויך אין זייער פרײַער האַלטונג, אין זייער מוסטערהאַפטער מיליטערישער חברשאַפט; אָפיצירן פון נידעריקן ראַנג האַלטן זיך ווי חברים מיט פּשוטע סאָלדאַטן און ס'זיינען פאַרווישט געוואָרן די גרעניצן פון דיסציפּלין און מיליטערישע שטײַפקייט.

דאָס זײַנען געווען מײַנע ערשטע אײַנדרוקן, וואָס איך האָב באַקומען במשך

פון אַ שעה צײַט וואַרטן אויפן רוימישן לופט־פּלאַץ ביז צו מײַן אָפּפאָרן אין צענ־טער. קומענדיק אין האָטעל, ווענעמס נאָמען איך האָב שוין פריער דערמאָנט, האָב איך מיך אָנגעטראָפן אויף גאַנצע גרופּעס אַמעריקאַנער מיליטערלײַט פון פאַרשיידענע ראַנגען און, זעט אויס, מיט פאַרשיידענע אויפגאַבן... און זייענדיק נאָענט צו זיי, זעענדיק זייער פרײַע האַלטונג, זייער באַשיידנקייט און העפלעכ־קייט פון איינעם צום צווייטן און פון אַלע צו די ציווילע האָטעל געסט, זיינען אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט באַשטעטיקט געוואָרן מײַנע ערשטע אײַנדרוקן, וואָס כ׳האָב פון זיי באַקומען אויפן רוימישן לופטפעלד.

איך האָב געטראַכט, אַז נאָר אַזאַ דעמאָקראַטיע, וואָס איז שולט אין די פאַריי־ניקטע שטאַטן, מעג זי אַפילו לײַדן פון פאַרשיידענע שטרויכלונגען, קאָן דער־ציען אַזעלכע פרײַע מענטשן, וועלכע טראָגן אויף זיך די פליכט צו זײַן די שומרי־החומות פון פרײַען אייראָפּע...

אין איינעם פון מײַנע אָוונטן אין האָטעל, האָב איך מיך פערזענלעך באַ־קענט מיט אַ ייִדישן סערזשאַנט פון דער מיליטערישער מיסיע פון צפון־אַמעריקע אין איטאַליע, מיטן נאָמען בייטען העגער, מסתמא נתן העגער, דער זעלבער וואָס האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דער העברעאישער צײַטונג. אַ ייִדישער יונגער־מאַן פון ייִדישן ברוקלין, מיט וועמען איך האָב יעדן אָוונט פאַרברענגט היפּשע שעהן. ריידנדיק אַ גאַנץ גוטן ייִדיש, האָט ער מיר געזאָגט: „איך בין שטאָלץ צו זיין אַ ייִד און אַן אַמעריקאַנער, ווײַל מײַן לאַנד, פאָלק און רעגירונג, זיינען הײַנט צו טאָג — און זיי וועלן דאָס זײַן אַ לאַנגע צײַט, אַ מעכטיקער באַריער קעגן קאָמוניסטישן אָנגריף״. מיר האָבן אַ לאַנגן פראָנט, מיליאָנען קילאָמעטער־דיקע גרענעצן... אָבער אונדזערע מענטשן וועלן וואַכן און היטן קעגן אַלערליי קריגס־סורפּריזן״. מיר ייִדן, זעען אין די פאַרייניקטע שטאַטן, בפרט נאָך פרע־מיער אשכולס באַזוך ביים פּרעזידענט דזשאָנסאָן, אַ צוים קעגן דע גאָלס פּאַ־ריסנקייט און קעגן דער סאָוויעטישער חשק־אינטערווענץ אין וויעטנאַם, ווי אין מיטעלן מזרח...

דער ייִדישער סערזשאַנט פון ברוקלין, וואָס שטאָלצירט מיט אַמעריקעס מי־ליטערישער שליחות אין דער הײַנטיקער צערודערטער וועלט, איז זעלבסט צו־פרידן פון זײַן באַטייליקונג אין דער דאָזיקער אויפגאַבע־רעאַליזאַציע.

אין אַ וועלט פון כמעט כולה־רשעות מצד אַ ריזיקן פאַשיסטישן, אַראַביש־היטלעריסטישן און נאַציש־קאָמוניסטישן געאייניקטן פראָנט, איז צפון־אַמעריקע אַ טרייסט און אַ האָפענונג...

# איינדרוקן פון אַ נסיעה

(צום וועלט כינוס פון יידישע זשורנאַליסטן)

## אַ פאָלק מיט אייגענער חשיבות

מען דאַרף זיך געפינען אַ וואָך צײַט מיט די איטאַליענער, כדי זיך צו שאַפן אַ באַגריף וועגן זייער גוטסקייט, מענטשן־פרײַנטלעכקייט, אָפנהאַרציקייט און כאַראַקטער.

דער איטאַליענער איז בטבע אַ גוטער מענטש, דינסט־גרייט פאַר יעדע מענטשלעכע האַנדלונג און אויפגאַבע, ער איז בדרך כלל אַ פריילעכער חי־וקים, דאָס דערקענט איר אין גאַס, אין געשעפט, אין קאַפע־הויז. אמת, דער איטאַליענער רעדט הויך אויפן קול, באַגלייט פון הענט־באַוועגונגען און אינטענסיווע זשעסטיקולאַציעס, אָבער איבער אַלעס איז שולט זײַן מוזיקאַלישקייט, איך וואָלט געזאָגט, אַז דער איטאַליענער פאַרמאָגט געזאַנג אין זײַנע רמ״ח אברים. דער קעלנער דערלאַנגט דיר די שוואַרצע קאַווע אַ פריילעכער, אַ זינגנדיקער, ער האָט ניט קיין צײַט איבערצורײַסן דאָס ליד אויף אַ רגע, כדי דיר צו ענטפערן, ווײַל טאָמער וועט אים חלילה פאַרלוירן גיין אַ מוזיקאַלישער ניואַנס. ווען דו עסט אין אַ רעסטאָראַן, און צוזאַמען מיט די באַשטעלטע מאכלים, באַגלייט דיך איינער, אָדער 2 מוזיקער, וועלכע קומען צום טיש, כדי דיך משמח זײַן מיט זײַן מוזיק־טאַלאַנט און פידל, אמת, דו באַצאָלסט אים דערפאַר מיט עטלעכע איטאַליענישע לירעס, אָבער אין דײַנע אויערן איז פאַרבליבן דער שיינער קלאַנג פון זײַן מוזיק און די נשמה פילט די לירישע טענער, וואָס דער פידלער האָט אַרויסגעכשופט פון זיין אינסטרומענט.

ביי אונדז יידן הערשט דער כוח פון אַ ניגון, אַפילו דעם פּראָסטן פּאַסטוכס פײַף אין יום כפור, אין בית הכנסת, איז דאָך צוגעשריבן געוואָרן מער כוח־השפעה אין די הימלען, ווי דאָס מתפלל זײַן פון אַ עדה יידן. אַוודאי איז די קראַפט פון רבינס זמר געווען אַן אײַנדרוקספולער אויף זײַנע חסידים, איך געדענק דאָס פון מײַן אייגענער חסידישער היים, ווען מוצאי־שבת, ביי דער חסידישער מלוה מלכה, האָבן בעלזער חסידים „פאַרצויגן״ דעם הייליקן בעלזער

רבינס ניגון און אַלע האָבן פאַרגעסן אין עולם הזה, וואָס איז דאָסמאָל באַשטאַנען פון באָרשטש מיט הייסע קאַרטאָפל, און זײַנען מיטן געזאַנג אַוועקגעטראָגן געוואָרן אין עולמות עליונים, אין העכערע גײַסטיקע וועלטן ווו ס'איז נישטאָ קיין קנאה און נשמה, קיין ריב־אחים, נאָר שלימותדיקייט אין דער נשמה, אַ שלימות וואָס באַהערשט מיט גוטסקייט און אהבת ישראל דעם אייגענעם גשמיותדיקן גוף.

אויב ס'איז מעגלעך צו פאָרמולירן אַזאַ געדאַנק, דאַרף ער קומען צום פולן אויסדרוק מיט די ווערטער, אַז ניגונים מאַכן דורך זייערע גלגולים און אויב 10 מאָס מוזיק איז אַראָפּ אויף דער ערד, האָבן דערפון די איטאַליענער גענומען 9 מאָס און דעם 10טן חלק — די גאַנצע מענטשהייט, ייִדן אַרײַנגערעכנט.

ווען איינער קומט פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, אין וועלכע מען זינגט אַזוי ווייניק, איז דאָס מוזיקאַלישע איטאַליע, איז דאָס רוב פונעם איטאַליענישן פאָלק, אַ גרויסע און אַ פאַרשיידנאַרטיקע, מוזיקאַלישע סימפאָניע.

ווער ס'רעדט מיט איטאַליענער, מיר איז אויסגעקומען צו פאָרן מיט זיי הישפּע שעהן אין באַן, אַ סך טעג אין רוים, ווי אין נאַפּאָלעס, האָב איך פאַרבראַכט אין זייער סביבה און געזעלשאַפט, און אַלע האָבן זיך געגרויסט מיט עטלעכע וווּנדערבאַרע אייגנשאַפטן: מיר האָבן צעשמעטערט די פאַשיסטישע דיקטאַטור, מיט דער הילף פון די אַליאירטע, דאָס איטאַליענישע וואָפן האָט דערנאָך באַקעמפט דעם שרעקלעכן נאַציזם; פון וועלכן די איטאַליענער האָבן געגנוג געליטן, מיר האָבן — אין צײַט פון געשטאַפּאָ־טעראָר אין רוים, אויסבאַהאַלטן אויף זיכערע פלעצער, אַ גרויסע צאָל ייִדן, אַרויסרײַסנדיק זיי פון די נעגל פון מלאך־המות, אַ סך באַוווסטזיניקע איטאַליענער, ייִדנפרײַנטלעכע דעמאָקראַטן, האָבן אַריבערגעקוקט איבער די מויערן פון וואַטיקאַן און דערוואַרט פון פויפּס פּיוס דעם 12טן, אַן אינטערווענץ ביי דער נאַצישער קאָמאַנדע, אָפּצושטעלן דעם טויט־געיעג אויף איטאַליענישע ייִדן בכלל, ווי אויף ייִדן בפרט, אָבער אַזאַ אינטערווענץ איז קיינמאָל ניט געמאַכט געוואָרן דורך דעם וואַטיקאַן־באַלעבאָס.

הײַנט צו טאָג, האָבן איטאַליענער שטאָלצירט, פאַרמאָגט איטאַליע אַ פּערפעקטע דעמאָקראַטישע אָרדענונג, אַלע פּאַרטייען לעבן און עקזיסטירן אין פולער פרײַהייט פון וואָרט און געדאַנק, דאָס פאָלק איז צופרידן מיט זײַנע סאָציאַל־עקאָנאָמישע דערגרייכונגען, נישטאָ קיין שרעק פאַרן אינערלעכן קאָמוניזם, נישטאָ קיין מורא פאַר סאָוועטן־פאַרבאַנד, די „נאַטאָ" מאַכט איבער דער פרײַער אייראָפּע און איטאַליע איז אַ וויכטיקער טייל פון דער פרײַער אייראָפּעאישער וועלט.

פונדעסטוועגן איז איטאַליע אַליין אַ גרויסער מיליטערישער כוח, סײַ אויף דער יבשה, אויפן ים און אין דער לופטן. הלוואי זאָל די פרײַע וועלט נישט

באַדאַרפֿן אָנקומען צו די וואָפּן, ווי צו דער הילף פֿון די איטאַליענער, ווײַל אין דער וועלט איז פֿאַראַן און ס׳איז פֿאַרבליבן דער אײַנדרוק, אַז די איטאַליענער זײַנען בעסערע זינגער ווי שלאַכטלײַט.

צווישן מײַנע בעסטע אײַנדרוקן פֿון איטאַליע איז ביי מיר פֿאַרבליבן דאָס בילד וואָס ס׳שטעלט מיט זיך פֿאָר די איטאַליענישע פּאָליציאַנטן אָן גראָבע שלאַג־שטעקנס. דאָס אַרומגיין אויף די גאַסן פֿון די איטאַליענישע שטעט, וואָס ווערן געהיטן פֿון פּאָליציי־לײַט אָן שטעקנס, שאַפֿט דעם אײַנדרוק פֿון ר׳עספּעקט מצד דעם אָרדענונגס־היטער צום בירגער און פֿאַרקערט. אַזאַ בילד זעט מען נישט ליידער אין די לענדער פֿון לאַטיין־אַמעריקע.

דאָס איטאַליענישע פֿאָלק, פֿול מיט גוטסקייט, מיט מוסטערהאַפֿטע אַרבעטער און מיט אַ פֿרידלעכע, אַרבעטזאַמע באַפֿעלקערונג, צווישן וועלכע ס׳לעבן אין פֿולער זיכערקייט קרוב צו 80 טויזנט ייִדן, האָט געפֿונען זײַן חשיבות אין דער וועלט דורך אַרבעט, פּראָגרעס און דעמאָקראַטיע.

— ב. —

## די קונסט פֿון העפֿלעכקייט

ס׳זײַנען פֿאַראַן צווייערליי העפֿלעכקייטן: איינע, אַ נאַטירלעכע, אַזאַ נשמה־כאַראַקטער דיקטירט דעם מענטש צו זײַן פֿרײַנטלעך, מקיים צו זײַן די מצווה פֿון הכנסת־ידידות צו זײַנע באַקאַנטע, וואָס קענען ווערן — דורך זײַן העפֿלעכקייט — גוטע פֿרײַנט, אָדער זיך אָפּקערן פֿון אים מיט אַ בייזע מינע און מיט שלעכטע מיינונגען, ס׳איז אָבער פֿאַראַן אַ קינסטלעכע העפֿלעכקייט, וואָס ווערט אָנגעווענדעט הויפּטזעכלעך אין די לענדער, וווּהין ס׳שטראָמען מאַסן טוריסטן. זיי, די טוריסטן, קומט אַלץ, אַ העפֿלעכער שמייכל, אַ מענטשלעכע באַציאונג, אַ וואַרעמע סביבה, אַ פֿרײַנטשאַפֿט אָן אַ גרענעץ, ווײַל הינטער דעם געפֿינען זיך די פֿאַרבליבענע דאָלאַרן אין דעם באַטרעפֿנדיקן טוריסטן לאַנד.

אין די לעצטע יאָרן, מיט דעם אַמעריקאַניזאַציע־פּראָצעס וואָס גייט אָן אין די אַמעריקעס בכלל און מײַדט נישט אויס די גרויסע און קליינע ייִדישע ישובים, ספּעציעל אין לאַטיין־אַמעריקע, פֿאַרשווינדעט די ייִדישע העפֿלעכקייט, די אַמאָליקע מוסטערהאַפֿטע באַציאונג פֿון בין אדם לחברו. דווקא דאָס קליינע ייִדישע שטעטל פֿון פֿאַר דער לעצטער מלחמה האָט פֿאַרמאָגט אַזעלכע חברות און אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן געזאָרגט פֿאַרן אָרעמען ייִדן, פֿאַרן קראַנקן, פֿאַרן יתום און פֿאַר דער אלמנה. אין ספֿר „אגרת התשובה״ איז דאָך שיין באַצייכנט געוואָרן די גרויס פֿון דער מצוה, אָדער די צאָל מצוות, וואָס אַ ייִד

קאָן זיך כשר פאַרדינען אין די דאָזיקע צוויי פאַלן: „גיט אַ ייִד אַ שטיקל ברויט אַ הונגעריקן און ראַטעוועט אים ממש פון אַ הונגער־טויט, האָט ער זיך פאַרדינט אויף זײַן מצוות־חשבון נאָר דרײַ מצוות, האָט אָבער אַ ייִד געטראָפן אַ צווייטן ייִד אין אַ שווערן מצב־רוח, אין אַ שלעכטער שטימונג, וואָס שורשט זיכער אין פאַרשיידענע אומגליקן און צרות און דער ייִד איז אים בכוח צו טרייסטן, אים פאַרלײַכטערן זײַן געמיט צושטאַנד, עפענען פאַר אים נײַע וועלטן פון האָפענונגען, פאַרטרײַבנדיק דעם יאוש און די מרא שחורה, דעמאָלט האָט דער ייִד זיך פאַרדינט 13 מצוות, אַזוי האָבן אונדזערע חכמים געמאָסטן דעם פאַרוואָס פון ווייניקער, אָדער מער מצוות.

לעצטנס מיט דער ייִדישקייט־נויט אין די תפוצות ישראל, די מדינה הויבט שוין אָן לײדער אַרײַנגײן אינעם חשבון, ווערט אַלץ ווייניקער דער יחס־הדדי, די בין־אדם לחברו־העפלעכקייטן פאַרשווינדן, הכנסת אורחים מידות טרעטן אָפּ דעם פּלאַץ פאַר אומהעפלעכע האַנדלונגען, יעדער פונקציאָנאַר אין אַ ייִדישער ביוראָ, אַרײַנגערעכנט די פּקידים אין מדינת ישראל, ס׳זיינען דאָ גענוג שיינע אויסנאַמען, פירט זיך אויף ניט איידל, אפילו גראָב, צו זײַנע באַזוכער, וואָס דאַרפן ביי אים און דורך אים — דערליידיקן פאַרשיידענע ענינים.

אני הגבר, מיט מיר אַליין האָט געטראָפן, אין רוים האָב איך מיך געווענדעט אין „צים״־ביוראָ און געפרעגט אַ באַאַמטן, אמת איך האָב דאָס געמאַכט טעלעפאָניש און אין עברית, צי זיינען נאָך פאַראַן אין רוים עולים, אָדער טוריסטן, וואָס פאָרן קיין נאַפּאָלעס צו נעמען די שיף „דן״ קיין ישראל?... ערשטנס, האָט דער פונקציאָנאַר נישט געקענט קיין עברית און דעם צווייטן באַאַמטן, וואָס ער האָט צוגעשיקט צום טעלעפאָן, פאַר וועמען איך האָב איבערגעחזרט מײַן פראַגע, כדי זיך מיט זיי צו פאַרייניקן אין דער נסיעה פון רוים קיין נאַפּאָלעס, האָט דער פונקציאָנאַר מיט רוגזה אין טאָן, אויך אויף עברית קאָן מען זיך בייזערן, מיר געזאָגט: „אם יש נוסעים או תיירים, אתה צריך לנסוע לבד״. „אויב ס׳זיינען אַפילו דאָ פּאַסאַזשירן אָדער טוריסטן, דאַרפט איר אַליין פאָרן״.

אַזוי זעט אויס די העפלעכקייט אין אַ ישראלדיקן ביוראָ אונטערוועגס, אין רוים.

אָנשטאָט צו פרעגן, ווער איך בין, מיט וואָס קאָן ער מיר בײַהילפיק זײַן אין אַ פרעמדער שטאָט, דער עיקר, ס׳איז דאָך זײַן פליכט צו זײַן העפלעך, איז דעם דאָזיקן פונקציאָנאַר און ביוראָקראַט געווען אַ סך גרינגער מיך אָפּצופטרן מיט אַן אומהעפלעכקייט, מיט אַ קאַלטן ענטפער, וואָס איז געבליבן אַ שטיק אײַז אין אַ ייִדיש האַרץ...

ווען וועלן מיר זיך שוין אַמאָל אומקערן צו דער ייִדישער מידה פון בין אדם לחברו. באַציאונגען אויפן יסוד פון אויפריכטיקער העפלעכקייט און מיט דער מידה פון הכנסת אורחים ?

# אויף דער שווימענדיקער ישראל־טעריטאָריע
# „דן״ פון „צים״

## א

### מדינת ישראל אויפן ים

מיט העכער 20 יאָר צוריק, פאַר דער עטאַבלירונג פון דער ייִדישער מדינה, דאָס איז געווען אין דער צײַט פון דער העראָישער העפלה, האָט דער מעכטי־קער ענגלישער קריגס־פלאָט זיך פאַרמאָסטן — דורך צענדליקער — שלאַכטן אויפן אָפענעם ים מיט די ייִדישע שיפלעך, אין וועמעס אײנגעווײדן האָבן זיך געפונען טויזנטער ייִדן מיט דער פרייד אין האַרצן, וואָס דער „ושבו בנים לגבולם״ האָט גורם געווען — אַ נײַע ווירקלעכקייט...

דאָס איז געווען דעמאָלט, נאָכן סוף פון צווייטן וועלט־קריג, דער שארית־ישראל האָט איבערגעלעבט היטלערן און איבער מיליאָנען ייִדן — האָט מען אויס־געפירט מיתות משונות, די פאַרבליבענע רעשטלעך ייִדן זײַנען אַרויס פון וועל־דער, בונקערס, פון „אַרישע באַהעלטענישן״, פון פאַרבליבענע קאָנצענטראַציע־און טויט־לאַגערן, מיט האַלב־אויסגעלאָשענע נשמות, מיט פאַרצערטע גופים; מיט צערודערטע חושים, אָבער מיט גענוג פאַרבליבענע כוחות אויף דורכצומאַכן דעם לעצטן יסורים־וועג, כדי צו דערגרייכן די יחידישע גאולה, זײַן אייגענע פרײַהייט, ווי די באַפרײַאונג פון גאַנצן ייִדישן פאָלק.

דער דאָזיקער נײַער גאולת־וועג האָט זיך געצויגן פון די „בריחה״־צענטערן, צעשפרייטע איבער גאַנץ אייראָפּע — ביז צו די ברעגעס פון ייִדישן היימלאַנד. אויך דאָס מאָל איז דער וועג נישט געווען באַצירט מיט רויזן, שטרויכלונגען אויף שריט און טריט. דאָס איז געווען אַ באַהאַלטענער מאַרש פון דעצידירטע ייִדן אָנצוקומען פאַר יעדן פרײַז, אַפילו אויפן חשבון פון אייגענע קרבנות — קיין ארץ־ישראל. דאָס דאָזיקע מאַרש־בילד האָט אין זיך פאַרמאָגט דעם גאַנ־צן אינהאַלט פון יחזקאל הנביאים חזיונות וועגן די „עצמות היבשות״...

דאָס איז געווען, אין די טעג פון דער „בריחה און „העפלה״ — דער מעכ־

טיקסטער אויפמאַרש פון דעצידירטע ייִדן אַנצוקומען אין לאַנד פון אויפלעבונג און יחידישער ווידערבאַנײַונג.

אָבער די בעווינסטישע לייבאָר־פּאַרטיי און רעגירונג, פּראָ־אַראַביש און אַנ־טי־ציוניסטיש, געבונדן מיט אייגענע אינטערעסן אין מיטעלן מזרח, באַגלייט פון אַ יד־אַחת־שותּפות מיט דער אַראַבישער וועלט פון די מופטיס און פייזאַלס, פון די אַבדאַלאַס און עפענדיס, טראָגן אַרויס אַ האַרבן משפט אויף די לעבעדיק־געוואָרענע „עצמות היבשות" קעגן ייִדישע מענטשן־שאַטנס, קעגן די רעשטלעך נישט פאַרגאַזטע ייִדן, אַז זיי טאָרן נישט באַטרעטן די ערד פון זייערע לעצטע האָפענונגען, פון זייער און אונדזער נײַעם ייִדישן מאָרגן, וואָס טראָגט דעם שטאָלצן אַלט־נײַעם נאָמען ארץ ישראל, וואָס דאַרף זײַן דער האַרבער טויט־אורטייל קעגן אַלע שונאי־ישראל און זייערע טרעבלינקעס און גאַזקאַמערן.

די „גערעכטיקייט" פון בעווין און פון זײַן סאָציאַליזם האָט אָבער דיק־טירט אַן אַנדערע אַנווײַזונג פאַר די ייִדישע קרבנות, אַז זיי דאַרפן זיך אומקערן צוריק אין זייערע אָפּשטאַם־לענדער, כדי זיי העלפן אויפבויען, איבערבויען צו־זאַמען מיט דער לאַנד־באַפעלקערונג...

נאָר דער טײַוול אַליין האָט געקענט אויסגעפינען אַזאַ עצה, צוטראַכטן אַזאַ אָנווײַזונג, אויסאַרבעטן אַזאַ מאַקאַברישן פּלאַן, דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף אויף טויט און לעבן מיט דער רעגירנדיקער לייבאָר־פּאַרטיי. אויף דער יבשה, אין ארץ־ישראל און אויף די ימים, איבער וועלכע העלדישע ישראל־בחו־רים, מיט מסירת נפש אין האַרצן — האָבן געפירט איבער וועגן, נישט־וועגן, פון גאַנץ אייראָפּע, צענדליקער טויזנטער ייִדן, כדי זיי, אין פינצטערע נעכט, בײַ האַלב־פאַרלאָשענע פאַרט־ליכטער, אַרויפזעצן אויף שיפן מיטן אויסזען פון גרע־סערע מולטערס, אויף אַלטע שיפס־חורבות, כדי אַריבערצוברענגען ייִדן אין ציון־לאַנד און דערמיט אַ סוף מאַכן צו זייערע לײַדן, צו זייערע וואַגלענישן.

דאָס גרויסע זיגערישע ענגלאַנד, גרויס־בריטאַניע אין די שלאַכטן מיטן נאַ־צישן שונא, איז דערנאָך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קליין־בריטאַניע אין די ים־שלאַכטן מיט אונדזערע מעפּילים, מיטן שוואַכסטן פלאָט פון אַ „מדינה אונטער־וועגס", וועלכער האָט באַזיגט אויפן ים און אויף דער יבשה דעם אַנטי־ייִדישן בעוויניזם.

צוואַנציק יאָר זינט דער אַנטשטייאונג פון דער ייִדישער מדינה שווימען איבער אַלע ימים שטאַרקע און שטאָלצע ייִדישע שיפן, אויף וועמעס העכסטע מאַסטן פלאַטערט די בלוי־ווײַסע פאָן מיטן מגן־דוד — אויף די בריטישע ים־וועגן, אין די פּאָרטן פון דער גרויסער וועלט, טרעפן זיך די שיפן פון ביידע לענ־דער, אָן שנאה אָן כעס, באַגריסן זיך מיט זייערע סיגנאַלן און ליכט־צייכנס. דער אַמאָליקער גערענגל איז ביי אונדז טאַקע נישט פאַרגעסן געוואָרן, אָבער די פרייד פון דעם, וואָס די ייִדישע מדינה האָט אַ גרויסן און שטאַרקן ים־פלאָט,

וועמעס שיפן ברענגען צו דער וועלט און צו פעלקער דעם אָטעם פון דעם באַפרייטן ישׂראל, דעם אָנזאָג פון אונדזער אָנוועזנהייט אין דער פרײַער מענטשהייט, די סימבאָלן פון אונדזער אייגענער גאולה, די ישׂראלדיקע ים־אָפיצירן און מאַטראָסן, זיינען אַ פאַרגיטיקונג פאַר אַלע אונדזערע פיזישע יסורים און מאָראַלישע לײַדן אין אַ וועלט פון כמעט כולו רשעות.

איך בין אָנגעקומען מיטן באַן פון רוים קיין נאַפּאָלעס, דאָ בין איך פאַרבליבן איין טאָג און מיטוואָך, דעם 24סטן יאַנואַר 1968, אין דער פרי, בין איך אַרויף אויף דער ישׂראל־שיף „דן". דעם ערשטן „שלום" האָבן איך געהערט, אין דער גוואַישער פרעמדקייט, פונעם מויל פון אַ ישׂראל־אָפיציר, וועלכער האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף מײַנע דאָקומענטן, האָט ער שוין געוווּסט פון פריער, מיט דער הילף פון דעם „צים"־ביוראָ אין ב. אײַרעס, אַז איך בין אַ ייִדישער זשורנאַליסט און וועל מיך באַטייליקן אינעם וועלט־צוזאַמענפאָר פון ייִדישע זשורנאַליסטן. ווער קאָן באַשרײַבן די העפלעכקייט פון די אָפיצירן און מאַטראָזן צו ייִדישע פּאַסאַזשירן בכלל און צו אַ ייִדישן שרײַבער בפרט? דאָס איז אַ יוצא מן הכלל. אויף שריט און טריט באַגלייט דיך אַ ייִדישער שמייכל, אַ „בוקר טוב", אַ „מה שלומך"? און דאָס ווערט נישט נאָר געזאָגט אין העברעאיש, אויך אין ייִדיש, ווי אין אַנדערע לשונות. צו באַקומען דאָס זיכערע געפיל, אַן אומצווייפלהאַפטע איבערצײַגונג, אַז דו געפינסט זיך אין דער אייגענער היים, צווישן אַ גרויסע ייִדישע משפחה, אין אַ ליבער ייִדישער סביבה. דאָס האַרץ וואַקסט פון פרייד און אַ זיכערקייט באַהערשט דײַן גאַנץ לײַב און לעבן, אַז דער ציוניזם האָט געשאַפן אַ גרויס היסטאָריש ווערק, דאָס פרײַע ייִדישע ישׂראל, אין וועלכן דער ים־פלאָט פון דער ייִדישער מדינה איז אייגער פון די חשובסטע פאַקטאָרן פון איר חשיבות אין דער וועלט, פון איר פרייד פאַר ייִדישע רײַזנדע.

## ב

## מיט נײַע עולים אויף דער שיף „דן"

נאָך דעם ווי די שיף „דן" פאַרלאָזט דעם נאַפּאָלעסער פאָרט אָרדענען זיך אײַן די פּאַסאַזשירן אין זייערע קאַיוטעס, יעדער איינער טוט זיך אָן שבת־יום־טובדיק, הגם עס איז מיטוואָך, 11 אין דער פרי. אויך איך פיל אַ נשמה יתירהדיקייט. כ'פאַרלאָז וואָס פריער מײַן קאַיוטע וואָס דער שיפס־אָפיציר, בלומענפעלד, אַ העפלעכער, אַ סימפּאַטישער ייִד, אין אַן אוניפאָרם פון אַ ישׂראלדיקן קצין־הים — האָט צוגעטיילט פאַר מיר אַליין. איך וויל זײַן צוזאַמען מיטן גאַנצן עולם פּאַסאַזשירן אויסער די קאַיוטעס, ווו מיר וועלן באַזוכן אַלע ווינקעלעך פון דער שיף, כדי איר מקבל־פּנים זײַן, איר אָפּגעבן כבוד און דורך איר,

ווײַל זי איז דאָך ישראל־טעריטאָריע אין אַ שווימענדיקן צושטאַנד, איבערשיקן אונדזער ערשטן גרוס דער קעמפנדיקער און בויענדיקער מדינת ישראל.

די שעהן לויפן און מיט זיי וואַקסט די היימישקייט אויף דער שיף צווישן די פּאַסאַזשירן. איינער פרעגט דעם צווייטן פון וואַנען מען קומט, פאַרט מען אַלס עולה, אָדער ווי אַ טוריסט? דורך די עקסטרעמס ווערן מענטשן נענטער איינער צום צווייטן, עס שאַפט זיך סביבות, מען ווערט היימיש — צווישן זיך. דער סאַלאָן, ווו ס'שפּילט דער אָרקעסטער אין די אָוונטן, איז דער אינטערעסאַנטסטער זאַמל־פּלאַץ פאַר די רײַזנדע. דער עס־טיש איז נישט נאָר דאָס אָרט ווו מען עסט־אָפּ און מען גייט זיך פונאַנדער. די טישזיצערס בילדן פיר מאָל אין טאָג אַ קליינע פאַמיליע, וואָס עסט טאָקע, נאָר איינער מיטן צווייטן זײַנען פאַרפלאָכטן אין טעמעס, מען דערציילט איבערלעבונגען, אײַנדרוקן פון רײַזעס, שילדערונגען מצד די ישראלדיקע, וועגן די אומפאַרגעסלעכע זעקס טעג פון יידישער גבורה. דאָס אַלץ צוזאַמען שאַפט דעם אײַנדרוק אַז דער טיש אויף דער שיף „דן" איז נישט נאָר באַשטימט פאַר דער אַכילה, נאָר אויך פאַר גײַסטיקער דערהויבנקייט, פאַר אַ שיחת־רעים פון אַ הויכער מדרגה.

וואָס לענגער ס'געדויערט די נסיעה, אַלץ מער דערוויס איך מיך וועגן די רײַזנדיקע גופא. אויף דער שיף געפינען זיך העכער 100 עולים — 90 פּראָצענט פון זיי, קומען פון פראַנקרײַך. אָבער אַלע זײַנען פון צפון־אַפריקע. טונקל־הויטיקע פּנימער, פּרעכטיקע מאַראָקאַנער יידישע פּרויען, אַ היפּשע צאָל קינדער־לעך, מיט די עולים רייד איך העברעאיש, ספּעציעל מיט די וואָס שטאַמען פון טוניס און מאַראָקע. מיט אַנדערע, וואָס האָבן אַמאָל געוווינט אין שפּאַנישן מאַראָקע, שמועס איך אין שפּאַניש. ביי אַלע איז פאַראַן איין רצון, צו וווינען אין ישראל. אויפצושטעלן אויף פּערמאַנענט זייערע היימען אין הייליקן לאַנד. דער רוב פון זיי זײַנען פרומע און דאַווענען בציבור מנחה און מעריב, ווען די פרויען גייען פאַרבײַ דעם משגיח, מײַן גוטן פרײַנד, הרב משה קראָן, אַ ייִד מיט אַ הדרת פנים, מיט אַ שיין צוגעשוירן בערדל אָנגעטאָן ווי אַ שיפס־אָפיציר, קושן זיי אים די האַנט מיט הכנעה און מיט אַ רעליגיעזן יראת הכבוד. דאָס איז פאָרגעקומען אַ סך מאָל אין מײַן אָנוועזנהייט און דער פקחתדיקער שיף־משגיח זאָגט מיר: — „זיי קושן מײַן האַנט און מיינען אַז זיי קושן און האַלדזן דאָס הייליקע לאַנד. איך מוז דאָס אָננעמען באהבה"...

די דאָזיקע עולים פאָרן מיט גרויסע האָפענונגען, פון זייערע אויגן שטראַלט אַרויס די פרייד פון באַפרײַטע יידן. ס'זײַנען דאָ צווישן די עולים עטלעכע משפחות פון פראַנקרײַך און פון ענגלאַנד, זיי פאָרן זיך אײַנאָרדענען אין ישראל מיט אייגענע פינאַנציעלע מיטלען. אָפט מאָל זאַמלען זיי זיך אַרום מיר, הגם איך בין אַ פּשוטער טוריסט און איך זאָג זיי דאָס, און ווילן הערן, אָן אַן אויפהער

מײַנע אײַנדרוקן פון מדינת ישראל, הגם די זעלבע זיינען שוין אַלט געוואָרן אין מײַן זכרון פולע 17 יאָר, זינט מײַן ערשטן באַזוך אין דער ייִדישער מדינה.

איך ווינטש די דאָזיקע עולים אַ שנעלע קליטה און עס זאָל קיין מאָל ביי זיי נישט אויסגעלאָשן ווערן די התלהבות פון זייער עליה און דער ליבע־פלאַם אין די הערצער צום ייִדישן היימלאַנד.

אויסער די דאָזיקע עולים פאָרן פאַרשיידענע ייִדן ווי טוריסטן. ס׳פאָרט אַ ייִד פון אַמעריקע אויפשטעלן אַ האָטעל אין ירושלים. ער האָט אַ פאַרצווײַגטע משפחה אין קאַנאַדע. מיטן אויפשטעלן אַ האָטעל לויטן אַמעריקאַנער מוסטער וועט ער קומען אין לאַנד מיטן גאַנצן מענטשן־פאַרמעג, זיך צו באַזעצן אין דער ייִדישער מדינה; ס׳פאָרט אַ שפּאַנישער רעפּובליקאַנער, ער האָט נאָך אַלץ מור־רא פאַר פראַנקאָן ווײַנט ער און אַרבעט אין פראַנקרײַך, ער האָט געהערט, זאָגט ער צו מיר, אַזוי פיל וווּנדערלעכע דערציילונגען און שילדערונגען פון דער ייִדי־שער מדינה, אַז ער האָט אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל געלט און איצט פאָרט ער זען „מיט די אייגענע אויגן דעם ווונדער פון ישראלס דאָפּלטער גבורה: דאָס פאַר־וואַנדלען מדבר אין אַ שיינעם גאָרטן און אַ גן עדן, און דאָס גרויסע לאַנד נאָך דעם נצחון פון ישראלס מיליטער״.

איך האָב גאָרנישט געהאַט וואָס צוצוגעבן צו די רייד פון דעם שפּאַנישן רע־פּובליקאַנער, כ׳האָב אים געדריקט די האַנט און געבענטשט פאַר זײַן שיינעם און טיף־מענטשלעכן באַשלוס, צו זײַן אין ישראל און צו זען איר שיינע ווירק־לעכקייט.

ס׳פאָרט אַ פּאָרפּאָלק, ערשט חתונה געהאַט, פון קאָלאָמביע, ער אַ ייִד, אַן אינזשיניער, און זי אַ קריסטין, וואָס האָט זיך מגייר געווען. ביידע פאָרן אין אַן „אולפּן״ אין אַ קיבוץ מיט דער כוונה צו פאַרבלײַבן אין לאַנד, צווישן די־בויער און פאַרטיידיקער. ס׳פאָרן אויף דער שיף „דן״ אַ סך ישראלים, אַ טייל פון פאַרשיידענע פאַרענדיקטע שליחותן אין דער ייִדישער וועלט. אַנדערע וועל־כע קערן זיך צוריק אַהיים נאָכן האָבן פאַרענדיקט זייערע אויפגאַבן אין נאָמען פון רעגירונג און סוכנות. גאָר אַ גרויסער טייל ישראלים פאָרן צוריק קיין ישראל נאָך דעם ווי זיי זיינען אַרומגעפאָרן איבער דער ברייטער וועלט ווי טוריסטן.

אַלע צוזאַמען שאַפן אויף דער שיף „דן״ אַ גרויסע ייִדישע משפּחה, וואָס איז באַהערשט פון דעם טיפן געפיל, אַז דער איצטיקער קיבוץ גלויות אין מי־ניאַטור, וועט בקרוב ווערן אַ קיבוץ גלויות פון ברייטע ייִדישע מאַסן...

שוין צוויי מאָל בין איך פאַרבעטן צום שיפס־קאַפּיטאַן, כדי מיט אים פאַר־ברענגען אַ שטיקל צײַט און שמועסן אויף פאַרשיידענע טעמעס. ער איז שטאַרק נײַגעריק צו וויסן וועגן דעם מצב פון אַרגענטינער ייִדנטום. זײַן אינסטיטוציאָנע־לער געבוי און וווקס, זײַן קשר מיט ישראל און ווי אַזוי מאַניפעסטירט זיך דאָס אין טאָג־טעגלעכן לעבן. איך וויקל אויף פאַר אים די פּרעכטיקע פּרשה פון דער

צוגעבונדנקייט פון אַרגענטינער ייִדן צו דער ייִדישער מדינה און דאָס קומט צום בולטן אויסדרוק דורך טויזנטער יונגעלײַט פון אַרגענטינע, וואָס געפינען זיך אין קיבוצים, דורך „מתנדבים", וועלכע זיינען געקומען אין ישראל נאָך די יוני־טעג. דער אינערלעכער שווערער געראַנגל אויפצוהאַלטן ייִדישקייט און ציוניזם אין ייִדישן ישוב און ועל כולם, אויסברייטערן דאָס ייִדיש־העברעאישע חינוך־וועזן אין אַרגענטינע.

כ׳פיל דעם שטאַרקן אינטערעס פונעם שיפס־קאַפּיטאַן צו מײַן שילדערונג — און ער ווינטשט דער אַרגענטינער ייִדנטום אַ גשר־חי, אַ לעבעדיקע בריק, צווישן דעם דאָזיקן נאַציאָנאַלן ייִדנטום און מדינת ישראל. דער רב החובל פון דער ישראל־שיף „דן", שיקט איבער דעם אַרגענטינער ייִדנטום אַן אייגנהאַנטיקן גרוס און די בעסטע ברכות.

ווען איך פאַרענדיק שרײַבן דאָס אַרטיקל, איז אָנגעקומען די שרעקלעכע ידיעה וועגן דעם ישראלדיקן סובמאַרין „דקר", וואָס איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין די טיפענישן פון ים.

נישט אַלע פּאַסאַזשירן ווייסן דערפון. מען וויל נישט, אַז די נײַע עולים זאָלן דערפון וויסן. זיי קענען דאָס לײַכט אויסטײַטשן ווי אַן אָנהייב פון אַ נײַע מלחמה. אָבער די וואָס ווייסן, גייען אַרום מיט טרויעריקע מחשבות, מיט פאַר־שיידענע מיינונגען וועגן דער דאָזיקער טראַגישער געשעעניש און אויפן האַרץ דריקט די לאַסט פון נײַע ייִדישע קרבנות פון 67 יונגע אָפיצירן און מאַטראָזן, וועלכע דער ים האָט פאַרשלונגען, אפשר נישט צוליב דער שולד פון מיטללענדישן ים, נאָר צוליב דער פאַרברעכערישער כוונה און טאָט פון רוסישן קריגספלאָט אין דעם דאָזיקן טייל פון מיטעלן־אָריענט.

אויף דער שיף, פונעם קאַפּיטאַן, די מאַנשאַפט און עטלעכע צענדליק פּאַסאַ־זשירן ואני בתוכם, הערשט אַ געשפּאַנטע שטימונג און אַ טיפער ווייטיק. מער ווי איינער פון אונדז לאָזט אַ טרער אויף די פאַרשניטענע יונגע ייִדישע לעבנס.

אָבער די שיף שנײַדט מאַיעסטעטיש די ים־כוואַליעס און זי דערנענטערט אונדז צום גרויסן ייִדישן פּאָרט — חיפה.

(אויף דער שיף „דן" דעם 27סטן יאַנ׳ 1968)

# לעצטע איינדרוקן פון אַ רייזע אויפן ים קיין ישראל

## א

### צוויי יידן באָרן „ה. ד. נאַמבערג"

אויסער דעם שיפס-קאַפּיטאַן, זאב הילל און די העכערע שיף־אָפיצירן, אין וועלכע יעדער פּאַסאַזשיר פון דער שיף „דן" זעט אין זיי דאָס פּנים פון נײַ־דער־וואַכטן ישראל אויפן ים, געפינט זיך אויף דער שיף אַן אינטערעסאַנטע פּערזענ־לעכקייט — אַ גײַסטיקער מנהיג, אַ רבנישע פיגור, און דאָס איז הרב משה קראָן, דער משגיח און רעליגיעזער מדריך באַגלייטער אויפן ים.

הרב משה קראָן פאַרמאָגט אַ באַזונדערן חן אין זײַן אָפיציר־אוניפאָרם, אַ ייִד מיט אַ הדרת־פּנים, אַ שטענדיקער שמייכל אויף די ליפּן, אַ שיין־צוגעשוירן בערדל, פון הינטער די ברילן פינקלען אַרויס צוויי קלוגע ייִדישע אויגן, דער שטערן איז פון אַ תלמיד חכם, און אַלץ צוזאַמען זאָגט אָן: גוטסקייט, נשמהדי־קייט, אַ לב טוב און די טאָג־טעגלעכע קאָנטאַקטן זײַנע מיט די עולים און טו־ריסטן — באַשטעטיקן מײַן אָפּשאַצונג.

עטלעכע מאָל אין טאָג האָבן מיר ביידע זיך געוואָלט טרעפן און שמועסן וועגן אַלץ, וואָס איז נאָר הײַנט צו טאָג אַקטועל אין ישראל, ווי אין דער גרוי־סער, הײַנט צעשטורעמטער און צעשויבערטער וועלט. הרב קראָן איז אַן אינטע־רעסאַנטער שמועסער, אָבער ער האָט די מידה פון אַן אויסגעצייכנטן צוהערער, איר פילט בחוש, אַז דאָס וואָס איר דערציילט אים, ווערט ביי אים פאַרוואַנדלט אין כולו אינטערעס.

אין איינעם פון אונדזערע געשפּרעכן, ווען איך האָב פאַר אים אָפּגעשילדערט דעם פאַרנעם פון דער ייִדישער קהילה און אירע אומצאָליקע אַרבעטן, דעם וועד הקהילות און זײַנע לײַסטונגען בפרט פון אונדזערע שולעס און זייערע לימוד און חינוך ראַנגלענישן, דערמאָנענדיק אויך די טעטיקייטן פון ליטעראַטן און

זשורנאַליסטן־פֿאַריין אויפֿן נאָמען פֿון „ה. ד. נאָמבערג“ האָב איך פּלוצעם דער־זען ווי ביים הרב קראָן האָבן די אויגן גענומען אויפֿשטראַלן מיט אַ באַזונדערן גלאַנץ, אַ ליבלעכער שמייכל האָט זיך אויסגעגאָסן אויף זײַן פּנים און ווען איך האָב פֿאַרענדיקט מײַן איבערזיכט פֿונעם יידיש־אינסטיטוציאָנעלן לעבן אין אַר־גענטינע, האָט הרב קראָן אַרויפֿגעלייגט זײַן רעכטע האַנט אויפֿן ברייטן שטערן און געזאָגט: איך האָב זייער גוט געקענט הערש דוד נאָמבערגן, אײַער דערציילן וועגן די אַרבעטן פֿון יידישן שרײַבער־פֿאַריין אין בוענאָס אײַרעס, האָט אויפֿ־געוועקט ווי פֿון אַ טיפֿן שלאָף — פֿאַרשיידענע זכרונות וועגן דעם דאָזיקן יידישן עלוי, וועמענס נאָמען באַקרוינט די אָרגאַניזירטע יידישע שרײַבער פֿון אײַער לאַנד.

„איך דערמאָן מיך — זאָגט הרב משה קראָן — וואָס מײַן זיידע אפרים צבי איינהאָרן, דער ראש הישיבה פֿון אַמסטאָוו, נעבן טשענסטאָכאָוו, האָט מיר איבערגעגעבן וועגן הערש־דודן, וועלכער איז געווען דער בעסטער און און פֿעאיקסטער תלמיד. דאָס שטעטל אמסטאָוו האָבן יידן, לומדי־תורה, פֿאַר־יידישט מיטן נאָמען „אמת־טוב“. און אין געציילטע יאָרן איז די ישיבה באַ־קאַנט געוואָרן אין דער גאַנצער געגנט אַלס קוואַל פֿון טיפֿער לומדות. דער עיקר, איז די ישיבה געוואָרן אַ שם דבר צוליב אַן אויסגעצערטן, אײַנגעדאַרטן ישיבה בחור. הערש דוד, וועלכער האָט געשמט אַלס גרויסער עלוי, מיט אַ שאַרפֿן גאונישן מוח. דער ראש הישיבה האָט איין מאָל געלערנט אַ שווערע סוגיא, דער שיעור איז געווען פֿון די שווערסטע, גראַד אין דער דאָזיקער לי־מוד־צײַט האָט זיך הערש־דודן פֿאַרגלוסט שטילערהייט אויסבאַהאַלטן פֿונעם בליק פֿון ראש הישיבה, זיך צו שפּילן מיט אַנדערע ישיבה־בחורים. דער רבי האָט דאָס געזען און געשוויגן, אָבער מיט אַ מאָל האָט ער אַרויסגערופֿן נאָמ־בערגן און אים אַ פֿרעג געטאָן; דאָס מאָל איז דער ראש הישיבה געווען זיכער אין דעם פֿולן דורכפֿאַל פֿונעם ישיבה־בחור: די סוגיא האָסטו פֿאַרשטאַנען? מײַן שיעור האָסטו געהערט?

הערש־דוד, דער עלוי, האָט זיך נישט דערשראָקן און אויפֿן הויכן קול האָט ער פֿאַר אַלע ישיבה בחורים איבערגעזאָגט דעם שווערן שיעור צו דער גרויסער איבעראַשונג פֿונעם ראש הישיבה.

אין דעם דאָזיקן מאָמענט האָט דער זיידע — זעצט פֿאָר הרב משה קראָן — אַ זאָג געטאָן פֿאַר אַלעמען: „ווער ווייסט צי הערש־דוד וועט בלײַבן אַ ייד, בפֿרט ווען מען האָט נאָך אַזאַ שאַרפֿן מוח, אַזאַ זכרון און אויפֿנעם־פֿעאיקייט? שפּעטער איז שוין נאָמבערג מפֿורסם געוואָרן אין דער גאַנצער יידישער וועלט, בפֿרט אינעם פּוילישן יידנטום, ווי דער גרויסער תלמיד חכם, אַלס אַ ייד, אַ פּקח, ווי אַ וועלט־באַרימטער שרײַבער, זשורנאַליסט און עסייאיסט.

הערש־דוד נאָמבערג ע״ה איז נישט אַוועק אויף די ברייטע וועגן, וועמעס

אַנוּויזצייכנס פירן צו דער נישט־יידישער וועלט. ער האָט באהבה וברצון געדינט דאָס פּוילישע יידנטום מיט זיין מוח און פּען, מיט זיין יידישן און וועלטלעכן וויסן.

צוויי יידן: הרב משה קראָן, דער יידיש־רעליגיעזער משגיח און מדריך אויף דער ישראל־שיף „דן״ און מיין ווייניקייט, אַ יידישער זשורנאַליסט, וואָס פּאַרט קיין ישראל צו זען דעם כותל המערבי, די גדה המערבית, דאָס אויסגע־ברייטערטע ישראל און זיך משתתף זיין אין אַ וועלט־כינוס פון יידישע שרייבער, האָבן אין בית הכנסת פון דער דערמאָנטער שיף, אין אַ שטילן בין השמשות אויפן אָפענעם ים, באַערט מיט יראת הכבוד דעם אָנדענק פון הערש־דוד נאָמבערג ע״ה.

אויפן צווייטן טאָג פון מיין שיף־רייזע, האָב איך געזוכט, דער עיקר, זיך צו באַקענען מיט עולים און אַזעלכע האָב איך געטראָפן, למזלנו הטוב, עטלעכע צענדליגער מאַראָקאַנער יידן, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די אַראַבישע אָרעמס, כדי זיך צו באַהעפטן מיטן יידישן היימלאַנד. עס זיינען אויך געפאָרן יידן פון אייראָפּע, זיך צו באַזעצן אין לאַנד, איינגעשלאָסן עטלעכע יונגע עולים — פאַרלעך פון לאַטיין־אַמעריקע.

ווען מען רעדט מיט זיי אַלע, ווי איך האָב דאָס געטאָן, באַקענט מען זיך מיט יידישע שטרעבונגען צו פרייהייט, מיט נישט געזעטיקטע בענקענישן צו ישראל, אָבער איר פילט גלייכצייטיק דעם טיפן ציטער אין זייערע נשמות פאַר זייער עקאָנאָמישן מאָרגן אין אַלט־נייעם לאַנד. תיכף נאָכן האַרץ־אויסגוס פון בענקענישן צו ישראל, הערט מען, כמעט פון אַלע עולים, צענדליקער פראַגן וואָס זיינען רק פאַרבונדן מיט זייער מאַטעריעלער צוקונפט, קליטה און איינוואָרצלונג אין דער יידישער מדינה ווער קאָן זיי געבן אַ ריכטיקע תשובה אויף זייערע באַרעכטיקטע שאלות?

אויפן שיף זיינען געפאָרן 4 שליחים פון עליה־און קליטה־דעפּאַרטאַמענט פון דער סוכנות. מיט זיי האָב איך מיך באַקענט און באַגעגנט אַ סך שפּעטער, ווי מיט די עולים. מיט זיי, די „שליחים״ — האָב איך זייער ווייניק געשמועסט וועגן דער קליטה פון די עולים אין לאַנד, ווייל ווען פיר שליחים באַשעפטיקן זיך מיט אַזאַ קליינע צאָל עולים, איז דאָס אַ קלאָרער באַווייז, ווי גרויס עס איז נאָך די ביוראָקראַטיע, ווייל איין שליח אַליין וואָלט דאָס זעלביקע געקענט טאָן און ווי זאָגט דאָס יידישע שפּריכוואָרט: דאָרטן ווו עס זיינען דאָ אַ סך באַלעבאָטעס איז די שטוב נישט אויסגעקערט... מער פון איין עולה, האָבנדיק צוטרוי צו מיר, האָט מיר אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף די דאָזיקע שליחים און געפרעגט תמימותדיק: מוז טאָקע די יידישע אַגענץ שיקן אַזאַ צאָל באַאַמטע אונדז צו באַגלייטן און אַריינצופירן אין ישראל? איך האָב וועגן דעם נישט

געוואָלט ריידן מחמת דעם פאַקט, וואָס איך האָב געפילט, אַז די עולים האָבן שוין דערזען אַן עוולה.

הלוואַי זאָל דאָס זײַן די איינציקע עוולה פון געוויסע ביוראָקראַטן פון דער סוכנות אויפן חשבון פון די דאָזיקע עולים, בפרט ביים דערליידיקן פאַר־שיידענע פאָרמאַליטעטן.

אַ מאַטראָס אויפן שיף, וועלכער האָט שוין געהאַט אַ סך צוטרוי צו מיר, איז געשטאַנען, אין זײַן פרײַער צײַט, מיט מיר און מיט רוגזה געטענהט: „איך שלעפּ מיך איבער ימים און מײַן משכורת (געהאַלט), איז אַזאַ נישטיקע, אַז קוים וואָס מײַן פאַמיליע קאָן זיך דערהאַלטן בײַם לעבן און אַזעלכע שליחים, וועלכע טוען גאָרניט, נאָר פילן אויס עטלעכע פראַגע־בויגנס און באַגלייטן נאָר די עולים, באַקומען גוטע געהאַלטן, געפינען זיך אין די באַקוועמסטע קאַיוטעס, פירן זיך אויף אויף דער שיף ווי אויסגעוויילטע פאָרשטייער פון ייִדישן פאָלק, שיטן מיט וויצן און מיינען, אַז זיי זיינען זיך מקריב פאַר דער ייִדישער מדינה“.

אויך אין דעם פאַל האָב איך אויסגעקליבן די שתיקה, אין וועלכער עס איז דאָ אַ גרויסע חכמה, ווײַל דאָס שווײַגן איז אָפט מאָל פאַרבונדן מיט אַ שטילע הסכמה.

# ישראל וועט ניט פאַרגעסן די פאַרשוווּנדענע אָפיצירן און מאַטראָזן פון איר סובמאַרין „דקר״

### אַ גרוס פאַר די לייענער פון „די פרעסע״ און פאַר ישוב אין אַרגענטינע
### פון שיפס־קאַפּיטאַן ז א ב  ה י ל ל

ווען איך האָב מיך שוין געפונען אין ישראל, האָט מען מיר צוגעשיקט קיין ירושלים פון דער שיף „דן״ דאָס בילד פון קאַפּיטאַן זאב היל מיט מײַן ווייניקייט, וואָס איז פאַרזען מיט אַן אייגנאַרטיקער שריפטלעכער באַגריסונג פון דעם דאָזיקן ייִדישן ים־וואָלף, פאַר דער טאָג־צײַטונג „די פרעסע״, דורך וועמען ער שיקט איבער אַ האַרציקן גרוס דעם גאַנצן אַרגענטינער ייִדנטום, וועמענס טעקסט זאָגט:

„דרישת שלום לבבית לקוראי העתון היומי „די פרעסע" באַרגנטינה
ובאמצעותו לכל הישוב היהודי באַרגנטינה".

מרב החובל של האניה „דן״.
בלב־ים, 27.1.68
**ז א ב  ה י ל ל**

(אַ האַרציקן גרוס פאַר די לייענער פון דער טאָג־צײַטונג „די פרעסע״ און דורך איר פאַרמיטלונג פאַרן גאַנצן אַרגענטינער ייִדישן ישוב, פונעם שיפס־קאַפּיטאַן פון דער שיף „דן״. אינמיטן ים.

דאָס איז געווען אין אַ שבת־פאַרנאַכט, אינעם אויפנאַם־צימער פונעם שיפס־קאַפּיטאַן. ווען מיר ביידע האָבן אין אַן אינטימען שמועס גערעדט וועגן פאַרשיידענע פּראָבלעמען, פאַרבונדענע מיט דער הײַנטיקער ישראל־ווירקלעכקייט, האָב איך געקענט באַמערקן אויפן פּנים פון אַ ייִדישן שיפס־קאָמאַנדאַנט אַ טיפע זאָרג, וואָס איז געקומען פון דער שרעקלעכער ידיעה וועגן דעם פאַרשווּנדענעם ישראלדיקן סובמאַרין „דקר״ מיט זײַנע 69 אָפיצירן און מאַטראָזן. אין אַזעלכע בין־השמשות־שעהן, ווען מ׳פילט נאָך די נשמה־יתירה אין זיך און די פריידיקע געפילן פון דערנענטערונג צו די ברעגעס פון ייִדישן היים־

לאַנד, האָט מיך אויך דורכגענומען דער יסורים־וויי פון דער יידישער מדינה, דאָס האַרץ ווייטיקט פון אַזויפיל יידישע עלטערן, דעם פּיין פון גאַנצן יידישן פאָלק בכל אתר ואתר און איך האָב מיט אַלע חושים מיטגעפילט דעם פּחד פון דער ישראל־מאַנשאַפט, וואָס איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין די במצולות־ימיקע סטיכיעס.

אונדזער ביידנס געשפּרעך איז אַריבער צו דער דאָזיקער טראַגישער טעמאַטיק און יעדער פון אונדז האָט געפּרוּווט אַנאַליזירן די דאָזיקע ווייטיקלעכע געשעעניש מיט אַ קאַלטן אַנאַליז און מיט פאַרשיידענע השערות. אין דער סביבה פון אַ יידישן שיפס־קאַפּיטאַן און אויף אַ שיף, וואָס טראָגט אויף איר העכסטן מאַסט, די בלוי־ווייסע פאָן, מיטן מגן־דוד, און וואָס זאָגט אָן אונדזער פרייהייט אַ סך פּעלקער און לענדער, דערזעט מען בולטער דעם רעאַלן מצב פון ישראל און איר גע־אַנגל צו ווערן אַ ים־מאַכט, אָבער גראָד אויפן ים האָט די יידישע מדינה נישט קיין גרויס מזל, דאָס גרויל־קע בילד פון דעם דערטרונקענעם יידישן דעסטראָיער „אילת" מיט זיינע טויטע און פאַרווונדעטע אָפיצירן און מאַטראָזן, שטייט דיר פאַר די אויגן. איצט נידערסטו אַראָפּ אין די ים־טיפענישן און לעבסט מיט דעם גורל פון אומגעקומענע יידישע ים־מענטשן, און ווערסט דורכגענומען מיטן צער פון טאַטעס און מאַמעס, וועלכע גיבן זיך אָפּ אַ דין וחשבון וועגן זייערע אומגעקומענע קינדער, וואָס זיינען נייע הייליקע קרבנות אויפן מזבח פון יידישער פרייהייט.

און דעם דאָזיקן שבת־פאַרנאַכט, האָט דער פּעך־שוואַרצער הימל איבער דעם צעשטורעמטן מיטללענדישן ים, אַראָפּגעווייינט פון זיינע הויכקייטן מיט אַזאַ שטאַרקן טרערן־מבול, אַז די כוואַליעס האָבן זיך אויפגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט מיט אַ שרעקלעכן רעש און זיך אויסגעמישט מיטן רעגן. די פּאַסאַזשירן האָבן אין זייער האַרץ־שטילקייט געזאַמלט אַלערליי פּחדים, ווייל אַלץ צוזאַמען, דער פינצטערער געוויין־הימל, די צעשטורעמטע כוואַליעס, דער וואָיענדיקער שטורעם־ווינט און איבער זיי און אונטער זיי — דער פאַרשווונדענער ישראל סובמאַרין „דקר", האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ שרעק געפאַרט מיט צער, פּיינען פּאַראייניקט מיט טרויער, שטילע תפילות פאַרבונדענע מיט האָפענונגען, אַז דער סובמאַרין מיט אירע מענטשן וועלן זיך נאָך אָפּגעפינען, אַ נס וועט נאָך געשען מיט אונדזער נסימפולן פאָלק...

איך האָב מיך געזעגנט מיטן שיפס־קאַפּיטאַן, נאָך עטלעכע שעה צוזאַמען, מיט אַ פעסטן האַנט־דרוק, אין וועלכן ס'האָבן זיך געפונען די בעסטע ברכות פאַר ישראלס מאַכט אויף די ימים און אַ הצלחהדיקער רעזולטאַט אין דער זוכעניש פון זיין שיף „דן", אויף צו העלפן געפינען דעם ישראלד־סובמאַרין „דקר".



דער קאַפּיטאַן זאב הילל און דער מחבר פון בוך

אין דער יידישער מדינה האָב איך תיכף נאָכן באַטרעטן די ערד פון ישראל, אַראָפּגעלייענט פון די פּנימער פון די מכס־באַאַמטע, פּאָליציי־אָפיצירן און פון סתם דורכגייער דעם טיפן צער, דעם אומבאַשרייבלעכן ווייטיק, וואָס דער פאַרשווונדענער יידישער סובמאַרין האָט גורם געווען. מיט אַלע מיט וועמען איך האָב גערעדט, ביי וועמען איך האָב געבעטן אַ מיינונג, איז כמעט פון 90 פּראָצענט געקומען דער ענטפער, אַז דאָס איז די משחית־אַרבעט פון דעם הויך אַנטוויקלטן פאַרטרעטער פון מלאך־המוות, ראַטנפאַרבאַנד, אויך דער רע־דאַקטאָר מרדכי צאנין האָט אין זיין פּריוואַטיקדיקן אַרטיקל אין „לעצטע נייעס" באַגרינדעט מיט אַ סך איבערצייגונג די מיינונג פון דער ישראלדיקער יידישער באַפעלקערונג. די גרויסע און איינפלוסרייכע העברעאישע פּרעסע אין לאַנד האָט געברענגט צום אויסדרוק אויף אַ מער פאָרזיכטיקן אופן, די באַשולדיקונג קעגן סאָוועטן רוסלאַנד, וועמענס רוצחישע הענט זיינען ניט פריי פון שולד אין דעם דאָזיקן נייעם אומגליק און באַרעכטיקן אָנצורופן די קרעמלין־לייט מיטן ניי־פאַרדינטן נאָמען: ים־פּיראַטן.

די גרעסטע יסורים האָט ישראל איבערגעלעבט, אויף אַ קאָלעקטיוון אופן, אין דעם טאָג, ווען די הויפּט קאָמאַנדע פון ישראלדיקן קריגס־פלאָט האָט צו־זאַמענגערופן קיין חיפה די עלטערן און בני־משפחה פון די פאַרשווונדענע „דקר"־אָפיצירן און מאַטראָזן, מעלדנדיק די טראַגישע רעזולטאַטן פון אַ פּרוכט־לאָזן זוכן דעם סובמאַרין. מאַמעס און טאַטעס זיינען געפאַלן אין חלשות

ביים אָנרופן די נעמען פון זייערע אומפאַרגעסלעכע קינדער, ווען אַ מוטער האָט אויסגעשריגן: „ווי ביזטו, מײַן מנחם״? האָט דאָס גאַנצע לאַנד זיך געפונען אין אַ מבול פון צער און טרערן. דער ראַבינאַט האָט ניט געהייסן זיצן קיין שבעה, אָבער די הערצער פון די עלטערן זייַנען צעריסן געוואָרן אויף שטיקער אין דער שווידערלעכע שעה, ווען די קאָמענדאַנטן פון פלאָט, מיליטער און אַוויאַציע האָבן געמאָלדן אַלס פאַרשווונדן די סובמאַרין־מאַנשאַפט.

די ייִדישע מדינה, די ממשלת ישראל און דאָס פאָלק, וואָס זיצט אין ציון, זייַנען דעצידירט צו טון, אפילו דאָס אוממעגלעכסטע, אויף צו דערגרייכן דעם ציל פון ווערן שטאַרק אויפן ים אין אַזאַ מאָס, מיט אַזאַ פײַער־קראַפט, וואָס זאָל נישט נאָר זײַן בכוח אָפּצושרעקן אַלע שונאים, נאָר אויך, ווען די שעה וועט דאָס פאַרלאַנגען, צו קענען געבן אַ טויט־קלאַפּ די פײַנטלעכע פלאָטן. דאָס וועלט־ייִדנטום וועט מסתמא נישט שטיין פון דערווײַטנס און דערלאַנגען זײַן ברייטע האַנט פון טרײַער מיטאַרבעט פאַר דער עפּאָכע־מאַכנדיקער ייִדי־שער מדינה.

איין טאָג נאָכדעם, ווי די עלטערן פון די פאַרשווונדענע קינדער האָבן זיך דערוווּסט דעם גרויליקן אמת, איז אויף אַ צווייטן פלאַץ פאָרגעקומען אַ שטילע צערעמאָניע פאַר צענדליקער ייִדישע יונגעלײַט, וואָס האָבן פאַרענדיקט די ים־שולע אַלס שיפסקאַפּיטאַנען פון קריג־שיפן — און ביים כותל המערבי האָבן טויזנטער פאַראַשוטיסטן אָפּגעגעבן זייער שבועה צו דינען דעם ייִדישן היימ־לאַנד מיט קרבנות־גרייטקייט, אַזוי איז די ייִדישע יוגנט אין ישראל און אין איר געפינט זיך די הײַנטיקע זיכערקייט און די צוקונפטיקע עקזיסטענץ פון דער ייִדישער מדינה.

דער גרוס פונעם ייִדישן שיף־קאַפּיטאַן מר זאב הילל פאַר „די פרעסע״ און דורך איר — פאַרן אַרגענטינער ייִדנטום, האָט אין די הײַנטיקע היסטאָ־רישע טעג פאַרן לעבן פון מדינת ישראל, גאָר אַ גרויסע און וויכטיקע באַדײַ־טונג...

# אַ ליבע־באַגעגעניש צווישן די תפוצות און ישראל

מיט ישראל־שליחים אויפן שיף

אין אַ גאַר ערנסטער צייט פאַרן יידישן לעבן אין די תפוצות, ספּעציעל פאַר דער יידישער קולטור איןביידע אונדזערע נאַציאָנאַלע לשונות, ווי פאַר דער יידישער מדינה, וועט אין דער ערשטער העלפט פון קומענדיקן חודש פאָרקומען אין דער שלימותדיקער און אייביקער שטאָט ירושלים, דער אַלוועלטלעכער צוזאַמענפאָר פון יידישע זשורנאַליסטן.

דער צוזאַמענטרעף פון יידישע פען־מענטשן פון דער פרייער וועלט מיט דער אַלט־נייער און באַנייטער יידישער מדינה, בפרט איצט, נאָך דער אויסברייטערונג פון אירע גרענעצן, טראָגט אין זיך אַלע התלהבותדיקע פיבערן פון אַן אויפריכטיקער ליבע באַגעגעניש, ווי דאָס וואָלט געשען מיט פאַרליבטע חתן־כלה, וועלכע האָבן זיך יאָרנלאַנג נישט געזען, נאָר געבענקט איינער צום צווייטן פון דער ווייטנס.

יידישע שרייבער וועלן שטילן זייער בענקשאַפט מיט זען דאָס לאַנד פון דער נייער יידישערווירקלעכקייט, דורך קומען אין אַן אומביטלבאַרער באַרירונג מיטן אַוואַנגאַרד פון דעם גאַנצן יידישן וועלט־פאָלק, וואָס געפינט זיך אויף די פאָדערשטע פאָזיציעס פונעם יידישן קאַמף, פירנדיק דעם געראַנגל מיט אויסערלעכע שונאים און מיטן אינערלעכן מדבר, אַוודאי וועט זיין אַ קעגנזייטיקער דיאַלאָג מיט די שעפערישע גייסט־כוחות פון מדינת ישראל, מיט אירע זשורנאַליסטן און קולטור־שמידער, ברענגענדיק צום קלאָרן אויסדרוק די הייַנטצייטיקע טעמאַטיק פון תפוצות ישראל און פון דער יידישער מדינה, באַהאַנדלענדיק איר בכובד ראש און מיט דער גרויסער אַחריות וואָס די איצטיקע גורלדיקע צייט פאָדערט פון אַלעמען, כדי צו העלפן שאַפן אַזאַ געאייניקטן יידישן וועלט־פראָנט, וואָס קיין שום כוח זאָל נישט קענען צערייסן די אַחדות פון יידישן פאָלק מיט זיין היימלאַנד.

דער ציוניסטישער געדאַנק האָט זיך נישט אָנגעהויבן מיט קיין שום נייצייטיקן ציון־זשורנאַל אין דער גרויסער יידישער וועלט, נאָר פון די צייטן פון די אבות ציט זיך די שריפטלעכע הבטחה פון דעם צוגעזאָגטן לאַנד פאַרן יידישן פאָלק, אָבער מיט שטאָלץ דאַרף געזאָגט ווערן, אַז צום סוף פון פאָריקן יאָר־

הונדערט און אַזוי ביז צום הײַנטיקן טאָג, ציט זיך די גאָלדענע קייט פון ציוניסטישער וואָרט־שמידונג אינעם ייִדישן לעבן. די דאָזיקע „פּאַפּירענע בריק" פון ייִדיש־נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע טאָג־צײַטונגען, זשורנאַלן און ביכער, האָבן דערצויגן די ייִדישע מאַסן צו גרויסע אויפגאַבן פאַר דער ייִדישער פרײַהייט. דאָס וואָרט האָט אויפגעאַקערט בתולה־ערד אינעם ייִדישן לעבן און זי האָט אָנגעהויבן געבן צײַטיקע פּרוכטן אויף אַלע גערעאַנגל־שטחים, אויף וועלכע די ייִדיש־באַוווסטזיניקע פּאָלקסטיילן האָבן זיך געפונען.

דער כוח פון ייִדישן וואָרט איז אַ מעכטיקער. די ווירקונג פונעם ציוניסטישן וואָרט איז אַן אומגעהויערער. די ווירקונגס־קראַפט פון ביידע האָט דערמעגלעכט די שאַפונג פון דער ייִדישער מדינה.

אין די 70 יאָר, פונעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס ביז צום הײַנטיקן טאָג, האָט די ייִדיש־נאַציאָנאַלע פּרעסע, האָבן ייִדישע זשורנאַליסטן זיך געשטעלט אין פרײַוויליקן דינסט פון גרויסע אידעאַלן, זיי האָבן אויף זיך גענומען דעם שווערן עול פון וועקן דאָס פאָלק צו גרויסע מעשים, געמאָנט ביי דער וועלט גערעכטיקייט פאַר געפּלאָגטע און פאַגראַמירטע ייִדן, דערצויגן גרויסע ייִדישע מאַסן צו דער הייליקער שליחות פון נעמען דעם אייגענעם גורל אין אייגענע הענט. גליקלעך און שטאָלץ זיינען ייִדיש־נאַציאָנאַלע שרײַבער, רעדנער, זשורנאַליסטן און גײַסט־מענטשן, וואָס הינטער זייערע אַרטיקלען און רעזאָלוציעס וועגן גאולת ישראל, האָבן זיך געצויגן מחנות חלוצים, וועלכע האָבן געהאַט דעם כוח צו רעאַליזירן די אָנגעצייכנטע אויפגאַבן, די אָנגענומענע באַשלוסן און אָן די דאָזיקע פּיאָנערן וואָלטן שיינע ווערטער וועגן גאולה, וואָלטן אַלע פרײַהייטס־חלומות, געבליבן פּוסטע פראַזן, שיינע ווונטשן און אַ טייל פון די דורותדיקע ייִדישע שטרעבונגען צו אויסלייזונג.

הײַנט זעען מיר, אין ליכט פון דער פריידיקער מדינה־עקזיסטענץ, אַז דער זיווג צווישן ייִדישן פרײַהייטס־וואָרט און ייִדישן גאולה־טאַט, האָט גרויס געמאַכט דעם נאָמען פון ייִדישן פאָלק אין דער וועלט, האָט אַוועקגעשטעלט די ייִדישע מדינה אין צענטער פון דער אויפמערקזאַמקייט פון פעלקער, פון דער גאַנצער מענטשהייט.

---

צום אַלוועלטלעכן צוזאַמענפאָר פון ייִדישע שרײַבער אין ירושלים, קומט אַ גרעסערע דעלעגאַציע פון היגן ייִדישן שרײַבער־פאַריין „ה. ד. נאָמבערג, די דעלעגאַטן באַטראַכטן זיך פאַר שליחי־ציבור פון גאַנצן אַרגענטינער ייִדנטום, פון דעם דאָזיקן ייִדישן ישוב, וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף דער ייִדישער וועלט־מאַפּע מיט אַ אַ גרויסן נאָמען און אָנזען. הײַנט צו טאָג איז די ייִדישע קאָלעקטיוויטעט די פערטע אין דער וועלט נאָך דעם ישראלדיקן און

רוסישן ייִדנטום. דאָס שטיין אויף דער מזרח־וואַנט פון די תפוצות ישראל, לייגט אַרויף שווערע פליכטן אויף אַרגענטינער ייִדן, באַגלייט פון אַן אומ־געהויערער אחריות כלפּי דעם ייִדישן וועלט־פאָלק, פאַר די אייגענע ייִדיש־נאַציאָנאַלע, קולטורעלע, דערציערישע און געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבן במילא פאַרן המשך־בוי פון מדינת ישראל.

דער שרײַבער פון די שורות האָט געזאָגט ביי דער געזעגענונגס־מסיבה פון דער קהילה־אָנפירונג פאַר דער שרײַבער־דעלעגאַציע, אַז מיר, די דעלעגאַטן פאַרן נישט צום וועלט־כינוס פון ייִדישע זשורנאַליסטן מיט ליידיקע הענט. מיר ברענגען אַריבער קיין ישראל פולע הויפנס מיט דערגרייכונגען. מיר וועלן ברענגען צו דער ייִדישער מדינה אַ סכום פון אויפטוען און קאָלעקטיווע דערגרייכונגען — אויף אַ סך טעטיקייטס־געביטן, אָנהייבנדיק פון ייִדישן שול־וועזן און ענדיקנדיק ביי דער ייִדישער טאָג־פּרעסע. אָבער דער ייִדישקייט־באַלאַנס איז נישט אינגאַנצן קיין פּאָזיטיווער, קיין אָפּטימיסטישער. 80 פּראָצענט ייִדישע קינדער אין שול־עלטער, טרעטן נישט אַריבער די שוועל פון אונדזערע שולן. טויזנטער ייִדישע יוגנטלעכע זיינען דערווײַטערט פון ייִדישן לעבן און ווילן אויף זיך נישט נעמען קיין פליכטן צום ייִדישן פאָלק. גרויסע טיילן פון דעם אַזוי־גערופענעם „צווייטן דור" זיינען פרײַוויליקע כלל־טוער פאַר אַלע נישט־ייִדישע אידעאַלן, טייל באַדינען די „אָקטאָבער־רעוואָלוציע" און אַנדערע זיינען אידעאישע משרתים פון אַ כוליגאַניש־קאָמוניסטישער וועלט. אונדזערע היגע ייִדישע היימען, די גרעסטע מערהייט, זיינען פרײַוויליק און גוטוויליק באַפרײַט געוואָרן פון ייִדישקייט. די דעלעגאַציע צום אַלוועלטלעכן כינוס פון ייִדישע זשורנאַליסטן וועט אויסשרײַען דעם צער פון חרוב־געוואָרענע ייִדישקייט־פּאָזיציעס אינעם אַרגענטינער ייִדנטום, אָבער זי וועט אויך פאַרלאַנגען פון אַלע ישראל־פאַקטאָרן, פון דער ייִדישער אַגענץ, בפרט פונעם דעפּאַרטאַמענט פאַר חינוך ותרבות לגולה, אַ וויכטיקע און אַן ערנסטע צוזאַמענאַרבעט אויף דעם יסוד פון פאַרשטאַרקן ביידע נאַציאָנאַלע לשונות פון ייִדישן פאָלק און זייער קולטור אָן אייפערזוכט, דער עיקר, אָן שינאה פון איין לשון צום צווייטן, כדי מיט בשות־פותדיקע כוחות צו באַפרוכפּערן דעם האַרטן באָדן פון ייִדישן לעבן. ספּעציעל די פאַרטונקלטע פעלדער פון ייִדישן גײַסט, פון דער נצחיותדיקער ייִדישער קולטור.

דאָס אַרגענטינער ייִדנטום האָט זיך קונה שם געווען אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט, ווי אין דער ייִדישער מדינה מיט עטלעכע וויכטיקע אויפטוען: דער געראַנגל אויף אויסצוברייטערן דאָס היגע ייִדישע שול־וועזן. דאָס ברייט־פאַרצווייגטע פעלד פון ייִדיש־נאַציאָנאַלער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. דער עיקר די טויזנטער און טויזנטער חלוצים, וואָס זיינען אַ ווירדיקער באַשטאַנדטייל פון די העראָאישע קעמפער און בויער פון דער ייִדישער מדינה, צו דעם דאַרף צוגע־רעכנט ווערן דאָס געדרוקטע ייִדישע וואָרט. ביידע פּרעסטיזשפולע ייִדישע טאָג־

צײַטונגען און בכלל דאָס גאַנצע ייִדיש־שפּאַנישע און העברעאישע פּרעסע־וועזן אין לאַנד, וואָס אַלע צוזאַמען, מיט די ייִדישע זשורנאַליסטן, די שמידער פון ייִדיש־נאַציאָנאַלן געדאַנק, שטעלן מיט זיך פאָר אַ גרויסן גײַסטיקן פאַרמעגן, וואָס מיר אַלע וועלן אָפּהיטן און מיט אַלעמענס מיטהילף פאַרגרעסערן לטובת דעם אַרגענטינער ייִדישן ישוב און זײַנע ווערטפולע אינסטיטוציעס.

דער וועלט־כינוס פון ייִדישע זשורנאַליסטן וועט אָנצייכענען אַלט־נײַע אַר־בעטס־אויפגאַבן, אַלץ צוזאַמען וועט זײַן געצילט צו צוויי צענטראַלע אויפגאַבן: שטאַרקן דעם גײַסטיקן קשר צווישן די תפוצות מיט דער ייִדישער מדינה פאַר דער אויספאָרמירונג פון איין ייִדיש פאָלק און באַפרוכפּערן דאָס ייִדישע לעבן מיט גרויסע און ווירדיקע אידעען פאַר דער הערשאַפט פון ייִדישן גײַסט און פון ייִדישער פרײַהייט אינעם ייִדישן לעבן.

# דער ייִדישער זשורנאַליסטן־צוזאַמענטרעף

## אין ליכט פון אונדזער ווירקלעכקייט

— א. —

### וועלט־כינוס, אָדער אַ צוזאַמענטרעף..

אין די לעצטע יאָרן פון אַ ריזיקער כינוסים אינפלאַציע אין דער גאָרער ייִדישער וועלט, איז נאָך איין וועלט־צוזאַמענפאָר גאָרנישט קיין גרויסער יחוס. זעלטן ווער וואַרט אויף אַ נײַ וואָרט, אויף אַ נײַעם געדאַנק, אויף אַ גײַסטיקער אָפּפרישונג. יעדער קוועטשט פון פאָרויס מיט דער פּלייצע, ווי איינער זאָגט, איך האָב שוין דאָס געזען און געהערט. ס'איז נישטאָ וואָס צו לייענען אַפילו אין די רעזאָלוציעס... אַ סך אַנדערע פײַנשמעקערס, מיט וועמען דער שרײַבער פון די שורות האָט גערעדט וועגן צוזאַמענפאָר פון די ייִדישע זשורנאַליסטן, האָבן אַ דריי געטאָן מיט די נעזער און באַשטעטיקט דעם טײַטש פון „באפם הרגו איש", מיט אַ נאָז־דריי האָבן זיי אַוועקגעהרגעט אַלע וועלט־כינוסים פון ייִדישע פּען־מענטשן.

אַ סך פריער, איידער דער וועלט־צוזאַמענפאָר פון ייִדישע זשורנאַליסטן איז פאָרגעקומען אין ישראל, האָבן זײַנע טרײַע און פּעאיקע אָרגאַניזאַטאָרן: מיכאַל אסף, משה רון און אַריה צימוקי, אָנגערופן אין זייערע בריוו־ווענדונגען צו די ייִדישע שרײַבער־פאַריינען אין דער פרײַער וועלט, די באַגעגעניש פון ייִדישע פּען־קאָלעגן מיטן נאָמען: וועלט־כינוס, אָבער אין ישראל איז דער נאָמען געביטן געוואָרן אויף מפגש־עולמי, וועלט־צוזאַמענטרעף פון ייִדישע זשורנאַליסטן. דאָס איז געווען אַ רמז אויף באַשיידנקייט, דאָס האָט שוין געדינט אַלס באַווײַז, אַז פון אַ מפגש באַדאַרף מען נישט דערוואַרטן דאָס זעלבע ווי פון אַ באָמבאַסטישן „וועלט־צוזאַמענפאָר"...

האָבן טאַקע זייער גוט געטון די אָרגאַניזאַטאָרן און אָנפירער פון דעם וועלט־צוזאַמענטרעף, וואָס האָבן מיט באַשיידענע ווערטער דורכגעפירט אַ וויכטיקן און ערנסטן קאָנגרעס פון ייִדישע זשורנאַליסטן, וועלכער וועט בלי שום ספק, זײַן אַן אָנהייב פון אַ באַנײַטע תקופה אין לעבן פון ייִדישע זשורנאַליזם בכל תפוצות ישראל.

## ב

# ליכט און שאָטן־זייטן פון צוזאַמענטרעף

ס׳איז דאָך פאַר יעדן בר דעת אַ דבר ידוע, קלאָר ווי דער ליכטיקער טאָג אַז נאָר דעמאָלט ווען ס׳איז דאָ זון איז אויך פאַראַן שאָטן, איינס באַגלייט דאָס צווייטע. אין אַ טאָג פון בולו וואָלקנס איז נישטאָ קיין שאָטן־סימן.

דער וועלט־צוזאַמענטרעף האָט געהאַט אַן אומאיבערגעריסענע זון־ליכטי־קייט, וואָס האָט געוואַרעמט און געצערטלט אַלע יידישע פען־מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט די גרויסע זכיה אָנטיילצונעמען אין דער דאָזיקער באַגעגעניש. ס׳איז וויכטיק אויסצורעכענען, ס׳איז כדאַי צו דערמאָנען, די דאָזיקע אומפאַרגעסלעכע טעג פון גייסטיקער ליכטיקייט, וועלכע האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין די מו־חות פון אַלע באַטייליקטע יידישע זשורנאַליסטן מארבע כנפות הארץ.

מיט וואָס האָט זיך גענערט און געשפּייזט דאָס דאָזיקע ליכט ?

דער מפגש איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ישראל, אין דער אייביקער און גאַנצער ירושלים. אין אונדזער היימלאַנד, ווי אין דער הויפּטשטאָט פון דער יידישער מדינה. נאָך דער מלחמת ששת הימים, האָבן מיר אַלע געפילט די קדושה פון אַ העלדישער יידישער יוגנט, וואָס האָט זיך מקריב געווען פאַרן קיום פון ישראל און שטייט טאָג און נאַכט אויף דער וואַך פון אונדזער פרייהייט־ווערק. די גבורי־ישראל האָבן דערמעגלעכט די יידישע זשורנאַליסטן אָפּצוהאַלטן זייער צוזאַמענטרעף אין אַ פרייער און גרויסער יידישער מדינה...

נאָכדעם איז פאָרגעקומען דער סימפּאָזיום אין בית־הנשיא, אין דעם הויז פון דעם נשיא המדינה, ווו דער תלמיד־חכם און טאַלאַנטפולער זשורנאַליסט, געוועזענער רעדאַקטאָר פון „דבר", ר׳ זלמן שז״ר האָט פאַר די יידישע זשורנאַ־ליסטן געהאַלטן אַן איינדרוקספולע רעדע, פול מיט גייסטיקן אינהאַלט, וועגן מצב פון דער יידישער פרעסע אין דער וועלט ווי וועגן איר ראָל אינעם פּראָצעס פון שטאַרקער מאַכן די בריק צווישן יידישן וועלט־פאָלק און דעם עם ישראל, וואָס רוט נישט אין ציון, נאָר וואָס אַרבעט קעמפנדיק און קעמפט אַרבעטנדיק פאַר אַ נייער יידישער צוקונפט, אויף צו פאַרפעסטיקן לעולמי עד די פרייהייט פאַר אַלע יידישע דורות.

דער עצם פאַקט, וואָס אַזוי פיל יידישע זשורנאַליסטן זיינען זיך צוזאַמענ־געקומען אין ישראל און זיי זיינען געקומען פון דרום־אַפריקע און אויסטראַליע, פון לאַטיין־אַמעריקע, פאַראייניקטע שטאַטן און פון אייראָפּע, נישט וויכטיק צו וועלכער אידעאָלאָגישער ריכטונג די פען־קאָלעגן געהערן, ס׳איז אויך נישט שאַ־קירנדיק די שפּראַך, אין וועלכער זיי שרייבן, דער עיקר איז די עובדא, אַז די

יידישע שפּראַך, די יידישע צײַטונגען, האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן און העכער 70 יידישע פּען־מענטשן האָבן זיך באַקענט איינער מיטן צווייטן, זײַנען געוואָרן נאָענט איינער מיטן אַנדערן און איבער אַלץ האָט געהערשט דער גײַסט פון ישראל סבא, ווי פון דעם נײַעם ישראל וואָס איז פול מיט „דת־העבודה" רעאַלי־טעטן אויף שריט און טריט, באַגלייט פון אַן אײַנדרוקפולער יידישער גבורה און אַהבת ישראל. כדי דאָס ליכט פונעם מפגש זאָל זײַן נאָך העלער, האָבן די אָר־גאַניזירער פון וועלט־צוזאַמענטרעף געזאָרגט, אַז די בריקן־בויער צווישן יהדות־התפוצות און דער יידישער מדינה, זאָלן כמעט פיר טעג צײַט באַזוכן דאָס פּרעכ־טיקע לאַנד, לארכו ולרחבו, כדי מיט אייגענע אויגן צו זען די צוריק־אָפּגענו־מענע שטחים ביי די אַראַבער, אַלע הייליקע פלעצער פון דער יידישער פאַרגאַנ־גענהייט, וואָס פילט אָן מיט יידיש־נאַציאָנאַלן שטאָלץ אונדזער איצטיקע קעגנ־וואַרט, ווי אויך צו טרעטן מיט אונדזערע פיס, אָנטאַפּן מיט אונדזערע הענט, די אַראַבישע „מאַזשינאָ"־ליניע וואָס די סאָוועטן האָבן אויסגעבויט אויף אַ רײ־זיקער לענג פון רמת־הגלון, מיטן איינציקן ציל צו באַהערשן דעם ים הכנרת און אַלע שטעט, די קיבוצים און דאָס גאַנצע פרידלעכע יידישע לעבן, כדי אומ־צוברענגען די שלום־זוכנדיקע יידישע פעלד־אַרבעטער, זייערע פרויען און קינדער, ווי צו זײַען טויט און חורבן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג פון לאַנד. אין רמת הגולן האָבן מיר אַלע באַוווּנדערט די גבורה פון יידישן מיליטער, ווען ס'איז געלונגען, פאַרן פּרײַז פון אַ סך קרבנות, אײַנצוברעכן די רוסיש־אַראַבישע פעסטונגען און זיי פאַרוואַנדלען אין פאַרבליבענע עדות אויף יידישער גבורה און צה"לדיקער קדוש העם והארץ.

מיר דאַרפן אויך דערמאָנען די באַטייליקונג פון גרויסע יידישע פערזענ־לעכקייטן אינעם מפגש, וועלכע האָבן, מיט זייערע רעדעס פאַר די יידישע זשורנאַליסטן, געברענגט צום אויסדרוק די האַרבע און גענוג קאָמפּליצירטע פּראָבלעמאַטיק פון דער יידישער מדינה, בפרט אין דער איצטיקער הרת עולמ־דיקער צײַט... די רייד פון פּרעמיער־מיניסטער, לוי אשכול אויף דער פײַערלע־כער דערעפענונג פון מפגש, וועלכער האָט געוואַרנט די ירדנער, אַז זיי וועלן באַקומען זייער שטראָף פאַר זייערע ווילדע מעשים, זײַנען דורך דער צה"ל־אַק־ציע קעגן ירדן, געוואָרן אַ פריידיקע ווירקלעכקייט. די אויפנאַמען ביים אויסערן־מיניסטער אבא אבן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טיפן אַרײַנבליק אין יש־ראלס אויסערן־פּאָליטיק, וואָס איז ענערגיש און עלאַסטיש, וואָס איבער איר פלאַטערט די יידישע פאָן פון גערעכטיקייט, פון אַן אויפריכטיקער קאָעקזיס־טענץ־שטרעבונג מיט דער אַראַבישער וועלט אין נאָענטן אָריענט. די רעפע־ראַטן פון גענעראַל יגאל אַלון און ראש המחלקה לעליה וקליטה ה' לעאָן דולצין, האָבן אַרײַנגעברענגט אַ סך קלאָרקייט אין די שווערע פאַרפלאָנטערטע פּראָ־בלעמען פון עליה, קליטה און אַרבעטס־מעגלעכקייטן אין דער יידישער מדינה,

אין דער רעדע פון פאַרזיצער פון דער יידישער אַגענץ, הער פינקוס, האָט יעדער יידישער זשורנאַליסט פאַר זיך געזען די סוכנות מיט אַלע אירע פליכטן, אויפגאַבן, דערגרייכונגען און פאָדערונגען, גאַר אַ גרויסן בײַטראַג צום אינ־האַלטלעכן טייל פון דעם צוזאַמענטרעף, האָבן געגעבן די פירער פון חרות, מנחם בעגין און פון דער ישראלדיקער קאָמוניסטישער פאַרטיי, ד״ר משה סנה. אין פלוג האָט זיך אויסגעדוכט, אַזביידע וועלן זיך צוזאַמענשטויסן אין זייער אַנאַליז איבער דער איצטיקער ישראלדיקער רעאַליטעט, ווי איבער די הײַנטיקע פליכטן פון דער מענטשהייט צו דער יידישער מדינה. ביידע רעפעראַטן האָבן אָבער פאַרשאַפט אַ גרויסן געניס די צוהערער, האָט מנחם בייגין גערעדט וועגן גבורה פון צה״ל און באַוויזן מיט אַ מאַפּע אין האַנט, ווי די אַראַבישע אַר־מייען האָבן געוואָלט דערשטיקן דעם יידישן פרײַהייטס־אָטעם אין דער מדינה, צוזאַמען מיטן יידישן פאַטערלאַנד, האָט ד״ר משה סנה גערופן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט מיט זײַן יידיש־נאַציאָנאַלן פּאַטאָס, זאָגנדיק „מיר וועלן נישט לאָזן צורו די קאָמוניסטישע וועלט ביז זי וועט אָנערקענען אירע שרעקלעכע טעותן כלפּי דער יידישער מדינה״... צום סוף האָט ד״ר נחום גאָלדמאַן ביי דעם שלוס־אַקט פון מפגש געזאָגט האַרבע ווערטער אויפן חשבון פון אַלע, וואָס ווילן נישט פאַרשטיין זײַן דרך אין דער יידישער פּאָליטיק און זיך אויף אַן עלעגאַנטן פּקחותדיקן אופן, אָפּגערעכנט מיט דער — צו אים — פײַנטלעכער ישראל־פּרעסע.

מיר, יידישע זשורנאַליסטן האָבן גוט תופס געווען זײַן פאַרביטערונג... אָבער זײַן רעפעראַט איז געווען אַ וויכטיקער צושטייער צום אַלגעמיינעם הויכן קול־טור־ניוואָ פון אונדזער וועלט־באַגעגעניש. נישט פון אַ קלענערער באַדײַטונג איז געווען די באַטייליקונג אין דער גענעראַל־דעבאַטע פון אַ סך יידישע פען־קאָלעגן, וועלכע האָבן געזאָגט אַ סך אויפריכטיקע ווערטער אויפן חשבון פון ישראל, קריטיקירנדיק דאָס, וואָס דאַרף צענזורירט ווערן, הויפּטזעכלעך די נישט־אָנשטענ־דיקע האַנדלונג פון אַ געוויסן סאָרט ישראל־שליחים, וועלכע העלפן, אין די תפוצות ישראל, צו פאַרניכטן די יידישע שפּראַך, מיינענדיק, אַז דורך דעם וועט „בליען״ און „אויפלעבן״ די העברעאישע שפּראַך און קולטור...

אַלץ צוזאַמען, וואָס איך האָב דאָ אויסגערעכנט, אײַנגעשלאָסן די וווּנדער־לעכע רעדע פון דעם הײַנטיקן הויפּט־שעף פון ישראלס באַוואָפנטע כוחות גענ. בר־לב, וועגן דער שלאַגפאַרטיקייט און קריגס־גרייטקייט פון יידישן מיליטער, האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ זוניקע ליכטיקייט, וואָס האָט נישט דערמעגלעכט קיין צו גרויסן שאָטן־אויספרייטונג אויף דעם וועלט־צוזאַמענטרעף פון יידישע זשורנאַליסטן.

די שאָטן־זײַטן זיינען טאַקע געווען נישטיקע, אָבער זיי האָבן פאַרשאַפט עגמת־נפש און אַפילו שפיכת דמים. די אָרגאַניזירער פון דעם מפגש האָבן זיך נישט באַדאַרפן באַקלאָגן, סײַ בלחש והן בקול־רם, אַז „ס׳זיינען דאָ צופיל דעלע־

גאַטן", בפרט, ווען פון וועלט־ביוראָ פון יידישע זשורנאַליסטן האָט מען כסדר פאַרלאַנגט די באַטייליקונג פון צאָלרײַכע שרײַבער־דעלעגאַציעס. אַוודאי האָט מען נישט באַדאַרפט פירן אַזאַ בוכהאַלטעריע, אַז אַ קליינע צאָל דעלעגאַטן, לעגאַל־געוויילטע דעלעגאַטן, זאָלן מצד די מפגש־אָרגאַניזירער נישט געניסן פון דער 8טאָגיקער הכנסת אורחימדיקייט, נאָר מוזן פאַרלאָזן דעם האָטעל אין תל־אָביב 3־2 טעג פאַרן שליסן דעם צוזאַמענטרעף.

כדי נישט צו פאַרקלענערן די חשיבות פון דעם אויסגעצייכנטן מפגש, וויל איך נישט דערמאָנען אַנדערע פעלערן פון די מפגש־אָרגאַניזירער, וועלכע מען האָט זיי, זייער לײַכט געקענט פאַרמײַדן.

אין סך הכל דאַרף געזאָגט ווערן, אַז דער וועלט־צוזאַמענטרעף פון יידישע זשורנאַליסטן איז געווען אַ גרויסע מאַניפעסטאַציע פאַר די אידעאַלן פון איין יידיש פאָלק, פון זײַנע קולטורן איןביידע נאַציאָנאַלע לשונות, פאַר דעם ווײַטערדיקן בנין העם והארץ־פראָצעס, ווי פאַר דער אויפגאַבע פון פאַרפעסטיקן די בריק צווישן יידישן וועלט־פאָלק און זײַן העראָאישן אַוואַנגאַרד אין דער יידישער מדינה.

תל־אביב פעברואַר 1968

# פּאַרצײכענונגען...

## א.

### אליעזר ליבנהם „מבט לתוך התהום" („אַ בליק אין תהום")

אויפן וועג קיין ישראל, האָט די פּרײַע צײַט מיך מזכּה געווען מיט עטלעכע אַפּרו־טעג, ביז צום אויפשטייגן אויף דער ישראל־שיף „דן" אין נאַפּאָלעס, וועלכע איך האָב אויסגענוצט אויף צו באַזוכן די אַלטערטימלעכקייטן פון דעם היסטאָרישן רוים, צו זען אירע חורבות — איבערבלײַבענישן און פילן מיט אַלע פיבערן פון מײַן נשמה, אַז ווען הײַנט וואָלט משה העס באַדאַרפט שרײַבן זײַן בוך, וואָלט ער עס אַ נאָמען געגעבן: „ירושלים אין רוים"...

איך האָב אויסגענוצט די פאַרבליבענע פרײַע צײַט אויף צו לייענען ביכער, ספרים און ווערטפולע אַרטיקלען. נאָך אַ שטיקל צײַט־אַפּלויף איז מיר אויסגעקומען צו לייענען אַ גרעסערע פּאָליטישע אַרבעט פון דעם גוט באַקאַנטן זשורנאַליסט און טאַלאַנטפולן פּובליציסט א. ליבנה, וואָס דער מחבר האָט אַ נאָמען געגעבן: „מבט לתוך התהום" (אַ בליק אינעם אָפּגרונט) אין דער דאָזיקער אַרבעט מאַכט דער מחבר אַ טיפן אַנאַליז איבערן גײַסטיקן מהות פונעם סאָוועטישן רעזשים און ער דרינגט אַרײַן, ווי מיט אַ שאַרפן אָדלער־בליק, אין סאַמע אָפּגרונט אין דעם דאָזיקן מלוכה׳שן און אידעאישן, אָדער אידעענלאָזן דזשאָנגל.

פון יעדער שורה פילט דער לייענער, ווי דער אויטאָר פּרווט מאַכן אָביעקטיוו פאַרגלײַכן צווישן סאָוועטישן רעזשים און אַלע אַנדערע — ביז איצט עקזיסטירנדיקע מלוכה־פאָרמען אין דער וועלט און ליבנה וואַרפט אָפּ קאַטעגאָריש די מיינונג ביי אַנהענגער, אַז דער סאָוועטישער רעגירונגס סיסטעם איז אַ „נײַער אין דער מענטשהייט און מען דאַרף אים פאַרשטיין, אָבער דער מחבר, פונקט ווי יעדער ייִדיש־נאַציאָנאַלער לייענער, טראָגט אַרויס דעם גערעכטן פּסק דין, אַז דער סאָוועטישער רעזשים, פאַרמאָגט ניט קיין מאָראַלישע פּרינציפּן, איז אויסגעליידיקט פון סאָציאַליסטישן אינהאַלט און זײַן גאַנצע קולטור איז אַן

אויפגעבלאָזענע ביליקע פּראָפּאַגאַנדע, וואָס דאַרף דינען דעם אינטערעס פון דער מלוכה־מאַשין, אין וועלכער יעדער בירגער־שקלאַף איז אַ באַשטימטער מעכאַני־שער באַשטאַנד־טייל.

דערפאַר איז ראַטנפאַרבאַנד אַ טיפער, אַן אומענדלעכער תהום, אין וועלכן ס׳קאָנען בשום אופן נישט אַריינדרינגען די ליכט פון וויסן און די שטראַלן פון פרייהייט, דער רעספּעקט צום מענטשלעכן לעבן און די טאָלעראַנץ צום אַנ־דערש־דענקנדיקן רוסישן שרייבער, בירגער, וויסנשאַפטסמאַן און אַרבעטער. במשך פון 50 יאָר איז נגזר געוואָרן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אויסצוראָטן די אמתע מענטשלעכע קולטור, אויסצוטריקענען די קוואַלן פון אַלמענטשלעכן גייסט. אמת, דער רעזשים האָט געשאַפן ריזיקע פאַרש־לאַבאָראַטאָריעס, אויפגעשטעלט אַ וויסנשאַפט, אָבער צו די דענקנדיקע וויסנשאַפטלער, טעכניקער און דערפינ־דער זיינען איינגעשפּאַנט געוואָרן אינעם פּאַרטיי־וואָגן, אַריינגעלייגט געוואָרן אינעם פּאַרטייאישן סדום־בעטל, אין וועלכע ס׳זיינען אויסגעליידיקט געוואָרן פון זייער אינהאַלט אַלע מוחישע מחשבה־אינסטרומענטן, פּונקט ווי ווערטער און באַגריפן האָבן פאַרלוירן זייער אויטענטישן תוכן, אַזוי זיינען אויף זייער פּלאַץ געקומען ערזאַץ־געדאַנקען פאַר גייסט און קולטור, מיט וועלכע מען האָט גע־שאַפן אַ נייעם סינטעטישן פּרצוף פּנים אָן אַ נשמה פאַרן נייעם סאָוועטישן מענטש.

אַרום דעם דאָזיקן פּראָבלעם פון ליכט און פינסטערניש, ווען דאָס לעצטע איז גובר און האַלט אָפּ איין נצחון נאָכן צווייטן, בפרט איצט, ווען סאָוועטישע הערשער משפּטן היינט שרייבער פאַרן האָבן אַנדערע מיינונגען, פאַר אַרויס־ברענגען אויפן פּאַפּיר זעלבסטשטענדיקע געדאַנקען, הויפּטזעכלעך היינט, ווען ראַטנפאַרבאַנד איז אָפן אַנטיסעמיטיש, ברוטאַל אַנטי־ציוניסטיש און לעיני כל העולם — רוצחיש — פאַרבונדן מיט דער אַראַביש־נאַצישער וועלט, גראַד היינט צו טאָג קלינגט אליעזר ליבנהס אורטייל, הגם זיין „מבט לתוך התהום״ איז געשריבן געוואָרן מיט אַ צייט צוריק, ווי אַ באַרעכטיקטער קעגן פּסק דין אויף אַלע סאָוועטישע פּראָצעס און מאָרד־האַנדלונגען קעגן מיליאָנען אומשולדיקע מענטש. ליבנה רעכנט אויס, וואָס אין סאָוועט־רוסלאַנד איז נישטאָ: „נישטאָ קיין אָרגאַניזאַציע־פרייהייט, אַ פאָלק לעבט אָן פרייהייט צו שרייבן מיט אַ פאַרמאַכט מויל, מען האָט אפילו נישט קיין פרייהייט צו שווייגן, אין לאַנד עקזיסטירט נישט קיין פאַרש־פרייהייט, נישטאָ קיין פרייהייט צו האָבן פאַרבינ־דונגען מיט אויסלאַנד און די יוסטיץ איז פאַרמשפּט צו געהאָרכזאַמקייט פון דער פּאַרטיי און „אירע הערשער״. די סאָוועטישע דיאַלעקטיק איז אַ פאַלשע און טראָגט אויף זיך אַ חותם פון אַ מלוכהשע פאַרמאַליטעט: „דאָס אַנעקסירן פרעמדע לענדער טראָגט ביי דעם רעזשים דעם הויך־קלינגנדיקן נאָמען: „באַפריי־

אונג פון פעלקער״ — ביוראָקראַטישער דו־לינגוויזם — „סאָציאַליסטישע פלאַ־ניפיקאַציע״, די פּאַרטיפונג פון אומגלײַכהייט — „די ליקווידאַציע פון קלאַסן־אונטערשיידן״, דאָס צעשמעטערן ביזן יסוד די מענטשלעכע פרײַהייט — ווערט אָנגערופן „פאָלקס־דעמאָקראַטיע״, דאָס סטימולירן רעוואָלוציעס, אינוואַזיעס, סאָציאַלע אויפרודערונגען אין פאַרשיידענע לענדער, אַרײַנגערעכנט לאַטיין־אַמעריקע, ווערט באַצייכנט אַלס קאַמף צו שטאַרקן דעם וועלט־שלום, די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פאַר מיליאָנען בירגער ווערן דורך די פריערדיקע, ווי מצד די הײַנטיקע הערשער אָנגערופן „דערציערישע אַנשטאַלטן״, דערצו קומט נאָך דאָס מיאוסטע פון דער עקלהאַפטיקסטער מאַסן דערציאונג צו פאַרגעטערן, פריער איין מנהיג — סטאַלין, הײַנט די מנהיגים פון קאָלעקטיווער מלוכה־אַנפירערשאַפט, דינענדיק זיי ווי צו מענטשן־געטער און דערבײַ ווערט אַזאַ פאַנאַטיזם אָנגערופן: „דער נײַער סאָוועטישער מענטש אַלס מוסטער פון פראָגרעס״.

אליעזר ליבנה עפנט אויף ברייט די בלעטער פון דער „גרויסער רוסישער ענציקלאָפּעדיע״, וואָס האָט באַדאַרפט ווערן, מישטיינס־געזאָגט, דער נײַער תנ״ך פאַר דער פּראָגרעסיווער מענטשהײַט״, אָבער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז נישטאָ קיין פּלאַץ, ווו עס זאָל פונקציאָנירן דער זכרון, און ס׳איז אַוודאי נישט צו געפינען די גרעניץ, וואָס טיילט אָפּ דעם שקר פונעם אמת.

דער נײַער סאָרט מענטש, וואָס די סאָוועטישע רעוואָלוציע — האָט אויס־געפאָרעמט האָט נישט דעם צלם אלוקים, די קיטשקאָס, פעדערענקאָס, איוואַנאָווס און זייערס גלײַכן, באַשטעטיקן דאָס, נאָר זיי זײַנען געשאַפן געוואָרן אינעם געשטאַלט פון אַ גולם.

וויפל וועט נאָך די וועלט, די מענטשהייט, מדינת ישראל און דאָס ייִדישע פאָלק לײַדן פון דעם דאָזיקן ריזיקן גולם?

אין די סודות פון דער צײַט ליגט פאַרבאָרגן דער ענטפער...

ב.

## רבנישע מחלוקת נישט לשם שמים...

דאָס ייִדישע לעבן, אין אַלע צײַטן און אין אַלע דורות איז פון מאָל צו מאָל, אויפגעטרייסלט געוואָרן פון רבנישע מחלוקתן, וועלכע האָבן מער ווי איינמאָל געדראָט מיט קהלה־שפּאַלטונגען און יאָרנלאַנגע אינערלעכע סיכסוכים צווישן ייִדן. איז נאָר באַפרײַט געוואָרן אַלט־ירושלים און דער כתל המערבי — איז תיכף אַנטשטאַנען אַ ריב־הרבנים, איז איצט אָפּגעהאַלטן געוואָרן, אין ירושלים דער

כינוס פון בתּי כנסיות פון דער גאַרער ייִדישער וועלט, זיינען די גאַסן פון דער עיר הקודש געווען פאַרפלייצט מיט פאַרשיידענע קעגנערישע אויפרופן מצד אַגודת ישׂראל און איר גייסטיקער פירער און די אָנהענגער פון סאַטמאַרער רבי'ן האָבן אויך נישט געשוויגן, די זיצונגען פון כינוס האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט אהבת ישׂראל און אַוודאי נישט מיט געפילן פון שבת אחים גם יחד־אויפגאַבן, דער כינוס פון די בתּי־כנסיות, מיט דער אויפגאַבע צו דערנענטערן אַשכּנזישע און ספרדישע קהילות, צו שמידן אַחדות ישׂראל אינעם רעליגיעזן סעקטאָר אין דער ייִדישער וועלט און אים פאַרבינדן מיט דער ייִדישער מדינה, איז דאָך פאַר־געקומען נאָך דער מלחמה ששת הימים, אָבער ווען ס'קומט צו רבנישע מחלוקתן ווערן פאַרגעסן אפילו היסטאָרישע אויפגאַבן און די העכסטע געבאָטן פון דער איצטיקער — פאַר ייִדן־הרת עולמדיקער־צייט.

אינעם ייִדישן פאָלקס־זכרון זיינען נישט נאָר באַהאַלטן די נעמען פון אַזעל־כע רבנים, וועמענס לעבן האָט זיך נאָר געדרייט אַרום איינמאָנען שחיטה־אָפּצאָל, באַקומען יזכור־געלט און מסדר־קידושין אָפּצאָל — און נאָר אין ייִדישן קאָלעקטיוון פאָלקס־מוח זיינען, אויף אייביק, איינגעקריצט געוואָרן די גרויסע גייסטיקע רעליגיעזע מנהיגים, וועלכע האָבן זיך דערווייטערט פון גשמיות און זיך איבער־געגעבן בלב ונפש, מיט קדושה און מיט אמונה צו די צרכי ציבור־פליכטן, כדי צו טראָגן דעם עול פון דער קהילה און זיין גרייט זיך אַפילו מקריב צו זיין פאַר דער עדה. נישט אומזיסט האָט דאָס פאָלק געקרוינט אַזעלכע רבנים מיטן טיטל „המאור הגדול", „דאָס גרויסע ליכט" און אין אונדזער דור האָבן זיי באַקומען די ערן־באַצייכענונג: „צדיק יסוד עולם", מיט אַזעלכע טיטלען זיינען אַ סך פון די רבנישע גדולים געבליבן מיט אַן אייביק לעבן אין דער ייִדישער געשיכטע.

דער אמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַ גרויסע צאָל רבנים אין דער ייִדישער מדינה זיינען פאַרנומען מיט מחלוקתן. ס'זיינען דאָ פּרעכטיקע אויסנאַמען אין דער ישׂ־ראלדיקער רבנים־וועלט, אָדער מיט אייגענע קליינ־אינטערעסן, מיט זאַמלונגען פאַר ישיבות און מיט באַקעמפן אַנדערע רעליגיעזע ריכטונגען. דווקא זיי, די רבנים פון ישׂראל, האָבן מיטן אויפקום פון דער מדינה באַקומען אַ ברייט פעלד פון רעליגיעזע לייסטונגען, וויפל רבנים האָבן אַראָפּגענידערט פון זייער כסא הכבוד צו פאַרברענגען מיט זייערע ברידער, געקומענע פון אַלע גלותן? ווער האָט זיך פון זיי געטיילט מיט זייער ווין אויף קידוש און מיט זייער חלה אויף שבת? ווער האָט געשאָנקען אַ גוט וואָרט און ווער האָט פאַרלייכטערט דאָס געמיט פון אַ סך פון די עולים, וואָס האָבן זיך אין דעם געגוויטיקט? ווער פון די רבנישע פרויען האָבן אויסגעוואַשן אַ קעפּעלע פון אַ תימנער קינד, ווער פון זיי האָט געבראַכט אַ ליכט אין אַ חושכדיקער שטוב פון אַ נייעם עולה פון מאַראָקע אָדער דאַגאַסטאַן?

ס׳איז שוין די העכסטע צייט, אַז אונדזערע רעליגיעזע מנהיגים זאָלן זיך באַהעפטן מיט „פרקי־אבות״, מיטן „חובת הלבבות״, מיטן „מסילת ישרים״, פאַרשפּרייטן די תורה פון אהבת ישראל לויטן נוסח פון ר׳ לוי יצחק, אַריינ־ברענגען די דביקות און די גוטסקייט אינעם יידישן לעבן פון בעל שם טוב.

רבנים מוזן וואָס פריער אויפהערן די אינערלעכע מחלוקתן. סיי אין די תפוצות ישראל, והן אין דער מדינה דאַרפן זיי ווערן מוסטערן פאַר מסירת נפש, פון אַהבת ישראל און טרייַשאַפט צו דער יידישער מדינה.

רבנים דאַרפן זיין גייַסטיקע מנהיגים און נישט קיין קאַלטע עגאָ־צענטרישע פונקציאָנאַרן...

# אַ שנייאיק־ווייסע ירושלים

## (איינדרוקן פון ישראל)

אויפן צווייטן טאָג פון מײַן אָנקומען אין מדינת ישראל פיל איך דעם יחידישע צער פון ייִדן און דעם קאָלעקטיוון ייִדישע ווייטיק אין לאַנד, וואָס דאָס פאַרשווינדן פון אַ ייִדישן סובמאַרין „דקר״, מיט זײַן טײַערער און אומפאַרגעס־לעכער מאַנשאַפט האָט גורם געווען.

איך געפין מיך אין תל אביב, די שטאָט איז אײַנגעהילט אין וואָלקנס, אין דרויסן פליוכעט אַ רעגן, דער ווינט בלאָזט מיט קראַפט און דער הימל איז שוואַרץ, פונקט ווי ער וואָלט מיטגעטרויערט אויף דעם אומקום פון נײַע 69 ייִדישע גבורים.

באַלד נאָך מײַן אָנקומען אין חיפה האָט שוין מײַן האַרץ מיר נישט געגעבן קיין מנוחה. ס׳האָט מיר אונטערגעזאָגט און אונטערגעיאָגט צו פאָרן וואָס שנע־לער קיין ירושלים, אָבער די אַזכרה לזכר פון מײַן פאַרשניטענער קהילה ניעמי־ראָוו, וואָס מײַנע בני־עיר האָבן דורכגעפירט מיט מײַן באַטייליקונג, האָט מיך געברענגט קיין תל אביב. ביי אַ שטימונג פון „דקר״־אומקום און אַזכרה־געפילן האָט זיך ביי מיר פאַרשטאַרקט דער רצון צו זײַן אין ירושלים השלימה און ביי איר געפינען אַ פאַרלײַכטערונג צו מײַן פערזענלעכן מצב־רוח און אפשר אַ שטילע טרייסט צום כלל־ישׂראלדיקן טרויער...

איך האָב געוואָלט זען, און וואָס פריער, דעם כותל המערבי, טרעטן אויף דער ערד און די נביאים און דורך ביידע פילן ייִדישע נצחיות. נאָר ביים כותל המערבי, האָב איך געטראַכט, קאָן מען זיך מתייחד זײַן מיט אַלע ייִדישע גבור־רים, קדושים וטהורים, ייִדישע חיילים פון צבא הגנה לישראל, וועלכע האָבן זיך מקריב געווען אין הונדערטער שלאַכטן פאַר ישראלס זיכערקייט. אַוודאי פאַר דער גאַנצקייט פון דער אייביקער ירושלים.

אָבער וואָס מער איך האָב געבענקט צו דער דאָזיקער שטאָט אַלץ מער האָט אין תל אביב גערעגנט און אין ירושלים געשנייט. „קול ישראל״ האָט אַלעמאָל געמאָלדן וועגן גרויסע שניי־שטורעמס אין שטאָט, ווי אין דער אומגעגנט, אַז די גאַסן זיינען פאַרשאָטן מיט שניי, דאָס זעלבע דער שאָסיי. נישט אַנדערש, האָט זיך געגלוסט צו טראַכטן, ווי נאָר דער רוסישער ווינטער האָט „אינוואַדירט״

ירושלים. איך וואָלט תיכף מסכים געווען צו אַזאַ ווירקלעכקייט, אַז דער קרעמ־
לין מיט זײַנע הערשערס זאָל אַזוי לאַנג דויערן, ווי לאַנג דער שנײַ האַלט אָן
אין ירושלים...

איך האָב געהאַט מזל אויף צו שטילן מײַנע בענקענישן צו ירושלים און
דאָס איז געקומען צום אויסדרוק דורך דעם גאַסטפרײַנטלעכן זשעסט פון אַ
ווירדיקן ישראל־תושב, וועלכער פאַרנעמט דעם וויכטיקן אַמט אַלס דירעקטאָר
פון „בית־אַרגנטינה" אין ירושלים. ער האָט מיך אין אַזאַ טאָג, ביי אַזעלכע
רעגנס און שנייען, דער עיקר אין מיטן פון אַזעלכע מחשבות, איינגעלאַדן צו
באַזוכן ישראלס הויפּטשטאָט, ווײַל ער מוז דערליידיקן ערנסטע אויפגאַבן און
דווקא הײַנט. פאַר פרייד בין איך אויפגעשפּרונגען פון מײַן בענקל און מסכים
געווען צו דער פאַרבעטונג. אין געציילטע מינוטן שפּעטער האָט שוין זײַן קליי־
נער אויטאָ מיך געפירט איבער די גאַסן פון דער שיינער און גרויסער תל־אביב
און אָט געפינען מיר זיך שוין אויפן וועג, וואָס פירט קיין ירושלים. די וועג־
זײַטן זיינען באַדעקט מיט פריש־געפאַלענעם שניי, אין דרויסן בלאָזן שטאַרקע
און אײַזיק־קאַלטע ווינטן, אָבער אין האַרץ פיל איך אַ וואַרעמקייט, די נשמה
איז פול מיט פרייד, ווײַל אין מיטן דער רײַזע, זעט מען אין אַ זײַט, אויף אַ
גרויסן פלאַץ אומענדלעכע רייען פון קריגס־וועגענער פאַנצער־אויטאָס, דזשיפּן,
אַרטילעריע, טאַנקען און צענדליקער אַנדערע סאָרטן געווער, וואָס די העלדישע
ישראל־אַרמיי האָט צוגענומען ביי די צעשלאָגענע אַראַבישע לויף־סאָלדאַטן. דאָס
פיזישע אויג זעט דאָס און אַ יידישע נשמה ווערט פאַרפלייצט פון נחת און אַלע
אברים זינגען אין דיר אַ נײַעם ניגון, וועלכן מיר האָבן אים 2.000 יאָר נישט
געזונגען...

מיר פאָרן ווײַטער און דר. קליינער זאָגט מיר מיט פרייד, באַגלייט מיט
אַ געמאָסטענעם נאַציאָנאַלן שטאָלץ: דאָ, אויף דעם פלאַץ איז פריער געווען
„קיינעמס לאַנד" צווישן ישראל און עבר הירדן, אויף דעם פונקט פון שאָסיי,
האָבן שוין געהערשט די לעגיאָנערן פון קעניגל כוסיין, צוליב זײַן ממשלה אי־
בער דער דאָזיקער זאָנע, האָבן יידן געהאַט אַן אַנדערן וועג, אַ שכנותדיקן, וואָס
האָט געפירט יידן קיין ירושלים, הײַנט געפינט זיך דאָס אין יידישן רשות. מיר
פאָרן ווײַטער און מיר קומען אָן אויף דעם אָרט קעגנאיבער לאטרון, זכרונות
טויכן אויף אין מוח און זיי דערמאָנען אין יענעם גרויסע שלאַכטן פון 1948,
אין דער באַפרײַאונגס־מלחמה, ווען די הגנה־סאָלדאַטן האָבן עטלעכע מאָל גע־
שטורעמט די אַראַבישע פּאָליציי־סטאַציע, כדי איר אײַנצונעמען און ס׳איז נישט
געלונגען. יידיש בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן און הונדערטער חיילים האָבן באַ־
צאָלט מיט זייער יונג לעבן. יידער איז דער אַראַבישער לעגיאָן געווען שטאַרקער,
בעסער באַוואָפנט און לאטרון איז געבליבן אין ירדן־טעריטאָריע. דער פּאָליציי־

בנין איז געווען דער פריערדיקער עדות פון אַ ייִדישע מפּלה אויף שלאַכטפעלדער, הײַנט איז לאַטרון נאָר איינע פון די צענדליקער און הונדערטער אַראַבישע מקו־מות, וואָס ווײַזן אָן אויף דעם צעשטעטערנדיקן קלאַפּ פון גוסיינען און זײַן לעגיאָן, ווען די ייִדן האָבן דערלאַנגט ביד רחבה.... דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון ייִדי־שע קעמפערס אויף צו דעראָבערן לאַטרון אין יאָר 1948 — האָט באַקומען אַ תיקון אין דער מלחמה ששת הימים, וואָס האָבן נישט נאָר גרויס געמאַכט די ייִדישע מדינה געאָגראַפיש, נאָר דערהויבן דעם כבוד פון ייִדישן פאָלק, צו דער הויכער מדרגה פון וועלט־רום און רעספּעקט.

קעגנאיבער לאַטרון, פון אַ ווינקל־זײַט, זעט מען דעם „קלויסטער פון די שווײַגער", „מנזר השתקנים", אין וועלכן עס לעבן מיטגלידער פון אַ קריסטלע־כן אָרדען, וועמעס אָנהענגער שווײַגן, ריידן נישט איינער מיטן צווייטן, נאָר ווען דאָס ריידן איז אַ נויטווענדיקייט. ביי די דאָזיקע קאָנסעקווענטע שווײַגערס איז מעדיטאַציע דער עיקר, דאָס לעבן אין אַזאַ שטילקייט מוז זיכער האָבן אַלע סמנים פון אַ בית־עולם מיט לעבעדיקע מענטשן, פון דעסט וועגן פאַרקויפן זיי פלעשער ווײַן, געמאַכט אין זייער אייגענעם ווײַנקעלער, פון אייגענע טרויבן, פאַרפלאַנצטע אַרום זייער מאָנאַסטיר. פאַרנדיק נאָך ווײַטער אויפן וועג קיין ירושלים, באַגעגנט מען זיך מיט איבערבלײַבענישן פון דער מלחמה השחרור, פאַרברענטע קאַמיאָנען, סתם געפּאַנצערטע וועגענער וואָס די „הגנה" האָט מיט זיי געוואָלט דורכרײַסן אַ באַלאַגערונג פון די אַראַבער אַרום ישראלס הויפּט־שטאָט. אַ סך פון די דאָזיקע אימפּראָוויזירטע פּאַנצערס האָבן דורכגעריסן דעם אַראַבישן רינג, אָבער אַנדערע וועגענער ליגן צעשטערטע, פאַרברענטע און דער מוח מוז טראַכטן וועגן די לעבעדיקע הגנה־קעמפערס, וועלכע האָבן זיך געפינען אינעווייניק און האָבן שוין ירושלים מער נישט געקענט זען.

די דאָזיקע צעשטערטע ייִדישע פּאַנצער־וועגענער אויפן וועג, פון ביידע זײַטן קיין ירושלים זיינען געבליבן מאָדנע, האַרצרײַסנדיקע מצבות לזכר די אומ־געקומענע העלדן פון ישראל.

נאָענט צו ירושלים אויף אַ הויכן באַרג שטייט אַ פּשוטער דענקמאָל מיט ריזיקע שפּיצן, ווי זיי וואָלטן זיך געריסן פון זייער פּלאַץ אין דער ווײַטקייט אַרײַן און די זעלבע שטעלן מיט זיך פאָר דעם אָנדענק פון די פורצי־הדרך, פון די וועג־אויפרײַסער פון די איבערברעכער פון די אַראַבישע וועג־פאַרצוימערס.

דאָס אַלץ צוזאַמען לאָזט אויף דיר איבער אַן אויסערגעוויינלעכן רושם, וואָס נישט די צײַט און קיין שום געשעעניש זיינען ביכולת אים אָפּצושוואַכן. איך טראַכט נאָך אַ קיימא לן פון 2.000 יאָר גלות, פאַר איך, אַן אור־אייניקל פון אַ סך ייִדישע דורות, צו דער הויפּטשטאָט פון מדינת ישראל, ווו עס ווערט נישט נאָר אויפגעלעבט דער ליכטיק־ייִדישער עבר, נאָר אויך די שיינע און אייביקע ייִדישע צוקונפט. ס'הערשט נישט קיין אַנדערער געפיל אין הארץ, קיין אַנ־

דערע מחשבות אין מוח, ווי נאָר די טיפע איבערצייגונג, אַז דאָס אַלץ שטעלט מיט זיך פאָר ייִדישע אייביקייט.

## ירושלים אין שניי

מיר זיינען אַריינגעפאַלן קיין ירושלים פאַר נאַכט. אין דרויסן האָט שוין געטונקלט און די נאַכט האָט ביסלעכוויַיז געגומען הערשן, עלעקטרישע ליכטער האָבן געפינקלט פון אַלע גאַסן, וואָס דאָס אויג האָט נאָר געקענט אַרומנעמען, פון די הייַזער און קוואַרטאַלן אויף פאַרשיידענע באַרג־הויכקייטן, האָבן עלעקטרישע לאָמפּן, גרויסע און קליינע, גענומען די אויבערהערשאַפט איבער דעם נאַכט־חושך פון ירושלים, איבער דער שטאָט האָט אַן אויפהער דער הימל געשאָטן מיט שניי. די דעכער, די גאַסן — באַדעקטע מיט פראַסטיקער וויַיסקייט, האָבן זיך אויסגעמישט מיט די בלענדנדיקע ליכטער פון דער שטאָט, שאַפנדיק עפּעס אַ ליכטיק־וויַיסע וועלט, וואָס איז איַינגעהילט אין אַ היסטאָריע פון טויזנטער יאָרן...

מיט פרייַנט ד״ר קליינער שטעלט אָפּ זיַין אויטאָמאָביל לעבן „בית אַרגענטינה״ און גיט מיר אַ קלאָרע אָנצוהערעניש, אַז ס׳וועט גאָרנישט זיַין לייַכט צו פאָרן אין אַזאַ טיפן שניי איבער ירושלים, כדי איר צו זען אין דער איצטיקער קדושהדיקער און געאָגראַפישער שלמות, וויַיל די רעדער פון אויטאָ גליטשן זיך און ס׳איז פאַראַן די סכנה פון אַ וועג־מכשול.

מיר גייען אַריַין אין „בית אַרגענטינה״ און איר דירעקטאָר דערציילט מיר וועגן די אויפטוען, דערגרייכונגען און צילן פון די עסקנים, וועלכע באַשעפטיקן זיך מיט „אַרגענטינער הויז״ אין ישראל. דאָס איז אַ קליינער ווינקל פון אַ גרויסער פאַרברידערונג צווישן צוויי פעלקער, דעם ייִדישן און אַרגענטינער. דער „בית אַרגענטינה״ שטעלט מיט זיך פאָר אַ לעבעדיקע בריק, מיט זייער אַ וויכטיקע פּאָליטישע באַדייַטונג צווישן ביידע אומות. איך גיי אַרום איבער די צימערן, דאָס הויז איז נישט קיין גרויסער רחבת־ידיים, אויף די ווענט ווונדערבאַרע בילדער פון אַרגענטינער מאָלער. איר זעט פאַרשיידענע אַרגענטינער פייסאַזשן, אַ גרויס וואַנט־בילד מיט אַ שטיק פונעם בוענאָס־איַירעסער צענטער אַרום דעם אָבעליסק אויף דעם רעפּובליק־פּלאַץ פון אַרגענטינער הויפּט־שטאָט; עס זיינען דאָ אַרגענטינער נאַציאָנאַלע סימבאָלן און האַנט ביַי־האַנט מיט די ישראלדיקע מאָטיוון — שאַפט זיך דער אמתער איַינדרוק פון אַן עקזיסטירנדיקע ישראל־אַרגענטינער פריַינטשאַפט אויף יסודות פון קעגנזיַיטיקן רעספּעקט, ווירדיקע האַנדלונגען און אַ רצון צו שטאַרקן דעם צווייאיקן פעלקער קשר. דער

מנהל פון „בית אַרגענטינה" דערציילט מיר אַ סך פון די באַזוכן, וואָס פּראָמינענטע אַרגענטינער האָבן געמאַכט אין ישראל, ווו זיי זיינען מיט ליבע און וואַרעמקייט אויפגענומען געוואָרן פון דער ליכטיקער פערזענלעכקייט, פון דעם אמתן אוהב ישראל, זיין עקסעלענץ ראָדאָלפאָ באַטיערעס, דער אַרגענטינער אַמבאַסאַדאָר אין ישראל, וואָס איז דער גרויסער שמידער פון אַן אויפריכטיקער פרײַנטשאַפט צווישן אַרגענטינע און דער יידישער מדינה, נאָר די זעלבע געסט האָבן געפונען אין דעם „בית אַרגענטינה" בישראל דורך אויפקלערונג, צוזאַמענקונפטן, רעפעראַטן און פרעסע־קאָנפערענצן — דאָס ריכטיקע בילד פון מדינת ישראל און אירע ראַנגלענישן פאַר קיום, אויפבוי און שליחות — דערפילונג פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק, ווי איר אָנשטרענג צו דערגרייכן דעם שלום מיט די שכנים. ד"ר קליינער דערמאָנט אַ גאַנצע ריי פון וויכטיקע באַזוכער פון אַרגענטינע און ישראל, ווי: קאָראָנעל פאפי, פּרוי סולעמאַ דע אַלסאָגאַרײַ, מאַנסעראַ און צענדליקער אַנדערע, וועלכע האָבן באַקומען אַן איבערבליק וועגן היינטיקן ישראל. זיי האָבן געזען דאָס לאַנד לפי זייער אייגענעם יידיש־פרײַנטלעכן גייסט, אָבער מיט דער הדרכה פון „בית אַרגנטינה"־אָנפירער, די אַרגענטינער פערזענלעכקייטן זיינען צוריקגעפאָרן אין זייער פאָטערלאַנד און אין זייערע סביבות. צווישן הונדערטער און מעגלעך — טויזנטער אַרגענטינער, האָבן זיי מיט ענטוזיאַזם דערציילט וועגן דער קעמפנדיקער, העלדישער און זיך בויענדיקער ישראל, און דורך דעם געוואונען הערצער פאַר אונדזער יידיש־נאַציאָנאַלן פרייהייט־ווערק.

אין דער לעצטער צייט האָט „בית אַרגענטינה" אויפגענומען 30 תלמידים פון דעם „אולפן שט" פון דעם 'שווימענדיקן אולפן" ביי דער אַנוועזנהייט פון דעם אַרגענטינער אַמבאַסאַדאָר אין ישראל, וועלכער האָט געהאַלטן אַ באַגייסטערטע רעדע פאַר די אולפן־תלמידים און זיי געזאָגט, אַז „יידישע יוגנטלעכע פון אַרגענטינע מעגן זיין שטאָלץ מיט ישראל, וואָס איז נישט נאָר דאָס פאָטערלאַנד פון יידישן פאָלק, נאָר אַ רעאַלער צושטייער צו דער אַנטוויקלונג פון דער בעסערער מענטשהייט".

אויפן אָרט, אין „בית אַרגנטינה", אין דער שטאָט ירושלים, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג — דורך פאַקטן און ווירדיקע מעשים — אַז אין דער דאָזיקער היים ווערן געטאָן וויכטיקע זאַכן לטובת דער באַפעסטיקונג פון אַ גרויסער פאַרברידערונג צווישן אַרגענטינע און ישראל און פאַרקערט.

דער שניי איז דערווייל געפאַלן אַלץ געדיכטער, די גאַסן זיינען שוין געווען באַדעקט מיט אַ גאַנץ היפשן שניי־שיכט. ירושלים האָט זיך געטונקען אין עלעקטרישן ליכט און אין אַ ווייסן שניי, אין דרויסן האָט געהערשט אַ מוראדיקע קעלט, דער אויטאָ האָט מיר נישט געקענט העלפן רעאַליזירן מיין חלום

פון זען גאַנץ ירושלים צוליב די נאַטור־ און קלימאַט־שוועריקייטן. מיר זייַנען פאָרזיכטיק אַהיימגעפאָרן קיין תל־אביב און מיך האָט באַהערשט אַ פרייד פון דעם, וואָס איך האָב באַזוכט די אייביקע שטאָט, אַ שלימותדיקע, הגם איך בין נישט געווען אין דער עיר העתיקה, דאָס וואָס איך האָב געהאַט דעם זכות צו זען דעם נייַעם וועג קיין ירושלים מיט דעם גאַנצן באַפרייַטן שטח, וואָס ציט זיך פון לאטרון ביז אַלע טיילן פון דער גדה המערבית. אָבער איך האָב געפילט דעם אינערלעכן נשמה־ווייי פון נישט באַקומען די מעגלעכקייט אָנצושפאַרן מייַן קאָפּ אינעם כותל המערבי און מיט די הענט גלעטן די שטיינער, כדי דורך דעם הייליקן באַריר, צו קומען אין פאַרבינדונג מיט אַלע ייִדישע דורות, וועלכע האָבן מיט דער שבועה פון „אם אשכחך ירושלים" געשפּינען גאָלדענע פעדים פון ייִדישער גאולה.

איך בין געווען אין דער גאַנצער ירושלים, וואָס איז געווען איינגעהילט אין שניי, אָבער די אינערלעכע קלאַנגען פון אַ „ירושלים של זהב", האָט אָנגעגליט מייַן האַרץ מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער וואַרעמקייט...

# ביינאַכט ביים כותל המערבי

## (איינדרוקן פון ישראל)

צו אַזאַ צוזאַמענטרעף פון דורותדיקע שטרעבונגען, צו דער הייליקער באַגעגעניש מײַנער מיט כותל המערבי, האָב איך מיך נשמהדיק געגרייט היפּשע עטלעכע טעג. דורות גאַנצע פון פרומע גאָטספאָרכטיקע ייִדן האָבן אויסגעלעבט זייער צײַט מיט בענקענישן צו ארץ ישראל, צו ביאת המשיח, מיט הייליקע האַרץ ציטערנישן: געוואָלט זען מיט אייגענע אויגן דעם כותל המערבי און קיינמאָל האָבן זיי דעם קודש־קדשימדיקן ציל נישט דערגרייכט. אָבער אינעם 21טן יאָר זינט דער אַנטשטייאונג פון דער ייִדישער מדינה, געפין איך מיך אין ישראל, אין ייִדישן היימלאַנד און צײַל די טעג, די שעהן, פון קענען רעאַליזירן דעם שטאַרקסטן ווונטש אין לעבן: אָנצורירן די שטיינער פון דער „טרערן־וואַנט" אין דער אייביקער און איצט גאַנצער — ירושלים.

דעם אמת געזאָגט, האָב איך תיכף נאָך מײַן אָנקומען קיין ישראל, געוואָלט זײַן בײַם כותל המערבי. מײַן צער אויף דער שיף „דן" ביים זוכן דעם פאַרשווונדענעם ייִדישן סובמאַרין, מײַן באַטייליקונג אינעם אזכרה־צוזאַמענקונפט פון מײַנע בני־עיר, אין זעלבן אָוונט פון באַטרעטן די ערד פון אונדזער פאָטערלאַנד, לזכר אונדזער פאַרשניטענער קהילת ניעמיראָוו, דערנאָך די פּטירה פונעם בויער פון דער שטאַרקסטער בריק צווישן ישראל און די ייִדישע תפוצות, דער טאַלאַנטפולער קאָרעספּאָנדענט פון „די פּרעסע", יצחק רימון ז"ל. דאָס אַלץ צוזאַמען, אַזויפיל טראַגיק מיטאַמאָל, האָט מיר דיקטירט דעם ווילן צו זײַן וואָס פריער ביי דער „מערב־וואַנט" אפשר וועט זי זײַן בכוח אויפצובּרעכן דעם צוים, וואָס האָט פאַרהאַלטן מײַנע ייִדישע טרערן און זיך אפשר קענען גוט אויסוויינען ביי די שטומע שטיינער און דאָס וועט מיך אפשר באַפרײַען פון אָנגעזאַמלטן האַרצוויי... האָב איך טאַקע איינמאָל געפּרוווט פאָרן אין דער אייביקער שטאָט אין אַ קאַלטן פּראָסטיקן נאָכמיטיק, דער וועג — אַ פאַרשאָטענער מיט שניי, ירושלים איז איינגעהילט אין אַ שנייאיקער ווײַסקייט, אין אַזאַ ווינטערדיקן נאָך האַלבן טאָג איז גאָרנישט באַקוועם צו פאָרן

אין די שמאָלע געסלעך פון דער עיר־העתיקה, פון דער ירושלימער אַלטשטאָט. די רעדער פון אויטאָ גליטשן זיך אין יעדער פאַר־שפּאַן איז פול מיט סכנות.

די שטאָט האָב איך געזען אין איר ווינטערדיקער פּראַכט און שיינקייט. כ׳בין קוים צוגעפאָרן צו דער גאַס איבן גבירול, ווו עס געפינט זיך „בית אַרגענטינה״, אָבער צום כותל המערבי בין איך נאָך דערגאַנגען מיט הייסן יי־דיש־ציוניסטישן דמיון — דווקא אין אַזאַ קאַלטן טאָג. בלית ברירה בין איך צוריקגעקומען קיין תל־אביב מיט נישט געשטילטע בענקענישן...

די טעג זיינען דערוויַיל געלאָפן און מיך דערנענטערט צום דאַטום פון אַלוועלטלעכן צוזאַמענטרעף פון יידישע זשורנאַליסטן, וועלכער איז שוין פון פריער באַשטימט געוואָרן מצד די אָרגאַניזירער, אַז דער זעלבער זאָל אין זיינע מערהייטס סעסיעס אָפּגעהאַלטן ווערן אין ירושלים און זיך פאַרענדיקן אין תל־אביב.

איין טאָג פריער פאַרן אָנהייבן דעם כינוס־עולמי פון 12טן פעברואַר בין איך שוין געווען אין האָטעל „גני־יהודה״ וואָס געפינט זיך אינעם אַרויס־גערוקטן שטאָט־פערטל תלפיות, דאָס וווין אָרט פונעם נאָבל־פּריַיז טרעגער, ש. י. עגנון. תלפיות איז אַן אינטעגראַלער טייל פון יידישן ירושלים און זי האָט דורכגעמאַכט אַלע גהינומס פון אַראַבישע אַטאַקעס און אויסגעהאַלטן, געוויינלעכן גבורה־קאַמף פון דער לעגענדאַרער צה״ל, איז תלפיות געלעגן האַרט ביַי דער ירדן־גרענעץ און איז געווען ביז צו דער מלחמת ששת הימים, אַ ציל־ברעט פאַר ירדנישע באַוואָפנטע אָנפאַלן.

יעדער מענטש קען פאַרצייכענען וויכטיקע געשעענישן אין זיין לעבן, זיי באַקומען אפילו אַ באַשטימטן טאָג אין יאָר, אין וועלכן מ׳פרישט אויף אין זכרון זייער באַדיַיטונג און אינהאַלט. אויך ביי מיר וועט די נאַכט פון 11טן פעברואַר קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן. אין דעם דאָזיקן דאַטום האָב איך צוגערעדט אייניקע פעןקאָלעגן אַרויסצופאָרן צום כותל־המערבי, כדי אָרומ־צונעמען זיינע שטיינער, פאַרגיסן אין דער נאַכט־שטילקייט פון ירושלים טרערן פון אינערלעכער התלהבותדיקייט, נשמה־עקסטאַז און רמ״ח אברים־ציטער.

די קליינע גרופּע קאָלעגן האָבן פאַרשטאַנען די שטומע שפּראַך פון אַ נישט־אויסגעלאָדענער בענקשאַפט און שוין פאַרן מיר איבער שמאָלע געסעלעך פון אַלט ירושלים, וועמענס איַינוווינער, יידן און אַראַבער, שלאָפן איצט דעם שלאָף פון גערעכטע. די אַלט־שטאָט איז געענוג באַלויכטן און טראָץ דעם, וואָס מ׳זעט נישט פאַר די אויגן קיין יידישן פּאָליציאַנט, זיינען מיר טיף איבער־צייגט, אַז דאָס יידישע מיליטער האָט אַ וואַכזאַם אויג אויף די אַראַבער, כמעט בחצות הלילה זיינען מיר אָנגעקומען צום הר המוריה, צום פּלאַץ, אויף וועלכן ס׳איז געשטאַנען דער בית המקדש.

# ביים כותל המערבי

פון אַ שמאָל געסל זיינען מיר אַרײַנגעקומען אויף אַ ברייטן פּלאַץ, אויף וועלכן ס׳האָבן געהאַלטן וואַך עטלעכע חיילים. מ׳זעט אויף שריט און טריט די סמנים פון אַרבעט אויף צו פאַרברייטערן, אויף צו פאַרשענערן דעם צוגאַנג צום כותל המערבי. אַרום און אַרום הערשט אַ געטלעכע שטילקייט. דער הימל, אַן אַ וואָלקנדל, איז באַלויכטן מיט גרויסע פינקלדיקע שטערן און מיר, עטלעכע ייִדישע זשורנאַליסטן, דערנענטערן זיך צו דער הייליקער וואַנט מיט שטילע טריט. דאָס האַרץ קלאַפּט ווי מיט אַ האַמער און אין זכרון טויכן אויף איינדרוקן פון מײַן אייגענער היים, פון מיליאָנען ייִדישע היימען, אין וועלכע מײַן פאָטער ע״ה און אַנדערע מיליאָנען ייִדן שטייען אויף פון זייערע געלעגערס און פראַוועון „חצות״, פאַרגיסנדיק זיך מיט הייסע טרערן פון אינערלעכן צער אויפן חורבן בית המקדש, ווי פון שטאַרקע בענקענישן צו דערלעבן ביאת המשיח, אָבער איך האָב דאָס פיזיש און גײַסטיק דערלעבט. אפשר האָבן טאַקע טאַטנס טרערן און גאולה שטרעבונגען פון אַזויפיל ייִדן פון אַ סך ייִדישע דורות, דערמעגלעכט מײַן ייִדישן צוזאַמענטרעף מיטן כותל המערבי, וואָס איז מיר נאָענט־באַקאַנט פון מײַן חדר און ישיבה־לערנען, פון מײַנע שטרעבונגען, נאָך פון מײַנע פריִעסטע קינדער יאָרן.

מיט אַ הייליקן נשמה ציטער האָב איך אַרומגענומען די אַלטע שטיינער פון כותל המערבי און מיך געטוליעט צו זיי. כ׳האָב זיי געקושט און טרערן פון עמאָציע, וואָס אַזאַ באַגעגעניש קאָן אַרויסרופן, זיינען געפאַלן אויף זיי. און אויך איצט אין חצות, אָבער חצות הלילה אין ירושלים, ביים כותל המערבי, ווו אַ ייִד פון אַרגענטינע, אַ ייִדישער שרײַבער און אַ ייִד פון בראַזיל, אויך פון דער זעלבער מלאכת הקודש, ווי אויך אַ ייִד פון פראַנקרײַך, וואָס שרײַבט וועגן גאולה און אַ ייִדישער יונגערמאַן, אויך פון בראַזיל, וועלכער פירט אָן מיט אַ ייִדישער ראַדיאָ־שעה, שטייען מיר אַלע און וויינען פון פרייד, פון גליק וואָס מיר האָבן דערלעבט אַזאַ גרויסע שעה אין אונדזער אייגענעם לעבן. איך דריי אויס מײַן קאָפּ צו דער זײַט פון דעם בראַזיליאַנעם ייִדישן יוגנטלעכן און בײַ דער שײַן פון די עטלעכע עלעקטרישע לאָמפּן זע איך זײַנע טרערן פליסן איבער די באַקן. ערווישט זיי אויס, און זיי, די טרערן, שטראָמען ווײַטער. ער כלי־פּעט אין דער שטיל. דאָס דאָזיקע בילד רופט ביי מיר אַרויס עמאָציע און אינערלעכע פרייד. דער יונגערמאַן איז איינער פון די הונדערטער טויזנטער ייִדישע יוגנטלעכע, וועלכע שמידן די גאָלדענע קייט פון ישראל־נצחונות. ביי אַנדערע טיילן פון דעם כותל־המערבי שטייען מיט קעפּ אָנגעשפּאַרטע אין די שטיינער, עטלעכע חסידישע יונגעלײַט פון ישיבות און זאָגן תהלים, האַלטנדיק שמירה אַ גאַנצע נאַכט. ווען איך שרײַב אָן אַ העברעיש צעטעלע מיט אַ ציטער־



דער מחבר ביי א צווייטן באַזוך ביים כותל המערבי

דיקע האַנט וואָס זאָגט: „איך, מרדכי בן יעקב, האָב היינט דיך באַזוכט, כותל המערבי, און ביי דיר געזען דעם גלאַרייכן יידישן עבר און ווייל דו ביסט געווען אַ דעציד־רנדיקער כוח אויפצוהאַלטןביים יידישן פאָלק, במשך פון אַזויפיל דור־רות, בענקענישן צו אויסלייזונג, קוש איך דיינע שטיינער אין אַ באַפרייטע יידי־שע מדינה, אין דער אייביקער עיר הקודש, ירושלים". אין אַ שפּאַלט צווישן די ריזיקע שטיינער האָב איך איבערגעלאָזט דאָס דאָזיקע קוויטעלע.

מיט לאַנגזאַמע טריט זיינען מיר, נאָך האַלבע נאַכט, אַוועקגעגאַנגען פונעם כותל־המערבי. פון אַ גרויסער וויטקייט האָבן זיך געהערט אַרטילעריע־שאָסן, ווי אַ באַוויז, אַז נישט ווייט פון דאַנען שלאָפן נישט די העלדישע יונגעלייט פון צה"ל. מסתמא לערנען זיי די שונאים אַ קאַפּיטל דרך ארץ פאַרן יידישן פאָלק. אָן ספק, אַז יעדער קאַנאָנען־שאָס ציגט איבער די אַראַבער ביים ירדן־טייך, אַז ס'וועט זיי שוין גאָרנישט העלפן, נישט די אָפענע פיינט פון אונדזער גאולה־ווערק, אפילו נישט דאָס נייע געווער, וואָס זיי באַקומען. — ישראל איז אומבאַזיגבאַר!

ביים אַרויסגאַנג אויפן פּלאַץ פון כותל המערבי האָבן מיר זיך צוזאַמענ־געטראָפן מיט אַ קליינע גרופּע יידישע יוגנטלעכע און איינעם פון זיי האָב איך, נאָך מיט פאַרוויינטע אויגן, געפרעגט פון וועלכער יוגנט־באַוועגונג אין ישראל זיי זיינען, האָט ער מיר געענטפערט, אַז זיי קומען פון אַ קיבוץ פון השומר הצעיר. דער ענטפער האָט מיך נישט איבעראַשט. אָבער מיין אינערלעכע פרייד איז געוואַקסן אין גאָר גרויסן פאַרנעם און כ'האָב געטראַכט: נאָך קנאַפּע 2.000 יאָר גלות טרעפן זיך ביים כותל המערבי יידן פון פאַרשיידענע לענדער מיט פאַרשיידענע אידעישע שטרעבונגען. אַ יידיש־פּאָרטוגעזישער יונגערמאַן פון בראַזיל, וועלכער איז נישט ביכולת איינצוהאַלטן זיין טרערן־שטראָם, די חסי־דישע יונגעלייט, וואָס, זאָגנדיק תהלים, האַלטן זיי שמירה ביי דער הייליקער וואַנט און אַ גרופּע פון השומר הצעיר. — דאַרפט איר האָבן אַ שענער בילד, וואָס זאָל ווייזן אחדות־ישראל, ווי דאָס דאָזיקע בילד פון דער היינטיקער גרוי־סער ישראל־ווירקלעכקייט? דאָס איז, בלי שום ספק, דער צוזאַמענגוס פון יידן, וועמענס מחשבות און שטרעבונגען ציען זייער אידעיש־גייסטיקע יניקה פון דעם אייביקן קוואַל פון אהבת ישראל, וואָס נאָר דורך אים קאָן מען דער־גרייכן די הויכקייטן פון אַן אמתן מיזוג הגלויות. דער כותל המערבי איז איי־נער פון די היינטיקע גרויסע גייסט־פאַקטאָרן, וועלכע שמידן יידישע פאָלקס־אייניקייט אַרום מדינת ישראל.

אַ יידישע פאָלקס־לעגענדע האָט אויף זיך, שוין פון לאַנגע יאָרן צוריק, גענומען די שליחות אויפצוקלערן דעם מיסטישן כוח, וואָס האָט אויפגעהאַלטן און שטענדיק געראַטעוועט דעם כותל המערבי פון חורבן, ווייל „זי איז געבויט געוואָרן דורך אָרעמע יידן און דורך שלימותדיקע יידן".

הײַנט ווערט דאָס גאַנצע לאַנד געבויט פון יידישע מאַסן, דורך דער וואַנ־דערלעכער ישראל יוגנט, וועלכע זוכט ניט קיין מאַטעריעלע נוצן. אַ יוגנט, סײַ אין מיליטערישע אוניפאָרמען פון צה״ל והן אין אַרבעטער קליידער, אויף די פעלדער און אין די פאַבריקן פון ישראל, זוכן נישט חיי־שעה דערגרייכונגען, נאָר קעמפן ווי אָרעמע און שלימותדיקע יידן פאַרן קיום און המשך־בוי פון דער יידישער מדינה. דאָס דאָזיקע ווערק וועט דערפאַר פאַרבלײַבן אַ דבר של קיימא, — פונקט ווי ס׳איז געבליבן אַן אייביקייט דער כותל המערבי.

דער דיכטער אהרון צייטלין זינגט אין זײַן „געזאַנג לכבוד ירושלים עיר הקודש״ אַזאַ ווערטער ניגון: — „ירושלים, מאַמע געטלעכע, באַשענק דײַן קינד, וואָס גייט אָן ליכט, מיט שטראַלן, חסד־שטראַלן עטלעכע און אָטעם אויף אין זײַן געדיכט״, „כ׳וויל אין דײַן כותל נישט צום אײַנלייגן, מיט טרערן אויסברע־נען אַ שפּאַלט און מײַן נשמה דאָרט אַרײַנלייגן — ביז טעג פון אחרית — אויף באַהאַלט״.

אויב יידן שווערן נאָך מיט דער שבועה פון „אם אשכחד ירושלים״, מוז איך זאָגן, דאָס וואָס איך וויל, דאָס וואָס איז פאַרבליבן אין מײַן זכרון, אַוודאי — אין מײַן נשמה, אַז מיין באַזוך ביים כותל המערבי, אינמיטן נאַכט אין ירושלים וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן.

# ירושלים — אַ פעסטונג פון נצח ישראל

אין דער לעצטער צײַט האָבן ווידעראַמאָל פּאָליטישע אינטריגאַנטן און פּרו־מאַקישע העצער אַקטואַליזירט די פראַגע פון אינטערנאַציאָנאַליזירן ירושלים, קיינער פון אָט דער דאָזיקער קליקע קאָן נישט פאַרטראָגן דעם וווקס פון ירו־שלים, וואָס איז אַזוי ייִדיש, ווי זי איז אייביק, הבא נתחכמה׳ס ווערן געלאָזן אין גאַנג אויף דער וועלט־אַרענע, אָבער דאָס ייִדישע פאָלק שטייט אויף דער וואך אָפּצוהיטן זײַן הויפּטשטאָט, פּונקט ווי אַ סך ייִדישע דורות האָבן דאָס געטאָן אין אַלע צײַטן.

„ירושלים דדהבא — ירושלים די גאָלדענע שטאָט", — מיט דעם דאָזיקן נאָ־מען איז זי אײַנגעקריצט געוואָרן אין די הערצער פון אונדזערע נביאים, פּאָעטן און פרײַהייטס־קעמפער אין דער ביבלישער עפּאָכע, וועגן דער שטאָט ירושלים האָט די ייִדישע פאָלקס־פאַנטאַזיע געוועבט לעגענדעס, משוררים האָבן אויסגע־זינגען האַרצבענקנדיקע ליבע־געזאַנגען ווי זיאָנערן האָבן געטרוימט וועגן איר אַלס אַ צענטער פאַרן וועלט־שלום און פעלקער־פאַרברידערונג און זי איז דער עיקר פאַרבליבן די נשמה, דער מוח, דאָס האַרץ און די אויגן פונעם גאַנצן ייִדישן פאָלק און הײַנט איז די אייביקע ירושלים ווידער די הויפּטשטאָט פון מדינת ישראל.

נישטאָ נאָך אַ שטאָט אין דער גאַנצער וועלט וואָס זאָל געקרוינט ווערן מיט אַזויפיל פּראַכט־נעמען ווי ירושלים. קיין שום שטאָט איז נאָכנישט אַזוי באַזונגען געוואָרן צוליב איר שיינקייט און באַוויינט געוואָרן צוליב איר צע־שטערונג ווי ירושלים, מער פון 600 מאָל ווערט זי דערמאָנט אין תנ"ך, יעדער פּראָפעט האָט איר גערופן מיט אַ באַזונדערן נאָמען אויסער די באַצייכענונג „ירושלים — די אייביקע שטאָט", האָט דער נביא ישעיהו איר גערופן „די שטאָט פון אמת", זכריה באַטיטלט איר — „די געטלעכע שטאָט", אונדזערע חכמים האָבן פעסטגעשטעלט, אַז זי איז „דאָס ליכט פון דער וועלט", מיט צען מאָס שיינקייט איז די וועלט באַשאָנקען געוואָרן, נײַן מאָס האָט גע־נומען ירושלים און איין מאָס דער גאַנצער אוניווערס. הײַנט איז די שטאָט דאָס אייגנטום פון ייִדישן פאָלק און ירושלים ווערט טאָג־טעגלעך געבויט, געפלאַס־טערט, באַצירט מיט גערטנער און מיט בנינים, מיט זינגענדיקע ייִדישע קינדער־

לעך, מיט אַ יידישער באַפעלקערונג וואָס שאַפט און אַרבעט און ביי אַלעמען איז דאָ דער העכסטער שטרעבן, צוריקצוגעבן ירושלים — דער אַלט־נייער הויפט־שטאָט איר אַמאָליקן שטאָלץ, איר פריערדיקער פּראַכט, איר גייסטיקן אינהאַלט.

פאָרנדיק אויף דעם וועג פון תל־אביב קיין ירושלים און קומענדיק אין אירע שטאָט־גרענעצן האָט אַ גרויסע אויפשריפט זיך געצויגן איבער דער גאַנצער ברייט פון דער גאַס „גאולה": „ברוכים הבאים — שאלו שלום ירושלים". איך האָב געקוקט אויף דער דאָזיקער אויפשריפט און געטראַכט: דאָס יידישע ירו־שלים נעמט אויף דעלעגאַטן פון תפוצות ישראל, וואָס זיינען געקומען צום 23טן ציוניסטישן קאָנגרעס, מיט דעם טראַדיציאָנעלן ברוכים הבאים, מסתמא האָט דאָס ביבלישע ירושלים אַזוי אופגענומען ד הונדערטער טויזנטער עולי רגל, וועל־כע זיינען דריי מאָל אין יאָר געקומען פון גאַנץ ארץ־ישראל און פון די אַרומיקע לענדער. איך האָב געפילט דעם אָטעם פון פאַרגאַנגענע יידישע דורות, „שאלו שלום ירושלים" — נאָך צוויי טויזנט יאָר גלות טרעפט מען ווידער די דאָזיקע אויפשריפט ביים אַריינגאַנג צו דער שטאָט און דער געדאַנק טראָגט מיך אַרי־בער צו יענער צייט, ווען לעגיאָנערן פון באַרבאַרן און האָרדעס פון ווילדע שבטים האָבן איר געטראָטן מיט די פיס, ווען גרויסע וועלט־הערשער און מיליטער־קאָ־מאַנדירן, וועלכע האָבן געוואָלט איינעמען ירושלים און נישט געקענט, האָבן אויסגעגאָסן זייער צאָרן אויף דער שטאָט און איר צעשטערט, אירע מויערן איינ־געוואַלגערט און אירע איינוווינער אויסגעמאָרדעט, אָדער פאַרטריבן, אַ סך מאָל איז ירושלים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין חורבות און זי איז געבליבן באַליידיקט און וויסט, אַז מען האָט נישט געקענט דערקענען צי זי איז אַמאָל געווען אַ מענטשלעכער ישוב, טראָץ דעם איז ירושלים שטענדיק צוריק אויפגעבויט גע־וואָרן דורך יידן. נאָך יעדע צעשטערונג זיינען אויפגעשטאַנען קעמפער און אויס־לייזער ווי זרובבל, עזרא און נחמיה, וואָס האָבן אויפגעשטעלט אירע מויערן, געבויט הייזער, געשטאַרקט יידישע הערצער, אירע בויער האָבן איר באַפרייט פון ווייסטעניש און זיי האָבן באַשיצט ירושלים מיט ליבע, מיט גבורה און מיט טרייהאַפט. אַלע מלחמות און פאַרוויסטונגען האָבן נישט געקענט אויסרייסן פון יידישן גייסט דאָס וואָרט שלום און פון דעם יידישן פאָלק אויסמעקן דעם אָנ־דענק פון אונדזער אייביקער שטאָט ירושלים — די פאַרבלוטיקטע, די באַליי־דיקטע, די צעשטערטע, האָט איבערגעלעבט אַלע אירע דעראָבערער פון דער נישט־יידישער וועלט, דער קאָליסעום אין רוים ליגט אין חורבות, טיטוסעס טריומף־טרויער אַלס צייכן פון זיין זיג איבער ירושלים איז מער נישט דער סימבאָל פון רוימס וועלט־הערשאַפט, שטאַרקע פעלקער זיינען פאַרשוווּנדן און נישט געלאָזט נאָך זיך דעם קלענסטן צייכן, קיינער געדענקט שוין נישט אַפילו די נעמען פון די מיליטער־שעפן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט די אַטאַקעס אויף דער דאָזיקער שטאָט, ווייל דאָס ירושלים של מעלה, וואָס איז געבליבן איינגראַ־

ווירט אין האַרץ פון גאַנצן ייִדישן פאָלק, האָט קיינמאָל קיינער נישט געקענט צעשטערן, שונאים האָבן נאָר אומגעשלײַדערט די ווענט פון אַ ירושלים של מטה, פון אַ פיזישן ירושלים, אָבער אירע שטיינער זיינען נאָך הײַנט לעבעדיקע עדות פון אומגעקומענע הערשער, דעראָבערער און קריגערישע פעלקער, איצט זעט מען, ווי דאָס ירושלים של מעלה מיטן ירושלים של מטה זיינען פאַראייניקט און בילדן אַ גאַנצקייט. די וועלט פון 1952 גרייט זיך צו נײַע מלחמות, אויף פאַרשיידענע קאָנטינענטן הערט מען שוין דעם גערויש פון אַטאָם־באָמבאַרדירער, צו מענטשלעכע אויערן דעגרייט שוין דער גערויש פון אונטערערדישע שטויסן, וואָס קומען פון דעם מלחמה־קעסל, אָבער דאָס נײַע ירושלים, די באַנײַטע און צוריק־דעראָבערטע, באַגריסט די אָנקומענדיקע עולים פון דער גאַנצער ייִדישער וועלט מיט אַ „שאלו שלום ירושלים", ווידער איז שלום דער הויפּט־שטרעבן פון דער ייִדישער נאַציע, פון דער רעגירונג פון מדינת ישראל און פון איר הויפּטשטאָט — ירושלים.

אין ירושלים געפינען זיך הײַנט צו טאָג אַלע מיניסטעריומס, אויסער דאָס אויסערן־מיניסטעריום, פון דער ייִדישער רעגירונג, די אַרבעט פון דער „הגנה", וואָס האָט די שטאָט דעראָבערט און אויסגעלייזט פון פרעמדע הענט, ווערט פאַרגעזעצט דורך די בויער פון דער אייביקער שטאָט. דער פרײַהייטס־קריג פון ייִדישן פאָלק קעגן די אַראַבישע אינוואַזאָרן האָט דערמעגלעכט צו זען ירושלים אין איר אויפבוי, אין איר כסדרדיקן וווּקס. דאָס האַרץ האָט געקוואַלן פון פרייד, זעענדיק די אַרבעטער ביי דער אַרבעט, די סאָלדאַטן אויף שמירה, די קינדערלעך אין די שולעס, אָבער איך האָב גענוג געוויייטיקט פון דעם טרויעריקן פאַקט, וואָס די אַלט־שטאָט געפינט זיך נאָך אין די הענט פון די אַראַבישע אָקופּאַנטן און ווערט באַליידיקט און טאָג־טעגלעך געלעסטערט פון פרעמדע „היטער".

ירושלים — די אייביקע, וועט פאַרהיילן אַלע אירע אַלטע וווּנדן, ווײַל דאָס ייִדישע פאָלק איז זיך גרייט פאַר איר מקריב צו זײַן, הײַנט איז זי נישט נאָר די הויפּטשטאָט פון דער ייִדישער מדינה, ירושלים איז דאָס האַרץ און דאָס מויל פון ייִדישן פאָלק. דאָס האַרץ, וואָס בענקט נאָך צדק און פרײַהייט און דאָס מויל וואָס שרײַט אויס דעם אייביקן נביאישן שטרעבן צו פעלקער־פאַרברידערונג און פעלקער־שלום.

(יולי 1951)

# צו גאַסט אין דער אייביקער שטאָט ירושלים

דער וועלט־צוזאַמענטרעף פון ייִדישע פּען־מענטשן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן עטלעכע טעג אין דער הויפּטשטאָט פון ישראל, אין דער גאַנצער און צוריק־פאַראייניקטער ירושלים, האָט מיר געגעבן אַ פריידיקע געלעגנהייט צו באַזוכן די אייביקע שטאָט, אַרומצוּוואַנדערן איבער אירע פּרעכטיקע גאַסן פון דער נײַ־שטאָט, טרעטן אויף די שטיינער פון די שמאָלע געסלעך אין דער פאַרהייליקטער אַלט־שטאָט, אַ פאַרחלומטער, אַ באַגײַסטערטער, און זען די עיר דוד מיט אייגענע אויגן, הערן דעם ווײַטן עכאָ פון ביבלישע צײַטן, וואָס מישן זיך צונויף מיט האַמער־קלעפּ פון איצטיקע ייִדישע בויער, מויערער, שאָסיי־פּלאַסטערער און דערשפּירן אין אַלע מײַנע רמ״ח־אברים דעם אייביקן ניגון פון ירמיהוס טרייסט־ווערטער: „וישובו כל היהודים מכל המקומות אשר נדחו שם״ (און ס׳וועלן זיך אומקערן אַלע ייִדן פון אַלע פּלעצער, ווו זיי זײַנען פאַרשטויסן געוואָרן). ירמיהו, ס. י״ב.

ירושלים אינדערוואָכן ברענגט צום אויסדרוק איר שיינקייט און הייליקייט דורך שווערער פּראַצע. אומעטום, אויף שריט און טריט, פילט מען דעם בוי־פּיבער אין אַלע שטאָט־טיילן, אויך אין דער באַפרײַטער עיר העתיקה בויט מען שוין ווויך־הײַזער און ישיבות, בתי מדרשים און שילן, וועלכע זײַנען צעשטערט געוואָרן ביזן יסוד דורך די ירדנישע וואַנדאַלן. כ׳האָב באַזוכט אַ חינוך־אַנשטאַלט פון מזרחי־הפּועל המזרחי און ריידנדיק מיטן מנהל וועגן זײַן מוסד און צוקונפטיקע אויפגאַבן, דערקלערט ער מיר מיט אַ פעסטע שטימע, אַז „דאָס קול פון תורה וועט שוין מער נישט פאַרשוויגן ווערן אין דער הייליקער ייִדישער ירושלים״. דאָס זאָגט אַ דירעקטאָר פון אַ רעליגיעזער דערציאונגס־אינסטיטוציע, מיט אַנדערע ווערטער זאָגט דאָס זעלבע דער סאָלדאַט און דער לופט־פליער, דער מאַטראָז און דער טאַנקיסט, דער וועלטלעכער ייִד און דער באַבאָווער חסיד, אַלע זײַנען פאַראייניקט אין איין ציל, אַז ירושלים, אַ גאַנצע, אַ פאַראייניקטע, זאָל פאַרבלײַבן די הויפּטשטאָט פון דער ייִדישער מדינה.

כ׳בין געווען אין דעם באַרימטן קנאישן מאה שערים, ווו אַ סך נטורי־קרת׳ניקעס האָבן נאָכניט אנערקענט מדינת ישראל, איך בין געווען אין עטלעכע חסידישע קלויזן ווו מען האָט געזונגען און מען זינגט מיט חסידישן ברען,

וואָס גרעניצט זיך אָפּטמאָל מיט רעליגיעזער עקזאַלטאַציע, כ׳האָב באַזוכט איי־ניקע בתי תפילה און אונדזערע תימנער ברידער, וועלכע זיצן באָרוועסע, אָדער אין זאָקן, אויף מאַטראַצן און מורמלען מיט די ליפּן אין דער שטיל ביחידות און מיר דוכט זיך אויס, אַז זיי טראָגן מיך אַריבער אין אַנדערע וועלטן פון שלווהדיקייט, תמימות, שלימות אין דער נשמה און באַגלייט ממש פון אַ געט־לעכער מנוחה, דו קוקסט אויף זייערע שיינע אויסגעאיידלטע פּנימער און דו באַ־קומסט דעם רושם, אַז דו ביזט אין דער סביבה פון אַזעלכע פּאָעטן, וואָס זינ־גען אויס אין דער שטילקייט אַ שירה צו ירושלים. צווישן די הונדערטער לעגענ־דעס וועגן דער אייביקער יידישער שטאָט איז פאַראַן אַן אגדה, וואָס דערציילט, אַז יעדע שטאָט האָט איר פּאָעט וועלכער באַזינגט איר שיינקייט, איר גרויסקייט, איר חן און צויבער, אָבער נאָר דער יעניקער איז אַ פּאָעט, וואָס האָט כאָטש איין מאָל געדיכטעט איבער ירושלים, אַ משורר האָט איינמאָל אָנגעשריבן פינף טויזנט שירים, אָבער ער האָט נישט געקענט באַקומען די דיכטער־קרוין אַלס פּאָעט, ביז ער האָט אָנגעשריבן איין שיר, געווידמעט ירושלים. עס האָט אויך געטראָפן, אַז איין דיכטער האָט נאָר אָנגעשריבן איין איינציק ליד איבער דער אייביקער שטאָט און ער איז תיכף באַטיטלט געוואָרן מיטן נאָמען משורר. אמת, אַ ס ך לידער איבער ירושלים זיינען טרויעריקע, זיי דערציילן וועגן באַלאַגערונ־גען און קאַמפן מיטן שונא, וועגן בענקשאַפט פון יידישן פאָלק צו אירע תנ״כישע און נביאישע אור־אור יסודות, צו אירע הייליקטימער פון ווײַטן עבר צו איר היינטיקער פּראַכט, אָבער ס׳איז איצט אויך געקומען דער גליקלעכער טאָג, ווען ירושלימער געזאַנגען דערפרייען יידישע הערצער איבער דער וועלט, ווי דאָס איז דער שיר: „ירושלים של זהב״, וואָס זינגט זיך ווי אַ תפילה.

אַ סך שעהן האָב איך פאַרברענגט אין מעה שערים, אין אַנדערע פּלעצער פון ירושלים, כ׳בין געגאַנגען און געפּאָרן אויף אירע גאַסן און וועגן פון תלפּיות ביז בית הכרם. אומעטום האָב איך אויפגענומען דאָס געזאַנג פון אַרבעטער און חלוצים, דאָס קול פון לערנער, די ניגונים פון חסידים, אָבער ס׳איז דאָך איין און דער זעלבער ניגון, דאָס איז די אייביקע מעלאָדיע פון דער נצחיותדיקער שטאָט ירושלים.

ווען איך בין צוריקגעקומען אין האָטעל, אַ מידער פון פיזישער אָנשטרענ־גונג, אָבער אַ גליקלעכער פון דאָס אַלץ, וואָס איך האָב געזען און געהערט, איז מיר נישט אַוועק דער — אויפן גאַנצן לעבן פאַרבלײַבנדיקער — אײַנדרוק, אַז איך האָב געזען אַ מאַיעסטעטישע שטאָט מיט אַ גרויסער היסטאָרישער פאַר־גאַנגענהייט, מיט דער געשיכטלעכער חתימה פון נביאים און מלכים, ס׳איז ביי מיר געבליבן אַן איבערצײַגונג, אַז ירושלים האָט אַ גרויס יידיש האַרץ, אין וועל־כן ס׳זיינען אײַנגעקריצט געוואָרן דער פּײַן פון גאַנצן יידישן פאָלק און זײַן שטרעבן אויסגעלייזט צו ווערן. ס׳שטייען נאָך איצט פאַר מײַנע אויגן די ירו־

שלימער אײנוווינער: ייִדן פון פוילן, פון ליטע, רומעניע, פון פראַנקרײך פון טער־קײ, מאַראָקע, אַרגענטינע, בולגאַריע, תימן, איראַק, ווי פון אַנדערע צענדליקער לענדער פון דער ייִדישער צעשפּרייטקייט, פאַרשיידענע קולטורן, קליידונג, קאָלירן, מנהגים, מאַניערן און זיטן, אָבער אויף אַלע רוט די שלום ושלוהדיקייט, די מנוחה ונחלהדיקע, די גײַסטיק־שכינהדיקע און שלימותדיקע ירושלים.

דאָס פענצטער פון מײַן האָטעל־צימער האָט אַרויסגעפּירט מײַן בליק צו די הרי־יהודה, פון דעם האָטעל „גני־יהודה" הייבט זיך אָן אַ ליידיקער שטח, ער־געץ ווײַט זעט מען דעם פּאַלאַץ פון געוועזענעם „פּאַלעסטינער" הויכקאָמיסאַר, איצט דער זיץ־פּלאַץ פון גענעראַל אָד־בול דער „יון"־אָבסערוואַטאָר, ווען די ישׂראל־רעגירונג האָט דערלויבט צו באַנוצן דאָס הויז, צאָלנדיק דירה־געלט, ווײַל די זעלבע „אָבסערוואַטאָרן" פון דער „יון" האָבן גאָרנישט פּראָטעסטירט, בעת די יאָרדאַנישע חיילות האָבן אין דער מלחמה פון די זעקס טעג פאַרנומען דעם דאָזיקן פּאַלאַץ, צום קעניג כוסיין, פאַרקערט די „יון"־שופטים האָבן תיכף פאַר־לאָזט דעם פּלאַץ און נאָך שווערע קאַמפן פון די העלדישע צה"ל־סאָלדאַטן איז דאָס אָרט פאַראייניקט געוואָרן מיט ירושלים.

איך קוק פונדערווײַטנס אויף דעם פּאַלאַץ פון דער הײַנטיקער „יון" משלחת און טראַכט וועגן דער צביעות פון דער דאָזיקער חברותא, וואָס קאָן זיך בשום אופן נישט דערהויבן צו דער מדרגה פון גערעכטיקייט. זיי ווייסן נישט פון דעם פסוק, „ציון במשפט תפדה" (ישעיהו, א׳ כ"ו — אַז אויב ס׳וועט נישט זײַן קיין גערעכטער משפט פון די אומות העולם, וועט ציון אויסגעלייזט ווערן מיט און דורך ייִדישער גערעכטיקייט... ווי די הײַנטיקע רעאַליטעט האָט דאָס באַשטעטיקט מיטן בלוט פון די בעסטע זין פון ייִדישן פאָלק.

אין די טעג פון מײַן זײַן אין דער אייביקער שטאָט ירושלים, האָב איך געהאַט דאָס גײַסטיקע פאַרגעניגן אויפצושטיין פאַרטאָג און אַרויסגיין אויף דעם באַלקאָן פון האָטעל, און זיך פאַרקוקן אויף די ווײַטקייטן פון די הרי־ירושלים, זען דעם זון־אויפשפּראָץ פון הינטער די בערג און נישט אַראָפּגעלאָזט אַן אויג פון דעם פּרעכטיקן שפּיל פון זון און שאָטן אין די טאָלן און הויכקייטן, וואָס רינגלען אַרום די שטאָט. ס׳זיינען נישטאָ די פאַרבן און ס׳איז נאָכנישט געבוירן געוואָרן דער מאָלער, וועלכער זאָל קענען מיט טאַלאַנטן בחסד עליון מאָלן אַזאַ בילד, אויף וועלכן ס׳רוט אַזויפיל שכינה, אַזויפיל געטלעכע פּראַכט.

אַז מען שטייט ביחידות קאָן מען זיך אַרײַנטראַכטן אין דער לאַנגער געשיכ־טע פון ירושלים, די הייליקע און אייביקע שטאָט פון דער ייִדישער אומה. אַלע ייִדישע דורות האָבן געוווסט און דער הײַנטיקער דור ווייסט דאָס אַוודאי, אַז די דאָזיקע שטאָט איז איינע פון די עלטסטע אין דער וועלט. וועגן אירע ער־שטע טעג, לויט אַרכעאָלאָגישע פאָרשער, איז ירושלים געבויט געוואָרן אין דער דרום־מזרח זײַט פון די בערגלעך, וואָס איז באַקאַנט מיטן נאָמען „העופל", וואָס

איז שפּעטער באַרימט געוואָרן ווי די שטאָט פון דוד המלך. דער קאָמאַנדיר יהושע האָט מיט די ייִדישע שבטים נישט געקענט דעראָבערן ירושלים, די גרעניץ פון שבט בנימין איז צפונדיק דורכגעגאַנגען אין דער נאָענט פון שבט יהודה, וואָס האָט זיך געפונען דרומדיק צו ירושלים. די בני יהודה האָבן גע־פּרוּווט איינעמען די שטאָט און נישט געקענט, ביז ס׳איז געקומען דוד המלך און האָט צעשלאָגן דעם יבוסי און דעראָבערט ירושלים און איר פאַרוואַנדלט אין דער הויפּטשטאָט פון גאַנצן לאַנד, כדי דורך איר צו פאַראייניקן די שבטים. דערפאַר האָט ירושלים פון דעמאָלט ביז הײַנט, און אַזוי וועט דאָס זײַן אין דער ווײַטער צוקונפט, מיט זיך פאַרגעשטעלט די אחדות פון ייִדישן פאָלק, אפילו נאָך דער שפּאַלטונג פון מלכות יהודה און מלכות ישראל האָט ירושלים נישט אויפגעהערט צו זײַן דער רעליגיעזער און פּאָליטישער צענטער פון גאַנץ ארץ ישראל, הגם זי איז נאָך געווען די הויפּטשטאָט פון יהודה. אין ירושלים האָבן מער פון פינף הונדערט יאָר געהערשט די מלכים פון בית דוד, ביז נבוכדנאצר האָט איר חרוב געמאַכט.

קאָן דען זײַן אַ סוף צום טראַכטן איבער ירושלים? איז דען מעגלעך אויפ־צומישן אין אַזאַ שיינעם פרימאָרגן אויפן באַלקאָן פון האָטעל „גני יהודה" די פּרעכטיקע בלעטער פון איר געשיכטע, וועלכע דערציילט מיר אויפן אויער, אַז קיינמאָל, שוין נאָכן ערשטן און צווייטן חורבן, איז ירושלים, אַ גײַסטיקע און אַ פיזישע, געווען אַ טייל פון ייִדישן לעבן אין אַלע תקופות, אין פרײַהייט, ווי אין עבדות. די האָפענונג ביי אַלע ייִדן צו זען ירושלים אַן אויפגעריכטע, אַ באַנײַטע, דער עיקר, ווי די הויפּטשטאָט פון ייִדישן היימלאַנד, איז טאַקע גע־וואָרן אַ שיינע ווירקלעכקייט אין אונדזערע טעג.

אַן אומבאַשרײַבלעכע פרייד, אַן אומגעהויערע האַרץ התלהבות, אַן אויסער־געוויינלעך גליק, האָט מיך אָפּגעריסן פון די תנ"ך קאַפּיטלען, פון דער לאַנגער היסטאָריע פון דער אייביקער שטאָט, ווײַל איך, אַ קינד פון ייִדישן פאָלק, האָב דערצו זוכה געווען...

# בת־ים איז געוואָרן אַ עיר ואם בישראל

## דער ראש העיר, מנחם ראָטשילד, רעדט דורך „די פּרעסע" צום אַרגענטינער יידנטום

איך האָב געוווּסט פון פאָרויס און דאָס האָט שטענדיק דערפרייט מײַן האַרץ, אַז נאָך אַן אָפּוועזנהייט פון אַזויפיל יאָרן וועל איך נישט דערקענען מדינת ישראל. די איצטיקע רעאַליטעט האָט דאָס באַשטעטיקט. ס׳זיינען אויפגעבויט געוואָרן נײַע שטעט, ס׳גרינען פעלדער פון צענדליקער פריש אַנטוויקלטע קאָלאָניעס. אויסער די צוריקבאַקומענע שטחים, וועלכע זיינען אומצעטיילבאַרע חלקים פון ארץ ישראל, איז די יידישע מדינה באַפרוכפּערט געוואָרן דורך צענדליקער טויזנטער נײַע עולים אין די פריערדיקע ראַיאָנען פון פאַר דער מלחמת ששת הימים.

אַלס מוסטער פון דעם דאָזיקן וווּקס פון דער ראשיקער אויסברייטערונג פון אונדזער לאַנד, איז בלי שום ספק די רוישיקע און ליכטיקע שטאָט בת ים.

אויף די אַמאָליקע געלע זאַמדן פונעם העט ווײַטן תל אביב, איז זי אויסגעוואַקסן צו אַ עיר ואם בישראל, צו אַ ריזיקן ישוב. די שטאָט איז פּלאַנמעסיק געבויט. די 10 און 12 שטאָקיקע הײַזער זיינען סימעטריש אויסגעשטעלט און באָדן זיך אין אַ וועלט פון בלומען און גערטנער. די בנינים זיינען אַזוי געבויט, אַז צווישן זיי און הינטער זייערע זיילן סלופּעס, זאָלן זיך שפּילן טויזנטער קינדער אין זייער פרײַער צײַט און עלטערן זאָלן נישט מורא האָבן פאַר דער טראַנספּאָרט באַוועגונג. בת ים האָט העל באַלויכטענע גאַסן מיט פּרעכטיקע געשעפטן און שוי־פענצטער, פול געפּאַקטע קאַפע־הײַזער און רעסטאָראַנען, ס׳זיינען דאָ צענדליקער קולטור צענטערן, שולעס, מיטלשולן, ספּאָרט קלובן און קינאָ־זאַלן. דער אינדוסטריע־צענטער וואַקסט אוממאויפהערלעך און דער בוי פּראָצעס געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון אויסערגעוויינלעכן דינאַמיזם.

אין בת ים וווינען הײַנט צו טאָג העכער 70.000 יידן, כן ירבו, צווישן זיי עטלעכע הונדערט יידישע משפחות פון אַרגענטינע, (וועגן זייערע קליטה־שוועריקייטן וועל איך שרײַבן באַזונדער) און איר פּילט אויף שריט און טריט די גוטיטע האַנט פון דעם דינאַמישן ראש העיר, מר. מנחם מענדל ראָטשילד, וועלכער

שפּאָרט נישט קיין צײַט, מי און אָנשטרענגונג, צוזאַמען מיט דער שטאָט־פאַר־וואַלטונג פאַר ווילזײַן, עקאָנאָמישע אײַנאָרדענונגען און פאַרפעסטיקונג פון דער בת ים באַפעלקערונג.

איך שפּאַציר איבער נײַ אויפגעבויטע קוואַרטאַלן, נײַע בנינים זיינען אין פּראָצעס פון בוי און דער רויש פון באַלדאָזערס און טראַקטאָרן־מאָטאָרן פאַרהילכט די לופט, דאָס זאָגט אָן נײַע פאַרמעסטן אויסצוברייטערן די שטאָט. די געלע זאַמד דיונעס ווערן אויסגעגלײַכנט און קעגנאיבער דער גאַס אלי כהן געפינט זיך אַ גרויסע בוי־אונטערנעמונג, וועמעס מאַשינען גרייטן די פּאַרטיקע צעמענט־ווענט פאַר די נײַע הײַזער, וואָס זיינען שוין פון פריער, פּלאַנירט אויפצושטעלן אויף די צוגעגרייטע פּלעצער, וועלכע וועלן מאָרגן, איבערמאָרגן פאַרוואַנדלט ווערן אין נײַע באַלעבטע שכונות פון בת ים.

איך האָב פונעם ראש העיר, מר. ראָטשילד, באַקומען אַ פאַרבעטונג צו באַזוכן די עיריה (מוניציפּאַליטעט) און שמועסן וועגן דעם אַנטוויקלונגס פּראָ־צעס פון בת־עם און גלײַכצײַטיק אויסהערן מײַן איבערזיכט איבער דעם אַרגענ־טינער יידנטום. די דאָזיקע פאַרבעטונג האָב איך אָנגענומען מיט גרויס פאַר־געניגן און אין איינע פון די פּרעכטיקע פרימאָרגנס פון ישראלדיקן ווינטער־קלימאַט האָב איך, אין באַגלייטונג פון אַן אַרגענטינער תושב, באַזוכט דעם שטאָט־פּרעזידענט פון בת ים, מיט וועמען מען ווערט באַלד היימיש און אייגן, מען קאָן זאָגן, אפילו משפּחדיק. איר זעט פאַר זיך אַ ישראלדיקן חלוץ, וועל־כער האָט, פון נהלל ביז צום ווערן דער ראש העיר, הינטער זיך אַ סך יאָרן פון שווערע פּיאָנערן לייסטונגען פאַרן אויפבוי פון ארץ ישראל פריער און פאַר דעם אויפקום פון דער יידישער מדינה שפּעטער. שוין אָפּגערעדט פון זײַנע גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון בת ים. דער פּרעזידענט מנחם ראָט־שילד דערציילט אַן אָטעם פאַרכאַפּנדיקע געשיכטע וועגן דעם געבורט, פּלאַני־רונג און וווקס פון בת ים נאָך אין יאָר 1919—1920 האָבן די ארץ ישראל בויער: יהושע כאנקין און משה טשערטאָק (שפּעטער שרת ע״ה) געגרייט פּלענער אויף בויען דרומדיק פון תל אביב אַ נײַע שטאָט, כדי אַרומצוצינגלען די אין יענער צײַט אַראַבישע שטאָט, יפו, וועלכע איז שטענדיק געווען אַ קאָנקרעטע סכנה פאַר תל אביב. דאָס אויסבויען אַ נײַעם יידישן ישוב אין דעם הײַנטיקן ראַיאָן פון בת ים האָט געהאַט אַ דרײַפאַכיקע באַדײַטונג: א) פאַרקלענערן דעם אַראַבישן אָנגריף פון יפו אויף תל אביב, ב) אַרומרינגלען יפו פון דער דאָזיקער זײַט, פון וואַנען יידן קענען נישט נאָר זײַן אַ שוץ־מויער פאַר דער דערמאָנטער יידישער שטאָט, נאָר אויך אַ ערנסטער כוח קעגן די אַראַבער, ג) דער עיקר אויפבויען אַ נײַעם יידישן ישוב אויפן באָדן פון ארץ ישראל. דער פּרעזידענט ראָטשילד שיל־דערט דערנאָך דעם שווערן רעאַליזאַציע־פּראָצעס פון דעם דערמאָנטן פּלאַן און

אַנדערע פּלענער, „ייִדן זיינען דאָך עקשנים אין בעסטן זין פון חלוציש ווארט. זאָגט מיר דער ראש העיר, און היינט האָט איר אַ יונגע ייִדישע שטאָט מיט העכער 7 צענדליק טויזנטער ייִדישע איינוווינער און מיר האָפן, אַז בת ים וועט וואַקסן און זיך אַנטוויקלען מיט אַ שנעלן ריטם, זי וועט אויפנעמען נאָך צענדלי־קער טויזנטער ייִדן פון דער גאָרער ייִדישער וועלט. פּונקט ווי עס געפינען זיך שוין קרוב דריי הונדערט ייִדישע פאַמיליעס פון אַרגענטינע, אין אונדזער שטאָט. אַזוי וועט זי קולט זיין נאָך טויזנטער ייִדן פון לאַטיין אַמעריקע און בת ים איז שוין היינט צו טאָג אַ עיר ואם בישראל".

אַנדערהאַלבן שעה צייט האָט געדויערט אונדזער געשפּרעך און פּונקט ווי איך האָב געשלונגען זיינע ווערטער, אַזוי האָט זיך דער שטאָט־אינטענדענט פון בת ים מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צוגעהערט צו מיינע איבערזיכטן און שילדערונגען פון ייִדישן לעבן אין אַרגענטינע, וואָס איז געקנופּט און געבונדן נשמהדיק מיט דער ייִדישער מדינה.

צום סוף האָבן מיר ביידע באַרירט די פּראָבלעמאַטיק פון עליה און קליטה, וואָס איז איצט — נאָך דער גבורת ישראל אַקציע — מער אַקטועלער, ווי זי איז דאָס געווען אין אַנדערע צייטן פון בנין הארץ, קומענדיק פון פאַרשיי־דענע מסקנות, דער עיקר האָט מר. מנחם ראָטשילד געמאַכט אַן אַפּיל צום אַר־גענטינער ייִדנטום דורך דער פאַרמיטלונג פון „די פּרעסע", זיי זאָלן עולה זיין און קומען זיך באַזעצן אין בית ים, ווו עס געפינען זיך שוין פון פריער עטלעכע הונדערט אַרגענטינער ייִדישע פאַמיליעס, וועלכע צייכענען זיך אויס אויף אַלע אַרבעטס־געביטן מיט זייער ליבע צום לאַנד, מיט זייער פלייס און אַנ־טייל אין דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. נאָכן האָבן פאַרענדיקט אונדזער לענגערן שמועס האָט דער ראש העיר מיך באַערט מיט אַן אָנדענק־מעדאַל פון דער שטאָט בית ים לזכר פון אונדזער צוזאַמענטרעף אינעם פּרעכטיקן בנין פון דער עיריה.

דער שטאָט־פּרעזידענט מר. מנחם ראָטשילד, האָט מיר דערנאָך איבערגעגעבן אַ רוף צום אַרגענטינער ייִדנטום אין העברעאיש, וואָס מיר גיבן איבער אין אַ פרייער ייִדישער איבערזעצונג:

„צו די לייענער פון „די פּרעסע" דורך דער פאַרמיטלונג פון חשובן זשור־נאַליסט מר. מרדכי קויפמאַן, אין פאַרבינדונג מיטן וועלט־צוזאַמענפאָר פון ייִדישע זשורנאַליסטן, וואָס ווערט אין די טעג איינגעאָרדנט אין דער גאַנצער ירושלים, דודס שטאָט, די אייביקע הויפּטשטאָט פון ייִדישן פאָלק, האָב איך דעם כבוד און דעם גרויסן פאַרגעניגן איבערצושיקן צו אייך און דורך אייער פאַר־מיטלונג צום גאַנצן אַרגענטינער ייִדנטום אַ האַרציקן און וואַרעמען גרוס פון ישראל און פון דער שטאָט בת ים.

ישראל אין דער העלפט פון 1טן יאָר נאָך דעם פּרעכטיקן נצחון איבער אירע פֿײַנט, וואָס אין זײַנע טריט האָבן מיר זיך צוריקגעקערט צו די שטחים פון אונדזער אַלטן פֿאָטערלאַנד, צו די מקורות פון זער יידישער אומה, האָט גוט געפילט די האַרץ־קלעפּ, די זינגענדיקע און וועקנדיקע צו אויפלעבונג און צום זעלבסטשטאַלץ פון יידנטום אין די תפוצות. מיר זיינען בכוח אָפּצושאַצן דעם ווערט און די הילפס־גרייטקייט פון יידנטום פאַרן ווילזײַן פון ישראל.

די היסטאָרישע באַנײַונג פון יידישער גבורה, וואָס איז געקומען צום אויס־דרוק אין דער 6־טאָגיקער מלחמה באַשטעטיקט און באַרעכטיקט דעם פאַקט, אַז מיר זיינען אַ פאָלק פון גײַסטיקע אייגנשאַפטן, וואָס ליבט די פרײַהייט און איז גרייט צו ברענגען די שווערסטע קרבנות פאַר דער אויפלעבונג פון דער נאַציאָ־נאַלער זעלבסטשטענדיקייט, נאָכאַמאָל האָט זיך די וועלט דערוווסט, אַז די קולטור ירושה און דער יידישער גלויבן וועלכע מאַניפעסטירן זיך אויף די הונ־דערטער מאָדערנע לעבנס־שטחים, האָט געבוירן אַ נײַעם יידישן מענטש, וואָס איז שוין מער נישט גערודפט, דערשראָקן דערנידעריקט, נאָר שטאָלץ, זיכער אין זײַנע כוחות, זעלבסטשטענדיק קעמפעריש, שאַפט און גיט אַ מעכטיקן צושטײַער צו זײַן פאָלק און צו דער מענטשהייט. אויף דער שוועל פון 20סטן יום העצמאות איז גרויס די פּרשה, וואָס נעמט אַרום אַלע אונדזערע דערגרייכונגען אין מדינת ישראל.

דאָס דאָזיקע לאַנד, איז בלויז מיט עטלעכע צענדליקער יאָרן צוריק געווען אַ פאַרלאָזענער מדבר פאַרן גאַנצן מיטעלן מזרח, איז אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסן קולטור־וויסנשאַפטלעכן כוח, צו אַ בליענדיקער קאָלאָניזאַציע און צו אַ מאָדער־נער אינדוסטריע, דער עיקר ישראל האָט געשאַפן אַ דאַך פאַר מיליאָנען יידן פון דער וועלט, פאַר די גערודפטע פון די נאַציס, פאַר די געיאָגטע יידן מצד די אַראַבער, ישראל פאַרשפּרייט איר וואָרט צו די נײַע פעלקער און אַנטדעקט פאַר זיי דעם אייגענעם קיום־סוד פאַר זייער ווײַטערדיקער עקזיסטענץ.

בת ים ווי אַ עיר ואם בישראל וואָס ציילט 70.000 אײַנוווינער, האָט אויך אָנגעשריבן אַן אָנגעזעענעם קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אונדזער 20־יאָריקער זעלבסטשטענדיקייט. פון אַ קליין שטעטעלע איז זי אויסגעוואַקסן צו דער 7טער שטאָט אין דער מדינה און זי פאַרמאָגט אַן אייגענעם קולטור־קינסטלערישן אויסזען. אַ סך גלותן האָבן דאָ געפינען זייער שוץ־אָרט און אַ וואַרעמע היים. די שיינע פּאַנאָראַמע און די פּלאַנמעסיקייט פון דער שטאָט ציען צו אַ סך נײַע תושבים, וועלכע קומען צו אונדז אין דער צאָל פון 8.000 אַ יאָר. דער ברייטער ים־ברעג, וואָס ציט זיך אויף אַ לענג פון דרײַ מיט אַ האַלבן קילאָמעטער, ווערט באַפעלקערט אין זומער־סעזאָן מיט 2 מיליאָן מענטשן, וועלכע קומען אַהער זיך באָדן און אָפּרוען. ס׳איז נישט ווײַט דער טאָג, ווען די שטאָט וועט זײַן איינע פון די גרויסע טוריסטן־צענטערס אין לאַנד.

ס׳איז אָנגענעם אַלזאָ פעסטצושטעלן, אַז דאָ אין אונדזער שטאָט, האָבן הונדערטער עולים פון אַרגענטינע געפונען זייער פּלאַץ, כמעט אַלע האָבן דאָ געטראָפן זייער פּרנסה און היים און זיי פירן אַ קולטור־געזעלשאַפטלעך לעבן, וואָס איז ווערט די פולע אַכטונג. מיר ווייסן פון באַענטע און ווײַטע, אַז אַר־גענטינער ייִדן חלומען וועגן בת ים און אַ סך שטרעבן צו קומען אין אירע טויערן. צו די דאָזיקע ייִדן וויל איך אָנזאָגן די בשורה, אַז מיר זיינען גרייט צו באַגעגענען יעדן איינעם מיט אָפענע אָרעמס פון ליבע, מיט אַן ערנסטן רצון צו העלפן יעדן איינעם אין די פּראָבלעמען פון קליטה און אײַנאָרדענונג.

דער געבאָט פון דער ייִדישער אומה גייט אין דער איינציקער ריכטונג, די גלאָקן וואָס קלינגען צו אַ מאַסן־דערוואַכונג צווישן פאָלק, רופן נאָר צו איין אויפגאַבע עליה! כ׳האָב נישט קיין צווייפל, אַז אין זכות פון דעם דאָזיקן טאַט באַגלייט פון אַ שטאַרקן כוח, וואָס ליגט באַהאַלטן אינעם פאָלק, וועלן מיר זיך אײַנזאַמלען צוזאַמען און אויסוואַקסן צו אַ גרויס פאָלק, וועלכעס וועט וויסן צו פאַרזיכערן פאַר אַ סך דורות זײַן פרידן און זעלבסטשטענדיקייט".

אײַערער מיט וואַרעמען גרוס.

מנחם ראָטשילד — בירגערמײַסטער פון בת ים.

אויסער דער רירנדיקער ווענדונג פון מר. ראָטשילד צום אַרגענטינער ייִדנ־טום מיט דעם דאָזיקן רוף, האָט דער דינאַמישער דירעקטאָר, פּרײַנט שמחה מאַ־רעצקי, דער וואָרטזאָגער פון דער אינפאָרמאַציע־אָפּטיילונג מוסיף געווען וועגן דער איבעראַשנדיקער אַנטוויקלונג פון דער פּרעכטיקער שטאָט בת ים, וועלכע איז אויס־געוואַקסן מיטן כוח פון ייִדישן אידעאַליזם, מיט קרבנות־גרייטקייט פון אירע אײַנ־וווינער, כדי די נאָך ביז איצט פאַרבליבענע זאַמד־שטחים זאָלן באַזעצט ווערן מיט נײַע עולים, וואָס וועלן ממשיך זײַן דעם אויפבוי־פּראָצעס פון מדינת ישראל.

די שטאָט בת ים, אירע שיינע גאַסן און בנינים, איר אַרבעטס־ריטם און אַנטוויקלונג דער עיקר, די גרייטקייט פון דעם ראש העיר מר. מנחם ראָטשילד צוזאַמען מיט דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, צו העלפן אײַנאָרדענען די נײַע עולים וועלן קיינמאָל נישט אויסגעמעקט ווערן פון מײַן זכרון.

בת ים וואַרט אויף נײַע צענדליקער טויזנטער ייִדן פון דער גאַנצער וועלט, בפרט פון אַרגענטינע.

# איך האָב געפלאַנצט אַ בוים אין „נוה אַברהם"

### קרן קימת לישראל פאַרטרייבט דעם מדבר

אין איינעם פון אונדזערע באַזוך־טעג איבערן לאַנד איז אויסגעפאַלן ט"ו בשבט, אין וועלכן צענדליקער טויזנטער יידישע שול־קינדער, מיטגלידער פון יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין ישראל, פלאַנצן איבער אַלע שטחים פון דער יידישער מדינה נייע, יונגע ביימעלעך, וואָס ווערן זאָרגפעליק צוגעגרייט דורך די ספּעציאַ־ליזירטע קרן קימת לישראל־עקספּערטן.

מיר זיינען חמישה עשר בשבט אַרויסגעפאָרן פון באר שבע אויפן וועג קיין עזה און חאן יוניס, עטלעכע קילאָמעטער פון אַברהם אָבינוס שטאָט, האָט גע־נומען טריפן אַ דראָבנע רעגנדל, די זוניקע באר שבע איז שוין געווען הינטער אונדז און וואָס ווייטער האָט דער הימל זיך פאַרכמורעט אין אַ טונקעלן אויס־זען און פון זיינע הויכקייטן זיינען געפאַלן טראָפּנדלעך רעגן, ווי זיי וואָלטן אָנגעזאָגט, אַז אייערע ביימעלעך, וואָס איר וועט היינט פלאַנצן, וועלן שלאָגן טיפע וואָרצלען אין די זאַמדן פון נגב און זיי וועלן וואַקסן מיט אונדזער רעגנדיקער ברכה.

אויפן וועג „דערקוטשען" מיר אַביסל דעם מנהל פון היגן קרן־קימת ליש־ראל, דעם ליבן חבר יעקב פּאַלאַטיצקי, וועלכער איז טאַקע אַ דעלעגאַט פון היגן יידישן שרייבער־פאַריין „ה. ד. נאָמבערג" צום וועלט־צוזאַמענטרעף פון יידישע זשורנאַליסטן, אָבער אַלע קאָלעגן ווייסן שוין, אַז ער איז דער דירעקטאָר פון קק"ל אין אַרגענטינע און אויף אַ חברישן אופן „דערגייט מען אים די יאָרן": ווען וועט מען שוין היינט פלאַנצן די ביימער? ווו וועט דאָס זיין? און ער זאָגט אונדז אָן מיט אַן ערנסטן טאָן, אַז די קק"ל צענטראַלע אין ירושלים האָט שוין פאָרויס געזאָרגט דערפאַר, אַז די זשורנאַליסטן זאָלן פלאַנצן ביימער אין ט"ו בשבט, ווי אַ באַערונג פאַר די יידישע פען־מענטשן, וועלכע דינען די אויפגאַבן פון יידישן נאַציאָנאַלן פאָנד, אין זייערע רעספּעקטיווע ישובים, בלב ונפש. מיט־אַמאָל שטעלט זיך אָפּ אונדזער אָמניבוס קעגניבער אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע עקספּערימענטן־סטאַציע פון קרן קימת לישראל און פון דאָרטן קומען אַרויס צוויי

פאָרשטייער, אַ פרוי און אַ מאַן, זי גיט אונדז אָפּ אַ ברוכים הבאים אין נאָמען פון קק״ל און זאָגט אָן די פריידיקע מעלדונג, אַז מיר געפינען זיך אין אַ פּלאַץ וואָס טראָגט דעם נאָמען „נוה אַברהם״ (די וווינונג פון אַברהם) און דאָ וועלן מיר פלאַנצן ביימער.

מיר פאַרלאָזן דעם אָמניבוס און גייען איבער זאַמדיקע סטעזשקעס פון „נוה אַברהם״ און אויף אַ היפּשע שטרעקע זעט מען צוגעגרייט גריבלעך, איך האָט זיי ערופן „די חן־גריבלעך פון נגב״ און אין יעדן פון זיי איז שוין, געווען צוגעגרייט אַ יונג ביימעלע, וואָס יעדע פון אונדז האָט, מיט אַ שטילע ברכה, אַרײַנגעזעצט אינעם גריבל און מיט אַן אומגעהויערער האַרץ־פרייד אַרומ־געלייגט דעם נײַעם פלאַנץ מיט דער זאַמדיקער נגב־ערד, אָבער מיט דער האָ־פענונג, אַז דאָ וועלן אויסוואַקסן הויכע שטאַרקע ביימער, וואָס די שטאַרקסטע ווינטן וועלן זיי אפשר נאָר קענען אײַנבויגן בשעת דעם שטורעם, אָבער זיי קיינמאָל נישט צעברעכן...

איך האָב מיך, אין די דאָזיקע גליקלעכע מאָמענטן פון פלאַנצן אַ בוים אין „נוה אַברהם״, דערמאָנט אינעם חמשה עשר בשבט, אין דער אַלטער היים, נאָך אַלס קליין קינד אין חדר, ווען דער רבי האָט מאָלעריש געשילדערט דאָס אַמאָל־אַמאָליקע בליִענדיקע און מיט פּירות איבערגעלאָדענע ארץ ישראל פון אונ־דזערע אור־אור־עלטערן און ער האָט מיט אַ טיפן זיפץ פאַרענדיקט: אין גלות איז אונדז נאָר געבליבן דער „חג האילנות״, אויך די מצווה צו עסן ארץ יש־ראלדיקע פּירות, אָבער מיר, חדר־קינדער האָבן געשלונגען דעם רבינס רייד און ממש געפילט דעם טעם פון די פרוכטן פון ייִדישן היימלאַנד פון גלאָרײַכן עבר. אין „חדר״ איז געווען קאַלט, איך דרויסן האָט מיט קאַלטן פײַער גע־ברענט אַ פראָסט און אין קינדישע הערצער איז אויפגעגאַנגען אַ פלאַם פון ליבע צו ארץ ישראל.

ביים פלאַנצן אַ בוים אין „נוה אַברהם״ האָב איך מיך נישט נאָר דערמאָנט אין פאַרשיידענע חומש־פּסוקים, אָנהייבנדיק פון דעם „כי תבואו אל הארץ״, אָדער דעם „והארץ לא תמכר לצמיתות״, נאָר איך האָב מיך אויך דערמאָנט אין די פּאָעטישע רייד פון דעם דיכטער שאול טשערניכאָווסקי:

„האדם אינו אלא קרקע ארץ קטנה,
האדם אינו אלא חלק מנוף מולדת״.
„דער מענטש איז נאָר ערד פון אַ קליין לאַנד,
דער מענטש איז נאָר אַ טייל פון דער לאַנדשאַפט פון זײַן פאָטערלאַנד״.

דאָס ייִדישע פאָלק אין דער גאָרער וועלט, פון דעם ייִדישן אַוואַנגאַרד אין מדינת ישראל איז דאָך שוין אָפּגערעדט, איז אַן אומצורײַסבאַרער חלק פון דער פרעכטיקער, מיט גרינע פעלדער און פּרדסים באַצירטער ארץ ישראל־ערד, ער איז אַ טייל אַפילו פון דער נאָך הײַנטיקער מדבר־לאַנדשאַפט פון זײַן פאָטער־

לאַנד. דער גרעסטער נאַציאָנאַלער משורר פון אונדזער דור, חיים נחמן ביאַליק האָט אין זײַנער אַ רעדע בעת אַ פֿײַערונג לכבוד קק״ל דערציילט, וואָס ער אַליין האָט אַמאָל געהערט ביי אַ פֿאָרלעזונג פון אַ פּראָפֿעסאָר, וועלכער האָט גערעדט וועגן אַן ענין, וואָס האָט גאָרנישט געהאַט קיין שייכות צו ערד־טע־מאַטיק, ער האָט גראַד אויסגעוויקלט אַ טעמע פון אַ פּסיכאָלאָגיש־פיזיאָלאָגי־שער באַדײַטונג און דער פּראָפֿעסאָר האָט געפֿרעגט זײַנע צוהערער: וויפֿל ערד מוז אַ מענטש האָבן, כדי ער זאָל פֿילן, אַז ער שטייט זיכער און אָן שרעק? די צוהערער האָבן געענטפֿערט, אַז ס׳איז גענוג פֿאַר אַ מענטש אַזויפֿיל ערד, וויפֿל זײַנע פּיסזוילן פֿאַרנעמען, דעמאָלט האָט דער פּראָפֿעסאָר געזאָגט, דאָס איז ריכטיק נאָר דעמאָלט ווען דער מענטש האָט אַרום זיך אַ גרויסן באָדן־שטח, דערמאָלט פֿאַרלירט ער זײַן שרעק. איז טאַקע געקומען אַ נײַע צײַט פֿאַר ייִדן, דאָס ישראל־לאַנד איז קיין עין הרע גרויס און ברייט, אַ ייִד האָט נישט נאָר גע־נוג באָדן אונטער זײַנע פֿיס, נאָר ער פֿאַרמאָגט גרויסע שטחים ערד אויף היפּ־שע ווײַטקייטן ווי נאָר זײַן אויג קאָן דערגרייכן. נאָר אין גלות שטייט ער נאָך אַלץ אויף אַ קליין שטיקעלע באָדן, אַרום זיך זעט ער נישט קיין ערד־שטחים דערפֿאַר מוז ער מער ווי איינמאָל אין זײַן לעבן דורכמאַכן קני־ציטערניש און האַרץ־שרעק פֿאַר דער באַרעכטיקטער מורא אַרײַנצופֿאַלן חלילה אין אַ וויסטן תהום . . .

מיר פֿאַרלאָזן „נוה אַברהם״ און יעדער פון אונדז פֿילט דעם היסטאָרישן אָטעם פון אַ לאַנגע צײַט, וואָס ציט זיך פון די ימי אַברהם ביז צו זײַנע הײַנטי־קע אור־אור־אייניקלעך, וואָס שטייען אין זײַנע אַמאָליקע געמאַרקן און פֿלאַנצן — זײַן — „אשל״ וואָס אויך הײַנט, אין ט״ו בשבט פון ה׳תשכ״ח טראָגט דאָס יונגיטשקע ביימעלע דעם זעלבן נאָמען. אויף היפּשע שטרעקעס נגב־ערד — ציען זיך די בייטן מיט די נײַ־פֿאַרפֿלאַנצטע אשל־ביימעלעך אַקעגן זיי שטייען שוין העכערע ביימער, וואָס זיינען מיט אַ סך יאָרן צוריק פֿאַרפֿלאַנצט געוואָרן דורך אַנדערע ייִדן, ישראלדיקע און פון חוץ לארץ, און זייערע העכערע שפּיצן זאָגן אָן דעם שפּעטערדיקן וווקס פון די איצטיקע יונגע בוימער־פֿלאַנצן.

דער אָמניבוס פֿאַרלאָזט שוין דעם פּלאַץ, מיר דערנענטערן זיך צו עזה, אָבער איבערן גאַנצן וועג איז מײַן מחשבה פֿאַרנומען מיט דער ווונדערלעכער געשיכטע פון קרן קימת לישראל, וואָס איז אויסגעפֿילט מיט גלענצנדיקע דער־גרייכונגען, פון דערווײַטנס, ווער עס זעט נישט דאָס דאָזיקע ווערק, קאָן גאָר־נישט פֿאַרשטיין דעם שטילן העראָיזם פון באָדן־אויסלייזער, פון דער ריזיקער אַרבעט פון אויסשטיינערן דעם באָדן, כדי אים איבערצוגעבן אין זיכערע חלוצי־שע הענט פֿאַר קאָלאָניעס און קיבוצים, הלוואי וואָלטן ייִדן מיט עטלעכע צענדליק יאָרן צוריק געוועזן פֿאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון גאולת הארץ, וואָלט

די ייִדישע מדינה, אָן מלחמות, געהאַט אַן אַנדערע געאָגראַפיע, ווי זי האָט דאָס באַקומען נאָך דעם באַפרײַאונגס־קריג אין 1948.

הײַנט, ווען אַ ייִד פאָרט איבער ישראל און זעט די קק״ל־וועלדער, די גרויסע פעלדער, די דורכגעפירטע דרענאַזש־אַרבעטן, דאָס פלאַנצן נײַע וועלדער, דער עיקר, דעם אויסערגעוויינלעכן פאַרמעסט פון קק״ל צו פאַרטרײַבן דעם מדבר דורך בוימער־פלאַנצונגען און באָדן־צוגרייטונג פאַר נײַע גרינע גערטנער, מוז ער זיך דערמאָנען אין די פּאָעטישע ווערטער וואָס אַ ישראל־דיכטער האָט אויסגעזונגען לכבוד דער ארץ ישראלדיקער מאַמע־ערד, וועמענס גרעסטע טייל שטעלן נאָך מיט זיך פאָר אומגעהויערע שטרעקעס געלע־זאַמדן, אַ גרויסער מדבר אָן אַ פלאַנץ און אָן אַ גרעזעלע, וואָס לעכצן צו חלוצישע הענט, צו וואַסער און צו צערטלעכע באַשיצער: „ונדליקה שוב את האדמה בשלהבת ירוקה״, און מיר וועלן נאָך אַמאָל אָנצינדן די ערד מיט אַ גרינעם פלאַם־פײַער.״ דער קרן קימת לישראל האָט כסדר אוימאויפהערלעך, אומאונטערגעבראָכן, זינט זײַן גרינדונג ביז צום הײַנטיקן טאָג, געצונדן דעם דאָזיקן גרינעם פלאַם איבער דער לענג און ברייט פון דער ייִדישער מדינה. דו פאָרסט פון תל אביב קיין ירושלים און די וועלדער פון קרן קימת לישראל וואַקסן אַרויס פון דעם פעלזיקן באָדן ביי ביידע זײַטן פון שאָסיי, דו באַזוכסט דעם חולה ראַיאָן און פילסט די ברכהדיקע האַנט און מוח פון קק״ל, דערזעסט פון דער נאָענט די ישובים וועלכע זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן מיט קנאַפּע צוויי צענדליק יאָרן צוריק: חניתה, אילון, רמות נפתלי, רמים און משגב־עם אין די גליל־בערג, די קיבוצים מעיין ברוך, דפנה, כפר סאולד, שמיר, להבות־הבשן און אייל אין עמק החולה, עין גב תל־קציר און אַנדערע ייִדישע ישובים אויפן באָדן פון קק״ל אין עמק הירדן קעגנאיבער דער רוצחישער סיריע, וועמענס הויכקייטן געפינען זיך הײַנט אין זיכערע הענט פון דער ייִדישער אַרמיי, ווער קאָן אויסרעכענען די ייִדישע ישובים קעגנאיבער עבר הירדן: בית יוסף, מעוז, כפר־רופין, טירת צבי, און צענדליקער אַנדערע, וואָס זיינען געוועזן און פאַרבליבן פעסטונגען פון ייִדישער גבורה אויף ביידע לעבנס־וויכטיקע פראָנטן: אַרבעט און פאַרטיידיקונג. איצט אַז דו באַזוכסט דעם נגב, ווער קאָן פאַרגעסן די ישובים אויף דער אויסגעלייזטער ערד פון קרן קימת לישראל: נירים, מבטחים, עין השלושה, נצנים, גבולות, חלוצה רביבים, מפלסים און אַנדערע קעגנאיבער דעם מצרישן און סאָוועטישן שונא־ישראל?

אין דער איצטיקער מלחמה ששת הימים האָט דער פריערדיקער שעף פון דער גלאָרײַכער צה״ל, גענעראַל יצחק ראַבין אָפּגעשאַצט דעם פולן ווערט פון קרן קימת לישראל מיט פאָלגענדיקע ווערטער: „די פאַרבינדונגען צווישן צה״ל און דעם קרן קימת לישראל זיינען אומצערײַסבאַרע, דאָס ווערק פון נאַציאָנאַל־פאָנד ביים דורכברעכן פעלדזן און לייגן נײַע וועגן ביז צו די גרעניצן, דאָס אויפשטעלן זידלונגען און די שטחים־אַנטוויקלונג אויף דער גאַנצער לענג פון

די גרענעצן, דאָס אַלץ האָט געגעבן אַ גרויסן צושטײַער וואָס וועט נאָך פאַרגע־זעצט ווערן מיט מער פאַרנעם און וווקס צו דער פאַרפעסטיקונג פון אונדזער זיכערקייט אין די גרענעץ־געביטן. איך האָב נישט קיין ספק אַז די זיכערקייט־באַדערפעניש אין דער דאָזיקער אַרבעט וועט נישט פאַרענדיקט ווערן אין אָנ־בליק פון דעם נײַ־געשאַפענעם מצב און איך שיק איבער מײַן ברכה צו אַלע, וואָס זײַנען פאַרנומען מיט דער דאָזיקער טעטיקייט, כדי פאָרצוזעצן דאָס חשובע ווערק".

די מנהיגים פון קרן קימת לישראל אין ירושלים און אַלע זייערע מיט־אַרבעטער זײַנען איצט נאָר פאַרנומען מיט נײַע פאַרמעסט־פּלענער פון באָדן־צוגרייטונג פאַר נײַע זידלונגען. אויפן וועג קיין עזה און חן־יוניס האָט מיך איינע פון מײַנע מחשבות וועגן דער אַרבעט פון קק"ל איבערן גאַנצן לאַנד צו־ריקגעפירט אויפן וועג פון תל אביב קיין ירושלים, ווי יעדער ייִד זעט מיט איי־גענע אויגן, ווי אין דער געגנט פון הײַנטיקן ייִדישן לאַטרון, רײַסן די מאָטאָרן פון צענדליקער טראַקטאָרן, וועלכע גלײַכן אויס דעם באָדן, שלעפּן אַוועק מאַסן שטיינער, כדי נײַע 38.000 דונאַם באָדן, פריער פאַרלאָזטע פון די עבר הירדנער, זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין פרוכטבאַרער ערד אויף וועלכער עס וועלן אויפ־געשטעלט ווערן נײַע ייִדישע קאָלאָניעס און דורך דעם וועט ווערן אַ רעאַלי־טעט דאָס אומקערן אויף אייביק דעם דאָזיקן שטח צו דער נײַער געאָגראַפיע פון דער ייִדישער מדינה.

אויך אויף די נײַע ערדן פון רמת הגולן, בײַ דער הײַנטיקער ישראל־גרענעץ מיט סיריע גרייט צו דער קרן קימת לישראל נײַע 6.000 דונאַם ערד, כדי בקרוב אויפצושטעלן נײַע 4 ישובים: בניאס, מטה־עוז, כורזים ב' און אל־חמה, וואָס דאָס איז נאָר אַן אָנהויב פון אַ גרעסערער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין יענעם דערמאָנטן ראַיאָן, וואָס פאַרמאָגט גוטן באָדן און אַ שפע מיט וואַסער.

צום לויב פון די קרן קימת לישראל עסקנים פון דער גאַנצער וועלט, וועלכע האָבן צוגעטראָגן זייער צושטײַער צום דאָזיקן ווערק און זייער עסקנות וועט נישט אויפהערן אין דער צוקונפט, דאַרף געזאָגט ווערן, אַז זיי זײַנען אַ באַ־שטאַנדטייל פון דער גרויסער מחנה טרײַע הײמלאַנד־בויער.

אין עזה זײַנען מיר אַרומגעגאַנגען צווישן אירע גאַסן און געסלעך, זיך באַ־געגנט מיט בייזע ווילדע אַראַבישע בליקן, אָבער מײַן האַרץ איז געווען אי־בערפולט מיט פרייד פון דער גרויסער עמאָציאָנעלער איבערלעבונג פון האָבן געפלאַנצט אַ בוים אין טו' בשבט ה'תשכ"ח אינעם שטח פון קק"ל, וואָס טראָגט דעם נאָמען „נוה אַברהם", אין איינע פון די היסטאָרישע פלעצער, וווּ אַברהמס אבינו האָט אויפגעשטעלט זײַנע געצעלטן און מיט זײַן גוטסקייט און מיט זײַנע לערעס פון איין און איינציקער גאָט־דערקענטעניש געשפרייט צווישן געצנדינער דעם וווּרט פון אַרבעט, פון מידות טובות און הכנסת אורחים...

# דער וויצע אינטענדענט פון תל־אביב, אַ לעבעדיקע בריק צווישן ישראל און אַרגענטינער יידנטום

אַרגענטינער יידן, הויפּטזעכלעך די יידישע קולטור־קרײַזן פון לאַנד, ווי אויך די טויזנטער און טויזנטער תורמים פונעם מגבית המאוחדת לישראל, וועלן גוט געדענקען דעם לענגערן באַזוך פונעם סגן ראש העיר יפו־תל־אביב, מר. משה גאָלדשטיין — אין אַרגענטינע בשליחות פון דער קרן היסוד־צענטראַלע פון ירושלים.

ר׳ משה גאָלדשטיין האָט זיך אַליין אַנטפּלעקט פאַרן גאַנצן יידישן ישוב אין אַרגענטינע ווי אַן אמתער אוהב ישראל מיט יידישע קולטור־באַדערפעגישן, מיט אַ גרויסן רצון זיך צו טיילן מיט זײַן וויסן, מיט זײַן גרויסער ליבע צו דער יידישער און העברעאישער שפּראַך און קולטור, מיט זײַנע טויזנטער צו־הערערס, וועלכע זיינען געקומען צו זײַנע רעפעראַטן און זיך געקוויקט מיט זייער גײַסטיקן תוכן, ער איז געווען אַ יוצא ונכנס אין יידישן זשורנאַליסטן־פאַראיין אין בוענאָס־אײַרעס, אַן אָפּטער לעקטאָר אויף דער טריבונע פון אַר־גענטינער „יווא״, אַ רעפערענט אויף פאַרשיידענע יידישע טעמעס ביי צענדלי־קער לאַנדסלײַט־פאַראיינען און ועל כולם — איז ער געווען דער ליבלינג־שליח ביי די הונדערטער עסקנים און צענדליקער טויזנטער ביישטײַערערס פונעם פאַר־אייניקטן קאַמפּיין אין לאַנד. ר׳ משה גאָלדשטיינס רעפעראַטן האָבן גערופן די אויפמערקזאַמקייט מיט זייער קלאָרקייט, מיט אַהבת ישראל, מיט אַן אומבאַ־גרענעצטע ליבע צום יידישן היימלאַנד און מיט אַן אויפריכטיקער באַציאונג צו דער יידישער שפּראַך און קולטור. דאָס אַרגענטינער יידנטום האָט שוין ביי זיך געהאַט אַ סך שליחים פון ישראל, שליחים מיט קולטור, אָבער אָן באַציאונג צו דער צוויי־שפּראַכיקער קולטור פון יידישן פאָלק, מאַניפעסטרינדיק בלויז די מוז־הערשאַפט פון עברית, שליחים, וואָס האָבן זיך בלויז און אויס־שליסלעך געווידמעט צו זייער „מיסיע״, אָבער זיי האָבן זיך נישט געוואָלט אידענטיפיצירן מיטן ישוב, זיי האָבן זיך דערווײַטערט פון יידישן לעבן, זיי זייי־נען קיין מאָל נישט געקומען אין אַן אוממיטלבאַרן קאָנטאַקט מיט די יידישע

מאַסן, אויסער די יידן, וועלכע זיי האָבן באַדאַרפט אויף צו פאַרזיכערן דעם דערפאָלג פון זייער שליחות, אַזעלכע שליחים זיינען געקומען און אַוועקגעפאָרן, אָבער זייער באַגרענעצטע „אַקטיוויטעט" איז שנעל פאַרגעסן געוואָרן אינעם אַר־גענטינער יידישן ישוב.

ר' משה גאָלדשטיין איז געווען אַן אמתער יוצא מן הכלל פון אַלע שליחים. נישט נאָר האָט ער געלעכצט צו יידן, נאָר ער האָט זיי געזוכט, מיט זיי גע־רעדט, פאַר זיי אַרויסגעהויבן די קולטור־ווערטן פון יידישן פאָלק אין ביידע נאַציאָנאַלע שפּראַכן, געווען און געוואָרן איינער פון די טויזנטער יידן, וואָס ווילן נאָר דערגרייכן צו דער מדרגה פון אַן אמתן שבת אחים גם יחד — גע־זעלשאַפט, איבער וועלכער ס'רוט די שכינה פון יידישער אחדות: באַגלייט פון אהבה־עזה־געפילן צו דער קעמפנדיקער און בויענדיקער יידישער מדינה. ער איז נישט נאָר געווען דער לעקטאָר, דער רעפערענט, דער גייסטיקער מורה־דרך, וואָס רעדט־אַראָפּ פון אַלע יידיש־נאַציאָנאַלע, ציוניסטישע און יידיש־גייסטיקע טריבונעס, נאָר ר' משה גאָלדשטיין איז אַליין געקומען צו אַלע רעפעראַטן, וואָס אַנדערע האָבן געהאַלטן, פאַר יידן — און ער איז געווען איינער פון די צו־הערערס. ס'איז נישט געווען קיין איין פאַרזאַמלונג, קיין איין עפנטלעכער אַקט מיט אַ יידיש נאַציאָנאַלן און ישראלדיקן אינהאַלט און באַדייטונג, אויף וועלכן ס'זאָל נישט זיין אָנוועזנד דער שליח פון קרן היסוד פון ירושלים. אַזאַ אי־דענטיפיקאַציע מיט יידישער פּראָבלעמאַטיק, אפילו פון אַ ריין יידיש־לאָקאַ־ליסטישן פאַרנעם — האָט דאָס אַרגענטינער יידנטום נישט פאַרצייכנט, דער־פאַר איז ר' משה גאָלדשטיין איינגעקריצט געוואָרן אין קאָלעקטיוון מוח און האַרץ פון אַרגענטינער יידן, אַלס דער חד־במינו־שליח, וועלכער האָט זיין שלי־חות צווישן יידן פאַרן קרן היסוד דערהויבן צו דער הויכער מדרגה פון אַ דריי־פאַכיקער ליבע צום יידישן פאָלק, צו דער מדינת ישראל און צו דעם גרויסן קולטור־פאַרמעגן פון יידישן פאָלק אין ביידע אונדזערע נאַציאָנאַלע לשונות: אין העברעאיש און אין יידיש.

* * *

ווען כ'בין אָנגעקומען אין ישראל, האָב איך געהאַלטן פאַר מיין פליכט, זיך צו באַגעגענען מיטן טייערן פריינט ר' משה גאָלדשטיין. ס'איז געווען גע־ווען צו דערמאָנען פאַר דער סעקרעטאַרין דעם נאָמען פון אַרגענטינער ייד און שוין איז ר' משה גאָלדשטיין געשטאַנען ביים טעלעפאָן מיט אַ האַרציקן ברוך הבא, באַגלייט פון אַן אויפריכטיקער איינלאַדונג אים צו באַזוכן אין דער עיריה, אָדער אין דער היים. וואַרימע חבר׳ישע רייד זיינען געקומען דורך די טעלע־

פאַן־דראַטן און עס האָט זיך נאָך אַ מאָל דערפילט די האַרציקייט, דאָס פּש־טות און די חברשאַפט פון אַ טײַערן ייִד און ציוניסט. דער שרײַבער פון די שורות האָט זיך, אין געציילטע מינוטן שפּעטער, שוין געפונען אין ביוראָ פון דעם וויצע־אינטענדענט פון יפו־תל־אביב, ר׳ משה גאָלדשטיין לויפט אַנטקעגן מיט אָפענע אָרעמס, מיט אַ ברייטן שמייכל אויף די ליפּן, מיט אַ צעשטראַלטן פּנים און פעסטן שלום עליכמדיקן האַנטדרוק האָט זיך געפילט זײַן נשמה־פרייד פון אויפנעמען האַרציק און חבריש אַן אייגענעם מענטש. איך האָב דערביי די פולע אינערלעכע איבערצײַגונג, אַז די זעלבע אויפנאַמע, די זעלבע האַרציקייט איז ר׳ משה גאָלדשטיין מוכן ומזמן אַרויסצווײַזן פאַר יעדן ייִד פון אַרגענ־טינע, ווײַל די דאָזיקע ליבע איז אַ קעגנזײַטיקע, ווײַל יעדער פון אונדז האָט די טיפע איבערצײַגונג, אַז דער סגן ראש העיר פון דער גרויסער, פּרעכטיקער עיר ועם בישראל — תל־אביב — איז געוואָרן און וועט פאַרבלײַבן אַ לעבע־דיקע בריק צווישן דער ייִדישער מדינה און דעם אַרגענטינער ייִדנטום.

מיר זיצן ביידע און שמועסן וועגן ישראלדיקע פּראָבלעמען און באַלד גייען מיר אַריבער צו דער טעמאַטיק, וואָס איז פאַרבונדן מיט ייִדישן לעבן אין אַרגענטינע. עס פלייצן שטראָמען זכרונות פון ר׳ משה גאָלדשטיינס אָקערש־טיקע גאָט־געבענטשטע אַקטיוויטעטן אינערהאַלב דעם אַרגענטינער ייִדנטום, ווי אין אַלע אַנדערע ישובים אין דרום־אַמעריקע. ער איז גערירט נשמהדיק פון מײַנע רייד, פּונקט ווי איך בין באַגײַסטערט פון זײַנע שילדערונגען וועגן וווקס און אַנטוויקלונג פון דער שטאָט תל־אביב. פאַרשיידענע דעלעגאַציעס וואַרטן אָבער אין פאָדערצימער זיך צו טרעפן מיטן וויצע־אינטענדענט פון תל־אביב־יפו און איך האָב די אינערלעכע איבערצײַגונג, אַז דער לענגערער געשפּרעך מיט ר׳ משה גאָלדשטיין דערמעגלעכט נישט יענע אַלע דעלעגאַציעס מתקן צו זײַן וויכטיקע אויפגאַבעס פאַר דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער גרויסער ייִדישער מעטראָפּאָליע — תל־אביב. מײַן גאַסטגעבער דערפילט אויך די אָנוועזנהייט פון די דעלעגאַציעס און מיר ריידן אָפּ זיך צו טרעפן נאָך אַ מאָל, סײַ אין דער עיריה והן ביי אים אין דער היים.

די צווייטע טרעפונג, אין דער עיריה, מיטן ליבן פרײַנט ר׳ משה גאָלד־שטיין, איז צושטאַנדגעקומען אין דער פאָרעם פון אַן אויפנאַמע לכבוד דער דעלעגאַציע פון אַרגענטינער קרן היסוד־עסקנים, בראש מיט די טיכטיקע אָנ־פירערס, פרײַנט גוטענטאַג־פעיסט און טאַלקאָווסקי. מיר באַקומען כיבוד, אַ קאַלטן געטראַנק און צובײַס. ר׳ משה גאָלדשטיין לויכט פון פרייד, ווײַל ער איז מקיים די גרויסע מצווה פון הכנסת אורחים. ער זאָגט עטלעכע ווערטער, האַרציקע ווערטער, אויף אונדזער אַלעמענס חשבון. ער ברענגט צום פולן אויס־דרוק זײַן צופרידנקייט אויפצונעמען זײַנע פרײַנט און חברים אינעם בנין פון דער עירית תל־אביב, דערמאָנט זיך אין דער גאַנצער צײַט פון זײַן שליחות־

אַרבעט אין יידישן אַרגענטינע און איז מבטיח צו זײַן דער גשר־חי צווישן דער יידישער מדינה און די יידישע ישובים אין דרום־אַמעריקע, בראש מיטן אַרגענ־טינער יידנטום. אין קורצע סינטעטישע ווערטער גיט פאַר אונדז ר׳ משה גאָלדשטיין אַ פּרעכטיקן איבערבליק איבערן וווּקס פון תל־אביב: הונדערטער שולן, צענדלקער מיטלשולן, אוניווערזיטעטן, מוזעאומס, טעאַטערס מיט צענדלי־קער טויזנטער באַזוכערס יעדע נאַכט. קינאָס און אַ ברייט־פאַרצווײַגטע קול־טור־אַרבעט אין אַלע ווינקעלעך פון דער שטאָט. דערנאָך גייט ער אַריבער צום קאַפּיטל: ווײַטערדיקע פּלענער און איר באַקומט דאָס געפיל, אַז לפי די פּאַר־מעסטן וועט תל־אביב מיט יפו פאַרמאָגן אַ מיליאָניקע יידישע באַפעלקערונג, מיט אַ נאָך גרעסערע קולטור־אַרבעט, מיט מער שולן און הויכשולן, מיט אַ סך נײַע טעאַטערס און טאַלאַנטפולע בינע־קינסטלערס. דער עיקר — ס׳וועלן צו־קומען נאָך יידן און זיי וועלן שוין פון תל־אביב מאַכן אַ ריזיקע יידישע שטאָט, ווּעמעס ווײַטערדיקער פונאַנדערוווּקס וועט נישט פאַרשעמען די ביז איצטיקע דערגרייכונגען אין דער דאָזיקער גרויסער יידישער מעטראָפּאָליע, וואָס איז גע־ווען אַ פעסטער באַסטיאָן פאַר דערגרייכן די פרײַהייט און אומאָפּהענגיקייט פון יידישן פאָלק, ווי אויך די פעסטונג פון יידישן ווידערשטאַנד קעגן בעוויניסטישן טעראָר און די — שטאַרקסטע קראַפט קעגן אַראַבישע אַגרעסיעס. מײַן חבר און פרײַנט אַלכּסנדר גוטענטאַג האָט אין אונדזער אַלעמענס נאָמען געדאַנקט פאַר דער גאַסטפרײַנטלעכקייט פונעם סגן ראש העיר, שילדערנדיק ביי דער גע־לעגנהייט די גרויסע לײַסטונגען פון ר׳ משה גאָלדשטיין פאַרן קרן היסוד בכלל און פאַר דער גײַסטיקער דערהויבונג פונעם אַרגענטינער יידנטום בפרט, אין דער גאַנצער צײַט פון זײַן שליחות־אָנוועזנהייט אין אַרגענטינע.

נאָך דעם זיינען מיר אַרויפגעפירט געוואָרן אויפן דאָך פון דער אימפּאָזאַנ־טער מאַגיסטראַט־געבײַדע, אויף דעם 12טן שטאָק, און פאַר אונדז אַנטפּלעקט זיך דאָס אומפאַרגעסלעכע בילד פון דער גרויסער אײַנדרוקספולער און שיינער שטאָט תל־אביב־יפו. אָט איז דער בלויער ים, דער מיטללענדישער ים, וועמעס כוואַליעס וואַשן די ברעגעס פון דער שטאָט. פאַר אונדזערע אויגן באַווײַזט זיך דאָס פּליפּעלד פון „ארקיע״, וועמעס אַוויאָנען פליען הײַנט צו טאָג איבער אַלע טיילן פונעם גרויסן ארץ־ישראל, ווי ווײַט דאָס יידישע אויג קאָן דערלאָזן אין אַזאַ שיינעם טאָג, מיט אַ בלויער דורכזיכטיקער לופט, זעט מען דעם פּאַר־נעם פון תל אביב — מיט אירע שיינע פּרעכטיקע בנינים, צווישן וועלכע עס הייבן זיך אַרויס הויכע געבײַדעס, וואָס נאָך העכער פון זיי אַלע זעט מען דעם מגדל מאיר פון העכער 30 שטאָק, וואָס דער רײַכער ענגלישער ייד וואָלפזאָן האָט אויסגעבויט אויפן נאָמען פון זײַן פאָטער, דאָס איז אַ מאָדערנער, שיינער און הויך־הויכער כבוד־אָב, וואָס לאָזט איבער אַן אומפאַרגעסלעכן אײַנדרוק. הלוואי זאָלן אַ סך רײַכע יידישע קינדער אָפּגעבן כבוד זייערע עלטערן אין אַזאַ,

אָדער אין אַן אַנדערער פאָרעם, ווי דאָס האָט געטאָן דער ענגלישער ייִד וואָלפזאָן...

מיר פאַרלאָזן די הויכקייטן פונעם שטאָט־בנין, פון דער עירית תל־אביב, מיט דער פריידיקער איבערלעבונג, אַז אין דער דאָזיקער שטאָט לעבט אַ ייִדי־שע באַפעלקערונג פון העכער אַ האַלבן מיליאָן נפשות, כן ירבו, און בקרוב, אין אין געציילטע עטלעכע יאָר שפּעטער, וועט זי, אין זיך קולט זײַן, נאָך הונדער־טער טויזנטער ייִדן מכל תפוצות ישראל, וועלכע וועלן ממשיך זײַן די אַרבעט פון די ראשונים אין אַזאַ מאָס, מיט אַזאַ פאַרמעסט, אַז די נאָענטע צוקונפט פון תל־אביב וועט נישט פאַרשעמען איר פאַרגאַנגענהייט. און אַז ר׳ משה גאָלדשטיין — האָט זוכה געווען — צו זײַן סגן ראש־העיר אין אַ צײַט פון גרויסע היסטאָ־רישע געשעענישן אויפן פעלד פון ייִדישער גאולה. מיר זײַנען אַרויסגעגאַנגען פון דער עיריה מיט ברכות אין האַרצן — פאַר די ייִדישע אײַנוווינערס פון תל־אביב, פאַר אירע אינסטיטוציעס און פאַר אירע בויערס, ווינטשנדיק דעם ראש־העיר אין זײַנע סגנים, צווישן וועלכע ר׳ משה גאָלדשטיין פירט אויס לעבנסוויכטיקע פונקציעס, צו דערגרייכן די פולע פאַרווירקלעכונג פון אַלע אָנ־געצייכנטע אַנטוויקלונגען פון דער דאָזיקער עיר ואם במדינת ישראל.

מײַנע פערזענלעכע קשרים מיטן טײַערן חבר משה גאָלדשטיין האָבן אָנ־געהאַלטן במשך דער גאַנצער צײַט פון מײַן באַזוך אין מדינת ישראל. אין איינעם פון די טעג האָבן באַקומען אַ פאַרבעטונג פונעם סגן ראש־העיר — איך און אַ ריי פּען־קאָלעגן — צו מאַכן אַן אויטאָ־שפּאַציר איבער יפו־תל־אביב. אין דער באַשטימטער שעה האָבן מיר געמאַכט אַן אומפאַרגעסלעכע רײַזע איבער תל־אביב־יפו, געווען אין אַלע גאַסן און געסלעך פון דער מאַלערישער שטאָט יפו, וואָס איז שוין אויפגעריכט געוואָרן דורך ייִדישע הענט, געווען אין אירע מוזעאומס, ווו עס געפינען זיך אַרכעאָלאָגישע אויפדעקונגען פון דער כינעזישער פעניצישער און ישראלדיקער תקופה, זייערע שטעט און מענטשן־אײַנוווינערס, זייער קולטור און מלאכת־היד אויסאַרבעטונגען. איר שטייט פאַרגאַפט אין אָנ־בליק פון יענע עפּאָכעס און פילט דעם אָטעם פון געשיכטע איבער אייגענעם פּנים. מיר פאָרן איבער אַלע ווינקעלעך פון תל־אביב און דער שפּאַציר אונדזע־רער מיט ר׳ משה גאָלדשטיין אַלס מכניס אורח איבער זײַן גרויסער שטאָט־„אימ־פּעריע״ האָט געדויערט העכער 4 שעה און ס׳האָט זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקט אַ פּרעכטיק ייִדישע וועלט, וואָס טראָגט מיט שטאָלץ דעם נאָמען: תל־אביב־יפו.

**הלוואי זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן אַלע אונדזערע ברכות אויפן חשבון פון דער דאָזיקער שטאָט, אין וועלכער ס׳ווערט יעדן טאָג געשמידט די גאָלדענע קייט פון ייִדישער פרײַהייט.**

לנצח וועלן מיר געדענקען די גאַסטפרײַנטלעכקייט פונעם וויצע־אינטענדענט פון תל־אביב, ר׳ משה גאָלדשטיין, וועלכער איז געוואָרן די לעבעדיקע בריק צווישן מדינת ישראל און דעם אַרגענטינער ייִדישן ישוב.

# דער כוח פון די פּאַרטייען און פון דער העברעאישער פּרעסע אין ישראל

די ישראלדיקע פּאָליטישע פּאַרטייען, בראש מיט די ציוניסטיש־סאָציאַ־ליסטישע ריכטונגען פון פאַרשיידענעם קאָליר און אידעאישן אינהאַלט, האָבן דעם גרעסטן חלק אינעם אויפבוי פון דער ייִדישער מדינה, וואָס איז אַוודאי דער רעזולטאַט פון דער בשותפותדיקער אָנשטרענגונג פון דער גאַנצער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג, אין וועמענס אידעאַל־רעאַליזאַציעס האָבן אָנטיילגענומען גרוי־סע שיכטן פונעם ייִדישן פאָלק אין דער גאַרער וועלט.

אָבער נאָך אַ סך פריער פאַר דעם אויפקום פון מדינת ישראל און היפּשע עטלעכע יאָר נאָך איר עטאַבלירונג, זיינען פאָרגעקומען גרויסע אינערלעכע חלוקי־דעות, נישט נאָר צווישן די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע גרופּירונגען, נאָר אויך אינעם בירגערלעכן לאַגער. ניט שטענדיק זיינען די אָפענע שפּאַלטונגען ביי די אָרטיקע פּאַרטייען געווען אַ רעזולטאַט פון טיפע אידעאָלאָגישע דיפערענצן, פון פּרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן, נאָר אויך פון פערזענלעכע רײַבונגען צווישן די פירנדיקע פערזענלעכקייטן אינעם פּאַרטייאישן לאַגער, מער ווי איינ־מאָל האָבן פערזענלעכע קאַפּריזן פאַרנומען דעם אויבנאָן ביי די שפּאַלטונגען און ווײַל שטענדיק זיינען בנימצא אומצופרידענע און באַקריוודעטע „מנהיגים", פלעגן די זעלבע זיך אָנשליסן אין דער נײַ־געשאַפענער „פּאַרטיי", אָדער אָרגאַני־זאַציע און זייערע גרינדער האָבן תמיד געפינען אַן אידעאישע „באַגרינדונג" פאַר זייער עקזיסטענץ.

דער ישראלדיקער ייִד האָט מיט אָפענע אויגן געזען דעם מצב ביי די פּאָ־ליטישע פּאַרטייען, ער האָט נישט געוואָלט, מעגלעך, אַז ער האָט נישט געטאָרט, קריטיקירן די מנהיגים, הגם ס'האָבן זיך שטענדיק געפינען הונדערטער און טויזנ־טער ייִדישע בירגער, וועלכע האָבן אין זייערע בריוו אין רעדאַקציעס רעאַגירט קעגן דער מכה פון פּאַרטיי־מחלוקתן, פון אומגעזונטע רײַבונגען צווישן די איי־גענע פּאַרטיי־פירער, בפרט אין אַזעלכע שווערע צײַטן, ווען שונאים לויערן אויפן לעבן פון ישראלדיקן ייִדנטום און אויף דער עצם־עקזיסטענץ פון דער ייִדישער

מדינה, מער ווי איינמאָל האָט זיך דעם פּשוטן בירגער פון לאַנד אויסגעוויזן, בפרט ערב כנסת־וואַלן, ווען די וואַל־פּראָפּאַגאַנדע פון אַלע פּאַרטייען איז געווען באַגלייט פון קעגנזײַטיקע באַשולדיקונגען, פון „פּרשות" און אַנדערע סקאַנדאַלן, וואָס זײַנען צעבלאָזן געוואָרן איבער אַלע טיילן פון דער ייִדישער מדינה און זיי האָבן געלאָזן אַ טיפן עכאָ אינעם ייִדישן לעבן בכל תפוצות ישראל, אַז אַ געוויסע צאָל מנהיגים, געפינען זיך אין אַן ענגן פּאַרטייאישן „סדום-בעטל" פון וועלכן זיי שרײַען אַרויס נאָר זייער „אידעאָלאָגישן אמת", וועלכער באַזירט זיך אויף „פּרינציפּן" און די אַנדערע האָבן נישט־קיין שום ווערט, דאָס האָט במילא אַרונטערגעריסן דעם פּרעסטיזש פון די ישראלדיקע ריכטונגען און מער ווי איינמאָל האָט דער פּשוטער ייִד נישט געקענט תופס זײַן דעם מאָטיוו און דעם פאַרוואָס פון אַזויפיל פּאַרטייען אין לאַנד, פון אַזויפיל מחלוקתן צווישן מנהיגים און פון די אָפטע שפּאַלטונגען, סײַ אינעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן לאַגער, סײַ אין דער רעליגיעזער מחנה, והן ביי די בירגערלעכע פּאַרטייען, אַפילו די ישראלדיקע „חרות"־באַוועגונג, וועלכע האָט למראית עין מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ צעמענטירטע איינהייט בראש מיט דעם אומדיסקוטירטן מנהיג, מנחם בייגין, האָט נישט אויסגעמיטן אַן אינערלעכע שפּאַלטונג, וואָס האָט געפירט צו דער פאָרמירונג פון נאָך אַ פּאָליטישע גרופּירונג „מרכז חופשי", בראש מיט די געוועזענע „חרות"־פירער: תמיר און שאסטאַק.

ווען איך בין געקומען אין ישראל און געהאַט טרעפונגען מיט פאַרשיידענע פּאַרטיי־פירער, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו באַרירן די פראַגע פון אינערלעכע פּאַרטיי־רײַסערייען, האָב איך געפינען אַ פּאַרטיקן ענטפער: די 6־טאָגיקע יוני־מלחמה וועט אויך אַ סוף מאַכן צו די שפּאַלטונגען, דער שרײַבער פון די שורות האָט אָנטיילגענומען אין עטלעכע וויכטיקע באַראַטונגען פון אַ באַשטימטער פּאַרטיי און פון דער שעה'דיקער זיצונג האָב איך אַוועקגעטראָגן דעם שווערן אײַנדרוק, נאָך אַ ווערטער־אינצידענט צווישן צוויי כנסת־דעפּוטאַטן, וועלכע איינער דעם צווייטן האָט גאַרנישט געשוינט... אַז די פּערזענלעכע רײַבונגען צווישן די פירנדיקע און אָנפירנדיקע מענטשן פון איין און דער זעלבער פּאַרטיי, זײַנען דער הויפּט־גורם פון אַן אינערלעכן ריס, פון אַ נײַעם שנאת־אחים. דאָס איז דווקא געשען קנאַפּע 10 חדשים נאָך דער מלחמה ששת הימים...

כ'האָב אַוודאי געפרעגט מיינונגען וועגן די פּאַרטייען אין ישראל ביי פּשוטע ייִדן און אַלע האָבן זיך פרײַ אַרויסגעזאָגט קעגן דעם ריב־אחים צווישן אייגענע פּאַרטיי־פירער, וואָס פאַרמיאוסט דאָס אידעאָלאָגישע פּנים פון אידעאישע ריכטונגען. אויף אַ מסיבה אין אַ פּריוואַטער היים האָט זייער אַן אינטעליגענטער ייִד מיר געזאָגט: „איך ווילט אַ באַוויזן אויף דער אומצופרידנקייט מיט האַנדלונגען פון באַשטימטע פּאַרטייען, אויף וועלכע די ייִדישע מאַסן פון לאַנד רעאַגירן

אויף זייער אופן, איז געגנוג צו נעמען צו קענטעניש דעם אומדיסקוטירטן פּאַקט, וואָס די פּאַרטיי־פּרעסע אין ישראל האָט נישט קיין פעסטן אָנשפּאַר ביי דער אייגענער פּאַרטיי־מיטגלידערשאַפט". פון דער גאָר נאָענטער רעאַליטעט האָב איך געקענט פעסטשטעלן דעם אמת פון דער אַרויסגעזאָגטער מיינונג: די פּאַרטיי־צייטונגען ראַנגלען זיך פאַר זייער קיום, הגם זיי ווערן אַרויסגעגעבן פון גרעסערע, אָדער קלענערע פּאַרטייען, וועמענס איינפלוסן אין לאַנד זיינען טויזנטער מאָל גרעסער ווי די צאָל לייענער פון זייערע פּאַרטיי־אָרגאַנען. ס'איז נישט קיין סוד פאַר קיינעם, אַפילו פון יידן אין די תפוצות, אַז יעדע פּאַרטיי־צייטונג האָט שרעקלעכע דעפיציטן, וועלכע צעטרייסלען זייערע קיום־פונדאַמענטן, די מוראדיקע חורבות האָבן נישט אויסגעביטן דעם מעכטיקן און איינפלוסרייכן „דבר", די טאָג־צייטונג פון דער מיליאָניקער מיטגלידערשאַפט פון דער הסתדרות העובדים אין ישראל. ווען איינער האָט מיר געזאָגט, אַז דער דעפיציט דערגרייכט צו אַ מיליאָן ישראל־פונט, האָט אַ צווייטער דערקלערט, אַז דער חוב דערגרייכט שוין צו אַנדערהאַלבן מיליאָן פונט. וואָס באַווייזט דאָס, אויב נישט אויף אַ גרויסער אינדיפערענץ מצד דער אַנהענגערשאַפט פון די צענדליקער טויזנטער מיטגלידער, וואָס געפינען זיך אין די שורות פון יעדער פּאַרטיי, צו זייערע אייגענע צייטונגען? דער סתם ייד מיידט אויס צו קויפן אין גאַס, אָדער אַבאָנירן דירעקט פון דער אַדמיניסטראַציע, אַ פּאַרטיי־צייטונג, ווייל ער האָט אַ חשד, אַ באַגרינדעטן אפשר אויך אַן אומבאַגרינדעטן, אַז אין איר וועט ער נישט געפינען די ריכטיקע אָפּשיצונג, די נויטיקע ידיעות און דעם אמת, וואָס ער וויל האָבן, סיי אין די אַרטיקלען והן אין דער אָפּשפּיגלונג פונעם יידישן לעבן אין ישראל, נישט פון ענגן פּאַרטיי־ווינקל, נאָר פון דעם גרויסן האָריזאָנט, וואָס הייסט כלל־ישראל־אידעען, וועלכע שאַפן נייע אָדער באַנייטע קאָנצעפּטן פון אהבת ישראל ואהבת המולדת, דעם ישראל־ייד איז באמת מער נישט צום האַרצן דער טראַגישער שפּיל מיט פּאַרטיי־שפּאַלטונגען, דאָס הייסט נישט, אַז ער איז חלילה מסכים צו אַ כנעניזשער מיינונג קעגן דער עקזיסטענץ פון אידעאַישע ריכטונגען אין דער מדינה, אָבער ער ווינטשט זיך עטלעכע גרויסע פּאַרטייען, וואָס אַ מלוכה'יש פאָלק אויף דעמאָקראַטישע יסודות דאַרף האָבן, אָבער די מערהייט פון די ישראלדיקע יידישע איינוווינער זיינען נישט סובל די פאַרשיידענע פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך וועלכע ווילן אויף כוח באַרעכטיקן זייער קיום אינעם ישראלדיקן לעבן און זייער השפּעה־אויפהאַלטונג אין וועלט־יידנטום.

יידן אין דער מדינה לייענען דערפאַר מאַסנווייז די טאָג־צייטונג „הארץ", וואָס איז עקאָנאָמיש שטאַרק, באַגלייט פון גרויסע געלט־פּאַרדינסטן, די דערמאָנטע צייטונג קאָן זיך פאַרגינען אויסצוהאַלטן אייגענע קאָרעספּאָנדענטן אין די וויכטיקסטע הויפּטשטעט פון דער פרייער וועלט, ווי אויך דערמעגלעכן די

רײַזעס פון אייגענע מיטאַרבעטער איבער ייִדישע ישובים אויף פאַרשיידענע קאָנטינענטן, וועלכע שילדערן מער דעם פּאָליטישן מצב אין די באַזוכטע לענדער, ווי דאָס אייגענע ייִדיש־ציוניסטישע און ייִדיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן אינעם באַזוכטן לאַנד. דאָס זעלבע מוז געזאָגט ווערן אויף די צוויי גרויסע און שטאַרק־פאַרשפּרייטע אָוונט־צײַטונגען „מעריב" און „ידיעות אחרונות", וואָס ווערן ממש צעכאַפּט דורך צענדליקער טויזנטער לייענער איבערן גאַנצן לאַנד, שוין אָפּגע־רעדט פון די ערב־שבת נומערן פון 120, אָפּטמאָל פון 140 זײַטן. דער אײַנפלוס פון די דערמאָנטע 3 צײַטונגען אויף וועלכע ס'געפינט זיך נישט קיין פּאַרטיי־סטעמפּל, נישט קוקנדיקן אויף דעם פאַקט, וואָס אַ סך פּאַרטיי־פירער ברענגען אַרויס אויף זייערע שפּאַלטן אייגענע מיינונגען, אָדער שטאַנדפּונקטן פון זייערע רעספּעקטיווע אידעאישע ריכטונגען, איז אַ מעכטיקער אויף צענדליקער טויזנ־טער ייִדן פון דער מדינה.

איך האָב געפונען פאַר נויטיק אַרויסצוברענגען דעם דאָזיקן דאָפּלטן באַ־לאַנס פון דער ישראלדיקער פּרעסע, ווען פון איין זײַט האַלטן זיך קוים אויף די פּאַרטיי־אָרגאַנען, זייער דערשײַנען איז פאַרבונדן מיט קאָלאָסאַלע אָנשטרענ־גונגען פון די פּאַרטייען און טראָגן דעם וואַקסן די דעפיצישן און ס'ווערן פאַר־קלענערט די צאָל זײַטן אָבער די 3 צײַטונגען: „הארץ", „מעריב" און „ידיעות אחרונות", ווי צײַטונגען אין אַנדערע לשונות, אײַנגעשלאָסן „לעצטע נײַעס", זיינען נישט פאַרזאָרגט וועגן זייער עקזיסטענץ, פאַרקערט, זייערע רווחים וואַקסן און זייער השפעה איז אין לשער.

און ווײַל דאָס איז אַן ערלעכע אָפּשפּיגלונג פון די באַציאונג פון די לייענער צו די עקזיסטירנדיקע צײַטונגען פון די־אין לאַנד ריכטונגען, האָט באַדאַרפט קומען אַ מחשבה־ענדערונג ביי די מנהיגים, כדי צווישן אַלע פאַקטאָרן, וואָס טרײַבן צו אייניקייט, זאָל דער פאַקטאָר פון ווייניק געלייענטע פּאַרטיי־צײַטונגען אויך זײַן אַ גרויסער כוח וואָס פירט צו אחדות אינערהאַלב די פּאַרטייען פון ענלעכע, אָדער האַלב־ענלעכע אידעאָלאָגישע פּלאַטפאָרמען.

בעת איך בין געווען אין ישראל איז פאָרגעקומען די גראַנדיעזע פאַראייניקונג פון דרײַ אַרבעטער ריכטונגען, ווען גענעראַל־סעקרעטאַרין איז די באַרימטע מנהיגה, פרוי גאָלדע מאיר, און אויף איינע פון די ערשטע זיצונגען פון דער נײַ־אויסגעקליבענער אינסטאַנץ האָט מען קלאָר גערעדט וועגן שאַפן איין גרויסע טאָג־צײַטונג פון און פאַר דער דאָזיקער אידעאישער כוחות־קאָנצענטראַציע אין לאַנד, דאָס קאָן הייסן מיט אַנדערע ווערטער אַז דער „דבר" ווי אויך „למרחב", נישט אויסגעשלאָסן די וואָכנשריפט „מבט חדש", פון דער געוועזענער רפי־פּאַרטיי, זאָל אויפהערן צו דערשײַנען. אויב מפם זאָל זיך אויך אָנשליסן אין דער פּאַרטיי־אחדות, וועט אויך „על המשמר" אויפהערן צו עקזיסטירן.

דערוויַיל זעט מען נאָכנישט קיין קלאָרע פּאַראייניקונגס־סימנים אין דער רעליגיעזער מחנה, אויך די „אומאָפּהענגיקע ליבעראַלן" שטייען נאָך פון דער־וויַיטנס פון גח"ל (בלאָק פון חרות און ליבעראַלן). מיט אַנדערע ווערטער ווערט קלאָר, אַז פריער צי שפּעטער וועלן אויך אין די דערמאָנטע סעקטאָרן שולט זיַין דער גייסט פון אַחדות, וואָס וועט זיך במילא פּאָזיטיוו אויסווירקן אויף דער ייִדי־שער באַפעלקערונג אין דער מדינה און דאָס וועט ברענגען דערצו, אַז די טאָג־ציַיטונגען, וואָכנשריפטן און אַנדערע פּרעסע־אויסגאַבעס וועלן זיך באַזירן אויף אַ גרויסע צאָל אידעאיש־איבערציַיגטע לייענער און אָנהענגער.

איך האָב פאַרלאָזט ישראל מיט דער טיפער איבערציַיגונג, אַז די מלחמת ששת הימים פון יוני 1967, האָט דערנענטערט די הערצער פון פאַרשיידענע פּאַרטיי־מנהיגים און אויף דער פּאָן פון אויסגעוויקלטע געשעענישן איז סטי־מולירט געוואָרן די רעאַליזאַציע און די ווונטשן פון גרויסע טיילן פון ייִדנטום: אייניקייט פון פאָלק דורך דער פאַראייניקונג פון ישראלדיקע פּאַרטייען.

# ווער ס'וויל פאַרשטיין דעם כוח פון צה״ל מוז באַזוכן רמת הגולן...

## א.

### די צעשטערטע אַראַביש - רוסישע מאַזשינאָ - ליניע

דאָס יידישע פאָלק איז אָפטמאָל אַ לעבעדיקער עדות פון גרויסע ניסים, וואָס געשעען מיט אים, אין דער גאָר לאַנגער צײַט פון זײַן גלותדיקן לעבן. דער גרעסטער נס איז דאָך אונדזער עצם־קיום צווישן פעלקער, נישט פאַרלירנדיק אונדזער יידישן אייגנאַרט, אונדזער אייגענעם פּרצוף פּנים.

דער גרעסטער נס פון דער מלחמה ששת הימים האָט איבערגעשטיגן אַלע לעבנס־וווּנדער פון יידישן פאָלק, בכלל, פון דער נײַער אור־אַלטער און מיט 20 יאָר צוריק — באַנײַטער יידישער מדינה, נישט נאָר זיינען 10 אַראַבישע מדינת מיט זייערע פירער־פאַרפירער — צעשלאָגן געוואָרן, נאָר איר באַדאַרפט באַזוכן דעם געוועזענעם סירישן רמת־הגולן, כדי צו זען מיט די אייגענע אויגן, ווי איך האָב דאָס געזען, סײַ דעם נס פון גובר זײַן אַ רוסיש־אַראַבישע פעסטונג־ליניע אויף די בערג פון גולן און הינטער זיי; און סײַ דעם גרויסן און מעכטיקן כוח פון ישראל צה״ל, וואָס האָט מיט קראַפט צעשמעטערט די שטאַרקסטע „מאַ־זשינאָ״־ליניע אויף דער געוועזענער סיריש־ישראלדיקער גרענעץ.

אַ היפּשע גרופּע פון יידישע פּען־מענטשן האָבן געמאַכט אַ באַזוך אין רמת הגולן, ס'דאַרף גלײַך געזאָגט ווערן, אַז הגם איך האָב שוין געהאַט באַזוכט אַנדערע פּלעצער אין לאַנד בפרט די צוריקדעראָבערטע שטחים, האָט קיין שום אָרט נישט געמאַכט אַזאַ געוואַלטיקן אײַנדרוק ווי רמת הגולן.

אומעטום זיינען געווען שווערע קאַמפן מיט די אַראַבישע חיילות, אויף שריט און טריט זעט מען די אַראַבישע מפּלה אין דער פאָרעם פון פאַרברענטע פּאַנצער־וועגענער, טאַנקען, דזשיפּס און האַרמאַטן, האַלב און גאַנץ צעשטערטע אַראַבישע דערפער, וועמענס באַפעלקערונג האָט אַקטיוו מיטגעאַרבעט מיטן שונא. אָבער אַז מען פאָרט איבער שטח פון רמת הגולן זעט מען דעם נס פון יידישן נצחון פאַר די אויגן. אויף די העכסטע שפּיצן פון גולן־בערג האָט דאָס „שלום־

ליבנדיקע״ סאָוועטן־פאַרבאַנד אויסגעבויט צענדליקער און הונדערטער באַפעסטיקטע בונקערס, גוט באַוואָפנטע קאַזאַמעטן, פעסטונגען פון אײַזן־בעטאָן, פון וואַנען עס האָבן אַרויסגעקוקט מיט מלאך המותדיקע אויגן צו דער ייִדישער זײַט פון טבריה עין־גב, אויף צענדליקער אַנדערע ישובים, שוואַרצע פּיסקעס פון שווערע קוילנוואַרפער, פון ווײַט־שיסנדיקע קאַנאָנען, פון באַזוקאַס קעגן־טאַנקען און אַנדערע כלי־משחיתים. ווען איך בין אַרײַן אין איינע פון די דאָזיקע פעסטונגען האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אַן אונטערערדישע וועלט פון אײַזן־בעטאָנענע ווענט, פון טיפע ליניעס, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן צווישן זיך אויף אַ ריזיקן שטח. איך בין נישט זיכער, צי די רוסן האָבן אַרום סטאַלינגראַנד געהאַט אַזאַ ״מאַזשינאָ״־ליניע, קעגן די נאַציס, ווי זיי האָבן דאָס אַזוי געניט מיט אַלע — מערדערישע כוונות קעגן ייִדן — אויסגעבויט לטובת די בלוטדורשטיקע סיריער קעגן דער ייִדישער מדינה?

ביז מיר זיינען צוגעקומען צו די אַלע פעסטונגען, האָבן מיר דורכגעמאַכט אַ היפּשע שטרעקע איבער בערגיקע, גוט באַאַרבעטע פעלדער, איבער שטחים מיט באַדעקטע קליינע ראָזע און רויטע בלומען, מיר האָבן געקוקט אויף אַלע זײַטן, אויף רעכטס און לינקס, אויף מזרח און מערב, צפון און דרום און ס׳האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אונדז אַ גרויס פרוכטבאַר לאַנד, וואָס איז הײַנט אַן אומצערײַסבאַרער טייל פון ישראל. טרעטנדיק אויפן באָדן פון רמת הגולן, זעענדיק די באַוואָפנטע כוחות פון צה״ל, וועלכע וואַכן אויף די בערג, אין די פעסטונגען און אין די טאָלן, באַקומט מען דאָס געפיל, אַז דאָס איז אַ המשך־קאַמף פון די חשמונאים, כדי אויף להבא זאָל קיין שום שונא פון דאַנען נישט קענען שטערן דאָס הײַנטיקע ווערק פון פרידלעכער אויפבוי־אַרבעט, סײַ אונטן, ביים כנרת והן אין די הויכקייטן פון גולן, ווו עס זיינען שוין געשאַפן געוואָרן נײַע ייִדישע קיבוצים, אײַנגעשלאָסן אַ נײַע זידלונג הינטער דער געוועזענער סירישער רוצחים־שטאָט, קוניטראַ.

אויפן וועג צו דער דערמאָנטער שטאָט פאָרן מיר פאַרבײַ צענדליקער אַראַבישע דערפער, טשערקעסישע קאָלאָניעס, מיט ליידיקע הײַזער, פון וואַנען די מערדערישע אַראַבער זיינען בחפזון אַנטלאָפן געוואָרן, די פאַרלאָזטע הײַזער מאַכן דעם אײַנדרוק פון לעבעדישע שטיין־מצבות צום אָנדענק פון אַ באַפעלקערונג, וואָס האָט אין זיי געלעבט ערשט מיט נײַן חדשים צוריק. מיר פאָרן פאַרבײַ פאַרשיידענע וואַסער־קוואַלן צווישן די בערג, אָבער די וואַסערן פון די טײַכן באניאס און פונעם חצבני פאַלן אַרײַן אין די טאָלן מיט אַ גרויס רעש און זאָגן עדות אויף דעם פאַקט, אַז רמת הגולן איז געבענטשט פון דער נאַטור מיט אַ סך מים חיים. מיט איניקע יאָרן צוריק האָבן די אַראַבער, סײַ פון סיריע והן פון עבר־הירדן, גענומען שאַפן דאָס גרויסע וואַסער־ווערק מוחייבת, אָפּציענדיק די וואַסערן פון די טײַכן באניאס און חצבני, כדי זייערע אָפּלענק־

שטראָמען זאָלן מער נישט אַרײַנפאַלן אינעם ירדן־טײַך, וועלכער געפינט זיך אויף ישראל־טעריטאָריע. היינט געפינט זיך, און וועט זיך שוין געפינען אויף אייביק, דאָס אַראַבישע וואַסער־ווערק אין זיכערע יידישע הענט, באַשיצט דורך די גוט־באַוואָפנטע צה״ל־פּאָזיציעס.

ב.

## פון אַ שווערן ווינטער ביז צו ליכטיקע זון־טעג

כידוע איז דער הײַ־יאָריקער ווינטער אין ישראל געווען אַ שווערער אומע־טום, כמעט אין גאַנצן לאַנד, אויך ישראלס הויפּטשטאָט, ירושלים, איז גאַנצע טעג געלעגן אונטערן שניי און מער ווי איין מאָל איז דער טראַנספּאָרט פּאַרווערט געוואָרן דורך דער פּאָליציי, על אחת כמה וכמה איז דער ווינטער געווען אַ כּך שווערער אין רמת הגולן. דער פראָסט און די טיפע שנייען האָבן געמאַכט ציטערן די סאָלדאַטן פון דער העראָישער ישראל־אַרמיי... נישט איין מאָל, זייענ־דיק אין תל־אביב, אָדער אין אַנדערע שטעט פון ישראל, האָב איך געהערט דעם טיפן קרעכץ פון מאַמעס, געזען די פאַרזאָרגטע פּנימער פון טאַטעס ווע־מעס קינדער געפינען זיך אין די גולן־פּאָזיציעס. דאָס זיינען נישט געווען קיין פּאַניק־קרעכצן, ווײַל זיי שרעקן זיך חלילה פאַר די אַראַבישע סאַבאָטאַזשניקעס, נאָר די דאגה פאַר דער גרויסער קעלט, וואָס הערשט אין דעם דאָזיקן ישראל־ראַיאָן, אָבער ס׳איז גוט צו וויסן, אַז הינטער די טונקעלע וואָלקנס געפינט זיך אַ וואַרעמע ישראל־זון, אַז אין די — מיט שניי און פרעסט־באַדעקטע — יידישע מיליטער־פּאָזיציעס, געפינען זיך טויזנטער יידישע חיילים און סאָלדאַטקעס מיט הנה לא ינום ולא ישן אויפגאַבן פאַר דער זיכערקייט פון ישראל, ווי פון איר יידישער באַפעלקערונג.

מיר זיינען אָנגעקומען אין די הרי־גולן אין אַ שיינעם ליכטיקן נאָכמיטיק, די גאַנצע געגענט האָט שוין מער נישט געהאַט קיין סימן פון שניי, אָדער קעלט, בלויז דער שניי־באַדעקטער חרמון בלאַנקט הינטער דער זון מיט ווינטערדיקער פּראַכט, דער חרמון־באַרג איז ברייט און הויך און זײַנע שנייען זיינען אייביקע. נישט אומזיסט האָט זיך שוין געשאַפן אין דער יידישער מדינה אַ „סקי־קלוב״, וועמענס מיטגלידער וועלן צום ערשטן מאָל אין דער ספּאָרט־געשיכטע פון לאַנד, אײַנפירן דעם סקי־ספּאָרט. מסתמא וועלן שוין דורכגעפירט ווערן אינטערנאַציאָ־נאַלע פאַרמעסטן.

ישראל איז טאַקע דאָס לאַנד פון זון, אָבער ס׳איז דאָ אַ ישראל פון פאַר־שיידענע קלימאַטן. דאָס לאַנד וועט שוין פון הײַנטיקן זומער אײַנפירן דעם ווינטערדיקן סקי־ספּאָרט, וואָס וועט אָנהאַלטן אַ גאַנץ יאָר.

מיר האָבן געזען דאָס גולן־לאַנד אין אַ שיינעם טאָג, נאָך היפּשע וואָכן פון שניי־שטורעמס, גרויסע פרעסט, צווישן די בערג־יאָמערנדיקע ווינטן, באַגלייט אָפּט מאָל פון שווערע געדיכטע נעפּלען, היינט מאַכט רמת הגולן מיט אירע גרינע ווייך־פעלדער, מיט די שיינע אויגן־פאַרכאַפּנדיקע בלומען. מיט די הונ־דערטער מענטשן, וועלכע זיינען געקומען פון פאַרשיידענע טיילן לאַנד צו באַזוכן דעם שטח, דעם איינדרוק, אַז דער דאָזיקער ראַיאָן גרייט זיך קלימאַטיש מקבל פּנים צו זיין דעם אָנקומענדיקן פרילינג.

באַלד ווי מיר גייען נאָך אַראָפּ פון אַמניבוס,ביים וועגראַנד, נאָענט צו די טאָלן־טיפענישן פון די הרי־גולן, באַגעגענען מיר אַ פאַרברענטן ישראל־דיקן דזשיפּ, וואָס איז געטראָפן געוואָרן פון אַ סירישן קאַנאָן. ביי דער זייט פון דעם דזשיפּ, וואָס דינט שוין ווי אַ מצבה נאָך געפאַלענע העלדן, זיינען אויס־געריכנט די נעמען פון די אומגעקומענע חיילים בראש מיט אַ מאַיאָר, אָבער אינעם חלל פון זעלבן מיליטער־שן וואָגן ליגט אַ האַלב־דרימלעדיקער ישראל־סאָלדאַט, וועלכער געניסט הנאה פון דער וואַרעמער זון. דאָס דאָזיקע בילד דערשיטערט: פון איין זייט טויט און פאַרניכטונג און פון דער צווייטער זייט — דער המשך פון יידישן לעבן... איך גיב אָפּ דעם חייל אַ האַרציקן שלום. ער קריכט אַרויס פון דזשיפּ און ביידע מאַכן מיר אַ לענגערן געשפּרעך וועגן ענינים, פאַרבונדן מיטן מצב אין רמת הגולן. ער זאָגט מיר, מיט אַ סך צוטרוי אין זיינע רייד, אַז אויסערלעך זעט אויס רמת־הגולן זייער רואיק, אָבער אַ ציווילער מענטש קאָן נישט הערן און זען די אינערלעכע קעסל־קאָכענישן און דעם שונא, וואָס וויל נישט שלום מאַכן מיט דער היינטיקערווירקלעכקייט, מיטן נצחון פון ישראל. ס'דוכט זיך, אַז אומעטום הערשט שלום ושלוה, די גרויע רעאַליטעט איז אַ גאַנץ אַנדערע. פון יענער זייט סירישער גרענעץ כאַפּן זיך אַריין, אפילו ביי טאָג, אַראַבישע סאַבאָטאַזשניקעס, דינאַמיטירער, ביינאַכט איז נאָך ערגער. נישט נאָר די יידישע סאָלדאָטן שטייען אויף דער וואַך, נאָר די גרעניץ־היטער, די קיבוץ־מיטגלידער, אפילו די יידישע אַרבעטער, שטייען באַוואָפנטע צו באַ־געגענען די אַריינדרינגערס, כדי זיי צו כאַפּן, אָדער צו ליקווידירן. די אַראַבישע פּאַרטיזאַנער קומען אָפט מאָל אַריבער מיט שעפסן, ווי זיי וואָלטן געווען „אומ־שולדיקע״ פּאַסטעכער, אָבער דער יידישער סאָלדאַט און גרענעץ־וועכטער קאָן זיך זייער גוט אויס אויף זייערע רוצחישע פּלענער, וועלכע ווערן צעשטערט איי־דער זיי ווילן אויספירן די סאַבאָטאַזש־אַקטן. „מיר וועלן אָפּהיטן יעדן שפּאַן ערד פון אונדזער פאָטערלאַנד, זאָגט דער מיליטערישער מיטשמועסער, ווייל אונ־דזער זעלבסטשטענדיקייט מיינט די פרייהייט פון גאַנצן יידישן פאָלק״. איך קוק אויף זיין פּנים, וואָס איז פאַרהאַרטעוועט פון שלאַכטן, כ'זע דעם פייער־בליץ אין זיינע אויגן און אַלץ צוזאַמען זאָגט אָן דעציזיע, קרבנות־גרייטקייט,

שלאַכט־פעאיקייט און אַן אויסערגעוויינלעכע ליבע צו דער יידישער מדינה, ווי צו דער יידישער אומה.

מיר קוקן אַראָפּ צו דער איצטיקער ירדן־גרענעץ. אין מיטן פליסט דער ירמוק־טייַך, די גאַנצע געגנט אויף דער טראַנסיאַרדאַנישער זייַט איז אַ פּאַר־לאָזטע פון די אַראַבער, וועלכע האָבן באַקומען צוזאַמען מיטן ירדן־מיליטער, אַ האַרבע לעקציע פון צה״ל פּאַר זייערע אָנגריפן אויף יידישע קאָלאָניעס. דאַ־קעגן אויף דער יידישער זייַט צינדן זיך שוין עלעקטרישע ליכטער אין קיבוצים, אין מושב־עובדים, וו אין די נייַע נח״ל־זידלונגען. וואָס טונקעלער ס׳ווערט אין דרויסן, אַלץ ליכטיקער ווערט ביי יידן, ווען די נאַכט הילט איין די אַראַבישע געגנט פון דעם מלך אביון־כוסיין מיט אַזאַ פינצטערניש, איז דאָרט אַן אמתער חושך־מצרים...

אונדזער באַזוך אין רמת־הגולן האָט זיך פאַרענדיקט. אָבער אין דער מוח־לאַבאָראַטאָריע הייבט זיך ערשט אָן די איינסדרונג פון די באַקומענע איינ־דרוקן, די איינגראַווירונג אינעם זכרון פון די געהערטע רייד, ווי פון דער איי־גענער נשמה־שפּראַך, וואָס רעדט צו דיר אַליין מיט שטומע ווערטער פון אומ־פאַרגעסלעכע עמאָציעס.

אין רמת גולן האָב איך געזען די רוסיש־סירישע פעסטונג אין יידישע הענט. דער שונא האָט געליטן אַ מפּלה און ווער ס׳וויל פאַרשטיין דעם כוח פון צה״ל, מוז באַזוכן רמת־הגולן...

# מיט די שומרונים אין שכם

אינעם סדר היום פון אַלוועלטלעכן צוזאַמענפאָר פון ייִדישע זשורנאַליסטן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ישראל, איז געווען איינגעשלאָסן אַ לענגע־רער באַזוך אין דער גדה־המערבית, וואָס די העלדישע צה״ל האָט באַפרייט אין דער גלאָרייכער 6־טאָגיקער מלחמה, פון דער ירדנישער הערשאַפט, איינשליסנדיק דעם דאָזיקן פרוכטבאַרן שטח אין די תנ״כישע גרענעצן פון אונדזער ייִדישער מדינה.

די באַפרייונג פון שומרון, דעם גאַנצן געביט פונעם היסטאָרישן מלכות ישראל, האָט מיט זיך געבראַכט אַ פאַרשטאַרקטן טוריסטן־באַוועגונג אין לאַנד, וואָס שפרייט זיך אויס אויף אַלע דערבאַטירטע שטחים, אין וועלכע די שטאָט שכם פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ און דינט פאַר די טוריסטן ווי אַ צענטראַל־פונקט, וווּ מ׳קען זען עקזאָטישע ברידער, די שומרונים, זייער פאַר־הייליקטן באַרג גריזים מיטן מזבח אויף זיינע הויכקייטן, דעם באַרג עיבל, לויט דער שומרונישער לעגענדע איז ער דער הר הקבלה, דעם קבר פון יוסף הצדיק און בכלל אַריינאַטעמען אין זיך די לופט פון ייִדישער געשיכטע.

נאָך אויפן וועג קיין שכם, פאָרנדיק איבער אַראַבישע שטעט און דערפער, איבער די אונדז גוט־באַקאַנטע הרי־אפרים און שומרון, איבער טאָלן און פרעכ־טיקע פעלדער, וועלכע פאַרכאַפּן דאָס פיזישע אויג מיט זייער נאַטור־שיינקייט, הייבט אָן דער רעליגיעז־געמישטער און טאַלאַנטירטער מורה־דרך, גדליה העכט צו שילדערן די היסטאָרישע באַדייטונג פון יעדן אָרט, אַלע היסטאָרישע געשעע־נישן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אויף שריט און טריט פון די דאָזיקע אַלע פעלדער, ווען ער הייבט אָן צו דערציילן וועגן די שומרונים, וועלכע מיר וועלן באַלד זען און מיט וועלכע מיר וועלן ריידן, פילן מיר די אינערלעכע איבערצייגונג פון גדליהן, אַז ער „אַנטפּלעקט״ פאַר אונדז אַ נייע אומבאַקאַנטע וועלט, אַ נייעם עקזאָטישן שבט פון נאָך נישט געזעענע ייִדן, אויף וועמען די אַלט־פאַרלאָפּענע צייט פון טויזנטער יאָרן האָט אַרויפגעלייגט איר חותם פון צעשטערונג... לאָזנדיק ביים לעבן רעשטלעך פון אַ סעקטע, וואָס האַלט אויף, מיט די לעצטע כוחות אַ צייט־מוזעום מיט עטלעכע הונדערט לעבעדיקע מענטשן־עקספּאָנאַטן פאַר אַן אויסשטעלונג...

מיר קומען אָן קיין שכם, אויף יעדן שריט באַגעגענען מיר זיך מיט פאַר־

ביַיגייענדיקע, אָדער ביי די — טירן פון זייערע היַיזער זיצנדיקע — אַראַבער, מיט שנעל פאַרביַיגייענדיקע אַראַבישע פרויען און מיידלעך וואָס מחמת צניעות גייען זיי מיט פאַרדעקטע פנימער, אָבער מיט אָפענע אויגן, ווי פון אויפן, באַהאַלטענע אונטער טול־טיכער, בליצט צו אונדז אַ שרעקלעכע שנאה, איך פיל אויף מיר די פיַינטשאַפט פון אונדזערע „שוועסטער־קינדער" און זייערע שפּיציקע בליקן שטעכן מיך דורך אַלע אברים, פון אַראַבישע געשעפטן, פון זייערע קאַפע־היַיזער און רעסטאָראַנען הילכט פראַנק און פריַי די מוזיק פון די אַראַבישע ראַדיאָ ־ סטאַציעס פון רבת ־ עמון און קאַירא אָבער צה"ל־סאָלדאַטן מיט געלאָדענעם געווער זעט מען אויף אַלע גאַסן, ייִדישע פאַנצער־וואָגענער פאָרן איבער די שכמער גאַסן, ווי אַ לעבעדיקער באַוויַיז, אַז ס'איז דאָ אַן אָפן אויג און אויער, וואָס זעט און הערט... פון ציַיט צו ציַיט איז נישט רואיק ביי דער ירדן־גרענעץ, די לאַגע איז אַ געשפּאַנטע, וויַיל דאָס קעניגל, דער מלך אביון פון דעם אַרומגעגאָלטן ירדן... זוכט זיך שוין ווידער ניַיע צרות און דאָס ייִדישע מיליטער איז וואַכזאַם און קריגסגרייט, אַפילו די אַראַבער פון יענער זיַיט ירדן זיינען איבערציַיגט אין זייער אייגענער ניַיער מפּלה, אָבער דער ייִדישער באַוואָפנטער כוח לאָזט זיך פילן אומעטום, בפרט אין דער — מיט שנאת־ישראל — אָנגעלאָדענעם שכם.

מיר קומען צו פון די נידעריקע גאַסן פון שכם צו אַ הויכקייט, אויף וועלכער עס געפינט זיך דער בית הכנסת פון די שומרונים, אַרום וועלכן עס קאָנצענטרירט זיך זייער וווין־קוואַרטאַל. נאָכן אַראָפּגיין אומצאָליקע טרעפּלעך ווערן מיר באַגעגנט מיט אַ פריַינטלעכן „שלום" מצד דעם שומרונישן כהן גדול און זיַינע כוהנים ־ באַגלייטער, וועלכע זעען אויס ווי אַראַבער, אָבער ווען מען קוקט זיי אָן פון דער נאָענט, זעט מען ביי זיי איידעלע ייִדישע געזיכטס־שטריכן.

איך וויל פאַר די לייענער געבן אַ היסטאָרישן איבערבליק וועגן די שומרונים, איבער זייער דת ואמונה, איבער זייער איצטיק לעבן אין דער ייִדישער מדינה: די שומרונים שטעלן מיט זיך פאָר אַ קליינע עדה וואָס ציילט אינגאַנצן 450 נפשות, וועמעס גרעסטע מערהייט איז קאָנצענטרירט אין שכם צופוסנס פונעם באַרג גריזים, זייער קלענסטע צאָל געפינט זיך אין חולון. 170 נפשות וווינען אין ישראל.

די שומרונישע עדה איז היַינט איַינגעטיילט און צוזאַמענגעשטעלט פון 5 גרויסע משפחות: א) די כהנים ־ פאַמיליע, וואָס שטאַמט פון שבט לוי, לפי זייער איבערציַיגונג דער דריטער זון פון יעקב אבינו. די דאָזיקע משפחה ציילט היַינט צו טאָג 100 נפשות בערך און איז כמעט קאָנצענטרירט אין דער שטאָט שכם. די משפחה ־ מיטגלידער פילן אויס די פונקציעס פון „כלי קודש", זיי זיינען די חזנים שליחי ציבור, וועלכע פירן דורך אַלע רעליגיעזע צערעמאָניעס און נאָר זיי שטעלן פעסט אַלע רעליגיעזע דינים און הלכות פון דער געמיינדע.

דער כהן גדול קומט אויך אַרויס פון זיי, ער דערפילט די פונקציע, סײַ אַלס כהן גדול און סײַ ווי דער העכסטער גײַסטיקער מנהיג פון דער שומרונים עדה. די דאָזיקע פונקציע פון כהן גדול בלײַבט נישט שטענדיק אין די ראַמען פון די כהנים־משפחה, נאָר גייט אַריבער צום עלטסטן כהן, וועלכער צייכנט זיך אויס מיט הויכע דת־קענטענישן, מיט זײַן בקיאות אין דער שומרונישער אמונה און ספרים אײַנגעשלאָסן זײַנע פעאיקייטן פון אַ מנהיג רוחני.

ב) די צווייטע משפחה טראָגט דעם נאָמען אלטיף און זי קומט אַרויס (שטענדיק לויט זייער שלשלת היוחסין) פון שבט אפרים, דער זון פון יוסף הצדיק. די דאָזיקע פאַמיליע ציילט אויך בערך 100 נפשות און זיינען קאָנצענטרירט אין שכם. אירע מיטגלידער זיינען באַשעפטיקט מיט חינוך־אויפגאַבן אינערהאַלב דער עדה, ווי אויך מיט אַנדערע גײַסטיקע אַרבעטן צווישן זייערע ברידער, די שומרונים.

ג) די משפחה „צדקה" שטאַמט פון שבט מנשה, דער בכור פון יוסף הצדיק. הײַנט ציילט די דאָזיקע פאַמיליע קרוב 100 נפשות און זייער גרעסטע מערהייט וווינט אין דער ישראלדיקער שטאָט חולון, זייערע מיטגלידער פאַרנעמען וויכטיקע אַמטן אַלס באַאַמטע אין ישראל, ווי אויך אַלס דערציער, אַנדערע, פאַרנעמען זיך מיט מסחר און אירע יוגנטלעכע זיינען גוטע תלמידים און אַ סך פון זיי פאָרשן די געשיכטע פון זייערע אור־אור־עלטערן. דער פירער פון דער משפחה, יפת צדקה, פירט אויס דעם אַמט פון דעם שומרונישן עדה־פירער און ער איז אויטאָריזירט פונעם כהן גדול אין שכם צו דערפילן אַלע רעליגיעזע אויפגאַבן אין מדינת ישראל.

ד) די פאַמיליע „מרחיב" ציט איר אָפּשטאַם פון דעם שבט אפרים בן יוסף און אירע הײַנטיקע מיטגלידער ציילן קרוב 60 נפשות, וועמעס מערהייט איז קאָנצענטרירט אין חולון, כמעט אַלע זיינען באַשעפטיקט בײַ בנין, אַנדערע זיינען בוי־אונטערנעמער און אַ טייל זיינען זעלבסטשטענדיקע אייגנטימער פון בתי־מלאכה און געשעפטן.

ה) די 5טע פאַמיליע טראָגט דעם נאָמען „שושני" און אויך זי, לויט זייער טראַדיציע, שטאַמט פון שבט אפרים. זייער צאָל שטײַגט נישט איבער 50 נפשות, וועמעס העלפט געפינט זיך אין חולון און די אַנדערע העלפט אין שכם.

## אַ בליק אין דער שומרונישער געשיכטע

די שומרונים זיינען אַמאָל, אין דער אַלט־אַלטער פאַרגאַנגענהייט — געווען אַ גרויס פאָלק, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אין פאַרשיידענע פּראָווינצן פון דעם היסטאָרישן ארץ ישראל און אין עבר־הירדן, אין דמשק, ווי אין מצרים,

אָבער ווען די רדיפות און נגישות קעגן דעם שומרונישן פאָלק האָבן זיך פאַר־שטאַרקט מצד אַלע פעלקער, וואָס האָבן שולט געוואָרן איבערן לאַנד, ווי אויסער אים איז איינער פון די כהנים גדולים פון דער עדה, דער כהן יעקב פיקה, דער איבערווינער פון דאָרף עברתה, אַנטלאָפן געוואָרן פון מזרח־טייל פון ארץ ישראל קיין שכם, ווו ער האָט איינגעזאַמלט אַלע געגרודפטע ברידער און שוועסטער און זיי אַלע קאָנצענטרירט אַרום דעם שומרונישן בית הכנסת אין דער שטאָט. אויך דאָ האָט דער שארית השומרונים געהאַט אויסצושטיין שווערע עקסצעסן פון די אַראַבער, דער עיקר, אין דער צייט פון דער טערקישער הערשאַפט וועלכע האָט נישט אַ ריר געטאָן מיט אַ פינגער אויף אָפּצוהאַלטן די אַראַבישע פאַ־ראַמשטשיקעס פון זייער רוצחישער אַרבעט. אַלס רעזולטאַט פון די אַלע רדי־פות איז די עדה וואָס אַ מאָל קלענער געוואָרן, אַ סך זיינען געצווונגען געוואָרן אָנצונעמען דעם איסלאַמישן גלויבן און לעבן ווי אַנוסים. די נעמען פון די אור־אור־אייניקלעך פון יענע מאַראַנען זיינען גוט באַקאַנט דעם כהן גדול פון דער היינטיקער שומרונישער עדה און מיט אַ סך פון זיי, וואָס ווינען אין אַראַבישע דערפער אַרום שכם, שטייט ער אין ענגן קאָנטאַקט.

אין דער צייט פון דער ענגלישער קעניגין וויקטאָריאַ, האָט די בריטישע רעגירונג זיך געווענדט צו דער טערקישער ממשלה מיט דער בקשה, איר צו דערלויבן אויסצושפּרייטן איר שוץ אויף דער שומרונישער עדה, אויסטיילן אַ פינאַנציעלע הילף די שומרונים און בכלל זיי העלפן עקאָנאָמיש. צום דאָזיקן פאָרשלאַג האָט די טערקישע רעגירונג געגעבן איר הסכמה, דאָס ענגלאַנד, וואָס האָט גרויס דרך־ארץ פאַר זיינע אייגענע אַלטערטימלעכקייטן, האָט גענומען אונטער איר שוץ אַ מענטשן־רעליקוויע פון דער ווייטער היסטאָרישער פאַרגאַנ־גענהייט, כדי אויפצוהיטן דעם איבערבלייב פון אַן עקזאָטישער עדה.

אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין אָנהייב 1914 האָט די שומרונישע געמיינדע געציילט 200 נפשות און ביים פאַרענדיקן פון קריג איז זייער צאָל נאָך קלענער געוואָרן מחמת קראַנקהייטן און הונגער, ווי אויך דורך דער מאָביליזאַציע פון יונגע שומרונים צו דינען אין טערקישן מיליטער, אָבער במשך פון די לעצטע העכער 50 יאָר איז די צאָל שומרונים פאַרדאָפּלט געוואָרן אויף העכער 450 נפשות. עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז דער ירדנישער מלך — כוסיין, ווענען דער זיידע אַבדאַללה האָט אָנגעזאָגט אין זיין צוואה, צו טאָן גוטס מיט דער שומרונישער עדה, האָט זיך באַצויגן צו זיי מיט סימפּאַ־טיע און אַ סך מאָל האָט ער געזאָרגט, נישט נאָר פאַר זייער פינאַנציעלן מצב און עקאָנאָמישן קיום, נאָר אויך פאַר זייער פיזישער זיכערקייט און רעליגיע־זער אַנטוויקלונג. אין די לעצטע יאָרן באַקומען די שומרונים אַ חודשלעכע סוב־ווענץ פון דזשאָינט, פון צייט צו צייט באַקומען זיי אויך אַ פינאַנציעלע הילף פון פאַרשיידענע איירפּאָעאישע לענדער. מיט די דאָזיקע געלטער האָט די עדה

אויפגעבויט אַ שולע פאַר זייערע קינדער, ווו זיי באַקומען אַ רעליגיעזע דערציִ־ אונג, איינגעשלאָסן דאָס לייענען אין דער תורה, קענען דעם סדר התפילות און זײַן באַהאַוונט אין אַלע דינים און הלכות פון דער עדה.

נישט געקוקט אויף איר מאַטעריעלער אָרעמקייט און אויף דער קליינער צאָל שומרונים, האָט די עדה באַוויזן אָפּצוהיטן איר רעליגיעזע אייגנאַרטיקייט, טראָץ אַלע שווערע געשעענישן און רעזשים־ענדערונגען זיינען די שומרונים גע־ וואַקסן אין צאָל און קוקן מיט אָפּטימיזם, ווי זייער כוהן יעקב בן עזי, האָט דאָס מיר געזאָגט, אויף דער צוקונפט.

אַ דאַנק איר רײַכער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט, איז די שומרונישע עדה געבליבן אַ וויכטיקער צענטער פאַר כלערליי היסטאָרישע פאָרשונגען, דער עיקר, ביי אַלע, וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער געשיכטע פון יידישן פאָלק און זײַן צעשפרייטקייט, נישטאָ קיין פאָרשער, וועלכער זאָל נישט וועלן וויסן דעם סוד פון דער שומרונישער עקשנות אויפצוהאַלטן זייער קיום במשך פון אַזויפיל דורות.

איך האָב געפאָרשט די גרונט־יסודות פון זייער דת ואמונה און געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז די שומרונישע עקרים זיינען פינף: א) אחדות הבורא, ס׳איז דאָ אַ גאָט איין גאָט, וואָס איז אין הימל פון אויבן און אויף דער ערד פון אונטן, ס׳איז נישטאָ קיין אַנדערער גאָט אויסער אים; ב) דער איינציקער נביא איז משה בן עמרם, וואָס נאָך אים איז נאָכנישט אויפגעשטאַנען קיין אַנדערער נביא בישראל; ג) איין תורה — תורת משה; ד) דער אוסדערוויילטער פּלאַץ איז דער הר הברכה, דער באַרג גריזים נעבן שכם; ה) ס׳וועט קומען א טאָג פון נקמה אין שונאים, אַ טאָג פון אייביקן שלום.

## די ימים טובים ביי די שומרונים

אויפן ערשטן פּלאַץ צווישן אַלע שומרונישע ימים טובים, געפינט זיך דעם יום־טוב פּסח, וואָס הייבט זיך אָן דעם 15טן אין חודש ניסן און פונקט ווי בײַ די יידן, אַזוי אויך בײַ די שומרונים, דערמאָנט ער אין יציאת מצרים, דעם יידישן איבערגאַנג פון קנעכטשאַפט צו פרײַהייט.

דער חג הפסח ווערט געפײַערט דור־דורותדיק אויפן באַרג גריזים מיט אַזאַ פּאַרנעם, וואָס שטייגט איבער אַלע באַגריפן וועגן אַ יום־טוב. דאָס קומט פאָר אויף אַזאַ אופן: אייניקע טעג פאַר פּסח פאַרלאָזן די שומרונים די שטאָט שכם, זייערע הײַזער און קינד־און־קייט גייען אַרויף אויפן הר גריזים, ווו זיי שטעלן אויף זייערע געצעלטן, נעמען מיט זיך דאָס ביטיקסטע, כדי צו קענען זײַן אויפן „הייליקן באַרג״ די גאַנצע צײַט פון יום־טוב, אַ טאָג צוויי פאַרן ברענגען דעם

קרבן פּסח קומען אויך אָן אַלע שומרונים פון דער ישראלדיקער שטאָט חולון און אין 14טן טאָג אין חודש ניסן, פאַרנאַכט פירט דורך די עדה די צערע־מאָניע פון מקריב זיין דעם קרבן־פּסח לפי אַלע געזעצן און אָנווײַזונגען פון דער תורה. דאָס קומט פאָר בײַ דער אָנוועזנהייט פון פאָרשטייער פון דער רעגירונג, פונעם דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס, פאַר די רעפּרעזענטאַנטן פון די פאַר־שיידענע רעליגיעס, ווי אויך בײַ דער באַטייליקונג פון טויזנטער טוריסטן פון פאַרשיידענע לענדער. אין דער גאַנצער צײַט פונעם צערעמאָניאַל זײַנען אַלע שומרונים אָנגעטון אין די טראַדיציאָנעלע קרבן־פּסח מלבושים, וואָס זײַנען ווײַ־סע לײַוונטענע העמדער מיט לאַנגע אַרבל און ווײַסע לײַוונטענע הויזן מיט ווײַ־סע גומענע שיך. די דאָזיקע קליידונג איז אַ באַווײַז אויף מקיים זיין די מצווה: „וככה תאכלו אותו, מתנכים חגורים, נעליכם ברגליכם ומקליכם בידיכם". „און אַזוי זאָלט איר אים עסן, אײַערע לענדן אָנגעגורט, אײַערע שיך אויף אײַערע פֿיס און אײַערע שטעקנס אין אײַערע הענט". דאָס מקריב זײַן דעם קרבן־פּסח, זײַן צערעמאָניע ציט זיך אַזוי ביז האַלבע נאַכט, ביז פון די מזבח־אויוונס ווערט אַרויסגענומען דער „זבח־לפסח" און יעדע משפחה לויט דער צאָל פון אירע מיטגלידער נעמט איר חלק עסן און אַלע עסן בחפזון, מיט אַן אויגנ־שווינדערישער שנעלקייט אין הסכם מיטן פּסוק: „ואכלתם אותו בחפזון, פּסח הוא לד'". „און איר זאָלט אים עסן אין אײַלעניש, ס'איז פּסח צו גאָט". די מצות ווערן נישט צוגעגרייט פריער ווי בײַ אונדז יידן, נאָר די שומרונים באַקן זיך יעדן טאָג די מצות במשך פון אַלע 7 טעג יום־טוב.

אַ חוץ דעם מועד־הפּסח פײַערן די שומרונים דעם חג הפּסח אין זיבעטן טאָג פון יום־טוב. אין דאָזיקן טאָג גייען אַלע פון דער עדה אַרויף אויפן שפּיץ באַרג, וואָס ווערט בײַ זיי אָנגערופן „גבעת־עולם" — די וועלט־הויכקייט און דאָרט זײַנען זיי מקיים דעם אָנזאָג פון דער תורה, אַז „דרײַ מאָל אין יאָר זאָל יעדער זען דאָס פּנים פון גאָט אויפן אָרט, וואָס ער האָט אויסגעקליבן". לויט דער שומרונישער טראַדיציע געפינט זיך אויף דעם אָרט דער מזבח פון עקידת יצחק און אַ ביסל ווײַטער פונעם דאָזיקן באַרג־פּלאַץ געפינט זיך דאָס אָרט, ווו יעקב אָבינו איז געלעגן, ווען ס'האָט זיך אים געחלומט די לייטער, וואָס שטייט אויף דער ערד און איר שפּיץ דערגרייכט אין הימל. דאָס שטיקל באַרג־אָרט דינט די שומרונים אַלס אַ מקום־תפילה אין אַלע דרײַ ימים־טובים: פּסח שבועות און סוכות.

אויך דער יום־טוב פון „זיבעטן חודש", וואָס איז ראש־השנה, ווערט דורך די שומרונים געפײַערט אין ערשטן טאָג פון זיבעטן חודש, וואָס איז תשרי. זיי האָבן נאָר איין טאָג ראש־השנה און ער איז דער פון זעלבן חודש, אין יום־כפור אָנהייב פון די 10 סליחות־טעג, וועלכע ענדיקן זיך דעם 10טן און ווערן אָנגערופן „ימי תשובה" און אין זיי ווערן געזאָגט בײַ די תפילות פון אינדער־

פרי און ביינאַכט פאַרשיידענע סליחות. אין יום־כפור פאַסטן אַלע עדה־מיט־גלידער, מענער, פרויען און קליינע קינדער פון פאַרנאַכט ביז ביינאַכט במשך 26 שעה, די דאָזיקע צײַט זיינען די שומרונים פאַרנומען מיט תפילות, מיט השתפכות הנפש, די תפילות ציען זיך אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט און ס'ווערט געלייענט די גאַנצע תורה, פון „בראשית" ביז „לעיני כל ישראל". דער יום־טוב סוכות הייבט זיך אָן בײַ די שומרונים דעם 15טן טאָג פון 7טן חודש און ער איז שוין דער זעקסטער פון זייערע ימים־טובים. חג הסוכות ווערט אויך געפײַערט אויפן באַרג גריזים און נאָכדעם גייען זיי אַרײַן אין די סוכות און איין משפחה לאַדט אײַן די צווייטע צו זיצן אין „גן עדן", אַזוי ווערט בײַ זיי אָנגערופן די סוכה, זאָגנדיק און זינגענדיק תהילים און זמירות.

דער לעצטער פון די פײַערונגען בײַ די שומרונים איז דער „יום שמיני שמיני עצרת" (שמחת תורה) וואָס הייבט זיך אָן תיכף נאָכן זיבעטן טאָג סוכות. די תפילה אין דעם טאָג איז אַ גאָר לאַנגע אין פאַרגלײַך מיט די געבעטן פון אַלע אַנדערע פײַערטעג, ווײַל זי נעמט אַרום אַלע צוגאָב־תפילות פון אַ גאַנץ יאָר. נאָכדעם באַזוכט דער כהן גדול צוזאַמען מיט דער כהנים־משפחה אַלע היימען פון דער עדה. מוצאי יום־טוב ווערן אַלע סוכות צענומען און דער סכך — צונױפגעזאַמלט אויף איין פּלאַץ, וואָס ווערט אונטערגעצונדן און פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער מדורה, דער דאָזיקער מנהג עקזיסטירט פון 3טן יאָרהונדערט פון דער הײַנטיקער צײַט־רעכענונג, צום אָנדענק, ווען די שומרונים האָבן אונטער דער פירונג פון זייער גרויסן מיליטערישן אָנפירער בבא רבה צעשלאָגן די רוימישע לעגיאָנען און זיי פאַרטריבן פון די גרענעצן פון ארץ־ישראל . . .

איך בין געשטאַנען אין בית־הכנסת פון די שומרונים אין שכם און געזען זייער אַלטע ספר־תורה געשריבן אין דעם אַלטן העברעאישן כתב און האָב געגלויבט אין די רייד פון זייער כהן גדול, ווען ער האָט דערקלערט, אַז די שומרונים האָבן אַמאָל פאַרמאָגט אַ ברייט־פאַרצווײַגטע רעליגיעזע ליטעראַטור, וואָס איז, אין איר גרעסטער איבערוועגנדיקער מערהייט, פאַרלוירן געגאַנגען צוליב די אומאויפהערלעכע רדיפות, גזירות, כסדרדיקע מלחמות און רעזשים־ענדערונגען אין ארץ־ישראל.

אין שכם, בײַ די שומרונים, האָב איך מיך געקוויקט מיט זייערע „יידישע" רייד און היסטאָרישע אויפקלערונגען; ווײַל אין אַזאַ אַראַבישן ים פון שנאה צו מדינת ישראל, ווי ס'איז דאָ אין שכם, איז זייער גוט, וואָס ס'לעבט אַן עדה פון אַזעלכע „יידן", וואָס זיינען טרײַ צום היימלאַנד פון יידישן פאָלק.

מײַן באַזוך אין שומרונישן בית הכנסת, די געשטילטע נײַגעריקייט מײַנע וועגן לעבן פון די שומרונים סײַ אין דער ווײַטער פאַרגאַנגענהייט, ווי אין דער

איצטיקער צײַט, זייער אַרעמקייט און נויט, די רייד פון כהן גדול וועגן ייִדיש פאָלק און ייִדישע מדינה, — דאָס אַלץ צוזאַמען האָט מיר געגעבן דאָס געפיל, אַז כ׳בין געשטאַנען פּנים אל פּנים מיט אַ שטיק פון דער ייִדישער געשיכטע אויפן באָדן פון אַלטן און איצט באַנײַטן ארץ־ישראל.

די האַלב אײַנגעפאַלענע הײַזקעס פון די שומרונים, די בעטלדיקע קינדער, דאָס דחקות אין זייערע היימען און ועל כולם, זייער קליינע צאָל, לאָזט בײַ דיר איבער דעם רושם, אַז די דאָזיקע עדה האָט גאָרנישט באַקומען פונעם ברכהדיקן הר גריזים, נאָר איז באַשאָנקען געוואָרן מיט אַ ברייטע האַנט פון דעם קללותדיקן הר עיבל...

# דער זכות פון אַלע מײַנע זכיותן

(מײַן באַטייליקונג אינעם סימפּאָזיום אין בית הנשיא אין ירושלים)

מיט מײַן באַטייליקונג אינעם סימפּאָזיום וועגן תפוצות און ישראל, וואָס איז פאָרגעקומען אין בית הנשא, אין ירושלים, מיט דער באַטייליקונג פונעם נשיא המדינה, מר זלמן שזר, בעת דעם אַלוועלטלעכן צוזאַמענפאָר פון ייִדישע שרײַבער, שליס איך אָפּ מײַן סעריע אַרטיקלען, וועלכע האָט געטראָגן דעם פשוטן נאָמען: אײַנדרוקן פון ישראל.

נישט קוקנדיק אויף דעם פאַקט, וואָס פון יענעם אײַנדרוקספולן און אומ־פאַרגעסלעכן שבת אַחים צוזאַמענקונפט אינעם באַשיידענעם בית ישראל פונעם מדינה־פרעזידענט, זײַנען שוין פאַריבער העכער 16 חדשים, האָב איך נישט פאַרגעסן קיין פרט פון דעם דאָזיקן ממש היסטאָרישן צוזאַמענטרעף צווישן די רעפרעזענטאַנטן פון דער גולה, פערזאָניפיצירט אין ייִדישע שרײַבער, פען־מענטשן, וועלכע האַלטן מיט זייערע געדאַנקען און קולטור־אַרבעט דעם פולס פונעם גאַנצן ייִדישן לעבן אין דער גאָרער וועלט, און דעם תלמיד־חכם, בר אוריין און הויך־גײַסטיקער פערזענלעכקייט, מר זלמן שז״ר וועמענס אומפאַרגעסלעכע אַרײַנפיר־רעדע, פון וועלכער איך וועל ברענגען עטלעכע ציטאַטן, האָט אונדז אַלעמען אַרײַנגעפירט אין עולמות עליונים, אין וועלכע עס האָבן זיך דווקא אויס־מישט אַקטועלע צײַט־טעמאַטיק מיט הויכע געדאַנקען וועגן ישראל סבא, הײַנט־צײַטיקע פראָבלעמען מיט נביאישע אידעאַלן פון דער אַלט־בלישער תקופה, אָפּ־טימיסטישע רייד האָבן זיך געראַנגלט מיט פעסימיסטישע מעשים מצד וועלט־ייִדנטום אויף שטחים פון עליה און פאַרשנעלערטע אויפבוי־פראָצעסן אין דער ייִדישער מדינה, כדי מלחמת ששת הימים זאָל זיך באַזירן אויף גרויסע שלום־ווערק, וואָס נאָר דאָס ייִדישע פאָלק איז בכוח אויפצושטעלן אין ישראל.

נאָך דער אײַנדרוקספולער רעדע פון מלוכה־פרעזידענט, וואָס האָט געדינט ווי אַן אײַנלייטונג צום סימפּאָזיום, האָבן זיך באַטייליקט ישראלדיקע און חוץ־לארץ׳דיקע העברעאישע, ייִדיש־העברעאישע און ייִדישע זשורנאַליסטן און שרײַ־

בער, אויך מײַן ווייניקייט איז געווען באַטייליקט מיט אַ באַשיידן וואָרט וועגן דער צוזאַמענאַרבעט צווישן די תפוצות ישראל, צווישן אַרגענטינער ייִדנטום און דער ייִדישער מדינה, דאָס האָב איך פֿערזענלעך באַטראַכט אַלס מײַן גרעסטער זכות פֿון אַלע זכיותן פֿון מײַן לעבן, ווײַל דער עצם פֿאַקט פֿון זיך געפֿינען אין דער אייביקער שטאָט פֿון נביאים און מלכים, פֿון אונדזער גלאָריפֿיצירטן עבר, פֿון דעם עפּאָכע־מאַכנדיקן הײַנט און פֿון דער גלאָררײַכער ייִדישער צוקונפֿט־מעטראָפּאָליע, ירושלים, אין דער הויפּטשטאָט פֿון דער ייִדישער מדינה, צו דער־לעבן אַזאַ דערהויבענעם מאָמענט, וואָס דויערט אַ גאַנץ לעבן צו זיין אין די דלד אמות פֿונעם ישראל־נשיא און זיך געפֿינען אינעם בית הנשיא, דאָס איז אַן איינמאַליקער שכר און אַלץ צוזאַמען דערפֿרייט דײַן האַרץ, שטאַרקט דײַן אמונה און נצח ישראל און גיט דיר לעבנס־כּוח ממשיך צו זיין דעם גרעאַנגל פֿאַר די גאולה־אידעאַלן פֿון ייִדישן פֿאָלק דורך דער ציוניסטישער באַוועגונג.

אומקערנדיק זיך צו דער כמעט צוויי שעהדיקער עקספּאָזע פֿונעם נשיא המדינה, מר זלמן שז״ר, האָט ער אויסגעדריקט זײַן גלויבן אין די גרויסע כוחות פֿון אונדזער אומה, וואָס בלויז אַ קליינער טייל פֿון זיי האָט זיך אַנטפּלעקט בעת און נאָך דער מלחמה ששת הימים, אָבער ס'וועט קומען אַ טאָג, אַ נאָענטע צײַט, ווען די ייִדישע פֿאָלקס־באַגײַסטערונג, באַגלייט פֿון אויסערגעוויינלעכע היס־טאָריע־מאַכנדיקע מעשים פֿאַר דער ייִדישער מדינה, וועלן זײַן ענלעך צו אַ פּערמאַנענטן פֿליסנדיקן טײַך און „כאפיקים בנגב״־דערשײַנונג וועט פֿלייצן מיט ייִדישער ענערגיע, מיט אַ שטראָמיקער עליה און אַלץ וועט באַלעבט ווערן מיט ייִדיש שאַפֿן און מיט וווּנדערלעכע ווערק פֿון לעבן פֿאַרן לעבן. מר זלמן שזר האָט געזאָגט: „מיר האָבן זיך צוגעוווינט צו זען די שוים אויפֿן וואַסער, מיר זיינען נישט אַרײַנגעדרונגען אין די טיפֿעניש פֿון דער נישט דערוואַרטער דער־שיינונג, ווייל זי איז געווען באַהאַלטן אונטער אַלע כוואַליעס און הינטער אַלע שטראָמען, וועלכע שווימען אַרויף אויבן.

איך האָב ליב געהאַט די אַנאַלאָגיע, וואָס עס האָט דאָ באַנוצט דער פּראָפֿעסאָר נעלסאָן גליק און מיט וועלכער איך פּלעג זיך באַנוצן אין דער צײַט פֿון מײַן ציוניסטישן פּרעדיקן. כ'האָב זיך געפֿרייט צו הערן פֿון אים, ווען ער האָט גערעדט וועגן „אפיקום בנגב״. ווער נאָך ווי ער קען אויסגעבונדן דעם נגב מיט אַלע זײַנע נאַטור־דערשיינונגען און מעטאַמאָרפֿאָזן. ער האָט אונדז גע־שילדערט די גרויסע התפעלות פֿונעם „תהילים״־מחבר, ווען ער האָט געזונגען: „שובה ה׳ את שבותנו כאפיקים בנגב״. וואָס מיינט דער דאָזיקער פֿאַרגלײַך? ווען מען שטייט אויבן אויף די בערגלעך, זעט מען דעם נגב־טאָל וואָס איז אינגאַנצן טרוקן, אינגאַנצן דורשטיק נאָך וואַסער און דעריבער וואַקסט דאָרט גאָרנישט. אָבער אין איין העלן פֿרימאָרגן הייבן פּלוצים אָן צו פֿליסן פֿון אַ בערג אַרום מעכטיקע וואַסער־שטראָמען, וועלכע פֿילן אויס מיטאַמאָל אַלע אפיקים, אַלע נאַ־

טירלעכע קאַנאַלן. און דער מחבר פון תהילים האָט עס דערזען אין ווײַטן אַמאָל, האָט ער געזאָגט: ווען מיר וועלן דערציִען צו אונדזער צוריקקער קיין ציון, וועט עס אויך געשען מיט אַמאָל. פון אַלע בערג וועלן זיך אַרויסרײַסן כוחות און דער טאָל, וואָס שײַנט צו זײַן פאַרמשפּט אויף וויסטעניש, וועט מיטאַמאָל זיך אָנפילן מיט וואַסער". די דאָזיקע מעטאַפאָרע איז נישט נאָר אַ שטאַרק מאָלערישע און אַ שטאַרק ישראלדיקע, נאָר אויך אַן אמתע. אָט האָבן מיר עס געזען מיט אייגענע אויגן, דער טאָל פון גלות איז מיטאַמאָל אָנגעפילט געוואָרן פון אַלע זײַטן מיט ייִדישן מים חיים. איך קען זיך אָבער נישט באַפרײַען פונעם געדאַנק, אַז די דאָזיקע וואַסער־שטראָמען קומען כמעט יאָר־אײַן, יאָר־אויס, און פילן אָן



ריידע פון מחבר אין הויז פון מלוכה־פרעזידענט ה׳ זלמן שזר

מיט אַ שטאַרקער קראַפט די קאַנאַלן פון נגב — און פונדעסטוועגן בלײַבט דער נגב טרוקן און פאַרוויסט. דאָס איז אַ באַווײַז, אַז טראָץ דער ברכה, וואָס איז באַהאַלטן אינעם וואַסער, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ פון די בערג, טראָץ דעם נס וואָס שטעקט אין דער עצם דערשײַנונג פון שטראָמען וועלכע רײַסן זיך אַרײַן, כדי צו באַנוצן די דאָזיקע אויסגעטריקנטע ערד, איז עס נישט גענוג, כדי דער נגב זאָל ווערן אַ פאַרזייט פעלד, וואָס גיט ברויט דעם נגב־פאָלק. אויך נאָך דעם נס פון די אָנגעפילטע אַפיקים און דאָ אַ געפאַר, אַז דער נגב זאָל בלײַבן נגב..."

„דאָס איז נישט נאָר אַ געפאַר, האָט פאַרגעזעצט דער מלוכה־פרעזידענט

זײַן וווּנדערלעכע רעדע, דאָס איז כמעט אַ געזעץ, ווײַל אָט שוין 2.000 יאָר ווי עס קומען וואַסער־שטראָמען און פון צײַט צו צײַט פילן זיי אָן די אַפיקים, די קאַנאַלן, און דער נס אַזוי ווי ער קומט, אַזוי פאַרשווינדט ער אויך. דאָס וואַסער, וואָס האָט אויסגעפילט דעם טאָל, איז אַרײַנגעזאַפּט געוואָרן אין די אָפּגרונטן און דער אײַנוווינער פונעם נגב וואַרט ווידער אויף אַ נס, ער זאָל נאָכאַמאָל קו־מען און נאָכאַמאָל פאַרשווינדן. אין די באַדינגונגען פון דער פרעמד איז דעם ייִד נישט באַקאַנט די סודות פון אונדזער נאַטור און זײַן אייביקייט, וואָס קומט אַרויס מיט וווּנדערלעכע אַנטפּלעקונגען. זיי זײַנען לאַנג פאַרהוילן און באַהאַלטן, דאָך עקזיסטירן זיי און וואַרטן אויף אַ שעת רצון. מיר האָבן געלערנט אין דער געשיכטע, אַז געשעענישן דריקן נאָר אויס פּראָצעסן, וועלכע וואַרטן אויף אַ פּאַסיקן מאָמענט. אַ ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע האָט גערעדט וועגן אַ געהאַמעוועטן אוצר. ער האָט פּערזענלעך בײַגעוווינט און טאָג־טעגלעך געזען, וואָס עס איז דער אוצר און ווער עס איז דער קאָנקרעטער האַמעווער. דער דאָ־דאָזיקער כוח לעבט אונטער אַלע צײַטן, ווי אַ קוואַל שפּרודלט ער אין דער פאַרבאָרגעניש און רײַסט זיך אַרויס פון מאָל צו מאָל אויף דער אויבערפלאַך"...

„מיר געפינען זיך נאָך אינמיטן פון אונטערערדישע אויסברוכן אינעם פאָלק, אַז דאָס באַהעלטעניש איז אַרויס פון דער באַהעלטעניש און זיך אַנטפּלעקט פאַר אַלעמענס אויגן. די פראַגע איז בלויז, צי וועט עס בלײַבן אָפן, אָדער עס וועט זיך צוריק אומקערן צום אונטערגרונט פון דער נשמה? „לבשי בגדך תפארתך עמי" — רופט דער דיכטער פון די גאולה־לעכצונגען, גלײַך ווי מען דאַרף גאַרנישט צוגרייטן די בגדים און זיי ליגן באַהאַלטן נאָך פון די אַמאָליקע צײַטן. נעם זיי בלויז אַרויס און טו זיי אָן, „קרבה אל נפשי־גאולה", ווײַל עס איז געקומען דער מאָמענט אָנצוטאָן די פּראַכט־קליידער און ייִדישער באַפרײַאונג".

דאָס זײַנען בלויז קליינע גײַסט־שפּליטערן פון אַ גרויסן עלוי פון אַ שאַרפן לומדישן מוח, פײַער־שפּריצן פון אַ תלמיד־חכם, אויסגעהאַמעוועטע אין ווער־טער, דאָס איז געווען אַ רעדע, אַ מײַסטער־ווערק פון הויכער קולטור און פון נײַ־צײַטיקער נביאות. קיינער פון אונדז, וואָס זײַנען געווען די צוהערער, וועלן דעם דאָזיקן גײַסטיקן שטראָם נישט פאַרגעסן, כל זמן מיר וועלן לעבן, וועלן מיר זיך אָפּפרישן אינעם גײַסטיקן געדאַנקען־ים פון ר' זלמן שזר אויף יענעם אומפאַרגעסלעכן צוזאַמענקונפט פון ייִדישע גײַסט־מענטשן ביים סמפּאָזיום וועגן תפוצות ישראל און ייִדישע מדינה אין שפּיגל פון דער מלחמת ששת הימים.

ס'איז שוין פאַריבער אַ שטיק צײַט זינט יענעם אומפאַרגעסלעכן פרימאָרגן אינעם בית הנשיא און איך פּרוּוו אויפצופרישן אין מײַן זכרון אייגענע שטימונ־גען, מײַנע פּערזענלעכע געפילן און די אייגענע רייד, מיט וועלכע איך האָב מיך משתּף געווען אינעם אָראַטאָרישן סימפּאָזיום, איך וויל דאָס נאָכאַמאָל איבער־לעבן, נאָכאַמאָל נהנה זײַן פון יענער לויכטנדיקער זיו השכינה, וואָס האָט אַלע־

מען דור: געדרונגען מיט אַ הייליקן ציטער אין דער נשמה, מיט אַ ליכטיקע וואַרעמקייט אין האַרץ. איך ווייס נישט צי דאָס וועט מיר געלינגען, אָבער איך מוז זיך מודה ומתוודה זײַן, אַז איך האָב במשך פון דער גאַנצער צײַט, וואָס טיילט מיך אָפּ פון יענעם צוזאַמענקום ביז הײַנט, זיך נישט געאײַלט צו שרײַבן דעם דאָזיקן אײַנדרוק אין הויז פון ישראל־פּרעזידענט, כדי נישט צו האָבן דאָס געפיל, אַז מיט דעם דאָזיקן איבערזיכט, פאַרענדיק איך מײַנע „אײַנדרוקן פון ישראל" און מוז מיך געפילמעסיק צעשיידן מיט אַן אוצר פון אומגעהויערן גײַסטיקן ווערט...

איך דערמאָן מיך אינעם פרימאָרגן, ווי דאָס וואָלט איצט געווען, ווען דער באַשיידענער בית הנשיא איז געווען איבערפולט מיט אַ ספּעציעל־פאַרבעטענעם עולם. אויבנאָן האָט זיך געפונען דער נשיא המדינה, זײַן פרוי — די ערשטע דאַמע פון ישראל, אין ביידע זײַטן — נכבדים פון ירושלים און פון אַנדערע שטעט, דער פאָרזיצער פון סימפּאָזיום און דער גאָט־געבענטשטער זשורנאַליסט, אײַזיק רעמבא ע"ה, און קעגנאיבער דער דאָזיקער מזרח־וואַנט זיינען געזעסן אַלע זשורנאַליסטן, סײַ די ישראלדיקע והן פון די תפוצות, וואָס האָבן באַדאַרפט אָנטיילנעמען אין דער דערמאָנטער טעמאַטיק. איך האָב געהאַט באַשלאָסן, אַנדערש האָט דאָס נישט געקענט זײַן, אַז איך זאָל אָנהייבן אין עברית, ווײַל דאָס איז נישט געווען פאַרבונדן מיט קיין שום שפּראַך־מאַניפעסטאַציע, אָדער זשאָנגלירן מיט עברית־קענטעניש; דאָס איז געווען אַן אינערלעכער נשמה־רוף, ווײַל אין דער אייביקער ירושלים, אין דער באַפרײַטער און גאַנצער הויפּטשטאָט פון דער יידישער מדינה, אינעם בית הנשיא, דאַרף מען אָנהייבן ריידן איז העברעאיש. ווען איך טו דאָס נישט, וואָלט איך געהאַט אַ שולד־געפיל, אַז איך האָב באַליידיקט דאָס דריטע און דאָס אייביקע מלכות־ישראל מיט דער נצחדיקער ירושלים.

ווען כ'בין געוואָרן דער באַלעבאָס פונעם הויכריידער, האָב איך אין עברית געזאָגט דאָס וואָס איך ציטיר פון זכרון און זעץ איבער אין יידיש: „ישראל אין דער העלפט פון צוווייטן יאָר נאָך איר פּרעכטיקן נצחון איבער אַלע אירע פײַנט, אַ טריומף, וואָס האָט געצייכנט וועגן, און געשאַפן אַ נײַע מאַפּע, וואָס לפי זייערע אָנווײַזונגען האָט דאָס יידישע פאָלק זיך צוריקגעקערט צו אַ סך שטחים פון אונדזער אַלט־אַלט און נײַ־באַנײַטן היימלאַנד, האָט זייער שטאַרק געפילט, בעת דער מלחמת ששת הימים און נאָך זיי ביז צום הײַנטיקן טאָג און דאָס וועט נאָך דויערן לאַנגע צײַטן, דאָס קאָלעקטיווע קלאַפּן פון יידישע הערצער איבער דער גאָרער וועלט,, הערצער וואָס דריקן אויס פרייד, שטרעבן צו גאולה און סטימולירן צו מעשים. ס'איז שטאַרקער געוואָרן דער פלאַם־פײַער צווישן יידנטום און די תפוצות און זײַן קאַמפּס אַוואַנגאַרד אין דער יידישער מדינה. די זעקס־טאָגיקע מלחמה האָט געברענגט צום אויסדרוק אַן אויסער־

געוויינלעכע יידישע גבורה, וואָס באַרעכטיקט דעם פאַקט, אַז דאָס יידישע פאָלק איז טאַקע אַן עם סגולה, עס קעמפט נאָר דעמאָלט, ווען זיין פיזישע און גייסטיקע עקזיסטענץ איז אין געפאַר, אָבער אין זיין תוך, שטרעבט עס צו שלום, צו פרייהייט, אָבער ווען מיר לעבן אין אַן אַכזריותדיקער וועלט, ווילט זיך פרעגן אַ פראַגע: וועט טאַקע דאָס יידישע פאָלק זיין גרייט צו ברענגען קרבנות פאַר ישראל? איך האָב די זיכערקייט אַז די גאַנצע וועלט ווייס דאָס ווי אַז יעדער ייד אין דער גולה וועט געבן זיין צושטייער צו ישראל, ווייל ער איז שטאָלץ מיט דער מדינה, ער גרויסט זיך מיטן נצחון פון צה״ל, מיטן חלוץ אין פעלד, מיטן דעראָבערער פון וויסטעניש, וואָס ווערן דורך אים פאַרוואַנדלט אין בליענדיקע גערטנער. דער אַרגענטינער ייד איז נישט קיין אויסנאַם און דער גאַנצער ישוב איז מאָביליזירט צוזאַמען מיטן פאָלק ישראל פאַר דער אויפגאַבע פון גאַראַנטירן דעם שלום און דעם אויפבוי, די גאַנצקייט פון ירושלים און די פולע אומאָפּהענגיקייט פון מדינת ישראל. דער יידישער שרייבער און זשורנאַליסט אין אַרגענטינע העלפט טאָג טעגלעך שמידן דעם דאָזיקן באַוווסטזיין צווישן דעם האַלבן מיליאָניקן יידנטום.

ריידנדיק דערנאָך אין יידיש לשון, וויילביידע לשונות און קולטורן זיינען מיר ליב און טייער, האָב איך אָנגעוויזן, אין קורצע ווערטער, מחמת צייט־מאַנגל, אויף דער אויסערגעוויינלעכער ראָל פון אונדזערע ביידע יידישע טאָג־צייטונגען, ווי בכלל פון דער יידישער, יידיש־שפּאַנישער און העברעאישער פּרעסע אין יידישן אַרגענטינע, איינגעשלאָסן אַלע צייטשריפטן פון פאַרשיידענע ציוניסטישע און יידיש־נאַציאָנאַלע ריכטונגען און זייער ביישטייער צום ציוניסטישן גייסט און קולטור־ניוואָ פון אַרגענטינער יידנטום.

אין עטלעכע מינוטן צייט האָב איך מיך אָפּגעשטעלט אויף צוויי קאַרדינאַלע פּראָבלעמען: דער אמת און די רעאַליטעט פונעם היסטאָרישן וויכוח צווישן דעם שעפער פון דער יידישער מדינה־אידעאָלאָגיע, ד״ר בנימין זאב הערצל און דעם יידישן פילאַנטראָפּ, באַראָן הירש וועגן דעם מהות און גורל פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע. היינט ווייסט שוין יעדער ייד אין דער וועלט, ווער ס׳איז גערעכט געווען אין יענער — היינט שוין — היסטאָרישער דיסקוסיע צווישן צוויי גרויסע יידן. גלייכצייטיק האָב איך אונטערגעשטראָכן דעם פאַקט, וואָס האָט זיך יאָרנלאַנג מאַניפעסטירט אין אַ סך לענדער אין לאַטיין־אַמעריקע, אַז זינט די ישראל־אַרמיי האָט צעשמעטערט דעם נאַסעריסטישן כוח, האָט זיך צוזאַמענגעבראָכן ביי אַ סך הויכע מיליטער־שעפן און ביי פאַרשיידענע פּאָליטיקערס, די אידעאישע איבערצייגונג, אַז נאַסער און זיין סאָציאַל־נאַציאָנאַלער רעזשים (פאַר אונדז יידן איז דאָס אַ נאַציאָנאַל סאָציאַליסטישער, היטלעריש־קאָמוניסטישער רעזשים) דינט ווי אַ ביישפּיל פאַר נייע רעגירונגס־סיסטעמען אין דרום, ווי אין צענטראַל־אַמעריקע. צה״ל און אירע נצחונות פון יוני 1967 האָט

צעשטערט אויף אייביק אַ נאַסערישע לעגענדע אויף אונדזער קאָנטינענט. מיט ברכות פאַר דער יידישער מדינה און מיטן ווונטש פון אַן אייביקן שלום פאַרן ווערק פון שלום האָב איך צוגעטראָגן אַ צושטייער־וואָרט צום סימפּאָזיום וועגן ישראל און די תפוצות.

ביז צום היינטיקן טאָג איז מיין מוח פאַרנומען מיט דער מחשבהדיקער פראַגע: פאַר וואָס האָב איך זוכה געווען צו דערלעבן דאָס גרויסע גליק צו זיין אין ישראל, צו טרעטן אויף דער הייליקער ערד פון ירושלים און צו ריידן אינעם בית הנשיא, אינעם הויז פונעם פרעזידענט פון דער יידישער מדינה?

מיר לעבן אין אַ יידשן דור, וועלכער געפינט זיך צווישן טרויער און פרייד, צווישן מפלה און נצחון, צווישן אומקום און אויפלעבונג, צווישן שקלאַפעריי און פרייהייט, אָבער איבער דעם אַלעם לייכט דער גאולה־שטערן פון דער העברעאישער מדינת ישראל, וואָס האָט אויף אייביק אַ סוף געמאַכט צום גלותדיקן לעבן פון יידישן פאָלק.

אפשר איז דער זכות פון מיין פאָטער ע״ה, וועלכער האָט געלעכצט צו גאולה, מיר באַגעשטאַנען און כ׳בין דערגאַנגען צו דער פריידיקער מדינה פון זיין אינעם בית הנשיא אין ירושלים.

דאָס איז טאַקע אַ גרויסער זכות איבער אַלע זכיותן און אַ יידישע איבערלעבונג, וואָס פאַרבלייבט אין אַלע רמ״ח אברים פון אַ נאַציאָנאַלן ייד.

# אַ נאָכוואָרט פונעם מחבר

דרכו של עולם הוא, אַז צו אַ בוך וואָס דערשיינט שרייבט מען אַ פאָר־וואָרט. עס שרייבט אַ פאָרוואָרט דער מחבר און עס שרייבט אויך — ניט שטענדיק — אַ פריינט פון מחבר, וועלכער וויל העלפן דעם לייענער זיך אָריענטירן ביים לייענען אָט די צענדליגער און הונדערטער בלעטלעך וואָס דער בוך פאַרמאָגט.

אַז אַ בוך זאָל אויך האָבן אַ „נאָכוואָרט" — איז שוין אַ זעלטנהייט. אַ יוצא מין הכלל. און מיט אָט דער זעלטנהייט וועל איך זיך איצט באַנוצן און לסוף גאָר לסוף, ווען דער חשובער לייענער וועט שוין האָבן געענדיקט אי־בערלייענען אָט די קרוב צו פינף הונדערט זייטן — אים מטריח זיין און פאַר־ענדיקן מיט אַ פאָר זייטיקע שורות.

* * *

פאַר אַלעם און איבער אַלעם, וויל איך בעטן אַנטשולדיקונג ביי די לייענער וואָס דאָס דערשיינען פון דאָזיקן בוך, וועלכער איז, אַגב אורחא, שוין אַנונ־סירט געוואָרן מיט אַ סך, אַ סך, חדשים פריער, האָט אַזוי פיל פאַרשפּעטיקט. די אַלע פריינט לייענער וועמען עס איז עטוואָס באַקאַנט די חבלי לידה פון יידישן געדרוקטן וואָרט וועלן מיר זיכער גלויבן אַז געווּג שטרויכלונגען — טעכנישע ווי פיזישע — זיינען געלעגן אויפן וועג און ניט דערלאָזט אַז דאָס בוך זאָל דערשיינען מיט חדשים אָדער אפשר נאָך מיט אַ יאָר צוריק. יהי רצון, אויב עס וועט מיר זיין באַשערט אָנצושרייבן און אָפּצודרוקן נאָך אַ בוך מיט יידישע אותיות, זאָל ער מיר אָנקומען מיט ווייניקער שוועריקייטן און מיט ווייניקער עגמת נפש און שפיכת דמים.

* * *

דער גרעסטער טייל פון אינהאַלט פון דאָזיקן בוך איז געווען אויסגעשטעלט אָפּצושפּיגלען מיינע איינדרוקן פון מיין רייזע איבער אונדזער אויסגעבענקטער מדינה. אַ רייזע וועלכע איך האָב געמאַכט אַלס איינער פון די דעלעגאַטן אין פעברואַר פון 1968 צום אַלוועלטלעכן צוזאַמענפאָר פון יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן וואָס איז פאָרגעקומען אין ירושלים. און, כאָטש אַ טייל פון מאַ־

טעריאל וואָס דער לייענער וועט טרעפן אין בוך האָט ער שוין געזען און געלייענט אין דער היגער פּרעסטיזשפולער טאָג־צייטונג „ד י פּ ר ע ס ע", דאָך וועט ער לייענענדיק דעם בוך זיך אַנטרעפן אויף נייע קאַפּיטלען — ווי עס זאָגט דער נאָמען פון בוך, „צווישן טרויער און פרייד", וואָס וועלן זיין אַ נייעס פאַר אים.

און, כאָטש — ווי שוין געזאָגט — די טעמאַטיק פון בוך האָט געדאַרפט זיין „י ש ר א ל" און, כאָטש דער מחבר פון די טויזנטער און טויזנטער שורות וואָס איר האָט געלייענט, האָט געהאַט די מעגלעכקייט אויסצומיידן די טרויעריקע ווירקלעכקייטן פון ישראל'דיקן לעבן און בלויז זען פרייד! בלויז הערן געזאַנג און זען טענץ, האָט ער געוואָלט זיין ערלעך צו זיין מיסיע און האָט פאַרצייכנט אַ ל ע ס, אַלעס, וואָס ער האָט געזען און געהערט און עס געבראַכט פאַרן דעת הקהל — לויט ווי ער האָט עס געזען און באַנומען!

* * *

דער מחבר פון די שורות האָט געזען אַ סך פריידיקע זאַכן אין ישראל. עס האָבן געדאַרפט אַוועקגיין צוויי טויזנט יאָר גלות, עס האָבן געדאַרפט אַוועקגיין פאַנגראָמען און שחיטות, אַז מען זאָל דערלעבן צו זען אַט דאָס וואָס ער האָט אי י צ ט געזען! ער האָט, אָבער, אויך געזען טרויער! אַ סך טרויער! ער האָט געזען הייזער ווי „אין בית אשר אין שם מת", ניטאָ קיין הויז וווּ עס פעלן נישט קיין אייגענע! אַ קינד, אַ חתן, אַ מאַן און אַ טאַטע! און מערק־ווירדיק! אויף די פּנימער פון אַט די געטראָפענע — טרעפט איר נישט קיין אבלות! איר טרעפט נישט קיין שוואַרצע מלבושים טראָגן, איר הערט אַפילו נישט קיין קרעכץ פון אַן אַנגעווייטיקטער מאַמע פון אַ „רחל שמבכה את בניה", און נישט איין מאַמע האָט מיר געזאָגט: — ווען עס וועט קומען די רייע צו שיקן העם צווייטן זון — וועל איך אים — אָן שום תירוץ — שיקן פאַר־טיידיקן אונדזער לאַנד!

אָט דאָס איז געווען מיין פרייד און דאָס איז געווען מיין טרויער!...
און איצט — לסוף: —

איך האָב שוין אויך אויסגענוצט די געלעגנהייט וואָס עס דערשיינט מיינער אַ בוך און האָב אין אים — אַ חוץ ישראל־טעמאַטיק — אויך „אַריינ־געשמוגלט" אַרטיקלען וועגן אַקטועלע פּראָבלעמען פון אַרגענטינער יידישן לעבן, פּראָבלעמען און פראַגעס וועגן ציוניזם, יידנטום און געזעלשאַפטלעכקייט בכלל. מיין זשורנאַליסטישע טעטיקייט פאַר די לעצטע צענדליגער יאָרן האָבן מיך אויטאָריזירט אַריינצוברענגען אין אָט דעם בוך ענינים, אַביער וועלכע מען דאַרף זיך פאַרטראַכטן.

מ. ק.

# מיין אויפריכטיקסטן דאַנק!

כ׳דריק אויס מיין האַרציקסטן דאַנק און אָנערקענונג דעם ציוניסטישן און געזעלשאַפטלעכן עסקן, ה׳ שמואל גלאַזערמאַן, וועלכער האָט צוזאַמען מיט מיינע איבערגעגעבענע פריינט: משה שפּרינגבערג, מלך מאָרגענשטערן, (דער איניציאַטאָר) וועלוול טשערנאָוועצקי, משה טאַבאַקשניידער, יצחק באָקסער, חיים בעטשער, טוביה גובקין, הערמאַן לאַסטער, יעקב צודיקער, וועלכע האָבן גענומען די איניציאַטיווע אויף צו שאַפן אַן אויסגעברייטערטן קאָמיטעט אויף אַרויסצוגעבן אָט דעם בוך מיינעם „צ ווי ש ן ט ר ו י ע ר א ו ן פ ר י י ד”.

איך האַלט פאַר מיין חוב אָפּצוגעבן אַ יישר כוח אַלע מיטגלידער פון בוך־קאָמיטעט, די קאָנסטיטואירטע אָנפירערשאַפט און דעם פולן צוזאַמענשטעל, וועלכע איך דערמאָן לפי דעם א״ב: פּרעזידענט: שמואל גלאַזערמאַן, ווייצע־פּרעזידענטן: איסאַק באָקסער, אינזש׳ אָסקאַר גלאַזערמאַן, גרעגאָריאָ באַנצענסאָן, מאַנועל מאָרגענשטערן, לעאָן מיטעלמאַן, משה שפּרינבערג, מאַקס שטאַרקמאַן, סעקרעטאַרן: חיים בעטשער, צבי בראָנשטיין, מרדכי דיין, טוביה גובקין, ישראל האָניק, משה טאַבאַקשניידער, משה קליין. פּראָ סעקר.: אַרנאַלדאָ קאַן, נחום לינדמאַן, לואיס אַלטמאַן, סימאָן אַפּטער, וואָלף ברעסלער, בנציון ברוקער, ישראל בלאַנק, הרצל געזאַנג, יצחק גראָסמאַן, אַלכסנדר גוטענטאַג, ראובן גוטקין, חיים גאָלדזאַץ, נחמיה גאָלדבאַרט, יעקב גראַבאָווסקי, משה דיין, בערנאַרדאָ דיסטענפעלד, לעאָן העלמאַן, סאַראַ העכשטיין, בעריש וויינשטאָק, זלמן וואַסערצוג, שניאור וואַסערמאַן, שמואל ווינדלער, יעקב טאַבאַטשניק, סאָניע טיטיון, יצחק יאַנאַסאָוויטש, ברוך ישמח, מאַקסימאָ יאַגובסקי, מענדל מאיר לאַזאַר, דוד לובלינסקי, יצחק ליפּסקי, יצחק ליכטענשטיין, חיים לעווין, ד״ר מאיר מוטשניק, פּיניע ניעמאָי, מאיר נוטא, שמחה סנה, יעקב סטעמפּעל, בערנאַרדאָ סערעברעניק, יעקב פּאַלאַטיצקי, בערנאַרדאָ פּישלעדער, פּרוי עטל פורמאַן, ד״ר מאַריאָ פּידעלעף (ראָזאַריאָ), מאַקס פּיינער (ראָזאַריאָ), משה פעיסט, ד״ר לעאָן פּאָדהאַרצער, מאַרקאָס פּאַרישעווסקי, משה פריידע, יעקב צודיקער, יצחק קאַפּלאַן, משה קויפמאַן, מאָטיע קרייטשמאַר, נחום קרייטשמאַר, דוד קרישקאָוטסקי (ראָזאַריאָ), וויקטאָר קופער, יוסף ראָגאָווסקי, אַברהם ראָזענמאַכער, בנציון שרייבער, הלוי עסקר, ענריקע שטיינבערג, שמעון פיינלאַנד, איזידאָראָ ליבערטון, סימאָן אייכענבוים, זיידל פלעטשאַווסקי.

גאָר אַ גרויסן און באַזונדערן יישר כוח גיב איך אָפּ די אייגנטימער פון דער פרעסטיזשפולער דרוקעריי „סטילאָס”, מיינע ליבע פריינט שמעון און סילוויאַ עדעלמאַן, וועלכע האָבן נישט געשפּאָרט קיין מי און אָנשטרענגונג, דער עיקר, זיי האָבן אַרויסגעוויזן טיפע זאָרג, אַז דאָס בוך זאָל דערשיינען אין דער בעסטער גראַפישער שיינקייט. אַ באַזונדערע דאַנקבאַרקייט דריק איך אויס דעם זעצער, מיין פריינט חיים יום טוב און דעם שליסער קאַרלאָס שענקער. זיי אַלעמען — מיין האַרציקסטע און אויפריכטיקסטע דאַנקבאַרקייט.

כ׳וויל האָפן, אַז דאָס בוך „צווישן טרויער און פרייד” וועט געפינען מיט זיין יידיש־נאַציאָנאַלן און ישראלדיקן אינהאַלט, אַן ערנסטן אָפּקלאַנג צווישן ברייטן יידישן לייענער־עולם.

**דער מחבר**

# אינהאַלט:

זײַט



## פּערזענלעכקייטן און זייערע מעשים



## מדינת ישׂראל און ציוניזם



## אינערלעכע שונאים און שׂנאה

# אינהאַלט

# אינהאלט



---

**אויסבעסערונג:** דער טיטל אויף זייט 307 דארף זיין:
„יידישע ווערדע פארטראגט נישט קיין מאראנען־אטמאספערע".

